ב. מאַרק

# דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ

לויט דער צווייטער אויפלאַגע פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט
אין פוילן, מיט אַ ספּעציעלן נאָכוואָרט פון מעכאַבער.




1953

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צום צענטן
יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער גע־
טאָ, אַף דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע ביאַליס־
טאָקער און מיט דער מיטהילף פון די פּרײַנט
האָדל און אַוורעמל בלאָך צום אָנדענק פון זייער
מאַן און פאָטער **הערשל בלאָך**,
וואָס איז געווען אַן אַקטיווער מיטבויער פון
פּראָגרעסיוון שולוועזן אין אַרגענטינע.





אייביקער רום די קעמפער קעגן נאַציזם און פאַר אַ פרייער וועלט !

# אַרײַנפֿיר - וואָרט

נאָך דעם היסטאָרישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ (אַפּריל־מײַ 1943) איז דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ (אויגוסט 1943) דער צווייטער גרויסער קאַמף־אַקט פון פוילישע ייִדן אין דער טקופע פון אָקופּאַציע און אומקום. פּונקט ווי דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד אַזוי איז אויך דער ביאַליסטאָקער אַ רינג אין דער קייט און אַן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון די פרײַהייט־ליבנדיקע קויכעס קעגן די דײַטש־פאַשיסטישע באַצווינגער. אין דער געשיכטע פון דעם ווידערשטאַנד אין אָקופּירטן פּוילן פאַרנעמט דער העלדישער אַקט פון דעם ביאַליסטאָקער געטאָ־אויפשטאַנד אַ באַזונדער אָרט. דער ביאַליסטאָקער אַקט האָט געהאַט עטלעכע ספּעציפישע באַדינגונגען, וועלכע טיילן אים אויס פון אַנדערע קאַמף־אַרויסטריטן פון יענער צײַט אין פּוילן. די דאָזיקע באַזונדערע באַדינגונגען זײַנען:

1. אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט דער מאַלעך האַמאָוועס פון הונגער נישט געפּראַוועט אַזעלכע טריומפן ווי אין וואַרשעווער, אָדער לאָדזשער. צוליב אַ רײ אומשטענדן, וועלכע וועלן אויפגעקלערט ווערן אין לויף פון דער דאָזיקער אַרבעט, איז די מאַטעריעלע לאַגע אין ביאַליסטאָקער געטאָ געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק בעסערע ווי אין אַנדערע „ייִדן־ראַיאָנען״, בפרט פון צענטראַל־און מײַרעוו־פּוילן. אַזוי אַרום איז אין ביאַליסטאָק דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט נישט אויסגעשטאָרבן מיט אַזעלכע שנעלע טעמפּן ווי, אַ שטייגער, אין וואַרשע — נאָך איידער עס זײַנען געקומען די ענדגילטיקע ליקווידאַציעס. אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אַזוי אַרום געווען אַ מער פעסטערע — איידער אין אַנדערע

געטאָס — באַזע פאַר אַנטיפאַשיסטיש־ווידערשטענדלערישער אַגיטאַציע און עס איז דאָ בוילעטער ווי אין אַנדערע קאַמף־ערטער קענטיק די העגעמאָניע פון פּראָלעטאַריאַט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג;

2. די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע באַזע איז נאָך מער געקרעפטיקט געוואָרן דורך דעם, וואָס ביאַליסטאָק האָט זיך פון האַרבסט 1939 ביז יוני 1941 געפונען אונטער דער דירעקטער סאָוויעטישער ווירקונג. די יידן — און ביפראַט די יידישע אַרבעטער, די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, די יוגנט — האָבן אין מעשך פון קנאַפּע צוויי יאָר געאָטעמט מיט דער מענטשן־גלייכער און מענטשן־ווירדיקער סאָוויעטישער לופט, זיך דערצויגן און איבערדערצויגן אין גייסט פון גלייכבאַרעכטיקונג, פרייהייט און אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן פאַשיזם, ראַסיזם, אַנטיסעמיטיזם. אַט די צוויי־יאָריקע אָטעם־פּויזע האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אַף דעם גייסט און שטימונג פון די ברייטסטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק;

3. זינט דער סאָוויעטישער צייט האָט זיך אין ביאַליסטאָק באַזעצט אַ צאָלרייכער און געזונטער אַקטיוו פון רעוואָלוציאָנערע, פּראָלעטאַרישע טוער — סיי אָרטיקע, סיי פון אָקופּירטן צענטראַל־ און מיירעוו־פּוילן, וועלכע האָבן דאָ געפונען אַן אַזיל קעגן דעם היטלעריסטישן טעראָר. דאָס זיינען געווען פּאָליטאַרעסטירטע פון די פּוילישע קאַפּיטאַליסטישע טפיסעס, טוער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פּראָגרעסיווע שרייבער, לינקע פּראָפאַריינישע אַקטיוויסטן. צווישן זיי אַ גרויסע צאָל יידן. אַזוי אַרום האָט די אונטערערדישע באַוועגונג אין געטאָ פון אָנהייב אָן פאַרמאָגט דערפאַרענע און איבערגעגעבענע פירער, פאַרהאַרטעוועטע סיי אין מאַסן־קאַמף, סיי אין קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט, און בעיקר — מענטשן מיט אַן אידעאָלאָגישן רוקן־ביין. אַ דאַנק דעם האָט די אונטערערדישע באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ באַלד פון אָנהייב אויסגעמיטן אַ ריי זוכענישן, וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש, לעמאָשל, פאַר דער אונטערערד פון וואַרשעווער געטאָ. אַ דאַנק דעם האָט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון ביאַליסטאָקער געטאָ באַלד פון אָנהייב געטראָגן אַ בעפיירעשן קאָנסעקווענט־אַנטיפאַשיסטישן כאַראַקטער;

4. דער אומשטאַנד, וואָס אין שכיינעס מיט ביאַליסטאָק, קוים עטלעכע־און־צוואַנציק קילאָמעטער פון דער שטאָט, האָבן אָפּערירט סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, האָט אויך געהאַט אַ דעצידירנדיקע באַדײַטונג פאַר דעם ווידערשטאַנד פון די ייִדן. ביאַליסטאָק איז געלעגן אין אַ סוויווע פון פּאַרטיזאַנישן אומרו און קאַמף. די שטאָט גופע איז אין אַ געוויסער מאָס געווען אַ צענטער פון אָט דער באַוועגונג. דער זעלבסטגעפיל פון די ייִדישע ווידערשטענדלער, אַז זיי זײַנען אַ טייל פון אַן אַלגעמיינער קאַמף־באַוועגונג, איז אין ביאַליסטאָק אויסגעקומען אין אַ באַזונדערס קאָנקרעטער געשטאַלט; דאָס איז געווען דער גאָר נאָענטער אַנטיפאַשיסטיש־פּאַרטיזאַנישער קויעך;

5. דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ האָט נישט געליטן פון אַזאַ מוירעדיקן בלוט־אָפּפלוס, ווי דאָס וואַרשעווער, וואָס האָט זינט אַפּריל־מײַ 1942 פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון אָנפירנדיקן אונטערערדישן אַקטיוו און דערנאָך ביז יאַנואַר 1943 קעסיידער אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, ווערנדיק רעדוצירט אין דער צאָל באַפעלקערונג ביז אַ צענט־כיילעק. זינט די גרויסע האַריגעס טכילעס דער אָקופּאַציע ביז פעברואַר 1943 האָט דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ קיין גרויזאַמע בלוט־אָפּפלוסן נישט געהאַט. אויך דער אונטערערדישער אַקטיוו האָט — זינט די „שאַבעסדיקע” ביז דער ערשטער ליקווידיר־אַקציע אין פעברואַר 1943 — קיין באַדײַטנדיקע פאַרלוסטן נישט געליטן.

אָט די אַלע אומשטענדן זײַנען געווען באַגינסטיקנדיקע, סטימולירנדיקע פאַקטאָרן באַם אַרויסברענגען דעם ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ. דאָס הייסט אָבער נישט אַז אין דעם דאָזיקן געטאָ האָבן זיך די קעגנזײַטיקע באַציִונגען פון די סאָציאַלע קויכעס געשטאַלטיקט אַנדערש ווי אין די איבעריקע „ייִדן־ראַיאָנען”. אַ דאַנק דער גרעסערער קאָנצענטרירונג פון פּראָלעטאַרישן עלעמענט האָבן אין ביאַליסטאָקער געטאָ די סאָציאַלע קעגנזאַצן אָנגענומען מער קעמפערישע פאָרמען, נישט געקוקט אויף אַלע פאַרקריפּלונגען, וועלכע זײַנען אַרײַנגעקומען אין ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די פאַרשפאַרטע ייִדן אין רעזולטאַט פון דער דײַטשער איזאָליר־ און אויסראָט־פּאָליטיק. אויך אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז דער יודענראַט געווען אַן אָנוווקס פון אַ באַשטימטן שיכט, פון דעם פאַבריקאַנטיש־גרויס־סאָכרישן עלעמענט, אַן

אָפּשטאַמיקער פון די פאַרמילכאָמעדיקע קעהילע־עלעמענטן, און האָט איצט קאָלאַבאָרירט מיטן אָקופּאַנט און באַקעמפט די ייִדישע ווידער־שטאַנד־באַוועגונג. אויך אין ביאַליסטאָק גייט אַדורך אַ בעפיירעשע שייד־ליניע: יודענראַט און ווידערשטאַנד. קיין שום קאָמפּראָמיסן און „דריטע וועגן” צווישן אָט די זיך אויסשליסנדיקע קויכעס זײַנען דאָ נישט געווען.

אָן אַן אַנאַליז פון די סאָציאַלע קויכעס אין געטאָ גופע וועט נישט זײַן מעגלעך צו פאַרשטיין די וויכטיקסטע דערשײַנונגען און פּראָבלעמען פון אָט דער צײַט און פון אָט דעם געביט, און ביפּראַט די געבורט־ווייען פון דעם אַקטיוון ווידערשטאַנד.

דער ציל פון דער פאָרגעלייגטער אַרבעט וועגן ביאַליסטאָק איז — צו געבן אַ בילד פון ייִדישער גווורע, פונעם אָנטייל פון די ייִדן פון ביאַליסטאָק אין דעם גרויסן באַפרײַונג־קאַמף קעגן דעם דײַטשן פאַשיזם, דער צוועק פון דער דאָזיקער אַרבעט איז אויך אָנצווײַזן אַף די סאָציאַלע שפּרינג־פעדערן פון דעם ייִדישן ווידערשטאַנד, אַרויסצוברענגען אַן אַנאַליז פון די געזעלשאַפטלעכע קויכעס, וואָס האָבן געווירקט אין געטאָ, און אַף אָט דער פאָן ווײַזן דעם אויפקום פונעם קאַמף.

צום סאָף אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם הויפּט־טערמין פון אונדזער טעמע: ווי׳אַזוי דאַרף אָנגערופן ווערן דער קאַמף־אַקט פון אויגוסט 1943? מיר רופן עס אָן מיט דעם נאָמען, אונטער וועלכן דער דאָזיקער קאַמף־אַרויסטריט איז אַרײַן אין געדעכעניש פון פאָלק און האָט זיך שוין דעראָבערט געוויסע בירגער־רעכט; מיר האָבן, הייסט עס, אָנגענומען אַ באַצייכענונג — א ו י פ ש ט אַ נ ד. מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין וועכעשבן פון דעם, אַז פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט אין, עפּשער די דאָזיקע באַצייכענונג נישט אינגאַנצן פּינקטלעך. דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין די אָרעמע געסלעך פון ביאַליסטאָקער געטאָ אין דער צווייטער העלפט אויגוסט 1943, איז אייגנטלעך אַ באַוואָפנטע פאַרטיידיקונג, אַ באַוואָפנטער ווידערשטאַנד. כוץ דעם דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז זינט די ערשטע וואָכן פון דײַטשן אַרײַנמאַרש אין שטאָט, האָט זיך אָנגעהויבן די ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע האָט אָנגענומען אין פאַרשיידענע צײַטן פאַרשיידענע פאָרמען — פון העלפן די סאָוועטישע קריג־געפאַנגענע ביז באַוואָפנטן פאָנעם־על־פּאָנעמדיקן אַרויסטריט קעגן ס׳ינע. אַזוי אַרום וואָלט ריכטיקער געווען, ווען די אַרבעט טראָגט דעם

טיטל: די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ. אָבער צו־ליב דעם אויבן־דערמאָנטן מאָטיוו האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן אָנצורופן סײַ דאָס בוך, סײַ דעם אויגוסט־אַקט — אויפשטאַנד. דער ענדגילטיקער קאַמף, וועלכן מיר רופן אָן אויפשטאַנד, איז דער העכסטער פּונקט פון דער גאַנצער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אַ קאָנסעקווענטער פּועל יוצא פון דעם גאַנצן באַרג־אַרויפיקן קאַמף־צוגרייטונג־פּראָצעס, אַ קוואַליטאַ־טיווער אַפּאָגיי פון אַ צאָל קלענערע און גרעסערע ווידערשטאַנד־אַקטן.

אָבער אונדזער אַרבעט באַגרענעצט זיך נישט צום שילדערן די צו־גרייטונגען, דעם אָנוווּקס און דעם פאַרלויף פונעם ענדגילטיקן קאַמף־אַקט אַליין. מיר האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק צוצוגעבן אַ לעצטן קאַפּיטל, אַ קאָנדענסירט בילד פון דער ביאַליסטאָקער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, וועלכע איז ענג געבונדן מיט דעם ווידערשטאַנד אין געטאָ גופא און וועלכע איז נאָך אויגוסט 1943 דער המשך פון דעם העראָישן אויפ־שטאַנד. אין ביאַליסטאָק איז בולטער ווי ערגעץ־אַנדערש־וווּ געקומען צום אויסדרוק די דערשײַנונג: דער פּלאַצדאַרם פון געטאָ און דער פּלאַצדאַרם פון וואַלד — צוויי אָפּשניטן פון זעלביקן פראָנט.

# ליטעראַטור און מקורים

די געשיכטע פון ביאַליסטאָקער געטאָ, זײַן מאַרטירעריי, העלדי־
שער קאַמף און טראַגישער אומקום פאַרמאָגט שוין עטלעכע סינטעטי־
שע און פראַגמענטאַרישע באַאַרבעטונגען. אין יאָר 1944, ווען עס זײַ־
נען קיין מאָסקווע דערגאַנגען די ערשטע גענויערע ידיעות וועגן די גע־
שעענישן אין ביאַליסטאָק און עס זײַנען אָנגעקומען די ערשטע פאַר־
וווּנדעטע ייִדישע פאַרטיזאַנער פון דער ביאַליסטאָקער געגנט, איז דער־
שינען (נישט אין קיין בוך־פאָרם, נאָר געדרוקט אין העמשאָכים אין
דער פרעסע) די ערשטע קורצע אַרבעט אָף דער דאָזיקער טעמע, אָנגע־
שריבן דורך דעם מעכאַבער פון די דאָזיקע שורעס 1). די פּאָזיטיווע
ווערטן פון אָט דעם ערשטן באַריכט זײַנען באַשטאַנען אין: אָוועק־
שטעלן די שייד־ליניע צווישן יודענראַט און ווידערשטאַנד; בוילעט
מאַכן די פאַרפירערישע אילוזיאָנערישקייט וואָס עס האָט געשפּרייט
דער יודענראַט מיט באַראַשן בעראָש; אַרויספירן אַ גאַלעריע ייִדישע
העלדן; אָנווײַזן אָף דער הילף און סאָלידאַריטעט פון פוילישע אַנטי־
פאַשיסטן, ווי דער קאָמוניסט יאַקובאָווסקי א״א; אַקצענטירן
דעם העמשעך פון קאַמף — אין די פאַרטיזאַנישע וועלדער; געבן אַ ריי
סילועטן פון די דײַטשישע פאַרברעכער. אין דער דאָזיקער אַרבעט
האָבן אָבער נאָך געפעלט צוויי איקער־זאַכן: די אינערלעכע גענויע פּו־
נעם אויפשטאַנד, די צווישנבאַציִונגען אין דער געטאָ־אונטערערד גופע
און אַ ברייטערער סאָציאַלער אַנאַליז. זינט יענער צײַט זײַנען דערשינען
נאָך דרײַ סינטעטישע באַאַרבעטונגען, געשריבן דורך איידיי ריע, און
מאַכמעס דעם זײַנען אָט די ביכער געבויט ס׳ראָוו אָף פערזענלעכע אי־

1) ב. מארק: „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ"

בערלעבונגען, צײַטנווײַז פאַרבונדן מיט גוויסע אײדעס פון אַנדערע און נישט געשטיצט אַף דאָקומענטן.

אין יאָר 1946 איז דערשינען אין פוילן דאָס ביכל פון ד"ר שימען דאַטנער „דער קאַמף און דער אומקום פון ביאַליסטאָקער געטאָ" (געשריבן אין פויליש 2). דער מעכאַבער איז אַליין געווען ביזן 24טן מײַ 1943 אין ביאַליסטאָקער געטאָ, אַנטייל גענומען אין דער אונטערערדישער קאַמף־באַוועגונג אונטער דער אַנפירונג פון יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ („יודיטאַ"), דערנאָך איז ער אַרויס אין וואַלד און זיך באַטייליקט אין דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג. זײַן אַרבעט, וועלכע נעמט אַרום 46 זײַטן, איז געבויט קוידעמקאָל אַף אייגענע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען און אויך אַף גוויסע אײדעס פון לעבן־געבליבענע ייִדישע פאַרטיזאַנער. מיט קיין דאָקומענטאַלן מאַטעריאַל האָט ד"ר דאַטנער — פונקט ווי דער פריִערדיקער מעכאַבער בעשאַטע — נישט דיספּאָנירט. אין דער אַרבעט פילט זיך שטאַרק דער עמאָציאָנעלער מאָמענט, וואָס נעמט זיך פון דעם זיכרוינעסדיקן גרונט־עלעמענט פון דעם ביכל. נישט געקוקט אַף דעם, מאַכט די אַרבעט אַן אײַנדרוק פון אַן אָביעקטיווער שילדערונג. דער שטאַנדפּונקט פון מעכאַבער איז אַן אַנטי־יודענראַטישער. וויכטיק זײַנען די — איבעריקנס, גענוג קאַרגע — אינפאָרמאַציעס וועגן דעם בלאָק א' און דעם בלאָק ב' אין אונטערערד 3) און וועגן דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג. אָבער עס פעלט אין דעם „קאַמף און אומקום פון ביאַליסטאָקער געטאָ" דער סאָציאַלער אַנאַליז, אַ בילד פון דער פּאָליטישער סטרוקטור פון אונטערערד און די כאַראַקטעריסטיק פון די הויפּט־העלדן פונעם ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד. כוץ דעם זײַנען די ראַמען פון דעם ביכל צו שמאָל פאַר אַזאַ וויכטיקער טעמע.

אין יאָר 1947 איז אַרויס אין בוענאָס־אײַרעס דאָס בוך פון סראָלקע קאַט „כורבן ביאַליסטאָק" 4). דאָס איז אַ מעמואַריסטישע אַרבעט. קאַפּיטלעכווײַז שילדערט קאַט — אַ ביאַליסטאָקער אַרבעטער, אַ מענטש מיט רעוואָלוציאָנערע אַנשויונגען, אַן אַנטיילנעמער אין דער פאַרטיזאַ־

2) Dr. Szymon Datner: ''Walka i zagłada białostockiego getta''. Łódź, 1946. Centralna Żyd. Kom. Hist.

3) וועגן דעם גענויער איז צוויטן און דריטן טייל פון אונדזער אַרבעט.

4) סראָלקע קאַט: „כורבן ביאַליסטאָק", אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע פרײַנט, בוענאָס אײַרעס, 1947.

נישער באַוועגונג — דעם אייגענעם גורל, וואָס איז דער גורל פון ייִדישן פּאַרטיזאַן, דעם מאַצעוו אין ביאַליסטאָקער געטאָ, דעם אויפקום פון ווידערשטאַנד און די שלאַכטן אין וואַלד. דאָס סאַמע ווערטפולסטע אין בוך זײַנען די שילדערונגען פון פּאַרטיזאַנישן לעבן און קאַמף. ווי אַן אויטענטישע באַשרײַבונג האָט „כורבן ביאַליסטאָק" אַ וויכטיקן באַדײַט פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע פון קאַפּיטל ביאַליסטאָק, אָבער עס פּרעטענדירט נישט צו דער מאַדרייגע פון אַ סינטעטיש ווערק אַף דער דאָזיקער טעמע. עס איז אַן אינטערעסאַנטער, גלויבנס־ווירדיקער צו־שטײַער צו דער פאַקטאָגראַפיע פון דער ביאַליסטאָקער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

אַ נישט־גלײַכמעסיקן באַדײַט האָט אַ צווייט בוך פון ענלעכן כאַ־ראַקטער, דאָס בוך פון רעפאָעל רייזנער „דער אומקום פון ביאַליסטאָ־קער ייִדנטום, 1939־1945" 5). רעפאָעל רייזנער איז אויך אַן אייד־רײַע, אַ ביאַליסטאָקער, אַ זעצער פון פאַך, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט די שיווע מעדוריי געהענעם פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. אָבער אין קעגנזאַץ צו די פרײַערדיקע צוויי מעכאַבערים, אויך דירעקטע איידיי רײַע, וועלכע זענען בוילעט די שייד־ליניע יודענראַט און ווידערשטאַנד, פאַר־ווישט רייזנער די דאָזיקע איקערדיקע קריטעריע, וואָס אַן איר איז ביכלאַל אוממעגלעך צו פאַרשטיין דעם אויפקום פון קאַמף. אַזוי אַרום איז רייזנער נישט אומשטאַנד צו געבן אַ טרײַ בילד פון דעם, וואָס איז פאַרגעקומען אין זײַן היים־שטאָט אין די יאָרן 1939־1945. וואָס שײַך דער פאַקטאָגראַפישער זײַט גיט רייזנער אַסאַך וויכטיקע פּראָטים אין דעם טייל פון זײַן בוך, ווו ער שילדערט דאָס לעבן אין געטאָ און דעם גורל פון פאַרשיידענע אָרטיקע טוישווים, ס'ראָוו פון באַלעבאַטישן שיכט; אָקעגן־זשע פאַרמאָגן אַ צווייפלהאַפטיקע ווערט די קאַפּיטלעך פונעם בוך, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד (נאַטירלעך, מיט געוויסע אויסנאַמען; דעהײַנע — דאָרטן, ווו דער מע־כאַבער האָט געהערט דערציילן וועגן קאַמף בײַ באַגלויבטע איידעס 6).

5) רעפאָעל רייזנער: „דער אומקום פון ביאַליסטאָקער ייִדנטום 1939 — 1945", אַרויסגעגעבן דורכן „ביאַליסטאָקער צענטער" אין אויסטראַליע, מעלבורן 1948, מיט אַן אַרײַנפיר־וואָרט פון י. ראַפּאַפּאָרט.

6) פאַרגלײַך די רעצענזיע פון ש. דאַטנער אין „בלעטער פון געשיכטע", באַנד I, העפטן 3—4.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דאָס ביכל פון ד. קלעמענטינאָוו־סקי: „לעבן און אומקום אין ביאַליסטאָקער געטאָ" 7) — אַ זשורנאַ־ליסטישער באַריכט, באַזירט אָף פינף גוויזעס איידעס און אָף די ערשטע אָפּגעדרוקטע סינטעטישע באַשרײַבונגען פון ביאַליסטאָקער געטאָ־אויפ־שטאַנד.

אין יאָר 1950 איז דערשינען אין ישׂראל, אין העברעאיש, דאָס בוך פון כאַיקע גראָסמאַן „אנשי המחתרת" (מענטשן אונטערערד) 8). דאָס איז אַ מעמואַריסטישע אַרבעט, געבויט ס׳ראָוו אָף באַשרײַבונגען פון אייגענע איבערלעבונגען, אײַנדרוקן וועגן מענטשן, מיט וועלכע די אוי־טאָרן האָט זיך באַגעגנט אין איר טעטיקייט ווי אַ טוערן פון „האַשאָ־מער האַצאַיר" און ווי אַ פאַרבינדלערן אָף דער „אַרישער" זײַט און אין אַנדערע שטעט. דער זיכרוינעסדיקער עלעמענט פונעם בוך איז אויטענ־טיש און מעמיילע ווערטפול. דאַקעגן־זשע פאַרמאָגט דאָס בוך אַ ריי נישט ריכטיקע פעסטשטעלונגען און באַלויכטונגען, ווי לעמאָשל: וועגן דער באַציִונג פון די קאָמוניסטן צו דער פּראָבלעם פון פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ פלאַצדאַרם פון קאַמף, צום פּראָבלעם פון איינהייט אאַ״וו. די אַלע פראַגן וועלן אויפגעקלערט ווערן אין לויף פון דער פאָר־געלייגטער אַרבעט 9).

* * *

אין אונדזער איצטיקער אַרבעט ווערן באַנוצט די ווײַטערדיקע מע־קוירים:

## דאָקומענטאַרישע מאַטעריאַלן

### 1. ייִדישע:

א. דער אַרכיוו פון ביאַליסטאָקער יודענראַט, ביפּראַט די פאַראָר־דענונגען און באַקאַנטמאַכונגען, וועלכע גיבן אַ בילד פון דער לאַגע אין געטאָ, און די פּראָטאָקאָלן פון די יודענראַט־זיצונגען און אַנדערע יו־

7) אַרויס אין ניו־יאָרק אין יאָר 1946.
8) כאַיקע גרויסמאַן: „אנשי המחתרת", ספרית פועלים, מרחביה, 1950.
9) פאַרגלײַך די רעצענזיע פון ב. מאַרק אין „בלעטער פון געשיכטע" באַנד III העפטן 3—4.

דענונציאַנטישע פֿאַרזאַמלונגען, וואָס גיבן אַ מעגלעכקייט און אַן ערשטקלאַסיקע דאָקומענטאַלע באַזע צו שאַפֿן זיך אַ בילד וועגן סאָציאַלן באַשטאַנד, כאַראַקטער און טאַקטיק פֿון דער דאָזיקער אינסטיטוציע.

ב. פּייסעך קאַפּלאַנס כראָניק וועגן דער געשיכטע פֿון יודענראַט און זײַן פֿינקעס „כורבן ביאַליסטאָק"; ביפֿראַט צו קאַפּלאַנס ערשטער אַרבעט דאַרף מען צוגיין מיט אַ קריטישער אײַנשטעלונג.

ג. די אַרבעט פֿון אַן אַנאָנימען מעכאַבער פֿון ביאַליסטאָקער געטאָ וועגן די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין געטאָ. די אַרבעט טראָגט דעם נאָמען: „צו דער געשיכטע פֿון די ביאַליסטאָקער ייִדן אין דער צײַט פֿון דײַטש־סאָוויעטישן קריג".

ד. דער אַרכיוו פֿון מאָרדכע טענענבוים־טאַמאַראָף, אין וועלכן עס געפֿינען זיך צווישן אַנדערע זײַן אייגענער טאָג־בוך, קאָפּיעס פֿון בריוו קיין אויסלאַנד און צו דער רעכטער, לאָנדאָן־אָריענטירטער פּוילישער אונטערערד, קאָפּיעס פֿון אויפֿרופֿן, קסאָווים פֿון ציפּוירע בירמאַן, אַ רעשימע פֿון די מיטגלידער פֿונעם קיבוץ „טעל־כאַי" א"א. באַ אַ קריטיש־אַנאַליטישן צוגאַנג (ביפֿראַט פֿאַרגלײַכנדיק אַ ריי טענענבוימס נאָטיצן מיט די זײַטלעך אינעם בוך פֿון רייזל קאָרטשאַק „להבות באפר" 10), וואָס זײַנען נעגייע ביאַליסטאָק און מיט אַנדערע גוויִעס איידעסדיקע מאַטעריאַלן, קאָנען די מאַטעריאַלן פֿון אָט דעם אַרכיוו דינען מיט אַסאַך דאָקומענטאַרישן שטאָף וועגן די שטימונגען אין דעם כאַלוצישן טייל פֿון ביאַליסטאָקער אונטערערד און וועגן די כעוולעליידע פֿון דעם סאַף־קאַל־סאַף פֿאַראייניקטן ווידערשטאַנד־קויעך ביכלאַל, און אויך וועגן דער באַציִונג פֿון ביידע טיילן פֿון דער פּוילישער אונטערערד — פֿון די א. ק. פֿון איין זײַט און פּ. פּ. ר. פֿון דער צווייטער — צו די ייִדן אין זייער קאַמף.

ה. די אונטערערדישע אויסגאַבע פֿון וואַרשעווער געטאָ „וויאַדאָמאָשטשי", געפֿונען אין צווייטן טייל פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו.

אַלע אויסגערעכנטע דאָקומענטן־זאַמלונגען פֿון די פּונקטן א', ב', ג', ד', ה', געפֿינען זיך אין אַרכיוו פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

ה. שפּורן און אָפּקלאַנגען אין ד"ר עמאַנועל רינגעלבלומס און שמועל ווינטערס נאָטיצן פֿון וואַרשעווער געטאָ.

ו. די פּאַסוסן בענגייע דעם ביאַליסטאָקער געטאָ־קאַמף אינעם ראַ־

---

10) רייזל קורצ'אק (רוזקה): „להבות באפרו" (פֿלאַמען אין אַש), הוצאת ספרית פועלים, מרחביה 1946. דאָס איז אַ מעמואַריסטיש בוך וועגן ווילנער געטאָ.

פאַרט פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון 15טן נאָוועמבער 1943; דער דאָזיקער ראַפּאָרט גיט אָן נישט ריכטיקע דאַטעס וועגן אויפשטאַנד. שרײַבנדיק, אַז ערשט אָפּן דריטן טאָג פון דער ליקווידיר־אַקציע האָבן זיך די יידן גענומען פאַרטיידיקן.

## 2. דײַטשישע:

א. די ענטפערס פון די דײַטשישע קריג־פאַרברעכער וואַלדעמאַר מאַכאַל און פריץ פרידעל אָף די אַנקעטעס פון יידישן היסטאָרישן אינ־סטיטוט אין וואַרשע 11). די דאָזיקע מאַטעריאַלן קאָנען — באַ אַ קריטי־שער באַלײַכטונג — צושטעלן ידיעות וועגן דעם פאַרלויף פון דעם ערשטן ווידערשטאַנד אין פעברואַר 1943 און וועגן געוויסע פראַגמענטן פון דעם אויפשטאַנד, וועגן די דײַטשישע מוישלים, וועגן דער דײַטשי־שער פּאָליטיק, וועגן יידישע פּראָוואָקאַטאָרן וקעדוימע.

ב. די דײַטשישע קאַלענדאַרן און פּרעסע 12).

ג. די צווישנדײַטשישע קאָרעספּאָנדענץ בענעגייע דעם גיירעש פון די יידן 13).

דער וויכטיקסטער בלויז פון דעם דײַטשישן סעקטאָר פון דעם דאָ־קומענטאַרישן מאַטעריאַל באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן דאָ נישט אין אונדזער רעשוס אַזאַ וואָגיקן דאָקומענט, ווי, לעמאָשל, סטראָפּס באַריכט פון דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. ווי עס האָט איבערגע־געבן פרידעל, דער געשטאַפּאָ־מעמונע איבערן ביאַליסטאָקער געטאָ, זײַ־נען אַלע דאָקומענטן און ראַפּאָרטן פון דער דערשטיק־אַקציע פון אוי־גוסט 1943 אַריבערגעפירט געוואָרן דורך געג. גלאָבאָצניקס אַפּיציר מאַ־געל קיין לובלין. אָבער ביז הײַנט זײַנען זיי באַ אונדז נישטאָ.

## 3. פּוילישע:

קורצע ראַפּאָרטן וועגן דער ערשטער און דער צווייטער ליקווידאַ־ציע און וועגן ערשטן און צווייטן ווידערשטאַנד אין דער פּרעסע פון פּ.

11) די אַנקעטעס האָט דורכגעפירט ד"ר ש. דאַטנער. דער מעכאַבער פון די דאָזיקע שורעס האָט צוגעגרייט כויץ דעם עטלעכע אייגענע אַנקעטעס פאַר מאַכאַלן און פרידעלען און אויך באַקומען וויכטיקע ענטפערס. די מאַטעריאַלן געפינען זיך אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

12) קאָפּיעס אינעם אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

13) דאָרטן.

פּ. ר.. אין די ביולעטינען פון „זשעגאָטא״ (ראַט צו העלפן יידן אין וואַרשע), אין דעם ביולעטין „אינפאָרמאַציא ביעזשאָנצא״, אין דער אונ־טערערדישער פּרעסע און אין די באַריכטן פון דער לאַנד־דעלעגאַטור צו דער לאָנדאָנער עמיגראַנטישער רעגירונג 14).

4. סאָוויעטישע:

די פּאַסוסן און טאָג־ביכער פון אָנפירנדיקע סאָוויעטישע פּאַרטיזאַ־נער פון ווײַסרוסלאַנד וועגן דער העלדישקייט פון דער ייִדישער פּאַרטי־זאַנישער יוגנט 15), אַ רײַ מאַטעריאַלן אינעם רוסישן בוך פון ל. צאַנאַוואַ 16) און דער באַפעל פון גענעראַליסימוס סטאַלין אין צוזאַמענ־האַנג מיטן באַפרײַען ביאַליסטאָק.

## גוויִעס־איידעסדיקע מעקווירים

דער גוויִעס־איידעסדיקער מאַטעריאַל בענעגייע דער ביאַליסטאָקער געטאָ־ און ווידערשטאַנד־טעמע איז זייער גרויס, פאַרהעלטנישמעסיק אַ סאַך רײַכער ווי לעגאַבע דער געשיכטע פון די קאַמפן פון וואַרשעווער אָדער אַנדערע געטאָס. די סיבע דערפון איז דאָס, וואָס אַ דאַנק דער נאָענטער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אַלפּי־ערעך גרעסערע צאָל ייִדישע קעמפער, בעסויכעם אַזעלכע, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער ייִדישער ווידערשטאַנד־אונטערערד־אין געטאָ. די גוויִעס־איידעס פון די דאָזיקע אַקטיוויטעטן פילן אויס דעם בלויז, וואָס שאַפט זיך מאַכמעס דעם מאַנגל אין דאָקומענטאַרישע באַווײַזן. וואָרעם אַפילע טענעגבוימס נאָטיצן רײַסן זיך איבער אַ געווי־סע צײַט נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע און זעלבשוץ אין כוידעש אַפּ־ריל 1943. אַזוי אַרום האָבן מיר נישט — אַ כוץ די דערקלערונגען פון

14) די דאָזיקע מאַטעריאַלן (אַ כוץ די „זשעגאָטאַ״־ביולעטינען) געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון צ. ק. פון דער פוילישער פּאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי פונעם פוילישן „אינסטיטוט פון דער נײַסטער געשיכטע״ אין וואַרשע און אינעם אַרכיוו פון פוילישן מיניסטעריום פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג; די „זשעגאָטאַ״־ביולעטינען געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

15) די טאָג־ביכער געפינען זיך אינעם פּאַרטיזאַנישן אַרכיוו פון מינסק.

16) L. Canawa: ‘‘Wsienarodnaja partizanskaja wojna w Biełorusji protiw faszystskich zachwatczykow” I, Minsk, 1949.

מאַכאַל און פרידעל — קיין דאָקומענטאַרישע באַזע העין פאַר דעם דעצי־דירנדיקן צוגרייט־פעריאָד צווישן פעברואַר און אויגוסט, העין פאַר דעם אויפשטאַנד גופא. דאָ קאָנען און מוזן מיר אָפּעריִרן ס׳ראָוו מיט גוויִעס איידעס.

דאָס באַהאַנדלען די פּראָבלעם פון דער מאַסגיביקייט און פונעם באַטײַט פון גוויִעס איידעסדיקן עלעמענט אין דער געשיכטע־פאָרשונג פון אונדזער נאָענטן אָוואַר גייט אַרויס מיכוץ די ראַמען פון דער דאָזי־קער אַרבעט. אָפּגעבנדיק זיך אַ פולע רעכענונג דערפון, אַז עס בייטיקט זיך אַ קריטישע באַציִונג צו גוויִעס איידעס, מוז מען אָבער אָננעמען דעם דאָזיקן מין מאַטעריאַל בעדערעך קלאַל פאַר אַ באַזע אין אונדזערע פאָרשונגען פון דער אָקופּיר־צײַט: ריישיס — ווײַל דער דאָזיקער פּע־ריאָד איז נאָך אַזוי פריש און אַזוי נאָענט, אַז דער פאָרשער איז בעיִעכוי־לעס צו קאָנטראָלירן די עמעסדיקייט פון די דערקלערונגען פון די איידי־ריִע; און צווייטנס — ווײַל עס איז קיין אַנדער ברייִרע נישטאָ. איבע־רינקס — דאַרף מען זיך מיט באַוואָרענישן באַציִען אויך צו געוויסע דאָ־קומענטן — סײַ יידישע, סײַ דײַטשישע. דערבײַ איז בייטיק צו באַטאָ־נען, אַז גוויִעס איידעס איז נישט קיין שפּאָגל־נײַער עלעמענט אין דער היסטאָריאָגראַפיע. ער ווערט שוין באַנוצט פון לאַנג, אַזוי, לעמאָשל, באַזירט זיך צווישן אַנדערע אַף דעם דאָזיקן עלעמענט שימען דובנאָוו אין זײַן „געשיכטע פון כאַסידיזם״, באַטאָנענדיק דעם אַלטן קלאַל, אַז אַף צוויי איידעס ווערט באַשטעטיקט אַ זאַך. אויך אין דער היסטאָריאָ־גראַפיע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג קאָן מען אָן דעם גוויִעס־איידעס־דיקן מאַטעריאַל זיך נישט באַגיין. אין אונדזער נײַסטער געשיכטע־שרײַבונג איז די ראָל פון גוויִעס איידעס, נאַטירלעך, זייער אויסגע־וואַקסן, און דאָס קוידעמקאָל צוליב דער פאַרטיליקונג פון די דאָקומענ־טאַרישע מאַטעריאַלן, צוליבן אומקום פון מיליאָנען מענטשן און פון גאַנצע גאַסן, ראַיאָנען און שטעט. עס איז די אויפגאַבע און די קאָמפּע־טענץ פונעם היסטאָריקער אויסצוטיילן די מער באַגלויבטע דערקלערונ־גען ביקסאָוו און באַלפּע פון די פאַרשיידענע סוואָרעס, פאַנטאַזיעס און לעגענדעס. פון צווישן דעם גוויִעס־איידעסדיקן מאַטעריאַל דאַרף מען אויך קוידעמקאָל אויסטיילן די פאַרצייכענונגען, וועלכע זײַנען דורך די איידי־ריִע געמאַכט געוואָרן אַף דער הייסער מינוט, אין דער באַ־שרײַבענער צײַט גופא; אַזוינע נאָטיצן דערגייען צו דער מאָדרייגע פון

דאָקומענטן; לעמאָשל — די פּאַרטיזאַנישע נאָטיצן פון טאלק" (ד"ר ש. דאטנער), אָדער די אונטערערדישע פאַרצייכענונגען פון „מאַרעק" (מוישע בוך); די ערשטע זײַנען נעגייע מענטשן און געשעענישן אין וואַלד, די צווייטע — אין געטאָ־אונטערערד פון ערעוו דעם אויפשטאַנד־פּעריאָד.

אין דער דאָזיקער אַרבעט ווערן אויסגענוצט די גוויִעס איידעס פון קנאַפּע 100 לעבנגעבליבענע מיטבאַטייליקטע אין די באַשריבענע געשעע־נישן.

די אַלע גוויִעס איידעס געפינען זיך אָדער אינעם אַרכיוו פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, אָדער אין מאָסקווע, אָדער אינעם באַ־זיץ פון דעם מעכאַבער פון די דאָזיקע שורעס. זיי שאַפן אינאיינעם מיט דער דאָקומענטאַרישער באַזע — נאָכן פאַרגלײַכן און נאָך אַ קריטישן אַנאַליז — אַ וואָגיקן, גרונטיקן מאַטעריאַל פאַר אויספאָרשן די גענויע און פאַר פעסטשטעלן, זאָל זײַן כאָטש אין אַלגעמיינע שטריכן, דעם פאַרלויף פון די ווידערשטאַנד־אַקטן, פון דעם אויפשטאַנד און פון די פּאַרטיזאַנישע קאַמפן, וועלכע בילדן צוזאַמען דעם הערויִשן קאַפּיטל ביאַליסטאָק 1941־1944.

# קאַפּיטל איינס

## דער סוינע

וועגן דעם גורל פון די יידן אין אָקופּירטן ביאַליסטאָק, וועלכער איז סאָף יוני 1941 אַרײַנגעפאַלן אונטער דער היטלעריסטישער מעמשאָ־לע, האָבן דעצידירט די זעלביקע צענטראַלע אָרגאַנען פון „דריטן רײַך", וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן די גזאָר־דינס אַף די יידן און אַנדערע פאַר־שקלאַפטע פעלקער פון אַלע באַהערשטע געביטן. די זעלביקע פאַקטאָרן פון בערלין, די זעלביקע אָנפירער פון דער נ.ס.ד.א.פּ., פונעם רײַכסזי־כערהייטסהויפטאַמט, פון דער רײַכסווער און פון די ווירטשאַפט־ספערן, וועלכע האָבן געפירט די פּאָליטיק לעגאַבע די יידן און אַנדערע פעלקער פון די אָקופּירטע לענדער, האָבן אויך געגעבן די ריכט־ליניעס וועגן דעם, וויאַזוי צו האַנדלען לעגאַבע די יידן אין ביאַליסטאָק. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז אומעטום איז די היטלעריסטישע גרונט־פּאָליטיק געוועזן רעאַ־ליזירט אַף איין און דעם זעלביקן אויפן. אין דעם מאָמענט, ווען גודע־ריאַנס און האָטס אַרמייען האָבן פאַרנומען ביאַליסטאָק, האָט שוין די היטלעריסטישע מאַכט געהאַט הינטער זיך אַ קנאַפּע צוויי־יעריקע דער־פאַרונג פון הערשן און אונטערדריקן די יידן אין דער גענעראַל־גובער־ניע און אין א. ג. ווערטעגאַו. אויך די מיזרעך־פּרײַסישע היטלעריסטישע אַדמיניסטראַציע האָט שוין אין יוני 1941 פאַרמאָגט אַ שטיקל פּראַקטיק אין דער היניזיכט, וואָרעם דער באַצירק ציכענאו (טשעכאַנאָוו) איז זינט דער סעפּטעמבער־קאַמפּאַניע אין 1939 אײַנגעגלידערט געוואָרן נישט אין דער גענעראַל־גובערניע, נאָר אין מיזרעך־פּרײַסן, ווו עס איז געוועזן אויך־בערפּרעזידענט און גאַולייטער פון נ.ס.ד.א.פּ. עריק קאָך, דער שפּע־טערדיקער — זינט אויגוסט 1941 — שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג פונעם אָ. ג. באַצירק ביאַליסטאָק. די דײַטש־פאַשיסטישע מאַכט איז

אזוי ארום געקומען קיין ביאַליסטאָק זומער־צײַט 1941 אַ „באַוואָפּנטע"
מיט פאַרטיקע געזעצן און אַ גרייטער פּראַקטיק פון איזאָלירן און אויס־
בלוטיקן די ייִדן. די פאַראָרדענונגען וועגן דער געלער לאַטע, וועגן גע־
טאָ, וועגן קאָנפיסקירן די פאַרמעגנס, קאָנטריבוציעס, אַרוועס־לײַט, יו־
דענראַט, גיירושים אא"וו זײַנען שוין געווען אָנגעווענדעט אין לעבן
און דאָ האָט מען געדאַרפט נאָר פאַרווירקלעכן די דאָזיקע גזירעס אַף
נאָך איין געביט, אַפן ביאַליסטאָקער. אַ ספּעציעלע באַדײַטונג האָט פאַר
די היטלעריסטישע באַאַמטע, וועלכע זײַנען באַשטימט געוואָרן פאַר ביאַ־
ליסטאָק און ביפּראַט פאַרן דאָרטיקן ייִדן־אָפּשניט, געהאַט די דערפאַ־
רונג פון לאָדזשער געטאָ. ביאַליסטאָק איז פּונקט ווי לאָדזש נישט אײַנ־
געגלידערט געוואָרן אין דער גענעראַל־גוברניע. אין ביאַליסטאָק איז
פּונקט ווי אין לאָדזש אײַנגעפירט געוואָרן אַן ענלעכע דײַטש־אַדמיניס־
טראַטיווע אינסטיטוציע פאַרן געטאָ — נאָר וועגן דעם שפּעטער.

עס איז אָבער, פון דער צווייטער זײַט, נייטיק אונטערצושטרײַכן,
אַז אין אָקופּירטן ביאַליסטאָק איז דאָס לעבן פון די ייִדן געוואָרן דורך
דער היטלעריסטישער מאַכט אַנדערש אײַנגעאָרדנט ווי אין ס'ראַוו
שטעט, וועלכע זײַנען פאַרכאַפּט געוואָרן ערשט זינט יוני־יולי 1941.
אויב די מאַסן־פאַרטיליקונג פון ייִדן אין וואַרטעגאַו און אין דער גענע־
ראַל־גוברניע האָט זיך נישט אָנגעהויבן גלײַך מיטן אָנקום פון אָקו־
פּאַנט, האָט זי זיך לעגאַבע די ייִדן פון די אָקופּירטע סאָוויעטישע גע־
ביטן אָנגעהויבן באַלד אין דער ערשטער צײַט, נאָך אין יאָר 1941. דאָ־
קעגן־זשע אין ביאַליסטאָק איז נאָך די ערשטע בלוטיקע טעראָר־אַקטן
געקומען אַ פאַרהעלטנישמעסיקע באַרויִקונג. אָבער ביאַליסטאָק איז אין
דעם הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם. לעפּי ערעך לאַנג האָבן זיך
אויך געהאַלטן די געטאָ־רעשטלעך אין לאָדזש, קאָוונע א"אַ. די דאָזיקע
אַנדערטערמינישקייט פון דער ענדגילטיקער ליקווידירונג פון ביאַליס־
טאָקער געטאָ איז געווען אַ רעזולטאַט פון פאַרשיידענע הינטער־קוליסן־
שפּילן אינעם לאַגער פון סוינע, וועגן וואָס עס וועט זײַן אַ רייד שפּע־
טער. דעצידירט וועגן די דאָזיקע טערמינען האָט סאָף־קאָל־סאָף נישט
די לאָקאַלע מאַכט, נאָר די צענטראַלע, האַגאַם די אָרטיקע — קעניגס־
בערגער און ביאַליסטאָקער אָנפירנדיקע באַאַמטע האָבן געהאַט אַ גע־
וויסע האַשפּאָע אַף די געשעענישן. מיר ריידן דאָ נישט בלויז וועגן
ביאַליסטאָקער, נאָר אויך וועגן קעניגסבערגער מאַכט־אָרגאַנען, ווײַל דער

באַצירק ביאַליסטאָק איז פאַרבונדן געוואָרן אַדמיניסטראַטיוו מיט דער פּראָווינץ מיזרעך־פּרײַסן. דער ציל איז געווען, אַז דער דאָזיקער באַצירק זאָל אַרײַנוואַקסן אין אָסט־פּרײַסן. די דײַטש־פאַשיסטישע פּאָליטיק לעגאַבע ביאַליסטאָק און זײַן געגנט ביכלאַל איז געווען, אַז דער דאָזיקער געביט זאָל ווערן לעגאַמרע גערמאַניזירט 1).

וועגן דעם גורל פון די ייִדן אין ביאַליסטאָק האָבן, הייסט עס, דעצידירט אין גרונט־גענומען די צענטראַלע היטלעריסטישע אָרגאַנען אין בערלין. אָבער רעאַליזירט איז די פּאָליטיק פונעם צענטער געוואָרן דורך דער לאָקאַלער אָקופּאַנטישער מאַכט — אין קעניגסבערג און אין ביאַליסטאָק. עס איז דעריבער נייטיק זיך צו באַקענען מיט אָט די אויספירער פון דער אויסנוצונג־, מאָרד־ און פאַרטיליקונג־פּאָליטיק, מיט וועלכע די ייִדן האָבן זיך אָנגעטראָפן אין קאָנקרעטן ביאַליסטאָקער איימעק האַבאָכע. נאַטירלעך, וועט אויסקומען צו ריידן נישט וועגן די קליינע פישעלעך פונעם סוינעס לאַגער, נאָר וועגן די גרעסערע לאָקאַלע באַאַמטע, האַגאַם אויך אַסאַך קלענערע פיגורן דאַרפן טיילן די טלױע מיט זייערע דירעקטע און אומדירעקטע באַפעל־געבער.

דער דירעקטער האַר פון לעבן און טויט איבערן ביאַליסטאָקער געטאָ האָט זיך עטלעכע מאָל געביטן. דאָס איז קיינמאָל נישט געווען קיין ענדערונג פון עצעם־צוגאַנג צו דעם געטאָ, נאָר אַ מין טוישן די וואַך. לעכאַטכילע איז דער באַלעבאָס איבער די ייִדן געווען די מיליטערישע מאַכט, דערנאָך איז דאָס געטאָ אַריבער אין רעשוס פון דער „נאָרמאַלער", ציווילער,, דײַטש־אָקופּאַנטישער אַדמיניסטראַציע, קעדיי לעסאָף אַרײַנצופאַלן אין די הענט פון דעם אויסשליסלעכן באַלעבאָס, דער געשטאַפּאָ און דער עס־עס. באַ יעדן מאָל פון טוישן דעם דירעקטן האַר האָט דער יודענראַט געמוזט אָנהייבן פונדאָסנײַ אַלע באַמיִונגען און שטאַדלאָנעסן, ווײַל דער פרישער „אַפּעטראָפּעס" האָט נישט געוואָלט וויסן וועגן די פאַראָרדענונגען פון זײַן פאָרגייער און האָט אויפסנײַ געפאָדערט אויסקויף־געלט און זײַן כיילעק אינעם רויב. עס וואָלט אָבער אַ טאָעס געווען צו מיינען, אַז מיטן איבערנעמען די „האַשגאָכע" איבער דעם געטאָ מיצאַד אַ נײַעם באַלעבאָס, איז דער פריִערדיקער לעגאַמרע נעלעם געוואָרן. עפּעס צו זאָגן איבער די ייִדן האָט געהאַט יעטוועדער

1) „זידאָסטפּרויסישע צײַטונג" פון 1טן אויגוסט 1942.

דײַטשישער אַמט פון גרעסטן ביזן קלענסטן. אַלע מינים פון דער אָקופּאַנטישער מאַכט — די מיליטערישע, ציוויל־אַדמיניסטראַטיווע, אָרדענונג־פּאָליציייִשע, געהיים־פּאָליציייִשע, די פּאַרטייִשע און געריכטלעכע, די אָרטיקע און די צענטראַלע, די סטאַבילע און די פאַרבײַגייענדיקע, די נאָענטע און די ווײַטע — אַלע האָבן זיי דערדריקט, אויסגענוצט, באַרויבט, טעראָריזירט, פּאָגראָמירט און פאַרטיליקט, און געטאָן האָבן דאָס אַלע אינאײנעם, אָדער איטלעכער באַזונדער, אין מיטן העלן טאָג און אונטערן צודעק פון דער נאַכט. אַלע האָבן זיי אויסגעפירט זייער מעמשאָלע מיט מער אָדער ווייניקער אַכזאָריעסדיקע מיטלען איבער די ייִדן און זיי געפירט מיט פאַרשיידענע וועגן און מיטלען צום ענד־ציל, וועלכן עס האָט אָנגעצייכנט אין זײַן ערשטער אינסטרוקציע צו דער דײַטשישער געהיים־פּאָליצײַ אין די אָקופּירטע געביטן רייִנהאַרדט היידריך, דער מעמאַלע מאָקעם פונעם אויבער־מערדער הימלער — צום ענד־ציל, צום טויט.

ביז נאָוועמבער 1942 איז אויף די ביאַליסטאָקער ייִדן, אויף דעם געטאָ כאָל געווען די מאַכט פון דער א. ג. ציוויל־פאַרוואַלטונג פון דעם באַצירק ביאַליסטאָק. דאָס הייסט נישט, אַז די אַנדערע דײַטשישע מאַכט־אָרגאַנען — אַ שטייגער די זיכערקייט־פּאָליצײַ און די מיליטערישע אינסטאַנצן — האָבן נישט געהאַט קיין שליטע איבער די ייִדן. זיי האָבן געהערשט איבער די ייִדן לויט די ליניעס פון זייערע טעטיקייטן, אָבער אַדמיניסטראַטיוו איז דאָס געטאָ אונטערגעלעגן ביזן אויבנאָנגעצייכנטן טערמין, — דאָס הייסט, ביז דער ליקווידירונג פון די ייִדישע ייִשוווים פון דער ביאַליסטאָקער פּראָווינץ — דער ציוויל־פאַרוואַלטונג, וואָס איר זיץ־אָרט איז געווען אינעם בראַניצקי־שלאָס אויף קילינסקי־גאַס, וועלכע דער אָקופּאַנט האָט מעשאַנע שעם געווען אויף „דײַטשע שטראַסע".

דאָ, אינעם בראַניצקי־שלאָס, האָט געהערשט דער גײַסט פון דעם גאַולייטער ע ר י ק ק אָ ך. דער גײַסט — ווײַל ע ר אַליין איז זעלטן געזעסן אין ביאַליסטאָק, ער פלעגט זיך אַהער אַראָפּכאַפּן פון צײַט צו צײַט, וואָרעם פאַרמאָגט האָט ער אַסאַך גרעסערע און וויכטיקערע אַמטן סײַ אין „דריטן רײַך", סײַ אין די דעראָבערטע געביטן.

געהייסן האָט עס, אַז שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג פאַרן באַצירק ביאַליסטאָק איז עריק קאָך. די דאָזיקע פירמע איז נייטיק געווען, כדיי אַרויסצורופן בײַ די היטלערישע באַאַמטע דערערך־ערעץ צום

דאָזיקן ציווילן אַמט. וואָרעם דער ביאַליסטאָקער קאָוועד האָט געהערט צו די קלענסטע באַ עריק קאָכן. ער איז געווען: גאָולייטער פון נ.ס.ד.א.פּ. פאַר אָסט־פּרײַסן; אויבערפּרעזידענט פון דער מיזרעך־פּרײַסישער פּראָווינץ; רײַכסקאָמיסאַר פאַר אוקראַינע. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט עטלעכע רעזידענץ־שטעט: קעניגסבערג, ביאַליסטאָק, קיעוו (שפּעטער ראָוונע) און כּוץ אַלעמען פלעגט ער אָפּט זײַן אַף קאָנפערענצן אין בערלין; איז ער דאָך געווען אייגער פון די נאָענסטע מעקוראָווים פון דעם „פּירער" אַליין, איינער פון די עלטסטע מיטשעפער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (אין 1942 איז ער אַלט געווען 50 יאָר) 2).

ווי דער אויבער־פּרעזידענט פון דער פּראָווינץ אָסט־פּרײַסן האָט עריק קאָך קאָנצענטרירט אין זײַנע הענט די גאַנצע ציווילע מאַכט איבער דעם דאָזיקן לאַנד און איבער דעם באַצירק ציכענאו (טשעכאַנאָוו) און ביאַליסטאָקער באַצירק, וועלכע זײַנען אײַנגעגלידערט געוואָרן — טשעכאַנאָווער באַצירק זינט אָקטאָבער 1939 און ביאַליסטאָקער זינט יולי 1941 — אין מיזרעך־פּרײַסן. דעם אויבער־פּרעזידענט איז אויך אונטערגעלעגן דער מיזרעך־פּרײַסישער העכערער ס. ס. און פּאָליציי־פּירער, וועלכער איז אין דער זעלביקער צײַט געווען אונטערגעאָרדנט דעם רײַכס־זיכערהייטס־הויפּטאַמט אין בערלין, ד"ה הימלערן; אַזוי אַרום איז עריק קאָך געווען סײַ דער העכסטער ציווילער, סײַ דער העכסטער פּאָליציישער אויטאָריטעט אין מיזרעך־פּרײַסן. ער איז אויך געווען גאָולייטער פון נ.ס.ד.א.פּ.; מיט אַנדערע ווערטער — אויך דער העכסטער פּאַרטייישער אויטאָריטעט. אַזוי אַרום האָט זיך אין די הענט פון דעם דאָזיקן מענטשן קאָנצענטרירט די העכסטע מאַכט איבער די ריזיקע שטאָכים פון מיזרעך־פּרײַסן און פון די אָקופּירטע טיילן פון אוקראַינע. אין די הענט פון אָט דעם היטלערס מעקורעוו איז אויך אַרײַנגעפאַלן דער גורל פון ביאַליסטאָק.

אין ייִדישע איניאָנים איז עריק קאָך געווען אַן אַלטער מומכע. אַפן טרויערדיק־באַרימטן פּאַרטיי־טאָג אין יאָר 1934 אין נירענבערג איז דער אָסט־פּרײַסישער גאָולייטער געווען איינער פון די הויפּט־מעכוטאָנים, איינער פון די מיטשעפער פון דער אַנטי־ייִדישער געזעצגעבונג. צום בוך, וואָס די נ.ס.ד.א.פּ. האָט ספּעציעל אַרויסגעגעבן לעקאָוועד דעם נירענ־

2) דאַרטן, נומער פון 19טן יולי 1942.

בערגער קאָנגרעס, האָט די האַקדאָמע אָנגעשריבן נישט קיין אַנדערער ווי עריק קאָך — אַ ליאַדע ווער וואָלט נישט „באַגליקט" געוואָרן מיט אַזאַ קאָוועד 3).

דאָס איז נאָך אָבער געווען אַ בלאַסער פאַרשפּיל צו די מייסים טאַאַטוים פון דעם דאָזיקן נאַצישן גאָדל אין דער צייט פון דער מיל־כאָמע. אין די יאָרן 1941־1944, ווען ער איז געווען היטלערס פאַרטרע־טער אין אוקראַיִנע, איז ער קעסיידער געשטאַנען אין שפּיץ פון אַלע רויב־ און מאָרד־אַקציעס איבער דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. ער איז עס געווען דער אינספּיראַטאָר פון דער שוידערלעכער שכיטע אין באַבי־יאַר, ווו מען האָט אין איין טאָג טכילעס דער אָקופּאַציע אויסגעהאַרגעט 120 טויזנט קיִעווער אײַנוווינער, בעסויכאָם 80 טויזנט ייִדן. דער 50־יעריקער קאָך האָט מיט סימכע און ענטוזיאַזם אַליין פאַרזענלעך גע־אײַלט צום דאָזיקן שכיטע־פּלאַץ 4).

מיט דער זעלביקער אַכזאָריעס האָט ער זיך אויסגעצייכנט שפּעטער אין ראָוונע, ווו עס זײַנען אָף זײַן דירעקטן באַפעל אויסגעשאָכטן געוואָרן 102 טויזנט נעפאָשעס. ס'ראָוו ייִדן, פון אָרט און פון אַרום.

זײַן סאַדיסטישע סינע האָט געפלאַקערט נישט בלויז צו ייִדן, נאָר צו די אונטערייאָכטע פעלקער ביכלאַל. אין אַ ראַפּאָרט צום „פירער" האָט ער אין יענע גרויליקע טעג געשריבן: מײַן ציל איז אַרויסצושיקן קיין דײַטשלאַנד די מאַקסימאַלע צאָל פון דער אַרבעטספעיִקער באַפעלקערונג און די איבעריקע פולשטענדיק פאַרניכטן" 5).

ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך באַמיט מעקײַעם צו זײַן דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט. פאַרניכטן — נישט סטאָם אָפּן פּאַפּיר. ער האָט טאַקע פאַרטיליקט די ייִדן פון אוקראַיִנע, אוקראַיִנישע פּויערים, פּוילישע פּאַטריאָטן. ער האָט ליב געהאַט אַליין אָנטיילצונעמען אין דער מאָרד־פאַרווײַלונג, ווײַזנדיק אַ פּערזענלעכן מוסטער זײַנע עס־עס־יונ־גען. כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַנע מײַסים טאַאַטוים איז דער פאַל מיטן דאָרף לובין אין אוקראַיִנע. אין יוני 1944 האָט מען אים דאָרטן געזען ווי ער דראָט מיט אַ רעוואָלווער אַן אוקראַיִנישן פּויער, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצושטעלן אין מעשעך פון צוויי שאָ אַ בריקל אי־

---

3) מאַכאַל: „עריק קאָך" נ' 3 (אַרכ' יזה א).
4) פון די אויספאָרש־אַקטן פון קאָכס פּראָצעס, וואָס וועלט געגערייט אין וואַרשע.
5) פון די אַקטן פון נירענבערגער פּראָצעס.

בער אַ ראָוו. „דו דאַרפסט אַף אויסבויען דאָס בריקל אַ טאָג און איך וועל עס מאַכן אין אַ האַלבער שאָ!" — האָט דערקלערט דער רײַכס־קאָמי־סאַר. ער האָט געגעבן אַ באַפעל זײַנע מענטשן, מען זאָל צום ראָוו צו־נויפטרײַבן אַלע אײַנוווינער פונעם דאָרף. עס האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אויטאָמאַטן און פיסטאָלעטן. דיריזשירט מיט דער שיסערײַ האָט קאָך אַליין, אין עטלעכע מינוט איז דער ראָוו פאַרפולט געוואָרן ביז צו די ברעגעס מיט פאַרבלוטיקטע קערפּערס פון 116 מענער, פרויען און קינ־דער, און דער רײַכס־קאָמיסאַר איז רויִק דורכגעפאָרן איבער דער „לע־בעדיקער בריק".

דאָס דאָרף לובין האָט זיך געהאַט פאַרזינדיקט — אין דער געגנט האָבן זיך באַוויזן פאַרטיזאַנער 6).

אין די הענט פון אַזאַ סאַדיסט איז געלעגן דאָס לעבן און טויט פון ביאַליסטאָקער געטאָ. צוליב אַ פּלאַנטער פון אַ ריי סיבעס, וועלכע וועלן אויפגעקלערט ווערן שפּעטער, איז דער גורל פון די ביאַליסטאָקער יידן נישט געכאַפּטמעט געוואָרן באַלד באַם אָנהייב, און עריק קאָך האָט נישט געקאָנט טייקעף אומיאַד זיך באַגיין מיטן ביאַליסטאָקער געטאָ אַזוי ווי מיט די קיִעווער און ראָוונער יידן. די ערשטע צײַט איז קאָכס ליניע געווען: טייקעף פאַרטיליקן די יידן אין ביאַליסטאָק. ווײַזט אויס, אַז ער האָט דעמאָלט געדאַרפט אויספירן די אַלגעמיינע ליניע וועגן דעם, אַז אין די פוס־טריט פון דער אַרײַנדרינגענדיקער דײַטש־פאַשיסטישער אַרמיי דאַרפן פיזיש אויסגעראָטן ווערן די יידן; דאָס איז די ליניע, וועלכע איז רעאַליזירט געוואָרן אין די פאַרכאַפּטע סאָוויעטישע געביטן. קאָכס יידן־פּראָגראַם פון יענער צײַט דריקט זיך אויס אין זײַן דעמאָל־טיקן דעוויז — אַז זײַן גאַנצער „גאַו", דערונטער אויך ביאַליסטאָק, מוז ווערן „יודענריין" 7). אין אַ צײַט שפּעטער, ווען די היטלעריס־טישע פּאָליטיק לעגאַבע ביאַליסטאָק האָט — צוליב דעם, וואָס אונטער דער העלדישער און שטאַרקער פאַרטיידיקונג און קעגנאָנגריפן פון דער סאָוויעטישער אַרמיי האָבן די דײַטשן געמוזט רעזיגנירן פון בליץ־קריג און מאַסקים זײַן אַף אַ פאַרשלעפּטער מילכאָמע — צײַטווײַליק געענ־דערט איר ריכטונג אין דעם זין, אַז דאָס געטאָ פאַרבלײַבט לייסאָטע, ווי אַ פּראָדוקטיווער געביט, אַ נייטיקער פאַר דער מיליטערישער פאַר־

6) פון די אויספאַרש־אַקטן פון קאָכס פּראָצעס.
7) מאַכאַל, דאָרטן ז. 4.

זאַרגונג, האָט קאָך פונדעסטוועגן — קענענדיק גוט די סוידעס און ענד־צילן פון זײַנע בערלינער פירער לעגאַבע די ייִדן — נישט רעזיגנירט פון מאַכן ביאַליסטאָק „יודענריין", ער האָט דעמאָלט אָף אַ געהיימער זיצונג דערקלערט, אַז דער גיירעש פון אַלע ייִדן פון ביאַליסטאָקער באַצירק וועט יאָ פאַרווירקלעכט ווערן, נישט מער — עס איז נאָך נישט באַשטימט געגנוי דער טערמין 8). אין געוויסע געטאָ־קרײַזן, סײַ אין יודענראַט, סײַ אין אונטערערד, איז מען וועגן דעם געווען לעפּי ערעך אינפאָרמירט; עס זאָגן וועגן דעם איידעס די אַנטשפּרעכנדיקע פּאַסוסן אין מאָרדכע טענענבוימס נאָטיצן. נישט קיין ווונדער דעריבער, וואָס שוין קאָכס נאָמען אַליין האָט אָנגעוואָרפן אָף די ייִדן אַן איימע. לעמאָשל אין 1943 איז אין ביאַליסטאָק אַרויס אַ קלאַנג, אַז קאָך דאַרף אינגיכן באַזוכן דאָס געטאָ; באַ די ייִדן איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק; מע האָט גענומען באַהאַלטן די קינדער; די וואָס האָבן געדאַרפט אַרויסגיין אָף אַרבעט מיכוץ דעם געטאָ, האָבן זיך פאַרשטעקט אין דער היים; באַראָש איז אַרומגעגאַנגען דערשראָקן צום טויט. מען גיט אויך איבער (און עפּשער איז עס נאָר אַ קלאַנג), אַז מען האָט איינמאָל פאַר קאָכן געמאַכט פון גאָלד אַ גרויסן האַקנקרײַץ 9). פון קאָכן שטאַמט דער שטרענגער פאַרבאָט נישט צו געבן קיין באַשפּײַזונג פאַר די יענע ייִדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין ביאַליסטאָקער געטאָ „אומלעגאַל" — פאַר פּליטים, זקיינים, קראַנקע וקעדוימע, האַגאַם אין די פראַגן איז ער געווען דער מאַמשיך און אויספירער פון דער אַלגעמיינער ייִדן־אויסראָטערישער פּאָליטיק, אָבער ער איז דאָך געווען איינער פון די מיטשעפער פון דער דאָזיקער פּאָליטיק און איינער פון אירע פלײַסיקסטע אויספירער. עס איז קלאָר, אַז פאַר דער פאַרטיליקונג פון די ייִדן פון ביאַליסטאָק און אומגעגנט איז עריק קאָך איינער פון די צוממיינסטן פאַראַנטוואָרטלעכע.

אָט ווי עס כאַראַקטעריזירט קאָכן דער ביאַליסטאָקער הויכער געשטאַפּאָ־באַאַמטער וואַלדעמאַר מאַכאָל (אין זײַנע נאָטיצן, וואָס ער האָט אָנגעשריבן די לעצטע נאַכט פאַר זײַן דערשיסונג דעם 27טן יולי 1949):

עריק קאָך איז פריִער געווען אַ מיליטער באַן־באַאַמטער. אַ היטלעריסט איז ער געוואָרן פון די ערשטע צײַטן פון היטלערס טעטיקייט.

---

8) מאַכאָל, דאָרטן, ז„ 13.

9) ג"א פון יאַנקעוו כאַבראַמאָווסקי (איבערגעגעבן דורך ש. דאַטנער).

ער איז דעריבער פאַררעכנט געוואָרן ווי אַן „אַלטער קעמפער פון נ. ס. ד. א. פ.״ און איז באַלוינט געוואָרן מיט אַ גאָלדענעם ערן־צייכן. אין פּאָליטישע פראַגן איז קאָך געווען ריקזיכטלאָז. ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין שום ווידערשפּרוך. זײַן דעוויז איז געווען: „דער פירער באַפעלט, אַלע אַנדערע האָבן צו הערן און די געגעבענע באַפעלן אויסצופירן אָן שום טײַנעס״ 10).

ריקזיכטלאָז איז ער אויך געווען אין דער נאַטור. ווי אַ טיפּישער פאַשיסט האָט ער באַזײַטיקט זײַנע פּערזענלעכע קעגנער אָן שום קווענקל. עס איז באַקאַנט זײַן קאָנפליקט מיטן שעף פון דער זיכערקייט־פּאָליציי אין קעניגסבערג ד״ר ראש — דער לעצטער האָט געמוזט אָפּטרעטן. ער האָט זיך געריסן מיטן העכערן ס.ס. און פּאָליציי־פירער פון מיזרעך־פּרײַסן פאָן דעם באַך. אַזוי איז אויך געווען מיט זיין ערשטן פאַרטרעטער אין ביאַליסטאָק מאַגוניא. קאָך האָט אויסגענוצט זײַן מאַכט פאַר רייין־פּריוואַטע זאַכן. ער איז געווען טאָמיד פול מיט הויכע פּראָזעס, אָבער איינצײַטיק האָט ער נישט פאַרגעסן זיך צו באַרײַכערן אָפּן אומגליק פון אַנדערע. מיט דער צײַט איז ער געוואָרן דער גרעסטער גוטבאַזיצער פון מיזרעך־פּרײַסן 11). ער האָט נישט איינמאָל אויך געהאָט קאָנפליקטן צוליב אַזעלכע מײַסים מיט הימלערן. ער האָט אויך געהאָט קאָמפּעטענץ־קאָנפליקטן מיט ראָזענבערגן, דעם רײַכסמיניסטער פאַרן אָסט־געביט, וועלכן קאָך איז אויך אונטערגעלעגן. ער איז אָבער — פונקט ווי דער לעצטער — געווען אַ מעקורעוו צום „פירער״ וועלכער האָט דאָך אייגנהענטיק אונטערגעשריבן זײַן נאָמינאַציע אָפּן שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג אין ביאַליסטאָק. וואַלדעמאַר מאַכאָל ציטירט פון זיקאָרן קאָכס נאָמינאַציע דורך היטלערן: „פ י ר ע ר ־ ב אַ ־ פ ע ל: 1. איך באַשטים פאַרן שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג פאַרן באַצירק ביאַליסטאָק דעם גאַולייטער עריק קאָך. ער איז אין דער דאָזיקער אייגנשאַפט אונטערגעשטעלט מיר פּערזענלעך און לעגאַבע מיר פאַראַנטוואָרטלעך. 2. דער שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג פאַרן באַצירק ביאַליסטאָק האָט רעכט אײַנצושטעלן רעכט (געזעצן) — אַדאָלף

---

10) מאַכאָל, דאָרטן.

11) מאַכדל, דאָרטן, נ׳ 11. אויך מאַכאלס: „אַנטוויקלונג און אָרגאַניזאַציע פון זיכערקייטס־וועזן אין נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פּעריאָד״, I טייל ז׳ 10 (אָרכ׳ ייִה״א).

היטלער" 12). אזוי אַרום טראָגט פאַר אַלע געזעצן און פאַראָדענונגען פון דער מאַכט אין ביאַליסטאָק די פאַראַנטוואָרטלעכקייט עריך קאָך. זײַן אַמט ווי דער שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג פון באַצירק ביאַליסטאָק האָט קאָך איבערגענומען דעם ערשטן אויגוסט 1941. (13)

האַגאַם קאָך איז ס׳ראָוו געזעסן אין קעניגסבערג, האָבן זיך דאָך צו אים געצויגן אַלע פעדים פון דער ביאַליסטאָקער אָקופּאַנטישער מאַכט. ער איז געווען גענוי אינפאָרמירט, וואָס עס קומט פאָר אין ביאַליסטאָק דורך סיסטעמאַטישע „לאַגע־באַריכטן". קיין שום וויכטיקן שריט האָבן זײַנע פאַרטרעטער אין ביאַליסטאָק נישט אָנגענומען און נישט געמאַכט אָן אים.

קאָך — שרײַבט ווײַטער מאַכאַל — איז געווען באַקאַנט ווי אַ סוינע פון פּאָליאַקן; ער איז געווען אַ פאַנאַטישער אָנהענגער פון דער ראַסיסטישער טעאָריע פון דײַטשן ווי אַ „הערן־פאָלק"; ער האָט עס אײַנגעפירט פאַר די פּוילישע אַרבעטער אין מיזרעך־פּרײַסן דעם צייכן „פּ". ער האָט דורכגעפירט די גוואַלט־גערמאַניזירונג פון סוואַלקער ראַיאָן.

קאָך איז אויך געווען באַקאַנט ווי אַ גרעננעצלאָזער האַסער פון יידן. אין אויגוסט, אָדער סעפּטעמבער 1941 איז פאָרגעקומען אין ביאַליסטאָקער שלאָס אַ דינסט־פאַרזאַמלונג — עס זײַנען געקומען די קרײַז־קאָמיסאַרן פון דער פּראָווינץ, די רעפערענטן פון אַלע וויכטיקערע אָפּטיילן א"אַ. מאַכאַל איז אַנוועזנדיק געווען אויף דער אַסיפע, פאַרטרעטנדיק די געשטאַפּאָ. מיט אַ רעדע איז אַרויסגעטרעטן עריך קאָך אַליין. אייגער האָט געשטעלט אַ פראַגע: וואָס וועט זײַן מיט די יידן? — אויף דעם האָט קאָך געענטפערט: „מײַנע הערן! אויב איר וועט אַליין נישט פאַרטיק ווערן מיט די יידן אין באַצירק ביאַליסטאָק, וועל איך נעמען די ס.ס., און זי וועט אויף מײַן אויפטראָג מיט די יידן זיך אָן אייצע געבן". פאַר אַלעמען אויף דער דינסט־פאַרזאַמלונג איז געווען קלאָר, אַז די יידן וועט מען ליקווידירן. קאָך איז שפּעטער געווען זייער צודרינגלעך אין דעם איניען פון דורכפירן די אַקציע קעגן די יידן אין באַצירק ווי צום פריסטן און צום שנעלסטן 14).

---

12) מאַכאַל, דאָרט, נ׳ 8.
13) „זידאָסטפּרויסישע צײַטונג" פון 1טן אויגוסט 1942.
14) מאַכאַל, נ׳ 11.

אַ צווייטער היטלעריסטישער באַאַמטער, דער אַמט־קאָמיסאַר פון מיכאַלאָווע, ביאַליסטאָקער באַצירק, פּאול מעלצער, וועלכער האָט גע־קענט קאָכן זינט 1931, שטעלט אויך פעסט דאָס אייגענע. קאָך איז גע־ווען פאַר אַן אומבעראַכמאַנעסדיקער פאַרטיליקונג פון די ייִדן און פאַר דער אויסראָטונג פון דער פּוילישקייט אַף די אָקופּירטע געביטן 15).

אין דער היטלעריסטישער „זידאָסטפּרויסישער" צײַטונג פון ערשטן אויגוסט 1942 געפינען מיר אַן אַרטיקל, געווידמעט דעם ערשטן יאָר פון עריק קאָכס טעטיקייט אין ביאַליסטאָק. דער מעכאַבער לויבט קאָכן קויי־דעמקאָל פאַר זײַן „אויסרייניקן" די שטאָט פון ייִדישקייט. עס זײַנען פאַרשווונדן, שרײַבט דער היטלעריסטישער זשורנאַליסט, פון דעם „אַרישן" טייל פון דער שטאָט שילדן מיט אַזעלכע נעמען, ווי פינקעל־שטיין, בלומענשטיין, זילבערמאַן.

עריק קאָך האָט אָפט צוזאַמענגעאַרבעט — ביפּראַט אין די פראַגן פון אויסוואָרצלען די פּוילישקייט און פון גערמאַניזירונג — מיטן גאַו־לײַטער פון דאַנציק פאָרסטער, וועלכער האָט אויך געהאַט די זעלביקע אויפגאַבע אינעם טכום פון זײַן „גאַו" 16).

עריק קאָך האָט ס'ראָוו אַמטלעך פאַרבראַכט אין קעניגסבערג און אוקראַיִנע, ווו ער האָט געהאַט אויסצושטיין גרויסע צאָרעס באַם אײַנ־האַלטן די דײַטשישע מאַכט. אין די פאַלן האָבן אים אין קעניגסבערג סטאַביל פאַרטרעטן דער רעגירונג־פּרעזידענט האָפּמאַן, וועלכער האָט אויסגעפירט אַ טייל פון דער פּראַקטישער האַשגאָכע איבער ביאַ־ליסטאָק, און דער געהילף אָפן גאַולייטער־אַמט גרייסער. אין בראַ־ניצקי־שלאָס איז אויך געזעסן קאָכס אַ שטענדיקער פאַרטרעטער: לע־כאַטכילע איז עס געווען דער קעניגסבערגער דײַטש מאַגוניאַ, דער־נאָך — ווען דער לעצטער איז אַרײַנגעפאַלן באַ קאָכן אין אומכיין — דער טילזיטער דײַטש ד"ר בריקס.

מאַגוניא איז געווען דער מוישל איבער ביאַליסטאָק אין מעשעך פון אַ קורצער צײַט — ביזן סאָף 1941. פאַר זײַן צײַט זײַנען געפאַלן די ערשטע שווערע קלעפּ אַף די ייִדן. די אַנטי־ייִדישע פאַראָרדענונגען

15) אַרכ' פון ייה"א, אַקט נ' 1282.

16) „קעניגסבערגער אַלגעמיינע צײַטונג", נ' 478. עריק קאָך איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער פאָלקס־יוסטיץ און וואַרט איצט אַף זײַן מישפּעט אין וואַרשע.

האָט מאַגוניאַ אײַנגעפירט אין לעבן אַן קווענקל. שוין זײַן אויסערלעכער אויסזען האָט אָנגעוואָרפן אַן איימע; אַט ווי עס שילדערט אים אַן אייד־ריִע: אַ ריזיקע שטיק פעטע פלייש 120 קילאָגראַם די וואָג, אַ בויך ווי אַ פאַס און אַ פּאָנעם פון אַ שיקער 17).

מאַגוניאַ איז געווען אַן אַלטער מיטגליד פון נ.ס.ד.א.פּ., אַ פּאַרטייפונקציאָנאַר, גאַואַבמאַן פון „אַרבעטספראָנט" אין מיזרעך־פּרײַסן. פריִער איז ער געווען אַ בעקער־מײַסטער און אַ באַלעבאָס פון אַ בעקערײַ אין קעניגסבערג 18). פון יאָר 1942 האָט דעם אַמט פון קאָכס שטענדיקן פאַרטרעטער אין ביאַליסטאָק פאַרנומען דער פריִערדיקער לאַנדראַט פון טילזיטער קרײַז ד״ר בריקס. דער הויפּט־אָנשטרענג פון דעם לעצטן אין קוידעמקאָל געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אָפּווישן יעדן שפּור פון פּוילישקייט, יידישקייט און ווײַסרוסישקייט אין דער געשיכטע פון ביאַליסטאָק; ד״ר בריקס האָט געדאַרפט דערווײַזן, אַז ביאַליסטאָק איז אײַנגעגלידערט אין מיזרעך־פּרײַסן נישט אַלפּי צופאַל, נאָר ווײַל דאָס איז מיקאַדמוינים אַ גערמאַנישער לעבנס־שטעטל 19) אין העסקעם מיט דער אײַנשטעלונג האָט ד״ר בריקס מיט אײַליקע טעמפּן גערמאַניזירט די שטאָט און מעמיילע געשטרעבט פאַטער צו ווערן וואָס שנעלער פון די יידן — אַף וויפל די ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן האָבן געקאָנט דערלויבן. די דירעקטע אַדמיניסטראַטיווע מאַכט איבערן געטאָ האָט ד״ר בריקס דורכגעפירט דורך צוויי קאַנאַלן: דורך דעם שטאָט־קאָמיסאַר, וועלכער איז אייגנצײַטיק געווען אויבערבירגערמײַסטער, און דורך דער אָרדענונג־פּאָליציי. דער ערשטער בירגערמײַסטער ריגערט האָט שנעל פאַרלאָרן דעם כיין בײַ דער אויבערשטער אָקופּאַנטישער מאַכט, מאַכמעס ער האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר די יידן בײַם אויסבײַטן דאָס אָרט פאַר אַ געטאָ פון די כאַנייקעס אַף דעם געביט בײַ דער ביאַל־

---

17) ג״א פון בערל שאַצמאַן (מעכאַבערס אַרכ׳), וועלכער קען גוט די דײַטשע באַאַמטע פון ביאַליסטאַק, ווײַל ער פלעגט זיי — אַף באַראַשעס אויפטראַג — מוזן מאַכן שטיוול ווי דער בעסטער שוסטער אין שטאַט.

18) מאַכאַל — ענטפער אַף דעם מעכאַבערס אַנקעטע. מאַגוניאַ האָט געענדיקט ווי אַ וואַכמײַסטער פון אַרטילעריע און איז, מאַשמאָעס, אומגעקומען אַפֿן מיזרעך־פראַנט.

19) „דויטשער קאַלענדאַר פיר דען בעצירק ביאַליסטאַק", 1944, לאַנדראַט, ד״ר בריקס: „די מעגליכקייטען אים בעצירק ביאַליסטאָק", ז׳ 29.

קע 20) ; געטאָן האָט ער דאָס, ווײַל ער האָט געהערט צו די „געשמירטע דײַטשן", ד"ה, צו די, וואָס לאָזן זיך אונטערקויפן 21).

אַזוי אַרום איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אומכיין און באַזײַטיקט געוואָרן. זײַן אָרט האָט פאַרנומען ד"ר שווענדאָוויוס, דער אויבער־ביר־גערמײַסטער פון דער דײַטשישער שטאָט אינסטערבורג און דער קרײַז־לייטער פון נ.ס.ד.א.פּ. אין דער זעלביקער שטאָט 22) ; שווענדאָוויוס איז זיך באַגאַנגען מיט די ייִדן מיט דער פולער האַרטקייט און אַכזאָריעס, אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט צו רויבן און זיך איזדעקעווען ; ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַ ריי אַפּערעס אינאיינעם מיט פינצטערע פאַר־שוינען אין געטאָ און זיך קוים אויסגעפּלאָנטערט 23). אַ פאַרפלאָנ־טערטער אין פאַרשיידענע קרימינעלע מאַכינאַציעס איז ער אויך סאָף־קאָל־סוף באַזײַטיקט געוואָרן דורך זײַנע מוישלים 24). דעם אויי־בער־בירגערמײַסטער, וועלכער איז געווען שטאָט־קאָמיסאַר פאַר דער שטאָט ביאַליסטאָק, האָט די ציוויל־פאַרוואַלטונג, דאָס הייסט — ד"ר בריקס געהאַט אָנפאַרטרויט די דירעקטע אַפּעטראָפּסעס איבערן געטאָ. די דאָזיקע „האַשגאָכע" האָט דער קרײַז־קאָמיסאַר דורכגעפירט דורך דער א. ג. געטאָ־פאַרוואַלטונג וועלכע האָט געהאַט ביז נאָוועמבער 1942 צו זאָגן איבער אַלע געטאָ־איניאָנים און בעיִקער זיך פאַרנומען מיט דער פראָדוקציע פון די געטאָ־פאַבריקן. דאָס איז געווען אַן ענלעכע סי־טואַציע ווי אין לאָדזש. די דאָזיקע געטאָ־פאַרוואַלטונג באַם קרײַז־קאָ־מיסאַר האָט געשפּילט אַ באַזונדערע ראָל אינעם פאַרוויגן די ייִדן אין דער פאַרפירערישער האָפענונג, אַז זיי וועלן אויסדויערן, אויב זיי וועלן בעסער אַרבעטן.

דער צווייטער קאַנאַל, דורך וועלכן די ציוויל־פאַרוואַלטונג האָט דורכגעפירט אירע גזיירעס לעגאַבע דעם געטאָ, איז געווען די אָרדנונגס־פּאָליציי מיט איר קאָמאַנדיר פּאָליציי־פּרעזידענט ס.א.־בריגאַדע־פירער אויגען דאָרש בעראָש 25). צו זײַן פולן טיטל איז צוגע־

20) נ"א פון ט. ציטראָן, אַרכ' ייה"א, פּראָט. נ' 1755, ריגערט איז געווען אַ ברודער פון אַן אַרטיקן דײַטש, און דורך דאָנען זײַנען געגאַנגען די פאַרבינדונגען מיט ייִדן.
21) אינפ' פון פּ. בורשטיין.
22) מאַכאָל, נ' 4, ז' 12.
23) איניען זעליקאָוויטש — וועגן דעם ווײַטער.
24) שווענדאָוויוס זאָל האָבן אומגעקומען אין יאָר 1944 אויפן מיזרעך־פראָנט.
25) מאַכאָל — ענטפּעך אויפן מעכאַבערס אַנקעטע.

קומען נאָך איין נאָמען — „הערר דער אָרדנונגס־פּאָליציי". דער דאָזי־קער דאָרש האָט ביז נאָוועמבער 1942 געהאַט די גאַנצע פּאָליציייִשע שליטע איבער די ביאַליסטאָקער ייִדן. ווי עס גיט איבער אַן אייד רײַע, איז דאָס געווען אַן אַלטער מיזרעך־פּרײַסישער יונקער, אַן איבער זעכ־ציקיעריקער, אַ הויכער און דאַרער, מיט אַ „האַדרעס פּאָנעם", גערעדט האָט ער לאַנגזאַם און קיינמאָל נישט בייז, קיינמאָל זיך נישט געהיצט, מײַסע אַריסטאָקראַט, וואָס קען זײַן אייגענעם ווערט, קיינמאָל נישט גערעדט צו ייִדן מיט באַליידיקנדיקע ווערטער, ס'ראָוו פּער „איר" און „זי". אָבער אונטער דער דזשענטלמענישער הויט האָט זיך באַהאַלטן אַ באַנדיט; רויִק און געלאַסן האָט ער אונטערגעשריבן אַלע גזיירעס און געוועבט די נעץ פאַרן קאָרבן, פאַר זײַן טראַגישן סאָף. נישט געקוקט אַף זײַן גאַנצער „דיסטינגירטקייט" האָט דאָרש אויסגעפירט די ליניע פון נ.ס.ד.א.פּ. און פון דער רעגירונג מיט אַלע פּיטשעווקעס 26).

געהאַט האָט ער עטלעכע פּאַרטרעטער, וועלכע האָבן — איטלע־כער אַף זײַן געביט — געהאָלפן וועבן די שטריק, וואָס איז אַרויפגע־וואָרפן געוואָרן אַפן האַלדז פונעם ייִד. עס האָבן צו זיי געהערט: דער קאָמאַנדיר פון שופּאָ (שוץ־פּאָליציי) מאַיאָר שוואלם און זײַן מיט־אַרבעטער דער הויפּטמאַן קאַפּיטאַן שימאַנסקי, וועלכער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין באַרויבן ייִדן און איינצײַטיק זיי געהאָלפן באַם אַרויסגעבן פאַלשע דאָקומענטן און צײַגענישן — ער האָט דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן 27); דער אָנפירער פון דער זשאַנדאַרמעריע וועל־כער האָט געהאַט אין איר רעשוס די ביאַליסטאָקער פּראָווינץ, אָבערסט (פּאָלקאָווניק) הירשפעלד און זײַן מיטאַרבעטער מאַיאָר לימפּערט — און אַנדערע. ווען דאָרש איז אַוועק פון זײַן אַמט, איז אַף זײַן אָרט באַשטימט געוואָרן דער זשאַנדאַרמעריע־אָבערסט פאָן ברעדאָוו 28). פאָן ברע־דאָוו איז געקומען פון אָקופּירטן זשיטאָמיר, ווו ער האָט געאַרבעט אַ צײַט צוזאַמען מיטן גענעראַל העללוויג, וועגן וועלכן עס וועט זײַן אַ רייד שפּעטער 29). באַוואָפנט מיט דער בלוטיקער דערפאַרונג פון

---

26) ג"א פון ב. שאַצמאַן (מעכאַבערס אַרכ').

27) קאַט — ז' 35. מאַכאַל און פרידעל גיבן אויך איבער דעם פאַקט, אבער זיי געדענקען נישט דעם נאָמען שימאַנסקי.

28) מאַכאַל — דאַרטן.

29) מאַכאַל: „אַנטוויקלונג" אאַז"וו, ז' 43.

אָקופּירטן אוקראַינע, זײַנען זיי — אַפּאַנים לויט קאָכס רעקאָמענדאַציע — אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אין ביאַליסטאָקער באַצירק, ווו עס האָט די היטלעריסטן אין יאָר 1943 גענומען ברענען דער באָדן אונטער די פיס.

פון צווישן דעם אָנפירנדיקן פּערסאָנאַל פון דער ציוויל־פּאַרוואַלטונג אין קעדאַי אויסצורעכענען נאָך עטלעכע נעמען, מיט וועלכע עס זײַנען פאַרבונדן די אויסראַטונג, אוסנוצונג און דערנידעריקונג פון דעם ייִד. מיטן פּרעזידיאַלן ביוראָ פון דעם שעף פון דער ציוויל־באַפעלקערונג האָט געקערעוועט דער רעגירונגס־אַמטסמאַן קליין, איינער פון די „גע־שמירטע דײַטשן״; מיט דיווירטשאַפטלעכע איניאַנים — אָבעררעגי־רונגסראַט ד״ר ליפּקע; מיט די דערנערונגן־פראַגן — רעגירונגסראַט ד״ר שעער און מיט די צוגערויבטע ייִדישע אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס — רעכטסאַנוואַלט ד״ר געגינאַט, אַ שוואָגער פון ד״ר בריקס, ד״ר גע־גינאַט איז געווען לייטער פון דער טרויהאַנד־שטעללע אין ביאַליסטאָק און האָט אינאיינעם מיטן שוואָגער געמאַכט גרויסע געשעפטן און אַ פאַרמעגן. נישט קיין קלענערע געשעפטן האָט געמאַכט דער לייטער פון אינדוסטריע־אַמט בײַ דער ציוויל־פאַרוואַלטונג צימערמאַן, אַ געניטער סויכער, אַ בלאָטער יונג, וואָס האָט געמאַכט מיט ייִדן קאָלערליי מאסע מאטנס, אויסנוצנדיק זייער טראַגישע לאַגע 30).

אָט די אַלע באַאַמטע פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג האָבן, איטלע־כער אַף זײַן אָפּשניט, מיט אייפער פאַרווירקלעכט די אַנטי־ייִדישע פּאָ־ליטיק. די דאָזיקע ציווילע באַאַמטע האָבן עס באַרויבט די ייִדן פון דערנערונג, באַהייצונג, וווין־שעטעך, אומבאַוועגלעכע און באַוועגלעכע גיטער. אַ באַפולמעכטיקער דורך זיי האָט דער שעף פון דער ביאַליסטאָ־קער פּראָדוקציע ריטמײַסטער פאַרפּײַניקט די געטאָ־אסורים מיט אומ־מענטשלעכער אַרבעט 31). זיי האָבן עס מיט איין פעדער־שטריך אָוועקגעשטעלט מיכוץ דעם געדער פון די, וואָס האָבן אַ רעכט צו לעבן, גאַנצע גרופּעס, טויזנטער ייִדן.

די באַאַמטע פון שלאָס האָבן אויך געהאַט אַן אײַנפלוס — פּאַראַ־לעל מיט די מענטשן־פאַרניכטער פון דער אָרדנונגס־פּאָליציי — ווען מען דאַרף פאַרשפּאַרן אין דער גרויזאַמער טפיסע, ווו עס האָט די שליטע איבערן אַרעסטאַנט באַקומען דער מערדער קנעפּעל, דער שעף

30) ג״א פון ב. שאַצמאַן.
31) דאָרטן.

פון דער ביאַליסטאָקער טורמע. דער דאָזיקער „באַלעבאַטישער" דײַטש, אַ „טעכנישער קויפמאַן" פון בערלין, האָט געהאַט אַן אויסטערלישע סאַדיסטישע נייגונג צו מאָרדן קינדער, וואָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון האָבן האַנאַע אויך פון דערהאַרגענען, אָדער פאַרפּײַניקן צום טויט דערוואַקסענע מענטשן, די אַרײַנגעשלײַדערטע קאָרבאַנעס אין די אומהיימלעכע קאַמערן און קעלערס פון זײַן מאַלכעס־טפּיסע 32).

עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז דאָס געטאָ האָט געהאַט באַזונדערע צאָרעס אויסצושטיין פון דער זיכערקייט־פּאָליציי. פירער פון ביאַליסטאָקער ס.ס. און פּאָליציי איז לעכאַטכילע געווען פּראָם, וועגן וועלכן עס זײַנען פאַראַן קאַרגע ידיעס. זינט מײַ 1943 האָט דעם דאָזיקן אַמט איבערגענומען דער בריגאַדע־פירער און פּאָליציי־גענעראַל, דער אַלטער נ.ס.ד.א.פּ.־מיטגליד און געניטער פּאָליציישער באַאַמטער אָטאָ הע ל ל־ווי ג, וועלכער איז פאַר ביאַליסטאָק געווען ס.ס. און פּאָליציי־פירער אין אַקופּירטן זשיטאָמיר.

גענערא לאָטאָ העללוויג איז אין יענער צײַט געווען אַ 50־יעריקער. פאַר זײַנעטוועגן האָבן עס געטאָ־שקלאַפן געמוזט בויען אין אַ שנעלן טעמפּאָ אַ פּאַלאַץ־דאַטשע הינטער ביאַליסטאָק, אין מאַרקאָווטשיזנע, טוענדיק די אַוואַדעס פּיערעך אין הונגער און אונטער קעסיידערדיקער נעגישעס. באַ יידן האָט גענעראַל העללוויג באַקומען דעם צונאָמען — „דער גרויסער טיראַן"; זײַנע אונטערגעאָרדנטע דײַטשישע באַאַמטע אַליין האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אכזער 33). ער האָט אַזוי פּלײַסיק געאַרבעט פאַרן היטלערישן רעזשים, אַז ער איז סאָף־קאָל־סאָף געוואָרן העכערער ס.ס. און פּאָליציי־פירער איבער מיזרעך־פּרײַסן אין קעניגסבערג. דער דירעקטער „אַפּעטראָפּעס" איבער די אַרבעט־שקלאַפן אין מאַרקאָווטשיזנע איז געווען דער ס.ס.־מאַן בלום. געג. העללוויגס רעכטע האַנט איז געווען דער ס.ס־מאַן גראַנד 34).

דעם ס. ס. און פּאָליציי־פירער איז אונטערגעלעגן די זיכערקייט־

32) דאָרטן.
33) ג"א פון אַניע ווינציגשטערן, אָרכ' ייה"א, פּראָט. נ' 1973; די ידיעס וועגן העללוויגן זײַנען אויך געשעפּט פון מאַכאַלס „אַנטוויקלונג — אַאַז"ו", טייל II, ז' 3־4 געג. העללוויג איז אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט באַ די ענגלענדער, אָבער מען הערט נישט, מען זאָל אים דאָרטן מישפּעטן.
34) דאָרטן.

פּאָליציי, וועלכע האָט די גאַנצע צײַט אָנגעטאָן דער באַפעלקערונג גע־ברענטע צאָרעס, אָבער זינט נאָוועמבער 1942 איז זי געוואָרן דער פּו־לער באַלעבאָס איבערן געטאָ. אין געטאָ האָט מען געוווּסט נאָר פון דעם אַנגסט־אָנפילנדיקן קיצער — געשטאַפּאָ. אָבער בעעמעס האָט די גע־היימע שטאַטס־פּאָליציי געבילדעט נאָך איין קעמערל פון דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון דער זיכערקייט־פּאָליציי, צו וועלכער עס האָט געהערט סײַדי געשטאַפּאָ, סײַ קריפּאָ (קרימינאַל־פּאָליציי). אין דעם לאַגער פון סוינע האָט דער דאָזיקער אָרגאַן, די זיכערקייט־פּאָליציי, אויסגעפירט די גרויזאַמסטע ראָל. די ערשטע קעמערלעך פון דער „סיפּאָ" (זיכער־קייט־פּאָליציי) זײַנען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק אין אויגוסט 1941.

די ערשטע גרופּע סיפּאָ־לײַט איז געשיקט געוואָרן פון אללענשטיין (אָלשטין), מיזרעך־פּרײַסן, אין דער צאָל פון 15־20 מאַן אונטער דער אָנפירונג פון קאָמיסאַר מאַכאָל. איר אויפגאַבע איז געווען אָוועקצו־שטעלן אַ דערוויַליקע געהיים־פּאָליציי־שטעלע אין ביאַליסטאָק. די כּעוו־רע־לײַט זײַנען געקומען ווי אויף אַ כאַסענע. מען האָט באַגאַסן דעם ערשטן אַרויספאָר און געטרונקען ווײַן לעקאָוועד דעם אויפשטעלן אַ זיכערקייט־פּאָליציי־אַמט אין ביאַליסטאָק. לעכאַטכילע האָט די ביאַליסטאָקער שור־פּאָ־שטעלע געשאַפן אַן אָפּטיילונג פון אללענשטיינער זיכערקייט־פּאָלי־ציי. אינגיכן ווערט ביאַליסטאָק „דערהויבן" צו אַ זעלבשטענדיקן באַ־צירק אויך אינעם סיסטעם פון דער דײַטשישער זיכערקייט־פּאָליציי. עס ווערן אַהער דעלעגירט אויף אַרבעט פּאַרטרויטע מענטשן, געניטע פּאָלי־צייישע הינט, פון קעניגסבערג, אללענשטיין, טילזיט און אַנדערע מיז־רעך־פּרײַסישע שטעט 35).

דער אַמט פון דער זיכערקייט־פּאָליציי — פון ביאַליסטאָקער באַ־צירק אונטערליגט אייגצײַטיק צוויי באַפעלגעבער — דעם ביאַליסטאָקער ס.ס.־ און פּאָליציי־פירער און דעם „בעפעלהאַבער" פון סיפּאָ און ס.ד. פאַר דער פּראָווינץ אָסט־פּרײַסן, דעם ד"ר קאַנאַריס.

ד"ר אי. קאַנאַריס — אַ ברודער־זון פון דעם שעף פון דײַטשישער שפּיאָנאַזש אַדמיראַל קאַנאַריס פון בערלין 36) — איז געווען פון גרויסן עס־עסישן ייִכעס („עסע־עס־שטאַנדאַרטענפירער") און האָט אָנגעפירט

35) פּריץ פרידעל: „מײַנע פאַרגעזעצטע אין ביאַליסטאָק", ענטפער אויף ד"ר ש. דאַטנערס אַנקעטע, נ' 15 (אַרכ' ייה"י).

36) מאַראַל דאַרטן.

מיט דער זיכערקייט־פּאָליציי און מיט דער זיכערקייט־דינסט איבער גאַנץ אָסט־פּרײַסן, מעמיילע האָט ער אויך געהאַט צו זאָגן איבער ביאַ־ליסטאָק. זײַן רעזידענץ איז געווען קעניגסבערג, אָבער ער איז אָפט אַראָפּגעקומען קיין ביאַליסטאָק און ער איז עס געווען איינער פון די וויכטיקסטע האַרן פון לעבן און טויט איבער די ייִדן. די געשטאַפּאָ־פּאָ־ליטיק לעגאַבע דעם ביאַליסטאָקער געטאָ איז דורכגעגאַנגען דורך אים. ער איז געווען דער, וואָס האָט פונאַנדערגעאַרבעט און פּלאַנירט צום אויספירן די גרונט־אינסטרוקציעס, וועלכע ער פלעגט באַקומען פון דער רײַכסזיכערהייטסהויפּטאַמט אין בערלין.

ד"ר קאַנאַריס איז געווען אַלט אַ יאָר פערציק 37) און האָט גע־שטאַמט פון באַלטישע באַראָנען. אַן אייד ריִע שילדערט אים ווי אַ מיִעסקייט מיט אַ קרומער נאָז, ברילן אַף איר שפּיץ און קרומע פיס 38). דער דאָזיקער יונקער, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם שלאָס אין מיזרעך־פּרײַסן, האָט געקאָנט די קונסט פון טראָגן אַ מאַסקע פון אַ רוידעף־שאָלעמניק, זײַענדיק אין טאָך איינער פון די עקלדיקסטע וואַמ־פּירן פון הימלערס שטאַב. מיט זײַנע זיסע ריידעלעך האָט ער זיך גע־קאָנט אײַנקויפן אין ייִכעס ווי אַ מענטש מיט פּרינציפּן פון ערלעכקייט און פון אַכטונג פאַר אַרבעט. זײַענדיק אָפט אין ביאַליסטאָק, האָט ער באַזוכט דעם ייִדישן וווינ־ראַיאָן און זיך בעייס־מײַסע אויסגעדריקט מיט אַנטציקונג וועגן די אויפטוען פון דער געטאָ־אינדוסטריע. דער יודענ־ראַט האָט זיך און אַנדערע אײַנגערעדט, אַז „ד"ר קאַנאַריס איז אונ־דזער פרײַנט". אָבער שוין דעמאָלט זײַנען די הענט פון דעם דאָזיקן יונקער געווען אײַנגעשמירט אין אומשולדיק מענטשלעך בלוט. ד"ר קאַ־נאַריס איז געווען דער הויפּט־מערדער — אײנאײנעם מיטן גאולייטער און רײַכס־קאָמיסאַר עריק קאָך — פון הונדערטער טויזנטער ייִדן אין די אָקופּירטע געביטן 39). ער האָט אייגנצײַטיק מוירעדיק עקספּלאָאַטירט ייִדישע אַרבעט — קעדיי זיך אויפצובויען אַ לוקסוס־ווילע הינטער

---

37) ענטפער פון קריגס־פאַרברעכער פריץ פרידעל אַף מעכאַבערס אַנקעטע פון 20טן מערץ 1949.

38) ג"א פון זאַלמען קאַלעשניקאָוו (מעכאַבערס אַרכ'), וועלכער האָט באַנאַנד מיט נאָך ייִדן אַרבעט־שקלאַפן געבויט פאַר ד"ר קאַנאַריסן און זײַן מיש־פּאָכע אַ בונקער קעגן לופט־אַנגריפן אין קעניגסבערג.

39) דאָרטן.

קנישין, האָט ד״ר קאַנאַריס פאַרלאַנגט ייִדישע באַלמעלאָכעס 40). ער איז געווען גיריק נאָך בלוט און גיריק נאָך געלט. ייִדישע אַרבעט איז געווען אומזיסט. מיט דער זעלבער האַנט, מיט וועלכער ער האָט אונטערגעשריבן די ווענדונג וועגן שיקן אים ייִדישע אַרבעטער, האָט ער אונטערגעכאַסמעט דעם גורל פון גאַנצע ייִדישע קעהילעס, שיקנדיק זיי קאַלטבלוטיק צום טויט.

אינעם „אָפּרייניקן" פון ייִדן ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד, ווײַסרוסלאַנד און ביאַליסטאָק מיט איר אומגעגנט, האָט ד״ר קאַנאַריס אַ גרויסן כיילעק. נישט קיין קליינעם אָנטייל האָבן אין דעם זײַנע באַהעלפער קרימינאַל־ראַט אַלבערט 41) און דער שטענדיקער שטעלפאַרטרעטער און נאָענטסטער מיטאַרבעטער פרייטאַג; דער דאָזיקער געהילף האָט זיך פון זײַן שעף אָפּגעלערנט די קונץ פון זיסע רייד און מערדערישע מײַסים 42).

קאַנאַריסן כאַראַקטעריזירט וואַלדעמאַר מאַכאַל ווי אַ ריקזיכטלאָזן מענטש, אַן אַנטיפּאַטישן; קאַנאַריס האָט זיך צוממערסטן אַנגאַזשירט אין באַקעמפן פּאַרטיזאַנישע און ביכלאַל ווידערשטאַנד־באַוועגונג און פּערזענלעך אָרגאַניזירט שטראָף־עקספּעדיציעס. לויט מאַכאַלן האָט ד״ר קאַנאַריס געהאַט אַ גרויסן אײַנפלוס אָף דער ביאַליסטאָקער זיכערקייט־פּאָליציי. *)

פרייטאַג, וועלכער האָט אָפּט באַזוכט ביאַליסטאָק, האָט זיך אַליין נישט פאַרנומען מיט אַלע „קלייניקייטן", וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די געטאָ־איניאָנים. ער האָט זיך צוגערירט צו די ייִדישע פראַגן נאָר דעמאָלט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּרינציפּיעלע איניאָנים, וועגן גרויסע זאַכן, אָדער, ווי די דײַטשישע דאָקומענטן רופן עס אָן, „גרויסצוגיקע אַקציעס". די טאָג־טעגלעכע אָנפירערישע אַרבעט אָפּן אָרט זײַנען געלעגן אָפּן קאָמאַנדער פון דער ביאַליסטאָקער זיכערקייט־פּאָליציי, ס.ד.־רעגירונג־ראַט און ס.ס.־שטורמבאַנפירער מאַיאָר ד״ר ווילהעלם

40) ג״א פון יעכעזקל פּענדזוּך, אַרכ׳ ייה״א, נ׳ 2264.

41) פרידעל — דאָרטן. מאַכאַל, דאָרטן, ז׳ 13.

42) ג״א פון ז. קאַלעשניקאָוו.

*) קאַנאַרים איז געכאַפּט געוואָרן. עס האָבן אים געכאַפּט די אַמעריקאַקאַנער און אַרויסגעגעבן נישט צו פּוילן נאָר צו בעלגיע, ווו ער איז אויך אַ געוויסע צײַט געווען טעטיק אין דער אָקופּאַציע־צײַט (מאַכאַל, דאָרטן, ז׳ 11). אין יאָר 1952 האָט מען אים געמישפּעט אין בעלגיע און פאַראורטיילט בלויז אָף עטלעכע יאָר טפיסע.

אלטענלאָה, וועלכער האָט אָבער געהאַט אַ דירעקטן קאָנטאַקט אויך מיט בערלין, מיט דעם רײַכסזיכערהייטסהויפּטאַמט. צווישן בערלין און ד״ר אלטענלאָה האָט נאָרמאַל קורסירט אַ פאַרבינדונג־אָפּיציר, דער עס־עס־הויפּטשטורמפירער — ערדבריגגער 43).

אַלטענלאָה איז געווען אַ טיפּ פון אַ יעזויט — אַן אײַנגעהויקער־טער, מיט אַ בלאַס פּאָנעם, אַן אויסגעבילדעטער, אָבער אין סאַמע טאָך אַ שלעכטער מענטש מיט אַ נייגונג צו רישעס. אַזוי כאַראַקטעריזירט אים אַן אייד ריזע 44). עס איז שווער געווען אָפּצושאַצן זײַן עלטער — לויט די רייד פון זײַנע מיטאַרבעטער האָט ער דעמאָלט געדאַרפט אַלט־זײַן אַ יאָר פינף־און דרײַסיק 45) ; לויט דעם אײַנדרוק פון דעם ייִדישן אייד ריזע — האָט ער געדאַרפט האָבן אַ יאָר פופציק 46). געקומען איז ער קיין ביאַליסטאָק מיט אַ „סטאַזש״ — געאַרבעט אין דעם רײַכסזי־כערהייטסהויפּטאַמט אין בערלין, דערנאָך געווען פּאָליציי־לייטער אין אללענשטיין. אַ רעכט־דאָקטאָר, איז ער געווען אויסגעבונדן אין אַלע יר־רידישע דריידלעך.

ער האָט געשאַפן דעם ייִדישן אָפּטייל באַ דער ביאַליסטאָקער געש־טאַפּאָ, איבער וועלכער ער איז געווען הויפּט־באַלעבאָס. ד״ר אלטענלאָה האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון „דריטן רײַך״ און פלעגט זיך אַרויסזאָגן פאַר אויסנוצן די ייִדישע אַרבעט־קראַפט לעטויוועס דער דייטשישער מילכאָמע־אינדוסטריע, אונטער־שטרײַכנדיק דערבײַ, אַז דאָס הייסט נישט, אַז ייִדן דאַרפן געשוינט ווערן, נאָר אַז עס נייטיקט זיך אַ שטופנווײַזע פאַרטיליקונג פון ייִדישן זערע. די רעאַליזירונג פון דער דאָזיקער פּאָליטיק פון אויסנוצן און בע־האַדראָגעדיקער פאַרניכטונג האָט ד״ר אַלטענלאָה צוגעזען פערזענלעך. ער האָט אָפּט געפאָדערט פון זײַנע מיטאַרבעטער, מען זאָל אים דערלאַנ־גען גענויע באַריכטן פון די לויפנדיקע ייִדישע איניאָנים און אין אַלע וויכטיקערע פראַגן האָט ער אַליין דעצידירט 47). ד״ר אלטענלאָה איז

43) פרידעל — דאָרטן.

44) ג״א פון ב. שאַצמאַן.

45) פרידעל — דאָרטן.

46) ג״ע פון ב. שאַצמאַן.

47) פרידעל — דאָרטן.

איינצײַטיק געווען שטענדיקער פאָרזיצער פון דעם שטאַנד־געריכט בײַ דער זיכערקייט־פּאָליציי.

נאָכן פאַרלאָזן דעם אַמט דורך ד״ר אַלטענלאָה *) איז אויף זײַן אָרט געקומען ד״ר ציממערמאַן — אַן אָפּשטאַמיקער פון ברעמען; ער האָט געהאַט פאַר די דײַטשן אַ ספּעציעלע פאַרדינסט באַם באַקעמפן די פאַר־טיזאַנער.

ד״ר ציממערמאַנס פאַרטרעטער איז געווען ד״ר שלעגעל.

דער אַמט פון דער זיכערקייט־פּאָליציי און ס.ד. האָט זיך געטיילט אויף אַ ריי אָפּטיילן. מיט דער ס.ד. האָבן אָנגעפירט אַלפאָנס שמידט פון ברעמען און נאָך איין דײַטש מיט אַ „סעמיטישן פּאָנעם״ —לאַנדויער; עס זײַנען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז ער שטאַמט פון געשמאַדטע יידן 48). נישט איין אומשולדיקער ייד, פּאָליאַק אָדער ווײַסרוס, אויף וועלכן עס איז אויסגעטראַכט געוואָרן אַ בילבל פון שפּיאָנאַזש, איז דורך לאַנדויערן און זײַנע מענטשן פאַרפּײַניקט געוואָרן צום טויט.

דער פערטער אָפּטייל פון דער זיכערקייט־פּאָליציי איז געווען די גרויזאַמע געשטאַפּאָ.

דער דאָזיקער אָרגאַן, וואָס בלויז זײַן נאָמען האָט געזייט שרעק און פּאַניק, האָט זיך אויסגעקליבן זײַן „נעסט״ דאַווקע האַרט נעבן געטאָ, אין דער סאַמע נאָענסטע שכיינים. אויף עריק־קאָך־גאַס 15. די געשטאַ־פּאָ האָט פאַרנומען דאָס הויז, ווו עס האָט זיך אַמאָל געפונען אַסטראָוו־סקיס פּאָפּולערער רעסטאָראַן, באַם עק פון געסל, וואָס איז שוין אַרײַן אין טכום פון דעם איזאָלירטן יידן־ראַיאָן. אַזוי אַרום האָט דער געשטאַפּאָ געהאַט, אַזוי צו זאָגן, שטענדיק דאָס געטאָ אונטערן סאַמע נאָז. דאָ אין אָט דעם ביניען, איז געגרייט געוואָרן די פּעטליע פאַר די יידן. דאָ האָט אין דער לופט קעסיידער געשוועבט די אויפגאַבע, וועלכע עס האָט אויף דער ערשטער קעניגסבערגער קאָנפערענץ מיט די געשטאַפּאָ־באַאַמ־טע, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן קיין ביאַליסטאָק, געשטעלט ער אַליין, דער רײַכספירער הימלער: „ביאַליסטאָק יודענרײַן!״ 49).

---

*) מען האָט אים אַריבערגעפירט קיין פּאַריז. עס איז נישט געלונגען אים צו כאַפּן.

48) ג״ע פון ב. שאַצמאַן.

49) באַלד נאָך דער לעצטער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ זאָל האָבן פאָרגעקומען אין קעניגסבערגער געשטאַפּאָ־צענטראַלע אַ קאָנפערענץ מיט הימלערס אָנטייל. דער ערשטער פּונקט פון דער טאָג־אָרדענונג איז געווען:

לייטער פון געשטאַפּאָ, אָדער — ווי מ'האָט עס גערופן אין פּאָכ־מעניש־שפּיקישע קרייזן „אָפּטיילונג 4" — איז געווען דער קרימינאַל־ראַט און ס.ס.־הויפּטשטורמפירער לאָטאר היימבאך.

דאָס איז געווען אַ פערציק־יעריקער הויכגעוויקסיקער מאַן, וואָס האָט זיך באַמיט נאָכצומאַכן דעם „פירער" און זיך געקעמט די האָר אַלאַ היט־לער. זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער כאַראַקטעריזירן אים ווי זייער אַן ענערגישן און אַ גרויסהאַלטער, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין שום קעגנ־שטעלן זיך; ער האָט זייער אָסאַך צייט געווידמעט די געטאָ־איניאַנים, אָבער אַלע גרעסערע זאַכן נישט דעצידירט אָן פּריערדיקן באַראַטן זיך מיטן שעף — מיטן קאָמאַנדער ד"ר אַלטענלאָה 50). גרויסהאַלטעריש און ריקזיכטלאָז לעגאַבע קלענערע פון זיך, איז ער געווען „נידעריקער פון גראָז" אַקעגן שטאַרקערע און העכערע לויט דער ראַנג 51).

היימבאַך האָט זיך אָפּט פּערזענלעך פאַרנומען מיט אויספאָרשן אַרעסטירטע. דאָ איז ער דערשינען אין זיין פולער „פּראַכט"; ער האָט זיך בעיים אויספאָרשונגען אויסגעצייכנט מיט אויסערגעוויינלעכער ראַ־פינירטקייט; זיינע אינקוויזיטאָריש־טעראָריסטישע מעטאָדן האָבן גע־האַט אַ שעם אין דער געגנט 52).

די „אָפּטיילונג 4" האָט זיך געטיילט אָף רעפעראַטן:

**א 4.** — קאַמף קעגן קאָמוניזם און קעגן דער פּוילישער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג; מיט דעם רעפעראַט האָבן אָנגעפירט דער ספּעץ אָף קאָמוניזם אָבערשטורמפירער אַלפרעד קעניג פון האַנאָווער און דער מומכע אין פּוילישע איניאַנים הויפּטשטורמפירער וולאַדעמאַר מאַכאַל וועלמאַטשפּולאָווסקי, וועלכער איז אָפּט געווען היימבאַכטס אַלגעמיינער פאַרטרעטער. דאָס איז געווען אַן עטלעכע און פערציק יעריקער אינטעלי־געגנטער דייטש פון קיסטרין; אַן אַלטער פּאָליצײ־באַאַמטער און אַ יונ־גער מיטגליד פון נ.ס.ד.א.פּ.; קיין ביאַליסטאָק איז ער אָנגעקומען שוין

„ביאַליסטאָק יודענריין און די פאָלגן" (לויט נ"א פון זאַלמען קאַלעשני־קאָוו, וועלכער האָט געאַרבעט אין דאָרטיקן געשטאַפּאָ־לאָקאַל ווי אַ שוואַרץ־אַרבעטער און האָט אָפּן טאָוול געזען די טאָג־אָרדענונג).

50) פרידעל — דאָרטן.

51) מאַכאַל — דאָרטן, ז' 8.

52) נ"א פון ב. שאַצמאַן; ווי עס גיט איבער מאַכאַל, איז היימבאַך פון ביאַ־ליסטאָק איבערגעפירט געוואָרן קיין בעלגראַד.

מיט אַ היפשן רעצייעך־סטאַזש. אין דעצעמבער 1939 האָט ער אָנגעפירט אין סוואַלקער געגנט מיט אַ „זאָנדער־אַקציאָן", מיט אַ שטראָף־עקספּע־דיציע קעגן פּוילישן ווידערשטאַנד, זייענדיק אין דער געגנט פּאַרניכ־טונג און מאָרד. אין ביאַליסטאָק האָט מען זיך שנעל אָפּ אים דער־קענט — די באַפעלקערונג האָט אים אַ נאָמען געגעבן „דער קאַט פון ביאַליסטאָק". אין די יאָרן 1942־1943 האָט ער אין פּאַציפיקאַציעס פון אַרומיקע דערפער אומגעבראַכט העכער 3.000 פּויערים, געלאָזט מי־טן רויך 18 דערפער און זיך באַזונדערס איזדיעקעוועט איבער פּוילישער אינטעליגענץ. ער האָט אָפּ זײַן געוויסן טויזנטער ייִדן פון ביאַליסטאָקער געגענט, יאַגוסטאָווע, סקידל, גראָבוווקע א"אָ. ער האָט עס געצוווּנגען ייִדן אויסגראָבן די פאַרפוילטע גופים פון די פריִערדיקע טויזנטער האַרו־גים און עס פאַרברענען; דערנאָך האָט ער אויסגעשאָסן די לעבן־געבלי־בענע. מאַכאַל איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער געשטאַפּאָ־איינהײַט צו ספּעציעלע צוועקן, פון דער א. ג. „זאָנדערקאָמאַנדאָ 1005" 53).

די הענט פון זײַנע נאָענטסטע מיטאַרבעטער אין דעם רעפעראַט א 4 פון געשטאַפּאָ זײַנען אויך באַשפּריצט מיט בלוט. דאָס זײַנען די קרימינאַל־סעקרעטאַרן — קאַרל פישער פון אַלדענבערג, מאַראַש פון טילזיט און פאָן גלינסקי. אין דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ 1005" האָבן מיט מאַכאַלן מיטגעאַרבעט אָבערלייטענאַנט קאָזיאָן, זשאַנדאַרמעריע־מײַסטער באָוצקע, הויפּטוואַכמײַסטער דאַוויד, מאַריענפעלד, גדאַנסקי, בראַוו, דיעמעל 54).

אין שכײַנעס מיטן רעפעראַט א 4 האָט זיך געפונען דער רעפעראַט ב 4 פון געשטאַפּאָ — דאָס איז געווען דער ייִדן־רעפעראַט, וואָס אין זײַן שפּיץ איז געשטאַנען „די בעסטיע פרידל" — דאָס איז דאָס צונע־מעניש, וואָס די ייִדן האָבן צוגעקלעבט צום 52־יאָריקן קרימינאַל־אינס־

---

53) לויטן באַשולדיקונגס־אַקט פון וואַלדעמאַר מאַכאַלס פּראָצעס אין ביאַליס־טאָק, דעם 10טן מערץ 1949. לויטן אורטייל פון פּוילישן געריכט אין ביאַליסטאָק איז מאַכאַל פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן. אויך: ג"א פון שימען עמיאַל אַרכ' ייה"א פּראָט. נ' 21.

54) פרידעל — ענטפער אַף דאַטנערס אַנקעטע. אויך: מאַכאַלס „אַנטוויק־לונג" — אאַז"ו.

פעקטאָר פריץ גוסטאַוו פרידעל, וועלכער איז געווען דער דירעקטער געשטאַפּאָ־באַלעבאָס איבערן געטאָ.

געווען איז דאָס אַן אַמאָליקער סוביעקט באַ אַ סויכער; אין מיס־כער האָט ער, ווײַזט אויס, נישט געקאָנט ברייט צעשפּרייטן די פליגל, איז ער אַוועק אַרבעטן אין פּאָליציי. ווען ער איז אָנגעקומען פון אַללענ־שטיין קיין ביאַליסטאָק, האָט ער שוין געהאַט הינטער זיך אַ סטאַזש פון 22 יאָר פּאָליציייִשער דערפאַרונג.

פרידעל איז געווען דער ערשטער און דער לעצטער פירער פון דעם ייִדן־רעפעראַט אַף עריק־קאָך־גאַס 15. ער האָט — אינאיינעם מיט זײַנע שעפן ד״ר אַלטענלאָה און היימבאַך — אָרגאַניזירט דעם ייִדן־רעפע־ראַט, וועלכער איז דורך אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוואַל פון קאָלערליי פּוראַניעס און נעגישעס פאַר ייִדן.

יעדן טאָג האָט דער עלטסטער פון יודענראַט עפראַים באַראַש זיך געמוזט מעלדן צו פרידעלן און איבערגעבן ביז די דינסטע פּראַטים וועגן אַלץ און אַלעם, וואָס געשעט אין געטאָ. מיט וויכטיקערע פראַגן זײַנען זיי געגאַנגען צו היימבאַכן. גאָר וויכטיקע זײַנען דורך פרידעלן ראַפּאָר־טירט געוואָרן ד״ר אַלטערלאָהן אַליין 55).

דאַקעגן די איניאַנים פון דער אָרדנונגס־דינסט פון געטאָ האָבן גע־הערט צו היימבאַכן, צו וועלכן מאַרקוס, דער קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער פּאָליציי, האָט געהאַט אַ צוטריט 56).

פרידעל האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אַן עמעסע בעסטיע נישט בלויז אין גאַס, בענעגייע דעם איינפאַכן ייִד. ער האָט זיך אויך איזדיעקעוועט איבער באַראַשן — נישט איינמאָל איז דער לעצטער אַוועק פון אים מיט אַ ריסוק אייוורים 57). דאָס האָט נישט געשטערט פרידעלן צו לויבן בעפאַרעסיע באַראַשן ווי אַ „בראַווען יודע״ און אַפילע ווי ...„מענטש״ 58).

צו די אויפגאַבעס, וועלכע עס האָבן אים אָנפאַרטרויט אַלטענלאָה און היימבאַך, איז פרידעל צוגעגאַנגען מיט דער פולער פרינציפּיעלקייט פון היטלערס קאַראַן. דער געשטאַפּאָ־קאָמענדאַנט פון געטאָ מיט די גראָ־

55) פרידעל — דארטן.
56) דארטן.
57) פייסעד קאפלאן: „דער יידנראט אין ביאליסטאק״, ארכו יזה״א, נ׳ 46־65.
58) פרידעל ענטפער אף דעם מעכאבערס אנקעטע.

בע, סאַדיסטישע ליפּן און באַנדיטישן געזיכט, האָט זעלטן ווען אַ ייִד געזידלט מיט באַליידיקנדיקע ווערטער, פּאַרקערט — ער האָט די ייִדן נישט געדוצט, ווי אַנדערע היטלעריסטן האָבן עס געטאָן, נאָר זיי גע־אירצט; געשמיסן האָט ער די קאָרבאָנעס נישט מיטן מויל, נאָר מיט אַ שאַרפער נאַהייקע און אַליין נישט בלויז באַאַרבעט קאָנקרעט דעם פּלאַן פון דער ליקווידאַציע פון די ייִדן פון ביאַליסטאָקער געגנט און דעם ערשטן געירעש פון ביאַליסטאָק גופא, נאָר פערזענלעך אָנגעפירט מיט די כאַפּערײַען. „דאָס איז — האָט ער אָפט געזאָגט — נישט קיין זאַך פון מײַן כאַראַקטער, נאָר אַ פראַגע פון פּאָליטישן פּרינציפּ״. אין די אי־נערלעכע דיסקוסיעס אינעם סוינעס לאַגער וועגן דעם, צי מען דאַרף גלײַך ליקווידירן די ייִדן, אָדער אויסנוצן זייער אַרבעט און שטופּנווײַז שיקן צום טויט, איז פרידעל שטענדיק געשטאַנען אויף דער זײַט פון דעם „ריינסטן״ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פּרינציפּ — ליקווידירן אָן שום אָפּלייגעניש א58).

אָן שום קווענקלעניש האָט פרידעל „אויסגעפירט זײַנע פליכטן״ בעייס די עקזעקוציעס איבער ייִדן סײַ אין דער „נאָרמאַלער״ געטאָ־צײַט, סײַ בעייסן ווידערשטאַנד.

כוץ מיט ייִדישע איניאַנים האָט פרידעל אָנגעפירט מיט די פראַגן פון קירכעס, קאָנצלאַגערן א״א 59).

פרידעלס אָפּאָנענט איז אָפט געווען דער רעפעראַט־מיטאַרבעטער פאַר אַרבעט־ און ווירטשאַפט־פראַגן פון געטאָ געהאַרדט קליין, וועלכן עס האָט זײַט נאָוועמבער 1942 אונטערגעלעגן די געטאָ־פאַרוואַלטונג 60).

צוליב מילכאָמע־ווירטשאַפטלעכע מאָטיוון און עפשער נאָכמער מאַכמעס דעם אייגענעם קעשענע־אינטערעס איז קליין געווען פאַראינטערעסירט אין לאָזן לעבן אַ געוויסע גרופּע ייִדישע אַרבעט־ספּעציאַליסטן און אויסנו־צן זייער שקלאַפן־האַרעוואַניע. איבעריקנס, האָט נישט ער דעצידירט

---

א58) נ״א פון ב. שאַצמאַן.

59) פריץ פרידעל איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער דעמאָ־קראַטישער יוסטיץ און איז דורכן געריכט אין ביאַליסטאָק פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט.

60) מאַבאַל, דאָרטן, ז׳ 11.

וועגן דעם. דער יודענראַט האָט טייקעף געשאַפן אַרום קליינען אַ לעגענ־דע, אַז ער איז אַ גוטער דײַטש. נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע, וועלכע איז פּראַקטיש אָנגעפירט געוואָרן דורך פרידעלן, האָט די געסטאַפּאָ באַ־שטימט פאַרן באַלעבאָס איבערן געטאָ קליינען. עס האָט זיך גאָך דער־מאָלט געפאָדערט ייִדישע אַרבעט. אָבער דער „גוטער" קליין האָט אַזוי געפירט מיטן געטאָ, אַז ער האָט אײַנגעשלעפּערט דעם אומרו און די וואַכזאַמקייט פון גרויסע טיילן ייִדן, און ער טראָגט דעריבער אויך אַ גע־וויסן כיילעק פון דער שולד פאַרן פאַרטיליקן די ביאַליסטאָקער איידע, שוין אָפּגערעדט פון דער פלינדערײַ, וואָס איז געווען די אַוודע פון דעם ווירטשאַפט־לייטער קליין.

דאָס איז געווען אַ 30יעריקער באַאַמטער פון שוץ־פּאָליציי, וועל־כער איז אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אַף אַרבעט אין געשטאַפּאָ. ער האָט גע־שטאַמט פון בערלין און איז פון פאַך געווען אַ מוזיקאַנט אין אַ נאַכט־לאָקאַל. טאָמיד שיקער, ער האָט געשאָטן מיט ייִדישע ווערטלעך. אין טאָך איז דאָס געווען אַ באַנדיט, וואָס האָט באַ יענעם געקאָנט אַרויס־נעמען די נעשאָמע און דערנאָך דערהאַרגענען 61). טענענבוים־טאמאראָף כאַראַקטעריזירט זײַן באַציִונג צו ייִדן מיט זײַנע, קליינס אייגענע ווערטער: „מיר וועלן שטענדיק באַווײַזן צו ליקווידירן די ייִדן אין ביאַליסטאָק, אַפילע דעם לעצטן טאָג: דערווײַל זאָלן זיי אַרבעטן פאַר אונדז" 62), און ער האָט געהאַלטן וואָרט — אין דער ענדגיליטיקער ליקווידאַציע האָט דער „גוטער" קליין גענומען אַ גאַנץ טיכטיקן אָנטייל. קליין האָט געהערט צו יענע דײַטשן, וועלכע האָבן געטײַנעט: „אויב מיר וועלן פאַרשפּילן 12 אַזייגער, וועלן מיר 5 מינוט פאַר 12 אויסמאָרדן די ייִדן ביז איינעם 63).

אין פרידעלס ייִדן־רעפעראַט זײַנען אויך געווען באַשעפטיקט די „זאכבעאַרבייטער", די ספּעצן שמידט און דער 28יעריקער ריכארד די־בוס. אָפּן לעצטן איז קעדאַי זיך אַביסל אָפּצושטעלן.

ווען דער אָבערשטורמפירער דיבוס איז אָנגעקומען אַף זײַן אַמט אין ביאַליסטאָק, איז ער שוין געווען באַדעקט מיט „שלאַכט־רום"; ער

61) ג"א פון ב. שאַצמאַן.
62) טענענבוים, אַרכ' ייה"א נ' (46־49).
63) ג"א פון ב. שאַצמאַן.

האָט, נעמלעך, אין סוואַלק אַנגעפירט מיטן דערמאָרדן דרײַ טויזנט ייִדן און דערבײַ אַליין געוויזן די דײַטשישע סאָלדאַטן אַ פּערזענלעכן מוסטער, באַדינענדיק מיט די אייגענע הענט אַ מאַשין־געווער 64). גע־ווען אין דאָס אַ דײַטשישער אינטעליגענט פון טילזיט, וועלכער האָט זיך שטאַרק געפּײַניקט מאַכמעס זײַן „ייִדישן" אויסזען, און קעדיי צו פאַר־ווישן די שפּורן, האָט ער זיך באַמיט צו קעמען די האָר אַלאַ היטלער. דעם קאַס צוליב „שלעכטן" אויסזען האָט דער טילזיטער פּאַשיסט אויס־געלאָזט אַף די ייִדישע קעפּ און אָנגעטאָן די ביאַליסטאָקער ייִדן גע־ברענטע צאָרעס 65).

צו דער זיכערקייט־פּאָליציי האָט אויך געהערט די קריפּאָ (קרימי־נאַל־פּאָליציי), וועלכע האָט געבילדעט דעם פינפטן אָפּטייל. די קריפּאָ האָט זיך צווישן אַנדערע פאַרנומען מיט ליקווידירן די ציגײַנער, אָבער אויך די ייִדן האָבן געהאַט צו שמעקן פון דער קרימינאַל־פּאָליציי. אין איר שפּיץ איז געשטאַנען דער קרימינאַלראַט און עס־עס־הויפּטשטורמ־פירער קרעבס 66).

נישט קיין קליינעם כיילעק באַם אונטערדריקן די ייִדן האָט געהאַט די שופּאָ (שוץ־פּאָליציי), וועלכע האָט אויך נאָכן יאָר 1942 ענג מיטגע־אַרבעט מיט דער געשטאַפּאָ אין די איניאָנים פון געטאָ 67). די שופּאָ האָט די גאַנצע צײַט שוין נאָכן איבערנעמען דאָס געטאָ דורך דעם געש־טאַפּאָ־לייטער היימבאַך אין נאָוועמבער 1942 — געהאַלטן די שמירע באַ די טויערן פון דעם ייִדן־ראַיאָן, אויב די געשטאַפּאָ איז באַשטאַנען פון געניטע פּאָליציי־באַאַמטע, האָט זיך די שופּאָ רעקרוטירט פון אַן ערעזור־ראָוו פון בערלינער אונטערוועלטניקעס, צירק־אַקראָבאַטן, ביר־פּאַרקוי־פער און סאָכרים. די ייִדן האָבן עס אויסגענוצט און נישט זעלטן גע־מאַכט מאַסע מאַטנעס מיט די שופּאָ־לײַט, אָבער אין ראָוו פאַלן זײַנען דאָס געווען, רויבער, וועלכע האָבן אין זייער פאַרנעם געטאָן דאָס זעל־ביקע, וואָס זייערע שעפן אין אַ גרויסן מאַסשטאַב. די שופּאָ האָט זיך באַזעצט אויך אין שכיינעס פון געטאָ, אַקעגנאיבער דעם געשטאַפּאָ־

---

64) דאָרטן.
65) דאָרטן.
66) מאַכאַל, דאָרטן.
67) פרידל — ענטפער אַף דאַטנערס אַנקעטע.

אמת. אַף דער צווייטער זײַט פון שענקעוויטש־גאַס, אין דעם ביניען, ווו עס איז אַמאָל געווען דער פּאָפּולערער פּאָלקאָוואַי־בייס־מעדרעש. דאָ האָט זיך געפונען דער פּערטער רעוויר פון דער פּאָליציי, וואָס אונטער זײַן טרויעריקער השגחה איז אָרונטערגעפאַלן דאָס געטאָ. בעראָש דער שופּאָ איז געשטאַנען דער מאַיאָר שוואַלם. אָנגעפירט מיטן פּערטן, „יידישן" רעוויר, האָט דער פּאָליציי־קאָמיסאַר פּריס; זײַן פּאַרטרעטער איז געווען זייפערט. די דאָזיקע צוויי פּאַרשוינען זײַנען געווען די די־רעקטע אונטערדריקער פון געטאָ. צווישן די „קלענערע פיש" פון די יידן־פּאַרטיליקער האָבן זיך אויסגעצייכנט די פּאָליציישע וואַכמײַס־טער וויטעק און מוסוואַלד. דער לעצטער האָט זיך אָפּט געלאָזט „שמירן". די וואַך באַם געטאָ האָבן געהאַלטן די שוץ־פּאָליציסטן פון צוויי רע־זערוו־קאָמפּאַניעס 68).

בעייס גרויסצוגיקע אַקציעס קעגן די יידן איז אין דעם טויט־קאַראַ־האַד אַרום געטאָ אַרײַנגענומען געוואָרן אויך די אַזוי גערופענע הילפּס־אָפּליציי — דאָס איז געווען אַ פּאָליציישע פאָרמאַציע, וואָס איז דורך דער דײַטשישער מאַכט געשאַפן געוואָרן פון צווישן די געוועזענע פּוי־לישע גראַנאַטאָווע פּאָליציאַנטן; די הילפּס־פּאָליציי איז נישט געווען מונדירט, איר האַלבאָשע איז געווען אַ ציווילע; בלויז אַ ווײַסער אָרעם־באַנד מיט אַ שוואַרצן אויפשריפט אין דײַטש „הילפּס־פּאָליציי" האָט געגעבן די דאָזיקע פּאַרקויפטע נעשאָמעס אַ ביסל מאַכט, וועלכע זיי האָבן אויסגענוצט קוידעמקאָל קעגן דעם שוואַכסטן — קעגן דעם ייד, אונטערדריקנדיק איינצײַטיק די אייגענע ברידער, די פּאָליאַקן. בעראָש פון דער דאָזיקער פּאָליציי, וואָס טראָגט אויך אַ טייל שולד פאַרן בלוט פון די ביאַליסטאָקער יידן, איז געשטאַנען דער געוועזענער קאָמיסאַר פון דער אַמאָליקער פּוילישער פּאָליציי אין ביאַליסטאָק סקרעטאָווסקי 69).

די יידן האָבן אויך געפילט די האַרטע האַנט פונעם פּאָרשטייער פון דער „ריסטונג־קאָמאַנדאָ" ד"ה — פון דעם אינספּעקציע־לייטער פון דער באַוואָפענונג־אינדוסטריע אין ביאַליסטאָק — ראָטמײַסטער פּרעזע און פון זײַן מיטאַרבעטער — קריגער, וואָס זייער אויפגאַבע איז גע־

68) לויט פרידעל, שאַצמאַן א"א.

69) ג"ע פון י. ריווקינד.

ווען צו היטן, אויסצופּרעסן באַ די ייִדן וואָס מער אַרבעט פאַר דער ווערמאַכט 70).

די נ.ס.ד.א.פּ. (נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע דײַטשע אַרבעטס־פּאַרטיי) איז געווען דער הויפּט־מאַטאָר פון דער ייִדן־פּרעסערישער פּראָפּאַגאַנדע און איז געשטאַנען אַף דער וואַך, מען זאָל כּאַלילע די ייִדן נישט שוי־נען, נישט לויזער מאַכן דעם יאָך. אין שפּיץ פון דער ביאַליסטאָקער נ.ס.ד.א.פּ. איז געשטאַנען ער אַליין, דער גאַולייטער עריק קאָך, און זײַן קעניגסבערגער פאַרטרעטער גרײַסהער, אָבער די טאָג־טעגלעכע אַר־בעט האָבן געטאָן פּראַנק, דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, אַ באַ־קאַנטער פּרעסער און זויפער, און זײַן מיטאַרבעטער וואַלטער האַנק, דער שעף־רעדאַקטאָר („הויפּטשריפטלייטער״) פון דער ביאַליסטאָקער צײַ־טונג״ 71), וועלכע איז געווען אַ מוטאַציע פון דער „אללענשטיינער צײַ־טונג״. די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס עס האָבן געפירט אָט די צוויי נאַציס אינאיינעם מיט זייערע אַגיטאַטאָרן בורקערט, נענסטיל און אַנדערע, האָט געבראַכט גיפטיקע פּיירעס. די דאָזיקע פעדער־באַנדיטן האָבן זיך באַ־מיט צו דערווײַזן, אַז ביאַליסטאָק האָט זיך געיאָוועט אַף דער געשיכט־לעכער אַרענע ווי אַ גערמאַנישע שטאָט, אָבער זי איז נעבעך, אַף 600 יאָר אַרונטערגעפאַלן אונטערן יאָך פון פרעמדע, פון פּאָליאַקן, ליט־ווינער, רוסן, ייִדן. די אַנטי־ייִדישע פּראָפּאַגאַנדע אין ביאַליסטאָק איז געגאַנגען אין אַן ענלעכער ריכטונג, וואָס אומעטום: ייִדן ווילן באַהערשן די וועלט, ייִדן נוצן בלוט אַף פּייסעך, ייִדן און באָלשעוויקעס זײַנען איינס, ייִדן און קאַפּיטאַל זײַנען אויך איינס אוקעדוימע אַזעלכע העץ־אַרגומענטן, געשעפּט מיט דער ברייטער האַנט פון שטרײַכערס „שטור־מער״ 72).

און דער לעצטער ייִדן־אויסרײַסנדיקער פאַקטאָר פון צווישן דעם דײַטש־אָקופּאַנטישן עלעמענט — די פּריוואַטע דײַטשישע אונטערנעמער, וועלכע האָבן פאַר אַ שיבעש אָפּגעקויפט באַ דער מאַכט אַ ריי אינ־דוסטריע־ און האַנדלס־אונטערנעמונגען, אָדער פאַרלייגט דאָ פיליעס.

70) פרידעל — ענטפער אַף מײַן אַנקעטע.

71) „דויטשע קאַלענדאַר״ — אאַז״וו, זז 3.

72) דאַרטן — וואַלטער האַנק: „די געשיכטע דעם בעצירקס ביאַליסטאָק״ זז׳ 37—42; קאַרל נענסטיל: „די יודען אין דען פּרייניגטען שטאַטען״ זז׳ 60—63; און — „די יידישען פּלענע״, זז׳ 63—64.

זיי האָבן אויסגענאָגט דעם קליאַק פון די ביינער באַ די ייִדישע אַרבע־טער. צו די דאָזיקע דײַטשישע אינדוסטריע־אונטערנעמער האָבן גע־הערט: סטעפען, וועלכער איז געווען דער האַר פון לעבן און טויט אי־בער די שנײַדער־קאָנפעקציע־ און היטל־פאַבריקן אַף יוראָווצער גאַס, אי־בער ייִדישע פאַבריקן פון כעמישע אַרטיקלען, זייף און אַנדערע אויס־אַרבעטונגען, און בעיִקער — איבער אַ פינף הונדערט ייִדישע לעבנס, וואָס האָבן געפּלאָטערט אין אייביקן אומרו, דערזעענדיק דאָס געזיכט פון זייער לעבן־געבער; די פירמע קירהאָף, וואָס האָט געגרייט אַן אַר־בעט־לאָגער אין ביאַליסטאָק און זיך פאַרנומען מיט שאָסיי־בוי; עס האָבן צוגערויבט ייִדישע פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעך פאַרמעגן און וואַרשטאַטן די דײַטשישע סאָכרים — אָנגעקומענע פון דער פרעמד און אָרטיקע, בעסויכעם פאָלקס־דײַטשן, דאָס הייסט — אויסוווּרפן פון דער אָרטיקער פּוילישער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן אַף דער דײַטשישער פאָלקס־רעשימע 73).

אין אַ „גויט־שאַ" זײַנען קימאַט אַלע „באַלעבאַטישע" סאָכרים געשטאַנען צו דינסט פון דער מאַכט און געהאָלפן כאַפּן ייִדן אַזן זיי יאָגן און אויסראָטן.

עס איז נישט מעגלעך אויסצורעכענען אַלע קלענערע פּײַניקער. עט־לעכע פון זיי האָבן זיך אָבער אַזוי אײַנגעקריצט מיט זייער אַכזאָריעס אינעם זיקאָרן פון די לעבן־געבליבענע, אַז מען קאָן נישט פאַרשווײַגן זייערע טרייפענע נעמען. אָט איז דער אויספאָרשונג־ריכטער פון דער זי־כערקייט־פּאָליציי דער אונטעראָפיציר שוואַרץ; אָט איז דער אָפיציר צו ספּעציעלע שליכעסן אין סיפּאָ, גראַנד. צווישן די שופאָ־לײַט האָבן זיך מיט זייער ציניזשקייט און ברוטאַלקייט אויסגעצייכנט דער שאַרפירער וויזאָף און דער ווײַסגוואַרדייער שאַרפירער סטרעבלאָוו וועלכע האָבן זיך געיאָוועט אין ביאַליסטאָק מיט אַ נישקאָשעדיקער דערפאָרונג — זיי האָבן אָנטייל גענומען אין די שכיטעס און ליקווידאַציעס פון גראָד־נער ייִדנטום 74). די דאָזיקע צוויי פאַרשוינען האָבן באַקומען די קאָנ־טראָל איבער דער שמירע באַ די טויערן פון געטאָ. סטרעבלאָוו איז עס דער, וואָס האָט געצוווּנגען ייִדישע שמוגלער אויסטרינקען דעם אומלע־

73) דאַרטן — זז' 97—112.
74) פרידעל: „מײַנע פאַרגעוועצטע אין ביאַליסטאָק", ז' 16.

גאַלן אייל. האָט דער דאָזיקער גראָדנער טאַליען געכאַפּט אַ „פּייגער" — ווי מען האָט אַפּן שמוגלערישן לאָשן גערופן אַ באַהאַלטענע סכוירע — האָט ער קודעמקאָל גוט צעקאַטעוועט דעם יידן און דערנאָך געהייסן דעם קאָרבן זיך שטעלן מיט צעשפּרייטע פיס, די הענט אַף די קני און דעם קערפּער אָנגעבויגן פאָרויס, און געשלאָגן אומבעראַכמאָנעסדיק מיט אַ גראָבן שטעקן ביז דער קאָרבן איז געפאַלן אין כאַלאָשעס 75). צו די „באַרימטע" פּײַניקער געהערן אויך: דער טפּיסע־באַאַמטער ראָדע און „מעשל דער געלער" — אַ סאַדיסטישער וואַכמאַן פון מאַרקאָווטשינע 76).

באַם ענדגילטיקן אויסקוילענען די ביאַליסטאָקער יידן האָבן די הויפּט־ראָל געשפּילט נישט בלויז די אָרטיקע פּײַניקער, נאָר אויך גע־שיקטע מאָרד־ספּעצן פון בערלין, אָדער פון לובלין. אינעם דורכפירן די ערשטע ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ איז געווען אָנגאַזשירט דער ספּעציעלער שעליעך פון דעם רײַכסזיכערהייטסהויפּטאַמט פון בער־לין גינטער. פונקט אַזוי געהערן דער גענעראַל גלאָבאָטשניק און זײַן גע־הילף מאַיאָר מאגעל פון לובלין ווי אויך דער עס־עס־הויפּטשטורמפירער פראַנץ קאָנראַד *) צו די הויפּטמיטפאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער לעצטער ליקווידאַציע 77). די סאַמע לעצטע שכיטע איבער די פאַר־טריבענע ביאַליסטאָקער שרידים אין מאַידאַנעק האָט דורכגעפירט דער ס.ס.־אָבערשטורמפירער אַנטאָן טהומאַן 78). מיט דער מאַקאַברישער אַרבעט פון אויפגראָבן די מאַסן־קוואָרים הינטער ביאַליסטאָק און פון פאַרברענען טויזנטער באַר־מינאַנס, קעדיי צו פאַרווישן די שפּורן פון פאַרברעכן, האָט אָנגעפירט אינאײַנעם מיטן דערמאָנטן מאַכאַל דער ס.ס.־שטורמבאַנפירער הערץ — דערנאָך האָבן זיי צעשאָסן די יידן, וועלכע זײַנען געצוווּנגען געוואָרן צו טאָן די דאָזיקע אומהיימלעכע אַר־בעט 79).

---

75) קאַט, ז' 32.

76) ג"ע פון ב. שאַצמאַן.

*) קאָנראַד איז אין יאָר 1951 פאַרמישפּעט געוואָרן דורכן פּוילישן טריבונאַל אין וואַרשע צום טויט.

77) וועגן דעם ווײַטער.

78) ג"ע פון יעזשי קוויאַטקאָווסקי (ביולעטין נ' 4 פון דער פּוילישער מיסיע פאַר פאַרשן די דײַטשע רעציכעס אין פּוילן).

79) פרידעל — ענטפער אַף דאַטנערס אַנקעטע.

די אַלע הענקער, באַצווינגער און באַרויבער פון די ביאַליסטאָקער ייִדן האָבן אָבער צווישן זיך נישט געלעבט אין האַרמאָניע. עס איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ שטילער, פאַרביסענער קאָנקורענץ־קאַמף. דער ציל פון איטלעכן פון זיי איז געווען נישט בלויז צו פאַרשקלאַפן, אויס־בלוטיקן, אויסראָטן די ייִדן, נאָר אויך אויסנאַגן וואָס מער באַם קאָרבן. יעטוועדער איינער פון דער דאָזיקער קנופיע האָט געוואָלט, דער ריזיקער כאַבאַר און דאָס ייִדישע האָב און גוטס זאָל אַרײַנפאַלן קודעם־קאָל צו אים. עס איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען מאַמעש אַ וועט־געיעג, ווער וועט מער אַרויסציִען אויצרעס. אין דעם רויב האָבן זיך באַטייליקט אַלע — פון ד״ר קאַנאַריס ביז דעם קלענסטן באַאַמטן און פּריוואַטן אונטערנע־מער. ד״ר קאַנאַריס האָט יעדער מאָל — באַם אָפּפאָרן פון ביאַליסטאָק — מיטגענומען מיט זיך וואַגאָנען מיט זאַכן. זײַן שלאָס אין אָסט־פּרײַסן איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פּאָרטעפּיאַנעס, קונסט־בילדער, טײַערע זיי־גערס, דיוואַנען, טעפּיכער, אָנגערויבטע אין געטאָ. ער איז געווען אַזוי גיריק, אַז אַרײַנכאַפּן אַ גוטע פּאָר שטיוול איז אויך געווען אַן אײַנ־יען 80). דער פּעטלײַביקער מאגוניא האָט נישט דורכגעלאָזט קיין טאָג, ער זאָל נישט אַרויסציִען אַ ווערטפולע זאַך פון די ייִדן. אַ געוויסן טאָג האָט ער פּאָר איינמאָל געפאָדערט אַכט פּאָר שיך 81). דער „דיסטינ־גירטער" דאָרש פלעגט ספּעציעל מאַכן איבערפאַלן אין געטאָ אין דער געזעלשאַפט פון דער פרוי, טעכטער, נאָענטע און ווײַטע קרויווים, און רויבן אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט — פון אַ פּאָר פרויען־פּאַנטאָפל ביז טײַערע האַנט־זייגערס 82). אַזוי האָבן זיך געפירט אַלע. זיי פלעגן אַראָפּברענגען קרויווים און באַקאַנטע פון קעניגסבערג, זיי אָנלאָדן מיט ייִדישן גוטס און שיקן אַהיים מיטן אָנזאָג, זיי זאָלן לעמאַן־האַשעם אײַנ־גיכן ווידער קומען 83). און פון ווײַטן קעניגסבערג פלעגן כּוץ דעם קומען אַף גאַסטראָלן „סטאַטעטשנע" פּרײַסישע „קאָפּלויטע", אָנרויבן זיך אין מעשעך פון אַ וואָך צוויי, פאָרן צוריק אַהיים, אָפּשטעקן דאָס אָנגעפּלינדערטע און זיך ווידער אַראָפּכאַפּן אין דער געטאָ־שטאָט. ביאַ־ליסטאָק — בעסער געזאָגט: ביאַליסטאָקער געטאָ איז געוואָרן אַ קוואַל

---

80) ג״ע פון ז. קאַלעשניקאָוו.
81) ג״ע פון ב. שאַצמאַן.
82) דאָרטן.
83) דאָרטן.

פון באַרײַכערונג פאַר די דײַטשישע סאָכרים, פאַבריקאַנטן און פּאָליציי־לײַט פון מיזרעד־פּרײַסן.

פון דעם אויבן־געבראַכטן בילד קאָן מען זיך שאַפן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון די דײַטשן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין באַרויבן, פאַרפּײַניקן און אומברענגען די ייִדן פון ביאַליסטאָק בּיפּראַט און פון די אָקופּירטע געביטן ביכלאַל. דאָס זײַנען בעדערעך קלאַל געווען: פּאָליציי־לײַט, מענטשן פונעם פאַשיסטישן מעלוכעשן, מיליטערישן און פאַרטייִשן אַפּאַראַט, פאָרשטייער פון די ווירטשאַפט־ספערן, סאָכרים און אונטערוועלטניקעס, אויסגעלענקטע פון לעבן.

דער אָפּקלאַנג פון די רײַסענישן איבערן רויב צווישן די אָקופּאַנטן פלעגט דערגיין ביז היטלערן אין בערלין. אַף דעם באָדן זײַנען אויסגעבראָכן פאַרשיידענע קאָנפליקטן צווישן די מענטשן פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג, פון דער אָרדענונג־פּאָליציי און דער זיכערקייט־פּאָליציי. פאַרטיידיקנדיק זײַנע מענטשן, האָט אַפילע קאָך געהאַט צוזאַמענשטויסן מיט הימלערן 84). עס זײַנען אָבער אויך געווען צווישן די דײַטש־פאַשיסטישע אָרגאַנען מיינונגס־פאַרשיידנקייטן פון אַן אַנדער כאַראַקטער, קוידעם־קאָל וועגן דעם, צי מען דאַרף שוין ליקווידירן דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ, אָדער נאָך נישט; די מיינונגס־פאַרשיידנקייטן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט צווישן די פאָרשטייער פון ווערמאַכט און די עס־עסיש־פּאַרטייִשע קרײַזן, און צווישן דער לאָקאַלער מאַכט און דער צענטראַלער. קעניגסבערג איז אַ לאַנגע צײַט געווען פאַר אײַנהאַלטן דאָס געטאָ צוליב עקאָנאָמישע סיבעס. בערלין האָט זיך געוואַקלט און סאָף־קאָל־סאָף דעצידירט צו ליקווידירן.

אַזוי אַרום איז דער רויב נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע. דאָס ערגסטע איז געקומען שפּעטער, ווען די קאָכס, קאַנאַריסעס, אַלטענלאָהס און פרידעלס האָבן זיך גענומען נישט בלויז צום פאַרמעגן, נאָר אויך צום נעפעש.

אָבער די ערשטע, וואָס זײַנען צוגעטרעטן צו דער פיזישער אויסראָטונג פון די ייִדן אין ביאַליסטאָק, די פּיאָנערן פון דעם מאַסן־מאָרד — זײַנען געווען די היטלעריסטישע כאַיאָלעס, וואָס האָבן פאַרנומען די

84) מאכאל, דארטן.

שטאָט אין 1941. דאָס זײַנען געווען דער פעלדמאַרשאַל באָק און די גענעראַלן גודעריאַן און האָט, זייער פּראָגראַם איז געווען — די באַלדיקע פאַרניכטונג פון ייִדן. און זיי האָבן גלײַך אין די ערשטע טעג און וואָכן פון דער אָקופּאַציע געוויזן מיט מעשׂים, אַז זיי קאָנען די מלאָכע פון אָרגאַניזירן פּעלקער־מאָרד.

# קאַפּיטל צוויי

## די ערשטע טעראָר־אַקטן ערעוו געטאָ

געווען איז דאָס אין יאָר 1941, אין כוידעש יוני, אין דער צווייטער העלפט פונעם כוידעש. דער שטײַגנדיקער לעבנס־ריטם פון פרידלעך־שעפערישן ביאַליסטאָק איז מיטאַמאָל אַכזאָריעסדיק געוואָרן איבערגע־ריסן דורך דעם אומגעריכטן אָנפאַל פון די דײַטש־פאַשיסטישע כאַיאַ־לעס. אָפּשלאָגנדיק זיך קעגן דעם סוינע, האָט די רויטע אַרמיי מיט העל־דישע שלאַכטן זיך געצויגן צוריק, דערלאַנגענדיק דער אַרײַנדרינקענדי־קער פײַנטלעכער אַרמיי שווערע קלעפּ.

די סאָוויעטישע אָפּטיילונגען האָבן געמוזט פאַרלאָזן אויך ביאַ־ליסטאָק. נאָך פינף טעג פאַרביסענע קאַמפן האָבן זיך די דײַטשישע טאַנקען פונעם צענטראַלן פראָנט פון פעלדמאַרשאַל באָק אַ קײַקל גע־געטאָן צו דער שטאָט, פון איין זײַט איז ביאַליסטאָק אַרומגערינגלט גע־וואָרן דורך די פאַנצער־אָפּטיילונגען פון גענעראַל גודעריאַן, פון דער צווייטער — פון גענעראַל האָט. די רויטאַרמייער האָבן געשטעלט אַן אַק־שאָנעסדיקן ווידערשטאַנד אין שטאָט גופע, קעמפנדיק ביזן לעצטן טראָ־פון בלוט אָף נאַדזשעטשנא גאַס 1). פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּלוצים אָנגעגריפענע שטעט נישט ווײַט פון גרענעץ־פּאַס אַזוי האָט זיך אויך ביאַליסטאָק העלדיש און פאַרביסן פאַרטיידיקט, אָנווענדנדיק די טאַקטיק פון אַקטיוון פאַרטיידיקונג־קאַמף, קעדיי אויסצובלוטיקן דעם סוינע —

---

1) די יעדוע באַשטעטיקט אויך, רייזנער, ז' 43.

די טאַקטיק, וועלכע עס האָט געלערנט דער פירער פון פאָלק יאָסיף סטאַ־ליןֿ.

פון די ערשטע שאָען זינט דער סוינע איז אַרײַן אין שטאָט, האָט אין מעשעך פון העכער אַ כוידעש צײַט קימאַט אָן אויפהער געבושעוועט דער בלוטיקער טעראָר לעגאַבע די פרידלעכע אײַנוווינער און דער ייִדי־שער באַפעלקערונג ביפראַט. פאַר די גרויזאַמע טעראָר־אַקטן, וואָס זייער ציל איז געווען צו ווײַזן אַ מוסטער פון פאַרטיליקן די ייִדישע באַפעל־קערונג און אויך צו פאַרטויבן מיט שווערע קלעפּ די ציווילע טוישווים, איבערצושרעקן אַף טויט און אָנצוואַרפן דורך דעם לעשעם בײַשפּיל אַן איימע אַף דער נישט־ייִדישער, פויליש־ווײַסרוסישער באַפעלקערונג, פאַר אָט די ערשטע טעראָר־אויפטוען טראָגן די דירעקטע אַכראַיעס די גענע־ראַלן גודעריאַן און האָט און דער פעלדמאַרשאַל באָק, וועלכע האָבן אַפּן ביאַליסטאָקער געביט רעאַליזירט די באַשלוסן פון דער באַראַטונג פון דעם רײַכסזיכערהייטסהויפטאַמט און דער הויפט־אָנפירונג פון דער היס־לעריסטישער אַרמיי, וואָס איז פאָרגעקומען אין מײַ 1941 און ווו עס איז געשטאַנען ווי איינער פון די הויפט־פונקטן די צוזאַמענאַרבעט פון די צוויי פאַקטאָרן בא דער ייִדן־פאַרטיליקונג א1).

אַז איינער פון די צילן פון דער דײַטש־פאַשיסטישער אַרמיי באַלד באַם איבערגיין די סאָוויעטישע גרענעץ איז געווען אויסצוראָטן פיזיש אַ גרויסן טייל פון דער ציווילער באַפעלקערונג און באַזונדערס די ייִדן, ווײַזט אויף דער באַפעל, וועלכן היטלער האָט אַרויסגעגעבן דעם 17טן יוני 1941 וועגן דעם, אַז די דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן די פולע רעכט און פרײַהייט צו באַרויבן און אויסראָטן די באַפעלקערונג פון די פאַרכאַפטע געביטן; דעם דאָזיקן באַפעל האָט מען מוידיע געווען די אָפיצירן און סאָלדאַטן אַ טאָג ערעוו דעם אָנפאַל אַפן ראַטנפאַרבאַנד ב1). אַזוי אַרום זײַנען די ערשטע דײַטש־פאַשיסטישע שכיטעס פון ייִדן אין ביאַליסטאָק געווען אַ דירעקטע אויספירונג פון באַפעל פון היטלערן און פון זײַן הויפט־שטאַב פון 17טן יוני 1941.

פרײַטיק, דעם 27טן יוני 1941, 6 פאַרטאָג זײַנען די דײַטשן אַרײַן אין ביאַליסטאָק. און שוין 8 אינדערפרי האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן אי־

---

א1) צאַנאַווא, ז׳ 51.
ב1) דאָרטן.

בער די גאַסן און געסלעך פון דער באַצוווּנגענער שטאָט אַ כוואַליע פון מאַסן־דערשיסונגען און איזדיעקעווען זיך; וואָס גייט אַריבער אין אַ פּאָגראָם מיטן טרויעריק־באַקאַנטן אַפּאָגיי פון אונטערצינדן די שול און אַפּווישן פון דער אויבערפלאַך אַ גאַנצן ווויִן־ראַיאָן, ווו עס האָט אין מע־שעך פון דוירעס געווימלט אַן ענערגיש ייִדיש מאַסן־לעבן. די צאָל „פּרײַטיקדיקע" קאָרבאָנעס ווערט אָפּגעשאַצט אַף צוויי טויזנט 2).

דאָנערשטיק, דעם 3טן יולי איז אין אַ גאַסן־אָבלאַווע געפאַנגען געוואָרן אַ פרישע צאָל ייִדן; מען האָט זיי אַוועקגעשטעלט אַפן פּיעט־ראַשער פעלד און דאָ אַרונטערגעקאָשעט מיט פײַער פון מאַשין־געווער. צום ערשטן מאָל האָט אויפגעטויכט אין ביאַליסטאָק דאָס שרעק־וואָרט 'פּיעטראַשע" — פּונקט ווי אין ווילנער געטאָ דער נײַער אומגליק־ סי־נאָנים „פּאָנאַר". די צאָל דאָנערשטיקדיקע קאָרבאָנעס האָט באַטראָפן צוויי הונדערט 3).

שאַבעס דעם 12טן יולי, האָט אויסגעשלאָגן די שאָ פון די פריי־שע קאָרבאָנעס. ווידער איז דער עקזעקוציע־פּלאַץ געווען אַפן פּיעטראַ־שער פעלד. די צאָל אומגעבראַכטע „שאַבעסדיקע" ווערט געשאַצט אַף פינף טויזנט 4).

אַף אַ צולייג האָט דער סוינע טייקעף אַף צומאָרגנס, זונטיק, דעם 13טן יולי, אַרויסגעשלעפּט פרישע 300 ייִדן און זיי דערמאָרדעט 5).

דער ערשטער טעראָר־ציקל איז דורך די דײַטשן אין ביאַליסטאָק פאַרענדיקט געוואָרן מיט דער טרויעריק־באַרימטער באַגרעבעניש פון די ביוסטן פון מאַרקס, ענגעלס, לענין און סטאַלין. דאָס איז געווען אַ נײַער גרויליקער מיטלאַלטערלעכער ספּעקטאַקל. די שוישפּילער און די קאָר־באָנעס האָבן ווידער געדאַרפט זײַן די ייִדן. אונטער דער סווישטשערײַ פון דײַטשן און באַ הילכיקע קוילעס פון אָרטיקע אַנטיסעמיטן און פאַ־שיסטן, וואָס האָבן געשריגן „זשידי־קאָמוניסטי", האָבן ייִדן געמוזט אָפּ־

2) ג"א פון אידע לעוויטאַנסקאַ, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נומ' 1282; לויט ג"א פון שול־וועכטער יוזעף באַרטאַשקאַ, באַטרעפט די צאָל פאַרברענטע ייִדן 800 (אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נומ' 1840).

3) דאָרטן.

4) ג"א פון י. ריווקינד און עדוואַרד יאַנאָוויטש, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נומ' 2009.

5) ג"א פון ט. ציטראָן, אַרכ' ייִה"א, נומ' 846/1.

האָקן די קעפּ פון די פיר סטאַטועס. און אַ גרויסע מאַסע ייִדישע מע־נער און פרויען, אָנגעטאָן יאָנטעוודיק אונטער דער דראָונג פון אויסגע־שטרעקטע רעוואָלווערן, איז געצוווּנגען געוואָרן אויפצונעמען דעם טרויעריקן „פּאַראַד" און זינגען ייִדישע פאָלקס־מאָטיוון, „מײַן שטע־טעלע בעלז" און אַנדערע לידער 6).

דער דאָזיקער ספּעקטאַקל האָט געדאַרפט סימבאָליזירן דעם סאָף פון דער הערשאַפט פון דער „זשידאָ־קאָמונא" אין דער שטאָט.

געשען איז דאָס דעם 30טן יולי 1941.

מיט פיר טעג פריִער איז אַרויס די גזירה פון געטאָ, און די צוויי טעג נאָכן גרויליקן ספּעקטאַקל, דעם 1טן אויגוסט, איז דאָס געטאָ גע־שלאָסן געוואָרן.

דער באַצווינגער האָט געעפנט אַ נײַ שוואַרץ בלאַט אין דער גע־שיכטע פון די ייִדן אין ביאַליסטאָק.

* * *

בעדערעך קלאָל זײַנען די קאָרבאָנעס פון די ערשטע טעראָר־אַקטן פון דער רײַכסווער געפאַלן ייִדן פון פאַרשיידענע שיכטן, פאַכן און עלטער. אויבנאויפיק מאַכן די כאַפּערײַען און די עקזעקוציעס אַן אײַנדרוק פון כאַאָטישקייט און צופעליקייט. פאַקטיש זעט אויס די זאַך אַנדערש.

כוץ דעם אַלגעמיינעם צוועק אויסצובלוטיקן און טעראָריזירן די באַפעלקערונג — די ייִדישע דורך דירעקטע רעציכעס, די נישט־ייִדישע דורך ווײַזן אַ בײַשפּיל לעגאַבע די ייִדן — האָט דער סוינע געהאַט נאָך איין באַזונדערן וויכטיקן ציל, דעהיינו: אויסראָטן דעם קאָמוניסטישן אַק־טיוו און דעם סאָוויעטישן און פּראָ־סאָוויעטישן עלעמענט באַלד באָם אָנ־הייב. עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס די דײַטשישע קינאָ־כראָניק, וועל־כע האָט געוויזן, ווי מען פירט קאָרבאָנעס צום פּיעטראַשער פעלד, האָט אין אַן אַנטשפּרעכנדיקער אויפשריפט דערקלערט דעם ציל פון די עק־זעקוציעס: „ביאַליסטאָקער אָפּרייניקן פון קאָמוניסטן" 7). אין ביאַליסטאָק האָט דער סוינע אָנגעווענדעט אין די ערשטע טעג אַן אַנדער טאַקטיק ווי,

---

6) אַרכ' ייִה"א, נ' 8/45.
7) ג"א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ.

אַ שטייגער, אין וואַרשע. אין וואַרשע האָבן מיר צו טאָן מיט מאַסן־האַ־ריגעס פון רעוואָלוציאָנערן און אַנטיפאַשיסטן אין געטאָ ערשט אין די ערשטע העלפט פון 1942 נאָכדעם ווי עס איז אַנטשטאַנען די פוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ.פּ.ר.) און עס איז געשאַפן געוואָרן דער אַנטיפאַ־שיסטישער בלאָק. אין ביאַליסטאָק ווערט דער בלוטיקער טעראָר לעגאַבע דעם פּאָליטיש־געפערלעכן עלעמענט אָנגעווענדעט באַלד פון אָנהייב. דער סוינע האָט, ווײַזט אויס, געוווסט וועגן דעם, אַז דאָ געפינט זיך זיך אַ צאָלרײַכע רעוואָלוציאָנערע גרופּע; ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן אַ דין וועכעשבן פון דעם אומשטאַנד, וואָס ביאַליסטאָק איז אין מעשעך פון קנאַפּע צוויי יאָר געווען סאָוויעטיש. פאַרדעכטיקטע אין קאָמוניזם און פּראָ־סאָוויעטישקייט ווערן געזוכט לויט רעשימעס 8). עס איז דעריבער נישט קיין צופאַל, וואָס צווישן די „שאַבעסדיקע" געפינען מיר אַזעלכע נעמען:

מ ו י ש ע  ג ר י נ ב ו י ם, אָדער גרינבערג, געבוירן אין 1900 אין לענטשיץ, פּסעוודאָנים — „דער טויבער מוישע", לאַנגיאָריקער קאָמוניס־טישער טוער פון פאַרמילכאָמעדיקן פוילן, אַרעסטאַנט פון קאַרטוז־בערעזע; פון פאַך אַ שנײַדער־אַרבעטער.

י אַ נ ק ל  ב י ב ע ל אַ יי ז ע ר, געבוירן אין 1895 אין וואַרשע, פּסעוודאָנים „דאָס קליינע יאַנקעלע", לאַנגיאָריקער קאָמוניסטישער טוער פון פאַרמילכאָמעדיקן פוילן, אַ געוויסע צײַט סעקרעטאַר פון נאָרד־אַרבע־טער־פאַריין; פון פאַך אַ היטל־מאַכער.

כ אַ י ם  א יי כ ל, פּסעוודאָנים „וואַצעק", געבוירן אין 1903 אין וואַרשע, קאָמיוגישער און קאָמוניסטישער טוער פון פאַרמילכאָמעדיקן פוילן, באַקאַנט פון זײַן העלדישער האַלטונג אין טפיסע, ווו מ׳האָט אים געפּײַניקט און ער האָט זיך נישט געבראָכן; פון פאַך אַ שנײַדער־אַרבעטער.

ק אַ ר אָ ל  אַ ײַ ז ע נ ב ע ר ג, לאַנגיאָריקער טוער פון לינקן פאַריין פון יידישע האַנדלסאָנגעשטעלטע אין וואַרשע, פירער פון פּראַגרע־סיווע קינדער־אָרגאַניזאַציעס; אַ קאָמוניסט, פון פאַך אַן אָנגעשטעלטער.

ה ע ר ש ל  ב ו ר ש ט י ן, געבוירן אין 1908 אין וואַרשע, געווען אַ יעשיווע־באָכער, שפּעטער טוער פון פאַריין פון די לינקע מאַלער־אַרבע־

8) גראַסמאַן, ז׳ז 80—83; אויך ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ און י. ריוווקינד.

טער אין וואַרשע, קאָמענדאַנט פון פּראָלעטאַרישע זעלבשוצן; פון פאַך אַ מאַלער־אַרבעטער.

אַווראָם לוקסעמבורג, קאָמיוגישער טוער פון וואַרשע; אַן אַרבעטער פון אַפּשטאַם.

מוישע עפּעלבוים (מוישע ביאַלער), געבוירן אין 1904 אין שטעטל לאַמאַזי, פּסעוודאָנים „סאַליעק", לאַנגיאָריקער טוער פון לינקן סטאָליער־פאַריין אין וואַרשע, אַ קאָמוניסט; פון פאַך אַ סטאָליער־אַר־בעטער.

הערש דאַווידזאָן, קאָמוניסטישער טוער פון פּאַרמילכאַ־מעדיקן פּוילן; אַן אינטעליגענט פון אָפּשטאַם.

אַווראָם שורעק, לאַנגיאָריקער פּאָפּולערער קאָמוניסטישער טוער אין לאָדזש; פון פאַך אַ סוועטער־נייער.

פּערעץ אָרנשטיין, קאָמוניסטישער טוער פון לאָדזש, געהאַט הינטער זיך דעם קאָנצלאַגער אין קאַרטוז־בערעזע; פון פאַך אַ שניידער־אַרבעטער.

כאַים וואָיסקאָווסקי, אַ געבוירענער אין וויסאָקע־לי־טאָווסק, קאָמוניסטישער טוער פון לאָדזש, אַ פּאָפּולערער יידישער קול־טור־טוער; פון פאַך אַ ציין־טעכניקער.

מוישע פּוקס, לינקער אַרבעטער־טוער, קולטור־אַסקן, איינער פון די פירער פון „געזערד"־באַוועגונג אין לאָדזש.

מוישע בערשלינג, קאָמוניסטישער טוער, קולטור־אַסקן און ליטעראַט פון לאָדזש; איינער פון די פירער פון דער „געזערד"־באַ־וועגונג אין דער שטאָט; פון פאַך אַ לערער.

די קאָמוניסטישע טוער:

דאַלעק פּאַצאַנאָווסקי פון לאָדזש; וויערניק, יאַנקעוו קעניגסבערג, יִסראָעל מוראַוויעץ, בורגין — פון וואַרשע; ביימאַן, דירעקטאָר פון דריטן טעקסטיל־קאָמבינאַט אין ביאַליסטאָק; דאָוויד זאַכאַריאַש, לאַנג־יאָריקער טוער פון לינקן־טעקסטיל־אַרבעטערפאַריין אין וואַרשע; דער וואַרשעווער „געזערד"־טוער מוישע טייבלום, די ביאַליסטאָ־קער פּעדאַגאָגן רייפער און ראָזענבלאַט, אָנפירנדיקע לע־

רער פון די סאָוועטישע שולן, און אַנדערע, וואָס זייערע נעמען זײַנען צו אונדז נישט דערגאַנגען.

בעייס די טעראָר־טעג זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אַ ריי פאַרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער, פּראָסאָוועטישער ייִדישער אינטעליגענץ, צווישן אַנדערע די אַלטע באַקאַנטע פאַרטיידיקער אין פּאָליטישע פּראָצעסן אין פאַרמילכאָמעדיקן פּוילן, די אַדוואָקאַטן: גדאַנסקי, טילע־מאַן, גלינקאַ, ווײַנצימער, בלאָקשטיין און אַנ־דערע 9).

אויפפאַלנדיק איז אויך דער פאַקט, וואָס אין די דאָזיקע גרויל־טעג איז דערמאָרדעט געוואָרן אַ גאַנצע פּלעיאַדע ייִדישע זעצער און דרוקער, צווישן זיי: יאָסל זעליגמאַן, ייִסראָעל בערשאַד־סקי, מאָטל פרידמאַן, י. כאַסקעל, די ברידער סאָ־קאָלאָווסקי, זיידל, פאַרטנאָי 10).

די אַלע פאַקטן סוגערירן צוויי אויספירן: ריישיס — אַז די דײַטשן האָבן געצילט צו פאַרניכטן, אָדער לעכאָל האַפּאָכעס אָפּשוואַכן דעם קערן פון די אַרבעטער־ און אינטעליגענץ־טוער, וואָס וואָלט געקאָנט ווערן אַ צענטער פון מערידע־שטימונגען, און אינאיינעם מיט אים די מענטשן, וועלכע האָבן געקאָנט אַרויסלאָזן אומלעגאַלע ליטעראַטור; צווייטנס — אַז עס האָבן זיך שוין דעמאָלט, אין דער ערשטער צײַט, צווישן די ייִדן געפונען אַזעלכע פאַרשוינען, וועלכע האָבן געדינט מיט אינפאָרמאַציעס וועגן פאַרדעכטיקע, אָדער פאַרזינדיקטע מענטשן. עס איז קלאָר, אַז פון דעם טעראָר האָבן געליטן נישט נאָר פאַרדעכטיקע אין קאָמוניזם און פּראָסאָוויעטישקייט. דער „קאָמוניסטישער אַרגומענט" האָט געדינט דעם אָקופּאַנט און זײַנע אַגענטן צו טעראָריזירן און מאָרדן טויזנטער סטאַם־ייִדן, פּאָליאַקן, ווײַסרוסן.

די ערשטע אַקטן פון מאַסן־טעראָר האָבן געהאַט עטלעכע באַגלייט־שטריכן, וועלכע האָבן באַלד באַם אָנהייב דערוויזן, אַז ביאַליסטאָק וועט — בעדערעך־קלאַל — נישט זײַן קיין אויסנאַם פון אַנדערע געטאָס.

ריישיס — האָט די דײַטשישע מיליטערישע מאַכט, וועלכע האָט דאָך

---

9) דאַרטן; אויך ג"א פון ט. ציטראָן.

10) לויטן אַרטיקל פון די דרוקער הערשל קאָזאַק און ייִצכאָק ריבאַלאָווסקי: „דער ביאַליסטאָקער ייִדישער דרוקער־פאַריין", אינעם „פּינקעס פון ייִדישע דרוקער אין פּוילן", וואַרשע, 1939, זז' 45—47.

אָרגאַניזירט און אַדורכגעפירט די שכיטעס, אונטערצינדונגען און פּלינדערײַען, פון ערשטן טאָג אָן זיך באַמיט צו באַווײַזן די אײגענע „אַליבי" און וואַרפן מײַסע פּראָוואָקאַטאָר די שולד אַף אַנדערע. נאָכן בלוטיקן פרײַטיק איז די „פּרויסישע צײַטונג" פון קעניגסבערג אַרויס מיט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ביאַליסטאָק, שרײַבנדיק, אַז דאָס האָט די אָרטיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג, געטריבן פון סינע־געפילן צו אַליודא, אונטערגעצונדן די שול און פאַרברענט די ייִדן, און די דײַטשע סאָלדאַטן האָבן, פאַרקערט, געראַטעוועט גאָר די קרבנות פון פײַער 11).

אין גײעג נאָך אַן „אַליבי" זײַנען די מערדער באַגאַנגען נאָך איין העסלעכן שווינדל. די דייטשע מיליטערישע מאַכט האָט אַרויסגערופן דעם אָרטיקן ראַבינער ד"ר ראָזעמאַן און, אונטער דער דראָונג פון אַ רעוואָלווער, אויסגעפּרעסט אַן אונטערשריפט אַף אַן אַקט, בכיין די רוסן האָבן פאַרן אָפּטרעטן אונטערגעצונדן דעם שול־ראַיאָן. די דײַטשישע פּרעסע האָט דערנאָך באַשריבן די געשעענישן טאַקע אין דעם נוסעך, בעכיין די „באָלשעוויקעס" האָבן כאָרעוו געמאַכט דעם מאַרק־ראַיאָן פאַר זייער אָפּטרעטן 12). דאָס איז געווען אַ קליינער קאַטין־בילבול מיט קנאַפּע צוויי יאָר פאַר דער גרויסער קאַטין־פּראָוואָקאַציע.

צווייטנס — איז די פּערפידיע פון דעם סוינע שוין געקומען צום אויסדרוק אויך אין פאַלשע צוזאָגן, וואָס זייער עפּילאָג איז אָבער געווען זייער אַ בלוטיקער פאַר די לייכטגלויביקע ייִדן. בעייסן טרויעריקן פרייטיק האָט זיך אָפּגעשפּילט אָט אַזאַ טראַגישער פאַל: איין ייִנגל האָט זיך אַנטלויפנדיק, באַהאַלטן אינעם הויף זאַלעוונאַ 10. די דײַטשן האָבן אונטער דער דראָונג פון אונטערצינדן דאָס הויז אינאיינעם מיט די שכיינים געצוווּנגען די הויז־אײַנוווינער אַרויסצוגעבן דעם פּאָליט. דאָס ייִנגל איז אַפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. אָבער די דײַטשן האָבן זייער וואָרט נישט געהאַלטן. עס איז טייקעף נאָך דער ערשטער עקזעקוציע אַוועקגעלייגט געוואָרן טויט אַ גאַנצע מישפּאָכע פון צווישן די לאָקאַטאָרן פונעם הויז: דאָוויד וויסאָצקי און זײַן פרוי כאַנע מיט זייער 6־יעריקן זונעלע, כאַנעס ברודער שאָול מעללער, אַ שלאָסער פון פאַך, און זײַן ווײַב לייקע, וועלכע האָט זיך נאָכן אומקום פון מאַן געבעטן ראַכמים באַם סוינע, מען זאָל

11) ג"א פון ז. קאַלעשניקאָוו.

12) קאַט, ז' 25.

אויך זי דערהאַרגענען, און דער סוינע האָט מיט פֿאַרגעניגן דערפֿילט די באַקאָשע. בלויז דער פֿאָטער פֿון די מעללערס, דער 70־יעריקער קאַלמען, האָט אויסגעמיטן די קויל, מאַכנדיק זיך, אַ ליגנדיקער, טויט[13].

אָט אַזוי האָבן די ביאַליסטאָקער ייִדן — אָפּן בײַשפּיל פֿון זאַלעוור־נאָ 10 — געהאַט אַ דאָפּלטע לעקציע: סײַ פֿון פּאַשיסטישער אַכזאָריעס, סײַ פֿון דעם, אַז מען טאָר נישט האָבן קײַן שום אילוזיע און דעם מינ־דעסטן צוטרוי צו היטלעריסטישע צוזאָגן, אַז מען דאַרף נישט גיין אָפּן וועג פֿון אַרויסגעבן איין קאָרבן מיט דער האָפֿענונג צו ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, ווײַל נאָכן ערשטן קאָרבן צעעפֿנט דער נאַצישער מוילעך זײַן פּיסק נאָכן צווייטן. שוין דעם ערשטן טאָג האָבן די ביאַליסטאָקער ייִדן באַשײַנפּערלעך געזען: דער וועג צו רעטונג און ווערדע איז — נישט גלייבן אינעם וואָרט פֿונעם סוינע, נאָר — האַלטן זיך אינאייינעם, סאָלי־דאַריש, מיט קעגנזײַטיקער הילף און שוץ.

דריטנס — האָט זיך שוין אין דער ערשטער צײַט אַנטפּלעקט דער קריכערישער כאַראַקטער און די אילוזיע־זייענדיקע פּאָליטיק פֿונעם אָקערשט אַנטשטאַנענעם יודענראַט. די פֿירער זײַנע האָבן גענומען זאַמלען געלט בײַ די מישפּאָכעס פֿון די קאָרבאָנעס, קעדיי אויסצוקויפֿן זיי פֿון דעם טאַל־יענס הענט. אינעם דאָזיקן ערשטן שריט פֿונעם יודענראַט האָט שוין געשטעקט דער איקערדיקער כאַראַקטער־שטריך פֿון זײַן גאַנצער ווײַטער־דיקער טעטיקײַט. דעם דערמאָנטן שאַבעס, דעם 12טן יולי, פֿיר טעג נאָכן אַנטשטיין פֿון דעם דאָזיקן אָרגאַן, האָבן די פֿירער פֿון יודענראַט געזאָגט די מישפּאָכעס פֿון די פֿאַרכאַפּטע מאַנצבילן, אַז מען קאָן די קאָרבאָנעס ראַטעווען, מען דאַרף נאָר געלט; אַז העכסטנס פֿאַרשיקט מען זיי ערגעץ ווײַט אַף אַרבעט. די דײַטשישע מאַכט האָט אַרויפֿגעלייגט אַף דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אַ שווערע קאָנטריבוציע, און קיינער האָט נישט געוואָלט מיטן גוטן ווילן געבן. האָט דער יודענראַט געזאָגט: פֿאַר דער קאָנטריבו־ציע ווען אויסגעלייזט ווערן די פֿינף טויזנט פֿאַרנומענע. אָבער אין די זעלביקע שאָען, ווען די דאָזיקע פֿאַרמיטלער האָבן געזאַמלט בײַ די קרוי־וויִם פֿון די אָװעקגעפֿירטע און בײַ אַנדערע ייִדן געלט און גאָלד, קי־דושיק־פֿינגערלעך און שאַבעסדיקע לײַכטער, אין דער זעלביקער צײַט

---

13) ג"א פֿון אַ. לעוויטאַנסקאַ.

איז שוין געווען נאָך אַלעמען. אַף פּיעטראַשע האָט זיך דעמאָלט פאַרענ־דיקט די עקזעקוציע. די פינף טויזנט יידן האָבן שוין נישט געלעבט 14).

שוין אַף דעם טרויעריקן ביישפּיל פון די „שאַבעסדיקע" האָט די געטאָ־באַפעלקערונג געהאַט אַן אָנשוילעכע לעקציע, אַז מען טאָר דעם יודענראַט נישט טרויען.

פערטנס — איז שוין דעמאָלט, און טאַקע צוליב דעם נאַר־וואָס באַ־שריבענעם טראַגישן שווינדל, אויפגעקומען אין ביאַליסטאָק דער ערש־טער סטיכישער אַקט פון מאַסן־פּראָטעסט.

סאַף כוידעש יולי האָט פאַרן ביניען פון יודענראַט געהאַט אַן אָרט אַ שטורמישע דעמאָנסטראַציע פון די אַלמאָנעס, יעסוימים און מישפּאָ־כעס פון די דערמאָרדעטע אַף פּיעטראַשע. זיי האָבן געפאָדערט אַ דין וועכעשבן פון די פאַרמיטלער, זיי האָבן אָנגענומען אַ דראָענדיקע פּאָזי־ציע: די פירער פונעם יודענראַט האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פאַרן צאָרן פון האַמוין 15). דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון ברויזונג.

און פינפטנס — דער ערשטער מוסטער פון אינטערנאַציאָנאַליסטי־שער סאָלידאַרישקייט. דעם בלוטיקן פרייטיק, ווען עס האָט געברענט דער שול־ראַיאָן, האָט זיך ערגעץ אין דער נאָענט אָפּגערופן אַ מענטשלעך האַרץ, וואָס האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק צוזען די פּיין פון לעבעדיק־פאַרברענטע. דער פּאָשעטער פּוילישער פאָלקס־מענטש, דער שוסטער ווי־ניצקי האָט זיך צוגעשלייכט פון הינטן אַרום צו דער שול און אויפגעריסן אַן עפענונג באַם אַרייננאַנג אין דער זייט פון סוראַזער גאַס, ווו די שמירע פון די דייטשן איז געווען קלענער. עטלעכע מענטשן איז דעם מוטיקן שוסטער געלונגען אַרויסצושלעפּן פון פייער. באַלד די זעלנער דער־זען דאָס בילד און געעפנט אַ שיסעריי פון אויטאָמאַטן. וויניצקי האָט טייקעף געמוזט אַנטלויפן. געציילטע יידן זיינען פונדעסטוועגן ניצל גע־וואָרן פון אַ שרעקלעכן טויט 16).

---

14) נ"א פון י. ריווקינד; אויך — ט. ציטראָן: „די דעמאָנסטראַציע פון די „שאַבעסדיקע" און „דאָנערשטיקדיקע", אַרכ' יזה"א, נומ' 2006.

15) דאָרטן.

16) נ"א פון א. לעוויטאַנסקאַ; דעם זעלביקן רעטונגס־פאַל באַשטעטיקט אויך אין זיין ביכל ס. קאַט.

צי האָבן די ייִדן אַרויסגעצויגן די געהעריקע מאַסקאָנעס און גע־מאַכט אויספירן פון די פינף באַגלייט־שטריכן פון דעם ערשטן טעראָר־ציקל ? בלויז אַ טייל האָט לעכאַטכילע פאַרשטאַנען דעם גאַנצן עמעס. אָבער וועגן דעם — ווייטער.

# קאַפּיטל דרײַ

## די ערשטע גזירעס

ווי געזאָגט, זײַנען די דײַטשע פאַשיסטן געקומען קײַן ביאַליסטאָק באַוואָפנט מיט דער אַנטי־ייִדישער פּראַקטיק פון קנאַפּע צוויי יאָר אין דער גענעראַל־גובערניע, וואַרטעלאַנד און ציכענאַוער (טשעכאַנאָווער) באַצירק. די ערשטע פאַראָרדענונגען, וועלכע האָבן אָוועקגעשטעלט די ייִדן אין ביאַליסטאָק אין אַן אויסנאַם־לאַגע, האָבן דאָ אַרײַנגעבראַכט די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען. דעם 8טן יולי 1941 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די פאַראָרדענונג וועגן טראָגן אַ ווײַסן באַנד מיט אַ בלויען מאָגן־דאָוויד 1), אינגיכן זײַנען איינגעפירט געוואָרן, לויטן מוסטער פון די שטעט, וואָס זײַנען איינגעגלידערט געוואָרן אין „רײַך", עלעהיי לאָדזש — צוויי „שאַנד־צייכנס" — אָף דער לינקער ברוסט פון פאָרנט און אָף דער רעכטער פּלייצע פון הינטן 2).

די דאָזיקע ערשטע דערנידערונג־גזירע האָט אָנגעטראָפן באַלד פון אָנהייב אָף אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד. די ביאַליסטאָקער ייִדן האָבן זיך נישט געאײַלט אויסצופירן די פאַראָרדענונג פון דער דײַטשער מאַכט און האָבן אויך נישט געוואָלט אַזוי אייפעריק זיך צופּאַסן צו די רעקאָמענדאַציעס און אייצעס פון דעם יודענראַט, וועלכער האָט אין דער ערשטער מעלדונג שטרענג געוואָרנט די ייִדן. אין אַ קורצער צײַט נאָך דער ערשטער מעלדונג וועגן דער לאַטע־גזירע לאָזט דער יודענראַט אַרויס — שוין נישט קיין מודיאַע, נאָר אַן „אויפפאָדערונג און וואָרענונג דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק" און ווענדט זיך צו די ייִדן מיט אַ שפּראַך, אין וועלכער עס הילכן אָפּ טענער פון דראָונג:

1) מעלדונג נומער 1 (ביאַליסטאָקער יודענראַט־אַרכיוו אינעם אַרכ׳ פון יי״ה״א).
2) ג״א פון פּישל פּיינפּעלד, אַרכ׳ יי״ה״א נומ׳ 972/2.

„נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז אַ טייל ייִדישע מענער און פרויען אין ביאַליסטאָק טראָגן נאָך אַלץ נישט דעם פאַרגעשריבענעם געלן צייכן פון פאָרנט אויף דער לינקער זײַט און פון הינטן אויף דער פלייצע, ווענדן מיר זיך נאָכאַמאָל, אין אויפטראַג פון דער מיליטער־מאַכט, מיט דער דרינגלעכער פאָדערונג טייקעף אָנצוטאָן די דערמאָנטע צייכנס. אין קעגנפאַל וועלן די אַלע, וואָס וואַרפן זיך נישט אונטער דעם דאָזיקן באַפעל, ווערן צום שטרענגסטן באַשטראָפט.

„קיין ייִד טאָר נישט אונטער קיין שום אומשטאַנד אויסמײַדן די דאָזיקע פאַראָרדענונג" 3).

אין אָט דער „אויפפאָדערונג און פאַראָרדענונג" ציִען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט צוויי וויכטיקע מאָמענטן: ריישיס — רעדט דער יודענראַט אין אויפטראַג פון דער מ י ל י ט ע ר ־ מ אַ כ ט. וועהאַשייניס — אויב אין דער ערשטער מעלדונג וועגן דעם שאַנד־צייכן האָט דער יודענראַט גערעדט מיקויעך שטרענגע שטראָפן פאַר אויוועך זײַן אויף דער גזיירע, באַנוצן איצט די דאָזיקע ייִדישע באַפעל־אויספירער פון דער דײַטשער מיליטער־מאַכט אין זייער „אויפפאָדערונג און פאַראָרדענונג" דעם אויסדרוק „צום שטרענגסטן באַשטראָפט" לעגאַבע די ווידערשפּעניקע. אין גאָר אַ קורצער צײַט שפּעטער, דעם 26טן יולי, פּרעציזירן די יודענראַטלער אין נאָמען פון זייערע פולמאַכטגעבער גענויער דעם פּשאַט פון די ווערטער „צום שטרענגסטן באַשטראָפט". העיויס ווידערשפּעניקע האָבן זיך — נישט געקוקט אויף די ערשטע צוויי דראָונג־דאָקומענטן — דאָך געפונען, גיט אַרויס דער יודענראַט דעם 26טן יולי אַ פרישע מעלדונג:

„די מאַכט האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם ייִדנראַט 4), אַז אַ טייל ייִדן טראָגן נישט די געלע צייכנס אויף דער ברוסט און אויף דער פלייצע. דער ייִדנראַט מאַכט נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם, אַז די אַלע פּערזאָנען וואָס וועלן נישט טראָגן די געלע צייכנס לויט דער פאַראָרדענונג, וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן, אַפילע ביז דערשיסן" 5).

דעם זעלביקן 26טן יולי 1941 איז אַרויס אַ צווייטע גרויזאַמע גזיי־

---

3) מעלד' נומ' 2 (דאָרטן).

4) מיר מאַכן אויפמערקזאַם: מיר באַנוצן דעם טערמין „יודענראַט", בעיים דער יודענראַט גופע טיטולירט זיך „ייִדנראַט". וועגן דעם אונטערשייד — זע ווײַטער

5) מעלד' נומ' 7 (דאָרטן).

רע, די גזיירע פון געטאָ. אין מעשעך פון פינף טעג האָט די גאַנצע ייִדי־שע באַפעלקערונג געמוזט פאַרלאָזן אירע אַלטע וווין־ערטער אין אַלע טיילן פון דער שטאָט און זיך איבערקלויבן אין אַ באַשטימטן, באַגרע־נעצטן וווין־ראַיאָן, וואָס איז אַרײַנגעקוועטשט געוואָרן צווישן דער הויפּט־אַרטעריע ליפּאָווע פון איין זײַט און די דאַלעסדיקע געסלעך, וואָס נאָך דער ביאַלע, פון דער צווייטער; און אויך צווישן דער שענקעוויטש־גאַס און די פּאָלנע. פון אַלע אַנדערע גאַסן האָבן ייִדן געמוזט אַרויס. אָף זייערע ערטער האָבן זיך געדאַרפט אַרײַנציען „ריין־אַרישע" מישפּאָכעס. די אַרויסגעטריבענע ייִדן זײַנען מעכויעוו געווען איבערלאָזן פאַר די נײַע באַלעבאַטים די שטוב־אײַנאָרדענונג אין בעסטן סיידער. ווען דעם האָט טאַקע מיטגעטיילט די צעבראָכענע ייִדן דער יודענראַט אין אַ „וויכטי־קער מעלדונג" — דעם זעלביקן 26טן יולי:

„אָפן גרונט פון אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט, מעלדעט דער ייִדנ־ראַט דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג, אַז אַלע וווינונגען מוזן, באַם פאַרלאָזן זיי, בלײַבן אין אַ ריינעם צושטאַנד, נישט שמוציק, געוואַשן די פּאָדלאָגעס, ריין די ווענט, טירן און פענצטער.

„דערפאַר איז פאַראַנטוואָרטלעך יעדער אייגציקער פאַר זיך באַזונ־דער און דער ייִדישער קלאַל צוזאַמען מיטן ייִדנראַט. דעריבער וואָרנט דער ייִדנראַט נאָכאַמאָל מיט דער גאַנצער שטרענגקײַט, אַז אַלע פאַר־לאָזענע וווינונגען מוזן זײַן אין אַ פולשטענדיק ריינעם צושטאַנד. די שליסלען פון דער דירע מוז מען אָפּגעבן אין מאַגיסטראַט" 6).

די געוויינלעכע מיטטיילונגען פונעם ביאַליסטאָקער יודענראַט טראָגן דעם לאַקאָנישן נאָמען „מעלדונג". אין דעם אָקערשט־ציטירטן פאַל האָט דער יודענראַט געהאַלטן פאַר נייטיק צו באַקרוינען די אִיעוו־בסורע מיט אַ טיטל „וויכטיקע מעלדונג" און האָט זיך ווידעראַמאָל באַנוצט מיט אַזעלכע אויסדרוקן, ווי „וואָרענען". דער אַכזאָריעסדיקער היטלעריסטישער אונטערדריקער האָט נישט בלויז באַרויבט די ייִדן פון זייערע וווינונגען, נאָר זיי געצוווּנגען אויסצורייניקן און אויסצופוצן די פאַריאָסעמדיקע צימערן פאַר די „יאָרשים", וואָס האָבן זיך אין זיי געדאַרפט באַזעצן. דער אָקופּאַנט האָט געגעבן פאַרן גיירעש בעסאַכאַקל פינף טעג. דעם ערשטן אויגוסט איז דער נײַער וווין־ראַיאָן פון די

---

6) מעלד' נומ' 4 (דארטן).

אַרויסגעיאָגטע און באַרויבטע ייִדן, דאָס געטאָ, געוואָרן אָפּגעשלאָסן און פאַרמאַכט. אין מעשעך פון די דאָזיקע פינף טעג זײַנען די ביאַליסטאָקער געווען שטומע איידעס פון גרויליקע בילדער.

נאָך דעם פאַטאַלן טאָג פון דער שול־סרייפע און נאָך דעם טראַגישן שאַבעס זײַנען די דאָזיקע פינף גיירעש־מעסלעסן געווען ווײַטערדיקע רינגען אין דעם מעויעמדיקן בראָך. אָט ווי עס באַשרײַבן דעם ערשטן גיירעש אין געטאָ אַרײַן איידיי ריִע:

פון אינדערפרי אָן האָבן זיך געצויגן רייען ייִדן, געבויגענע אונטער פּעק בעטגעוואַנט, געשלעפּט קינדערשע וועגעלעך מיט קאָלערליי כּפּיי־צים. זיך געצויגן פון אַלע ווײַטערע גאַסן און פון דער פּעריפעריע צו דעם פירעקעדיקן ראַיאָן, וועלכן די דײַטשן האָבן אָפּגעצוימט פון דער דרויסנ־דיקער וועלט און באַשטימט פאַר אַ געטאָ. לענגויס די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צו די אַרײַנגאַנגען אין דער ריזיקער טפיסע, זײַנען געשטאַנען רײַכס־דײַטשן, פאָלקס־דײַטשן, שטאָם־דײַטשן, פוילישע זאָאָלאָגישע אַנ־טיסעמיטן און האָבן בלוטיק געכויזעקט פון די פאַרכוישעכטע ייִדן. און קעדיי צוצוגעבן דער „איבערזידלונג” אַלע סימאָנים פון אַ פּאָגראָם, האָבן די כוליגאַנעס פון דער היטלער־יוגנט אין אַ רײַ ערטער צעטרעטן ייִדישע פּערענעס און קישנס, גאַסן זײַנען אויסגעפּילט געוואָרן מיט אַ מאַבל פעדערן. אייבצײַטיק איז אָנגעגאַנגען אַ רויבערײַ און שלעגערײַ. קינדער האָבן געוויינט, זקיינים זײַנען געפאַלן, און די כוליגאַנעס האָבן געטריבן, באַגלייטנדיק די קאָרבאָנעס מיט מיִעסע זידל־ווערטער; צום אָפּטסטן האָט מען געהערט דאָס כויזעק־געשריי: „יודי דאָ בודי” 7).

די אַרומיקע כוליגאַנישע באַגלייטער האָבן זיך נישט באַפרידיקט מיט בלויז זידלען. מען האָט געקאָנט זען אָפטע בילדער, ווי כוליגאַנעס פון דער ענדעקישער סטודענטן־קאָרפּאָראַציע באַפאַלן אַלטע ייִדישע פרויען, וועלכע בויגן זיך אונטער דער לאַסט פון די אָרעמע פּעק, און שלאָגן זיי מיט שטעקנס. מענער און פרויען פון דער פוילישער אונטער־וועלט זײַנען געגאַנגען איבער ייִדישע וווינונגען, געזוכט ייִדן, גערופן צו זיי געשטאָפּאָ־לײַט, גערויבט, געשלאָגן און זיך איזדיעקעוועט איבער די אומגליקלעכע קאָרבאָנעס. גרויס פלײַס אין אָט דער מענוווּלדיקער אַר־בעט האָט אַרויסגעוויזן אַ געוויסע זשוקאָווסקאָ מיט אירע זין, וועלכע

---

7) ג״א פון ריווקע וואָיסקאָווסקאָ (מעכאָבערס אַרכ׳).

האָבן אין דעם הויז אַף ווערסאַל־גאַס נומער דריי אײַנגעאָרדנט אַ „קליין״ פּאָגראָמל איבער די יִדישע שכיינים 8).

טרײַ זייער נוסעך באַ אַלע אַזעלכע פאַלן האָבן דײַטשע אָפיצירן מיט גרויס האַנאָע און פלינקײַט פילמירט די דאָזיקע גרויל־בילדער 9). עס האָט געדאַרפט הייסן פאַר דער וועלט, אַז נישט זיי, די זיגער און אָקופּאַנטן, טרײַבן די יִדן אין געטאָ אַרײַן, נאָר אַז דאָס איז דער ווילן און פאַרלאַנג פון דער „אַרישער״ אָרטגעזעסענער באַפעלקערונג, וועלכע וויל אינאיינעם מיט די שמוציקע יִדן נישט וווינען, נישט לעבן.

אָבער די דאָזיקע אידיליע פון דײַטשער רײַכסווער און אָרטיקע כו־ליגאַנעס און פאַשיסטן פון פוילישן אָפּשטאַם איז פון צײַט צו צײַט צע־שטערט געוואָרן דורך לעגאַמרע אַנדערע גאַסן־סצענעס, דורך באַשיידענע מאַניפעסטאַציעס פון מענטשלעכקייט — און דעמאָלט איז דער פילם־אַפּאַראַט אַנטשוויגן און פאַרלאָשן געוואָרן. אָט איז אַן אַלטער פוילישער אַרבעטער־מענטש צוגעגאַנגען צו אַ יונגער פרוי, אַ „באַצירטער מיט אַ געלער לאַטע, און אַפן קאָל זי באַגלייט מיט האַרציקע טרייסט־ווערטער: „טאָכטער, שעם זיך נישט; זאָלן זיי זיך שעמען, אָט אַ די, וואָס האָבן דיר די געלע לאַטע אָנגעטאָן״ 10).

דעם ערשטן אויגוסט 1941 איז דאָס געטאָ אין ביאַליסטאָק געוואָרן פאַרמאַכט. דאָס איז געווען דעם זעלביקן טאָג, ווען עס האָט דעם אַמט פון שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג איבערגענומען עריק קאָך. די יִדן האָבן אָבער בעשום אויפן נישט געקאָנט אינערלעך מאַסקים זײַן מיט דעם דאָזיקן גזאַר־דין. אין די ערשטע צוויי טעג האָבן אַ סאַך געטאָ־אסורים געבראָכן די גזיירע און, נישט קוקנדיק אַפן אָסער־רוף פונעם יודענראַט, אַרויסגעגאַנגען פון דעם אַרויפגעצוווּנגענעם טכום. און ווי־דער האָט אַ שוועב געטאָן פאַר די אויגן פון די ווידערשפּעניקע דאָס גע־שפּענסט פון טויט. „מיר וואָרענען אין נאָמען פון דער מאַכט, — שרייבט אין זײַן וואָרענונג פון דריטן אויגוסט 1941 דער יודענראַט, — די טויַ־ערן פון געטאָ זײַנען פאַר יִדן געשלאָסן. יעדער יִד, וואָס טרעט אַרויס

8) ג״א פון י. ריווקינד.
9) ג״א פון מ. אורשאַנסקי, ארכ׳ יִזְה״א פּראָט׳ נומ׳ 2160.
10) ג״א פון ריווקע וואַיסקאָווסקאַ.

פון געטאָ־טויער אָן אַ דורכגאַנג־שײַן, שטעלט אײַן זײַן לעבן״ 11). די מאַכט האָט געדענקט וועגן יעדן מעגלעכן פאַל, אַפילו וועגן... זוינעס. דעם צווייטן סעפּטעמבער 1941, אַ כּוידעש נאָכן שליסן דאָס געטאָ, לאָזט אַרויס דער יודענראַט אַ פרישע וואָרענונג, וועלכע דראָט נאָך אַלץ מיט טויט: „די דײַטשע מאַכט לאָזט וויסן דעם יידנראַט, אַז די גאַסן־פּרויען פון געטאָ פאַרבלײַבן איבער נאַכט אויסער דעם יידישן שטאָט־טייל. די יידישע אָרדענונגס־דינסט האָט באַקומען דעם באַפעל, אַז מען וועט כאַפּן אַזעלכע פּרויען, זאָל מען זיי איבערגעבן דער דײַטשער מאַכט. די שולדיקע וועלן באַשטראָפט ווערן מיט טויט״ 12). עס איז קלאָר, אַז דאָס איז כּאַל געווען נישט בלויז אַף זוינעס.

עס איז פונדעסטוועגן געווען אַ זייער קליינע קאַטעגאָריע געטאָ־אײַנוווינער, וואָס האָבן געמעגט — אָפּן סמאַך פון ספּעציעלע דערלויבענישן, — זיך געפינען אין מעשעך פון אַ באַשטימטן טאָג־אָפּשניט מיכוץ די גרענעצן פונעם יידן־ראַיאָן. דאָס זײַנען געווען נישט בלויז די פאַרשיידענע שפּיקעס און אַגענטן פון די דײַטשע אָרגאַנען, וועמענס אויפגאַבע עס איז באַשטאַנען אין אויסשפּירן יידן אַף דער „אַרישער״ זײַט, און ביפראַט קאָמוניסטן. צו די „גליקלעכע״, וואָס האָבן געמעגט אַרויסגיין, האָבן געהערט אויך די אַרבעטער, וועלכע זײַנען באַשעפטיקט געווען אין פאַרשיידענע געביטן מיכוץ די געטאָ־פאַרקנס. די דאָזיקע „באַל־מוצעכס״ האָבן, אײַנשטעלנדיק דאָס לעבן, אַרײַנגעפירט אין געטאָ אַרײַן אַ ביסל שפּײַז־פּראָדוקטן. אָבער אויך דאָס האָט פאַרויסגעזען דער באַצווינגער. דעם 15טן אויגוסט 1941 ווערן די מויערן פון ביאַליסטאָקער געטאָ באַקלעפּט מיט דער ווײַטערדיקער מעלדונג פון יודענראַט: „די אַלע, וואָס האָבן שײַנען אַרויסצוגיין פון געטאָ, ווי אויך אַלע בריגאַדירן פון אַרבעט־אָפּטייל באַם יידנראַט און די יידישע אַרבעטער, וואָס קומען אויסערן געטאָ, ווערן דערמיט געוואָרנט, אַז מאַכן וועלכע עס איז אײַנקויפן אויסערן געטאָ, סײַ אין די קראָמען און סײַ פּריוואַט, איז פאַר יידן דורך דער דײַטשער מאַכט שטרענג פאַרווערט. פאַר נישט פאָלגן דעם דאָזיקן פאַרבאָט וועלן קומען זייער שווערע שטראָפן 13).

11) מעלד׳ נומ׳ 15 (דאָרטן).

12) מעלד׳ נומ׳ 83 און 84 (דאָרטן).

13) מעלד׳ נומ׳ 53 (דאָרטן).

האָיויס דער דאָזיקער פאַרבאָט האָט ווייניק געהאָלפן, האָט די אָקו־פּיר־מאַכט געוואָרנט דעם יודענראַט, אַז פאַר אויוועך זײַן אַף דער גזיירע וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן נישט בלויז די דירעקטע שולדיקע, נאָר אויך די גאַנצער יידישע באַפעלקערונג 14). אינאיינעם מיטן געשפּענסט פון טויט־שטראָף 15) האָט אַרויסגעטויכט אַ צווייטע געפאַר — קאָלעק־טיווע אַכראַיעס.

און קעדיי די יעכידיי סגולע, וואָס זײַנען מעזאָקע געוואָרן מיט מעגן אַרויסגיין אַף אַרבעט מעכוץ דעם געטאָ, קעדיי זיי זאָלן ווערן וואָס מער טעראָריזירט און אָפּגעשראָקן, האָט דער אָקופּאַנט פאַראָרדנט דורך דעם יודענראַט, אַז זיי טאָרן נישט גיין צוזאַמען מער ווי זאַלבענאַנד; אַז זיי טאָרן זיך נישט באַנוצן מיט די טראָטואַרן, אַז זיי טאָרן אויך נישט גיין אינמיטן ברוק, נאָר נאָענט צום טראָטואַר, אַז זיי איז פאַרווערט צו גיין מיט די הויפּט־גאַסן און זיי מעגן זיך באַנוצן — נישט מיט וואַרשעווער גאַס, נאָר מיט סטאַראָבאָיאַרער, נישט מיט וואשילקאָווער, נאָר מיט קאָשטשעלנע וקעדוימע 16).

עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז דאָס יאָווען זיך אַף די פּריערדיקע וווין־ערטער האָט געשמעקט מיטן ערגסטן. וואָרעם דעם אָקופּאַנט איז געגאַנגען נישט בלויז אין אַרײַנקוועטשן די יידן אין אַ אָפּגעצוימטן טכום, נאָר אויך אין באַרויבן זיי פון זייער האָב און גוטס; אָבער די היטלעריס־טישע מאַכט האָט איינצײַטיק געהיט, אַז די יידישע באַוועגלעכע גיטער זאָלן נישט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון פּריוואַטע מענטשן, נאָר זאָלן טרעפן גלײַך אין מעלוכע־אויצער פון „דריטן רײַך". פּאַראַלעל מיטן גיירעש און מיט דער געטאָ־ גזיירע איז אָנגעגאַנגען אַן אַקציע פון אַ פּאַקטישער ריזיקער קאָנפיסקאַציע פון דעם גרעסטן טייל פון יידישן פאַרמעגן לעטויוועס דער דײַטשער פאַשיסטישער מעלוכע, וועלכע האָט זיך אויך אין ביאַליסטאָק אַנטפּלעקט ווי דער גרעסטער און גיריקסטער רויבער אין די יאָרן 1941־1945. נאָכדעם ווי די מיליטער־מאַכט האָט

14) מעלד' נומ' 61 פון 18טן אויגוסט 1941.

15) אין דער מעלדונג פונעם י"ר פון 30טן סעפּטעמבער 1941 ווערט בעפּיירעש געוואָרנט, אַז פאַר אײַנקויפן אויסער דעם געטאָ שפּײַז קאָן מען באַ־שטראָפט ווערן מיט טויט.

16) מעלדונגען נומ' 34 און נומ' 168 פון 10טן אויגוסט און 26טן נאָוועמ־בער 1941 (דאָרטן).

אַדורכגעפירט די ערשטע שכיטעס און גזיירעס, האָט די פריש־געבאַקע־נע דײַטשע ציווילע פאַרוואַלטונג פון דער אָקופּירטער שטאָט אַרויסגע־לאָזט אַט אַזאַ באַקאַנטמאַכונג אין דרײַ שפּראַכן — דײַטש, פּויליש און ווײַסרוסיש:

„1. יעדע פּערזאָן איז מעכויעוו צו פאַרהאַלטן ייִדן און אָפּצופירן זיי אין נאָענטסטן פּאָליצײַ־פּאָסטן, אָדער צום אַמט־קאָמיסאַר.

„2. יעטוועדער איז מעכויעוו טייקעף וועמיאַד צו פאַרמעלדן ייִדיש פאַרמעגן, וואָס געפינט זיך באַ אים, באַם אָרטיקן בירגערמײַסטער, אָדער אַמט־קאָמיסאַר, עווענטועל דעם קאָמיסאַר פון דער שטאָט ביאַליסטאָק.

„3. עס איז פאַרווערט:

„א) נישט באַרעכטיקטע פּערזאָנען צו באַזוכן דאָס געטאָ, ייִדישע וווינונגען און פּאָסעסיעס;

„ב) צואייגענען זיך ייִדישע פאַרמעגנס, צעטראָגן עס, אָדער העלפן אין דעם דריטע פּערזאָנען;

„4. ווער עס ווירקט אַקעגן דער דאָזיקער פאַראָרדענונג וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן.

אויבערפּרעזידענט
ציוויל־פאַרוואַלטונג
פאַר דעם באַצירק ביאַליסטאָק" 17).

די דאָזיקע פאַראָרדענונג איז כאַל געווען נישט בלויז אַף ביאַליס־טאָק דער שטאָט, נאָר אַפן גאַנצן באַצירק.

* * *

דער פּלאַן, ווו עס זאָל זיך געפינען דאָס געטאָ אין ביאַליסטאָק און אין וואָס פאַר אַ גרענעצן, איז געגוי באַטראַכט געוואָרן דורך דער דײַטשער מאַכט. לעכאַטכילע איז געפּלאַנעוועט געוואָרן אײַנצואָרדענען דאָס געטאָ אין דער געגנט פון די כאַנאַיקעס 18). דער פּלאַן איז אָבער פאַרוואָרפן געוואָרן, צי דערפאַר, ווײַל די כאַנאַיקעס־געגנט איז צו נאָ־

17) אינעם ביאַליסטאָקער יודענראַט־אַרכיוו (ארכ' יוה"א).
18) ג"א פון ד"ר ציטראָן (מעכאַבערס אַרכ').

ענט צום וואַלד, צי דערפֿאַר, (וואָס איז מער וואַרשיינלעך), ווײַל עס האָט געווירקט דער פּעטער שוחד, וואָס דער יודענראַט האָט דערלאַנגט די נאַצישע שראָרעס דורך דעם בירגערמײַסטער ריגערט 19). אַזוי צי אַזוי — פֿאַר דעם געטאָ איז באַשטימט געוואָרן דער טכום, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די ווײַטערדיקע גאַסן און געסלעך: פֿאָלנע, טשענסטאָכאָווער, נײַ־וועלט, געלדאָווע, קופּיעצקע (נישט ביזן סאָף), שליאַכעצקע, טשיסטע, טשיעפּלע, כמיעלנע, נאָוואָגרודזקע, לוצקע, ביאַלע, רוזשאַנסקע, ביאַלאָסטאָטשאַנסקע, יוראָווצער (טײלוויַיז). די אָקופּאַנטישע מאַכט האָט אזוי אויסגעפּלאַנירט, אַז דאָס געטאָ זאָל אַרומנעמען אַ קוואַדראַט פֿון גאַסן, רעכענענדיק, אַז אַזוי אַרום וועט גרינגער זײַן צו האַלטן די שמירע אַרום די איזאָלירטע ייִדן און צו האָבן אַן אויג אַפֿן שמוגל. אין אָט דעם קוואַדראַטנעם טכום האָבן אָפֿיציעל געוווינט קנאַפּע פֿופֿציק טויזנט ייִדן; נאָך אַ פֿופֿצן טויזנט האָבן דאָרטן געלעבט אומלעגאַל (די דאָזיקע ציפֿערן זײַנען, נאַטירלעך, לעפֿיערעכדיקע און נישט קיין אַבסאָלוט פֿעסטגעשטעלטע). אַרײַנגעטריבן זײַנען אַהער געוואָרן אַלע ייִדן פֿון ביאַליסטאָק; די גזיירע האָט — ווי אומעטום — נישט אויסגעמיטן אַפֿילע דעם, וואָס זײַן באָבע איז געווען אַ ייִדישע, און אַ פּשיטע, אַז יענעם, וואָס האָט זײַן גוף שוין פֿון לאַנג באַשפּריצט מיטן הייליקן וואַסער פֿון שמאַד. צווישן די, וואָס האָבן זיך נאָכן ערשטן אויגוסט 1941 געפֿונען הינטער די פֿאַרקנס פֿון אָפּגעשניטענעם ייִדן־ראַיאָן, זײַנען געווען אויך עטלעכע מיסיאָנערן פֿון דער אַנגליקאַנישער (באַרביקאַנישער) טיפּלע פֿון דער גאַס פֿון הייליקן ראָד מיט פּאַסטאָרן־מעשומאָדים בעראָש. עס איז זיי נישט בײַגעשטאַנען דער זכוס פֿון זייער אַרבעט צו באַקערן די ייִדן צום „עמעסן גלויבן”. פֿאַרן סוינע זײַנען זיי געווען פּאָשעטע ייִדעלעך גלײַך מיט אַלעמען. און עפּשער האָבן זיי געוואָלט כאַפּן נעשאָמעס אין די טרויעריקע באַדינגונגען פֿון געטאָ? עס איז זיי אָבער גאָרנישט געלונגען 20).

19) דאָרטן.

20) וועגן זייער גורל זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע סוואָרעס. יעש אוימרים אַז זיי זײַנען אומגעקומען אינאיינעם מיט אַלע געטאָ־אַסורים. וועיעש אוימרים, אַז זיי זײַנען אַ געוויסן טאָג נעלעם געוואָרן, אַרויסגעצויגן געוואָרן דורך זייערע אַנגליקאַנישע אַפּעטראָפּסים.

מיטן אייגענעם גוטן ווילן זײַנען אַוועק אין געטאָ אַ ריי נישט־ייִדישע פֿרויען פֿון ייִדישע מענער, ווי די גרוזינישע פֿרוי פֿונעם רעזשיסער בובריק, די דײַטשישע פֿרוי פֿונעם לאָמזשער פֿאָליט נאָמבערג א״א.

דאָס געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע פּלויטן; ערטער־ווײַז איז ער געווען פאַרמויערט, אָדער אָפּגעטיילט פון דער אויסערלע־כער וועלט מיט די „נאַטירלעכע" מויערן פון די הײַזער. טויערן זײַנען געווען לעכאָטכילע צוויי: דער הויפּט־אַרײַנגאַנג איז געווען נעבן הויז קופּיעצקע 3, ניט ווײַט פונעם עק קופּיעצקע־ליפּאָווע; דער צווייטער וויכ־טיקער טויער האָט זיך געפונען בײַ יוראָווצער נומער פיר. בײַ די דאָזי־קע טויערן איז טאָמיד געווען אַ געדראַנג, ווײַל דורך דאַנען איז מען נישט בלויז אַרויסגעגאַנגען אויף אַרבעט צו דער „אַרישער" זײַט, נאָר אַהער פלעגן קומען מענטשן פון ביידע וועלטן, פון דער איזאָלירטער און פון דער „פרײַער", דורכצופירן אין געהיים און אין געאײַל קאָלאָרליי מאַסע מאַטנס — טוישן, קויפן, פאַרקויפן 21). ביפראַט דורכן טויער אויף יוראָווצער גאַס איז אַנגעגאַנגען אַ גרויסער שמוגל. ייִדן האָבן אײַנגע־שטעלט דאָס לעבן און אַרײַנגעפירט אייל, בראָנפן, זייף, פעפער, פעטסן. אַז מ'איז אַרײַנגעפאַלן, האָט מען באַקומען אַ ביטערע שטראָף. די דײַ־טשישע וועכטער פלעגן, אַ שטייגער, צווינגען די שמוגלער אויסצוטרינקען דעם געכאַפּטן אייל, אָדער געהייסן דעם אַרײַנגעפאַלענעם ייִד אָפּרײַסן אַ צווײַגל פון אַ בוים. מיט דעם דאָזיקן צווײַגל איז דער ייִד אָפּגעשמיסן געוואָרן אויפן הוילן קערפּער מיט ווינציקסטנס פינף־און־צוואַנציק שמיץ 22). נישט געקוקט אויף די שווערע שטראָפן, האָט דער שמוגל געבליט. עס זײַנען אין אים אַרײַנגעצויגן געוואָרן מענטשן פון דעם סוינעס לאַגער גופא — דײַטשן. דער הויפּט־מיסכער איז געגאַנגען דורך דער דײַטשישער סאָלדאַטן־היים אויף ליפּאָווע, ד"ה — אויף דער „אַרישער" זײַט.

דער דריטער טויער האָט זיך געפונען אויף פאַבריקס־גאַס בײַם עק פון פרײַהייט־פּלאַץ (פּלאַץ וואָלנאָשטשי). דאָס איז געווען אַ טרויערי־קער טויער, דער שפּעטערדיקער אַרויסגאַנג צום גיירעש, צום טויט.

דער רעזשים אין געטאָ איז געווען זייער אַ שווערער. קעדיי עס זאָל בײַ ייִדן דערשטיקט ווערן יעדע שטים פון פּראָטעסט, איז אײַנגעפירט געוואָרן אַ שטרענגער פּאָליצייִשער רעזשים. דעם פינפטן סעפּטעמ־בער 1941 מעלדעט דער יודענראַט דער ייִדישער באַפעלקערונג אַט וואָס: „די ייִדישע אָרדענונגס־דינסט האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג נישט

21) ג"א פון פ. פּײַנגאָלד.
22) דאָרטן.

צו לאָזן מענטשן צונויפקלײַבן זיך אַף טראָטואַרן און ברוקן, ווײַל דאָס פאַרהאַלט די באַוועגונג אין די גאַסן און פאַרשפּאַרט דעם גאַנג צו די הײַזער. די באַפעלקערונג ווערט אויפגעפאָדערט פאָלגן די דאָזיקע פאַר־אָרדנונג. אין קעגנפאַל וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן״ 23).

עס איז קלאָר, אַז די קאַוואַנע פון דעם סוינע איז לאַבלוטן נישט געווען נישט צו פאַרשטאָפּן דעם צוקום צו די וווין־הײַזער פון די ייִדן, וועמענס לעבן־באַקוועמלעכקייט עס איז אים זייער ווייניק אָנגעגאַנגען. דורך דער אָקערשט ציטירטער פאַראָרדענונג שלאָגט די מוירע פאַר מענטשן־געזעמלס, פאַר געפּליסטערטער פּראָפּאַגאַנדע. קעדיי אָפּצוטויטן דאָס גאַסן־לעבן, וואָס קאָן בײַ געוויסע אומשטענדן ווערן געפערלעך פאַרן אָקופּאַנטישן רעזשים, פאַרבאָט דער סוינע דעם גאַסן־האַנדל אין געטאָ. דעם צוואַנציקסטן אָקטאָבער 1941 ווערט פונאַנדערגעקלעפּט אי־בער די גאַסן און געסלעך פון געטאָ אַ נײַע מוידאָע פונעם יודענראַט וועגן דעם, אַז — „דער האַנדל אין די גאַסן איז פאַרווערט; ווער עס וועט זיך נישט אונטערוואַרפן דעם דאָזיקן פאַרבאָט, וועט אים די סכוירע אָפּ־גענומען ווערן און ער וועט פאַרהאַלטן ווערן 24). מיט דער צײַט ווערט אַלץ מער און מער באַגרענעצט די מעגלעכקייט פון צוזאַמענטרעפן זיך אין עפנטלעכע לאָקאַלן. דעם נײַנטן יוני 1942 ווערן אַף אַ כוידעש צײַט געשלאָסן אַלע רעסטאָראַנען, קאַפעען, און טיי־הײַזער מיטן טערעץ, אַז דאָס איז אַ רעפּרעסיע־מיטל פאַרן אומגעזעצלעכן פאַרקויף פון געטראַנ־קען; מיט אַ קורצער צײַט פריִער איז פאַרווערט געוואָרן צו מאַכן און פאַרקויפן אַלע מינים אײַז־קרעם 25).

אַזוי האָט די אָקופּאַנטישע מאַכט פון סאַמע אָנהייב אַרויסגעלאָזט קאָלערליי גזיירעס, וועלכע האָבן געשאַפן פאַר די ייִדן אַן אויסנאַם־לאַ־גע, אַראָפּגענידערט זיי צו דער מאַדרייגע פון רעכטלאָזע פאַריער, אַרומ־געשטעלט זייער טאָג־טעגלעך לעבן מיט שוידערלעכע פאַראָרדענונגען, וואָס פאַר זייער אויוועך זײַן האָבן געדראָט די העכסטע שטראָפן ביז צונעמען דאָס לעבן אײַנגעשלאָסן.

23) מעלד׳ נומ׳ 87 (דאַרטן).
24) מעלד׳ נומ׳ 133 (דאַרטן).
25) די מעלדונגען נומ׳ 269 און נומ׳ 284 פון 22טן מײַ און 9טן יוני 1942.

אָפּגעסעפּאַרירט די ייִדן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, איז דער סוינע זיכער געווען, אַז ער וועט פּאַטער ווערן פון אַ גרויסער צאָל מויר־דים. דערדריקט די ייִדן מיט קאַלערליי גזירעס און אויפגעהויבן איבער זייערע קעפּ דאָס קעסיידערדיקע געשפּענסט פון טויט, איז ער זיכער גע־ווען, אַז דער רויב פון מאַטעריעלע גיטער און די העפקערדיקע עקס־פּלאָאַטאַציע פון אַרבעט וועט אַזוי אַרום אָנגיין אָן שטערונג.

אינאיינעם מיט די פּאַראָרדענונגען איז געגאַנגען די פּראַקטיק.

# קאַפּיטל פיר

## גיירושים

איינעם פון די עטאַפּן צום ענד־ציל, צו דער פיזישער ליקווידירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן אין דער היטלעריסטישער פּאָליטיק לעגאַבע די יידן געשאַפן די גיירושים, אָדער ווי דאָס האָט געקלונגען אין לעקסיקאָן פון די ראָצחים „איבערזידלונגען" און „אויסזידלונגען". די יידן פון אָקופּירטן ביאַליסטאָק זײַנען געטראָפן געוואָרן דורך עטלעכע מינים גיירושים, וואָס איטלעכער פון זיי איז פאָרגעקומען אין אַ באַזונדערער פראָנט־סיטואַציע. די ערשטע „איבערזידלונג" פון אַ טייל ביאַליסטאָקער יידן איז געווען דער גיירעש קיין פּרוזשאַנע אין סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1941. דעם 17טן סעפּטעמבער 1941 האָט די ביאַליסטאָקער איידע איבערגעלייענט אַף די מויערן און סלופּעס די דאָזיקע מוידאָע:

### מעלדונג

„דער יידנראָט האָט באַקומען פון דער דײַטשער מאַכט פאָלגנדיקע שריפטלעכע פאָראָרדנונג:

באַליציי־פּרעזידענט אין ביאַליסטאָק 16טן סעפּטעמבער 1941

דעם יידנראָט אין ביאַליסטאָק

אין שײַכעס מיט מײַן באַפעל פון 11/9 1941, פאָראָרדן איך פאָלגנדיקס בענעגייע דער עוואַקואַציע פון די יידן פון ביאַליסטאָק קיין פּרוזשאַני.

1. די עוואַקואַציע הייבט זיך אָן דעם 18טן סעפּטעמבער 1941 (דאָנערשטיק).

2. צום טראַנספּאָרט ווערן צוגעשטעלט מאַסע־אויטאָס.

3. די נעמען פון די ייִדן, וואָס דאַרפן יעדן טאָג עוואַקויִרט ווערן, וועלן זײַן רויט אונטערגעשטראָכן אין דער ליסטע, וועלכע מען דאַרף מיר טעגלעך צושטעלן, לויט מײַן שריפטלעכן באַפעל פון 11/9 1941. אַ קאָפּיע פון דער ליסטע וועט צוגעשטעלט ווערן דעם ייִדנראַט אַ טאָג פאַר דער עוואַקוציע.

4. די ייִדן, וואָס ווערן אין די ליסטע רויט אונטערגעשטראָכן, שטעלן זיך צו אין דעם געהעריקן טאָג 6 אַזייגער אינדערפרי אַפן מיזרעך־טראָטואַר פון דער פאַבריטשנע גאַס אין דער ריי, לויט דער ליסטע, גרייט צום אָפּשיקן.

5. מען מעג מיטנעמען נאָר פּערזענלעכע געפּעק: קליידונג, וועש און בעטגעוואַנט, מיטנעמען מעבל אָדער אַנדערע גרעסערע זאַכן איז פאַרווערט.

6. בעייסן אויסשטעלן און אָפּשיקן טאָר זיך קיינער פון די ייִדן נישט פאַרהאַלטן אין דער פאַבריטשנע גאַס, אַכוץ איינצלנע מיטגלידער פון ייִדישן אָרדנונגס־דינסט.

7. די הויצאָעס פון דער עוואַקואַציע וועלן, נאָכן פעסטשטעלן זיי, אַרויפגעלייגט ווערן אַפן ייִדנראַט.

8. אַלע װױנונגען און הײַזער, וואָס וועלן דורך דער עוואַקוציע פרײַ ווערן, דאַרף מען רייניקן און ברענגען אין אָרדנונג. די מעבל און אַנדערע זאַכן, וואָס געפינען זיך אין זיי, טאָר מען נישט באַזײַטיקן.

9. אין פאַל פון נישט פאָלגן די פאַראָרדנונג וועלן אָנגענומען ווערן האַרבע צוואַנג־מיטלען.

ביאַליסטאָק 17טן סעפּטעמבער 1941.

ייִדנראַט" [1].

דער דאָזיקער גיירעש, וועלכן דער פּאָליציי־פּרעזידענט, דער „העפּ־לעכער" אויגען דאַרש האָט מילד אָנגערופן „עוואַקואַציע", האָט אין

[1] מעלד' פון י"ר נומ' 102 (דאַרטן).

דער פּראַקטיק לעגאַמרע נישט אויסגעזען אַזוי, ווי עס ווערט פּלאַנירט און פאַרויסגעשילדערט אין דער פאַראָרדענונג פון 16טן סעפּטעמבער. די אומגליקלעכע, וואָס זייערע נעמען זײַנען אונטערגעשטראָכן געוואָרן מיט רויטן בלײַער פונעם פּאָליציייִשן באַאַמטן, זײַנען אַף אַ ברוטאַלן אופן אַרויסגעשיקט געוואָרן אין מיטן נאַכט, אָנגעלאָדן ווי בעהיימעס אַף לאַסט־אויטאָס. דער גייִרעש האָט זיך פאַרענדיקט אין אָקטאָבער, אַזוי אַז די קאָרבאָנעס איז אויסגעקומען צו פאָרן שוין אין די קאַלטע און פײַכטע ווערטערן. דער ערשטער סאַ:ר לעאַזאָל פונעם גייִרעש איז געווען די נישט־אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג, און דער טײַטש דערפון איז אַ פּאַשעטער — זקיינים, קראַנקע, כאַלושים, פרעמדע, היימלאָזע, אָרעמע, ווידערשפּעניקע וקעדוימע. דער יודענראַט האָט צוגעשטעלט רעשימעס לויטן לאַטייִנישן אַלעף־בייס, לעכאַטכילע האָט ער אָנגעהויבן באַם אַלעף; די גייִרעש־גזיירע האָט אַזוי אַרום געטראָפן בלינדערהייט קוידעם־קאָל די יענע, וואָס זייערע פאַמיליע־נעמען האָבן זיך געפונען אַף די פאָדערשטע ערטער פונעם אַלפאַבעט. אַזוי ווי עס איז געוואָרן אַ ליאַרעם, האָט דערנאָך דער יודענראַט איבערגעריסן באַם „ק” און האָט אָנגעהויבן פון סאָף, פון „זעט” ; שפּעטער האָט ער זיך ווידער גענומען צו די ערשטע אויסיעס 2).

אין געטאָ איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק, באַ די אַלע פרי:ערדיקע שווערעקלעפּ האָט מען פונדעסטוועגן נאָך געהאַט דעם געפיל פון אַ שטיקל היים, פון אַ דאַך איבערן קאָפּ. איצט איז אָט די אילוזיע אויסגערונען. „פאַרשטייט זיך, — זאָגט פייסעך קאַפּלאַן אין זײַן אַרבעט וועגן יודענראַט, וואָס איז געשריבן געוואָרן בעייס דער שפּעטערדיקער אַרויסשיקונג אין די טויט־לאַגערן אַרײַן, — אַקעגן דער איצטיקער „עוואַקואַציִע” קיין טרעבלינקע איז עס געווען אַ שפּאַציר־נעסי:ע אַף אַ דאַטשע, אָבער בעייסמײַסע איז די גזיירע געווען אַן אומגעהייער שרעקלעכע”.

האַגאַם די אַרויסשיקונגען קיין פּרוזשאַנע זײַנען פאַרענדיקט געוואָרן אין אָקטאָבער, האָט דאָך דאָס געטאָ לאַנג געלעבט אונטערן צייכן פון אָט דעם ערשטן גייִרעש, ביפראַט, אַז פון די מיזרעכדיקע און צאָפנ־

2) בערל דובאַנעק: „די עוואַקואַציע קיין פּרוזשאַנע פון ביאַליסטאָקער געטאָ”, אַרכ׳ יימ"א, פּראָט׳ נומ׳ 2604. העלענע ניימאַרק: „די עוואַקואַציע פון די נישט אַרבעטנדיקע קיין פּרוזשאַנע”, ארכ׳ יה"א, פּראָט׳ נומ׳ 1830.

דיקע ליטוויש־ווײַסרוסישע געביטן, וואָס זײַנען פאַרנומען געוואָרן דורך דער דײַטשער אַרמיי, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען גרויל־ידיעות, איינע שווידערלעכער פון דער צווייטער. אין מיטן נאָוועמבער קומט אָן די שוואַרצע בשורה פון דער סלאָנימער שכיטע — דעם 14טן נאָוועמבער זײַנען אויסגעמאָרדעט געוואָרן צען טויזנט ייִדן אין דער דאָזיקער „עיר־ואם". אין אָט דער ריזיקער צאָל הרוגים, די אומגעבראַכטע דורך דײַטשע סאָלדאַטן און ליטווישע פאַשיסטן, זײַנען געווען אַסאַך פּליטים פון צענטראַלן פּוילן און פון ביאַליסטאָק גופא. עס איז אין דער סלאָנימער שכיטע געפאַלן דער באַקאַנטער אַרבעטער־טוער און גלענצנדיקער פּובליציסט און פּעליטאָניסט דאָוויד ריכטער, אַן אַלטער טוער פון ס.ד.ק.פּ.ל. און ק.פּ.פּ, וועלכער האָט אין די יאָרן 1940—1941 רעדאַ־גירט אין ביאַליסטאָק דעם „ביאַליסטאָקער שטערן". עס קומען אויך אָן דערדריקנדיקע נײַסן פון ווילנע. פון מינסק קומט אָן אַ ידיעה, אַז אין זעלביקן אָקטאָבער איז אויך דאָ פאָרגעקומען אַ גזירעש. מענטשן פילן, אַז עס שפּרייט זיך אַ געפערלעכע כוואַליע פון אויסראָטונג. און ווידער טויכן אויף אין געדעכעניש פון געטאָ די טראַגיש טעג — דער דאָנערשטיק, פרײַטיק, שאַבעס און זונטיק 3).

פון דער צווייטער זײַט, העיויס אין פאַרגלײַך מיט די איינצײַטי־קע שכיטעס אין סלאָנים, ווילנע און מינסק, איז דער גזירעש קיין פּרו־זשאַנע געווען אַ מילדער גזאַר־דין, האָבן געוויסע מענטשן פון צווישן בירגערטום און ביפראַט די קרײַזן פונעם יודענראַט גענומען זיך און אַנדערע אײַנוויגן אינעם אײַנרעדעניש, אַז מען איז שוין אָפּאָנעם אַרי־בערגעקומען דאָס ערגסטע. עס האָט זיך גענומען שפּרייטן די געפערלע־כע אילוזיע, וואָס איז געשטיצט געווען דורכן יודענראַט און זײַנע נאָ־ענטע קרײַזן, אַז אַזוי ווי דער באַצירקט ביאַליסטאָק געהערט צו מיזרעך־פרײַסן, ד"ה — צום „רײַך", וועט דער גורל פון די דאָרטיקע ייִדן זײַן אַ מילדערער איידער ערגעץ אַנדערשוווּ 4). פּונקט אַזוי האָבן די בירגערלעכע קרײַזן אין וואַרשעווער געטאָ זיך און אַנדערע אײַנגערעדט, אַז די פּאַרטיליקונג איז כּאַל אַף די אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן און

3) ג"א פון י. ריווקינד.
4) דאָרטן.

איז נישט דענקבאַר אין „האַרץ פון אייראָפּע", אין דער גענעראַל־גוּ־בערניע.

ווען מען שטעלט זיך אָפּ אַפן גיירעש קיין פּרוזשאַנע און מען באַמיט זיך צו דערקענען זיינע סיבעס, שווימען אַרויס עטלעכע היפּאָטעזן. מיר מוזן זיך אין דעם פאַל פאַרלאָזן אָף האַשאַרעס, ווייל קיין דייטשע דאָקומענטן צום קאַפּיטל פּרוזשאַנע האָבן מיר נישט, ליידער, אין אונדזער רעשוס. ווי עס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן איז די לעכאַטכילעסדיקע פּראָגראַם פון דער צענטראַלער דייטשישער מיליטערישער מאַכט לעגאַבע יידן אין די פאַרכאַפּטע געביטן אין יאָר 1941 געווען — פאַרניכטונג. די דאָזיקע מאָרד־פּראָגראַם איז באַקרעפטיקט געוואָרן דורך קייטעלס פּערזענלעכן באַפעל פון 2טן סעפּטעמבער 1941. לעגאַבע די יידן אין מיזרעך־אוקראַינע איז די דאָזיקע פּראָגראַם טאַקע רעאַליזירט געוואָרן אין דער ערשטער צייט אַפן באַפעל פון די היטלעריסטישע פעלדמאַרשאַלן און גענעראַלן. אין ביאַליסטאָק האָט זיך, ווי באַקאַנט, נאָך דער ערשטער פאַרטיליקונג־כוואַליע באַרויקט, און אָף דער פאַרארדענונג פון 16טן סעפּטעמבער 1941 איז אונטערגעכאַסמעט דער פּאָליציי־פּרעזידענט פון ביאַליסטאָק, וועלכער פאַררופט זיך אָף אַ באַפעל פון 11טן סעפּטעמבער 1941, דאָס הייסט — אַז דער פּאָליציי־פּרעזידענט, דער קאָמאַנדיר פון דער אָרדענונגס־פּאָליציי האָט באַקומען אַ באַפעל פון זיין מאַכט, פון דער אַדמיניסטראַטיווער, וואָרעם זינט דעם ערשטן אויגוסט האָט שוין זיין אַמט אין ביאַליסטאָק איבערגענומען עריך קאָך. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מיר האָבן באַם קאַפּיטל פּרוזשאַנע צו טאָן מיט אַן ערשטן שריט צו מאַכן ביאַליסטאָק „יודענריין" — אין העסקעם מיט קאָכס פּראָגראַם, וואָס איז אין יענער ערשטער צייט געווים געווען אין איינקלאַנג מיט די אַלגעמיינע ריכט־ליניעס. עס קאָן אויך זיין, אַז דער באַפעל, אָף וועלכן דער פּאָליציי־פּרעזידענט פאַררופט זיך, האָט אויך זיין קוואַל אין קייטעלס באַפעל פון 2טן סעפּטעמבער 1941. אַ צווייטע האַשאָרע רוקט זיך אַרויס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אינפאָרמאַציע פון ד"ר ש. דאַטנער אין זיין אַרבעט „כורבן ביאַליסטאָק און אומגעגנט" 5), דעהיינע: אַז פון פּרוזשאַנע האָט מען אַרויסגעשיקט

---

5) ד"ר ש. דאַטנער: „כורבן ביאַליסטאָק און אומגעגנט", קאַפּ' 20, „די עוואַקואַציע קיין פּרוזשאַנע", אַרכ' יוה"א, נומ' 2 000.

גרויסע צאָלן ווײַסרוסן אַף שקלאַפן־אַרבעט קיין דײַטשלאַנד; עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מען האָט געוואָלט פאַרטרעטן די אָרטיקע ווײַסרוסישע באַפעלקערונג מיט יידישער אַרבעט־קראַפט פון ביאַליסטאָק. די איינציקע מעניע פאַר אַנגעמען אָט די האַשאָרע באַשטייט אין דעם, וואָס אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט עס געהייסן, אַז דער גיירעש איז כאַל אַף די נישט־אַרבעטנדיקע. אָבער אין דער פּראַקטיק האָט מען אַרויסגעשיקט סטאַם מענטשן אָן קריטעריע, אכוץ די, וואָס זײַנען באַזונדערס בייטיק געווען אין די אָרטיקע פאַבריקן און אכוץ אייגענע מענטשן 6). לעשעם פאַרגלײַך, אַז די צווייטע האַשאָרע קאָן זײַן אַ ריכטיקע, קאָן מען ברענגען אַן ענלעכע פּאַסירונג אין וואַרשעווער געטאָ, פון וואַנען מ'האָט גענומען שיקן יוגנט אַף אַרבעט אין די דערפער, קעדיי צו פאַרטרעטן די פּוילישע פויערים, וועלכע מ'האָט געשיקט אַף שקלאַפן־אַרבעט קיין דײַטשלאַנד (עס איז באַוווסט דער קאַמף, וועלכן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין וואַרשעווער געטאָ, ביפראַט די גרופּע „מאָרגן־פרײַ", האָט געפירט קעגן דער דאָזיקער דערשײַנונג).

די מײַסע פּרוזשאַנע קאָן אָבער אויפגעקלערט ווערן דורך נאָך איין האַשאָרע. די דײַטש־פאַשיסטישע מאַכט האָט באַם וועלן אַרויסצושיקן די ווײַסרוסישע אָרטיקע באַפעלקערונג פון פּרוזשאַנע און פּרוזשאַנער ראַיאָן זיך גערעכנט מיט דער געפאַר פון דער פּאַרטיזאַנישער און אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכע איז דאָ אַנטשטאַנען שוין אין סעפּטעמבער 1941. דער פּרוזשאַנער ראַיאָן האָט געהערט צו די סאַמע ערשטע, ווו עס איז אויפגעקומען די דאָזיקע באַוועגונג. אין סעפּטעמבער 1941 האָט שוין דאָ געווירקט אַ פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון געוו. פּאָליטאַרעסטירטן פון קאַפּיטאַליסטישן פּוילן מיראָן קרישטאָפּאָוויטש. עס האָט שוין דאָ געווירקט אַן אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווײַסרוסלאַנד 6א). די אָקופּאַנטישע מאַכט וויל שיטערער מאַכן די אָרטיקע באַפעלקערונג און פאַרטרעטן זי מיט יידן, און מעקויעך יידן זײַנען די היטלעריסטן דעמאָלט געווען אין דער איבערצײַגונג, אַז אַזאַ דערדריקטער און לעגאַמרע איזאָלירטער עלעמענט וועט זיך נישט קאָנען אַנגאַזשירן לעטויוועס דער אונטערערדישער

6) נ"א פון ז. קאַלעשניקאָוו און י. ריווקינד.

6א) צאַנאַוואַ ז"ז 195 און 196.

טעטיקייט, ביפראַט אויב מען וועט פון ביאַליסטאָק קיין פּרוזשאַנע שיקן זקיינים, קינדער, אינוואַלידן, אוקעדוימע, האַגאַם — ווי גערזאָגט — די פּראַקטיק האָט אויסגעזען אַנדערש.

בעסאַכאַקל זײַנען דורכן גיירעש פּרוזשאַנע אַרומגעגומען געוואָרן באַ אַ 4.000 ביאַליסטאָקער ייִדן 6ב).

אין אַ לעגאַמרע אַנדער לאַגע האָט זיך אָפּגעשפּילט דער צווייטער — דער אָן אַן ערעך ברייטערער און גרויזאַמערער סײַ אין פאַרנעם, סײַ אין די רעזולטאַטן — גיירעש פון נאָוועמבער 1942. אויב גיירעש פּרו־זשאַנע איז פאָרגעקומען אין אַ צײַט, ווען די דײַטש־פאַשיסטישע אַר־מייען האָבן — אָפּגייענדיק מיט בלוט צוליבן האַרטנעקיקן סאָוויעטישן ווידערשטאַנד — דאָך זיך געררוקט פאָרויס, איז אין נאָוועמבער 1942 געווען קלאָר, אַז דער „בליץ־קריג" האָט געפּלאַצט און באַנקראָטירט, אַז דער פראָנט אויפן מיזרעך האָט זיך סטאַביליזירט, אַז דער דײַטשער אָנ־גריף איז, אין אַלגעמיין גענומען, פאַרהאַלטן געוואָרן. די באַדײַטונג פון דעם נאָענטן הינטערלאַנד און פון די קאָמוניקאַציע־ליניעס, וועלכע האָ־בן פאַרבונדן, אין קאָנקרעטן פאַל, די צענטראַלע און צענטראַל־צאָפנדי־קע פראָנטן מיט פּרײַסן און זײַנען געגאַנגען אויך דורך דעם ביאַליסטאָ־קער באַצירק, איז געווען באַזונדערס וויכטיק. די לאַגע איז געוואָרן נאָך מער ערנסט דערמיט, וואָס אין די וועלדער פון ביאַליסטאָקער באַ־צירק האָבן זיך געיאָוועט פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. און אין געטאָ איז שוין געווען אַן אָנגעזעענע אונטערערדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועל־כע איז געווען פאַרבונדן מיט די אַנטיפאַשיסטישע קויכעס פון אויסערן געטאָ. עס האָט באַ די אָקופּאַנטן אויפגעטויכט די מוירע פאַר דער זי־כערקייט פון די קאָמוניקאַציע־ליניעס, פון די קאָנטינגענטן אוקעדוימע. מיט איין וואָרט: די לאַגע סאָף 1942 איז געוואָרן פאַר די אָקופּאַנטן און פאַר זייערע אַרמייען אָן אַן ערעך שווערער און ערנסטער ווי מיט אַ יאָר פריִער. די היטלעריסטישע מוישלים מוזן אָננעמען מיטלען. איינע פון די ערשטע קאָרבאָנעס דאַרפן פאַלן די געטאָס. די שווערד פון אומקום באַווײַזט זיך מיטאַמאָל פאַר די ייִדן אין ביאַליסטאָק.

אין אַ יאָר מיט צוויי כאַדאָשים נאָכן גיירעש פּרוזשאַנע, דעם ער־

6ב) דזובאַנעק: „די עוואַקואַציע" אא"וו; ניימאַרק: „די עוואַקואַציע" אא"וו.

שטן נאָוועמבער 1942 איז פלוצלינג פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער מאַכט דער הויפּט־טויער פון געטאָ אַף דעם ראָג קופּיעצקע און ליפּאָווע געהייסן האָט עס: אָפּגעשלאָסן דאָס געטאָ, לעגאַמרע אָפּגעשניטן פון דער דרויסנדיקער וועלט. אויפצומאָרגנס איז דערשינען אינעם ייִדן־ראַיאָן אַ שטרענגע וואָרענונג פונעם יודענראַט, אַז „לויט דער פאַראָרדענונג פון דער מאַכט איז פאַרווערט צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ פון הײַנט אָן, מאָנטיק, דעם צווייטן נאָוועמבער, ביז אָפּרופן; פאַר אַרויסגיין פון געטאָ דראָט טויט־שטראָף" 7).

בלויז איין ייִד איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן — לויטן רעשוס פון דער מאַכט. דער דאָזיקער ייִד איז אַרויסגערופן געוואָרן אַף עריק־קאָך־גאַס 15, אין דעם אַמט פון געשטאַפּאָ. דאָס איז געווען דער פאַרשטייער פר־נעם יודענראַט עפראַיִם באַראַש. די מאַכט איבערן געטאָ איז אַרויס פון ־י הענט פון די ציווילע שלאָס־רעזידענטן. די שליטע איבער די ייִדישע לעבנס איז אַריבער צו די אָנפירער פון דער זיכערקייט־פּאָליציי, צו ד"ר אַלטענלאָה און זײַנע געהילפן — היימבאַך און פרידעל. די שטימונג אין געטאָ איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע, וואָרעם דורך אונטערערדישע קאַנאַלן איז צוגעקומען אַהער אַן אָפּקלאַנג פון דעם, וואָס עס איז געשען אין וואַרשע, אַן עכאָ פון דעם זעלבסטמאָרד פונעם וואַרשעווער יודענראַט־הויפּט טשערניאַקאָוו, פון צוגן, אָנגעפּראַפּטע מיט מענטשן, וואָס ווערן פאַרפאַלן אין אומבאַקאַנטע מעקוימעס אָן אַ שפּור 8). אַן אייד ריִע שיל־דערט די דאָזיקע אומרויִקע שאָען אַט אַזוי:

דער אוילעם האָט איבערגעלעבט עטלעכע שווערע שאָען, ביז מען האָט דערזען די באַקאַנטע דראָזשקע צוריק אין געטאָ־טכום. באַראַש איז געפאָרן אַ שטייענדיקער און האָט אויסגערופן אַפן קאָל:

— ייִדן, ס'איז טויוו מעויד! 9).

דער אוילעם האָט פרײַער אָפּגעאָטעמט. אַף קופּיעצקע, אין יודענראַט־שטיבל, האָבן געוואַרט די מיטגלידער פון דעם ראַט. באַראַש האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט, און וואָס ווײַטער ער האָט גערעדט, אַלץ פינצטערער זײַנען געוואָרן די פּענעמער.

7) מעלד' נומ' 357 (דאָרטן).
8) „וועגן זעלבסטמאָרד פון פירער פון וואַרשעווער יודענראַט אינזש. טשערניאַקאָוו", אַרכ' ייִה"א, נומ' 86/46.
9) ג"א פון ב. שאַצמאַן.

עמעס, פאַרן ביאַליסטאָקער געטאָ האָט מען געפאָדערט נאָר אַרוועס־לײַט, דערפאַר וועט דער גיירעש אַנגעווענדט ווערן לעגאַבע דעם באַצירק; דער באַצירק וועט ווערן יידן־ריין.

— יידן, ס׳איז טויוו מעויד!

טויוו מעויד — אַפן כעשבן פון צוויי הונדערט טויזנט יידן פון אַרום 10).

די יידן האָבן נישט געוווסט וועגן דער הינטערקוליסן־שפּיל, וואָס איז פאָרגעקומען אַרום דעם גוירל פון ביאַליסטאָקער געטאָ. דעמאָלט איז דאָס געווען אומבאַקאַנט, אָבער הײַנט לייענען מיר אַרויס צווישן די שורעס פון דײַטשע דאָקומענטן דעם טראַגישן עמעס וועגן דעם שאַקלעוועטאריע אַרום דעם לעבן פון די יידן פון ביאַליסטאָק.

נאָך עס איז אין יולי 1941 אָנגעקומען די ערשטע גרופּע אַללענשטייננער זיכערקייט־באַאַמטע מיט אַלטענלאָהע און מאַכאַל אין שפּיץ אין דער באַזיגטער שטאָט, האָבן זיי שוין דעמאָלט געוווסט, אַז איינע פון זייערע אויפגאַבעס וועט זײַן צו עוואַקוירן די יידן. נאָכן צוריקקומען פון זײַן ערשטן וויזיט אין ביאַליסטאָק האָט אַלטענלאָהע און אַללענשטיין זיך אויסגעדריקט צו זײַנע נאָענטסטע מיטאַרבעטער, אַז דער רײַכסזיכערהײַטס־הויפּטאַמט אין בערלין וועט הייסן עוואַקוירן די יידן פון ביאַליסטאָקער געגנט; ער האָט אָבער צוגעגעבן, אַז אין פאַל פון עוואַקואַציע וועט דאָס געטאָ אין ביאַליסטאָק מוזן בלײַבן, ווײַל דאָ שאַפט זיך אַ גרויסע פאַבריקאַציע פאַר דער דײַטשער קריגס־אינדוסטריע 11).

דער גוירל פון די ביאַליסטאָקער יידן איז אָבער נישט אינגאַנצן קיין זיכערער, ווי עס דערווײַזט עס דער פאַל מיטן גיירעש קיין פּרוזשאַנע. דער גוירל פון די ביאַליסטאָקער יידן האָט נישט געקאָנט זײַן איזאָלירט פון די בלוטיקע געשעענישן, וועלכע שפּילן זיך אָפּ אין די שכיינעסדיקע אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן פון איין זײַט און אין דער גענעראַל־גובערניע — פון דער צווייטער. אין דעם בערלינער צענטער קומען פאָר דעבאַטן וועגן דעם, צי זאָל מען טייקעף ליקווידירן די יידן־פראַגע, אָדער מען זאָל נאָך אַ געוויסע צײַט געניסן פון דער יידישער שקלאַפן־אַרבעט. הימלער רעפּרעזענטירט דעם ערשטן שטאַנדפּונקט, דער באַוואָפענונג־מיניסטער שפּעער איז פאַרן צווייטן. אַף דער קאָנפערענץ פון די היטלעריסטישע

10) דאָרטן.
11) פרידעל — ענטפער אַף דאָטנערס אָנקעטע.

שפּיצן, וואָס איז פאַרגעקומען צווישן צוואַנציקסטן און צוויי־און־צוואַנציקסטן סעפּטעמבער 1942 אין בערלין, האָט היטלער געפּאַסקנט, אַז צײַטווײַליק מעג מען אויסנוצן די ייִדישע אַרבעט־קראַפט — אָבער נאָר אין די ראַמען פון דער גענעראַל־גובערניע און נישט אָפּן געביט פון דער אינדוסטריע אין „רײַך" 12). העיויס ווי ביאַליסטאָק איז פאַרבונדן געוואָרן מיט מיזרעך־פּרײַסן, האָט דאָס באַטײַט, אַז די ביאַליסטאָקער ייִדן וועלן זיך געפינען אין אַן ערגערער לאַגע ווי די ייִדן פון דער גענעראַל־גובערניע. און בעעמעס — אין דער ערשטער העלפט פון אָקטאָבער 1942 האָט די ביאַליסטאָקער געשטאַפּאָ דערהאַלטן אַ געהיימען באַפעל פון רײַכסזיכערהײַטסהויפּטאַמט וועגן ליקווידירן סײַ דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ, סײַ די ביאַליסטאָקער פּראָווינץ. דער דאָזיקער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן נאָר טיילווײַז, נאָר לעגאַבע דער פּראָווינץ.

אין זעלביקן כוידעש אָקטאָבער ברענגט אַלטענלאָהע אַראָפּ פון אַללענשטיין דעם אַלטן פּאָליצײַ־באַאַמטן פריץ פרידעל און הייסט אים אָרגאַנזירן אַ ייִדן־רעפעראַט בײַ דער ביאַליסטאָקער געשטאַפּאָ. ער איז פרידעלן איינצײַטיק מודיע, אַז דער רײַכסזיכערהײַטסהויפּטאַמט האָט דעצידירט צו עוואַקויִרן די ייִדן פון ביאַליסטאָקער פּראָווינץ; דערבײַ דערקלערט אַלטענלאָהע דעם נײַעם באַלעבאָס איבער די ייִדן, אַז ער, אַלטענלאָהע, האָט זיך באַמיט אין רײַכסזיכערהײַטסהויפּטאַמט, אַז דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ זאָל בלײַבן מאַכמעס זײַן באַדײַטונג פאַר דער דײַטשער פּראָדוקציע און אַז אויך ד"ר בריקס, עריך קאָכס פאַרטרעטער, האָט אויך אָפּ אָט דעם אויסנאַם געגעבן זײַן העסקעם 13). עס קאָן זײַן, אַז דאָס איז געווען מיצאַד דעם קאָמאַנדער פון זיכערקײַט־פּאָליצײַ אַ באַרימערײַ, ווײַל פון זעלביקן קוואַל דערוויסן מיר זיך, אַז געדריקט דערויף, דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ זאָל בלײַבן, האָט דער פאַרשטייער פון דעם באַזאַר־גונג־אינספּעקטאָר פאַר דער אַרמיי אין ביאַליסטאָק ראַטמײַסטער פרעזע, און זײַן אינטערווענץ האָט אָן שום ספק געהאַט דעמאָלט אַ פּעולע 14).

די דירעקטע פאַראָרדענונג וועגן עוואַקויִרן די ייִדן פון ביאַליסטאָקער־

12) פאַרגלײַך: א. אייזענבאַך — „די אויסראָטונגס־פּאָליטיק פון די דײַטשע מאַכט־אָרגאַנען לעגאַבע דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן אין פּעריאָד 1939—1945", ז' 11 (אין „בלעטער פאַר געשיכטע", באַנד 2, העפטן 1—4).

13) פרידעל — דאָרטן.

14) דאָרטן.

פראווינץ קומט אן פון בערלין. ווי נאר עס איז אנגעקומען די פאראָרדע־נונג, האט אלטענלאה אפגעהאלטן א באראטונג מיט בריקסן. דער איניען ווערט געהאלטן בעסאָד סוידעס. אין די געשטאפא־קרייזן רעדט מען וועגן אים בעלאשן „געהיימע רייכסזאכע״ 15).

פאראנטווארטלעך פאר דורכפירן דעם גיירעש מאכט אלטענלאה הייםבאכן, דאס הייסט — די געשטאפא. היימבאך רופט ארויס צו זיך אלע לאנדראטן, די ציווילע שעפן פון די ראיאנען, און הייסט זיי צושטעלן א גענויע רעשימע פון די געטאס. א צווייטע באראטונג האלט ער אפ מיט די קאמאנדאנטן פון דער זשאנדארמעריע און שוץ־פאליציי פון די ערטער. דעם פלאן פון דער אקציע באארבעט פרידעל, וועלכער האט זיינע ערשטע שריט אפן ביאליסטאקער באדן געמאכט אפן געביט פון יידן־ליקווי־דאציע. צום שטאב פון דער ליקווידיר־אקציע האבן געהערט די געשטאפא־באאמטע: זימאן, שרעדער, ערדעליס, שאף, ערדבירגער, ענגולאט, דילקע, און קעניג 16).

די אקציע האט זיך אנגעהויבן דעם צווייטן נאוועמבער 1942. „צום ערשטן מאל — פארצייכנט אין זיינע נאטיצן מארדכע טענענבוים־טאמא־ראף דעם 17טן פעברואר, — איז פארשפארט געווארן דאס ביאליסטא־קער געטא דעם צווייטן נאוועמבער 1942, ווען עס האט זיך אנגעהויבן די אקציע אין יעדער שטאט און שטעטל אין אט דעם באצירק. פון אלע שטעט און שטעטלעך זיינען די יידן קאנצענטרירט געווארן אין זעמב־ראווע, קעלבאשין בא גראדנע, וואלקאוויסק, אין ביאליסטאק — אין די קאזארמעס פון 10טן פולק (אולאנער — ב. מ.), און באגושין״ (באגר־שעוו — ב. מ.).

די ליקווידאציע פון די יידישע קיבוצים אין ביאליסטאקער באצירק האבן די דייטשן דורכגעפירט מיט דער העכסטער ראפינירטער ציל־פאר־שטעלקייט. זיי האבן אזוי כיטרע און געשיקט אנגעווענדט קאלערליי פאר־זיכטיקייט־מיטלען צו פארבלענדן דעם אוילעם און איינוויגן אים אין דעם איינדרוק, אז דאס איז א פרידלעכע איבערזעצונג אף נייע ארבעט־פלע־צער, אז א סאך מענטשן האבן טאקע געגלויבט. קעדיי צו אילוסטרירן דעם דאזיקן שווינדל, איז קעדיי צו ברענגען דעם ווייטערדיקן פאל: ווען די יידן פון איין שטעטל האבן זיך שוין געפונען אין וואגאן, איז פלוצים

15) דארט.
16) מאכאל — ענטפער אף דאטנערס אנקעטע.

איינער אַן עלטערער מענטש געשטאָרבן; די דײַטשן האָבן פֿאַרהאַלטן דעם צוג, געלאָזט מאַכן אַ לעווײַע און אַפילו צונויפגעשטעלט אַ פּטירה־אַקט 17).

דער סוינע האָט אין ערגעץ נישט געהאַלטן וואָרט. אומעטום איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג איבערנעם מיט ברוטאַליטעט, אַכזאָריעס און סאַדיזם, אויך אָפּנאַרערײַ און שווינדל. עפּראַים באַראַש איז אַף עריק־קאָכ־גאַס 15 צוגעזאָגט געוואָרן, אַז אַן אויסנאַם פֿון טאָטאַלן גיירעש וועט זײַן נישט נאָר ביאַליסטאָק, נאָר אויך די גרעסטע פּראָווינץ־שטעט לאָמזשע, גראָדנע, וואָלקאָוויסק. דאָס איז געווען אַ געמיינער ליגן. אין לאָמזשע האָט זיך דער גיירעש אָנגעהויבן צוויי טעג נאָך פֿאַר דער באַ־שטימטער דאַטע. דעם 31טן אָקטאָבער 1942 האָט מען גענומען אַרויס־פֿירן די ייִדן פֿון לאָמזשע קיין זעמבראָווע. די ליקווידאַציע פֿון לאָמזשער געטאָ דויערט ביז דעם 10טן יאַנואַר 1943. דער אַלטער יודענראַט וויל נישט אָנטיילנעמען אין דער „אַקציע" — איינער פֿון זײַנע מיטגלידער ד"ר העפּנער נעמט זיך דאָס לעבן; אַנדערע, ווי טאָבאָליצקי, זאָגן זיך אָפּ אויסצופֿירן די באַפֿעלן פֿונעם סוינע. עס געפֿינען זיך אָבער פֿאַרעטער, אין זייער שפּיץ שטעלט זיך אַ לאָמזשער ייִד פֿון דײַטשלאַנד, דער רעג־טער סאָציאַל־דעמאָקראַט מושינסקי, וועלכער העלפֿט די דײַטשן דורכצו־פֿירן דעם גיירעש. בלויז אַ קליינע טייל ייִדן צעלויפֿן זיך אין די וועל־דער 18).

ענלעך איז געווען די זאַך אין גראָדנע. נישט געקוקט אַפֿן דערמאָנטן צוזאָג, ווערט אויך דאָ דורכגעפֿירט די ליקווידיר־אַקציע. דער פֿירער פֿון יודענראַט ד"ר בראַוער און דער קאָמענדאַנט פֿון דער געטאָ־פּאָליציי נ. סטרעלניק וויגן אײַן דעם אוילעם אין דער איינריידעניש, אַז מען פֿאָרט איבער אַף אַ נײַעם אַרבעט־פּלאַץ. סאָף־קאָל־סאָף דערהאַרגענען די דײַטשן דעם ד"ר בראַזער אויך. אין גראָדנע בלײַבן לעייסאָטע צען טויזנט ייִדן, וועלכע ווערן ליקווידירט אין די ערשטע כאַדאָשים פֿון 1943. די לעצטע שרידים פֿון דער גרויסער קעהילע וואַלגערן זיך נאָך אַ צײַט אין אונטערערדישע מלינעס 19).

17) ג"א פֿון ליזע טשאַפּניק (מעכאַבערס אַרכ').

18) לויט די מאַטעריאַלן, וואָס זײַנען דורכן מעכאַבער געזאַמלט געוואָרן אַפֿן אָרט

19) „די טראַגעדיע פֿון די גראָדנער ייִדן", אַרכ' ייִה"א נומ' 46—112; אויך — נומ' 52/46 (דאָרטן).

נאָך דעם שווידערלעכן פּאָגראָם פון דער ביאַליסטאָקער פּראָווינץ זײַנען נאָך געבליבן רעשטלעך־געטאָס אין יאַשינאָווקע און פּרוזשאַנע, וועלכע זײַנען אָבער אויך ליקווידירט געוואָרן אָנהייב 1943. נאַטירלעך, זײַנען נאָך געציילטע, קוים־באַמערקלעכע אינדזלען פון „לעגאַלע" ייִדן דאָ און דאָרטן פאַרבליבן. דאָס זײַנען אָבער געווען איינצלנע שרידים־גרופּקעס. בעדערעך קלאָל איז דעם צווייטן נאָוועמבער 1942 געקומען דער סאָף פון דער ייִדישער פּראָווינץ אַרום ביאַליסטאָק. צוזאַמען זײַנען „ריין" געוואָרן פון ייִדן 116 שטעט און שטעטלעך, ווו ייִדיש לעבן איז געווען פאַרוואָרצלט אין משך פון דורעס 20).

נישט אומעטום איז דעם סוינע געלונגען אויסצומײַדן אַ ווידערשטאַנד מיצאַד די קאָרבאָנעס.

אין גראָדנע איז שוין טכילעס 1942 געווען אַן אונטערערדישע ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע בעראָש מיטן קאָמוניסט שײַע כמעלניק און מיט די שאָמרים עליאָהו טאַנקוס און מיריאַם פּופּקאָ; אין די רייען פון דער ייִדישער גראָדנער זעלבשוץ האָבן זיך געפונען צווישן אַנדערע ליאָווקע לוביטש, ליפּסקי, גאָלדבערג, מאַראָש, עמאַנועל פּלאַטקין א"אַ. מיט דער גראָדנער זעלבשוץ איז געשטאַנען אין פאַרבינדונגען די ביאַליסטאָקער ייִדישע אונטערערד. צו קיין גרעסערן קאַמף־אַרויסטריט איז אין גראָדנע נישט געקומען, אָבער די דאָזיקע ייִדישע ווידערשטענדלער האָבן אַריבער־געטראָגן דעם קאַמף אין וואַלד. אַ טייל פון זיי איז געפאַלן שפּעטער אין צוזאַמענשטויסן מיט דײַטשן, אַ טייל איז פאַרטיליקט געוואָרן דורך א. ק. און בלויז געציילטע האָבן זיך דערשלאָגן קיין ביאַליסטאָק, ווו זיי האָבן מאַמשיך געווען דעם קאַמף21 ).

דער ווידערשטאַנד אין אַ ריי שטעטלעך פון ביאַליסטאָקער פּראָווינץ האָט זיך אויסגעדריקט קוידעם קאָל אין אַקעגנשטעלן זיך די דײַטשע גיירעש־גזיירעס דורך אַנטלויפן אין די אַרומיקע וועלדער. דעם ברייטסטן פאַרנעם האָט דאָס דאָזיקע אַנטלויפן געהאַט אין פּרוזשאַנע, ווו דער ראָוו ייִדן צוזאַמען מיטן יודענראַט זײַנען אַוועק אין וואַלד. אַן ענלעכע דער־שײַנונג לאָזט זיך באַמערקן אין סופּראַסל און אין סאָקאָלע 22). אַ

---

20) לויט די מאַטעריאַלן פון ייִדישן קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק.

21) נ"א פון ליזע טשאַפּניק און אַניע רוד (מעכאַבערס אַרכ').

22) „סופּראַסלע" רעפּ' 6, נומ' 16 (אַרכ' ייִה"א). מ. קאַהן: „דער לעצטער וועג פון די סופּראַסלער ייִדן („דאָס נײַע לעבן" פון 15טן אויגוסט 1949).

גרופּע ייִדישע יוגנט פון לאָמזשע, זעמבראָווע און קאָלנע איז אַוועק אין די דאָרטיקע וועלדער טשערוואָני בור 23). אין קאָלנע איז געקומען בעיס דעם גיירעש צו אַן אַקט פון אָפענעם ווידערשטאַנד; דער דאָרפישער ייִד באַטשקע אוידענבערג און דאָס מיידל כאַיע־לייע אָלעך האָבן אַנט־וואָפנט אַ דײַטש, אַראָפּגעשלײַדערט דעם פּורמאַן, וואָס האָט זיי געדאַרפט אָפּפירן צום זאַמל־פּונקט, און זײַנען אַנטלאָפן אין וואַלד. אָרטיקע אַ. ק.־לײַט האָבן דערהאַרגעט די צוויי מוטיקע ייִדן 24). פון די אַנטלאָפענע ייִדן פון בראַנסקער, ביעלסקער, קרינקער געטאָס האָבן זיך שפּעטער רע־קרוטירט די דאָרטיקע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס. ביכלאַל האָבן אַף דער שטימונג פון אַ טייל פון דער ייִדישער יוגנט פון דער ביאַליסטאָקער פּראָווינץ געווירקט די קאַמפּס־גרופּן, וואָס זײַנען אָנגעקומען פון די ווײַסרוסישע געביטן און פון, אַ שטייגער, דער שכיינעסדיקער לאַכווע, ווו די ייִדן האָבן אין סעפּטעמבער 1942 זיך העלדיש פּאַרטיידיקט קעגן גיירעש און פּאַרטיליקונג נישט בלויז דורך שיצן די אייגענע באַדראָטע לעבנס, נאָר אויך דורך אַטאַקירן דעם סוינע, אונטערלייגנדיק אַ מינע אונטער אַ דײַטשן עשאַלאָן (דער אויפּטו פונעם לאַכוועער ייִד לאָפּאַטין) 25).

די ידיעות וועגן דעם ווידערשטאַנד פון די ייִדן פון באַליסטאָקער פּראָווינץ זײַנען דערגאַנגען צו דער אונטערערד פון וואַרשעווער געטאָ. אַט וואָס עס האָט וועגן דעם געשריבן דער אָרגאַן פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון וואַרשעווער געטאָ „וויאַדאָמאָשטשי““ אין נומער 5 פון דעצעמבער 1942:

„די ייִדן זײַנען צוו"אַ געווען אַ דערפּאַרונגס־מאַטעריאַל פּאַר דער נײַער „באַפעלקערונג־פּאָליטיק" פון די דײַטשן אין פּוילן און מיסטאָמע אויך אַף אַנדערע אָקופּירטע געביטן. אַף די ייִדן האָט מען אויסגעפּרוווט די סיסטעם פון פּאַרטויבן און גײַסטיק פּאַראַליזירן די מאַסן, און די ייִדן קערן זיך אויך אום די ערשטע צו אַ פּאַרהעלטענישמעסיקן גלײַכגע־וויכט און באַקומען צוריק די פעיִקייט צו מעשים.

„די געשעענישן אין ביאַליסטאָק, קרינעק און יאַדעווע זײַנען אַ לעב־בעדיקע אילוסטראַציע פּאַר דעם פּראָצעס פון צוריקבאַקומען דורך די

---

23) ג"א פון מוישע סטופּניק (מעכאַבערס אַרכ').

24) דאָרטן.

25) בעטטי אייזענשטיין: „די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין די געטאָס און לאַ־גערן" (אין פּויליש), לאָדזש, 1946, ז"ז 94—100.

ייִדן די קויכעס צום ווידערשטאַנד נאָך אַזאַ אומדערהערטן ביז איצט נישט נאָטירטן בלוט־אָפּפלוס.

אין ביאַליסטאָק 25א) האָבן די ייִדן אַף דער „אויסזידלונג־אַקציע" אין דער ערשטער ריי געענטפערט מיט אַנטלויפן אין די וועלדער. עס זײַנען אַנטלאָפן יונג און אַלט... קיינער ראַטעוועט נישט דעם פאַרמעגן, קיינער לייגט נישט קיין אַכט אָפּן ווינטער, שניי און פראָסט. זיי זײַנען אַוועק אַף אומבאַקאַנטס, אַף הונגער, שווערקייטן, עפשער אויך אַף טויט, אָבער מיט אַ ברעקל שאַנסן, אויב נישט איבערלעבן די מיל־כאָמע, איז אַלנפאַלס צו קעמפן קעגן דײַטשישן אָקופּאַנט. מוטערס האָבן געבענטשט זייערע זין און טעכטער, טיילמאָל זײַנען געגאַנגען גאַנצע מישפּאָכעס, קעדיי צו קעמפן און אומקומען אין נאָמען פון פרײַהייט. די רעשט איז געשפּרונגען פון די וואַגאָנען, נישט געקוקט אַף די שאָסן פון די קאָנוואָירנדיקע אוקראַינער.

די ייִדן פון קרינעק (לויט דער אינפאָרמאַציע פון אַ פּוילישן פּאָליציאַנט) האָבן אָנשטאָט דער נאָרמאַלער ביז איצטיקער רעאַקציע פון די מאַסן געענטפערט אַף דער דײַטשישער שכיטע מיט ביקסן־ און רעוואָלווער־זאַלפן פון דער ייִדישער זעלבשוץ. אין רעזולטאַט האָט מען אויסגעשניטן אַלע דײַטשן ביזן לעצטן. אין דרײַ טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ פּלוטאָן פון עס־עס. אָבער אין דער שטאָט האָט ער נישט געפונען קיין איין ייִד. אַלע פון זויג־קינדער ביז זקיינים האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע וועלדער.

אין דער געגנט פון יאַדעווע איז טעטיק אַ ייִדישע פּאַרטיזאַנישע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פונעם 25־יאָריקן מוישע זשעלעניעץ. אָנטיילנעמער פון דער גרופּע זײַנען די אַלע ייִדן, געוועזענע זעלנער פון דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע עס איז געלונגען זיך אַרויסצורײַסן פון די הענט פון די דײַטשישע טאַליאָנים.

די אויבן דערמאָנטע געשעענישן גיבן מיר איבער מיט אַ באַזונדערער סאַטיספאַקציע, וואָרעם פאַר אונדזערע אויגן קומט פאָר אַ פאַרענדערונג פון דער פאַרהעצטער ייִדישער באַפעלקערונג אין אַ קעמפנדיקער, אַף וויפל זי קאָן עס באַווײַזן, מענטשלעכער גרופּע.

מיר גלייבן, אַז די פּוילישע באַפעלקערונג פון די געביטן, וואָס אונ־

25א) געמיינט: די ביאַליסטאָקער פּראָווינץ.

טערליגן דער „אויסזידלונג־אַקציע“, אָנגעלערנטע דורך די טראַגישע דער־פאַרונגען פון די ייִדישע מאַסן, וועט אַ נעם טאָן אין די הענט דעם פאַקל פון בונט און קאַמף“ 25ב).

אָט אַזוי האָבן די ייִדישע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ אַרויסגע־שטעלט די האַרטנעקיקע ייִדן פון ביאַליסטאָקער פּראָווינץ פאַר אַ מוסטער נישט בלויז פאַר די אַנדערע ייִדישע ייִשובֿים, נאָר אויך פאַר די פּוילישע מאַסן.

לאָמיר דאָ צוגעבן, אַז סאָף 1942 האָבן שוין אין די מיזרעך־געביטן פון דער ביאַליסטאָקער געגנט געווירקט עטלעכע פּיאָנערישע, סאָוועטישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען 25ג).

אַנטלויפן האָבן ייִדן געקאָנט נאָר אין די וועלדער, ווײַל דאָס אייג־ציקע נישט־אָנגערירטע געטאָ פון דער געגנט, דאָס ביאַליסטאָקער, איז ווי געזאָגט, הערמעטיש פאַרמאַכט געוואָרן. עס זײַנען אין געוויסע ערטער געמאַכט געוואָרן דורך ייִדן פּרוּוון צו לויפן קיין ביאַליסטאָק, אָבער דאָס איז געווען זייער אַ שווערער ענין. אין וואָלקאָוויסק האָבן צוויי דײַטשן געהאָלפן ייִדן אַנטלויפן פון אָרטיקן איימעק האַבאַכאָ און זיך אַרײַנבאַ־קומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. די זאַך איז געוואָרן אויפגעדעקט. די צוויי „פאַררעטער“ זײַנען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ עס־עס־געריכט אין קעניגסבערג, וואָס האָט זיי פאַרמישפּעט צום טויט. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אויפן פּעטראַשער עקזעקוציע־פעלד הינטער ביאַליס־טאָק אין דער אָנוועזנהייט פון דער גאַנצער זשאַנדאַרמעריע און געשטאַ־פּאָ 26).

... און דערווײַל האָט דער סוינע געהאַלטן דאָס ביאַליסטאָקער גע־טאָ אין די נעגל פון שאַנטאַזש און טויט־שרעק. דאָס, וואָס אלטענלאַה האָט צוגעזאָגט טבילעס נאָוועמבער, איז בעקאָרעוו אָוועק אין פאַרגעסע־ניש, און די געשטאַפּאָ האָט באַנײַס גענומען פאָדערן קאָרבאָנעס פון ביאַליסטאָק גופא. מען פּרוּווט ווידער מיט פּידיען־געלט. דער סוינע פאַר־לאַנגט אָבער אַ „סאַטיספאַקציע“ און ער נעמט עס בעגוואַלט: אָן אײַ־נערלעכן גיירעש אין דאַלעד־אמעס פון געטאָ גופא, די פאַרשמעלערונג

25ב) זע: „דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ“ געזאַמלט און מיט אַ פאָרוואָרט און באַמערקונגען פון ב. באַרק, וואַרשע 1953, ז׳ 113—114.

25ג) זע ווײַטער: דריטער טייל, ערשטער קאַפּיטל פון אונדזער אַרבעט.

26) פּרידעל — ענטפער אַפן מעכאַבערס אַנקעטאָ.

פון אירע גרענעצן. דעם עלפטן נאָוועמבער 1942 ווערט פאַרצייכנט אין פּראָטאָקאָל פון דער יודענראַט־זיצונג דער ווייטערדיקער באַריכט פון עפּראַים באַראַש: „אַזאַ טאָג ווי דעם לעצטן האָבן מיר שוין לאַנג נישט איבערגעלעבט. מיר וועלן זיך מוזן אַרויסציִען פון די גאַסן זאַמענהאָף, זשידאָווסקע, אַ טייל ביאַלע און בראַנסקע. אין די גאַסן וועט מען אַרײַנזעצן פינף טויזנט פּאָליאַקן און ווײַסרוסן, וועלכע ווערן געברענגט פון ביאַלאָוויעזשער קאַנט" 27). עס איז דעמאָלט אַרויסגעריסן געוואָרן באַ די יידן אַ ווויִן־שעטעך פון 25 טויזנט קוואַדראַט־מעטער.

די פאַרשמעלערונג פונעם געטאָ־שעטעך שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט הימלערס פּלאַן אַרויסצושטויסן די יידן פון דער פּראָדוקציע און פאַרטרעטן זיי מיט „אַרישע" אַרבעט־שקלאַפן 28). אַפן קאָנקרעטן ביאַליסטאָקער געביט האָט מער די יידישע אַרבעטער געדאַרפט פאַרטרעטן מיט ווײַסרוסישע. עריק קאָך, וועלכער האָט געדאַרפט די דאָזיקע זאַך רעאַליזירן אין זײַן באַצירק, איז אויסן געווען צו שיסן צוויי האָזן מיט איין מאָל: קאָנטיניִרן די שטופּנווײַזע ליקווידירונג פון די יידן און, אַרויספירנדיק מאַסן ווײַסרוסישע פּויערים פון דאָרף, פאַרשמעלערן אַזוי אַרום די באַזע פאַר דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. אַ ווײַטערדיקע פאַרשמעלערונג פונעם יידישן ווויִן־שעטעך אין ביאַליסטאָק האָבן מיר אין פעברואַר 1943; עס ווערן דעמאָלט די יידן אַרויסגעטריבן פון אַ טייל הײַזער און אַ ריי גאַסן. אָבער דער דאָזיקער אינערלעכער גייִרעש פאַלט שוין אויס אין אַ לעגאַמרע אַנדער סיטואַציע, וועלכע האָט זיך געשאַפן פאַר די יידן אָנהייב 1943.

עס איז קעדײַ צוצוגעבן, אַז פון דעם איבערבאַזעצן קיין ביאַליסטאָק ווײַסרוסישע פּויערים איז גאָרנישט געוואָרן, ווײַל די לעצטע האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

27) פּראָטאָקאָלן פון ביאַליסטאָקער יודענראַט נומ' 50 (אַרכ' ייִה"א).
28) אײַזענבאַך, ז' 50.

# קאַפּיטל פינף

## די עקאָנאָמישע באַציִונגען אין געטאָ

עס איז זייער שווער צו געבן אַ גענוי בילד פון די עקאָנאָמישע באַציִונגען אין געטאָ. „דער מעכאַניזם פון דער קאָמפּליצירטער און גלײַכצײַטיק פּרימיטיווער עקאָנאָמיק פון געטאָ איז אומגעהייער שווער צו אַנאַליזירן", — שרײַבט דער אַנאָנימער מעכאַבער פון איינער פון די געטאָ־כראָניקעס, וואָס זײַנען אויסגעגראָבן געוואָרן אין ביאַליסטאָק נאָך דער באַפרײַונג 1). זייער קאָמפּליצירט און גלײַכצײַטיק פּרימיטיוו — אָט איז די ריכטיקסטע באַצייכענונג. דערבײַ דאַרף מען צוגעבן, אַז די געטאָ־עקאָנאָמיק איז ביכלאַל נישט געווען קיין באַשטענדיקע — אַפילע אין צײַטווײַליקן זין — דערשײַנונג. האַגאַם דער אָקופּאַנט האָט געשאַפן געוויסע (גזיירעסדיקע) נאָרמעס, איז דאָך שווער צו ריידן וועגן געוויסע גרונד־ליניעס פון אַ געטאָ־עקאָנאָמיק ווי אַ דויערהאַפטיקע דערשיינונג ביכלאַל און אין קאָנקרעטן ביאַליסטאָקער פאַל ביפראַט.

אין אַלגעמיין האָט דער סוינע געזען אין געטאָ דאָס, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אין דער באַקאַנטער אינסטרוקציע פון 1939 פון ריינהאַרד היידריך — אַן עטאַפּ צו דער פיזישער פאַרניכטונג פון די ייִדן. אָבער העיויס דער דאָזיקער עטאַפּ האָט געקאָנט אין דעם אָדער יענעם פאַל דויערן אַ געוויסע צײַט, האָט דער סוינע געזען אינעם געטאָ צוויי איקער־צילן פאַר זיך: ריישיס — אַ קוואַל פון קעסיידערדיקן רויב, רויב אין די פאַרשיידנסטע פאָרמען; און צווייטנס — אויך אַ געביט פון בעכאָצי־כינעמדיקער שקלאַפערישער אַרבעט־קראַפט. אויב די ערשטע באַדײַטונג פונעם געטאָ פאַרן אָקופּאַנט איז געווען אַקטועל פון סאַמע אָנהייב ביזן

1) „צו דער געשיכטע פון די ביאַליסטאָקער ייִדן אין דער צײַט פון דײַטשיש־סאוויעטישן קריג", ארכ' יִוָה"א נ' 104/46.

סאָף, האָט די צווייטע באַדײַטונג אַדורכגעמאַכט צוריקציִונגען און אויפ־וווקסן אָפּהענגיק פון דעם צושטאַנד פון די אַרבעט־קראַפט־רעזערוון אין דער דײַטשער מילכאָמע־ווירטשאַפט; צוליב דעם האָבן זיך געוויגט די לעבן־שאַנסן פון ביאַליסטאָקער געטאָ, אַ מאָל לכאַים און אַ מאָל לעמאָוועס; און אונטער דער ווירקונג פון די ביידע אויסערלעכע קאָניונקטורעלע פאַקטאָרן — רויב און נייטיקייט פון אַרבעט־קראַפט — האָבן זיך געשטאַלטיקט און געענדערט די עקאָנאָמישע באַציִונגען אין געטאָ.

קוידעם קאָל וועגן געוויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען פון אָט דער עקאָנאָמיק.

דאָס געטאָ און קיינער פון זײַנע אײַנוווינער האָט נישט געקאָנט האָבן קיין לעגאַלע געשעפטלעכע און פּראָדוקציאָנעלע באַציִונגען מיט וועמען נישט־איז פון אויסערן געטאָ אָן דער מיט צוואַנג־אָנגעוואָרפענער פאַר־מיטלונג פון דער אַזוי גערופענער געטאָ־פאַרוואַלטונג, וועלכע איז גע־שאַפן געוואָרן באַם שטאָט־קאָמיסאַר. דער צוועק פון אָט דער אָקופּאַנטי־שער געטאָ־פאַרוואַלטונג איז געווען, ווי עס דריקט זיך אויס אַ היטלע־ריסטישער זאַך־קענער: „צו שאַפן אַ רײַבונגסלאָזן ווירטשאַפטלעכן פאַר־קער מיטן געטאָ” 2). אַזוי אַרום האָבן די דײַטשן לעגאַבע דעם ביאַליסטאָ־קער געטאָ נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון לאָדזשער געטאָ, ווו עס איז אויך געווען אַ געטאָ־פאַרוואַלטונג מיט די ברייטסטע קאָמפּעטענצן צו קאָנטראָ־לירן דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע און אַדמיניסטראַטיווע לעבן פון געטאָ. דער לייטער פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג באַם שטאָט־קאָמיסאַר האָט גע־טראָגן דעם טיטל „דירעקטאָר”. דער דאָזיקער אַמט איז אין יאָר 1942 געווען באַזעצט דורך אַ געוויסן צימערמאַן 3).

זינט נאָוועמבער 1942, ווען אַלע ייִדישע איניאַנים זײַנען פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג איבערגעגאַנגען צו דער זיכערקייט־פּאָליציי, איז די געטאָ־פאַרוואַלטונג פון דעם שטאָט־קאָמיסאַר אַריבער צו דער „סיפּאָ”, אין שפּיץ פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג איז דאָ געשטעלט געוואָרן דער ס. ס. אָבערשטורמפירער און פּאָליציי־אינספּעקטאָר קליין 4).

---

2) מאַכאַל, נ' 4, ז' 13.
3) בריוו פונעם קרײַזלייטער פון נ.ס.ד.א.פּ., פון 8טן סעפּטעמבער 1942 צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג (אַרכ' ייִה"א).
4) מאַכאַל, ז' 14.

די געטאָ־פאַרוואַלטונג — סײַ די ערשטע, באַם שטאַט־קאָמיסאַר, סײַ די צווייטע, באַ דער זיכערקייט־פּאָליציי — האָט רעגולירט אַלע ווירט־שאַפטלעכע איניאַנים פון געטאָ און רעאַליזירט די צוויי הויפּט־צילן: דעם רויב און די אויסנוצונג פון שקלאַפערישער אַרבעט־קראַפט. דער איקערדיקער רויב איז, אייגנטלעך, דורכגעפירט געוואָרן באַלד באַם אָנ־הייב. הערמאַן געריגגס פאַראָרדענונגען וועגן קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון די יידן אין די אָקופּירטע געביטן איז, פאַרשטייט זיך כּאַל געווען אויך אַף ביאַליסטאָק. אַלע יידישע אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס זײַנען צוגענומען געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער מעלוכע, דורך דער אַ״ג טרויהאַנדשטעלע, וועלכע האָט געדאַרפט מיט זיי פאַרוואַלטן. די טרויהענדער זײַנען געווען קאָשערע רייכסדײַטשן 5). די פאַבריקן וועלכע זײַנען געבליבן אין טכום פונעם געטאָ, האָבן אויך געהערט ווי אַן אייגנטום צו דער נאַציסטישער מעלוכע. דעם יודענראַט איז אָנפאַר־טרויט געוואָרן די פאַרוואַלטונג פון אָט די פאַבריקן, און דעריבער האָט מען זיי אין געטאָ אָנגערופן „יודענראַט־פאַבריקן". כוץ דעם האָבן באַ־זונדערע דײַטשע פירמעס באַקומען אַ ריי פאַבריקן אַף דער געטאָ־טערי־טאָריע; די דאָזיקע פריוואַטע דײַטשע פירמעס האָבן געצויגן פון דעם געוואַלטיקע רעוואָכים און זײַנען שטאַרק באַרײַכערט געוואָרן, ווי לעמאָשל די פאַבריק פון אָסקאַר סטעפען 6).

כוץ דעם רויב פון די אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס איז אָנגעגאַנגען אַ רויב פון געלט און זאַכן. דער דאָזיקער רויב האָט זיך אָנגעהויבן מיט „נאָרמאַלע" מילכאָמע־קאָנטריבוציעס. צוערשט האָט דער נאַצישער וואָלף אַראָפּגעשלונגען די ריזיקע שאַנטאַזש־סומע, וואָס האָט געדאַרפט קלוי־מערשט זײַן אַ פּידיען האַנעפעש פאַר די קאָרבאָנעס פון בלוטיקן שאַבעס. דערנאָך איז געקומען די גזירע פון אַ קאָנטריבוציע פון צוויי מיליאָן רובל. און ווען דער סוינע האָט געזען, אַז אויך די סומע איז געסילעקט, האָט ער אינגיכן פאַרלאַנגט אַ נײַע קאָנטריבוציע: פינף מיליאָן רובל, פינף קילאָ גאָלד און 300 קילאָ זילבער.

דערנאָך איז געקומען די רעגולערע געלט־אויספּרעסונג. פונקט ווי אומעטום אַזוי איז אויך אין ביאַליסטאָק אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אַף די

---

5) אַרכ׳ יי״ה״א, נומ׳ 1966.
6) אַרכ׳ יי״ה״א, נומ׳ 1966.

יידן דער מיטלאַלטערלעכער קאָפּ־שטײַער, וועלכער האָט, לעמאָשל, סאַך 1941 באַטראָפן 12 מאַרק אָדער צו 120 רובל פון אַ יידישן נעפעש: איינצײַטיק האָט יעדער ייד געמוזט צאָלן לאָקאַל־שטײַער 60 רובל 7). בעזים לוי — שמיץ אָפן הוילן קערפּער.

צוזאַמען מיט דער קעסיידערדיקער געלט־אויספּרעסונג איז אָנגעגאַנגען דער רויב פון מאַטעריעלע גיטער — און געראויבט האָט די נאַציסטישע מעלוכע ווי אַזעלכע, יעדער אָקופּאַנטישער אַמט באַזונדער, און קימאַט יעדער פון דעם אָקופּאַנטישן אַפּאַראַט אויך באַזונדער, און איינצײַטיק — יעדער באַאַמטער אַף דער אייגענער האַנט. און געראויבט האָט מען אַלץ — „אַלץ, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַן אַלעף, מוז מען צושטעלן", — פאַרצייכנט פּייסעך קאַפּלאַן אין זײַן אַרבעט „דער יידנראַט אין ביאַליסטאָק".

דער רויב איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער. פּייסעך קאַפּלאַן ציטירט אַ דײַטשן דאָקומענט, וואָס דערציילט, אַז די מאַכט האָט געפאָדערט, אַז אין מעשעך פון איין טאָג זאָלן צוגעשטעלט ווערן צוויי שרײַבמאַשינקעס, בעזים לוי — וועלן דערשאָסן ווערן צוויי מיטגלידער פון יודענראַט. האָט אַ געוויסע דײַטשע אינסטיטוציע עפּעס אײַנגעאָרדנט, האָט זי נישט געדאַרפט זיך אָנטאָן די טירכע און אויסגעבן געלט, אָדער מאַכן באַמיִונגען; איין בריוו — דורך דער געטאָ־פאַרוואַלטונג — איז געטאָ אַרײַן, און אַלץ מוז זײַן גרייט און פּאַרטיק צו דער באַשטימטער צײַט. מען קאָן זאָגן, אַז דער אָקופּאַנט האָט זיך אויסגעשלאָגן די גאַנצע הויצאָעס פון זײַן אַדמיניסטראַציע אַף דער קעשענע פון די יידן. אַט טיילט מיט דער יודענראַט די אײַנוווינער פון געטאָ דעם נײַנטן סעפּטעמבער 1941 אַ „בסורע", אַז מען מוז דער ציוויל־פאַרוואַלטונג צושטעלן אין מעשעך פון איין טאָג אַ גאַנצע אויסשטאַטונג פאַר אַ גרויסן לאָקאַל, אָנהייבנדיק פון טעפּיכער, קלאַווירן און זשיראַנדאָלן ביז . . . קיך־שטשערקעס, שײַער־שמאַטעס און בעזימער. בעזים לוי, איז: „פאַר יעדער זאַך, וואָס וועט פעלן, וועט אַרויפגעלייגט ווערן אַ גרויסע שטראָף". די שרעק פונעם יודענראַט איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער גיט צו: „דער יידנראַט וואָרנט: אויב די געפאָדערטע זאַכן וועלן נישט צוגעשטעלט ווערן גענוי

7) „צו דער געשיכטע אא"וו", ז' 4.

צו דער צײַט, נעמט אַראָפּ דער יודנראַט די אַכראַיעס פֿאַר די שווערע קאָנסעקווענצן, וואָס וועלן קומען" 8).

מיר האָבן געבראַכט נאָר איין בײַשפּיל פֿונעם רויב־סיסטעם. אַזוי ווי אין אַנדערע געטאָס, אַזוי איז אויך געווען אין ביאַליסטאָק 9).

כּוֹח דעם אָפֿענעם רויב פֿון באַוועגלעכן פֿאַרמעגן איז פֿאָרגעקומען אַ סיסטעמאַטישע אויספּלינדערונג פֿון געטאָ אונטערן דעק־מאַנטל פֿון „נאָרמאַלע" האַנדלס־טראַנזאַקציעס. דײַטשע פֿירמעס פֿון ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט ווענדן זיך צו דער געטאָ־פֿאַרוואַלטונג מיט באַשטעלונגען פֿון פֿאַרשיידענע סכוירעס, לעמאָשל: פֿון וואַטע, טעפּיכער, שענק, פֿורן, רעדער, שרײַבגעצײַג, זייגערס, גלאָז וקעדוימע 10). וואָס ענגער עס ווערט אַפֿן דײַטשן מאַרק, אַלץ אָפֿטער ווערן די פֿאָדערונגען פֿון געטאָ־סכוירעס און זאַכן, ביפֿראַט, אַז זיי זײַנען בעכאָצע כּינעם. עס מאַכן באַ־שטעלונגען אויך די נ.ס.ד.א.פּ. 11), די פֿאַרוואַלטונג פֿון די קראַנקן־הײַזער 12), די ווערמאַכט 13). די אַלע באַשטעלונגען גייען לויט בוכהאַל־טערישע קלאַלים מיט געלט־כעשבוינעס וקעדוימע.

צוזאַמען מיטן אָפֿענעם און פֿאַרשטעלטן רויב דירעקט מיצאַד די אָקופּאַנטן גייט אַ שאַנטאַזש־רויב — דאָס זײַנען די ריזיקע כאַבאַרן, וועל־כע דער יודענראַט גיסט קעסיידער אין די לעכערדיקע קעשענעס פֿון די מאַכט־האָבער. דער יודענראַט זאַמלט באַ זיך ריזיקע אויצרעס — אין געלט, גאָלד, כּפֿייצים, טײַערע מאַלבושים, וועלכע אָדער ער שלעפּט אַרויס פֿון דער באַפֿעלקערונג אונטערן אויסרייד פֿון טויט־סאַ־קאָנעס, אָדער ער קויפֿט אײַן; דער יודענראַט איז אין געטאָ געווען דער גרעסטער אויפֿקויפֿער פֿון ווערטפֿולע זאַכן; די אַלע זאַכן וואַנדערן אַרי־בער צו די פֿאַשיסטישע סאַראָס 14). און דער יודענראַט איז נאָך זיי דאַנק־באַר, וואָס זיי לאָזן זיך שמירן. אָבער אין גרונט גענומען איז דאָס אויך

---

8) יודענראַט־מעלדונג, נ' 92, ארכ' יוה"א.

9) לעמאָשל, די קאָנפֿיסקאַציע פֿון פּוטערוואַרג האָט געהאַט אַ אָרט אין ביאַליסטאָקער געטאָ פֿון 12טן ביזן 16טן אויגוסט 1942.

10) די בריוו פֿון: פֿירמע פּ. פּינק פֿון 15טן מײַ 1942, פֿירמע פּ. רייכערט פֿון 21טן יאַנואַר 1943, פֿירמע האַמפּ פֿון 12טן יאַנואַר 1943 (אַרכ' יוה"א).

11) אויבן, און אויך — דער בריוו פֿון 10טן דעצעמבער 1942 (אַרכ' יוה"א).

12) בריוו פֿון 14טן דעצעמבער 1942 (אַרכ' יוה"א).

13) בריוו פֿון 14טן און 15טן דעצעמבער 1942 (ארכ' יוה"א).

14) „צו דער געשיכטע אא"וו", ז' 11.

געווען אַ פּאַקטישע אויספּלינדערונג פון געטאָ. עס איז פאַרשטענדלעך, וואָס פאַר אַן אויסווירקונג דער דאָזיקער ריזיקער רויב אין קאַלערליי פאָרמען האָט געהאַט אויף דער עקאָנאָמיק פון געטאָ. די יידישע באַפעלקערונג האָט דאָך ס'ראָוו געלעבט פון די רעזערוון, וועלכע מ'האָט געהאַט פון דער פריערדיקער צײַט. דעם מאַטעריעלן צושטאַנד פון אַ געטאָ־אײַנוווינער האָט מען אין אַלגעמיין געאורטיילט לויט דער צאָל זאַכן — מאַלבושים, כפייצים — וואָס ער האָט פאַרמאָגט, קעדיי עס קאָנען אויסטוישן אויף שפּײַז, וואָרעם פון פאַרדינסט אַליין האָט זיך געקאָנט דערנערן זייער אַ דינינקער שיכט 15). איז קלאָר, אַז דאָס אויספּאָמפּעווען פון געטאָ די רעזערוון האָט דערפירט צו אַ געוואַלדיקער פאַרערגערונג פונעם עקאָנאָמישן מאַצעוו פון איטלעכן ייִד, ביפראַט פון די ווייניק־באַמיטלטע עלעמענטן; מעמיילע האָט דאָס דערפירט צו דער געוואַלדיקער יערידע פון געזונט־צושטאַנד און צום וווקס פון דער שטאַרביקייט. צוליב אַנדערע סיבעס האָט צום וווקס פון שטאַרביקייט גוירעם געווען די צווייטע דערשײַנונג — די צוואַנג־אַרבעט.

דער סוינע האָט, ווי געזאָגט, געקוקט אַפן געטאָ, כוץ פונעם רויב־שטאַנדפּונקט, אויך פון שטאַנדפּונקט פון שקלאַפּישער אַרבעט־קראַפט. אויך דער איניען איז קאָנטראָלירט געווען דורך דער געטאָ־פאַרוואַלטונג 16). דײַטשע פירמעס פלעגן זיך ווענדן צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, וועלכע פלעגט איבערשיקן די באַשטעלונג צום יודענראַט; פון דער ייִדישער זײַט האָט די אַרבעט־שקלאַפן צוגעשטעלט דער אַרבעט־אָפּטייל באַם יודענראַט. נישט געקוקט אַף דעם, וואָס דאָס אַרויסגיין אַף אַרבעט מעכוץ די געטאָ־גרענעצן איז אָפט געווען פאַרבונדן מיט אויסזיכטן צו קאָנען זיך אײַנשאַפן שפּײַז־פּראָדוקטן, אָדער מאַכן אַ געוויסן אויסטויש־מאַסע־מאָטן, האָט אָבער די געטאָ־באַפעלקערונג טראַקטירט די דאָזיקע צוואַנג־אַרבעט ווי אַ שווערע גזיירע, וואָרעם אין אַלגעמיין איז דער אַרבעטער מיכוצן געטאָ געווען אויסגעשטעלט אַף געפערלעכע פיזישע שיקאַנעס 17). עס זײַנען געווען אַרבעט־פּלעצער, לעמאָשל, אין געשטאַפּאָ־

---

15) דאַרטן, ז' 6.

16) בריוו פון דער בוי־ביוראָ פ. קירהאָף צו דער נעטא־פאַרוואַלטונג — פון 28טן יולי 1942 (אַרכ' ייִה"א).

17) נ"א פון מ. אורשאַנסקי, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נומ' 2260.

ביניען אַף שענקעוויטש־גאַס, ווו קימאַט יעדער טאָג האָט געבראַכט צען קאַרבאַנעס, האַרוגים, פון צווישן די יידישע און פוילישע אַרבעטער 18).

די צוואַנג־אַרבעט איז כאַל געווען אַף מענער און פרויען ביז 55 יאָר 19). די רעגולירונג פון גאַנצן איניען איז געלעגן אין די הענט פונעם יודענראַט, וועלכער האָט זיך אויך דאָ אַנטפּלעקט מיט זײַן קלאַסן־צוגאַנג; באַלעבאַטישע יידן האָט ער פאַרהאַלטן אַף דער פיזיש מער זיכערער אַרבעט אין די געטאָ־פאַבריקן, די אָרעמקייט האָט ער געשיקט אַף די געפערלעכע אַרבעטן אויסערן געטאָ. „דער אָרעמער ייד" — שילדערט די דאָזיקע לאַגע אַן אייד ווע — האָט געקאָנט באַקומען באַשעפטיקונג נאָר אין די ערגסטע אַרבעט־פּלעצער, אים האָט מען געשיקט אַרבעטן צו די דײַטשן און ער איז געווען אויסגעשטעלט אַף איגויים און אַפילע אומקום. דאַקעגן דער רײַכערער טייל האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו פירן אַ נישקאָשעדיק לעבן און נישט אַרבעטן שווער. פאַר דעם האָבן שוין געזאָרגט די אַנגעשטעלטע פון אַזוי גערופענעם אַרבעט־אַמט (אַרבעט־אַפּטייל). פאַרשטייט זיך, פאַרן פרײַז פון גרויסע סומעס געלט 20).

די דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק סײַ פון דער דײַטשער מאַכט, סײַ מיצאַד דעם יודענראַט לעגאַבע די אָרעמע, אַרבעטנדיקע שיכטן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג און די פּריווילעגירנדיקע פּאָליטיק מיצאַד דעם יודענראַט לעטויוועס דעם „העכערן" שיכט איז געקומען צום אויסדרוק נישט בלויז אַפן געביט פון אַרבעט־ און פּאָסטנס־פאַרטיילונג, נאָר אויך פון באַשפײַזונג.

דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ האָט אין אַלע ווינקעלעך פון אָקופּירטן פוילן, ווו עס האָט נאָר געאָטעמט אַ יידיש לעבן, געהאַט אַ שעם פון אַ גוט־איינגעאָרדנטער, פון אַ מאַטעריעל בעסער סיטויִרטער. דער אומשטאַנד האָט אויך מיטגעווירקט צו שאַפן אַ באָדן פאַר די טראַגישע אי־

---

18) דאַרטן; עס האָבן זיך אַף דעם אַרבעטס־פּלאַץ אויסגעצייכנט מיט זייער אכזאַריעס סײַ לעגאַבע יידישע, סײַ לעגאַבע פוילישע אַרבעטער די כוליגאַנישע מײַסטער פעליקס פורמאַנסקי און פראַקאָפּאָוויטש.

19) יודענראַט־מעלדונג פון 24טן דעצעמבער 1941. דאָס געטאָ האָט אויך געמוזט צושטעלן מענטשן אַף צוואַנג־אַרבעט מיכוץ ביאַליסטאָק, ווי לעמאַשל, קיין מיזרעד־פּרײַסן (ג"א פון זאַלמען קאַלעשניקאָוו, מעכאַבערס אַרכ'), אָדער די גזיירע פון שיקן 130 יונגע מיידלעך אַף אַרבעט אין אַ גוט הינטער וואָלקאָוויסק (ג"א פון פאַני ליפּינסקאַ, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 2124, ג"א פון אַניע ווינציגשטערן, אַרכ' ייִה"א פּראָט' 1973).

20) ג"א פון אַווראָם אָסאָוויצקי (מעכאַבערס אַרכ').

לוזיעס, אַז טאַקע געטאָ ביאַליסטאָק וועט עפּשער אויסדויערן גיכער ווי אַנדערע.

ווי האָט זיך אָבער פאַרגעשטעלט די זאַך אין דער ווירקלעכקייט ?

אין ביאַליסטאָק איז טאַקע געווען עקאָנאָמיש אַ ביסל לײַכטער ווי אין אַנדערע מעקוימעס. עס האָט אין ביאַליסטאָקער געטאָ נישט גע־הערשט אַזאַ מוירעדיקער, אַבסאָלוטער, פּאַרטיליקנדיקער הונגער ווי אין וואַרשעווער ייִדן־ראַיאָן, אָדער אין רומקאָווסקיס מעלוכע. מען האָט אַף די גאַסן נישט געזען קיין מענטשן געשוואָלענע פון הונגער 21).

און אויב עס האָט דאָ אַזאַ פּאַרטיליקנדיקער הונגער נישט געהער־ליעט, איז עס געווען צו פאַרדאַנקען נישט באַראַשן און זײַנע פעיִקייטן — ווי געוויסע מענטשן ווילן עס סוגערירן — נאָר געשען איז עס אַ דאַנק דעם, וואָס די, וועלכע זײַנען אַרויס אַף די געפערלעכע אַרבעטן מי־כוץ דעם געטאָ, האָבן, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, אַרײַנגעשמוגלט שפּײַז־פּראָדוקטן 22). אָבער נישט געקוקט אַף דעם, איז אויך אין ביאַליסטאָק געווען — באַם פּאַלקס־מענטש — אַזוי פיל עסן, ער זאָל נישט קאָנען שטאַרבן פון הונגער, אָבער קיינמאָל נישט אַף צו זײַן ווי עס איז זאַט. דער ווינטער 1941—1942, דער ערשטער געטאָ־ווינטער איז אין ביאַ־ליסטאָקער איימעק האַבאָכאָ, אָדורך אונטערן צייכן פון הונגער 23). אָבער אויך אין דער שפּעטערדיקער בעסערער צײַט איז די הויפּט־פּראָב־לעם געבליבן : ווו פּאַקט מען אַביסל שפּײַז ? די קאַרטן־באַשפּײַזונג האָט זיך פאַרגעשטעלט אַט אַזוי :

דער דורכשניטלעכער נעפעש אין געטאָ האָט באַקומען סאַף 1941 און טכילעס 1942 — 200 גראַם ברויט אַ טאָג צו 25 פעניג אַ קילאָ. אין אַ צײַט אַרום איז די טאָג־פּאַרציע פאַרקלענערט געוואָרן אַף 100 גראַם אַ טאָג צו 20 פעניג אַ קילאָ. אין פרילינג־צײַט 1942 איז די דאָזיקע הונ־גער־פּאַרציע נאָך מער געקירצט געוואָרן : 75 גראַם ברויט אַ טאָג. אין דער זעלביקער צײַט האָט דער „אַריער״ באַקומען אין ביאַליסטאָק אַף ברויט־קאַרטן 215 גראַם אַ טאָג 24).

21) „צו דער געשיכטע אא״וו״, ז׳ 8; אויך — ג״א פון טעוויע ציטראָן, עליע בוימזאַץ א״א (מעכאַבערס אַרכ׳).

22) דאָרטן.

23) קאַט, ז״ז 31 און 32.

24) „צו דער געשיכטע אא״וו״ ז׳ 13.

די אַרבעטנדיקע פון געטאָ האָבן אַף די ברויט־קאַרטן באַקומען גרע־סערע פּאָרציעס, דעהײַנו: דער אויסערן־געטאָ־אַרבעטער פלעגט באַקו־מען 230 גראַם ברויט אַ טאָג צו 45 פעניג אַ קילאָ 25). עס זײַנען געווען אויסנאַמען — די, וואָס זײַנען געשיקט געוואָרן אַף די סאַמע געפער־לעכסטע אַרבעטן; זיי פלעגן באַקומען אַ גאַנצן קילאָ אַ טאָג. אָבער די דאָזיקע זעלטענע אויסנאַמען באַשטעטיקן דעם כלאַל פון 230 גראַם פאַרן אויסערן־געטאָ־אַרבעטער. אין דער זעלביקער צײַט האָט דער אַרבעטער פון אַ געטאָ־פאַבריק באַקומען 500 גראַם ברויט אַ טאָג 26). העיויס אויסערן געטאָ זײַנען, ווי געזאָגט, געשיקט געוואָרן מענטשן פון „פּעבל" און אינעווייניק אין געטאָ איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן דער „באַלעבאַטי־שער" עלעמענט (כוץ, נאַטירלעך, ספּעציאַליסטן, אָן וועלכע דער יודענ־ראַט האָט זיך אין די פאַבריקן נישט געקאָנט באַגיין), ווערט קלאָר די קלאַסן־פּאָליטיק פון יודענראַט אַפן געביט פון באַשפּײַזונג. אָבער אויך פאַר די געטאָ־פאַבריק־אַרבעטער איז שפּעטער געקומען אַ פאַרערגערונג. זומער־צײַט 1942 איז די קאַרטן־ברויט־פּאָרציע פונעם געטאָ־פאַבריק־אַר־בעטער רעדוצירט געוואָרן ביז 375 גראַם אַ טאָג, אוון זינט נאָוועמבער 1942 — ביז 300 גראַם אַ טאָג 27). אָבער אויך אין די פריערדיקע „גו־טע" צײַטן האָט דער יודענראַט דיסקרימינירט אין דער באַשפּײַזונג־הינ־זיכט די געטאָ־אַרבעטער־פאַבריקן און פּריווילעגירט דעם דינעם אַריס־טאָקראַטישן מײַסטער־ און דירעקטאָרן־שיכט און אויך די העכערע יודענ־ראַט־באַאַמטע. אַט די צוויי קאַטעגאָריעס האָבן באַקומען טעגלעך טאָפּל־טע ברויט־פּאָרציעס און כוץ דעם ספּעציעלע געלט־גראַטיפיקאַציעס: די יודענראַט־באַאַמטע פון צײַט צו צײַט פון 30 ביז 75 מאַרק, די פּאָליציי־לײַט כוידעשלעך צו 35 מאַרק און די פאַבריק־דירעקטאָרן צו 100 מאַרק אַ כוידעש; די לעצטע האָבן אויסער דעם באַקומען כוידעש־פּענסיעס פון די דײַטשע באַלעבאַטים, אין דער ערשטער ריי פון דער ווערמאַכט, צו 60 מאַרק 28). אויך אין הינזיכט פון דער באַשפּײַזונג־פּאָליטיק איז בוילעט געקומען צום אויסדרוק דעם קלאַסן־צוגאַנג פונעם יודענראַט. זײַן אַר־בעט־אַפּטייל האָט, נאַטירלעך, געזאָרגט דערפאַר, אַז פון אַ מישפּאָכע

25) דאָרטן.
26) דאָרטן, ז' 12.
27) דאָרטן.
28) דאָרטן, ז' 18.

זאָל איין מענטש קריגן באַשעפטיקונג אין אַ פאַבריק; אַקעגן־זשע לעגאַ־בע דירעקטאָרן, מײַסטער, העכערע יודענראַט־באַאַמטע איז געווען אָנ־געווענדט אַ פונקט פאַרקערטער פּרינציפּ; מעמיילע, זײַנען די האַכנאַ־סעס פון די דאָזיקע מישפּאָכעס געווען אַן אָן ערעך גרעסער, בעיס דער אַרבעטער האָט נישט פאַרדינט אַף כּאיונע אַפילע פאַר זיך אַליין, ד״ה — אַפילע פאַר איין מענטש 29). דערבײַ האָבן די העכערע יודענראַט־באַאַמ־טע, דירעקטאָרן, מײַסטער א״א באַקומען פון צײַט צו צײַט פאַרשיידענע פּראָדוקטן, בעסויכעם פעטסן, ווייצענע מעל, וורשט, פּאַפּיראָסן, און אויך גרעסערע קוואַנטומס קאַרטאָפל,, האָלץ, קוילן צו פעסטע מעלוכע־שע פּרײַזן, בעיס די אַרבעטער האָבן עס נישט באַקומען, אָדער אין זעל־טענע אויסנאָם־פאַלן, און פון דער ברייטער מאַסע איז שוין אָפּגערעדט 30).

די צאָל יודענראַט־באַאַמטע (צוזאַמען מיט די העכערע פאַבריק־אָנ־געשטעלטע) האָט באַטראָפן ביז יולי 1942 — 2201 פערזאָן 31). ד״ה אַ נישטיקער פּראָצענט פון דער גאַנצער געטאָ־באַפעלקערונג. מיט אַנ־דערע ווערטער. אַ קליינינקער שיכט איז פּריווילעגירט געוואָרן אין באַ־שעפטיקונג, פאַרדינסט־ און באַשפּײַזונג־היגזיכט.

די צאָל „גליקלעכע״, וועלכע האָבן זיך אַרײַנבאַקומען אַף אַרבעט אין די געטאָ־פאַבריקן און אויסערן געטאָ, שטעלט זיך פאַר אין אַפּריל 1943 (נאָך דער ערשטער ליקווידיר־אַקציע) אָט אַזוי: 32).

| | |
|---|---|
| באַשעפטיקט אין די געטאָ־פאַבריקן: | 12000 |
| באַשעפטיקט אין די סטעפּען־פאַבריקן: | 1200 |
| באַשעפטיקט אין דער באַקלייד־אינדוסטריע: | 700 |
| באַשעפטיקט אין דער קליידער־פאַבריק: | 200 |
| באַשעפטיקט אין די קריגס־ווערקע: | 150 |
| צוזאַמען אין געטאָ: | 14250 |
| באַשעפטיקט אויסערן געטאָ: | 2700 |
| צוזאַמען אַרבעטער: | 16950 |

29) דאָרטן ז׳ 11 און 13.
30) דאָרטן, ז׳ 12.
31) דאָרטן.
32) אַרכ׳ יִזָה״א, דאָק׳ נ׳ 1966.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די דאָזיקע צאָל איז בעעמעס געווען אַ קלענערע, ווײַל דער יודענראַט האָט אָנגעגעבן דער מאַכט גרעסערע ציפערן פון אַרבעטנדיקע ייִדן צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים. לויט אַן אַנ־דער קוואַל האָט די צאָל געטאָ־פאַבריק־אַרבעטער ביז יולי 1942 באַ־טראָפן איבער 8.600 33). אָבער עס איז מעגלעך, אַז צוליב דער פעברואַר־אַקציע זײַנען מער מענטשן געלאָפן אין די פאַבריקן אַרײַן מיטן אויסזיכט, אַז מיט דער פאַבריק־צײַגעניש וועט מען קאָנען גיכער זיך ראַטעווען און איבערלעבן, און מאַכמעס דעם איז פון יולי 1942 ביז אַפּריל 1943 די צאָל פאַבריק־אַרבעטער עפּשער בעעמעס געוואַקסן. עס איז אויך אינטערע־סאַנט, אַז זינט יולי 1942 ביז אַפּריל 1943 האָט די צאָל ייִדישע אַר־בעטער מיכוח די געטאָ־גרענעצן זיך פאַרקלענערט. זומער־צײַט 1942 באַטרעפט זי 6—7 טויזנט 34); אין אַפּריל 1943 — 2750. דאָס נעמט זיך פון קאָכס פאַראָרדענונג, וועלכע איז געקומען ווי אַן אויספירונג פּר־נעם באַפעל פון בערלין, אַז אַף דער „ארישער" זײַט זאָלן די ייִדישע אַוי־בעטער פאַרשווינדן. ווי מיר זעען, זײַנען זיי נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן אינגאַנצן, אָבער די צאָל איז באַדײַטנדיק פאַרקלענערט געוואָרן.

אָבער אַזוי צי אַזוי, שווימט אַרויס די פראַגע: ווי:אַזוי האָט אויס־געזען דער לוין פון די ייִדישע אַרבעטער, ד"ה — פון העכער 15, צו 17 טויזנט מישפּאָכע־פאַרדינער, מישפּאָכע־אויסהאַלטער, אין פאַרגלײַך מיט די גאָר נישקאָשעדיקע — ווי פאַר אַזאַ צײַט — פאַרדינסטן פון דעם דינעם אויבערשטן יודענראַטליש־דירעקטאַריש־מײַסטערישן שיכט?

דער געטאָ־פאַבריק־אַרבעטער האָט — אַ כוץ דעם האַלבן קילאָ ברויט אַ טאָג און שפּעטער די 375 און 300 גראַם — בעדערעך־קלאַל קיין סכירעס נישט באַקומען. דעם גרעסטן טייל געטאָ־פאַבריק־אַרבעטער האָט די אַרבעט נישט געבראַכט, ווי געזאָגט, אַפילע אַף עסן פאַר זיך אַליין. ס׳ראָוו האָט מען אין די געטאָ־פאַבריקן געאַרבעט פאַרן „לעבן־שײַן. די דירעקטאָרן און מײַסטער האָבן אָפט שאַנטאַזשירט דעם אַרבעטער, אַז מען קאָן אים צונעמען דעם „שײַן" 35). דאָס איז, הייסט עס, אין אַלגע־מיין געווען אומזיסטע שקלאַפן־אַרבעט.

באַ די אַרבעטער, וואָס זײַנען געווען באַשעפטיקט אויסערן געטאָ

33) „צו דער געשיכטע אא"וו", ז׳ 12.
34) דאָרטן, ז׳ 11.
35) ג"א פון יאַנקעוו כאַבראַטאַוואָסקי.

אַף דײַטשע אַרבעט־פּלעצער, האָט דער טאָג־לוין באַטראָפן פון אַ מאַרק ביז אַ מאַרק מיט 20 פעניג. אין דער זעלביקער צײַט איז דער טאָג־לוין פונעם פּוילישן אַרבעטער אַף די זעלביקע אַרבעט־פּלעצער געווען 2 מאַרק ביז 40 פעניג, דאָס הייסט — טאָפּלט ; דאָס איז געווען 70 פּראָצענט פון אַ טאָג־לוין פון אַ דײַטשן אַרבעטער פון ענלעכע געביטן 36). אַף אַ רייַ דײַטשע אַרבעט־פּלעצער האָט מען ביכלאַל נישט געצאָלט ; דאָס זײַנען געווען ס׳ראָוו אַרמייִשע און אַנדערע מעלוכעשע ערטער ; פאַר האָרעווען פון זיבן פרי ביז זיבן אָוונט האָט דער ייִדישער אַרבעט־שקלאַף באַקומען אַ קילאָ גרויפּן אָדער אַביסל צוקער 37).

וואָס האָט געקאָנט דער אַרבעטער אײַנקויפן פאַר אַ מאַרק אַ טאָג ?

צו דער פראַגע פון די פּרײַזן אַף שפּײַז־אַרטיקלען מוז מען צוגייען מיט אַ צײַט־מאָס. די ערשטע צײַט, באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ (אויגוסט 1941) האָט געהערשט אַ געוואַלטיקער ברויט־הונגער און מעמיילע אַן אומגעצוימטער יאַקרעס. קויפן האָט מען געקאָנט נאָר באַ פּאָליאַקן, אָדער פאַר גאָר טײַערע זאַכן 38). שפּעטער, ווען מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אַף אַרבעט מיכוץ דעם געטאָ־טכום, האָט מען שוין אויך געקראָגן צו קויפן פאַר רובלס. די לאַגע ווערט ווידער נישט זיכער באַם גייִרעש פרוזשאַנע ; אָבער דערנאָך ווערט דער מאַצעוו „סטאַביליזירט" און דער יאַקרעס הייבט אָן צו וואַקסן מיט „נאַרמאַלע טעמפּן", און נעמלעך : נאָכן קאַפּיטל פרוזשאַנע ד״ה סאָף 1941 קאָסט אַ קילאָ ברויט אָפּן שוואַרצן מאַרק 2—2,5 מאַרק. אין אַפּריל 1943 קאָסט ער שוין 5—6 מאַרק 39). אַ קילאָ פּוטער קאָסט סאָף 1941 — 20 מאַרק, אין אַפּריל 1943 — 50 מאַרק 40). אַ פּוד קאַרטאָפל קאָסט סאָף 1941 — 4—5 מאַרק, אין אַפּריל 1943 — 60 מאַרק 41).

קיין פלייש האָט מען קימאַט נישט אָנגעזען, און אויב יאָ, האָט עס געקאָסט : אַ קילאָ פערדיש פלייש 15—20 מאַרק, אַ קילאָ קאָשער פלייש — באַ 40 מאַרק 42).

36) „צו דער געשיכטע אא״וו", ז׳ 6.
37) נ״א פון שלוימע דאַלינסקי, ארכ׳ ייִה״א, פּראָט׳ 1128.
38) „צו דער געשיכטע אא״וו", ז׳ 2.
39) דאָרטן, ז׳ 7.
40) דאָרטן.
41) דאָרטן, ז׳ 10.
42) דאָרטן, ז׳ 9.

די דאָזיקע פּרײַזן האָט מען געצאָלט אַף דער „אַרישער" זײַט. עס איז קלאָר, אַז אויך דער פּוילישער אַרבעטער, וואָס האָט באַקומען אַ טאָג 2 מאַרק, האָט זיך נישט געפֿונען מאַטעריעל אין קיין סאַך בעסערער לאַגע. דער געוואַגטער יידישער אַרבעטער, וואָס האָט געפּרוּווט עפּעס אַרײַנשמוגלען אין געטאָ, האָט כּוֹץ די געזאַלצענע פּרײַזן געמוזט געבן כּאַבאַר דעם דײַטשן וועכטער באַם געטאָ־טויער און דעם יידישן פּאָליציאַנט. עס איז געווען אַ גליק, ווען דער דײַטש האָט גענומען אין יאַד אַרײַן, האַגאַם עס זײַנען געווען פאַלן, ווען דײַטשע וועכטער האָבן זיך געמאַכט נישט זען און אַדורכגעלאָזט 43). און ווען די געשמוגלטע סכוירע איז אַרײַן אין געטאָ, איז דער פּרײַז ווידער געשטיגן. ביז זומער־צײַט 1942 האָט עקזיסטירט אין געטאָ אַ מאַרק, עס זײַנען אויך געווען שפּײַז־קרעמלעך. אין זומער 1942 האָט דער יודענראַט, מוירע האָבנדיק פאַר אַ דײַטשער „אײַנאָרע" פאַרבאָטן סײַ דעם מאַרק, סײַ די געוועלבער, דערלאַנגענדיק דערמיט אַ שווערן קלאַפּ דער באַשפּײַזונג פון די יידן. דער יודענראַט הייבט אויך אָן רוידעפן די אומלעגאַלע מילכלעך, וועלכע האָבן געמאָלן דורך פּויערים אַרײַנגעשמוגלטע טווּאָ. די יידישע פּאָליציי הייבט אויך אָן אַ קעסיידערדיקן געיעג נאָך די שמוגלער, פורמאַנעס, טרעגער א״א דאָס אַלץ מאַכט די באַשפּײַזונג־לאַגע פון געטאָ נאָך שווערער און אומדערטרעגלעכער 44). די דאָזיקע שמוגלער זײַנען געווען אַ פּריש־אויפגעקומענער שיכט אין געטאָ. „די גרעסטע פאַרדינער — שטעלט פעסט פּייסעך קאַפּלאַן אין זײַן כראָניק, — זײַנען די שמוגלערס און שפּעקולאַנטן, ביפראַט האָט זיך אַרויסגעשלאָגן אין ווילשטאַנד־הינזיכט איבער אַלע די „אונטערוועלט". אינעם געיעג נאָך די שמוגלער אַרבעטן מיט דער יודענראַט און די געטאָ־פּאָליציי מיט דער אָקופּאַנטישער מאַכט, וועלכע רעכנט זיך זייער קנאַפּ מיטן קאָוועד פון די יודענראַטלער און נעמט זיי פאַר אָרוועס־לײַט אינעם קאַמף קעגן דעם שמוגל. דעם 16טן אָקטאָבער 1942 איז דער יודענראַט מוידיע אין אַן עפנטלעכער מעלדונג אַט־וואָס:

„אין שײַכעס מיט די נעכטיקע אַרעסטן פון עטלעכע מיטגלידער פון יידנראַט, ווי אויך אַנדערע פּערזאָנען, מעלדעט דער יידנראַט, אַז דער

43) דארטן, ז' 10.

44) דארטן, ז' 8.

גורל זייערער איז אָפּהענגיק פון אַרויסגעבן דער מאַכט דעם באַקאַנטן שמוגלער זאַווינסקי מיידים, פּאָלעסיער־גאַס 25, „בעזרוק״ (אָן דער רעכ־טער האַנט), וואָס איז אַ הייליקער כויוו פון יעדן געטאָ־בירגער. פאַר צושטעלן דעם אויבנדערמאָנטן, אָדער אָנגעבן נוציקע ידיעות באַשטימט דער יידנראַט אַ פּרעמיע פון צוויי טויזנט מאַרק״ 45).

דאָס איז געווען אַ גרויזאַמע דראָונג, וואָרעם מיט בערערך אַ יאָר פריער זיינען אָן אַ מישפּט דערהאַרגעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן פאַר שמוגלען מעל אין געטאָ אַריין דער ליכטמאַכער נאָוויק און צוויי אומבאַקאַנטע מיידלעך 46).

אָבער דער דאָזיקער שמוגל האָט פאַרלייכטערט די באַשפּייזונג־לאַ־גע אין געטאָ. זינט די שמוגלער ווערן גערוידעפט און באַדראָאָט מיט די גרעסטע שטראָפן, ווערט די לאַגע ערגער. אָבער דער ריזיקאַנטישער שמוגל גייט אָן ווייטער. דער קליין־האַנדל אין געטאָ ווערט אַלץ מער אומלעגאַל. עס אַנשטייט אַ גאַנצער שיכט פון פאַרמיטלער, וועלכע שטעלן צו קוינים און פאַרקויפער 47). מיט אומלעגאַלן האַנדל פון פּאַ־פּיראָסן, שוועבעלעך, סאַכאַרין פאַרנעמען זיך קינדער. אָבער אויך דער דאָזיקער פאַרקריפּלטער קליין־האַנדל ווערט ביטער גערוידעפט. אין רע־זולטאַט האָבן די פאַרבאָטן אַריינצופירן שפּייז, די אָפטע סכוירעס־קאָנפיס־קאַציעס און רעוויזיעס נישט געקאָנט פאַרטיליקן די יידן, אָבער זיי האָבן דערפירט אין אַ ברייטער מאָס צו אַ דראָענדיקער פיזישער וועגעטאַציע 48).

צום ערגסטן איז געווען די לאַגע פון דער אָרעמקייט, פון גרעסטן טייל אַרבעטער און אינטעליגענץ. דעם לעצטן איז געווען צום שווערסטן זיך ווי עס איז איינצואָרדענען 49), אין די פאַבריקן גופא האָט גע־הערשט אַ שוידערלעכע עקספּלאָאַטאַציע. צו די טרויעריקסטע דערשיינונ־גען האָט געהערט די שקלאַפן־אַרבעט פון קינדער, וועלכע האָבן לעמאָשל זעכצן שאָ אין מעסלעס געמוזט שטריקן הענטשקעס 50).

45) אַרכ׳ יי״א, מעלד׳ נ׳ 349.
46) אַרכ׳ יי״א, מעלד׳ פון 6טן אָקטאָבער 1941.
47) „צו דער געשיכטע אַא״גו״, ז׳ 8.
48) דאָרטן, ז׳ 9.
49) דאָרטן, ז׳ 4.
50) קאַט ז׳ 37.

די באַדינגונגען אין דער פאַבריק זײַנען אין אַ גרויסער מאָס געווען אָפּהענגיק פונעם דירעקטאָר. אין שפּיץ פון די געטאָ־פאַבריקן זײַנען געשטאַנען די ווײַטערדיקע פאַרוואַלטערס, וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן דורכן יודענראַט:

פינקעל, בער סובאָטניקס איידעם, אַ זון פון אַ פאַבריקאַנט, איז געווען דירעקטאָר פון דער מעבל־פאַבריק און פון אַ שוסטער־שנײַדער־וואַרשטאַט. דאָס איז געווען איינער פון די געפּערלעכסטע יודענראַט־טיפּן אין געטאָ. אַ מענטש מיט אַ שלעכטן כאַראַקטער, אַן אַכזער, אַ דערפּאַרענער פון פאַרמילכאָמעדיקע קאַמפן קעגן שטרײַקנדיקע אַרבעטער, איז ער איצט געוואָרן אַ פאַרטרויוּנגס־מאַן פונעם סוינע. ער איז געווען פאַרהאַסט בײַ די פאַבריק־אַרבעטער און איז זיי פון זײַן זײַט נישט געבליבן שולדיק 51).

צום זעלביקן שניט ריקזיכטלאָזן אויסנוצער האָט געהערט דער דירעקטאָר פון דער קאַרטאָנאַזש־פאַבריק גאָלדבערג, וועלכער האָט געררוידעפּט די אַרבעטער און זיי אָנגעטאָן צאָרעס 52).

פאַרהאַסט בײַ די אַרבעטער איז אויך געווען דער דירעקטאָר יאָסעף לין 53).

דער דירעקטאָר פון שנײַדער־פאַבריק וואַקסמאַן, באַראַשעס בוזעם־פרײַנט, איז געווען אַ האַרצלאָזער עקספּלאָאַטאַטאָר, ער האָט געוווּסט איין זאַך: טרײַבן די פּראָדוקציע לעטויוועס דעם סוינע אָן שום קווענקל. ער האָט גערוידעפּט די אַרבעטער און זיי אָנגעטאָן צאָרעס 54).

עס זײַנען געווען נאַטירלעך, אויסנאַמען — אָבער אין איניען פון טרײַבן די פּראָדוקציע, פון אַרבעטן לעטויוועס דער ווערמאַכט, פון עקספּלאָאַטירן די קינדער־פּראָצע האָט דעצידירט די יודענראַט־סיסטעם און די מאַשין האָט געמוזט גיין. אַזוי האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט אין דעם וואָגן אַלע אַנדערע דירעקטאָרן: ליבערמאַן פון דער שיך־פאַבריק, גרעץ פון דער פוץ־לאַפּן־פאַבריק און אַנדערע. נישט געקוקט אַף דער פּערזענלעכער בעסערער באַציִונג צו די אַרבעטער, האָבן זיי דאָך געמוזט, פונקט ווי פינ־

51) ג״א פון ש. גרינשטיין (מעכאַבערס אַרכ׳).
52) רייזנער, ז׳ 87.
53) ג״א פון ש. גרינשטיין.
54) דאָרטן.

קעל, גאָלדבערג, וואַקסמאַן, העלפן דער דײַטשער קריגס־פּראָדוקציע. עס זײַנען געווען פאַלן, ווען געוויסע שוסטער און שנײַדער האָבן נישט גע־וואָלט אָננעמען קיין אַרבעט פאַרן סוינע, האָט זיי באַראַש געצווונגען מיט זײַן יודענראַטישן קויעך (די פאַלן מיט די שנײַדער אָגראָנאָוויטש און גבאי און מיט די שוסטער ברידער ליפּסקי 57).

באַראַש האָט זיך באַמיט אויסצונוצן לעטויוועס דער פאַרזאָרגונג פּר־נעם סוינע אַלע פעיִקייטן פון ייִדישע ספּעציאַליסטן. ווען עמעצער האָט אין געטאָ געמאַכט אַ טעכנישע דערפינדונג — וויאַזוי פון אַלטע שמאַטעס מאַכן באַנדאַזשן, האָט עס באַראַש טייקעף אויסגענוצט פאַר פאַרבעסערן די צושטעלונגען פאַר דער רײַכסווער 58).

באַראַש האָט אָפּט אײַנגעאָרדנט אויסשטעלונגען פון דער געטאָ־פּראָדוקציע — שיך, טעקסטיל, אוניפאָרמען, באַנדאַזשן — פאַר דײַטשע געסט.

די סאַמע קלאָגעדיקסטע לאַגע איז געווען, ווי געזאָגט, בײַ דער אינ־טעליגענץ. לערער, יוריסטן, באַאַמטע, ליטעראַטן האָבן זיך געלערנט נײַע פיזישע פאַכן, געוואָרן מולערס, שוסטער, שטריקער. ווער עס האָט זיך נישט געקאָנט צופּאַסן צו די נײַע גרויזאַמע אומשטענדן, איז אומ־געקומען — פון הונגער, צי דורך גיירעש 59).

די כאַלוצישע יוגנט האָט זיך אויסגעלעבט אין די פערמעס, וועלכע האָבן געגאַסן פון באַראַשעס שטיצע. דאָס איז אָבער געווען אַ קליינער ברוכטייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג.

אַזוי אַרום איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם גרעסטן טייל געטאָ־אוילעם געווען אַ קלאָגעדיקע. כאַיונע האָבן געהאַט:

א. די שמוגלערס און שפּעקולאַנטן;

ב. דער דינער אָנפירנדיקער אַדמיניסטראַטיווער טייל פון די פאַ־בריקן;

ג. די באַאַמטע פון יודענראַט און פון דער פּאָליציי;

ד. אַ טייל פון אַלטן פאַרמעגלעכן פאַבריקאַנטיש־סאָכרישן עלעמענט;

57) ג״א פון ב. שאַצמאַן.
58) דאַרטן.
59) ג״א י. ריווקינד.

ה. די פאַרמיטלער באַ גרעסערע טראַנזאַקציעס פון ווערטפולע כפייצים.

אַ גוטן טאָג האָבן געלעבט די שײַקע מאָסרים, שאַנטאַזשיסטן, שפּיאָנען.

די גרויסע מאַסע באַלמעלאָכעס, פאַבריק־אַרבעטער, צוואַנגס־אַרבע־טער, אָנגעשטעלטע, אינטעליגענץ, דער גרעסטער טייל פון די אַמאָליקע קליינהענדלער, די פּליטים, האָבן אונטערגעהונגערט, אָדער טאַקע גע־שטאָרבן פון הונגער. די דאָזיקע קאַטעגאָריע געטאָ־אַסורים ווערן באַצייכנט דורך די דײַטשן און דורך זייערע ייִדישע יויצער־מעשאָרסים מיטן נאָמען „הונגער־יודע" 60).

דער יודענראַט האָט זיך נישט פאַרנומען ספּעציעל מיט באַקעמפן דעם הונגער אָדער מיט העלפן די הונגעריקע, קראַנקע, אינוואַלידן, היימ־לאָזע. אויב דער יודענראַט האָט יאָ עפּעס געטאָן, איז דאָס געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אָפּרוקן די גזיירעס, וואָס האָבן באַדראָט דעם סאַמע נאַקעטן קיִעם. ראַטעווען פון הונגער־טויט און פון מאַגייפעס — דאָס איז געבליבן פאַר דער געזעלשאַפט גופע.

האָבן ייִדישע פאָלקס־מענטשן און ייִדישע דעמאָקראַטישע אינטעלי־גענטן אַף זיך אַליין גענומען אָט די שליכעס. זיי האָבן עס מיט אייגע־נער מי און מיט פּרוטעס, געזאַמלט צווישן דער ברייטער מאַסע, אויפ־געשטעלט אַ נעץ פון הילף און אַליינהילף־אינסטיטוציעס.

אַזוי אַרום איז באַנײַס געעפנט געוואָרן אַ מוישעוו־זקיינים פאַר צוויי הונדערט אַלטע אינוואַלידן 61). אין צוויי קינדער־היימען, אַף טשענ־סטאָכאָווער און פאַבריק־גאַס, זײַנען אויסגעהאַלטן געוואָרן יעסוימים 62). צוויי שפּיטעלער — אַף פאַבריק־גאַס 27, ווו עס איז אַמאָל געווען דער „טאָז" און אַף יוראָוועצער, דער ערשטער אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר איוואָדיע קאַפּלאַן, דער צווייטער אונטער דער אויפזיכט פון ד"ר האַלענ־דערסקי — האָבן געהיילט שווער־קראַנקע, אַף ראַזשאַנסקע, אינעם לאָ־קאַל פון לינאַס האַצעדעק, איז טעטיק געווען אַן אַמבולאַטאָריע פאַר־אַרײַנקומענדיקע כוילאָים; מיט דער אַרבעט האָט דאָ אָנגעפירט ד"ר ס.

60) דאָרטן.
61) „צו דער געשיכטע אא"וו", ז' 7.
62) דאָרטן.

קאַצענעלסאָן, וועלכער איז איינצ׳יגסטיק געווען לייטער פון געזונטהייטס־אַמט באַם יודענראַט 63). באַזונדערס האָט מען אויסגעדריקט אָנערקענונג דער קראַנקן־שוועסטער תּוֹן כירורגישן אָפּטייל פונעם שפּיטאָל אָף פאַבריק־גאַס אבעלמאַן, דעם יונגן כירורג ד״ר טעוויע ציטראָן, דעם אינטענדענט פון שפּיטאָל אווראָם קניאַזשעוו, וועלכע האָבן נישט איינמאָל איינגעשטעלט אַפילו דאָס לעבן, ביפראַט אין די הייסע ליקווידאַציע־טעג, און געראַטעוועט קראַנקע, פאַרוואונדעטע, צעקאַליעטשעטע 64). די זאָרג פאַרן געזונט איז געווען פון די וויכטיקסטע זאַכן אין געטאָ. עס האָבן זיך אויך געפונען דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון פאָלק, וועלכע האָבן זיך געווידמעט דעם לעבן־איניען פון באַקעמפן דעם הונגער. דער הונגריקער אינטעליגענט האָט באַקומען אַ באַכינעמדיקן, אָדער וואָלוול עסן אין דער „אינטעליגענטן־קיך״, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך ד״ר סעגאַל און ציין־דאָקטאָר קאָפּעלמאַן. דער פרומער מיטללאַזער יִיד האָט געקאָנט אַ קאָפּ עסן באַקומען אין אַ קאָשערער קיך „מתן בסתר״, אָרגאַניזירט דורך דעם רעליגיעזן אַסקן בונים פאַרבשטיין 65).

קעדיי די ברויט־פאַרטיילונג אָף די קאַרטלעך זאָל צוגיין מיט אַ סיידער, זײַנען געשאַפן געוואָרן די הויז־קאָמיטעטן, וואָס איטלעכער פון זיי איז באַשטאַנען פון אַ פאָרזיצער און סעקרעטאַר. אין ביאַליסטאָק האָבן די דאָזיקע לאָקאַטאָרן־קאָמיטעטן נישט געהאַט דעם באַדײַט און נישט דערפילט די וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע ראָל, וואָס אין וואַרשע. זייער אויפגאַבע איז געווען באַגרענעצט נאָר צו פאַרטיילן די הונגער־פאַרציעס ברויט.

אַ ספּעציעלער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט האָט זיך פאַרנומען מיט זאָרגן פאַר די מישפּאָכעס פון די „שאַבעסדיקע״. בעראָש פון דעם דאָזיקן אַלײנהילף־קאָמיטעט איז געשטאַנען מוישע קוריאַנסקי 66).

אָט אַזוי האָט זיך דאָס געטאָ גופע געראַנגלט קעגן הונגער־טויט און אָרגאַניזירט אַן אייגענע געזעלשאַפטלעכע זעלבסטהילף אָף פאַרשיידענע געביטן — קעגן דעם אָנגריף פון סוינע און פון זײַנע אַגענטן אין געטאָ גופע.

---

63) יִוה״א, אַקט, נ׳ 89; ג״א פון ט. ציטראָן.
64) ג״א פון א. אַסאַוויצקי.
65) „צו דער געשיכטע אא״וו״, ז׳ 7.
66) ג״א פון א. אַסאַוויצקי

# קאַפּיטל זעקס

## דער יודענראַט

„באַלד דעם ערשטן טאָג ווען די דײַטשן זײַנען אַרײַן קיין ביאַליסטאָק, האָט דער קאָמענדאַנט, אַ גענעראַל, געשיקט רופן דעם ראַבינער האַראַוו ד״ר געדאַליע ראָזענמאַן, אויפגענומען אין זײַן ביוראָ, לאָקאַל פון געוועזענער מעלוכע־באַנק, און אים געמאָלדן, אַז ער וועט באַשטימט פאַרן „אָבמאַן״ פון די ביאַליסטאָקער ייִדן און דאַרף צונויפשטעלן אַ צוועלף־קעפּיקן ייִדנראַט... האַראַוו ראָזענמאַן שיקט זײַן שאַמעס מאָרדכע מאָװשאָוויטש... עס מעלדן זיך: געוועזענער קעהילע־דירעקטאָר אינזשיניער עפראַיִם באַראַש, געוועזענער מיטגליד פון דעם קעהילע־פּרעזידיום בער סובאָטניק, דער נאַציאָנאַלער יונגער קלאַל־טוער יאַנקעוו גאָלדבערג, פּאַרנעס שמועל פוניאַנסקי, געוועזענער וויצע־פּאָרזיצער יאַנקעוו ליפשיץ א״אַ. עס זײַנען גערופן געוואָרן עטלעכע מענטשן פון די „ניט־פּאַטענטירטע״ קלאַל־טוער, נאָר וואָס מ׳האָט גערעכנט, אַז גראָד אין דער איצטיקער שאָ קאָנען זיי זײַן נוציק צוליב זייערע געוויסע פאַרבינדונגען״.

אַזוי הייבט אָן זײַן כראָניק „דער ייִדנראַט אין ביאַליסטאָק״ פּייסעך קאַפּלאַן, וועלכער האָט עס אָנגעשריבן אין מערץ 1943 1).

שוין אין די ערשטע טרוקענע ידיעס, וואָס עס גיט איבער פּייסעך קאַפּלאַן, קאָן מען דרינגען אָט וואָס:

א. די דאָזיקע אינסטיטוציע קאָן בעשום אופן נישט טראָגן דעם ייִדישן נאָמען ייִדנראַט — ווי סע באַצייכנט זי דער באַל פּינקעס, אָדער ווי עס האָבן זיך אַליין אַ נאָמען געגעבן די אויסגערעכנטע מיטגלידער אירע — נאָר זי דאַרף אָנגערופן ווערן מיטן דײַטשן נאָמען יודענ־

1) אַרכ׳ ייִה״א, נ׳ 64/46 און נ׳ 43/46.

ראַט, ווײַל דאָס איז נישט קיין אָרגאַן, וואָס איז מער אָדער ווייניקער אויסגעקליבן געוואָרן, אָדער אויגעטיילט געוואָרן דורך די ייִדן, אָדער האָט אויסגעדריקט די מיינונג פון דער ייִדישער געזעלשאַפט, נאָר אַן אינסטאַנץ, וואָס איז אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך דער אָקופּאַנטישער מאַכט. עס זײַנען דעריבער נישט גערעכט די פאָרשער, וואָס פּאַסן אויף דעם איניען אַזוי, אַז דאָס פאָלק האָט דעם יודענראַט אָנפאַרטרויט זײַן קיום. נאָר דער דאָזיקער אָרגאַן האָט פאַרפירט דעם צוטרוי מיט זײַן פאַלשן האַנדלען. דער עמעס איז, אַז דאָס פאָלק — נישט אין ביאַליסטאָקער געטאָ, נישט עגעץ־אַנדערש־ווו — האָט נישט אָנפאַרטרויט דעם יודענראַט זײַן גורל און האָט ביכלאַל נישט געשאָנקען אים קיין צוטרוי און קיין אַכטונג, נאָר פאַרקערט. פייסעך קאַפּלאַן, וועלכער באַציט זיך בעדערעך קלאַל מיטפילנדיק צום יודענראַט, זאָגט אַליין אין זײַן כראָניק, אַז דער יודענראַט איז נישט קיין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, נאָר אַן אויספיר־אָרגאַן פון דער דײַטשער מאַכט. דער ביאַליסטאָקער יודענראַטלעבער סובאָטניק האָט אַליין באַטאָנט אין אַ רעדע צו די ייִדן אָט וואָס: „איר זאָלט נישט קוקן אַף אונדז ווי אַף ייִדישע מאַנהיגים פון נאָרמאַלע צײַטן, מיט וועלכע עס ווילט זיך נישט רעכענען. מיר זײַנען נאָר פאַרמיטלער 2). דער יודענראַט איז אַל־קיין, נישט קיין קינד פון די ייִדישע געטאָ־אַסורים, נאָר אַ מאַמזער פון דער דײַטש־פאַשיסטישער אָקופּאַציע־מאַכט. „דער ביטערער עמעס — שרײַבט ד״ר שימען דאַטנער אין זײַנע קריטישע באַמערקונגען אַפן ראַנד פון קאַפּלאַנס דאָקומענט, — איז דער דאָזיקער: געווען איז דער יודענראַט אַן אינסטרומענט אין דײַטשע הענט און געשאַפן איז ער געוואָרן נאָר קעדיי אים — דעם דײַטש — דערלײַכטערן די מאַטעריעלע אויספלינדערונג פון די געטאָ־ייִדן... און אין די טרויעריקע פעברואַר־טעג 1943 איז ער אויך געווען אַ דירעקט־באַטייליקטער אינעם מאַסן־מאָרד. און ווען עס איז געקומען דער מאָמענט פון מאַסן־אומקום פאַר אַלע ביאַליסטאָקער ייִדן, האָט די נאַצישע כאַיע אַוועקגעוואָרפן איר געטרײַען און געהאָרכזאַמען געצײַג, ווי מען וואַרפט אַוועק אַן אומנייטיקע, אָפּגעקלאַפּטע הוישײַנע״ 3).

2) אַרכ׳ ייִה״א, פּראָטאָקאָלן פון יודענראַט־זיצונגען, פּראָט׳ נ׳ 47 פון 11טן אָקטאָבער 1942.

3) אַרכ׳ ייִה״א, נ׳ 64/46 און 43/46.

אַז דאָס אָקערשט־ציטירטע איז ריכטיק, דערווײַזן די ווײַטערדיקע ווערטער פון פּייסעך קאַפּלאַנס כראָניק: „פון ערשטן טאָג אָן זײַנען די פונקציעס פון יידנראַט באַשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט דער מאַכט. ראָזענמאַן און זײַן פאַרטרעטער באַראַש פלעגן אַלע אינדערפרי אַוועקגיין צום פאָרשטייער פון דער מאַכט, אויסהערן זײַנע באַפעלן, קומען צוריק און געבן די פאַראָרדענונגען, טייקעף מיט דער מעגלעכסטער פּינקטלעכקייט זיי צו דערפילן". דאָס זעלביקע באַשטעטיקט דער געשטאַפּאָ־מעמונע איבער יידן פרידעל 4).

געגנוייער באַצייכנט די ראָל פונעם יודענראַט וואַלדעמאַר מאַכאָל, וועלכער שרײַבט אין זײַנע לעצטע נאָטיצן אָט וואָס:

„צום צוועק פון דער אומגעשטערטער און רײַבונגלאָזער דורכפירונג פון אַלע אָנגעלעגנהייטן און פראַגן, וואָס האָבן אַ שײַכעס מיט די יידן, איז צוזאַמען מיט דער שאַפונג פון געטאָ אין יאָר 1941 אויך געבילדעט געוואָרן אַ „יודענראַט", וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרהאַנדלען צווישן אַלע פאַראינטערעסירטע דײַטשע מאַכט־אָרגאַנען און די יידן. דער דאָזיקער „יודענראַט" האָט פון איין זײַט רעפּרעזענטירט די אינטערעסן פון די אים אונטערליגנדיקע יידן, אָבער פון דער צווייטער זײַט איז זײַן הויפּט־זאַך געווען צו העלפן די אינטערעסן פון די דײַטשע מאַכט־אָרגאַנען. באַראַש האָט זיך באַמיט גוט אויסצופירן די דײַטשע פאַראָרדענונגען" 5).

ב. די מיטגלידער און טוער פונעם ביאַליסטאָקער יודענראַט האָבן זיך צו זייער אַמט און אַרבעט געשטעלט פרײַוויליק. בלויז ראַבינער ראָזענמאַן איז אַרויסגערופן געוואָרן צום פאָרשטייער פון דער אָקופּאַנישער אַרמיי; בלויז ער איז באַשטימט געוואָרן פאַרן „אָבמאַן". אַלע אַנדערע האָבן זיך געמאָלדן אַף ראָזעמאַנס רוף מיט זייער גוטן ווילן. אויך שפּעטער, ווען דער צוזאַמענשטעל פון דעם אָרגאַן איז פאַרגרעסערט געוואָרן אַף 24, זײַנען די פרישע מיטגלידער געווען פרײַוויליקע. עס איז כוץ דעם באַוווסט, אַז די יעניקע, וואָס האָבן זיך דערנאָך אָפּגעזאָגט, האָבן נישט געליטן פון קיין שום ספּעציעלע רעפּרעסיעס צוליב זייער אַוועקגיין פון יודענראַט.

4) אַרכ' י.ה"א, פרידעל — נ' 15.
5) אַרכ' י.ה"א, מאַכאָל — ענטפער אַפן מעכאַבערס אַנקעטע.

ג. גלײַך באַם שאַפן דעם דאָזיקן אָרגאַן דורך זײַנע ערשטע מיט־גלידער, דאָס הייסט — דורך די ייִדישע צונויפשטעלער זײַנע, זײַנען דורך זיי אײַנגעלאַדן געוואָרן צו מיטאַרבעט „עטלעכע מענטשן פון די „נישט־פּאַטענטירטע" קלאַל־טוער, נאָר וואָס מ׳האָט גערעכנט, אַז גראָד אין דער איצטיקער שאָ קאָנען זיי זײַן נוציק צוליב זייערע געוויסע פאַר־בינדונגען" (קאַפּלאַן). עס איז קלאָר, אַז דאָס זײַנען געווען די פּאַרשוי־נען, וואָס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער דײַטשער מאַכט. מיט אַנ־דערע ווערטער: מאָסרים, מאַכערס, קאָמבינאַטאָרן, פּאַרקויפטע נעשאָ־מעס. פון דעם דרינגט אַרויס, אַז טייקעף באַם אָנהייב איז פאַר די פירער פונעם יודענראַט קלאָר געווען זייער גאַנצע ווײַטערדיקע ליניע.

ד. פּערסאָנעל — און מעמיילע סאָציאַל — שטעלט זיך פאַר דער יודענראַט ווי אַ קאָנטינויִרונג פון דער אַמאָליקער קעהילע־פאַרוואַלטונג אין די נײַע באַדינגונגען.

אַוואַדע איז די לאַגע פון די פירער פונעם יודענראַט געווען אַ שווערע, אַפּילע אַ טראַגישע. אַוואַדע זײַנען זיי פאַרן אַכזאָריעסדיקן אָקו־פּאַנט געווען נישט בלויז זײַנע באַפעלן־אויספירער אָפן געביט פון געטאָ, נאָר קווידעמקאָל נידעריקראַסיקע ייִדן. „איינמאָל — דערציילט אין זײַן כראָניק פּייסעך קאַפּלאַן — פאַרשפּעטיקט פינף מינוט, האָבן זיי (ראָזענ־מאַן און באַראַש — ב. מ.) פאַרזוכט די נאַהייקע אָף דער פּלייצע. אַ צווייט מאָל פאַר אַ קלענער נישט פּינקטלעכקייט געמוזט וואַשן מיט הוילע הענט אַן אויטאָמאָביל". אַוואַדע זײַנען זיי געווען טעראָריזירט און לע־גאַבע זיי איז אויך כאָל געווען דער גרויזאַמער „בעיִם לוי". אָבער דאָס ענדערט נישט דעם אויסדרוק פון די אָביעקטיווע פאַקטן, אַז דער יודענ־ראַט איז אין ביאַליסטאָק — פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע געטאָס — גע־ווען אַ קאָלאַבאָראַציאָניסטישע אינסטיטוציע, וועלכע האָט דורכגעפירט די אָקופּאַנטישע רעדיפעס און פאַרטיליקונג־פּאָליטיק לעגאַבע דער ייִדי־שער באַפעלקערונג.

די פאַקטישער הויפּט־פירער פון ביאַליסטאָקער יודענראַט זײַנען גע־ווען באַראַש און סובאָטניק. ראַבינער ד"ר געדאַליע ראָזענמאַן — אַ מענטש מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער — האָט זיך מיט דער צײַט טיילווײַז אַליין אָפּגערוקט פון דער אָנפירונג און טיילווײַז איז ער באַזײַטיקט גע־וואָרן פון מאַמאָשעסדיקע אײַנפלוסן דורך די צוויי אָקערשט־אויסגערעכנ־טע, וועלכע האָבן באַשטימט פאַרן ראַבינער די ראָל פון אַן ערן־רעפּרע־

זענטאַנט. ד״ר גדאַליע ראָזענמאַן — אַ געבוירענער אין יאָר 1887 אין גאַליציע, אַ מיטגליד פון ביאַליסטאָקער ראַבינאַט און פּראָפעסאָר פון פּי־לאָזאָפיע־געשיכטע און פון יודאַיִק אין די פּאַרמילכאָמעדיקע פּויליש־יִידישע גימנאַזיעס, פון אָנשויונג און פון כאַראַקטער אַ שטאַדלען — האָט די ערשטע צײַט מיטגעמאַכט די פּאָליטיק פונעם יודענראַט און זי באַ־קרעפטיקט מיט זײַן אויטאָריטעט פון אַ גײַסטלעכן. שוין די ערשטע שריט פונעם יודענראַט ווי דעם באַפעלן־אויספירער פון דער אָקופּאַנטיש־רוי־בערישער מאַכט, ווערן באַגלייט מיט כיירעם־דראָונגען מיצאַד דעם ראַ־בינאַט, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט האַראַוו ד״ר ראָזענמאַן. דאָס קאָן אילוסטרירט ווערן דורך אָט דעם דאָקומענט 6).

כ יי ר ע ם

דרינגענדיקע אויפפאָדערונג

צו דער ביאַליסטאָקער יִדישער באַפעלקערונג

צוליב דעם, וואָס שאַבעס אינדערפרי ענדיקט זיך דער לעצט גילטי־קער טערמין פון צושטעלן די געפאָדערטע סומע פון 2 (צוויי) מיליאָן רובל, איז אין העסקעם פון ראַבינאַט און יוּדנראַט באַשלאָסן געוואָרן פאָלגנדיקס :

1. עס ליגט אַ כיירעם פון בייס־דין האַגאָדל אַף אַלע ביאַליסטאָ־קער אײַנוווינערס צו ברענגען אין דער קעהילע פרײַטיק פון 7 אינדער־פרי ביז 6 נאָכמיטיק די סומע פון מינימום פאַר 3 (דרײַ) כאַדאָשים די־רע־געלט, וואָס זיי האָבן געצאָלט פאַר דער רוסישער מאַכט. דאָס מוזן אַלע אײַנצאָלן, כוץ די ניסראָפים, וועלכע דאַרפן געבן לויט זייער מעג־לעכקייט.

2. דער כ יי ר ע ם איז אויך אַף אַלע פאַרוואַלטערס און אַנדע־רע, וואָס באַ זיי געפינט זיך סאָוויעטישע רעגירונג־געלט אין מעזומאָנים, וועלכע דאַרפן טייקעף אַרײַנטראָגן די גאַנצע געלט אין דער קעהילע. אין קעגנפאַל איז דער כ יי ר ע ם כאַל אַף זיי מיט זייערע פרויען און קינדער.

3. די אַלע, וואָס די קעהילע רופט זיי פערזענלעך אַרויס און באַ־שטײַערט זיי, מוזן קומען אין דער קעהילע. אין קעגנפאַל איז כאַל דער כיירעם אַף זיי מיט זייערע פרויען און קינדער.

6) מעלד׳ נ׳ 3 פון 17טן יוני 1941. צום ראַבינאַט האָבן אויך געהערט האַראַוו פּיניע אײַזנשטאַט, האַראַוו באַרעך־עליאָהו האַלפּערן א״אַ.

עס ליגט אין כיירעם בי״ד האגאדל מיט אלע כאמרעס און הארב־קייט פון א כיירעם אף די אלע, וואס וועלן נישט דערפילן די אלע באשלוסן.

מיר גלייבן, אז אלע ביאליסטאקער יידן פארשטייען די ערנסטקייט פון דער שא און הארבקייט פון כאלילע וועכאלילע אויוועך זיין אף א כיירעם בי״ד האגאדל.

מיר האפן, אז אלע וועלן זייער כויוו, אין זייערע אייגענע אינטערעסן, ווי אויך אין די אינטערעסן פון גאנצן ביאליסטאקער יידישן קלאל, דער־פילן.

ראבינאט פון יידנראט.

ביאליסטאק, דעם 17טן יולי 1941.

הרב ראזענמאן האט פרעזידירט אף א ריי זיצונגען פונעם יודענראט און אויך אף דער אקטיוויסטן־פארזאמלונג, וואס דער לעצטער האט גערופן. זיין ראל האט זיך אבער באגרענעצט צו פארלייענען דעם טאג־ארדענונג און צו זאגן א פאר אלגעמיינע ווערטער, מען זאל נישט אריינפאלן אין ייעש, באנוצנדיק דערביי א פאסיקן פאסעק פון טאנאך, אדער א מיימרע פון טאלמוד. מער האט ער זיך געווידמעט פילאנטראפישער טעטיקייט, זאמלען מאעס כיטין וכדוימע. אבער האגאם ער האט זיך קאנקרעט נישט באטייליקט אין די ארבעטן פון באראש, סובאטניק א״א, האט ער זייערע ריקצוגן טאלערירט און געדעקט מיט זיין אויטאריטעט. בלויז אין איין פאל האט ער געהאט אן אנדער מיינונג ווי די פאקטישע באל־דייעס אין יודענראט — באם באהאנדלען אף א זיצונג די פראגע פון די בעשטיקע־אריינגעקומענע אין ביאליסטאקער געטא היימלאזע יידן פון די פארטי־ליקטע יישוווים פון ארום. ראזענמאן האט פארטיידיקט דעם שטאנד־פונקט, אז מען טאר נישט שטערן צו פארבלייבן אין ביאליסטאק, בעת באראש און זיינע אנהענגער האבן זיך געשטעלט מיט דער פולסטער הארב־קייט קעגן די אומגליקלעכע, טויט־געראנטירטע נא־וונאדניקעס, אויספירנ־דיק אויך אין אט דעם פראט די אינסטרוקציע פון דער דייטשער מאכט. ד״ר ראזענמאן האט דעמאלט געהאלטן אף דער יודענראט־זיצונג א וואו־רעמע רעדע, זאגנדיק צווישן אנדערן אט וואס: „פון יידישן און מאראלישן שטאנדפונקט קאן גאר ווען דעם (וועגן פארמאכן די טויערן פאר יידישע פליטים — ב. מ.) קיין רייד נישט זיין. עס איז נישט שרעקלעך, אויב עס

זאָלן צוקומען אַ פּאָר טויזנט מענטשן. ווי קאָנען מיר נישט אַרײַנלאָזן קיין ביאַליסטאָק די אומגליקלעכע פּליכטלינגען ? מיר זײַנען אויך פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דער היסטאָריע ! 6א).

דאָס איז אָבער געווען ד״ר ראָזענמאַנס שוואַנען־ליד. קענטיק, אַז צוליב אָט די דרייסטע רייד איז זײַן כשיוועס בײַ באַראַשן און זײַנע נאָ־ענטסטע פרײַנט געפאַלן. ער איז מער נישט נייטיק געווען. עס קאָן זײַן, אַז ער האָט אַליין שוין אויך געהאַט גענוג. זײַן נאָמען פאַרשווינדט פאַמע־לעך אַלץ מער פון די פּראָטאָקאָלן פון די יודענראַט־זיצונגען, און ער אַליין ציט זיך סאָף־קאָל־סאָף צוריק פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט 7). ער קומט אום אין מאַידאַנעק, בעייס דעם בלוטיקן שניט אין נאָוועמבער 1943.

די פּאַקטישע פירער זײַנען שוין פריִער געווען — עפראָיִם באַראַש און בער סובאָטניק ; דער ערשטער — דער פאַרבינדלער מיט דער מאַכט און דער „אידעאָלאָג״ פון יודנראַט ; דער צווייטער — דער אַלמעכטיקער דיקטאַטאָר פון דעם דאָזיקן אָרגאַן אַפן פינאַנציעלן און ווירטשאַפטלעכן געביט. ווען מען זאָגט — ביאַליסטאָקער יודענראַט, זײַנען דאָס קווידעם־קאָל אָט די צוויי אָנפירער זיינע.

אינזשעניער עפראָיִם באַראַש, דער זון פון אווראָם, האָט גע־שטאַמט פון וואָלקאָווויסק, ווו ער איז אַ געוויסע צײַט געווען פּאָרזיצער פון קעהילע־ראַט. דערנאָך איז ער געווען ביז האַרבסט 1939 דירעקטאָר פון דער ביאַליסטאָקער קעהילע. דאָס איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר 55, אַ טוער פון דער רעכט־ציאָניסטישער פראַקציע „עת לבנות״ ; פון פאַך אַן אינזשעניער־טעכנאָלאָג איז ער געווען באַשאָנקען מיט גוטע אָר־גאַניזאַציאָנעלע פעִיקייטן, אָבער אָן אַ פעסטן געזעלשאַפטלעכן רוקן־ביין. אַפן פאָסטן פון ראַבינער ראָזענמאַנס פאַרטרעטער און פאַקטישן באַלעבאָס אין יודענראַט איז באַראַש געוואָרן רעקאָמענדירט דורך די קרײַזן פון די דײַטשע פאַבריקאַנטן, די פריערדיקע טוישווים פון ביאַ־ליסטאָק, וואָס זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין 1940 דורך דער סאָווע־טישער מאַכט און האָבן זיך אומגעקערט אינאיינעם מיט דער דײַטשער אַרמיי 8). באַראַש איז — ווי דער טיפּ באַלעבאַטישער שטאָדלען — געווען אײַנגעגלויבט אין דער מאַגישער קראַפט פון כאָבאַר און אין קויעך

6א) אַרכ׳ יִ׳ה״א, נומ׳ 162/13.
7) ג״א פון ט. ציטראָן.
8) דאָרטן ; אויך — ג״א פון ז. קאַלעשניסקאַוו.

פון שטאַדלאָנעס. יעדער געדאַנק פון אַ וועלכן נישט איז אַנדערן וועג איז אים געווען פרעמד.

עפראַים באַראַש איז געווען דער טרעגער פון דער „אַרבעט־אידעאָלאָגיע" אין געטאָ. ער האָט אויפגעבויט גאַנצע „פּלענער" וועגן פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַן אינדוסטריע־צענטער, וועגן פּראָדוקטיוויזירן די ייִדן (אין די באַדינגונגען פון פאַשיסטישער מילכאָמע־הערשאַפט). וועגן איבערצײַגן די דײַטשן, אַז די ייִדן וועלן ווידעראויפשטעלן די צעשטערטע שטאָט, און קעדיי דאָס אַלץ צו דערגרייכן, מוז מען ווײַזן דעם אַקופּאַנט, אַז דער ביאַליסטאָקער געטאָ־מענטש געהערט צו דער „פּריי־ווילעגירטער" קאַטעגאָריע פונעם „נוץ־יודע", און אַזוי אַרום וועלן די ביאַליסטאָקער ייִדן דערשווימען צו אַ לעבן־ברעג נאָך דער מילכאָמע 9). אין העסקעם מיט אָט־דער אײַנשטעלונג האָט באַראַש געוואָרפן דעם לאָזונג: „וואָס מער פאַבריקן עס וועלן אַנטשטיין אין געטאָ, אַלץ זיכערער איז אונדזער קיִעם; וואָס בעסער ייִדן וועלן אַרבעטן, אַלץ בעסער וועט זײַן פאַר זיי". פּאַראַלעל מיט דעם איז געגאַנגען באַראַשעס בלינדער גלויבן אין דעם קויעך פון געלט. ער האָט געזאָגט: „גיט מיר אין האַנט אַרײַן דעם גאַנצן קאָלעקטיוון פאַרמעגן פון ביאַליסטאָקער ייִדן און איך פאַרזיכער אײַך די עקזיסטענץ פון געטאָ, פון די ייִדן אַף גאַנצע צען יאָר" 10).

צי האָט באַראַש און באַנאַנד מיט אים דער גאַנצער יודענראַט נישט געוווּסט וועגן די גרוילן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אַרום ביאַליסטאָק?

די פאַקטן זאָגן איידעס, אַז באַראַשן איז יאָ געווען באַקאַנט דער עמעס.

דעם 1טן אָקטאָבער 1942 רעפערירט עפראַים באַראַש אַף אַ ספּעציעל־גערופענער פאַרזאַמלונג פון די יודענראַט־מיטגלידער, הויז־פאַרוואַלטונגען, קאָמיסאַרן פון אָרדענונג־דינסט, פײַערלעשער א"אַ. אינעם זאַל פון לינאַס האַצעדעק אַף רוזשאַנער גאַס — די לאַגע און שטעלט פעסט דעם טרויעריקן מאַצעוו. ער דערקלערט: „דער פײַער בושעוועט פון מיזרעך און פון מײַרעוו, פון מיזרעך־זײַט ביז דרעטשין און פון מײַ־

---

9) „צו דער געשיכטע אא"וו", ז' 8. דאַטנער: „כורבן ביאַליסטאָק", קאַפּ' 81 ז"ז 4—5.

10) ג"א פון י. ריווקינד.

רעוו־זײַט ביז מאַלקין, און עס איז שוין קימאַט דערגאַנגען צו אונדזער באַצירק". ער רופט אַפילע אָן אין זײַנע ווײַטערדיטע ווערטער באַם נאָ־מען דאָס אָרט פון פאַרטיליקונג און אומקום: טרעבלינקע 11).

דעם פאַקט, אַז דער פירער פונעם יודענראַט האָט יאָ געוווּסט דעם עמעס, באַשטעטיקן אויך די שמועסן, וועלכע עס פלעגט האָבן דער כאַלו־צישער טוער מאָרדכע טענענבוים מיט באַראַשן; דער לעצטער האָט זײַן יונגן מיטשמועסער אינפאָרמירט וועגן די טויט־געשפּענסטער, וואָס לוי־ערן אָפן לעצטן ביסל יידן; און פאַרקערט — ער איז אַליין אויך אינ־פאָרמירט געוואָרן 12). אָבער די אויספירן, וואָס באַראַש האָט געמאַכט פון דער גרויליקער אומקום־פּערספּעקטיוו האָבן זיך אויסגעדריקט אין דער ווײַטערדיקער פאַרפירערישער טעטיקייט: נישט אַנטלויפן, נישט אויסבאַהאַלטן זיך און אַ פשיטע, אַז נישט ווידערשטאַנד — נאָר: אָר־בעטן פלײַסיקער פאַרן אָקופּאַנט און זעטיקן דעם גיריקן אַפּעטיט פון דעם סוינע. באַראַש אַליין האָט געוווּסט וועגן דעם, וואָס עס קאָן דער־וואַרטן די ביאַליסטאָקער יידן מאָרגן, אָבער די געטאָ־עפנטלעכקייט האָט ער קעסיידער און אומדערמידלעך געוואָרנט קעגן „פּליאָטקעס, פּאַניק, פאַלשע אַליאַרמען" 13).

— „וועגן אונדזער גורל? — רופט אויס עפראַים באַראַש אין איינער פון זײַנע אָפּשאַצונגען פון דער לאַגע שוין אינמיטן 1942טן יאָר. — יעדער וואָלט געוואָלט הערן אונדזערע אײַנדרוקן. אין געטאָ ווערן אָפט פאַרשפּרייט פאַרשיידענע פּליאָטקעס, עפּשער איז עמעצער פאַראינטערעסירט צו פאַרשפּרייטן צווישן יידן אַ פּאַניק. איך שטעל פעסט, אַז די פּליאָטקעס זײַנען שעקער וועקאָזעוו. ווי זעט עס אויס מיט ביאַליסטאָק? איך בין איבערצײַגט, אַז אונדזער וועג איז דער איינציק ריכטיקער. עמעס, עס זײַנען דאָ אַזעלכע סיגנאַלן פון פריִער, אַז דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ איז צו גרויס, צופיל יידן זײַנען דאָ, איבערהויפּט זאָגן אַרויס אַזאַ מיינונג די פּאַנעם האַדאָשעס, די פריש־אָנגעקומענע, אָבער די שטענדיק היגע דײַטשן זײַנען פאַרן געטאָ, די אָרטיקע מאַכט

11) אַרכ' יִיה"א, יודענראַט־פּראָט' נ' 47.
12) אַרכ' יִיה"א — נ' 160, נ' 174, נ' 77/46, נ' 58/46.
13) אַרכ' יִיה"א, יודענראַט־פּראָט' פון 15טן אויגוסט 1942.

שאַצט אונדז אָפּ. קאָלזמאַן עס וועט נישט זײַן קיין אַלגעמיינע פאַראָרדענונג פון אויבן, שטייט אונדז קיין סאַקאָנע נישט פאָר" 14).

די דאָזיקע רעדע האָט געצילט נישט בלויז אײַנצושטילן די צעשרויפטע, אומרויִקע געמיטער אין געטאָ, נאָר אויך אויפצוהעצן די אָרטיקע ייִדן קעגן די פליטים און קעגן די טוער פון אונטערערד, אָף וועלכע באַראַש טײַטלט בעפיירעש מיטן פינגער ווי אָף די פאַרשפרייטער פון פאַניק און שלעכטע שטימונגען. דערבײַ איז קעדאַי צו באַמערקן, אַז די גאַנצע שאַרפקייט איז אָנגעווענדעט געוואָרן קעגן דער מאַסע אָרעמע פליטים, אַ קעגן־זשע די רײַכע, אַ שטייגער, דעם געוו' אַגודעשן סענאַטאָר טראָקנהיים, אָדער דעם געוו' אַגודעשן דעפוטאַט מינצבערג האָט דער יודענראַט ברייט געהאָלפן 15).

אָנשטאָט שטעלן אָף דעם איין־און־איינציקן שאַנס, אָף דעם ניצאָכן פון דער רויטער אַרמיי, האָט באַראַש געשטעלט אָף אַ גוט וואָרט פון אַ „גוטן" היטלעריסט. „בריקס, דער פאָרזיצער פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג איז מײַן פערזענלעכער גוטער פרײַנט", האָט זיך באַראַש גערימט 16). דער שטאָט־קאָמיסאַר פון ביאַליסטאָק האָט אונטער אַ גלאָז בראַ זיך אין קאַבינעט אָוועקגעלייגט די מוסטער־אויסאַרבעטונגען פון דער געטאָ־אינדוסטריע — און באַראַש איז שוין פול מיט האָפענונג, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג. אַ קאָמיסיע פון קעניגסבערגער האַנדלס קאַמער און פונעם „גאָו" האָט באַזוכט דאָס געטאָ און געמאַכט אַ קאָמפלימענט די ביאַליסטאָקער „נוץ־יודען" — און באַראַש איז זיכער, אַז ער וועט אָף אָט דעם אויפן דערפירן די ייִדן צו אַ ברעג. אָבער טיף אין האַרצן האָט באַראַש געפילט אַן אומרו; טיף אין הרצן האָט ער זיך אָפגעגעבן אַ דין־וועכעשבן, אַז די מײַסים פון יודענראַט זײַנען נישט קיין ריינע; נאָך די ערשטע פאַלן, ווי די דײַטשע אַרמיי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אָף די פיס בײַ ברײַנסק און הינטער מאָסקווע, טויכט אויף פאַרן יודענראַט־פירער די קאָנקרעטע און נאָענטע מעגלעכקייט פון אַ דײַטשער מאַפּאָלע; און ער פילט בעכויש, אַז דעמאָלט וועלן די זיגערישע קויכעס און די געטאָ־ייִדן גופע מאָנען בײַם יודענראַט אַ דין־וועכעשבן. באַראַש פאַרשטייט

14) דאָרטן.
13) רייזנער, ז' 92.
16) טענענבוים: „האקציה בביליסטאק", נאָטיץ פון 18טן יאַנואַר 1943.

דאָס און פּרוווט לערנען זײַנע מיטאַרבעטער, אַז די מידעס האַדין וועט נישט זײַן אַזוי גרויזאַם. „אונדזער ציל איז אײנער, — דערקלערט ער אַף אַ זיצונג דעם 22טן מאַרץ 1942, — דערלעבן ביזן סאָף פון דער מילכאָמע. אונדזערע מיטלען: זײַן נוצלעך, דאָס וועט געבן אונדזערע פאַרטײדיקער מאַטעריאַל לעטויוועס אונדזער צופרידנשטעלן די דײַטשע מאַכט, אַזוי ווי די ייִדן זײַנען זיך נויהעג אין זײַער גאָלעס־לעבן... די מוירע, אַז באַ אַן ענדערונג פון רעזשים וועט מען צוליב דעם אַף אונדז שלעכט קוקן, איז אַן אומזיסטע. די באַציִונג צו אונדז איז שטענדיק געווענדעט נישט אין אונדזער האַנהאָגע און ווערט, נאָר אין דער אַלגעמײנער פּאָליטיק" 17).

דעם זעלביקן געדאַנק דריקט אויס באַראַש אַף אַן אַלגעמײנער אַקטיוויסטן־פאַרזאַמלונג אין ליגאַס האַצעדעק דעם 5טן אַפּריל 1942: „וואָס פאַר אַ רעזשים דאָ זאָל אַמאָל נישט זײַן, וועט ער זיך נישט ריכטן מיט אונדזערע מײַסים, נאָר מיט זײַן אײגענער פּאָליטיק" 18).

אין די דאָזיקע ווערטער הילכט אָפּ דער באַוווסטזײַן פון דעם רעדנער, אַז די מײַסים פונעם יודענראַט זײַנען ווײַט נישט קײן רײנע. דעראומרו איז געוואַקסן באַם יודענראַט־פירער אַלץ מער — סײַ מיט די פאַרשאַרפטע אָנגריפן פונעם סוינע, סײַ מיט די וואַקסנדיקע גרוסן וועגן די ניצכוינעס פון דער רויטער אַרמײ. ער זעט, אַז ער קאָן שוין מער נישט שטעלן בלויז אַף אײן שאַנס, אַף דעם דײַטשן פולמאַכט־געבער; ער זוכט פאַר זיך נאָך אײן געלעגנהײט, פאַר זיך פערזענלעך — ער זוכט פאַרבינדונגען מיט דער אונטערערד, ער זוכט אַ וועג אין וואַלד אַרײַן, ער וויל זיך סטראַכירן אין פאַל פון היטלערס מאַפּאָלע און הײבט אָן געבן מיט דער ברײטער האַנט גאָלד און געלט אַף באַוואָפענען דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אונטערערד. דעם 19טן יאַנואַר 1943 נאָטירט טענענבוים: „ב. האָט מיר איבערגעגעבן אַ האַלבן קילאָ גאָלד, אַ דרײַסיק גאָלדענע זײגערלעך וקעדוימע". אַ צווײט מאָל נאָטירט טאַמאַראָף וועגן 98 גאָלדענע רינגלעך אאַ"וו. די דאָזיקע הילף דינט טענענבוימען פאַר אַ גרונט אָפּצושאַצן באַראַשן ווי אײנעם פון די אויסנאַמען אין פּאָזיטיוון זין פון די ייִדישע יודענראַט־מענטשן אין פּוילן. אָבער דער

17) אַרכ' י.ה"א, יודענראַט־פּראָט' נ' 32.
18) דאָרטן, פּראָט' נ' 35.

פירער פון דער כאַלוצישער באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער אונטערערד באַ־טאָנט דאָך אַליין אין די זעלביקע נאָטיצן זײַנע, אַז באַראַש האָט גע־גלויבט און געשטעלט אַף די „גוטע דײַטשן", אַף זײַנע „פּערזענלעכע פרײַנט" פון דעם סוינעס לאַגער. פון דעם דרינגט אַרויס, אַז דאָס גאָלד, וואָס ער האָט געגעבן דעם אונטערערד־פאָרשטייער, איז געווען אַ מין קויפער־געפּעש אין פאַל, ווען די סאָוועטישע אַרמיי וועט זיך דערנענ־טערן. ווי ווײַט באַראַש איז געווען פאַלש און נישט אויפריכטיק באַם געבן טענענבוימען די מאַטעריעלע הילף אַף באַוואָפענונג, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס אין דעם לעצטן פעריאָד ערעוו דעם אויגוסט־אויפשטאַנד האָט דער יודענראַט־פירער געוואָלט אויסגעבן טענענבוימען דער געשטאַ־פּאָ 19). אין זײַן באַמיִונג זיך צו פאַרזיכערן באַ אַלע צדאָדים און אַף יעדן פאַל איז באַראַש דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט פאָרגעלייגט גאָלד אויך פאַר דער קאָמוניסטישער אונטערערד, אָבער די קאָמוניסטן האָבן די הילף פון אַ קאָלאַבאָראַציאָניסטישער אינסטיטוציע נישט געוואָלט אָנ־נעמען 20). בלײַבנדיק צום סאַמע סאָף שטיין אַ הילפלאָזער פאַרן פולן באַנקראָט פון זײַנע אילוזיעס, אין אָנבליק פון דער צווייטער און לעצ־טער ליקווידאַציע, האָט באַראַש געפּרוווט אונטערהאַנדלען מיט די פאַר־טיזאָנער, מען זאָל אים מיט דער פרוי אַריבערנעמען אין וואַלד. און אין וואַלד האָט מען זיך טאַקע געגרייט אויפצונעמען דעם יודענראַט־פירער, אָבער נישט קעדיי אים אָפּצוגעבן קאָוועד, נאָר מיטן צוועק צו שטעלן באַראַשן פאַר אַ שטרענגן געריכט, פאַר אַ פאַרטיזאַנישן פאָלקסטריבונאַל און אים מישפּעטן פאַר זײַנע מײַסים 21). ווען אָט די קאַוואָנעס פון די ייִדישע וואַלד־קעמפער האָט באַראַש, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט. ער האָט אָבער פון פּלאַן צו גיין אין וואַלד אַרײַן רעזיגנירט. ער האָט אויך נישט געפונען באַ זיך קיין קויעך מיטצומאַכן באַוווּסטזיניק דעם לעצטן ווידערשטאַנד־ וועג פון די געטאָ־ייִדן. אַפן סאַמע ראַנד פון טהאָם האָט אין אים ווידער געזיגט דער צוטרוי צו די „גוטע דײַטשן". מיטן רוקזאַק אַף דער פּלייצע און מיט אַ טשעמאָדאַנטשיקל אין האַנט האָט ער זיך געשטעלט צום גיירעש, ווײַזנדיק דערמיט די ייִדן אַ בײַשפּיל פון האַכנאָע, און איז אַוועק אַ געהאָרכזאַמער קיין מאַידאַנעק, גלייבנדיק, אַז דער האַר

19) גראָסמאַן, ז' 132.
20) ג"א פון ר. וואַיסקאָויסקי און מ. בוך (מעכאַבערס אַרכ').
21) דאָרטן.

וועט אים אויסטיילן און שענקען דאָס לעבן פאַר זײַנע פאַרדינסטן. ער האָט אַפילו געהאַט אַ צוזאָג, אַז מען וועט אים אין מאַידאַנעק שטעלן אין שפּיץ פון אַ יודענראַט 22). עס איז אָבער געקומען דער ביטערער טאָג, עס איז געקומען די אומבערעכנבאַנעסדיקע קאָנסעקווענץ פון זײַן אייגענער גאַנצער טעטיקייט אין יודענראַט — דער שנעלער טויט אינעם קרעמאַטאָריע־אויוון.

ווי אַזוי האָט זיך באַצויגן די געטאָ־באַפעלקערונג, די מאַסע, צו באַראַש און מעמיילע צום יודענראַט? וועגן דעם דערציילט דער געש־טאַפּאָ־מעמונע איבער דער געטאָ פריץ פרידעל. ער גיט איבער, אַז טכי־לעס אָקטאָבער 1942, בעיס זײַן ערשטער טרעפונג מיט באַראַשן, האָט זיך דער לעצטער געקלאָגט, אַז אין געטאָ הערשט קעגן אים (באַראַשן) אַן אָפּאָזיציע. באַראַש האָט אַף דעם רעאַגירט — דערציילט פרידעל — דורך אָנלערנען די אומצופרידענע, דורך פאָדערן פון זיי דיסציפּלין 23); איבעריקנס, איז זיך באַראַש אַליין דערצו מוידע, אַף זיצונגען און פאַר־זאַמלונגען אין געטאָ פאָדערט ער פון די יידן הונדערט־פּראָצענטיקע לאָיאַלקייט צו דער היטלעריסטישער מאַכט. ער טרעט אַרויס זייער שאַרף קעגן אײַנהאַלטן באַציִונגען און קאָנטאַקטן צווישן יידן מיט פּאָליאַקן. אויך דאָ אַנטפּלעקט ער זיך ווי אַ טרײַער אויספירער פון דער היטלע־ריסטישער טײַל־און־הערש־פּאָליטיק.

דער יודענראַט אונטער באַראַשעס אָנפירונג האָט צוזאַמענגעאַרבעט מיטן סוינע נישט בלויז אַפן פּראָדוקציע־געביט. דער יודענראַט האָט אַרויס־געגעבן אין די הענט פון דער דײַטשער פּאָליציישער מאַכט יידישע מענטשן, אויסליפערנדיק זיי אַזוי אַרום צום טויט. דער יודענראַט האָט זיך לעגאַמרע נישט געשעמט די דאָזיקע טרויעריקע ראָל זײַנע צו פאַר־פּיִיסירן אין דער פאָרעם פון אַ בעפאַרעסיעדיקן דאָקומענט. „לויט די פאָ־דערונג פון דער מאַכט מוזן אַלע אַרבעטער, וואָס האָבן פריִער געאַרבעט אין לאָפּי, זיך צוריקקערן צו זייער אַרבעט־פּלאַץ. זיי מוזן זיך שטעלן 4.30 אינדערפרי באַם נומער 2 אַף טשיסטע גאַס צום בריגאַדיר ווייצמאַן. אין קעגנפאַל וועלן קעגן די באַטרעפנדע פּערזאָנען אָנגענומען ווערן די האַרבסטע שטראָפן ביז אַרויסגעבן זיי דער מאַכט!" מיט אַט אַזאַ מעל־

22) אַרכ' יִוה"א, פרידעל — נ' 17.
23) פרידעל — ענטפער אויפן מעכאַבערס אַנקעטע.

דונג האָט זיך באַקאַנט די באַפעלקערונג פון געטאָ דעם 3טן מאַרץ 1943 — אַ כוידעש נאָך דער ערשטער בלוטיקער ליקווידאַציע 24).

צוזאַמענאַרבעטנדיק ענג מיט דער נאַציסטישער מאַכט, האָבן די יודענראַט־פאַרשטייער ביסלעכווײַז אײַנגעזאַפּט אין זיך די גיפטיקע אָקו־פּאַנטישע מעמשאָלע־אַטמאָספער, וואָס איינער פון אירע יעסוידעס איז געווען — קאָלעקטיווע אַכראַיעס. אין די פּראַקטאָקאָלן פון די יודענראַט־זיצונגען וועבן זיך קעסיידער אַדורך די פאָדערונגען פון אַ ריי מיטגלידער וועגן פאַרשטאַרקן דעם רעזשים אין געטאָ. דעם רעקאָרד פון דעם פּאָליציייש־רעפּרעסיוון רעזשים האָט געשלאָגן דער יודענראַט מיטן אָנפירן די אַכראַיעס פון דער גאַנצער מישפּאָכע פאַרן פאַרברעכן פון איינעם פון אירע מיטגלידער. דעם 7טן יולי 1942 האָט דער יודענראַט אַרויסגעלאָזט אַזאַ שטרענגע וואָרענונג: „פאַר מיטהעלפן גאַנוועסן גרינס אין די גערטנער פון יודענראַט וועלן פאַרמישפּעט אויף אַרבעט־לאַגער מוישע ראָזענבלום, געבוירן אין 1895, און ראָזענבלום ריווקע, 1898. מיר וואָרענען די באַפעלקערונג, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר גנייוועס אין די גערטנער וועט פאַלן סײַ אויף די גאַנאָווים, סײַ אויף זייערע מישפּאָכעס. — אונטערגעשריבן: יודנראַט” 25). דעם 27טן אויגוסט פונעם זעלביקן יאָר טיילט מיט דער יודענראַט דער געטאָ־באַפעלקערונג, אַז אַווראָם קרוגליאַנסקי, מייער געלבאַרט, שמועל פּאַפּילאָווסקי, יודל זימעל און ריווקע צאַבאַן האָבן זיך פאַרנומען מיט שמוגל, און דעריבער ווערן ביישט בלויז זייי פּעזונלעך. נאָך זייי אינאיינעם מיט זייערע מישפּאָכעס עקסמיסירט פון זייערע וווינונגען 26).

דער יודענראַט איז געווען אויסגעטאָן פון יעטוועדן געפיל פון סאָלידאַריטעט פאַר ברידער־יידן פון אַנדערע שטעט און געטאָס, אַפילו פאַר די קאָרבאָנעס פון דער ליקווידאַציע אין ביאַליסטאָקער באַצירק. דער יודענראַט האָט צוגעקלאַפּט טיר און טויער פון „מאַזלדיקן” ביאַליסטאָקער געטאָ פאַר די שרידים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. די זעלביקע באַציונג איז דערנאָך אַרויסגעוויזן געוואָרן לעגאַבע די יענע אייגענע ביאַליסטאָקער טוישווים, וועלכע זײַנען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער גזיירע

24) אַרכ' ייה"א, מעלד' נ' 415.
25) דארט, מעלד' נ' 292.
26) דארט, מעלד' נ' 325.

פון גיירעש פּרוזשאַנע. ווען עס האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן אַ צוריקלויף פון פּרוזשאַנער איימעק האַבאָכאָ קיין ביאַליסטאָק, האָט דער יודענראַט פונאַנדערגעוויקלט אַ העץ־קאַמפּאַניע קעגן די אומלעגאַלע צוריקגעקומענע. אַף די קעפּ פון די לעצטע, פון זייערע קרויווים און באַשיצער, האָט זיך גענומען שיטן איין דראָונג פון יודענראַט נאָך דער צווייטער, איין רעפּרעסיע נאָך דער אַנדערער.

„אַלע צוריקגעקומענע עוואַקויִרטע (אײַנגעמאָלדענע און נישט אײַנגעמאָלדענע) מוזן טייקעף פאַרלאָזן ביאַליסטאָק!" — פאָדערט קאַטעגאָריש דער יודענראַט. העיויס די באַפעלקערונג איז דעם דאָזיקן פאַרלאַנג נישט נאָכגעקומען, דראָט באַראַש מיט אָפּנעמען די ברויט־קאַרטן. אין דער מעלדונג פון דריטן פעברואַר 1942 דערקלערט דער יודענראַט אָט וואָס:

„ס'זײַנען פאָרגעקומען פאַלן, אַז ביאַליסטאָקער יִדן, וועלכע זײַנען עוואַקויִרט געוואָרן קיין פּרוזשאַנע, האָבן זיך דורך פאַרשייענע וועגן אומגעקערט קיין ביאַליסטאָק. אַזעלכע צוריקגעקומענע וועלן נישט אײַנגעמאָלדן ווערן, וועלן קיין ברויט־קאַרטן נישט באַקומען, קיין אַרבעט נישט באַקומען און וועלן ווי אומלעגאַלע אַרומשלעפּערס אונטערגעוואָרפן זײַן די האַרבסטע שטראָפן מיצאַד דער דײַטשער מאַכט. עס וועלן אויך באַשטראָפט ווערן יענע, וואָס וועלן אַזוינע צוריקגעקומענע אײַנקוואַרטירן באַ זיך. די דאָזיקע עוואַקויִרטע מוזן טייקעף פאַרלאָזן ביאַליסטאָק" 27).

אין אָט דער אַרבעט לעטויווּעס דעם סוינע מ:עסט זיך נישט דער יודענראַט אַפילע מיט די סאַמע — ווי עס דריקט זיך מילד אויס אין זײַן כראָניק פייסעך קאַפּלאַן — דראַסטישע מיטלען. דער יודענראַט איז נישט בלויז דער אונטערשרײַבער און קאָלעקטיווער מאָסער, ער איז אויך דער כאַפּער און דירעקטער אויספירער. „און איינמאָל — דערציילט קאַפּלאַן אין זײַן פּינקעס, — ווען עס איז אומגעריכט געקומען מיט אַ קורצן טערמין און גרויסע סטראַשונקעס אַ פאָדערונג אַף 130 מיידלעך אַף צוואַנג־אַרבעט באַ וואָלקאָוויסק, האָט דער יודענראַט געמוזט אָנווענדן דראַסטישע מיטלען: דורך אייגענער יִדישער פּאָליציי באַלאַגערן דעם לאָקאַל פון די פאַך־קורסן, דאָרט צונויפקלײַבן די געפאָדערטע צאָל מייד־

27) דארטן, מעלד' נ' 125.

לעך צווישן די שילערנס און אַרבעטערנס און אָפּשיקן זיי קיין וואָל־קאָווּיסק״ 28).

נאָך דער דאָזיקער מײַסע נעוואָלע האָט באַראַש אין זײַן ראָשעשאָנע־רעדע צום יובילײ פון יודענראַט געזאָגט: „עמעס ס׳איז נישטאָ קיין אָרט פּאַר אָפּטימיזם אין געטאָ, אָבער קוקנדיק אָפּן וועג, וואָס מיר האָבן דורכ־געמאַכט און אַף אונדזער באַגאַזש, בין איך זיכער, אַז מיר וועלן דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ דערפירן צו אַ גליקלעכן סאָף״.

דער יודענראַט האָט געפירט אַן אַקטיווע טעטיקייט צו באַקעמפן די ייִדישע אונטערערדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אויך די דאָזיקע פונקציע פון דײַטשן קאָנטער־ווידערשטאַנד האָט דער יודענראַט אויסגעפירט אין אויפטראָג פון דער אָקופּאַנטישער מאַכט, קאָנקרעט — פון דער דײַטשער זיכערקייט־פּאָליצײ און אין די אינטערעסן פון דער לעצטער. אַף אַ פּאַר־זאַמלונג פון „געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו״ פון געטאָ דעם 31טן יאַנואַר 1942 האָט עפראַים באַראַש דערקלערט, אַז די געשטאַפּאָ קלאָגט זיך, דאָס די ייִדן פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע אַרום דער לאַגע אָפּן פראָנט; אַל קיין — האָט באַראַש אין זײַ אויספיר געמוסערט די ייִדן, — דאַרף מען ביכלאַל נישט ריידן וועגן פּאָליטיק. און דעריקער דאַרפן ייִדן נישט פירן קיין פּאָליטישע שמועסן מיט נישט־ייִדן 29).

אַף אַ צווייטער פּאַרזאַמלונג — אין כוידעש יוני 1942 — אויך אין זאַל פון לינאַס האַצעדעק, האָט באַראַש דערקלערט: „ווען איך בין געווען יונג, האָב איך זיך אויך פאַרנומען מיט פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטן. הײַנט איז דאָס אַ שפּיל מיט פײַער. אין געטאָ איז דאָ אַן אונ־טערערדישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט געבן הילף די סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע. דאָס איז אַ שפּיל מיט פײַער״. און ער וואָרנט: „דעריקער טוען עס בעזשענצעס״, — צילנדיק אַזוי אַרום אויפצוהעצן די אָרטיקע טוישווים נישט בלויז קעגן אונטערערד, נאָר אויך קעגן די אומגליקלעכע פּליטים 30).

דער ביאַליסטאָקער יודענראַט האָט אויך — דירעקט, אָדער אומדי־רעקט — געהאָלפן דעם דײַטשן שפּיאָנאַזש. אַף דער יודענראַט־זיצונג פון

28) פּאַרגלײַך: ג״א פון אַניע ווינציגשטערן, אַרכ׳ ייִה״א, פּראָט׳ 1973.
20) „פּראָטאָקאָלן פון ביאַליסטאָקער יודענראַט״, נ׳ 27.
30) דאָרטן, פּראָט׳ נ׳ 39.

22טן אָקטאָבער 1941 האָט באַראַש מיטגעטיילט, אַז דאָס פּאָליציי־פּרע־זידיום פאָדערט פאַר דער זיכערקייט־דינסט אינפאָרמאַציעס פון ייִדישן לעבן אונטער דער פּוילישער און סאָוועטישער הערשאַפט. די דאָזיקע מיטטיילונג, האָט אַפּאָנים, שטאַרק דערשראָקן די אָנוועזנדיקע, ווײַל באַ־ראַש האָט גענומען באַרויִקן דעם אוילעם, אַז דאָס איז צוליב ריין־וויסנ־שאַפטלעכע צוועקן . . . 31).

בכלל ווערט נישט אַלץ אויפגעדעקט אין די פּראָטאָקאָלן פונעם יו־דענראַט. נישט שטענדיק האָט מען אַלץ פּראָטאָקאָלירט, און נישט זעלטן האָט מען אַפילו דעם סטאַבילן פּראָטאָקאָלאַנט נישט אײַנגעלאַדן. די פּראָטאָקאָלן האָט געפירט רעפאַעל גוטמאַן, דער אַלטער באַאַמטער פון דער ייִדישער קעהילע אין וואַרשע און פּעדאַגאָג. ווי ער באַמערקט צו עטלעכע פּראָטאָקאָלן, איז אים וווּנדערלעך געווען, וואָס מען האָט אים וועגן דער אָדער יענער זיצונג צו וויסן געטאָן צו שפּעט; געוויסע זי־צונגען זײַנען בעקיוון נישט געוואָרן פּראָטאָקאָלירט. אַזוי אַרום בלײַבט פאַר אונדז אויך אַ סאָד, וואָס פאַר אַ נאָך אינפאָרמאַציעס — נישט דאַווקע וועגן פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך וועגן דער קעגנוואַרט — עס איז דער זיכערקייטס־דינסט צוגעשטעלט געוואָרן דורכן יודענראַט, אָדער דורך איינצלנע מיטגלידער זײַנע.

דער יודענראַט האָט זיך באַזעצט אין דעם ביניען אַף קופּיעצקע 32, אין דעם געוועזענעם לאָקאַל פון מושב זקנים 32). צום דאָזיקן אַמט האָבן געפירט צוויי צוגענג: איינער פאַרן ייִד — פון הינטן אַרום, אַ צווייטער — פאַר די „אַריער”, די פאָרשטייער פון דער דײַטשער מאַכט, דורך דעם הויפּט־אַרײַנגאַנג פון דער קופּיעצקע 33). אינעם צימער נומער 10 איז געזעסן דער צווייטער הויפּט־פירער פון דעם דאָזיקן אָרגאַן — דער פּי־נאַנץ־לייטער בערל סובאָטניק. דער דאָזיקער 50־יאָריקער ייִד, וועלכער האָט זיך טאָמיד פאַרנומען מיט ווּכער, מיט דיסקאָנטעס, איז געווען אַן אַמאָליקער מיטגליד פון פּרעזידיום פון ייִדישן קעהילע־ראַט און אַ טוער פון „מיזראָכי”. דאָס איז געווען איינע פון די סאַמע פאַרהאַסטע גע־

---

31) דאַרטן. פּראָט' נ' 14.
32) אַצינד טראָגט די גאַס דעם נאָמען פון יִצחאָק מאַלמעד און דאָ געפינען זיך די ייִדישע אינסטיטוציעס.
33) ג"א פון ט. ציטראָן,

שטאַלטן אין געטאָ און אַ מענטש מיט בעפֿיירעשער אומכּמאָראַלישער אויפֿפֿירונג 34).

איינעם פֿון די הויפּט־שטריכן פֿון בער סובאָטניק דערקענען מיר אין די ערשטע פּראָטאָקאָלן פֿונעם יודענראַט. אַף דער זיצונג פֿון 14טן אויגוסט 1941 נעמט סובאָטניק צום ערשטן מאָל אַ וואָרט. ער טרעט אַרויס מיט דער פֿאָדערונג, מען זאָל באַזאָרגן קוידעם קאָל די באַאַמטע פֿונעם יודענראַט. דער דאָזיקער פֿינאַנץ־דירעקטאָר פֿון געטאָ האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ריישעס קאָל מוז מען זיך שאַפֿן אַ פֿעסטע באַזע דורך קאָרומפּירן די יודענראַט־אָנגעשטעלטע, דורך אַרויסווײַזן די גרעסטע זאָרג פֿאַר די באַאַמטע 35).

דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿון בער סובאָטניק איז זײַן צוויִעס. די רעדעס, וואָס ער האַלט אַף די יודענראַט־זיצונגען און וואָס זײַנען געווענדעט קעגן די אינטערעסן פֿון דער געטאָ־באַפֿעלקערונג, הילט ער אײַן אין אַ יאַם שיין־קלינגעוודיקע מעליצעס וועגן מיטלײַד, ראַכמאָנעס, יוישער. אַף דער זיצונג פֿון 9טן נאָוועמבער 1941 טרעט דער פֿינאַנץ־לייטער אַרויס מיט פֿאָרשלאָגן וועגן באַנוצן האַרבע סאַנקציעס לעגאַבע די ווידערשפּעניקע, וואָס ווילן נישט אָוועקגעבן זייער פֿאַרמעגן פֿאַרן אָקופּאַנט. ער הייבט אָן זײַן רעדע מיט אַ קריטיק פֿון דער ביז־איצטיקער טעטיקייט פֿונעם יודענראַט, האַלעמײַ מען האָט נישט געגעבן קיין הילף די ניסראָפֿים און נישט געזאָרגט פֿאַר יעסוימים און זקיינים, אָ׳ן נאָך דעם גייט ער אַריבער צום איקער, צום אָנגריף אַף דעם ווידער־שפּעניקן טייל פֿון די געטאָ־אַסורים. מיר האָבן צו צאָלן אַ דריטע ראַטע — דערקלערט ער — אַ דריטע ראַטע דעם אָקופּאַנט, און העיויס דער אוילעם גיט נישט, דאַרף מען אָנווענדן נײַע סאַנקציעס, פֿרישע רעפּרע־סיעס; און ער לייגט פֿאָר: אַרעסט, קאָנפֿיסקירן ס׳פֿאַרמעגן און גיירעש קיין פּרוזשאַנע 36).

בער סובאָטניק איז דער שוואַרצער כאַראַקטער פֿונעם יודענראַט. זײַן טאַקטיק איז אויסערלעך אַן אַנדערע ווי באַראַשעס. דער לעצטער מאָלט ס׳ראָוו די לאַגע אין ראָזיִע פֿאַרבן, ער איז אַן אָפּטימיסט און ער פֿאַר־

---

34) דאָרטן.

35) דאָרטן. פּראָט׳ נ׳ 4.

36) דאָרטן, פּראָט׳ נ׳ 17.

פירט מיט זיין קאַזיאָנעם אָפּטימיזם די ייִדן. דאַקעגן־זשע סובאָטניק איז אַ געשוווירענער פּעסימיסט, ער וואַרפט טאָמיד אָן אַ שרעק און אַ מאָרע־שכוירע אַף די צוהערער, ער זעט אַלץ אין טונקעלע פאַרבן; אָבער ער האַנדלט אַזוי, נישט ווײַל ער צילט צו עפענען די ייִדן די אויגן אַף דער נאַקעטערווירקלעכקייט, נישט קעדיי צו רופן צו וואַכזאַמקייט און רע־טונג, נאָר קעדיי דורך אָנוואַרפן אַ פּאַכעד אַרויספּרעסן באַ די אומגליק־לעכע און פאַרצווייפלטע וואָס מער געלט, וואָס מער נאָכגיביקייט. אַף דער יודענראַט־זיצונג פון 31טן מײַ 1942, נאָכדעם ווי באַראַש שילדערט די לאַגע, אַז זי גייט צום בעסערן, נעמט סובאָטניק אַ וואָרט און דער־קלערט, אַז אַלץ גייט צום ערגערן, אָבער זײַן אויספיר איז: אײַנשאַפן מער מאַטעריעלע מיטלען פאַרן יודענראַט דורך העכערן דאָס דירע־געלט, דורך פאַרגרעסערן די אָפּצאָלן פון האַנדל, און קעדיי די נײַע געלט־רײַסענישן דורכצופירן לייגט ער פאָר צו שאַפן באַם יודענראַט אַ שטענדיקן שטראָף־געריכט מיט אַ פּראָקוראָר, אַרעסט, עקזעקוציע־מיטלען און מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצײַג, וואָס איז נייטיק צו צווינגען די באַפעלקערונג צו צאָלן 37).

סובאָטניקס פינאַנץ־פּאָליטיק איז מיט איר גאַנצער שאַרפקייט גע־ווען געווענדט קעגן די אָרעמע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אַף דער זיצונג פון ערשטן נאָוועמבער 1941 דערוויסט מען זיך, אַז דער יודענ־ראַט־מיטגליד שמועל ליפּשיץ, איינער פון די רײַכסטע ייִדן אין ביאַליס־טאָק, האָט נישט אײַנגעצאָלט קיין איין גראָשן פאַר די 25 טויזנט רובל, וואָס איז אים באַשטימט געוואָרן אין דער אַלגעמיינער סומע צו דעקן די קאָנטריבוציע. דער פּראָטאָקאָל דערציילט נישט וועגן קיין איין וואָרט מוסער מיצאַד דעם פינאַנץ־לייטער קעגן שמועל ליפּשיצן. דאַקעגן לע־גאַבע נישט־פאַרמעגלעכע איז סובאָטניק אומבאַראַכמאָנעסדיק 38). רײַסן מער דירע־געלט — אַזאַ זאַך איז געווען אַ שווערער קלאַפּ קוידעמקאָל און אויסשליסלעך פאַר די נישט־באַמיטלטע לאָקאַטאָרן. אַף דער זיצונג פון 2טן נאָוועמבער 1942 לייגט פאָר דער פינאַנץ־לייטער אַרויפצולייגן נײַע שטײַערן אַף די ניסראָפּים און אָרעמע, און ער פּראָפּאָנירט טייקעף רעפּרעסיע־מיטלען קעגן אָט די סאָמע שוואַכסטע — אין עקאָ־

37) דאַרטן, פּראָט׳ נ׳ 38.
38) דאַרטן, פּראָט׳ נ׳ 15.

נאַמישן פּראַט — עלעמענטן; אַרעסט, כיירעם, צונעמען די ברויט־קאַרטן, ווען עמעצער מאַכט אים פונדעסטוועגן אויפמערקזאַם, ענטפערט ער: „צײַט צו פאַרשטיין, אַז די „אַקציע" גייט, און מיר זײַנען נאָך נישט דערשוווּמען צום סאָף" 39).

בער סובאָטניק האָט — פּונקט ווי באַראַש — טיף אין האַרצן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וועכעשבן פון דער געזעלשאַפטלעכער שעדלעכקייט פון זײַן טעטיקייט, ער מאַכט אָבער דעם אָנשטעל פון אַ „שטאַרקן מאַן". אויף דער ראַשעשאַנע־פײַערונג צום ערשטן יאָרטאָג פון יודענראַט וואַרפט ער דעם רוף: „כל הירא ורך הלבב ילך וישוב לביתו!" — ווער עס האָט מוירע, דער זאָל זיך אָפּזאָגן און זיצן אין דער היים! — וואָס סובאָטניק האָט פאַרשטאַנען אונטערן אויסדרוק „ווער עס האָט מוירע", איז קלאָר: ווער עס האָט מוירע פאַר קאָנסעקווענצן, פאַר מידעס האַדין נאָכן ני־צאָכן פון די באַפרײַונגס־קויכעס. דאָס, וואָס איז בײַ באַראַשן געווען אויף דער לונג, איז בײַ סובאָטניקן אַרויסגעשפּרונגען אויף דער צונג. זיך אַליין האָט ער זיך באַמיט גוט צו באַזאָרגן „אויף אַ שוואַרצער שאָ". ער האָט שטענדיק געהאַלטן לעבן זיך אַ וואַליזקעלע מיט צירונג און דאָס געלט פון די אומגליקלעכע מענטשן, בײַ וועלכע מען האָט געמאַנט קויפּער נעפּעש לעטויוועס האַקלאַל. געבליבן איז עס בײַ סובאָטניקן. אָבער דער דאָזיקער מאַטמען האָט דעם יודענראַטלער נישט געראַטע־וועט. זײַן סאָף איז געווען ווי פון אַלע ייִדן 40).

אין גרעסטן טייל איז דער יודענראַט באַשטאַנען פון מענטשן פונעם טיפּ באַראַש, אָדער סובאָטניק. אויף דער זיצונג פון נײַנטן נאָוועמבער 1941 קלאָגט זיך דער ראַט־מיטגליד יאַנקעוו ליפשיץ, אַז אין געטאָ הערשט אַ צו שוואַכער רעזשים, און דער קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער פּאָליציי מאַרקוס איז זיך מוידע, אַז ער איז צו מילד. ביידע פאַרלאַנגען אַ פּאָליטיק פון שטאַרקער האַנט לעגאַבע די געטאָ־אַסורים. דער יודענראַטלער סאָ־קאָלסקי לייגט פאָר צוצונעמען די שײַנען בײַ די אַלע, וועלכע וועלן זיך נאָך 8.30 געפינען אין גאַס, און אַרויסגעבן אָט די ייִדן דעם דײַטשן אַרבעט־אַמט; קשיי־אוירעפדיקע דאַרף מען ביכלאַל אַרויסשיקן קיין פּרוזשאַנע 41). „פּרוזשאַנע" איז געווען בײַ אָט די יודענראַטלער אַ מין

39) דארטן, פראָט' נ' 38.
40) נ"א פון ב. שאַצמאַן.
41) דארטן, פּראָט' נ' 17.

קאָנצלאַגער, וווהין מען קאָן פאַרשיקן ווי אַ שטראָף. געטריַי האָבן באַראַשן און זײַנע דײַטשע פולמאַכטגעבער געדינט פייסעך מעלניצקי און פינקעל, וועלכע זײַנען געווען דעם אָבמאַנס יויצער מעשאָרסים אָפּן געביט פון אַגיטירן און צווינגען די ייִדן צו אַרבעטן אַלץ בעסער און פּלײַסיקער פאַרן אָקופּאַנט. פייסעך מעלניצקי, אַ פאַרמילכאָמעדיקער בירגערלעכער האַנט־ווערקער־טוער און אין געטאָ אַ מיטגליד פונעם אינדוסטריע־אָפּטייל באַם יודענראַט, איז אַרומגעגאַנגען פון פאַבריק צו פאַבריק און געמונטערט דעם אוילעם צו שנעלער אַרבעט. דערבײַ האָט ער געהאַלטן לענגערע רעדעס, וואָס זייער לייט־מאָטיוו איז געווען: „מיר געפינען זיך אַף אַ טרינקענדיקער שיף, מוז מען פאַר יעדן פרײַז דערשלאָגן זיך צו אַ ברעג". די געטאָ־אַרבעטער האָבן דעם דאָזיקן אומגעבעטענעם באַל יויעץ זייערן אַ נאָמען געגעבן: „דער מאַגיד", — „דער מאַגיד איז שוין ווידער דאָ". מעלניצקי און באַראַש אַליין, וועלכער האָט אויך אָפט באַזוכט די פאַבריקן, האָבן נישט בלויז געבעטן, זיי האָבן אויך געדראָט, איבערגע־נומען זיך מיטן אָקופּאַנטס בעיִם לאַו[42].

אויב באַראַש, מעלניצקי, פינקעל, סובאָטניק, סאָקאָלסקי, ליפּשיץ האָבן געוואָרנט און געדראָט, האָט אַן אַנדער יויצער מעשאָרעס פון יו־דענראַט, דער לייטער פון זײַן אַרבעט־אַמט ד"ר זאַנאַבענד פון גאַליציע געטאָן די סאַמע פּראָסטע אַרבעט. ער האָט עס צונויפגעשטעלט די רע־שימעס פאַרן דײַטשן האַר, אַרויסגעבנדיק אין דער ערשטער ריי די אינ־טעליגענץ. ער האָט אָפט געשלאָגן בעיעדאַיִם זײַנע פּעטענטן, ייִדישע מיידלעך און קראַנקע און געמאַכט זיך אַזוי אַרום אַ פאַרדינטן מיִעסן שעם אין געטאָ. עס זײַנען אין דער הינזיכט נישט אָפּגעשטאַנען די שאָמריי האַסאַף אַף קופּיעצקע 32. אונטן אין קעלער איז געווען דער אַרעסט פון יודענראַט און אַ ביסל ווײַטער, אַף זאַמענהאָף־גאַס, האָט זיך געפונען די טפיסע פון געטאָ. דאָס ספּעץ־געריכט, וואָס איז באַשטאַנען פון יודענראַט־שלעגער, האָט געזייט שרעק איבערן ייִדן־ראַיאָן. פאַר באַ־ליידיקן מיטן מויל — שוין אָפּגערעדט פיזיש — אַ מיטגליד, אָדער באַ־אַמטן פונעם יודענראַט, האָט דאָס ספּעץ־געריכט פאַרמישפּעט אַף וואָכן און כאָדאָשים אַרעסט, אָדער טפיסע. אַזוי איז דעם 27טן אַפּריל 1942 פאַראורטיילט געוואָרן אַף זעקס וואָכן אַרעסט פאַר באַליידיקן אַ מיטגליד

42) ג"א פון י. ריווקינד.

פון יודענראַט דער ביאַליסטאָקער טוישעוו אַרן מערעמינסקי. באַראַשעס מענטשן האָבן געהיט דעם קאָוועד פון זייערע ברויטגעבער און געהערשט מיט אַ שטאַרקער האַנט איבער די טעראָריזירטע ברידער־ייִדן.

ס׳ראָוו יודענראַטלער און זייערע יויצער מעשאָרסים האָבן אויס־גענוצט זייער אַמט פאַרן אייגן־נוצן. דער דאָזיקער אָרגאַן איז געווען אַן אַרענע פאַר קאָלערליי קאָמבינאַציעס און אַפערעס. אַפילו דער זייער פּאָרזיכטיקער און ליבעראַלער בענעגייע דעם יודענראַט פייסעך קאַפּלאַן באַטאָנט, אַז זײַנע מיטגלידער האָבן זיך אין געוויסע פאַלן „אויסגע־גליטשט". די גרעסטע מיסברויכן זײַנען געמאַכט געוואָרן באַם צונויפ־שטעלן רעשימעס פון פאַרמישפּעטע אַף גיירעש, אָדער אַף צוואַנגס־אַרבעט. עס איז אַף קופּיעצקע 32 אַנטשטאַנען אַזאַ אַטמאָספער, אַז איי־נער איז כּוישעד געווען דעם צווייטן; עס האָט געהערשט אַ סוויווע פון קעסיידערדיקן קעגנזײַטיקן אומצוטרוי און כשאַד. דעם 20טן סעפּטעמ־בער 1941 ווײַזט אַן אַף אַ זיצונג דער יודענראַטלער פוניאַנסקי, אַז עס ווערן באַגאַנגען טאָויסים אין די ליסטעס. דער יודענראַטלער שוויף פאָ־דערט אויפקלערונגען, ווער עס דעצידירט אין די אַלע איניאָנים, און שטעלט די פראַגע פון צוטרוי. באַראַש איז זיך מוידע, אַז עס קומען פאָר מיסברויכן, מ׳גאַנוועט ליסטעס, מ׳מאַכט שײַנען. דער יודענראַט־לער גאָלדבערג דערקלערט, אַז ער האָט צו שוויפן אויך נישט קיין צוטרוי 43). אַף דער זיצונג פון 24טן סעפּטעמבער 1941 שטעלט פעסט דער זעלביקער גאָלדבערג, אַז אין יודענראַט הערשט פּראָטעקציאָניזם און אַז אַזאַ לאַגע קאָן ברענגען גרויסע געפאַרן 44). אַף אַן אַנדער זי־צום פאָדערט גאָלדבערג צו סאַנירן די באַציִונגען אינעם יודענראַט און קריטיקירט דאָס פּרעזידיום, האַלעמאַי ער איז נישט פאָרזיכטיק אַפילו בענעגייע אייגענע מיטגלידער פונעם יודענראַט. „געוויסע ראַטמענער — דערקלערט דער רעדנער, — וואַרטן, אַז דאָס פּרעזידיום זאָל זיך אויס־גליטשן". באַראַש האָט נישט וואָס צו ענטפערן, און ראַבינער ראָזענ־מאַן רעדט וועגן . . . פאַרשעס קוירעך 45)..

דער דערמאָנטער יאַנקעוו גאָלדבערג, אַ יונגער מענטש, געוועזענער פאָרזיצער פון „טאַרבוט" אין ביאַליסטאָק און אין דער געטאָ־צײַט ליי־

---

43) דארטן, פּראָט׳ נ׳ 10.
44) דארטן, פּראָט׳ נ׳ 11.
45) דארטן, פּראָט׳ נ׳ 12.

טער פון אַפּראָוויזאַציע־אָפּטייל באַם יודענראַט, איז געווען איינער פון באַראַשעס נאָענטסטע מיטאַרבעטער, האָגאַם ער האָט זיך באַמיט צו מאַכן דעם אָנשטעל פון אַן „אַפּאָזיציע פון זײַן קעניגלעכער מאַיעסטעט״. ער איז געווען אויפגעבראַכט פון אַ ריי אַוולעס און האָט פּראָטעסטירט. אָבער אין גרונט איז ער אַ בעפּיירעשער פּאָלקס־פּײַנט. פּאַרקערט: ער גרײַפט אָן אָפּן דעם „האַשאָמער האַצאַיר״ פֿאַר זייער פּראָסאָוויעטישער אײַנשטעלונג און שרײַט אָף זיי: האָ, איר וואַרט אָף דער רויטער אַר־מיי ? ! 46). אַ סאַך שאַרפער טרעט אַרויס אָף די אינעווייניקסטע זי־צונגען דער לייטער פון דער אָפּטייל פאַר סאָציאַלער שוץ ה. פּעני־צער 47). אָף דער זיצונג פון דריטן אָקטאָבער 1941 דערקלערט ער אָט וואָס: „אַזוי ווי עס גייען אַרום קלאַנגען וועגן מיסברויכן מיצאַד באַ־אַמטע און מיצאַד מיטגלידער פון יידנראַט איז שײַכעס מיט דער עוואַ־קואַציע, פּאָדער איך, מ׳זאָל רייניקן די רייען, אָנהייבנדיק פון אויבן״. און ער גיט צו, אַז ער וויל נישט טראָגן אָף זיך די אַכראַיעס פון אַזעלכע מײַסים 48). אָף דער זיצונג, ווו עס ווערט באַהאַנדלט די פראַגע פון די יידן פון די אַרומיקע ליקווידירטע שטעט, וועלכע זוכן אַ רעטונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ, טרעט אַרויס ה. פּעניצער מיטן ווײַטערדיקן וואָרט: „מיר זאָלן באַשליסן, אַז מיר פאַרמאַכן די טויערן פון געטאָ ? יידן ווערן פאַרניכטעט, און מיר פאַרמאַכן פאַר זיי די טויערן, אונדזער לעבן איז ביכלאַל גאַרנישט ווערט, מיר מעגן דעריבער דעם פרײַז צאָלן פאַר ראַטעווען יידן״ 49).

אָבער אַפילע פּעניצער, וועלכער דערשײַנט פאַר אונדז ווי אַ פּער־זעלנער ערלעכער מענטש, ווי אַ נעקי קאַפּאַיִם, אַפילע ער איז נישט מע־סוגל צו מאַכן די געהעריקע אויספירן, נישט געגוג שטאַרק איבערצו־רײַסן לעגאַמרע מיטן יודענראַט.

עטלעכע מיטאַרבעטער פון יודענראַט, וועמענס נעמען עס וואַרפן זיך אַדורך אָף די ערשטע זיצונגען און וועלכע טרעטן אַרויס אָפּאָזי־ציאָנעל לעגאַבע דער באַראַש־סובאָטניק־אָנפירונג, ווערן דערנאָך בעלעם

---

46) גראַסמאַן, ז׳ 46.
47) זײַנע מיטאַרבעטער זײַנען געווען דער פירער פון פ״צ צ. ס. אין ביאַ־ליסטאָק מ. כמעלניק און דער בונדישער טוער — דער לערער מ. רובינשטיין.
48) דאַרטן, פּראָט׳ נ׳ 12.
49) אַרכ׳ יי״ה״א, נ׳ 162/13.

פון דעם שטיבל אַף קופּיעצקע. אַזוי האָט דעם 18טן סעפּטעמבער 1941 אַף דער יודענראַט־זיצונג פרוי ד״ר סעגאַל פּראָטעסטירט קעגן דער אָנ־פירונג אין איניען עוואַקואַציע; אַף דער זעלביקער זיצונג האָט ד״ר קאָ־פּעלמאַן געפאָדערט מער האַרץ פאַר דער אינטעליגענץ 50). זייערע נע־מען ווערן מער אין די פּראָטאָקאָלן נישט דערמאָנט. צי זײַנען זיי אַליין אַוועק, צי אויכזי בעיאַד האָבן זיי אַליין באַזײַטיקט? אַלנפאַלס וועגן אַ בונט קעגן יודענראַט מיצאַד די צוויי דאָקטוירים הערט מען נישט. עס זײַנען געווען בלויז צוויי מענטשן, וועלכע האָבן יאָ געמאַכט ריכטיקע אויספירן פון דער לאַגע פון דער באַראַש־סובאָטניק־פּאָליטיק.

אַף דער זיצונג פון 18טן סעפּטעמבער 1941 טרעפן מיר דעם נאָ־מען פון ד״ר קערשמאַן. ער טרעט אַרויס מיט פאַרוורפן צו דער אָנפי־רונג פון יודענראַט. אָנהייב 1942 טרעט ער אַרויס פון יודענראַט און וויל מיט אַט דער אינסטיטוציע מער קיין שײַכעס נישט האָבן 51).

אַף דער זיצונג פון דריטן אויגוסט 1941 הערן מיר דעם אַרויס־טריט פון ד״ר נאַטאַן האַלענדערסקי (פון ווילנע). ער גיט אַ שילדערונג פון דעם טרויעריקן סאַניטאַרן מאַצעוו אין געטאָ. בעיס דעם אויפ־שטאַנד טרעפט מען ד״ר האַלענדערסקי צווישן די קעמפער. אין מעשעך פון דער לאַנגער צײַט פון גרייטן זיך צום ווידערשטאַנד איז ער אַ פאַר־טרויונג־מאַן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע און שטעלט איר צו וויכטיקע יעדיִעס פון יודענראַט 52).

ביידע פאַלן האָבן געמאַכט אַ רוישעם אין געטאָ. דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק האָט געמאַכט די עוואָלוציע פון דעם יודענראַט־מיטגליד אַוו־ראַם לימאַן. לימאַן איז געווען אַ פּאָליט פון שטעטל רוזשאַן. געשטאַמט האָט ער פון ייִדן סמאָלע־טרײַבער. אַליין איז ער געווען אַן אינטעלי־גענט, געענדיקט אַ רעאַל־שול, האָט אַמאָליקע צײַטן געלעבט פון סכירעס פון אַן אָנגעשטעלטן און האָט זיך אין זײַן היים־שטאָט געווידמעט קול־טור־אַרבעט, געווען טעטיק אָפן געביט פון בויען דאָס ייִדיש־וועלטלעכע שול־וועזן; פּאָליטיש איז ער געווען אַ ראַדיקאַלער פאָלקיסט פון וויל־נער שאַבאַד־נוסעך. אין ביאַליסטאָקער יודענראַט ווערט ער צוגעצויגן ווי אַ מענטש, וואָס האָט אַ שעם פון אַן ענערגישן אסקן און אָרגאַניזאַ־

---

50) דארטן, פּראָט׳ נ׳ 8.
51) נ״א פון י. ריווקינד.
52) נ״א פון מ. בוד.

טאָר, אָבער באַלד אַף דער זיצונג, אַף וועלכער ער קומט צום ערשטן מאָל, טרעט ער אַרויס מיט אַ שאַרפער רעדע אין שוץ פון די געטאָ־אַר־בעטער, וועלכע באַקומען נישט פון יודענראַט די צוגעזאָגטע זיי פערטל קילאָ ברויט אַף אַ פּערזאָן. לימאַנען ווערט לעכאַטכילע אָנפאַרטרויט דער אַמט פון אַרבעט־קראַפט. פּייסעך קאַפּלאַן שטרייכט אונטער: „גרוי־סע פאַרדינסטן אַף אָט דעם געביט האָט דער ראַט־מיטגליד לימאַן, וועל־כער האָט אַסאַך מאָל געראַטעוועט פון גרויסע צאָרעס און אומאָנגענעמ־לעכקייטן. ער איז אָבער פאַרמאַטערט געוואָרן און געוואָרפן די לייטונג״. עס איז אַ גרויסער ספאַפעק, צי לימאַן האָט געוואָרפן די אַרבעט בלויז מאַכמעס מידקייט, לויט גוויִסע איידעס איז דאָס געווען אַ קעמפעריש־געשטימטער מענטש 53). ער איז געווען אינעם יודענראַט דער ערשטער, וואָס האָט נישט בלויז אָנגעגריפן די אָנפירונג, נאָר אויך געוואַגט אַרויס־צוטרעטן אָפן קעגן די דייטשן. ער האָט זיך דער ערשטער אַרויסגעזאָגט, מען זאָל נישט נאָכגעבן די פאַרלאַנגען פון דער אָקופּיר־מאַכט 54). בעיס דער מײַסע נוירע מיט די דרײַ אומשולדיק געהאַנגענע יידן פאַר גאַנ־ווענען קענדלעך אין דער אייל־פאַבריק (וועגן דעם ווײַטער) איז לימאַן אַרויסגעטרעטן קעגן דעם, אַז יידישע פּאָליציי זאָל שפּילן די ראָל פון טאַליאָנים און האָט זיך אויסגעדריקט: „עס איז נאָך נישט אָפּגעקילט דאָס בלוט פון די פּאָגראָמירטע און שוין זאָלן מיר זיך פאַרשמירן די הענט מיט פריש בלוט? איך וועל אין דעם קיין אָנטייל נישט נעמען!״.

ער האָט טייקעף געצויגן פערזענלעכע קאָנסעקווענצן און זיך אָפּגעזאָגט פון דער לייטונג פון אַרבעט־אָפּטייל 55). ערעוו דער ערשטער ליקווי־דאַציע איז ער געווען דער איינציקער אינעם יודענראַט, וואָס האָט זיך אָקעגנגעשטעלט דעם אַרויסגעבן אַ רעשימע מיט 6500 גיירעש־פאַרמיש־פּעטע יידן. אַף אָט דעם באָדן איז געקומען צום אויפרײַס. באַראַש האָט אים גענומען דראָען, אָבער לימאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרײַבן דעם פּראָטאָקאָל. ער האָט נישט געוואָלט מיטמאַכן דעם ווײַטערדיקן וועג פון יודענראַט און האָט רעזיגנירט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע ביכלאַל. אין געטאָ האָט מען אָט די האַנדלונג באַצייכנט מיטן נאָמען:

53) נ״א פון י. ריווקינד.
54) נ״א פון ט. ציטראָן.
55) נ״א פון י. ריווקינד.

„דער בונט פון אווראַם לימאַן". דער דאָזיקער בונט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק 56).

אָפּגעריסן זיך פון באַראַשן און זיין כאַוורוסע האָט לימאַן אָנגע־הויבן צווישן זיינע באַקאַנטע פירן אַן אַגיטאַציע צו גיין אין וואַלד אַריין, צו די פּאַרטיזאַנער 57).

דער אומשטאַנד, וואָס אינעם יודענראַט האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע ערלעכע מענטשן, קאָן אָבער בעשום אופן נישט דינען ווי אַ באַווייז, אַז דער דאָזיקער אָרגאַן איז נישט געווען קיין קאָלאַבאָראַציאָ־ניסטישער. די קאָנסעקווענצן פון די בעעמעס ערלעכע און ווירדיקע מיט־גלידער פון יודענראַט האָט געפירט צו לעגאַמרעדיקן איבעררייסן מיט אים. דער יודענראַט ווי אַזעלכער איז געווען, ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן באַם סאַמע אָנהייב, אַן אָרגאַן פון דער דייטשער אָקופּיר־אַדמי־ניסטראַציע, און קיין שום גוטער ווילן האָט נישט געקאָנט ענדערן דעם אַנטינאַציאָנאַלן איקער־כאַראַקטער און די קאָלאַבאָראַציאָניסטישע פונק־ציע פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. איבעריקנס גיט אויך דער סאָציאַ־לער צוזאַמענשטעל פונעם יודענראַט אַ גרונט צו געוויסע באַטראַכטע־נישן. אָט איז די סאָציאַלע סטרוקטור און פּאָליטישער כאַראַקטער פון זיינע הויפּט־מיטגלידער:

יִצחָק באַראַש — געוו. דירעקטאָר פון יידישן קעהילע־ראַט, טוער פון „עת לבנות";

בער סובאָטניק — פּראַצענטניק, פּאַרזיצער פון „מזרחי";

טיקטין —געוו. אייגנטימער פון עקספּאָרט־אונטערנעמונג;

יאַנקעוו ליפשיץ — שניט־סויכער, שטיינרייך, אַמאָליקער פּאַרזיצער פון סאָכרים־פאַריין;

גליקסאָן — אַמאָליקער דירעקטאָר פון סאָכרים־פאַריין;

שמועל פּוניאַנסקי — שניט־סויכער, גאַבע פון דער גרוי־סער שול, מיזראַכי־טוער;

מוישע שוויף — לייטער פון וווין־אַמט באַם יודענראַט — פון אַ ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן־מישפּאָכע;

56) דאָרטן; אויך — ציטראָן.
57) אַרכ' יִוָה"אַ, פּראָט' נ' 2117.

שמועל פינקעל — פאַבריקאַנט;

ציבולקין — געוו. פאָרזיצער פון פייען־באַנק;

פייסעך מעלניצקי — רײַכער האַנטווערקער;

יאַנקעוו גאָלדבערג — לייטער פון אַפּראָוויזאַציע־אַמט — טוער פון די אַלגעמיינע ציאָניסטן, אַ מענטש, וואָס האָט זיך „קווי־בע שעם" געוועזן אין געטאָ מיט זײַן שיקרעס און זנוס.

טאָפּטשענדיק אין דער בלאָטע פון טאָן דעם ראָצן פונעם אָקופּאַנט האָט זיך דער יודענראַט אַליין פאַרפּלאָנטערט אין זײַנע אייגענע נעציקע מעטאָדן און זיך געפונען אין אַן אויסוועגלאָזער לאַגע. נישט געקוקט אַף באַראַשעס קאַזיאָנעם אָפּטימיזם, שוועבט דאָך איבערן גרעסטן טייל זי־צונגען דאָס טראַגישע געשפּענסט פון אומקום, פון דער אייביקער אומ־זיכערקייט, פונעם קעסיידערדיקן פלאַטער צווישן לעבן און טויט. זײַן רעפעראַט אַף דער פאַרזאַמלונג פון די יודענראַט־באַאַמטע מיטן יודענ־ראַט אין זאַל פון לינאַס האצעדעק דעם צווייטן נאָוועמבער 1942 האָט באַראַש פאַרענדיקט מיט אַ טיף־אומעטיקן שלוס־אַקאָרד: „האַלעווײַ זאָ־לן מיר דאָס צווייטע מאָל זיך טרעפן אַלע, און קיינער פון אונדז זאָל נישט פעלן". דאָס איז געווען אין דעם טאָג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון דער פּראָווינץ.

און פונדעסטוועגן איז נאָך אַזאַ טויט־פאַרויספילנדיקער פאַרענדי־קונג באַראַש אין אַ דרײַ וואָכן שפּעטער ווידער אַרויס מיט זײַן פאַרפּי־רערישן ביטאָכן: „אונדזער אויסזען באַם שטאָט־קאָמיסאַר האָט זיך אַזוי פיל געענדערט צום גוטן, אַז דער קאָמיסאַר האָט באַ זיך אין קאַ־בינעט אויסגעשטעלט אונטערן גלאָז די אויסאַרבעטונגען פון געטאָ". און ווידער שלאָגט דער קאַזיאָנער אָפּטימיזם — דער גאַולייטער קאָך אַליין ביכוווידע און בעאַצמע האָט געמאַכט אַ באַשטעלונג באַ די יידן, און די ווערמאַכט דאַרף האָבן נײַע סכוירעס. אָט אַזוי האָט געפלאָטערט דאָס געטאָ, געקערעוועט דורך דער שטימונג פונעם יודענראַט־פירער, צווישן לעבן און טויט, און ווען עס האָט געשלאָגן די שאָ, זײַנען די, וואָס האָבן די גאַנצע צײַט געמאַכט דעם אָנשטעל פון „שטאַרקע מענטשן", נישט געווען מיטן פאָלק, נישט געטראָגן אַפילע דאָס סאַמע נעבעכ־דיקסטע וואָרט פון טרייסט און אינערלעכער קרעפטיקונג אין אָנגעזיכט

פון אומפּאַרמײַדלעכן טויט, נאָר געטראַכט וועגן זיך אַליין, וועגן דער אייגענער הויט.

---

טייקעף אַף דער ערשטער זיצונג פונעם יודענראַט איז געשאַפן געוואָרן די יידישע געטאָ־פּאָליציי. דער אָפיציעלער נאָמען אירער איז געווען „אָרדנונגס־דינסט", און די אָנפירער פון דעם דאָזיקן אויספיר־אָרגאַן פון יודענראַט האָבן זיך אַליין אָנגערופן „די באַשיצער פון פאָלק". אין אָט דעם עפּיטעט האָט געשטעקט אַ סאַך ביטערער כויזעק, ווײַל אין דער עמעסן איז די יידישע פּאָליציי געווען די היטערן פון דעם אָקופּאַנטס אינטערעסן אין געטאָ.

צוויי הונדערט מאַן זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אָרדענונגס־דינסט. קדיי צוצוגעבן זיי כשיוועס, האָט מען זייער האַלבאָשע באַזונדערס אויסגעטיילט. אַ מיטגליד פון אָרדענונגס־דינסט האָט געטראָגן אַ ספּעציעלן לאַמפּאַס אַפן היטל, אַ באַנד אַפן אָרעם און אַ שטעקעלע אין האַנט 58).

די געטאָ־פּאָליציי איז אײַנגעטיילט געווען אין פיר רעווירן. דער ערשטער האָט זיך געפונען אינעם זעלביקן אָרט ווו די הויפּט־קאָמאַנדע, אינעם לאָקאַל פון יודענראַט אַף קופּיעצקע, קאָמענדאַנט פון ערשטן רעוויר איז געווען פעניגשטיין. דער צווייטער רעוויר איז געווען אַף שלאַכעצקע־גאַס, אין דעם ביניען פון דרוזקינס גימנאַזיע; קאָמענדאַנט פון אָט דעם ראַיאָן איז געווען קראַמאַזש. דער דריטער רעוויר האָט זיך געפונען אַף רוזשאַנסקע־געסל 7; קאָמענדאַנט איז דאָ געווען דער ברודער פונעם הויפּט־פירער פון דער פּאָליציי מאַרקוס. דער לעצטער רעוויר האָט פאַרנומען אַ לאָקאַל אַף יוראָווצער 25 (59).

אין שפּיץ פון דער פּאָליציי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער 50־יעריקער געוועזענער פאַבריקאַנט איסאַק מאַרקוס. זײַן איינציקע קוואַליפיקאַציע איז באַשטאַנען דערין, וואָס פאַר דער מילכאָמע איז ער געווען דער קאָמענדאַנט פון די יידישע פרײַווילליקע פײַערלעשער („באָסאָ"). אַ צווייטע מײַלע זײַנע האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ער איז געווען אַ ייד אַן אוישער. דאָס איז געווען אַ פּוסטער מענטש, וועמען עס האָט אימפּאָנירט דער אַמט, מיט וועלכן מען האָט אים מעזאַקע געווען.

---

58) אַרכ' ייִה"א, פּראָט' ג"א נ"נ 2260, 2263, 2461.
59) דאָרטן.

מאַרקוס האָט זיך גאַנץ לײַכט אַרײַנגעצויגן אין דער נעץ פונעם סוינע, ביפראַט, אַז ער איז געווען אַ לײַכטזיניקער מענטש. עס איז גענוג געווען, אַז דער דײַטשער סראָרע זאָל אים אַ קלאַפּ טאָן גוט־ברודעריש אין פּלייצע, אָדער מעכאַבעד זײַן מיט אַ ציגאַר. מאַרקוס איז דעמאָלט גרייט געווען אַף אַלע כאַזורײַען 60).

אין „אָפּטייל 4" פון דער זיכערקייט־פּאָליציי אַף עריק־קאָך־גאַס 15 האָט מען געהאַלטן פון איסאַק מאַרקוסן. דער ייִדן־מעמונע פון געשטאַפּאָ פריץ פרידעל באַצייכנט דעם קאָמענדאַנט פון דער אָרדענונגס־דינסט ווי אַ שטיל און באַשיידענעם מענטשן". דער זעלביקער פרידעל ווייס אָבער צוצוגעבן, אַז מאַרקוס איז געווען פאַרהאַסט אין געטאָ 61).

מאַרקוסעס שטעלפאַרטרעטער איז אין דער שפּעטערדיקער צײַט געוואָרן סרעבניק — דער פריִערדיקער קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער פּאָליציי אין גראָדנע, אַן עקלדיקער פאַרשוין, וועלכן די גראָדנער ייִדן האָבן פײַנט געהאַט בעטאַכלעס האַסינע. נאָכן ליקווידירן דאָס גראָדנער געטאָ איז ער אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק און דאָ האָט אים מאַרקוס אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און געמאַכט פאַר זײַן שייַני לעמיילעך 62).

די געטאָ־פּאָליציי האָט זיך רעקרוטירט פון סאָכרים און פון בירגערלעכער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. דאָס איז לעכאַטכילע געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער עלעמענט פון נאַזיווע מענטשן, וועלכע האָבן געגלויבט אין דעם, אַז מען וועט „יאַקאָש איבערלעבן", ביז פאַרברעכער און מיטאַרבעטער פון געשטאַפּאָ. צו די ערשטע האָט געהערט מאַרקוסער פאַרטרעטער מוישע בערמאַן, צו די צווייטע — אַזאַ פאַרשוין ווי פעניגשטיין, וועלכער האָט, איבעריקנס, געהאַט הינטער זיך אַ נישקאָשעדיקן ייִכעס אַצמע: דעהײַנע — ער איז פאַר דער מילכאָמע געווען אַ קאָמיסאַר פון דער פוילישער פּאָליציי אין וואַרשע, אַף דאַנילאָוויטשעווסקע־גאַס. צו פעניגשטיינס שײַקע האָט געהערט אַזאַ נעפעש ווי דאָס פאַבריקאַנטישע זינדל זעליקאָוויטש, דער דריטער — נאָך מאַרקוסן און פעניגשטיינען — קאָל וועלאָך אין אָרדענונגס־פּאָליציי, אַן אַלט־באַקאַנטער אַפעריסט און שאַנטאַזשיסט. דאָס זײַנען עס געווען די „נישט־

60) ג"א פון ב. שאַצמאַן.
61) פרידעל — ענטפער אַפן מעכאַבערס אַנקעטע.
62) ג"א פון עפראַיִם קיסלער.

פּאַטענטירטע ״קלאַל־טוער״, וועגן וועלכע עס רעדט פּייסעך קאַפּלאַן אין זײַן יודענראַט־כראָניק, ווי וועגן אַ נויטווענדיקער דערשײַנונג פון דער צײַט.

די געטאָ־פּאָליציי איז געווען אונטערגעאָרדנט פון איין זײַט דעם יודענראַט אָבער פון דער צווייטער — די געהעריקע דײַטשע פּאָליציישע אָרגאַנען, דעם פערטן רעוויר פון דער אָקופּאַנטישער פּאָליציי און דער געשטאַפּאָ. די ייִדישע פּאָליציי האָט טאַקע געהאַט אַן אייגענע טפיסע אין געטאָ גופא, אַף זאַמענהאָף־גאַס, ווו עס זײַנען אײַנגעפּירט געוואָרן די היטלעריסטישע פּײַן־מאַכשירים און אינקוויזיציע־מעטאָדן. די געטאָ־באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין די ערגסטע צײַטן נישט פאַרלאָרן דעם כוש פאַר גאַליקן הומאָר, האָט די ייִדישע טפיסע אַ נאָמען געגעבן ״סינג־סינג״. אָבער דאָ זײַנען געווען פאַרשפאַרט ״לײַכטע פאַרברעכער״. אין ערגסטע איניאַנים האָבן זיך מאַרקוסעס מענטשן לעגאַמרע נישט זשע־נירט אַרויסצוגעבן די ייִדישע אַרעסטאַנטן דער געשטאַפּאָ, דער שופּאָ, אָדער דער קריפּאָ.

עס וואָלט אָבער געווען טאָעס צו מיינען, אַז די פאַרשוינען פון אָרדענונגס־דינסט זײַנען געווען הונדערט־פּראָצענטיק ״ערלעך״ לעגאַ־בע די באַפעלן פון די דײַטשע מוישלים. ס׳ראָוו ייִדישע פּאָליציי־לײַט האָבן געוווסט ווי־אַזוי יעטוועדן איניען אויסצונוצן לעטויוועס דעם איי־גענעם טײַסטער. ״דעם 18טן סעפּטעמבער 1941 — דערציילט פאַניע ליפּינסקאַ, — איז געקומען צו מיר פון רעוויר דער פּאָליציי־מאַן פּאָגאָ־רעלסקי און מיך אַוועקגעפירט אין קאָמאַנדע צו פעניגשטיינען, וועלכער האָט מיך און נאָך צוויי אַרעסטירטע פרויען, איינע ליפּאַנסקאַ, אַ צווייטע ליפּינסקאַ, אויפגענומען מיט אַ כויזעק־שמייכעלע און אַוועקגעפירט אין פערטן דײַטשן רעוויר מיכוץ דעם געטאָ. דער דײַטשער באַאַמטער האָט אונדז גוט אָנגעקוקט און געזאָגט: ניין, דאָס איז נישט דאָס. פעניגשטיין האָט אָבער פאַראַקשנט געטײַנעט, אַז דאָס איז איינע פון אונדז די גע־זוכטע פאַרברעכערן. ער האָט אונדז געשלעפּט אין געשטאַפּאָ אַף שענקע־וויטש־גאַס 15. וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? פעניגשטיין האָט שוין דאַווקע יאָ געוווסט, וועמען די געשטאַפּאָ זוכט, האָט ער באַ יענער פרוי אויסגעפּרעסט 50 טויזנט רובל און אונטערגערוקט אַפן אָרט פון

יענער אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַט ענלעכע פאַמיליע־נעמען צו דער געזוכטער" 63).

אַזוי אַרום האָט פעניגשטיין נישט בלויז אויסגעגעבן דעם סוינע יידישע מענטשן, נאָר אויך אומשולדיקע אַפילו לויטן אײַנזען פון די דײַטשן, און אָפּן בלוט פון די קאָרבאָנעס געמאַכט אַ פאַרמעגן.

פעניגשטיין איז נישט סטאַם קיין איינצלנער פאַל. פעניגשטיין האָט סימבאָליזירט אַ סיסטעם, אינאיינעם מיט זעליקאָוויטשן, — אַ פאַרמיל־כאַמעדיקן „ספעץ" אין אַסעקוראַציע־סרייפעס — וועלכער האָט זיך איצט ספעציאַליזירט אין מאַסערן און אויספּרעסן געלט בײַ פאַרדעכטיקטע אין סאָוויעטן־סימפּאַטיעס, באַנאַנד מיטן פאַרברעכער יאַנקעוו וויעלונסקי, וועלכן מען האָט גערופן „דער קאַשמאַר פון געטאָ", און צוזאַמען מיט די „גוטע ברידער" שלוימע פין און סימכע גולאַנד, האָט ער געבילדעט דאָס אַזוי גערופענע „פינפטל" וואָס האָט געשאַפן די געשטאַפּאָ־עקספּאָזיטור אין געטאָ און האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן שעם, קעדיי אַרויסשלעפּן ריזיקע סומעס געלט פון אַסאַך טעראָריזירטע קאָרבאָנעס. צו הילף האָבן אָט די פאַרשוינען געהאַט „דאָס הונדערטל" — אַ גרופּע קלענערע שפּיצלעס און מאָסרים. דאָס וואָרט „הונדערטל" האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק נישט בלויז אָפן פּאַשעטן געטאָ־ייִד, נאָר אויך אָף אַ ריי מענטשן פונעם יודענראַט. דאָס „הונדערטל" האָט טעראָריזירט דאָס גאַנצע געטאָ. „ווי נאָר — האָט שפּעטער דערציילט וועגן דעם עפּראַים באַראַש, — ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז בײַ עמעצן איז פאַראַן שטאָף, אָדער גאָלד, האָבן זיי באַלט געמאַכט רעוויזיעס, אַזוי ווי די טשיקאַגער גענגסטער. דער ערגסטער באַנדיט איז געווען זעליקאָוויטש. זיי האָבן זיך געוואַלגערט איבער רעסטאָראַנען און קנײַפּעס, געשיקערט אָפן כעשבן פון זייערע קאָרבאָנעס". צו די הויפּט־געהילפן פון דער געשטאַפּאָ־עקספּאָזיטור האָבן געהערט די שאַנטאַזשיסטן גולנאַד, פּאַגאַרעלסקי, דער געלער מיעטעק 64).

אין אָט דער רויב־אַרבעט זייערע האָט זיך דאָס פינפטל מיט זײַנע בוזעם־פרײַנט געוואָלט אינגאַנצן אַרויסדרייען פון דער אַפּעטראָפּסעס פונעם יודענראַט. אויב בײַ עמעצן ווערט געפונען אומלעגאַלע סכוירע,

63) געלע פאַקטאָר: „ביאַליסטאָק אונטער דײַטשער הערשאַפט", אַרכ' יוה"א, פּראָט' נ' 2133.

64) ג"א פון ב. שאַצמאַן.

דאַרף דאָס קאָנפֿיסקירטע איבערגייען אין רעשוס פֿונעם יודענראַט — אָבער די פּאָליציי־מאַכערס האָבן ליבערשט געוואָלט עס צורויבן פֿאַר זיך. די יודענראַטלער האָבן אָבער מיט ציין און נעגל פֿאַרטיידיקט זייער פּאָזיציע. אַזוי אַרום האָט זיך פֿונאַנדערגעוויקלט צווישן דעם אָפֿיציעלן אָרגאַן פֿון געטאָ און דער באַנדע פֿעניגשטיין־זעליקאָוויטש עט קאָמפּאַני אַ העפֿטיקער קאַמף. די אָנפֿירער פֿון יודענראַט — באַ אַלע זייערע טראַגישע פֿעלערן, קורצזיכטיקייט און אַפֿילע פֿאַרברעכנס — זײַנען אין די פֿריִערדיקע צײַטן געווען געבונדן מיט געוויסע געזעלשאַפֿטלעכע ריכטונגען (באַראַש, שוויף און גאָלדבערג זײַנען געווען ציאָניסטן, סובאָטניק אַ מיזראָכיסט אא״וו); זיי האָבן אײַנגעהאַלטן געוויסע פֿאַרמען פֿון קלאַל־אַרבעט און דעריקער; זיי האָבן רעפּרעזענטירט אַ געוויסן, האַגאַם דינעם שיכט פֿון פֿאַבריקאַנטיש־סאָכריש־שפּעקולאַנטישע עלעמענטן, וועלכע זײַנען טאַקע געווען אויסגעשטעלט אויף דעם שאַנטאַזש פֿון דער שײַקע פֿון דער געטאָ־פּאָליציי. פֿעניגשטיין און זעליקאָוויטש האָבן אָבער געהאַלטן, אַז די עמעסע מאַכט דאַרף ליגן אין זייערע הענט. מיט קאָלערליי אויפֿאַנים האָבן זיי זיך באַמיט אַרויסצורײַסן די הערשאַפֿט און די מיטלען באַם ראַט.

דער געראַנגל פֿאַר מאַכט צווישן דעם ראַט און די שאַנטאַזשיסטן האָט זיך, נאַטירלעך, נישט אַנטוויקלט פֿאַר די אויגן פֿון דער באַפֿעלקערונג. דאָס איז געווען אַ הינטערקוליסן־קאַמף, וועלכער האָט אָנגעשפּאַרט אין די קאָרידאָרן און קאַנצעלאַריעס פֿון די דײַטשע אַדמיניסטראַטיווע און פּאָליציייִשע אַמטן. די געשטאַפּאָ איז לעכאַטכילע געשטאַנען אויף דער זײַט פֿון פֿעניגשטיין־זעליקאָוויטש. דעם קאַמף האָט אָבער געוווּנען דער יודענראַט — אַדאַנק דעם, וואָס פֿעניגשטיין און זעליקאָוויטש האָבן זיך פֿאַרדרייט און פֿאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ פֿון די אייגענע אַפֿערעס און שאַנטאַזשן. אין זייער גיריקן געיעג נאָך רויב האָבן זיך אָט די באַנדיטן גאַרנישט געמאַכט נישט בלויז פֿונעם יודענראַט, נאָר אויך אויפֿגעהערט אָוועקצוגעבן דעם פֿעטסטן ביסן דעם סוינע. דער שטאָט־קאָמיסאַר שווענדאָוויוס האָט זיך אויך פֿאַרפּלאָנטערט אין זייערע אַפֿערעס און, וועלנדיק אַרויסקריכן, געמוזט פּאָטער ווערן פֿון די שותּפֿים.

אַדאַנק דער אָנווײַזונג פֿון די יודענראַט־מענטשן האָט די דײַטשע מאַכט אין רעזולטאַט פֿון אַ רעוויזיע פֿאַרנומען באַ זעליקאָוויטשן —

ווי עס האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט באַראַש — „אַזעלכע געוואַלטיקע אויצרעס, אַז עס ווערט מיר פֿאָשעט אומבאַקוועם עס אויסצורעכענען: שאַמפּאַניער, גאָלד, בריליאַנטן, דאָלאַרן". פֿעניגשטיין און זעליקאָוויטש זײַנען אַרעסטירט געוואָרן. די דײַטשע טפיסע, אין וועלכער זיי האָבן אַרײַנגעשטויסן אַזויפיל אומשולדיקע קאָרבאָנעס, איז געוואָרן אויך זייער קייווער.

באַראַש האָט טריומפירט, און דאָס געטאָ האָט אַ געוויסע צײַט לײַכטער אָפּגעאָטעמט. באַראַש האָט אָף אַ געשיקטן אויפן אויסגענוצט די מאַפּאָלע פון דעם „פּינפּטל" מיט זײַנע יויצער מעשאָרסים, אויסגענוצט עס פאַרן הייבן באַ דער באַפעלקערונג דעם פּרעסטיזש פון יודענראַט. איצט האָט דער פירער פון קופּיעצקע 32 געקאָנט זיך אַרויסרוקן פאַר דעם געטאָ ווי דער באַפרײַער פון דעם טעראָריסטן־קאָשמאַר און ווי אַ מענטש מיט אַ „שטאַרקער האַנט". דעם 16טן יוני 1942 לאָזט אַרויס דער יודענראַט די ווײַטערדיקע מעלדונג:

„אין שײַכעס מיט דער סאַנירונג פונעם אָרדענונגס־דינסט ווערן דערוויײַטערט פון זייערע אַמטן די ווײַטערדיקע פּערזאָנען: 1. אַבראַמאָוויטש נעלי, 2. בלײַבערג מאָרדכע, 3. בלעמער הענריק, 4. גוטמאַן זעליג, 5. גולאַנד סימכע, 6. האַמבורג מאָרדכע, 7. וויעלונסקי יאַנקעוו, 8. זילבערבלאַט יאָסעף, 9. יודעלבוים זאַלמען, 10. פּיטאַצקי אַווראָם, 11. פּין שלוימע, 12. פּראַלקעס מוישע, 13. קאַטשקא יאָסעף, 14. קוואַטער בינאָמען, 5. רעוווזין פּינכעס".

פון צווישן די דאָזיקע באַזײַטיקטע פּאָליציאַנטן זײַנען פאַר ספּעציעלע מיסברויכן אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער: בלײַבערג, פּין, גולאַנד, קוואַטער און וויעלונסקי — די סאַמע געפערלעכסטע גענגסטער 65).

צווישן די כעוורע־לײַט פון פעניגשטיינס שײַקע זײַנען געווען ס'ראָוו מענטשן נישט פון ביאַליסטאָק גופע, נאָר פון אַנדערע שטעט און אויך פון דער אַרומיקער פּראָווינץ, ווי לעמאָשל — זאַלמען יודעלבוים (פון לאָמזשע). זיי זײַנען ספּעציעל צוגעקליבן געוואָרן דורך די דײַטשן, פאַר וועלכע עס זײַנען ליבערשט באַקוועמער געווען פרעמדע יונגען, וואָס

65) מעלד' נ' 287.

האָבן נישט קיין קרויוים אַפן אָרט און ווע לן אַזוי אַרו ם זיך נישט קע־רעווען אין זייער האַנדלונג מיט קיין שום ראַכמאָנעס־געפילן.

אין דער זעלביקער צײַט האָט באַראַש פאַר איין מאָל ליקווידירט שוין אויך די באַנדע ייִדישע שאַנטאַזשיסטן, וואָס האָט געלויערט באַ די געטאָ־טויערן אַף די ייִדישע אַרבעטער און באַ זיי אויסגעפּרעסט — אונ־טער דער דראָונג פון מעסירע — בעכאַצע כינעם, אָדער אײַנגאַנצן אומ־זיסט די מעסירעס־נעפּעשדיקע אַרײַנגעשמוגלטע שפּײַז־פּראָדוקטן. מיט אָט דער קנופּיע האָבן אָנגעפירט די פּאָליציי־לײַט אַטלאַס און נײַדאָרף, וואָס זייערע נעמען האָבן די געטאָ־אַסורים נישט אַרויסגעזאָגט אָן דעם צוגאָב „ימאַך שמאָם“.

מיט ליקווידירן די באַנדע פון „הונדערטל“ און די טויער־טעראָ־ריסטן איז נאָך אָבער דאָס געטאָ נישט פּאָטער געוואָרן פון דער פּלאָג פון געשטאַפּאָ־אַגענטן, מאָסרים, שאַנטאַזשיסטן און ברוטאַלע „אייגענע“ פּאָליציאַנטן. די אָרדענונגס־דינסט איז פון דער „סאַנירונג פון 16טן יו־ני 1942 נאָך נישט אויסגערייניקט און אויסגעלײַטערט געוואָרן. וואָרעם אַ כוץ דער טאָג־טעגלעכער שמוציקער אַרבעט איז אין אירע רייען אויך געפירט געוואָרן אַ „פּאָליטישע אויפקלערונג“. די געטאָ־פּאָליציי איז דערצויגן געוואָרן אין גײַסט פון אַנטיבאָלשעוויזם, פון סינע צו אַלץ, וואָס שמעקט מיטן ראַטנפאַרבאַנד און מיט סאָציאַלן פּראָגרעס. איינער פון די זײַלן פון דער אָרדענונגס־דינסט, דער פּאָליציאַנט ביאַליקאַמיען האָט געוואָרפן אַ לאָזונג: „בעסער צען יאָר דײַטשן איידער איין יאָר סאָוויעטן!“ 66), און אָט דאָס ווערטל איז געוואָרן די „פּראָגראַם“ פון די אָרדענונג־היטער. און אויב אַזוי, אויב אַפילע דער היטלעריסטישער קאַף האַקאַלע איז בעסער פון סאָוויעטישקייט, דאַרף מען דאָך אָנשטרענ־גען אַלץ, קעדיי אויסצוראָטן די עלעמענטן, וואָס דערוואַרטן די יעשוע דאַווקע פון דער רויטער אַרמיי. דעריבער האָט זיך די געשטאַפּאָ־נעץ נישט אויפגעלייזט אין געטאָ נאָך דער מאַפּאָלע פון פעניגשטיין־זעלי־קאָוויטש. פאַרקערט — די געשטאַפּאָ האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט איר עקספּאָזיטור אינעם ייִדן־ראַיאָן. נײַע געשפּענסטער האָבן זיך געיאָוועט אין געטאָ: יאַנקעוו צוויקליטש, וועלכער איז געווען אַ קאָנפידענט אין דער פאַרמילכאָמעדיקער פּוילישער דעפענסיווע און איז אַצינד אַריבער

66) ג"א פון י. ריווקינד.

אין רעשוס פון געשטאַפּאָ; זײַן בוזעם־פרײַנט מיעטעק ראָזענבערג, אַ פאַרשוין מיט אַן ענלעכער רײַכער פאַרגאַנגענהייט פון וואַרשע; דער געלער יודקאָווסקי און זײַן ברודערל,ביידע פליטים פון סלאָנים, ווו זיי האָבן אַדורכגעמאַכט אַ היפּשע שול פון מעסירע; אַ געוויסער פידלער 67).

די אַלע האָבן געשאַפן די אַגענטור פון דער דײַטשער געהיימער שטאַטס־פּאָליציי אָפן געביט פון געטאָ. אַן ענלעכע אַרבעט לעטויוועס דער דײַטשער שוץ־פּאָליציי האָט אויסגעפירט אַן אַנדער שפּיצעל, שלאַ־פּאַק, וועלכער איז געווען אַן אָרײַנגייער אינעם פּאָליציי־פּרעזידיום 68). די אַלע מענוואָלים האָבן זיך ברייט פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש און מע־סירע, אָנשטאָפּנדיק דערבײַ די אייגענע קעשענעס און אָפּצאָלנדיק אַ געהעריקן שטײַער די מאַכטגעבער. פּונקט ווי זייערע פאָרגייער האָבן זיך אויך די דאָזיקע אַגענטן פונעם סוינע אויסגעבויט גאַנצע באַנדעס פון אונטער־מאָסרים און קליינע שפּיצלעס, באַזונדערס פון צווישן די אייגנטימער און דערלאַנגער אין די קנײַפּעס און רעסטאָראַנדלעך 69).

דאָס געטאָ האָט זיך מיט עקל אָפּגעשאָקלט פון די שפּיקעס און מאָסרים, אַרומגערינגלט זיי מיט אַ פאַקטישן כיירעם, אויסגעשפּיגן באַם דערמאָנען זייערע נעמען און צוגעגעבן דערבײַ דאָס אַלטע וואָרט פון פאַראַכטונג און פון סינע: ימאַך שמאָם 70).

(67 נ״א פון ז. קאַלעשניקאָוו.
(68 נ״א פון ש.ע באַרטנאָווסקי (מעכאַבערס אַרכ׳).
(69 דאָרטן.
(70 ג״א פון י. ריווקינד.

# קאַפּיטל זיבן

## דער קאַמף פאַר דער נעשאָמע

דער ביטערער געראַנגל פון געטאָ איז געגאַנגען נישט בלויז אין דער ריכטונג פון ראַטעווען און אײַנהאַלטן דעם פּיזישן קיִעם אַליין. די געטאָ־מאַסע האָט זיך געווערט נישט נאָר קעגן הונגער און מאַגייפעס, נישט בלויז פאַרן ראַטעווען דעם גוף, נאָר עס איז אויך אָנגעגאַנגען אַ געראַנגל וועגן דער נעשאָמע. פון יודענראַטישע קרײַזן און אויך פון די אַלטע מיסטישע קוואַלן זײַנען געפלאָסן אַלט־נײַע טעאָריעס, וועלכע האָבן געקאָנט ווירקן ווי סטאַם אָפּן באַוווסטזײַן פון פאָלק, אָף זײַן נעשאָמע און ווירדע.

אין געטאָ איז געבוירן געוואָרן אַ שיטע, וואָס האָט געהאַלטן, אַז געטאָ איז אַ נויטווענדיקער עטאַפּ אין דער נײַסטער יידישער געשיכטע, אַז געטאָ איז נישט דורך דער היטלעריסטישער רישעס אָנגעוואָרפענער צוואַנג, נאָר אַז שוין פון אַ צײַט, פון פאַר דער מילכאָמע האָבן די געשעענישן אין דער וועלט געשטויסן די יידן צוריק אין געטאָ אַרײַן; אַז דאָס איז אַ מאָדנער, קימאַט מיסטישער פּויעל יוצא פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן פאָלק און פון דער וועלט 1).

צוזאַמען מיט דעם האָט זיך פאַרשטאַרקט דער נאַציאָנאַליזם, און די טרעגער פון אָט דער „אידעאָלאָגיע" האָבן געפּריידיקט דעם לאָזונג: „די וועלט וויל אונדז נישט, די וועלט האָט אונדז פײַנט, לאָמיר דעריבער זיך אויסדרייען צו דער וועלט מיט דער פּלייצע און זיך גײַסטיק אַליין פאַרשפּאַרן אין געטאָ, דאָס וועט זײַן ערגער פאַר דער וועלט" 2).

1) נ"א פון י. ריווקינד.
2) דאַרטן.

דאָס איז געווען די אידעאָלאָגיע פון געטאָ־צושטימונג. אָבער די דאָזיקע היסטערישע רופן זײַנען דורכגעפאַלן. די ייִדן האָבן נישט גע־וואָלט פריִוויליק זיך אָפּזאָגן פון דער וועלט, פון זייער רעכט אַף קולטור, אַף פרײַ לעבן. די אידעאָלאָגן פון דער „צוריק אין געטאָ"־מיסטיק זײַ־נען געוואָרן אַלץ בייזער און פאַרביסענער. זיי האָבן געטײַנעט, אַז עס איז נישט עמעס, אַז דער ניצאָכן איז נאָענט, אַז ער וועט ביכלאַל קומען. זיי האָבן געזאָגט, אַז אַזוי בלײַבט עס שוין, אַז דאָס וועט זײַן דער גורל פון ייִדן — געטאָ 3).

קעגן די דאָזיקע טעאָריעס, וואָס זײַנען געווען אין אַ געוויסן זין דער „אידעאָלאָגישער איבערגעבויי" פון דער יודענראַט־ווירקלעכקייט, האָט זיך געבונטעוועט די פאָלקס־מאַסע, דאָס געטאָ גופע. פון די טיפענישן פון פאָלק זײַנען אַרויסגעקומען די ווײַטערדיקע אומבאַהאָלפענע קינסט־לעריש, אָבער האַרציקע און אויפריכטיקע אין זייער טאָן ווערטער פון דעם פאָפּולערן ליד פון אַן אַנאָנימען מעכאַבער:

„מיר אַרבעטן דאָך אין געטאָ־פאַבריקן,
„מיר מאַכן שיך, מיר בויען,
„מיר וועבן און מיר שטריקן,
„און דערפאַר אַ פּוטיאָווקע אַרבעטן מיר אויס.
„אין טרעבלינקע פירט מען אונדז אַרויס,
„אוי, אוי, עס איז אַ ביטערע צײַט!
„די יעשועָ קומט שוין אָן,
„זי איז שוין נישט ווײַט,
„די רויטע אַרמיי, זי וועט אונדז באַפרײַען,
„זי איז שוין נישט ווײַט.
‚פלוצלינג פון געטאָ אַ טומל אַ גערודער,
„די קאָמיסיע, זי קומט שוין ווידער,
„באַראַש אפן פערדל, ער פאָרט אַרום איבערן געטאָ,
„און די ייִדישע פּאָליציי שרײַט:
„צי—שאַ—אַ!
„זי באַווײַזט, אַז זי איז —
— „צאָ טאָ יאָ".

3) דארטן.

אין די דאָזיקע ווײַט נישט פּאָעטישע פּערזן קומט אָבער צום אויס־דרוק די עמעסע שטימונג פון געטאָ — סײַ דער באַוווסטזײַן, אַז מען שטריקט זיך אויס אַ „פּוטיאָווקע" אין דעם טרעבלינקער טויט־לאַגער, סײַ דער גלויבן אין דעם, אַז די רויטע אַרמיי וועט איגגיכן ברענגען די יעשועו, סײַ די פּאַראַכטונג צו דער אָרדענונגס־דינסט און צום יודענראַט.

פון איין זײַט: דער גײַסט פון יודענראַט, די צוריק־אין־געטאָ־מיס־טיק, דער אומגלויבן אין צעברעכן ווען־נישט־איז די געטאָ־מויערן: פון דער צווייטער: דאָס וואָרט פון נאַקעטן עמעס, די סינע צום אונטער־דריקער און צו די פּאַררעטער, דער באַגער צו פרײַהייט, דער גלויבן, אַז די רויטע אַרמיי, זי וועט אונדז באַפרײַען, זי איז שוין נישט ווײַט. —

צוויי דיאַמעטראַל־פאַרשיידענע וועלט־אַנשויונגען און מעמיילע — צוויי עקסטרעם־אַנדערע וועגן פון לעבן און אויסבליקן פון גוירל, וועלכע דריקן זיך קורץ אויס אין צוויי באַדײַטנפולע ווערטער: האַכנאָע צום גוירל, און — גײַסט פון בונט און ווידערשטאַנד.

אָט אַף וועלכער פלאַך עס איז געגאַנגען דער געראַנגל פאַר דער נעשאָמע פון די יידן אין געטאָ.

די יידן פון ביאַליסטאָק האָבן זיך מיט אַלע אינערלעכע קויכעס גע־ראַנגלט קעגן אַראָפּזינקען, קעגן מאָראַלישער יערידע; זיי האָבן זיך דאָ געראַנגלט אַסאַך שטאַרקער און מיט מער דערפאָלג ווי ערגעץ אַנדערשוווּ.

דאָס לעבן־בילד פון ביאַליסטאָקער געטאָ שטעלט זיך פאָר אַנדערש ווי פון, אַ שטייגער, איר וואַרשעווער שוועסטער לעצאָרע. אויב אין וואַר־שעווער געטאָ איז געווען אין מעשעך פון אַ געוויסן גרעסערן צײַט־אָפּשניט אַ רוישיק גאַסן־לעבן מיט אַלע זײַנע טרויעריקע און אייגנאַרטיקע דער־שײַנונגען, אויב אין וואַרשעווער געטאָ איז אויך געווען אַ פאַרקריפּלט קאַפע־לעבן און, פון דער צווייטער זײַט, אַן אויסגעלאַסן נאַכט־לעבן, וואָס איז געווען, נאַטירלעך, די טרויעריקע פּריווילעגיע פון דעגענערירטע יע־כידים, האָט דאָס אַלץ אין ביאַליסטאָק נישט געהאַט קיין אָרט, אָדער איז זייער אַ קליינער מאָס; עס זײַנען טאַקע געווען אין ביאַליסטאָק עטלעכע מאָל אַנדײַטונגען פון דער אָקופּיר־מאַכט וועגן עפענען אַ קינאָ און אַ טעאַטער אין געטאָ אַפן שטייגער פון וואַרשע. אָבער דאָס איז נישט מע־קויעם געוואָרן — די ביאַליסטאָקער יידן, און זייער ראָוו מיניען ובינינען, האָבן נישט אויסגענוצט דעם דאָזיקן אָנבאָט; פון דער ערשטער רעגע אָן האָבן די ביאַליסטאָקער יידן מיט אומגעדולד געוואַרט אַף דערלייזונג און

געהאָפט, אַז זי וועט בעקאָרעוו קומען באַנאַנד מיט דער צוריקשפּאַנענדי־קער רויטער אַרמיי 4). אין אַסאַך וויכטיקערן פּאַרנעם איידער אין אַנדערע געטאָס האָט זיך דער ביאַליסטאָקער ייִדן־ראַיאָן פּאַרכלינעט און פאַרזונקען אין פאַרגעסונג־מיטלען, אין שיקרעס, זנוס, פאַרווייַלונג. אין אַ גרויסער מאָס האָבן געווירקט אַף שאַפן אַזאַ געמיט פון די ביאַליסטאָקער ייִדן די־קנאַפּע צוויי יאָר ענגע באַרירונג מיט דער סאָוויעטישער דערציונג. עס האָבן אָבער אויך נישט געפעלט אין דעם ביאַליסטאָקער געטאָ קיין דעמאָ־ראַליזירנדיקע און אַנטוואָפנדיקע פאַקטאָרן פון ייִדישן לאַגער. די דאָזיקע מענטשן האָבן געשאַפן באַ טייל ייִדן אַן אַנדער מין ספּעציפישן געמיט, וואָס האָט אויך געדאַרפט ברענגען אַ שטימונג פון „ביטאָכן״, אָבער גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער, — „ביטאָכן״ אין דעם, אַז מען וועט ווי עס איז אַריבערקומען אין די באַדינגונגען פון דער דײַטשער אָקופּאַציע, אַ „ביטאָכן״ אַ קראַנקהאַפטיקער און שעדלעכער, בעייס דער פריִער־אָנגע־צייכנטער ביטאָכן איז געווען אַ געזונטער, דאָס איז געווען אַ גלויבן אין ווידערשטאַנד אין ניצאָכן, אין צעברעכן די פאַרהאַסטע אָקופּאַציע און צוריקשטעלן די ווירדע פון מענטשן 5).

די פאָלקסטימלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער פון געטאָ האָבן געוווּסט, אַז קוידעמקאָל מוז מען פאַרפאַנצערן קעגן די שעדלעכע טעאָריעס און יע־רידע־שטימונגען די הערצער און מויכעס פון דער יוגנט. דעריבער איז איי־נע פון זייערע ערשטע זאָרגן געווען צוריק אויפצושטעלן — זאָל זײַן האַלב־לעגאַל — אַ שול־וועזן. צוויי שולן זײַנען געוואָרן טעטיק אין געטאָ — איינע אַף פאַבריק־גאַס 3, די צווייטע אַף נײַ־וועלט 24. בעראָש פון דער שול אַף פאַבריק־גאַס איז געשטאַנען דער לערער פון דער אַמאָליקער געזעלשאַפטלעכער גימנאַזיע ציפּקין. דירעקטאָר פון דער שול אַף נײַ־וועלט איז געווען אַראָנאָוויטש, דער לערער פון לאַטיין אין דער פאַר־מילכאָמעדיקער העברעיִשער גימנאַזיע. עס זײַנען אויך דערעפנט געוואָרן פאַך־קורסן אונטער דער לייטונג פונעם פעדאַגאָג שלאָסער. דעם דער־ציִערישן איניִען האָבן זיך געווידמעט די און נאָך עטלעכע פון דער ער־שטער בראַנד־סרייפע גערעטעוועטע לערער און אינסטרוקטאָרן — מוישע זאַבלודאָוויטש, שימשן בראָטמאַכער, לונסקי, אַלפּערזאָן, ברוידע, ראָזענ־

4) אַרכ׳ ייִה״אָ, נ׳ 2602.

5) מאַניע דאַווידזאָן: „דאָס לעבן אין ביאַליסטאָקער געטאָ״ („דאָס נײַע לעבן״ פון 16טן אויגוסט 1949).

בערג, באַדער, סאָניע ווײַנשטאַט, פרײַלן קאַנעל, פּלאָנסקי, גראַנאָוויטש, זעליגמאַן, פּרענסקי און אַנדערע. דער גרעסטער טייל לערער האָט גע־לערנט די קינדער לויטן סאָוויעטישן סיסטעם. אַזאַ מין לערנען האָט גע־מוזט זײַן קאָנספּיראַטיוו 6). עס איז קלאָר, אַז אַזאַ אויפן פון לערנען האָט געשטאַרקט באַ די קינדער דעם גײַסט פון אויסהאַלטן און ווידער־שטאַנד. דעם גלויבן אין דער רעטערישער מיסיע פון דער סאָוויעטישער אַרמיי.

דער אינערלעכער גראַנגל פון פאַרשיידענע שטימונגען, דער גע־פּלאָטער צווישן יִיעש און גלויבן אין ניצאָכן, איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין דעם שאַפן פון דער גרופּע ליטעראַטן, וואָס האָט זיך געפו־נען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז געבליבן אַ קליינע גרופּע ליטעראַטן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן אינאיינעם מיט די יִדישע שרײַבער פּליטים פון צענטראַל־פּוילן. די לעצ־טע זײַנען — אַדאַנק דער הילף פון די סאָוויעטישע אָרגאַנען — באַצײַטנס אַוועק אין טיף רוסלאַנד, די אַנדערע זײַנען געבליבן שטעקן באַם וואָלף צווישן די ציין.

אַזוי אַרום האָבן זיך אין געטאָ געפונען די ביאַליסטאָקער שרײַבער־טוישווים: פּייסעך קאַפּלאַן, שמואל הערשבערג, כאַים־צווי זאַבלודאָווסקי, אַווראָם טיקטין, אָשער טשאַנאָוויטש, אַרן אַלבעק, ל. פייגין, מוישע קר־ריאַנסקי, שימשן בראַטמאַכער, י. ל. שאַצקי, אַרן בערעזינסקי, יאָסעף רו־בינליכט, מוישע וויסאָצקי, מוישע בורשטין, דזשעק גאַרדאַן. עס זײַנען דאָ אויך געבליבן שטעקן די שרײַבער פּליטים זישע באַגיש, אײַזיק רוס־קאָלענקער, זבולון רײַנאָוויטש, מוישע טײַכמאַן און דער יִדישער זשור־נאַליסט פון מינסק בייניש שולמאַן.

דאָס איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע ליטעראַרישע גרופּע. פּייסעך קאַפּלאַן — פון עלטערן דאָר יִדישע שריפטשטעלער, אַ טעטיקער און פּרוכטבאַרער אַף קאָלערליי געביטן — פּובליציסטיק, פאָלקלאָר, איבער־זעצונג, מוזיק, אידעאָלאָגיש אַ פאָלקסיט. שמואל הערשבערג — איינער פון די עלטסטע יִדישע היסטאָריקער, אַ מענטש מיט קאָנסערוואַטיווע אָנשויונגען, מעכאַבער פון מאַטעריאַלן־אָנגעזעטיקטע ווערק וועגן יִדישן לעבן־שטייגער אין דער עפּאָכע פון טאַלמוד און פּאַרפאַסער פון דער גע־

---

6) ג"א פון י. ריווקינד.

שיכטע פון דער יידישער קעהילע אין ביאַליסטאָק. כאַים צווי זאַבלודאָוו־סקי, אַ זעלטענער זאַמלער פון פאַרגאַנגענעם יידישן שטייגער אין ביאַליס־טאָקער קאַנט, אַ יידיש־העברעישער כידעס־פּאַרפאַסער, אַ מענטש מיט אַ זאַפטיק פאָלקסטימלעכן לאָשן. אַווראָם טיקטין — דער אַלטער מאַסקיל. ל. פייגין, אַ טיפּ אַלטער מאַסקיל, אַ דערצויגענער אױף דער רוסישער קול־טור, לויטן זשאַנער — אַ זשורנאַליסט. שימשן בראָטמאַכער — אַ פיינער ליטעראַטור־קענער און פּרעלעגענט אױף ליטעראַרישע טעמעס. י. ל. שאַצ־קי און אַרן בערעזינסקי — פּאָפּולערע פּראָזאַיקער, נאָוועליסטן. אַרן אַל־בעק — דער אַמאָליקער סעקרעטאַר פון י. ל. פּערעץ, מעכאַבער פון אינ־טערעסאַנטע זיכרוינעס וועגן קלאַסיקער. מוישע בורשטין — פון דער יינ־גערער דיכטערישער גענעראַציע — אַ רעוואָלוציאָנערער ליריקער. דזשעק גאָרדאָן — אַן אָנפאַנגער, אַ ליריקער מיט אַ נייגונג צו עקספּרעסיאָניזם.ביידע האָבן זיי דעביוטירט אין די „ליטעראַרישע בלעטער" און מיטגע־אַרבעט דערנאָך אין „ביאַליסטאָקער שטערן". עס זיינען אויך געבליבן אין געטאָ די זשורנאַליסטן אָשער טשאַנאָוויטש, און די מיטאַרבעטער פון אַמאָ־ליקן „אונדזער לעבן" און אַנדערע לאָקאַלע אויסגאַבעס יאָסעף רובינליכט, מוישע וויסאָצקי און אַנדערע.

פון צווישן די שרייבער־פּליטים דאַרף מען קוידעמקאָל אויסרעכענען:

זישע באַגיש *) — דער באַקאַנטער יידישער דיכטער, איבערזעצער, אַרויסגעבער פון ליטעראַרישע זשורנאַלן אין רומעניע און לאָדזש. ער איז אויך געבליבן שטעקן באַם וואָלף אין די ציין. אינאיינעם מיט אים: איי־זיק רוסקאָלענקער — דער מעכאַבער פון דער ביבלישער דראַמע „ירמיהו" און פו אַ ווערק, געשריבן אין די יאָרן 1939 — 1941, אויך אױף אַ ביב־לישער טעמע — וועגן בראַק און דווירע און זייער באַפרייונגס־קאַמף קעגן סיסראַ (אין קסאַוו־יאַד); זוולן רייזנאָוויטש — אַ קענער פון לי־טעראַטור־טעאָריע, מעכאַבער פון אַ ריי שטודיעס אױף אָט דעם געביט און פון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן ראָמען ראָלאַן; מוישע טייכמאַן — דער באַקאַנטער אַרויסגעבער פון „קינדער־פריינט" און אויטאָר פון קינדער־ליטעראַטור און פון דערציילונגען מיט יידישן היסטאָריש־סאָציאַלן שטאָף; בייניש שולמאַן — געוועזענער רעדאַקטאָר פון „ביאַליסטאָקער שטערן", אַ יידיש־סאָוויעטישער זשורנאַליסט פון מינסק, אַ גוטער קענער פון ייד־

---

*) זיין עמעסער נאָמען איז געווען ב. ווייסמאַן.

דאַזיקער ליטעראַטור; אין געטאָ האָט ער די מישפּאָכע דערנערט פון שוסטערײַ, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט דאָ אין דער שווערער שאָס האַדכאָק.

צווישן אָט די אַלע פּען־מענטשן האָבן בעיעמיי האַגעטאָ געהערשט פאַרשיידענע שטימונגען. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרפלייצן דורך דער צוריק־אין־געטאָ־מיסטיק. געווען אַנדערע, וואָס האָבן ווײַטער געשאַפן, אָבער זייערע אַרבעטן זײַנען דורכגעדרונגען מיט ענדלאָזן פּעסימיזם. אייניקע האָבן זיך לאַכלוטן אָפּגערוקט פון געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַרישער טעטיקייט, און געווען אויך אַזוינע, וואָס האָבן זיך נישט אײַנגעבראָכן, נישט אָפּגעוואָרפן די פּען און זיך נישט געלאָזט פאַרפלייצן דורכן יאַם פון אויסזיכטלאָזיקייט.

ביאַליסטאָק, ווי אַ מאַסקילישע שטאָט, ווו גאָטלאָבער האָט אויסגעלעבט זײַנע לעצטע יאָרן, אויסגעיבט אַ ווירקונג און איז געבראַכט געוואָרן צו זײַן אייביקער רו, ביאַליסטאָק האָט טאָמיד געהאַט אַ פײַנע גרופּע ליטעראַטן און האָט אין די יאָרן, ווען היטלער האָט אָקופּירט וואַרשע און לאָדזש, צוגעצויגן פון דאָרטן אַסאַך אָנגעזעענע ייִדישע שרײַבער, וועלכע האָבן דאָ געשאַפן אַ וואָגיקן שעפערישן צענטער. איצט אין געטאָ, איז ביאַליסטאָק געווען אַ באַשיידענער ליטעראַרישער צענטער — ווי ווײַט די טרויעריקע באַדינגונגען האָבן דערלויבט.

נישט געקוקט אַפן געוואַלטיקן טעראָר, אַפן הונגער, אַף די צוריק־אין־געטאָ־טעאָריעס, וועלכע האָבן געקאָנט האָבן אַ באָדן דאַווקע צווישן אַ טייל אינטעליגענץ, זײַנען ס׳ראָוו שרײַבער נישט אַרײַנגעפאַלן אין ייִעש און אין וועלט־פאַרנייגונג. זיי האָבן ווײַטער געשאַפן, בישטיקע, פאַרשטעלט פאַרן אויג פון די פאַרקויפטע נעשאָמעס; זייער שאַפונג איז אָפּט געגאַנגען פון מויל צו מויל אַ — מין נײַע פאָלקס־ליטעראַטור באל פּע.

ווער אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט נישט געקאָנט דאָס ליד פון זאָקן פייסעך קאַפּלאַן, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט נאָטן אונטערן אײַנדרוק פון דעם טראַגישן שאַבעס, ווען פינף טויזנט זין און טעכטער פון ביאַליסטאָקער ייִדנטום זײַנען אַכזאָריעסדיק אַרויסגעריסן געוואָרן פון צווישן די לעבעדיקע! אין האַרצעדיקע ווערטער זינגט אויס קאַפּלאַן דעם צאַר פון אַן איידע. יעדער פּערז אין דעם ליד אָטעמט מיט דער טראַגיק פון געטאָ. אָט זײַנען די האַרציקע ווערטער:

„ריווקעלע די שאַבעסדיקע אַרבעט אין פֿאַבריק
„דרייט צונויף אַ פֿאָדעם,
„פלעכט צונויף אַ שטריק.
„אוי, דו געטאָ פינצטערע,
„דויערסט שוין צו לאַנג,
„און דאָס האַרץ אַזוי פֿאַרקלעמט,
„טוט אַזוי באַנג.

„איר געטרײַער הערשעלע איז אַוועק, ניטאָ,
„זינט פון יענעם שאַבעס, זינט פון יענער שאָ.
„איז פֿאַרטרויערט ריווקעלע,
„יאָמערט טאָג און נאַכט,
„און אַצינד באַם רעדעלע,
„זיצט זי זיך און טראַכט:

„ווו איז איצט מײַן ליבינקער, לעבט ער כאָטש נאָך ווו,
„עפשער אין קאָנצענטלאַגער,
„אַרבעט שווער אָן רו.
„אוי, ווי פינצטער איז אים דאָרט,
„ביטער איז איר דאָ,
„זינט פון יענעם שאַבעס אָן,
„זינט פון יענער שאָ”.

אין מויל פון פֿאָלק האָט מען דאָס ליד אַביסל געענדערט, צוגעגעבן דעם אַקאָרד, וואָס איז באַ קאַפּלאַנען נישט געווען — אַז ריווקעלע שפינט אַ שטריק פֿאַרן טאַליען, וואָס האָט איר מאַן דעם אומשולדיקן אומגעבראַכט 7).

דאָס ליד וועגן „ריווקעלע דער שאַבעסדיקער” איז געוואָרן אַ באַ־ליבטער מאָטיוו פון געטאָ, די מעלאָדיע, וואָס איז פֿאַרפאַסט געוואָרן דורכן זעלביקן פייסעך קאַפּלאַן, פֿאַרמאָגט אין זיך אַ שטילן, נאָגנדיקן וויי מיט אַ פֿאָרט־אויסגעשריי נאָך דעם לעכאַטכילעדיקן, וויינענדיקן

7) ג”א פון י. ריווקינד.

פיאַנאָ. נישט געקוקט אַפן מאַנגל באַ קאַפּלאַנען פון דעם קאַמף־רופנ־דיקן אַקאָרד, האָבן אַפילע אַט די שטיל־לירישע ווייכע פערזן געווירקט און געוועקט נישט בלויז אַ טרויער, נאָר אויך אַ פּראָטעסט צו די אַכזאָריעסדיקע אויסראָטער.

פייסעך קאַפּלאַן האָט אין געטאָ געלעבט פון דעם, וואָס ער האָט סטיליזירט, שפּראַכלעך אויסגעגלעטיקט די מעלדונגען פונעם יודענראַט. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט אַ צוגאַנג צו אַסאַך איניאַנים, וועלכע זײַנען געוועזן פאַרבאָרגן פאַרן ברייטערן אוילעם. אַלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט, האָט ער פאַרצייכנט, און האָט אונדז איבערגעלאָזט צוויי וויכטיקע דאָקומענטן, צוויי פּינקעסן: איינער וועגן דער געשיכטע פון יודענראַט, דער צווייטער — „כורבן ביאַליסטאָק", וועגן דער ערשטער ליקווידאַציע פון פעברואַר 1943. אויב דאָס ערשטע איז געהאַלטן אין אַ זאַכלעך־טרוקענעם, אינפאָרמאַטיוון נוסעך, הייבט זיך אָן „כורבן ביאַליסטאָק" מיט אַן אייכאַ־טאָן: „ווי נעמט מען דעם אייכאַ־קלאָגער אַפן כורבן ביאַליסטאָק?" און דער פאַרפאַסער גייט איבער צו שילדערן די גרויליקע געשעענישן, קעדיי אַ שלאָג צו טאָן באַם סאָף אין שטאַרקע אַנטיהיטלעריסטישע שלוס־אַקאָרדן, שוין גאָרנישט מײַסע „ריווקעלע די שאַבעסדיקע". דער מעכאַבער טרעט אַרויס אַפן קעגן „דעם הויפּט פון די טאַליאַנים, דעם שולדיקן אין דעם דאָזיקן מאַסן־מאָרד!" צווישן די פּינקעסן, וואָס קאַפּלאַן האָט איבערגעלאָזט, איז קענטיק אַ בוילעטער אונטערשייד. שרײַבנדיק וועגן יודענראַט, האָט קאַפּלאַן צו אים אַ מילדע און „זאַכלעכע" באַציִונג. שרײַבנדיק וועגן כורבן, קאָן ער זיך שוין נישט באַהערשן, ער רעוואָלטירט, ער איז אַנטוישט און פאַרביטערט און שרײַט אויס זײַן פּראָטעסט.

דער שוידערלעכער גוירל פון געטאָ, דאָס ווייטיקן מיט די צאָרעס פון פאָלק, האָט דעם אַלטן צעבראָכן פיזיש, אַרונטערגעריסן זײַן געזונט. בעייס דער ליקווידאַציע אין פעברואַר 1943 איז ער שוין געווען אַ כוילע מעסוקן. פרײַנט באַהאַלטן אים דעמאָלט אין סטעפּענס פאַבריק. קאַפּלאַן קאָן נישט אײַנזיצן רויִק. ער בלוטיקט פון זיך אַרויס: „ייִדן, נעקאָמע, נעקאָמע! כ'וועל עס נישט אויסהאַלטן!" 8).

דעם אַלטן קאַפּלאַן איז באַשערט געווען דאָס גליק צו שטאַרבן מיט

8) רייזנער, ז"ז 155—158.

אַ נאַטירלעכן טויט. ער איז געשטאָרבן אין דער צײַט צווישן צוויי ליק־ווידאַציעס, מען האָט אים געמאַכט אַ גרויסע לעוואַיע און מעקאַבער געווען אָפֿן נײַעם געטאָ־בייס־אוילעם אָף זשאַביע־גאַס.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט מען אַסאַך געשריבן, דעריקער פּינקעסן. אַן ענלעכע דערשײַנונג לאָזט זיך אָבסערווירן אויך אין אַנ־דערע געטאָס, עס איז צו באַוווּנדערן די ענערגיע פון הונגעריקע און און אייביק אומרויִקע מענטשן, וועלכע האָבן געשטרעבט צו פאַראייביקן די שוידערלעכע צײַט און איבערצוגעבן עס בעיערושע די ווײַטערדיקע דוירעס מיטן גלויבן, אַז היטלער וועט פאַרשפּילן, די מאַלכעס האַרישע וועט פאַלן, און דאָס יידישע פאָלק וועט אויסדויערן, דער יוישער וועט מענאַצייעך זײַן. ווען נישט אָט דער גלויבן, וואָס איז געווען אַ פאַרלייי־קענונג פון דער צוריק־אין־געטאָ־מיסטיק, וואָלט נישט געווען באַ די מענטשן קיין קויעך און קיין זין צו שרײַבן און איבערצולאָזן אַ באַ־שולדיקונג־אַקט.

אַ כויץ קאַפּלאַנען האָט געשריבן אַ טאָג־בוך אין געטאָ אַשער טשאָ־נאָוויטש, וועלכער איז געפאַלן אין דער צווייטער ליקווידאַציע 9). דאָס טאָג־בוך האָט זיך, ליידער, ביז הײַנט נישט אָפּגעפונען.

אַ פּינקעס האָט אויך געשריבן יערוכים באַכראַך, אַליין נישט קיין אָנערקענטער פּען־מענטש, אָבער אַ ייִד אַ יוידייע סייפער, אַ מאַסקיל, וואָס האָט געקאָנט האַלטן אַ פעדער אין האַנט. באַכאַראַך האָט געאַר־בעט ווי דער אַרכיוויסט פון יודענראַט. באַנאַנד מיטן מעכאַבער, וואָס איז אַוועק מיט דער ערשטער ליקווידאַציע, איז אויך פאַרלוירן געגאַנגען זײַן טאָג־בוך, וועלכן ער האָט באַוויזן ערגעץ געבן צו באַגראָבן, ער האָט נאָך באַוויזן באַם אַוועקגיין צום גיירעש איבערצוגעבן עמעצן זײַנע קסאָווים 10).

אַ טאָג־בוך פון געטאָ זאָל אויך האָבן געפירט דער פּאָפּולערער וואַרשעווער גראַפּיקער און קאַריקאַטוריסט כ. גאָלדבערג (חגי), וועלכער האָט זיך, ווי אַנדערע, געפונען אין ביאַליסטאָק. אויך אין דעם פאַל איז אומגעקומען דער פאַרפאַסער באַנאַנד מיט זײַן כיבער 11).

---

9) נ"א פון ש. גרינשטיין.

10) נ"א פון ז. קאַלעשניקאָוו. לויט אַ געוויכער סוואַרע, זאָל יערוכעם באַכראַך האָבן אַרויסגעגעבן אַ פּוילישער פרוי צו באַהאַלטן זײַן אַרכיוו.

11) רייזנער, ז' 139.

אַ כראָניק וועגן די קריגס־אָפּעראַציעס און די העלדישע קאַמפן פון דער רויטער אַרמיי האָט בישטיקע געשריבן דער זשורנאַליסט מוי־שע וויסאָצקי, אַמאָליקער רעדאַקטאָר פון „ביאַליסטאָקער שטימע", וועלכער האָט געלעבט אין געטאָ אין גרויס נויט. אויך די דאָזיקע כראָ־ניק איז נישט דערגאַנגען ביז אונדזערע טעג 12).

אינעם פאַרגעפיל, אַז אַ גאַנץ לעבן ווערט פאַרשניטן, האָבן יידן גע־שטרעבט צו פאַרפעסטיקן אין קסאַוו די פאַרגייענדיקע עפּאָכע. אַזוי האָט דער אַלטער אַסקן יעהושע העשל קלעמענטיקאָווסקי געשריבן מעמואַרן פון זיין לעבן — און אויך דאָס איז אַוועק מיטן פייער! 13).

נישט פעסטגעשטעלט ביז איצט איז דער נאָמען פונעם מעכאַבער פון דער 16זייטיקער אַרבעט „צו דער געשיכטע פון די ביאַליסטאָקער יידן אין דער צייט פון דייטש־סאָוויעטישן קריג", וועלכע איז געפונען געוואָרן צווישן די אויסגעגראָבענע מאַטעריאַלן פונעם יודענראַט־אַר־כיוו 14). די אַרבעט פאַרנעמט זיך קוידעמקאָל מיט עקאָנאָמישע פראַגן פון געטאָ־לעבן, אָבער אַף אַ ריי זייטן ברענגט זי אַרויס שטעלונגען פון מעכאַבער און פון דער געטאָ־מאַסע. די אַרבעט איז געשריבן אין אַ שיי־נער ליטעראַרישער פאָרם, אין אַ דיאַלעקט פון ביאַליסטאָקער פּראָווינץ. דער מעכאַבער איז — ווי עס דרינגט אַרויס פון טעקסט — נישט קיין טוישעוו פון דער שטאָט ביאַליסטאָק. געשריבן איז די זאַך געוואָרן אין כוידעש אַפּריל 1943 15).

דער מעכאַבער פאַלט אָפּט אַריין אין אַ ייִעש־שטימונג: פאַר ווע־מען שרייבט ער, בעייס אַלץ איז פאַרמישפּעט אַף אומקום. אָבער עס איז גויוועער דער גלויבן אין דער צוקונפט, אין ענדגילטיקן זיג איבערן היט־לעריזם; עס קלינגט מאַמעש נעוויאיש אַזעלכע ווערטער:

„ווער ווייס, עפשער וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווען אונדזערע איצ־טיקע שטום־פאַרשעמטע ריזן־בייס־אוילעמס וועלן אָנהייבן ריידן... עפּ־שער וועט קומען אַ נייער יירמעיאָהו, וועלכער וועט פאַר גאָט און וועלט פונאַנדערוויקלען די שוידערלעכסטע מעגילע פון מענטשלעכער רישעס

---

12) רייזנער, ז"ז 61, 130, 157.
13) קלעמענטינאָווסקי — דאַרטן.
14) אַרכ' ייה"א, נ' 1941.
15) דאַרטן, ז' 13—14.

און טראַגיק, די גרעסטע טראַגעדיע, וועלכע די וועלט האָט ווען עס איז געזען ?

עפשער וועלן אַף די קוואָרים פון אונדזערע קדושים אַמאָל פאַרבייגן די קעפּ מיט עמעסן טרויער און פײַן יענע פעלקער, וואָס זייערע פאַרברעכערישע זין און פירער האָבן צוגעלייגט אַ האַנט צו אונדזער פאַרניכטונג ?"

דער מעכאַבער פאַלט ווידער אַרײַן אין יִיעש און רופט אויס : „נאַיִווע מאַכשאָוועס ! ... אַ פאַרפײַניקטער יִיעש־געפיל פרעסט קעסיידער דאָס האַרץ ... אָבער דערנאָך קומט ווידער אויף באַ אים דער באַוווסטזײַן פון דער נייטיקייט צו פאַרשרײַבן אַלץ ,קעדיי עס איבערגעבן די קינפטיקע דורירעס, וועלכע וועלן זײַן געוויס פרײַ, וואָרעם : „מען טאָר אונדזער גרויליקע געשיכטע נישט פאַרשווײַגן, מען טאָר נישט לאָזן אַראָפּזינקען אין טהאָם פון פאַרגעסנקייט אונדזער בלוט און טרערן. מיר מוזן אויפדעקן אונדזער טראַגעדיע אין איר גאַנצער קאָנקרעטער גרוילקייט, אין איר גאַנצער בלוטיקער פילפאַרביקייט. אַלץ פאָדערט אַ זייכער. אונדזער פאָלק האָט שטענדיק געזאַמלט און אויפגעהיט זײַנע פאַרגאַסענע טרערן אין אַ געשיכטלעכן לאָגל". און דער מעכאַבער וואָרפט פאָר דעם יודענראַט, פאַרוואָס זיי פאַרנעמען זיך נישט מיט זאַמלען דאָקומענטן פון גרויל 16).

צו דער פינקעסן־ליטעראַטור פון ביאַליסטאָקער געטאָ דאַרף אויך פאַררעכנט ווערן די קורצע אַרבעט פון מ. קין : „די שטימונג אין געטאָ". וועלכע איז אויך געפונען געוואָרן צווישן די אויסגעגראָבענע מאַטעריאַלן 17). עס איז אַ סוואָרע, אַז מ. קין איז נישט קיין עמעסער נאָמען, נאָר אַ פסעוודאָנים פונעם פאַרפאַסער, וועלכער זאָל אַמאָל האָבן געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער יִידישער סאָציאַליסטישער פרעסע אין פוילן. אין אַ פײַנער ליטעראַרישער שפּראַך שילדערט מ. קין די שטימונגען פון די געטאָ־יִידן אין דער צײַט נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע ; דער מעכאַבער פאַרצייכנט די שטימונג ווי פון טויט־פאַראורטיילטע; קיין ווידערשטאַנד־טאָן איז אין מ. קינס כראָניק נישטאָ.

מ. קין שילדערט צווישן אַנדערן דעם אומקום פון אַלטן יִידישן היסטאָריקער א. ש. הערשבערג.

---

16) דאַרטן, ז' 4—5.

17) אַרכ' יִ.ה"א, נ' 1465.

אף א בוידעם־שטיבל אף געלדאווע־גאס איז געלעגן דער זאקן, דער אלטער יידישער היסטאריקער און רעדאקטאר פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין ביאליסטאק א. ש. הערשבערג. די לעצטע כאדא־שים און טעג פון זיין מיזאמען לעבן האט ער געווידמעט אף פארענדיקן בעכיפאזן זיינע זיכרוינעס, וואס האבן געדארפט ברענגען צום אויס־דרוק א גרויסע טקופע אין דער געשיכטע פון פאלק. ער האט פלייסיק געארבעט אן ארומגעלייגטער מיט דיקע קסאוו יאדן, וואס האבן אומ־זיסט געווארט אף זייער טיקן, אף א פארלעגער, צווישן זיי — די גע־שיכטע פון די יידן אין ביאליסטאק, די געשיכטע, וואס האט געהאט אזא טראגישן פינאל.

דער אלט־טשקער האט שוין דעמאלט געהאט 85 יאר.

דער סאף פון שמועל הערשבערגס וואנדערונג איז געווען א טרא־גישער. אט ווי עס שילדערט דעם לעצטן וועג פון אט דעם גרייז־גראען יידישן היסטאריקער א יידישער פאליציאנט, וועלכער האט זיך באטייל־ליקט אין דורכפירן די ערשטע ליקווידאציע פון דער ביאליסטאקער איי־דע אנהייב פעברואר 1943:

„די מענטשן־ראקערס זיינען אריין צום זאקן, געהייסן אים זיך אנ־טאן און גיין מיט זיי. איינער פרעגט אים זיין באשעפטיקונג. הערשבערג ענטפערט: א שריפטשטעלער. א צווייטער הענקער שטעלט די פראגע, וואס ער שרייבט. אף דעם גיט הערשבערג א שטאלצן ענטפער: „דו ביסט צו דום, זאלסט עס קאנען פארשטיין". האט מען אים אנגעהויבן שלאגן.

„הערשבערגס טאכטער האט זיך אפגעזאגט צו גיין, און געפאדערט מען זאל זיי אפן ארט דערשיסן, אדער הענגען, איז צוגעגאנגען א רא־קער, ארויפגעווארפן א שלייף און אזוי ארויסגעשלעפט די טאכטער מיטן אלטן אף דער גאס. נעבן דער יודענראט־פאבריק אף קופיעצקע 48 ראג יורזאווער האט מען אלעמען אויסגעשטעלט. הערשבערג, אן אפגע־שוואכטער פון אלטקייט און פון דער אדורכגעמאכטער שווערער לונגען־אנצינדונג, איז אנידערגעפאלן אף דער ערד. ער איז געבליבן ליגן אפן ברוק, איבערן רינשטאק. די טאכטער איז געווען מיט אים. בעייס מען האט געבראכט נאך קארבאנעס האט מען אנגעהויבן צונויפדריקן די מענטשן. הערשבערג, וועלכן מ'האט געהאט אויפגעהויבן, האט זיך צו־

נויפגעקאָרטשעט צו פאַרנעמען ווייניקער פּלאַץ. מ׳האָט אים צו דער באַן אָפּגעפירט אַף אַ פור 17א).

אויך א. ש. הערשבערגס קסאָווים זײַנען געבליבן ערגעץ אונטער דער ערד, אונטער די כורוועס פון געלדאָוו־גאַס נומער 7. דאָרטן זאָל עמעצער זיי האָבן באַגראָבן 18).

דער צווייטער זאַקן, דער אַלטער מאַסקיל און פאָלקלאָריסט כאַיִם צווי זאַבלודאָווסקי האָט זיך געשלעפּט איבער די פאַרוואָרלאָזטע געטאָ־געסלעך. ער האָט ווײַטער געשפּרודלט מיט ווערטלעך און פאָלקס־מײַסעס — אַף גײַע טעמעס. יעדער ווערטל — אַ שטאָך אין דעם דײַטש, אין זײַנע יוצער מעשאָרסים. אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען אַ לעבעדיקער מעס, ביז די צווייטע ליקווידאַציע האָט אַ סאָף געמאַכט צו זײַן לעבן 19).

און זאָל שוין דאָ דערמאָנט ווערן אַ צווייטער זאַבלודאָווסקי, אויך אַ זאַקן און אויך מיט אַ קינסטלערישער נעשאָמע, פּונקט ווי דער ער־שטער אַן אייגנאַרטיקע געשטאַלט פון ביאַליסטאָקער קולטור־וועלט — אַלטער זאַבלודאָווסקי, דער פּאָפּולערער און אייגנאַרטיקער לייענער־אינטערפּרעטאַטאָר פון שאָלעם־אַלייכעמען. ער האָט זיך באַוועגט איבער פאַרכּישעפטע געסלעך פון געטאָ ווי אַ שטיק לעבעדיקע מאַנונג און רוף צו אויסדויער און נעקאָמע. אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, מיט אַ טעפּל נאָך אַביסל געקעכטס איז ער געשטאַנען אין דער ריי און נישט געשוויגן, נאָר דערציילט וועגן דעסאַנטן, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ אין רוקן פון די דײַטשע כאַיאָלעס, וועגן רויטע דיוויזיעס, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דער נאָענט — יעדיעס, אויסגעכאָלעמטע אין זײַן פאַנטאַזיע, אָבער לעבן־נייטיקע פאַרן נידערגעשלאָגענעם פאָלק.

אוועק איז ער מיטן אומקום־שטראָם פון דער צווייטער ליקווידאַציע 20).

דערהויבן זײַנען געווען די לעצטע טריט פון דעם דיכטער זישע באַגיש.

אוועקגענומען האָט מען אים בעיס דער ערשטער פאַרטיליקונג־אַקציע, אַרויסגעריסן פון געטאָ און אָפּגעשיקט אין אַ לאַגער. און אַט איז

---

17א) אַרכ׳ יִה״א, פּראָט׳ נ׳ 2119.

18) נ״א פון ש. גרינשטיין.

19) דאָרטן.

20) דאָרטן.

זײַן לעצטער מענטשלעכער אויפטו און אַליין־קאָרבן, ווי עס דערציילט אַן אייד ריִע:

„דער ביאַליסטאָקער יונגערמאַן סאָקאָלאָוויטש, וועלכער האָט גע־זאָלט אָפּגעפירט ווערן אין גאַז־קאַמער, איז אַרומגעלאָפן ווי אַ מעשוגענער הין און צוריק איבערן באַראַק. דער באַקאַנטער שרײַבער זישע באַגיש, דערזעענדיק סאָקאָלאָוויטשן אין אַזאַ מאַצעוו, האָט אים צוגע־דופן און מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט: „דו ביזט נאָך יונג און גע־זונטער פון מיר, איך בין שוין שוואַך און וועל דעם גיהנום נישט אויסהאַלטן, וועל איך דיר געבן אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך. איך וועל מיט אַ פרײַערן געמיט גיין אַנשטאָט דיר אין גאַז־קאַמער, אין דעם באַוווסטזײַן, אַז דורך מײַן קאָרבן ראַטעווע איך אַ צווייטן ייִד". סאָקאָ־לאָוויטש האָט באַגישן קיין טשוווע נישט געגעבן און מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ אַוועק אַף זײַן נאַרע. באַנאַכט, ווען מען האָט אָנגעהויבן אַרויספירן פון בלאָק די קאָרבאָנעס וואָס דאַרפן גיין צו פאַרגאַזונג, גייט־צו באַגיש צו סאָקאָלאָוויטשן, געזעגנט זיך מיט אים, ווינטשט אים צו דערלעבן די באַפרײַונג און — גייט אַוועק מיט דער גרופּע" 21).

די יונגע דיכטער, וואָס זיי איז באַשערט געווען נאָך בלײַבן אַ גע־וויסע צײַט אין געטאָ נאָכן אַרויספירן זייער עלטערן כּאוור, זײַנען גע־ווען באַקאַנט אין די ייִדישע קולטור־קרײַזן מיט נײַע לידער, געשאַפענע אין דער צײַט פון גרויל. ליידער איז צו אונדז אין אַ געשריבענער פאָרעם נישט דערגאַנגען קיין איין ליד פון דער שרײַבערישער יוגנט. מיר קאָ־נען זיך שאַפן אַ שטיקל בילד נאָר פון דערציילונגען פון איידיי ריִע, וועלכע געדענקען אָפּט אַף אויסווייניק פראַגמענטן פון יענע ליטעראַ־רישע שאַפונגען.

אין די יוגנט־רייען זײַנען געווען באַקאַנט די צוויי ווילנער ברידער־לייבל און קאָפּל ווײַנשטיין, דער ערשטער אַ דיכטער, דער צווייטער אַ מוזיקער. לייבל ווײַנשטיינס מאָטיוון זײַנען געווען אַ געמיש פון טרויער און גלויבן; אין אַ ריי לידער האָט ער גערופן צום קאַמף און אויך גע־שפּינט אַ וויזיע פון צוקונפט. ער האָט אויך געשריבן טאָג־נאָטיצן און געזאַמלט מאַטעריאַלן פאַר אַן אָקופּאַציע־אַרכיוו. קאָפּל ווײַנשטיין האָט געשריבן מוזיק צו זײַן ברודערס מאָטיוון, צווישן אַנדערע אַ מאַרש צום

---

21) רייזנער ז"ז 270—271.

מאָטיוו „סטאַלינגראַד". לייבל ווײַנשטיין איז אומגעקומען אין וואַלד, געפאַלן אין פּאַרטיזאַנישן קאַמף 22).

שעפעריש איז געווען דער לירִיקער מוישע („שלוימקע") בורשטין. בורשטין, אַן אַרבעטער בען אַרבעטער, אַ שטעפּער פון פאַך, אַ קאָמיר־גישער אַקטיוויסט פון פאַר דער מילכאָמע און אַ טעטיקער אין דער אַנטי־פאַשיסטישער אונטערערדישער באַוועגונג אין געטאָ, איז געווען באַשאָנקען מיט אַן עכטער פּאָעטישער נאַטור. זײַן טאַלאַנט האָט אויפגעגלאַנצט אין דער סאָוויעטישער טקופע פון ביאַליסטאָק, ער האָט דעמאָלט אַסאַך געשריבן און געדרוקט. ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער לירִיקער. אין דער געטאָ־צײַט האָט ער אַסאַך געשריבן. זײַנע לידער האָבן אויסגעדריקט די שטימונג פון געטאָ. אין טאָג־טעגלעכן לעבן איז ער געווען אַקטיוו, זײַן דירע אַף טשעפּלע איז געווען אַ טרעף־פּונקט פון די־ קאָנספּיראַטיווע קאָמוניסטישע טוער, וועלכע האָבן קריטיקירט בורשטינס יִיעש־מאָטיוו אין זײַן נײַסטער דיכטונג 23).

אַז אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז געווען אַ ליטעראַריש לעבן, זאָגט איידעס כאָטשבי דער פאַקט, וואָס עס זײַנען אויפגעקומען נײַע טאַלאַנטן און וואָס מ'האָט אַף קרײַזלעך געלייענט זייערע שאַפונגען. אַ נײַ געוויקס איז געווען דער יונגער הערשל פלוימענבוים, ער האָט געשריבן בונטאַרע לידער, געשאַפן מאָטיוון פון קאַמף און עס אָפט פאָרגעלייענט פאַר כאַוויירים. עס איז באַ אָט דעם דיכטער־אָנפאַנגער נישט געווען קיין ווידערשפּרוך צווישן אייגענעם פּאָעטישן מאָטיוו און אייגענע מײַסים. ער האָט זיך באַטייליקט אינעם אויפשטאַנד און איז געפאַלן אין קאַמף 24).

אַן אייד ריִע 25) גיט אויך איבער וועגן אַ יונגן דיכטער פון ביאַליסטאָקער געטאָ שלוימע בורשטיין. לויטן אייד ריִע האָט ער אַרײַנגעפירט טרייסט אין די הערצער פון זײַנע אכים לעצאָרע אין געטאָ און דערנאָך אין בליזשינער לאַגער מיט זײַנע טרעפלעכע און שאַרפע אַנטי־דײַטשע סאַטירעס און לידער וועגן דער באַפרײַערישער ראָל פון דער רויטער אַרמיי. גרויס פרייד האָט באַ זײַנע צוהערער אַרויסגערופן דאָס פאָלקסטימלעכע ליד „כאַשע־לייע", ווו שלוימע בורשטיין האָט זיך באַ־

22) גראָסמאַן ז' 107 און 374; אויך: ג"א פון קאַלמען באַראַקין.
23) ג"א פון מ. בוד.
24) ג"א פון אַ. אַסאַוויצקי און ב. שאַצמאַן.
25) ג"א פון לערער מוישע קוואַטער.

מיט צוריקאויפשטעלן אין פערזן דעם אָקערשט פאַרשניטענעם שטייגער, דעם ווײַבערישן מײַנע־לאָשן און פאָלקס־ביטאָכן. דער יונגער סאַטיריקער איז אומגעקומען אין לאַגער.

עס קאָן זײַן, אַז דאָס מיינט דער אייד ריזע דעם פריִער דערמאָנטן מוישע בורשטין.

וועגן דעם לעבן און די שאַפונגען פון אַנדערע שרײַבער געטאָ־אַסורים אײַזיק רוסקאַלענקער, מוישע טײַכמאַן, זוולן רײַנאָוויטש איז נישט באַוווסט. עס איז נעלעם געוואָרן נאָך זיי יעדער שפור, און עס איז אויך גאָרנישט געבליבן נאָך זייער לעצטן שרײַבערישן פּיירעק.

צו די שאַפונגען פון געטאָ־אונטערערד דאַרף מען אויך פאַררעכענען די הייס־בלוטיק געשריבענע כראָניק־נאָטיצן פון מאָרדכע טענענבוים־טאַמאַראָף, וועלכע דערהייבן זיך אָפטמאָל צו קינסטלעריש־אויסגעדריקטן מאַטעריאַל. אַ קינסטלערישע נעשאָמע פילט זיך אויך אין די שריפטן פון דער יונגער ציפּוירע בירמאַן. די קסאָווים פון אָט די צוויי האָבן געהאָט מער מאַזל ווי ווײַנשטיינס, בורשטינס, פלוימענבוימס און זײַנען דערגאַנגען צו אונדז.

עס וועט נאָך ווײַטער אויסקומען ציטירן טענענבוימען און בירמאַן און צו באַקענען מיט דעם אָטעם פון זייער אַרט שרײַבן און אינהאַלט פון זייערע ליטעראַרישע צאַוואָעס 26).

* * *

עס האָט אין ביאַליסטאָקער געטאָ געלעבט אַ גרעסערע גרופּע טאַלענטירטע ייִדישע קינסטלער־פּלאַסטיקער, אָרטיקע און פּליטים פון וואַרשע און לאָדזש. צי האָבן זיי געקאָנט אין דעם געטאָ־טהאָם פירן אַ שטיקל קינסטלערישע טעטיקייט ? עס איז דאָ בלויז איין שפור, עטלעכע בילדער פון דער מאָלערן סטאַניסלאַוואַ צענטנערשווער 27), אָבער עס איז שווער צו זאָגן אַף דעם סמאַך, אַז אַ קינסטלעריש לעבן איז דאָרטן

26) אין די אויסגעגראַבענע מאַטעריאַלן פון ביאַליסטאָקער אַרכיוו געפינט זיך אַ צעטעלע מיט אַן אויפשריפט וועגן דעם, אַז דער אַדוואָקאַט ווינצענטי פּירשטענבערג האָט איבערגעלאָזט אַ מאָנאָגראַפיע וועגן גראָדנער געטאָ אַף 240 זײַטן מאַשין־שריפט; די מאָנאָגראַפיע איז געשריבן געוואָרן בײַ דער מיטהילף פון ה. ברוידע און זאָל זיך געפינען בײַ אַ געוויסן ניעמטשענאָוויטש אין גראָדנע (אַרכ׳ יִיה״א, נ׳ 173).

27) די דאָזיקע בילדער שטאַמען אָבער, ווײַזט אויס, פון דער ערשטער העלפט 1941

יאָ געוועזן. די פּלאַסטיקער־גרופּע פון ביאַליסטאָקער געטאָ איז אומגע־קומען אינאיינעם מיט אַלע ייִדן. דאָס זײַנען:

די ברידער עפראַים און מענאַשע זײַדענבײַטל, אַווראַם און גינע פרידמאַן, ייִצכאָק קשעטשאַנאָווסקי, נאַטאַליע לאַנדוי, כאַים טיבער, ראַל־ניצקי, זיגמונט האַבער, ראַזאַנעצקי, סטאַניסלאַווא צענטנערשווער, די ברידער שאַפּראַן, מאַן, באַרענשטיין, די ברידער ציטרין, כאַים אוריסאָן, שלוימע ביאַלאגויסע, מאַלע בירענצווײַג *), די סקולפּטאָרן — מעסער און אַווראַם סקורניק, די גראַפיקער טינאָוויצקי, כ. גאָלדבערג 28), ראַ־פּאַפּאָרט (אַ געשמאַדטער) דער קונסט־קריטיקער סטראַקון 29).

עטלעכע פון די קינסטלער האָבן זיך אויסגעצייכנט ווי קעמפער אין די פּאַרטיזאַנישע רייען: דער האַלק־שניצער זאַלמען כאַלעף, אַווראַם סקורניק, סמוגלאַ. די אַנדערע זײַנען אַוועק מיט די טויזנטער מאַרטירער צום טויט.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אויך געווען דער לאָדזשער פּראָגרע־סיווער רעזשיסער גרישאַ סעגאַלאָוויטש, דער אינסצעניזאַטאָר פון וואַנדאַ וואַשילעווסקאַס בוך „אַבליטשע דניאַ" 30).

דאָס געטאָ האָט געזונגען נישט בלויז לידער פון באַקאַנטע, קוואַ־ליפיצירטע דיכטער. דעם געטאָ־טרויער און פּראָטעסט האָבן אויסגעזונ־גען אויך פּאַשעטע ייִדישע פאָלקס־מענטשן אין פּראָסטע, אָפטמאָל אומ־געלומפּערטע, האַמעטנע, ווײַט נישט פּאָעטישע פערזן, וואָס האָבן אָבער געשטראָמט פון טיפן האַרצן און האָבן אויסגעדריקט נישט בלויז די בייזע צײַט, נאָר אויך די שטימונגען פון פאָלק.

אין די דאָזיקע פאָלקס־לידער זינגט זיך וועגן די כאַפּערײַען פון דעם אויסוווּרף פרידעל („גיי מײַן קינד שלאָפן") 31); עס ווערט אויך גע־שילדערט דאָס טרויעריקע לעבן אין געטאָ און עס ווערן אַטאַקירט די נײַע יודענראַטישע און פּאָליציישע טאַקיפים:

*) ג"א פון ייִצכאָק צעלניקער, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' 4995.
28) גאָלדבערג־חגי האָט געלעבט פון דעם, וואָס ער האָט גראַפיש אויסגע־פּאַרטיקט מעלדונגען פונעם יודענראַט, וועלכע האָט אין זײַן רעשוס קיין דרוקערײַ נישט געהאַט.
29) אינפאָרמאַציע פון קינסטלער פּאַצאַנאָווסקי א"א.
30) ג"א פון קוציקעוויטש, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 2120.
31) אַרכ' ייִה"א, נ' 74/47.

„אוי, פרויען לויפן פון דער אַרבעט,
גייען אין יודענראַט אַרײַן,
און זיי פרעגן אַף די „שאַבעסדיקע״ מענער,
ווען וועלן זיי שוין זײַן...

„מארקוס האָט געהאַט פאַבריקן,
געווען איז ער אַ פאַבריקאַנט,
און ווי דער דײַטש איז געקומען
געוואָרן איז ער אַ געטאָ־קאָמענדאַנט״.
(„אין ביאַליסטאָקער געטאָ״) 32).

דאָס פאָלק האָט געשאַפן צו די אייגענע לידער מעלאָדיעס, ס׳ראָוו באַקאַנטע ניגונים פון סאָוויעטישע געזאַנגען. אַזוי האָט מען די מעלאָדיע פון „נאַ ריבאַלקע״ צוגעפּאַסט צום ליד „אַ גאָלדענע צײַט״. אָט זײַנען עטלעכע פראַגמענטן:
ליד, געזונגען אין ביאַליסטאָקער געטאָ אַף דער מעלאָדיע פון סאָוויעטישן ליד „נאַ ריבאַלקע״ איבערגעגעבן דורך בערל דזבאַנעק 33).

מיר האַלטן אַלע אויך אין זיקאָרן,
אין געטאָ איז אַ קאָמיסיע אַרײַנגעפאָרן,
טשיכאַ שאַ, טשיכאַ שאַ,
אָרדענונגס־דינסט באַווײַזט צאַ טאַ יאַ.

רעפריין:

אוי, אוי, אוי,
אַ גאָלדענע צײַט,
די יעשועה איז שוין אויכעט ניט ווײַט,
ברידערלעך, נישט געפאַלן זײַט,
ס׳וועט נאָך זײַן אַל־רײַט.

מיר אַרבעטן אין געטאָ־בעטריבן
מיר נייען און מיר צירעווען, מיר נייען און מיר שטריקן,

32) אַרכ׳ יי״ה״א נ׳ 73/47.
33) אַרכ׳ יי״ה״א, נ׳ 72/47.

און אַ פּוטיאַווקע שרײַבט מען אונדז אויס,
נאָך טרעבלינקע שיקט מען אונדז אַרויס.

רעפריין:

דאַנערשטיק אינדערפרי גיי איך מיר אַרויס פון געטאָ,
איך גיב אַ קוק ווי יעדער איינער טראָגט זיך אַ פּעקל,
פרעג איך אים: וואָס פאַר אַ געדרודער,
ענטפערט מען מיר: פאַרשטעק זיך, גוטער ברודער.

רעפריין:

פרײַטיק אינדערפרי, ווען די באַנדיטן זײַנען אַרײַנגעקומען,
און זיי האָבן אַלע ייִדן נאָך אוישוויץ צוגענומען,
און דער יודענראַט האָט אונדז געגעבן צו ברויט
און מען האָט אונדז אַלעמען אַוועקגעפירט צום טויט.

שטאַרק פּאָפּולער איז געווען דאָס ליד וועגן דעם אַוואַדעס־פערעד־לאַ־גער אין דעם הינטערשטאַטישן גוט פון היטלערישן גענעראַל העללוויינג — מאַרקאָוויטשינע. דאָס ליד האָט זיך — טראָץ דעם טרויעריקן מאָטיוו — פאַרענדיקט מיט אַ האָפענונג־אַקאָרד. דאָס ליד איז געשאַפן געוואָרן וואַרשיינלעך דורך דעם לערער צוקערמאַן אין יוני 1943 (34).

עס זײַנען אין מויל פון פאָלק געבוירן געוואָרן לידער אויך אין דער פּוילישער שפּראַך, לידער קעגן די יודענראַטלער, סאַטירישע מאָטיוון, וואָס האָבן דערציילט וועגן דעם זנוס און אויסגעלאַסנקייט פון די „שטאָט־טאַטעס", לידער וועגן גורל פון ייִדישן פאָלק, וועגן דער רויטער אַרמיי.

נישט געקוקט אָפן טרויער־טאָן, וואָס ליגט אין אָט די אַלע פאָלקס־מאָטיוון, שלאָגט זיך פונדעסטוועגן אַדורך אין זיי דער געפיל פון גלויבן און פון אויסדויער.

---

34) ג"א פון אניע ווינציגשטערן, ארכ' יוה"א, פראט' נ' 1973.

אָט דער געפיל האָט אין געטאָ באַקומען אַ מאַמאָשעסדיקן אויס־דרוק און אַ טיקן — אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע איז אויפ־געקומען קימאַט צוזאַמען מיטן אַנטשטיין פון געטאָ. אינאייינעם מיט אָט דער צוואַנג־איזאָלאַציע פון ייִדן פון דער אַרומיקער וועלט איז אויפ־געקומען די שטרעבונג צו באַקעמפן דעם אָנגעוואָרפענעם טכום, די שטרעבונג קעגנצושטעלן זיך סײַ דעם פאַשיזם, סײַ דעם גײַסט פון ייִר־דענראַט.

## קאַפּיטל איינס

# די פּיאָנערן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג

די ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס איז אויפגעקומען אין ביאַליס־טאָקער געטאָ, איז געווען אַ טייל פון דער גאַנצער קאַמף־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבן אין די אָקופּירטע געביטן אָפן רוף פון דעם פירער פון דער גרויסער פּאַטריאָטישער מילכאָמע קעגן דעם דײַטש־פאַשיסטישן אָרײַנדרינגער — פון יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין.

אין זײַן ערשטן אַרויסטריט נאָכן אָנפאַל פון דער היטלעריסטישער אַרמיי אָפן ראַטנפאַרבאַנד, אין זײַן באַרימטער ראַדיאָ־רעדע דעם דריטן יולי 1941, האָט סטאַלין געווענדעט די ווײַטערדיקע ווערטער צו די אַנ־טיפאַשיסטישע עלעמענטן אין די פאַרכאַפּטע דורכן סוינע ראַיאָנען:

„אין די פאַרנומענע דורך דעם סוינע ראַיאָנען דאַרף מען שאַפן פאַר־טיזאַנישע אָפּטיילונגען פון רײַטער און פוס־גייער, אָרגאַניזירן דיווער־סיע גרופּעס צום קאַמף קעגן די פאַרמאַציעס פון דער פײַנטלעכער אַרמיי, צום אויפפלאַקערן אומעטום אַ פאַרטיזאַנישע מילכאָמע, אויפצורײַסן בריקן און צו צעשטערן וועגן, קאַליע צו מאַכן די טעלעפאָנישע און טע־לעגראַפישע קאָמוניקאַציעס, אונטערצוצינדן וועלדער, מאַגאַזינען און לאַ־גערן. אין די פאַרכאַפּטע דורכן סוינע ראַיאָנען דאַרף מען שאַפן פאַר אים און פאַר זײַנע באַהעלפער אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען, רוידעפן און אויסראָטן זיי אויף יעדן שריט, צונישט־מאַכן אַלע זייערע אונטער־נעמונגען" 1).

1) י. סטאַלין: „וועגן דער גרויסער פּאַטעלענדישער מילכאָמע פון ראַטנ־פאַרבאַנד", פאַרלאַג „פּראַסאַ וואַיסקאָוואַ" (פּויליש), ז' 11.

דעם דאָזיקן קאָנקרעטן האַנדלונג־פּראָגראַם פון דעם פירער פון ראַטנפאַרבאַנד האָבן אויפגענומען נישט בלויז די סאָוויעטישע פּאַטריאָטן פון די צײַטווײַליק אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן, נאָר אויך די פרײַהייט־ליבנדיקע עלעמענטן פון אַלע אַנדערע דורכן היטלעריזם אונטערייאָכטע פעלקער אין אייראָפּע.

ביאַליסטאָק ליגט נאָענט צו די ווײַסרוסישע געביטן, אין וועלכע די אונטערערדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז אויפגעקומען באַלד אין די ערשטע וואָכן פון דעם דײַטש־פאַשיסטישן אָנפאַל. אין ווײַסרוסלאַנד איז די פּאַטריאָטיש־אַנטיפאַשיסטישע באַוועגונג פון ערשטן מאָמענט אָן אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) פון ווײַסרוסלאַנד אַף די אָנווײַזונגען פון יאָסיף סטאַלין 2). שוין דעם 26טן יוני 1941 זײַנען פון מאָהילעוו, ווו עס האָט זיך נאָך געפונען די סאָוויעטישע מאַכט, אַרויסגעשיקט געוואָרן אינעם סוינעם הינטערלאַנד די ערשטע פערצן פּאַרטיזאַנישע גרופּעס 3). אין יולי 1941 זײַנען שוין פאַראַן אונטערערדישע פּאַטריאָטישע קרײַזן און פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן אין סלוצקער ראַיאָן, אין אויגוסט 1941 — אין אַלע אַנדערע ראַיאָנען פון מינסקער געגנט 4). פון דאַנען רוקט זיך די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אַלץ מער אַף מערעוו און אַף דאָרעם. אַרום 15טן אויגוסט 1941 ווירקן שוין אַפן געביט פון פּינסקער געגנט זיבן פּאַרטיזאַנישע גרופּעס 5). סאָף אויגוסט 1941 זײַנען שוין טעטיק אין מאָלאָדעטשנער געגנט די פּיאָנערן פון ווידערשטאַנד בעראָש מיטן דעפּוטאַט פּיאָדאָר מאַרקאָוו, אַ געוועזענער פּאָליטאַרעסטירטער פון קאַפּיטאַליסטישן פּוילן 6). אין סעפּטעמבער 1941 ווירקן שוין אין בריסקער געגנט שטאָטישע און פּאַרטיזאַנישע גרופּעס 7). סאָף זומער 1941 אָפּערירן שוין אין גראָדנער געגנט, וועלכע ליגט האַרט נעבן דער ביאַליסטאָקער, זיבן פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, צווישן אַנדערע די מאַכנע פון אָפּאַ־

2) צאַנאַווא, ז׳ 20.
3) דאַרטן, ז׳ 44.
4) דאַרטן. ז״ז 60—61.
5) דאַרטן, ז׳ 142.
6) דאַרטן, ז׳ 189.
7) דאַרטן, ז׳ 199.

נאָסעוויטש וועלכער ווירקט אין די מערעוו־טיילן פון גראָדנער געגנט און גייט שפּעטער אַריבער אין די ביאַליסטאָקער וועלדער 8).

מיט דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג פירן אָן די אונטערערדישע אָר־גאַניזאַציעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווײַסרוסלאַנד, וועלכע שאַפט צוגלײַך מיט די פּאַרטיזאַנישע מאַכנעס אויך אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס אין די שטעט. אַזעלכע אונטערערדישע אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס אַנטשטייען אין בריסק, באַראַנאָוויטש, סלאָנים, וואָלקאָ־וויסק, סוויסלאָטש, סקידל 9). „די אַנטיפאַשיסטישע קאָמיטעטן — שרײַבט דער היסטאָריקער פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין ווײַסרוסלאַנד ל. צאַנאַווא, — ווערן געבוירן קוידעמקאָל אין די ערטער, וווּ עס האָבן זיך אין דער צײַט פון אַמאָליקן קאַפּיטאַליסטישן פּוילן קאָנצענטרירט רעוואָלוציאָנער געשטימטע עלעמענטן” 10).

די אַנטיפאַשיסטישע קאָמיטעטן שטעלן זיך פאַר אַ ציל: רופן און אָרגאַניזירן די פאָלקס־מאַסן צום קאַמף קעגן היטלעריסטישן סוינע; שאַפן קאַדרען פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון צווישן דעם פּראָסאָוויעטישן עלע־מענט; זאַמלען געווער און מעדיקאַמענטן; העלפן דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג 11).

ווי מיר זעען, זײַנען די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס געשטאַ־נען אויפן שטאַנדפּונקט פון פאַרבינדן דעם קאַמף פון וואַלד מיטן קאַמף אין שטאָט.

פון דער מערעוו־ווײַסרוסישער אַנטי־היטלעריסטישער סאָוויעטי־שער אונטערערד איז דער געדאַנק וועגן שאַפן אַן אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַ־ניזאַציע מיטן אָקערשט־אָנגעצייכנטן פּראָגראַם אַריבער קיין ביאַליסטאָק און אויך אין ביאַליסטאָקער געטאָ. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט אַריבערגע־בראַכט די אונטערערדישע גרופּע פון אַלקפּ (ב), וואָס האָט זיך געפונען אין ביאַליסטאָק און מיט וועלכער די ווידערשטאַנד־גרייטע עלעמענטן פון געטאָ האָבן געפונען אַ פאַרבינדונג.

8) דאַרטן, ז' 200.
9) דאַרטן, ז' 191.
10) דאַרטן.
11) דאַרטן.

דער פּיאָנער פון אַקטיוון קאַמף קעגן די דײַטש־פאַשיסטישע אָקו־פּאַנטן אין ביאַליסטאָקער געגנט איז געווען די אָקערשט־דערמאָנטע גרו־פּע סאָוויעטישע קאָמוניסטן און די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. דעם 9טן סעפּטעמבער 1941 טיילט מיט די סאָוויעטישע אינפאָרם־ביוראָ וועגן שטאַרקע קאַמפן פון די פּאַרטיזאַנער קעגן די היטלעריסטן אין באַראַנאָ־וויטשער, ווילייקער, וויטעבסקער, מאָזירער, בריסקער און אויך ביאַליסטאָ־קער ראַיאָנען; וועגן ביאַליסטאָקער געגנט ווערט דאָרט געזאָגט, אַז די דאָרטיקע פּאַרטיזאַנער האָבן אונטערגעצונדן און פאַרניכטעט דרײַ דײַ־טשע מיליטערישע סקלאַדן 12).

אין ביאַליסטאָקער געגענט איז באַלד פון אָנהייב אָן געווען אַ גינסטי־קער באָדן פאַר אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג. די באַפעלקערונג — סײַ די פּוילישע, סײַ די ווײַסרוסישע, סײַ די יידישע — איז פײַנטלעך געשטימט צום אָקופּאַנט (מיט די קליינע, נישטיקע אויסנאַמען פון די רעקציאָנערע עלעמענטן). וועגן דעם טיילט מיט די וואַרשעווער יידיש־פּוילישע אונ־טערערדישע צײַטשריפט „זאַ נאַשאָן אי וואַשאָן וואָלנאָשטש" פון 9טן דע־צעמבער 1941 אין איר קאָרעספּאָנדענץ פון ביאַליסטאָק:

„'אין דער ביאַליסטאָקער געגנט הערשט ווײַטער אַ מיש־מאַש סײַ אין געביט פון אַדמיניסטראַציע, סײַ אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן. דאָס מילי־טער אין די באַנען רעספּעקטירן נישט די פאַראָרדענונגען פון די ציווילע מאַכט־אָרגאַנען. עס פונקציאָנירט נישט די פּאָסט, דער טעלעגראַף, דאָס שול־וועזן. די אָקופּאַנטישע מאַכט קאָן זיך נישט קיין אייצע געבן און באַ־הערשן די געביטן. די שטעלונג פון דער באַפעלקערונג לעגאַבע דעם אָקו־פּאַנט איז אַ פײַנטלעכע און דעצידירטע. עקאָנאָמישע און פּאָליטישע רע־פּרעסיעס זײַנען אָף דער טאָג־אָרדענונג".

אָבער עס האָט געפעלט דער אָנפירנדיקער און סטימולירנדיקער קוי־עך, וואָס זאָל ווײַזן אַ וועג און אַ קאָנקרעטן פּראָגראַם פון קאַמף. דעם דאָ־זיקן וועג האָט געוויזן יאָסיף סטאַלין; סטאַלינס קאַמף־פּראָגראַם האָבן די ערשטע אָנגעהויבן רעאַליזירן אָפן ביאַליסטאָקער באָדן די פאַרקאָנספּי־רירטע סאָוויעטישע גרופּע אין שטאָט און די ערשטע פּאַרטיזאַנער אין וואַלד.

---

12) די מיטטיילונגען פון סאָוואינפאָרמביוראָ, I טייל, ז"ז 219—220 דער־שינען אין 1944 (רוסיש).

פונקט ווי אין די בריסקער, גראָדנער און באַראַנאָוויטשער געגענטן, אַזוי זײַנען אויך אין ביאַליסטאָק דער הויפּט־אַנשפּאַר פאַר פאַרווירקלעכן סטאַלינס קאַמף־פּראָגראַם געווען די געוועזענע פּאָליטאַרעסטירטע פון פריערדיקן קאַפּיטאַליסטישן פוילן. אַזוי איז עס געווען אין דער פּוילישער און ווײַסרוסישער געזעלשאַפט. אַזוי איז עס אויך געווען אין געטאָ.

אין געטאָ האָט די שכיטע פון טראַגישן שאַבעס נישט אַרויסגעריסן פון צווישן די לעבעדיקע אַלע אַלטע רעוואָלוציאָנערע טוער. אַ נישקאָשע־דיקן טייל איז געלונגען אויסצומײַדן דעם טויט. אויסגעמיטן דעם גורל פון די „שאַבעסדיקע״, האָבן זיי זיך נישט פאַרשטעקט אין די לעכער, נאָר צוגעטרעטן צו אָרגאַניזיר־אַרבעט.

די פאַרקאָנספּירירטע גרופּע פון די מיטגלידער פון אַלקפּ(ב), וועלכע איז פאַרבליבן אין אַרומרינגלונג און האָט זיך טייקעף אָרגאַניזירט, האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון די ייִדן און געטראַכט וועגן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט ייִדישע אַנטיפאַשיסטן. דער קאָנטאַקט איז אָנגעקניפּט געוואָרן אַ דאַנק דער ייִדישער לערערן שיינע לעווין־פּאַט, וועלכע האָט צווישן די סאָוויעטישע קאָמוניסטן געהאַט באַקאַנטע, און אַ דאַנק אַ ייִדישן דיל־אַרבעטער, וואָס האָט געוווינט אין געטאָ און האָט אויך געהאַט פון אַמאָל באַקאַנטע צווישן די סאָוויעטישע מענטשן 13).

די פאַרבינדונג מיט די סאָוויעטישע פרײַנט איז אָבער צײַטנווײַז געװען זייער אַ באַשווערטע מאַכמעס דעם, וואָס די טוער פון אַלקפּ(ב) האָבן זיך געמוזט קאָנספּירירן מער ווי אַנדערע. העיויס אָבער די רוסישע ווי־ערשטאַנדלער זײַנען שוין דעמאָלט געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער גרופּע פּוילישע רעוואָלוציאָנערן אין ביאַליסטאָק, האָט די פאַרבינדונג פון די ייִדן מיט די לעצטע געקאָנט פאַרטרעטן די פּעדים מיט די רוסישע מיטקעמפער. בעראָש דער פּוילישער קאָמוניסטישער גרופּע איז אין ביאַ־ליסטאָקער אונטערערד אין דער ערשטער טקופע געשטאַנען אַנטאָני יאַקו־באָווסקי. דאָס איז געווען אַ פּוילישער רעוואָלוציאָנער, אַ מיטגליד פון ק.פּ.פּ., אַ פאַרהאַרטעוועטער אין קאַמף. דרײַצן יאָר שווערער טפּיסע האָט ער געהאַט הינטער זיך, און סאַכאַקל איז ער אין 1941 אַלט געווען 35 יאָר. אַ געבוירענער אין ראַדאָם, אַ שוסטער־אַרבעטער פון פאַך, האָט ער זיך אַ גאַנץ לעבן געווידמעט דער זאַך פון פּראָלעטאַריאַט. אין סעפּ־

13) ג״א פון ר. וואָיסקאָווסקאָ און מ. בוך (מעכאַבערס אַרכ׳).

טעמבער 1939 האָט ער זיך — ווי אַסאַך זײַנע אידעיִשע כאַווײרים — גערעטעוועט אין ביאַליסטאָק, ווו ער איז דורך דער פּוילישער אַרבעטנדי־קער באַפעלקערונג דעלעגירט געוואָרן אין שטאָט־ראַט. איצט, ווען די האַקנקרייץ־ריטער האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָט זיך יאַקובאָווסקי — זײַן קאָנספּיראַטיווער נאָמען איז געווען „טאַדעוש״ — מיטן גאַנצן ברען אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן אַן אַנטיפאַשיסטישע איני־טערנאַציאָנאַליסטישע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע.

דעם פּאָדים צווישן דעם פּוילישן רעוואָלוציאָנער יאַקובאָווסקי און די אַנטיפאַשיסטן פון געטאָ האָט צונויפגעפלאָכטן מאַלקע (מאַרילע) רו־זשיצקאַ.

דאָס דאָזיקע לאָדזשער מיידל, אַ טאָכטער פון אַ יידישן שוסטער, איז פון קינדווײַז אָן דערצויגן געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און זייער יונג דערקענט די טרויעריק־באַרימטע פרויען־טפיסע, פאָרדאָן, ווו עס איז איר אויסגעקומען צו „פאַרברענגען״ שיינע עטלעכע יאָר. אָן אויסזען האָט זי געהאַט אַ „גלענצנדיקס״, אָן „אַרישס״, האָט זי זיך גע־לאָזט אויף דער צווייטער זײַט געטאָ־פּלויט אויסצוזוכן פאַרבינדונגען. אין איינעם אָן אָקטאָבער־טאָג האָט מאַלקע רוזשיצקאַ געבראַכט אין געטאָ אַרײַן אַנטאָני יאַקובאָווסקין 14). די ערשטע טרעפונג פון יידישן אַקטיוו מיט „טאַדעושן״ איז פאָרגעקומען אין אַ קעלער פונעם געטאָ־שפּיטאָל, אויף פאַבריקאַנט־גאַס 27. דאָ האָט זיך געפונען די וועשערײַ פון דעם הייל־אַנשטאַלט.

די דאָזיקע טרעפונג האָט צוגעגרייט די כאַווערטע האַנקע לעווינסאָן, וועלכע האָט געאַרבעט אַלס וועשן אין שפּיטאָל. צווישן באַליעס וועש איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג. דעם יידישן אַקטיוו האָט רעפּרעזענ־טירט ריווקע שינדער־וואַיסקאָווסקאַ 15) — אַ באַקאַנטע אַרבעטער־טוער־ערן פון לאָדזש, פון פאַך אַ לערערן, אָן אָפּשטאַמיקע פון קרינעק און אָן אײַנגעבירגערטע אין לאָדזש. (אין ערשטן פעריאָד האָט זיך אין ביאַליס־טאָק געפונען און באַווירקט יאָסעף לעוואַרטאָווסקי. *).

14) דארטן: אויך — נ״א פון עליע בוימאַץ (מעכאַבערס אַרכ׳).
15) אַרכ׳ ייִה״א, פּראָט׳ נ׳ 1249 — „די דערקלערונגען פון רוזשיצקאַ וועגן דער ייִד׳ זעלבשוץ אין ביאַליסטאָקער געטאָ״.
*) נ״א פון מאַניע דאַווידזאָן.

נישט געקוקט אַפן פערזענלעכן אומגליק — איר מאַן כאַים וואָיסקאָווסקי איז געווען איינער פון די „שאַבעסדיקע" קאַרבאַנעס — האָט זיך ריווקע נישט איינגעבראָכן און זיך אַריינגעוואָרפן בעלייוו ונעפעש אין דער אונטערערדישער טעטיקייט. אינאיינעם מיט שינדער־וואָיסקאָווסקאַ האָבן אין יענער זיצונג אָנטייל גענומען: אַדעלאַ הערץ, די פרוי פון אומגעקומענעם „שאַבעסדיקן" מוישע גרינבוים, אַ פּראָלעטאַרישע אַקטיוויסטקע פון אַמאָליקן וואַרשע בלומע לאַקס (פּסעוודאָנים „קוויעטאַ"), מיעטעק יאַקובאָוויטש, עווא שוואַרץ 16), אַלע געוו. מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן. דאָס איז געווען דער ערשטער פּראָוויזאָרישער קאָמיטעט פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. אָבער די אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען נישט בלויז פון ייִדן און איז געווען נישט נאָר אין געטאָ. זי איז פון ערשטן אויפקום אירן געווען אינטערנאַציאָנאַליסטיש — נישט בלויז אין דער אידעע, נאָר אויך אין איר באַשטאַנד. זי האָט אירע קרייזן געהאַט אין דער שטאָט ביכלאַל. עס האָבן געווירקט אויך אַ ווייסרוסישע גרופּע און אַ פּוילישע גרופּע. בעראָש פון די ווייסרוסישע אַנטיפאַשיסטן האָט זיך אין ביאַליסטאָקער אונטערערד אַרויסגערוקט די קאָמוניסטן אַננאַ טשערוויאַקאָווסקאַ („ניורא"). אין שפּיץ פון דער פּוילישער גרופּע איז געשטאַנען דער קאָמוניסט פעליקס לאָרעק. מיט דער גאַנצער אַרבעט האָט אָנגעפירט אַנטאָני יאַקובאָווסקי. דער לעצטער האָט אַפילע באַשלאָסן אַ געוויסע צייט צו פאַרברענגען אין געטאָ צווישן די ייִדישע כאַווירים, קעדיי צו הייבן דעם מוט בא די איזאָלירטע און קעדיי אָפן אָרט זיי העלפן. מ'האָט דעם פּוילישן טוער איינגעשאָפן אַ פּאַס אַף אַ ייִדישן נאָמען — אַווראָם לעווין 17) — און אים אָנגענייט אַפן בעגעד דעם מאָגן־דאָוויד פון פאָרנט און פון הינטן „קעדאָס היטלער". זיין קאָנספּיראַטיווע דירע האָט זיך געפונען אַף טשענסטאָכאָווער גאַס אין דער וווינונג פון אַ כאַווער טאָראַנטשיק, וועלכער איז פריִער געווען פאַרוואַלטער פון אַ גזעלשאַפטלעכן מאַגאַזין. עס האָט געהייסן לעפּאָנעם, אַז „אַווראָם לעווין" אַרבעט אַפן דייטשן פלי־פּלאַץ. ער האָט אָפט געמוזט צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים טוישן זיין מאָקעם מענוכע און אַ צייט

16) דאָרטן: אויך — נ"א פון מ. בוד.

17) יעש אומרים, אַז אַפן נאָמען — שימען לעווין.

געוווּנט באַ עליע בוימאַץ, אַ כאַוועד פון דער באַוועגונג, אַף טשעפּלע־גאַס 17 (18).

די פאַרדינסטן פונעם פּוילישן אַנטיפאַשיסט יאַקובאָווסקי פאַר הייבן דעם גײַסט או פאַר העלפן דער יידישער אונטערערד זײַנען איין לעשאיר. שוין זײַן עצעם געפינען זיך צווישן די יידישע כאַוויירים האָט דערמוטיקט און סימבאָליזירט פאַר די דאָרטיקע געטאָ־אַסורים דעם פאַקט, אַז ער־געץ קלאַפּט נאָך אַ מענטשלעך האַרץ אינאיינעם מיט די אומרוּיִקע הער־צער פון די, וואָס זײַנען איזאָלירט געוואָרן ווי מעצוירעים פון אַרום. יאַ־קובאָווסקי האָט אַף אַ צײַט איבערגעטראָגן דעם צענטער פון אַנטיפאַ־שיסטישן אונטערערד אין געטאָ אַרײַן. פון דאַנען האָבן זיך געצויגן די קאָנספּיראַטיווע פעדים אין פאַרשיידענע זײַטן. און אַזוי איז אויפגעקומען די ווונדערלעכע דערשײַנונג, וואָס דאָס געטאָ האָט זיך אַליין אַזוי שטאַרק געניייטיקט אין וואַרעמקייט און הילף, איז גאָר געוואָרן — יעדנפאַלס אַף אַ געוויסער צײַט — אַ צענטער פון הילף פאַר די קעמפערישע עלעמענטן פון אויסן, פון דער „אַרישער" זײַט (19).

יאַקובאָווסקי איז אָבער נישט לאַנג געבליבן צווישן זײַנע יידישע כאַוויירים. טכילעס 1942, אין שײַכעס מיטן שאַפן די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ.פּ.ר.) אין וואַרשע, ווערט ער אַהין אַרויסגעפאָדערט דורכן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער נײַ־אַנטשטאַנענער פּאַרטיי.

מיט זײַן נעסיִע פאַרבינדן די כאַוויירים גרויסע האָפענונגען. קוידעם־קאָל — די אײַנשטעלונג פון אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער אונטער־ערדישער באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ. שוין דעמאָלט, ווען עס האָט אין וואַרשע געהאַלטן באַ דער פאַר־פּפּרישער טקופע פון אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט האָבן די יידישע אַנטיפאַשיסטן געוווּסט שוין פון לאַנג וועגן דעם, אַז עס זײַנען דאָרטן, אין וואַרשעווער געטאָ, פאַראַן לינק־פּראָלעטאַרישע קרײַזן, וועלכע לעבן און פירן אַן אַרבעט. נאָך פאַר דער דײַטש־סאָוויעטישער מילכאָמע, זומער־צײַט 1941, איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק אַ וואַרשעווער כאַוועד אַוועדבוך, אַ שליעך פון דעם פּי־רער פון דער לינקער יוגנט אין וואַרשעווער געטאָ איגנאַץ פּײַל. אַוועד־בוך האָט איבערגעגעבן אַ גרוס וועגן דער טעטיקייט פון די „ספּאַרטאַקוס"־

---

18) נ"א פון ע. בוימאַץ.

19) דאָרטן.

קריַיזן אין וואַרשעווער ייִדישן וווין־ראַיאָן. מיט אַ ט די כאַוויירים האָבן די טוער פון ביאַליסטאָקער אַנטיפאַשיסטישער געטאָ־אונטערערד געוואָלט פאַרקניפּן אַ קאָנטאַקט דורך יאַקובאָווסקין. עס איז דעריבער פאַר די ביאַליסטאָקער כאַוויירים געווען אַ באַזונדער שווערער קלאַפּ, ווען מ׳האָט זיך דערוווסט, אַז אַפן ווילנער וואָקזאַל אין וואַרשע איז „טאַדעוש" אַנטפלעקט געוואָרן דורך דעם פּראָוואָקאַטאָר און שפּיאָן וואָוזשיניאַק. יאַקובאָווסקי איז אַריַינגעפאַלן אין די הענט פונעם סוינע און אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט.

אינגיכן האָט ווידער אויפגעטויכט די האָפענונג אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער אונטערערד פון וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז געווען אַ קורצע צײַט נאָכן אַנטשטיין פון פּ. פּ. ר. אַ גרופּע אַלטע קאָמוניסטישע טוער וועלכע האָבן זיך אויך געפונען אין ביאַליסטאָקער געטאָ, מיט יאָסעף לעוואַרטאָווסקי, שמועל מערעטיק און יאַנקעוו דרייער בעראָש, ווערן אַרויסגערופן קיין וואַרשע. זיי פאַרלאָזן ביאַליסטאָק און דערשלאָגן זיך מיט מאַזל אין פּוילנס אַלטער הויפּטשטאָט. אין אַ צײַט אַרום וועלן זיי טאָקע שיקן אין אַ שיפרירטער שפּראַך אָנווײַזונגען פאַר די כאַוויירים פון ביאַליסטאָקער געטאָ־אונטערערד.

און דערווײַל זײַנען די פּיאָנערן פון דער אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. „טאַדעוש" איז געפאַלן, אָבער די זאַך, וועלכע ער האָט געבויט, איז נישט אומגעקומען.

באַם מאַכן דעם סאַכאַקל פון דעם באַגין־פּעריאָד פון ווידערשטאַנד־אויפקום אין געטאָ דאַרף מען געדענקען, אַז די אַקטן פון קעגנשטעלן זיך זײַנען לעכאַטכילע נאָך נישט געווען קאָאָרדינירט. דאָס זײַנען גיכער געווען אינדיווידועלע שריט פון אַנטי־היטלעריסטישער און אַנטי־יודענראַטישער אַגיטאַציע. אָבער נישט בלויז אַגיטאַציע — עס קומען שוין דעמאָלט צום אויסדרוק אויך מײַסים. אַזוי האָט דער אַנטיפאַשיסט וועלוול עפּשטיין אויסגעקלעבט אַף דער וואַנט פון יודענראַט־ביניען אַן אייגנהאַנטיק אָנגעשריבענעם לאָזונג צו די ייִדן, זיי זאָלן נישט טראָגן קיין קידושן־פינגערלעך און זילבערנע ליכטער לעשעם קאָנטריבוציע, ווײַל סײַווי וועט קומען פאַרניכטונג. נאָר זיי זאָלן ליבערשט זיך גרייטן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד[20]. וועלוול עפּשטיין, פון פאַך אַ סטאָליער־אַר־

(20 קאַט. ז׳ 26.

בעטער, אַן אָרטיקער טוישעוו, אַ מענטש פון די רעוואָלוציאָנערע קרייזן, טרעפן מיר שפּעטער אין די פּאַרטיזאַנישע רייען. ער איז געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט אין יאָר 1944 בעיס די קאַמפן מיט די דייטשן אין וואַלד 21).

גאַנץ שנעל גיסן זיך צונויף דער ווילן פון יעכידים און די אינדי־ווידועלע ווידערשטאַנד־שטרעבונג אין איין קאָלעקטיוון קאַמף־כיישעק, אין אַ באַוועגונג.

21) נ״א פון ק. באראקין (מעכאַבערס אַרכ׳).

## קאַפּיטל צוויי

# די אָרגאַניזאַציע צו העלפן די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע און קאָרבאָנעס פון היטלעריסטישן טעראָר

ווי וווּנדערלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, איז עס דאָך אַ פאַקט: די איזאָלירטע, דערדריקטע און טאָפּלט פאַרהעצטע יידישע אַנטיפאַשיסטן פון ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן די ערשטע אַקטיוויקייט זייערע פאַרבונדן מיט העלפן אַזאַ קאַטעגאָריע מענטשן, וואָס האָט זיך  א י ן  י ע נ ע ר  צ ײַ ט  געפונען אין אַ נאָך ערגערער לאַגע ווי די יידן. דער ערשטער אָביעקט פון דער הילף מיצאַד די יידישע אַנטיפאַשיסטישע ווידערשטענדלער זײַנען געווען די רויטאַרמייישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זײַנען דורכן אָקופּאַנט פאַרשפאַרט געוואָרן אין אַ לאַגער און געצווּנגען געווען צו אַווּידאַס פערעך באַ באַדינגונגען פון הונגער, קעלט און כּוילאַסן. די ערשטע אַרבעט פון דער אַנטיפאַשיסטישער אונטערערד איז געווען צו זאַמלען מיטלען און מאַטעריאַלן צו העלפן די סאָוויעטישע מילכאָמע־געפאַנגענע. איינצײַטיק איז פאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן אַ הילף־אַקציע פאַר די מישפּאָכעס פון די קאָרבאָנעס פונעם פאַשיסטישן טעראָר, פאַר די יעסוימים און אַלמאָנעס פון די פרײַטיקדיקע, שאַבעסדיקע און אַנדערע האַרוגים. צוליב אָט די צווײַגן פון דער בכוירעשער טעטיקייט פון אַנטיפאַשיסטן האָט מען אין געטאָ־אונטערערד זייער אָרגאַניזאַציע אָנגערופן די ערשטע צײַט מיטן נאָמען: „אָרגאַניזאַציע צו העלפן די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע און די קאָרבאָנעס פון היטלעריסטישן טעראָר”. די מענטשן פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זײַנען געווען באַשעפטיקט אינעם פינפטן טעק־

סטיל־קאָמבינאַט 1) אַף מיצקעוויטש־גאַס באַם אויספאַרטיקן אויערן־פאַרשטעלער פאַר די דײַטשן, האָבן אַרויסגעשלעפּט די דאָזיקע זאַכן און עס איבערגעשיקט דורך געהיימע וועגן אין די לאַגערן, פאַר די רויט־אַרמייער 2). אין דער געגנט פונעם געפאַנגענען־לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אַפן געביט פון די קאַזאַרמעס פון צענטן אולאַנער־פּולק אין זוויערינעץ, האָבן געוווינט רוסישע פרויען, האָט מען דורך זיי איבער־געגעבן די מאַטאָנעס. מען האָט אויך איבערגעשיקט דורך דעם זעלביקן וועג ברויט, רעפואס, מעדיצינישע ליטעראַטור. אינפאָרמאַטיווע מאַטע־ריאַלן וועגן דער פּאָליטישער לאַגע און ידיעס פון פראָנט האָבן די אַנטי־פאַשיסטן דערלאַנגט די רויטאַרמייער דורך אַ צווייטן וועג: אַף מיצקע־וויטש־גאַס האָט זיך געפונען די בעקערײַ פונעם לאַגער, דאָ האָבן געאַר־בעט אַ סאַך געפאַנגענע, האָט מען דורך זיי קאָלפּאָרטירט די ידיעס. אַן אַנדערע גרופּע רויטאַרמייער האָט געאַרבעט אַף די כאַנײַקעס באַם פאַ־נאַנדערנעמען כאַרעווע הײַזער, האָט מען דאָ אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן פון אַ סאַך געפאַנגענע, באַזאָרגט זיי מיט „לינקע" פּעסער, מיט שפּײַז, און זיי דערמעגלעכט צו אַנטלויפן אין די וועלדער 3). די פאַלשע דאָקו־מענטן האָבן אײַנגעשאַפט די מענטשן פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן געטאָן פיזישע אַרבעט אין די געשטאַפּאָ־לאָקאַלן. באַם אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן פון סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, ביפראַט פון אָפיצירן, האָבן געהאָלפן ייִדישע דאָקטוירים, וואָס זײַנען געווען באַשעפטיקט אין דעם לאַגער־לאַזאַרעט, ווו מען האָט געהאַלטן פאַרווונדעטע רוסן. העיויס די דײַטשן האָבן דעמאָלט נישט געהאַלטן פּינקטלעך דעם כעשבן, און זיי זײַנען געווען צופרידן, ווען אַ סאָוויעטישער אָפיציר איז אויסגעגאַנגען פון די וווּנדן, האָבן די דרײַסטע ייִדישע דאָקטוירים געקאָנט אָפּנאַרן זייע־רע היטלעריסטישע באַלעבאַטים און לאָזן די „מייסים" אַנטלויפן 4). אַרויסגעשיקט די אַנטלאָפענע רויטאַרמייער האָט מען נישט סטאַם אַף גאָטס באַראָט, נאָר אין אַ באַשטימטער ריכטונג. עס האָט שוין דעמאָלט,

---

1) לעכאַטכילע האָט מען די ייִדישע פאַכלײַט געלאָזט אַרבעטן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, ערשט שפּעטער, ווען די נײַע באַלעבאַטים האָבן גוט באַהערשט די פאַבריקן און דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, האָט מען די ייִדן באַזײַטיקט.

2) ג"א פון מ. בוד (מעכאַבערס אַרכ').

3) דאָרטן.

4) ג"א פון מ. ציטראָן (מעכאַבערס אַרכ').

ווי געזאָגט, עקזיסטירט אַ פּאַרטיזאַנישע גרופּע אין די ביאַליסטאָקער וועלדער. די גרופּע האָט זיך לעכאַטכילע רעקרוטירט פון סאָוויעטישע מענטשן, וואָס זײַנען געבליבן שטעקן אין אַרומריינגלונג, אַרום זיי האָבן זיך געקלעפּט אַנטלאָפענע קריגס־געפאַנגענע. בעראָש פון דער גרופּע איז געשטאַנען דער שרעקלאָזער פּאַרטיזאַן מישקע סיביראַק. שוין דעמאָלט זײַנען די ייִדישע אַנטיפאַשיסטן פון געטאָ־אונטערערד געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די פּיאָנערן פון דער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג 5).

די דאָזיקע ערשטע ווירדיקע טעטיקייט פון דער אַנטיפאַשיסטישער אונטערערד איז געבוירן געוואָרן און האָט זיך אויסגעפּלאַסטערט אַ וועג אין שווערן קאַמף קעגן די קאַפּיטולאַנטישע און שאָוויניסטישע עלעמענטן פון דער ייִדישער געזעלשאַפט גופא. „די אַרבעט אין געפאַנגען־לאַגער — דערציילט אין זײַנע זיכרוינעס איינער פון אירע אָנטיילנעמער אַבראַשע גערשוני 6) — האָט געפאָדערט פּיל קאָנספּיראַציע, אָריענטאַציע און אַ שטאַרקן ווילן. מיר האָבן זיך געמוזט היטן פאַר דער דײַטשער דעפענסיווע, פאַר רוסישע פאַרעטער און אין דער ערשטער ריי פאַר די יעניקע ייִדן, וועלכע האָבן מיט אונדז צוזאַמען געאַרבעט אַף דער בוי־שטעלע און וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט אַן אָפּגעשטאַנענע מיינונג פון אַ געוויסן טייל פון דער באַפעלקערונג. דאָס זײַנען געווען קאָלערליי ייִדישע שאַוויניסטן. מיר האָבן ריזיקירט מיט דעם אייגענעם „איך", אָפּגעגעבן אונדזער צײַט, מי און האַרץ פאַר די געפּלאָגטע ברידער, און די לומפּן פון דער ייִדישער געזעלשאַפט האָבן אונדז געטראָטן מיט די פיס, געלייגט שטיינער אין וועג, שרײַענדיק צו אונדז: „איר שטעלט דאָך דאָס גאַנצע ייִדישע געטאָ אין געפאַר! וואָס פאַר אַן אומגליק ווילט איר ברענגען דעם קלאַל־ייִסראָעל!" דאָס זײַנען געווען די, וועלכע האָבן געזען די רעטונג פאַר די ייִדישע מאַסן נישט אין קאַמף מיטן פײַנט, נאָר אין דער מיטאַרבעט מיט אים, אין שאַפן פאַבריקן, וואַרשטאַטן, קורץ — אין אַרבעטן פאַרן טײַוול".

שוין דעמאָלט, אין די ערשטע כאָדאָשים פון געטאָ, האָט זיך באַלד אַנטפּלעקט די טיפע שייד־ליניע צווישן די טרעגער פון יודענראַט־גײַסט

5) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ (מעכאַבערס אַרכ').
6) אַרכ' ייִה"א, נ' 1253.

און צווישן די וועקער צום ווידערשטאַנד.ביידע קויכעס האָבן פאַרבונדן זייער טעטיקייט און ביטאָכן מיט אויסערלעכע פאַקטאָרן, אָבער בעיס די ערשטע האָבן זייערע פאַרבינדעטע געזען אין די „גוטע" דײַטשן, וואָס לאָזן זיך „שמירן", האָבן די צווייטע געזען זייער שטיץ־פונקט אין די קויכעס פון ווידערשטאַנד. „די פאַרבינדונג מיטן געפאַנגען־לאַגער — דערציילט ווײַטער גערשוני, — האָבן מיר געהאַלטן מיטן הייצער פון שפּיטאָל־בינין אינזשעניער איוואַנאָוו און מיטן הויפּט־דאָקטאָר, קאַ־פּיטאַן וואָלקאָוו, ביידע פאַרטיי־לײַט, מיטגלידער פון אלקפּ(ב)". די יידישע אַנטיפאַשיסטן און זייערע פרײַנט און אָנהענגער אין געטאָ האָבן אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיק הויכן גראַד פון ליבשאַפט צו די רויטאַרמייער. „עס איז נישט געווען די זאַך, וועלכע זיי זאָלן פון אונדז האָבן געבעטן, און מיר זאָלן זיי נישט האָבן אנטקעגנגעקומען" — שטעלט פעסט גערשוני.

אין דער מעסירעס־נעפעשדיקער אַרבעט פון העלפן די קריגס־געפאַנ־גענע האָבן זיך אַרויסגערוקט אויבנאָן נישט בלויז אַלטע פּראָלעטאַרישע אַקטיוויסטן, ווי די באַקאַנטע פּעדאַגאָגן פון די צישאָ־שולן אין בריסק און אין וואַרשע כײַע מענדעלסאָן, ווי אַדעלאַ הערץ, עווא שוואַרץ, יוזשעק מאַרגאָליס, לייב מאַנדעלבליט 7), נאָר אויך פרישע מענטשן, ס׳ראָוו יוגנט און אויך פּאָשעטע פאָלקס־יידן, וועלכע האָבן זיך געריסן צו מײַסים. באַ די יוגנט־אַקטיוויסטן האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן זאָליע דוואָרעצקי (פּסעוו־דאָ „דער געלער" „רודי"), אַבראַשע גערשוני, טאַנכום פּאָגאָרעלסקי („טאָליע"); אַ סאַך האָט אויפגעטאָן עטל ביטענסקי, אַ געוועזענע קרע־מערקע און דערנאָך אַ טעטיקע מיטאַרבעטערן פון אונטערערד 8). די בויער פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן געהאַט פון די פּאַרמילכאָמע־דיקע יאָרן אַ טראַדיציע און אַ דערפאַרונג פון קאָנספּיראַטיווער אַרבעט, האָבן אויפגעשטעלט אונטערערדישע קרײַזן און אײַנגעפירט אַ פאַרבינ־דונג, אַ פאַרבאָרגענע פּאָר אַ בייז אויג. די אָרגאַניזאַציע האָט אירע טרעף־פּונקטן געהאַט אַף די גאַסן גורנע, כמיעלנע, סמאָלנע, אַף פאַבריק־גאַס. אָפטמאָל האָט מען אין די קאָנטאַקטן באַנוצט קינדער, אַ שטייגער דאָס מיידעלע לאָליע לערמאַן, די טאָכטער פונעם אַרבעטער־אַקטיוויסט

7) „די איבערלעבונגען פון יזסראַעל לערמאַן און זײַן אנטייל אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ׳ יזה״א נ׳ 2950.

8) נ״א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ.

יִסראָעל לערמאַן. סײַ די קאָנספּיראַטיווע אַרבעט, סײַ דאָס אויספירן די שליחעס, דאָס איבערגעבן די הילף צו די קריגס־געפאַנגענע — זײַנען געווען אַקטן פון גרויסער גוווּרע. נישט איין יִדישער אַקטיוויסט האָט דערבײַ באַצאָלט מיטן לעבן. איינעם אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע אַוורעמל כאַוועס האָבן דײַטשע וועכטער געכאַפּט באַם אַריבערוואַרפן ברויט, זיי האָבן אים אַזוי לאַנג און אַכזאָריעסדיק געפּײַניקט, ביז ער איז אויסגעגאַנגען אונטער די הענט פון די טאַליאָנים און נישט געעפנט דאָס מויל עמעצן אויסצוגעבן 9). דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשראָקן די העלדישע באָכערים און מיידלעך, און זיי האָבן זיך נישט מעיאַשעוו געווען פון דער מעסירעס־נעפעשדיקער טעטיקייט. אינגיכן איז אין די הענט פון די הענקער אַרײַנגעפאַלן אַ צווייטער אַקטיוויסט — זעליג איגלעוויטש. דאָס איז געווען אַ מענטש אַן איבערגעגעבענער מיט לײַב און לעבן דער זאַך. ער האָט געשטאַמט פון אַ רעליגיעזער היים פון שטעטל שטוטשין, דער פאָטער זײַנער איז געווען אַ מאַגיד. אין זײַן היים־שטעטל האָט איגלעוויטש געשווירן אייביקע נעקאָמע די דײַטשן, וועלכע האָבן אומגעבראַכט זײַן טאַטן, זײַן פרוי און קינדער. אין ביאַליסטאָק איז ער געווען אַזוי אַקטיוו, אַז ער איז אינגיכן אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן סעקרעטאַר פון דעם אַנטיפאַשיסטישן קעמערל אַפן געביט פון די קאַזאַרמעס פון צענטן אולאַנער־פּולק. איגלעוויטש איז שנעל פאַרדעכטיקט געוואָרן בײַ דער יִדישער פּאָליציי, וועלכע האָט אים אַרעסטירט, מוירעדיק צעקאָטעוועט, אָבער גאָרנישט געקאָנט אַרויסבאַקומען. די כאַוויירים האָבן איגלעוויטשן אַרויסגעראַטעוועט און אים אויסבאַהאַלטן אין קאָנספּיראַטיווע דירעס אין געטאָ. דערנאָך איז ער אומגעקומען 10).

די ברייט־פאַנאַנדערגעוויקלטע טעטיקייט צו העלפן די סאָוויעטישע געפאַנגענע און די קאָרבאָנעס פון היטלעריסטישן טעראָר, דער שטאַרקער אימפּעט, מיט וועלכן דער אונטערערדישע געטאָ־אַקטיוו האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַנטיהיטלעריסטישער אַרבעט, דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן באַם סוינע אַ פאַרשטענדלעכע רעאַקציע. די געשטאַפּאָ באַשליסט צו פּאַראַליזירן די אויפקומענדיקע ווידערשטאַנד־אַקטן דורך אַרעסטירן דעם אַקטיוו פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. די ערשטע אַרעסט־

9) דאָרטן.
10) ג״א פון ק. בּאַראַקין, אַרכ׳ יוה״א, פּראָט׳ נ׳ 3766.

כוואַליע פאַלט אויס עטלעכע טעג באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ. אַ גרופּע ייִדישע קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען פאַרמאַסערט געוואָרן דורך געשטאַפּאָ־אַגענטן, ווערט אַוועקגעפירט אַף שענקעוויטש־גאַס 15. אַלע זײַנען דאָ דערשאָסן געוואָרן אַפן הויף דורך דיבוסן — כּוץ איינעם 11). שפּעטער, ווען די אָרגאַניזאַציע אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט, טרעט צו די אַקופּאַנטישע פּאָליציי־ישע מאַכט צו דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ די מוירדים. פאַרן כווידיש פון דער ליקווידיר־אַקציע ווערט דורך דער דײַטשע פּאָלי־טישער געהיים־פּאָליציי באַשטימט דעצעמבער פון 1941. עס פאַלן אַף דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע שווערע קלעפּ פון אַרעסטן. עס ווערט פאַרנומען דורך דער דײַטשער פּאָליציי איינער פון די פּיאָנערן און פירער פון דער אַנטיפאַשיסטישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ, דער לאָ־דזשער קאָמוניסט און געוועזענער אַרעסטאַנט פון קאַרטוז־בערעזער קאָנ־צענטראַציע־לאַגער אַווראָם מײַזלער („מיכאַל“), אַ לערער פון פאַך 12). עס ווערט אין דער זעלביקער צײַט אַרעסטירט די קאָמוניסטישע און סאָוויעטישע טוערן זשעניע קאַפּלאַן, וועלכע איז אין די יאָרן 1939—1941 געווען מיטגליד פון ביאַליסטאָקער שטאָט־ראַט און דירעקטאָר פון דער מעלוכעשער פאַבריק נומער 25 (געוו. טרילינג) 13). אין די לאַפּעס פון געשטאַפּאָ פאַלט אַרײַן מאַניע זיסמאַן („די שטײַפע מאַניע“), אַן אַרבע־טער־טוערן פון לאָדזש. דער שפּיצעל זעליקאָוויטש קויפט זיך אײַן אין ייִכעס באַ דער זיכערקייט־פּאָליציי דורך פאַרמאַסערן און אויסגעבן דעם אַלטן ביאַליסטאָקער קאָמוניסט אינזשעניער פיידקין, וועלכער „ווערט נעלעם“ און עס פאַרשווינדט נאָך אים יעדער שפּור. אין דער זעלביקער לעפּיערעך צײַט ווערט אַרעסטירט אַ צווייטער אַלטער ביאַליסטאָקער אַרבעטער־אַקטיוויסט הערשל ראָטשילד, אויך פון אים בלײַבט נישט קיין שום זייכער. עס פאַלן נאָך אַ ריי קאָרבאָנעס. דער סוינע האָט פאַרנומען אין כווידעש דעצעמבער אַ גרעסערע צאָל אַקטיוויסטן פון דער אַנטיפאַ־שיסטישער געטאָ־אונטערערד 14).

---

11) ג"א פון י. כאַבאַרטאַווסקי (דער איינציקער אַרויסגעראַטעוועטער איז געוועזן דער שוסטער בערל שאַצמאַן).

12) נ"א פון שאַלעם קאַזשעץ (מעכאַבערס אַרכיוו).

13) ג"א פון ק. באַראַקין. איר ברודער עדעק קאַפּלאַן, אַ קאָמוניסט, אַ קראַנ־קער מענטש, איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון די דײַטשע לופט־אַנגריפן אַפן וועג פון ביאַליסטאָק אַף מיזרעך (דאָרטן).

14) **ג"א פון פאַניע הערמאַן (מעכאַבערס אַרכ').**

די אַלע מוטיקע קעמפער האָבן זיך מער נישט צוריקגעקערט, זיי קומען אום מיט אַ מאַרטירער־טויט פון דעם סוינעס האַנט.

די ערשטע רעפּרעסיעס, אַרעסטן און עקזעקוציעס האָבן בלויז אַף זייער אַ קורצער צײַט פאַרהאַמעוועט די אַנטוויקלונג פון דער טעטיקייט באַ די אַנטיפאַשיסטן. טכילעס 1942 טרעטן זיי שוין אַרויס אין געטאָ־אונטערערד ווי אַ קאָנסאָלידירטער קויעך אונטערן נאָמען: „אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע".

## קאַפּיטל דרײַ

# די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע

טכילעס 1942 זײַנען שוין צונויפגעזאַמלט געוואָרן קימאַט אַלע אַלטע רעוואָלוציאָנערע און לינקפּראָפּאַריינישע טוער, וואָס האָבן זיך געפונען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. עס זײַנען דעמאָלט שוין געהאַט צו־געטרעטן צו דער אָרגאַניזאַציע אַ סאַך נײַע, יונגע מענטשן. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנספּיראַטיווע נעץ פון קרײַזן און קעמערלעך, געבויט לויטן טעריטאָריאַלן פּרינציפּ — גאַסן־גרופּן, הויז־קרײַזן און פאַבריק־קעמערלעך, וועלכע זײַנען באַשטאַנען פון קאָמוניסטן און אומ־פּאַרטייִישע אַנטיפאַשיסטן.

אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אַן אָנפירונג, אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט אין יאָר 1942 געהאַט דעם ווײַטערדיקן צוזאַמענ־שטעל: סעקרעטאַרן — יאָשקע קאַווע און ריווקע שינדער־וואָיסקאָווסקאַ, מיטגלידער — דאַניעל מאָשקאָוויטש, לייב מאַנדעלבליט, אָרן אָסקאָלאַ, כײַע (העלאַ מענדעלסאָן 1). די אײַנציקע לעבנגעבליבענע איז ריווקע וואָיסקאָווסקאַ. ווער זײַנען עס אָט די פירער פון דער אַנטיפאַשיסטישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ?

**יאָשקע קאַווע** — געבוירן אין 1897 אין וואָהין, ראַדזינער פּאָוויאַט, אַ טעקסטיל־אַרבעטער אין לאָדזש, אַן אַלטער טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, אַ מענטש מיט אַ סאַך פּאָליטישער דערפאַרונג, געהאַט באַזוכט מאָסקווע און זיך דאָרט געלערנט. פון די

1) נ"א פון מ. בוד און פּ. קאַזשעץ (מעכאַבערס אָרכ').

פאַרשיידענע צאָרעס, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין אין די אַלטע פוילישע טפיסעס, איז ער געוואָרן אַ שטיקל באַל־מום, טויבלעך אַף די אויערן און קראַנק אַף די נירן. דאָס האָט אים פונדעסטוועגן נישט געשטערט צו ווערן איינער פון די סאַמע אַקטיווסטע אין געטאָ־אונטערערד. אַן אַקשן, אַ קאַנטיקער מענטש, — וואָס איז אים געקומען פון שווערן לעבן — האָט ער זיך פאַנאַטיש אַרײַנגעוואָרפן אין דער הייליקער אַרבעט. ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פּאָליטישע אויטאָריטעטן אין אונטערערד, אי אַ פּראַקטישער טוער. מיטן גרעסטן אייפער האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט פון מיליטערישער אויסשולונג און געווער־פאָרגרייטונג. פּערזענלעך זייער אַ דרײַסטער, איז ער אָפט אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ און זיך געטראָפן מיט די פּוילישע כאַווירים. בעייס איינעם אַזאַ מעסירעס־נעפעשדיקן אויספלוג — געווען איז דאָס אין דער שווערער צײַט צווישן די צוויי ליקווידיר־אַקציעס — איז קאַווע אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פונעם סוינע. העיויס ער איז געווען שוין אַ ייִד אין די יאָרן און האָט טאַקע געמאַכט אַזאַ אײַנדרוק, האָבן די דײַטשן אים אָנגענומען פאַר אַ פּאָשעטן שמוגלער און זיך באַגנוגנט מיט פאַרשיקן אים אין אַ לאַגער. פון דאַנען איז אים געלונגען אויקער צו זײַן אַדאַנק דער הילף פון אַ פּוילישן כאַווער גוזשינסקי, וועלכער האָט געהאַט קאַנטשאַפט אין דער פּאָליציי און געבראַכט דורך דעם אַ סאַך נוצן דער אָרגאַניזאַציע.

קאַווע האָט זיך באַטייליקט אינעם אויגוסט־אויפשטאַנד און איז דערנאָך אַנטלאָפן און ווידער אַרײַנגעפאַל'ן אין די הענט פונעם סוינע. ער האָט זיך שוין געפונען אין אַ צוג, וואָס האָט געפירט די קאָרבאָנעס קיין טרעבלינקע. איז ער געשפּרונגען פונעם צוג און אַוועק אין וואַלד. דאָ האָט ער מאַמשיך געווען דעם קאַמף אין די פּאַרטיזאַנישע רייען און איז געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט אין שלאַכט.

יאָשקע קאַווע האָט באַוווסטזיניק געטראָגן זײַן שליכעס, די שליכעס פון אַ רעוואָלוציאָנער. זײַן באַליבטער לאָזונג איז געווען: „מיר זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער געשיכטע". ער האָט טיף באַנומען דעם היסטאָרישן באַדייט פאַר דעם אָנשטרענג און פון דעם קאָרבן פון די ווידערשטאַנד־טרעגער אין געטאָ. ער האָט אַף קיין איין מינוט, אַפילע אין דער ערגסטער לאַגע, נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט 2).

2) ג"א פון מ דאַווידסאָן, ר. וואַיסקאַווסקאַ, מ. בוך און ע. בוימאַץ (מע באַבערס אַרב').

דאַניעל מאַשקאָוויטש (פסעוודאָ: „דאַניעל", „יעזשי"), דער שפּעטערדיקער מיליטערישער קאָמאַנדיר פונעם אויפשטאַנד, איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין 1905. אַן אויסגעדינטער אונטעראָפיציר פון דער פוילישער אַרמיי, איז ער געווען צוגעפּאַסט צו זײַן דער אָנפירער פון דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד פון די ייִדן אין ביאַליסטאָק, וווּ ער האָט זיך געראַטעוועט אין סעפּטעמבער 1939, אַנטלויפנדיק פון דער אָקופּירטער פוילישער הויפטשטאָט. פון פאַך אַ האַנדלס־אַנגעשטעלטער־האָט ער אין די צײַטן פון רידז־שמיגליס רעזשים, ווי אַן אַקטיוויסט פון ק.פּ.פּ. געפירט אַ רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט צווישן דעם פוילישן מי־ליטער. אין יאָר 1931 האָט ער אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן פון אַנגעזעענע פוילישע קאָמוניסטן פונעם טפיסע־שפּיטאָל. און האַגאַם ער איז געווען קראַנק אַף די לונגען, איז ער אין ביאַליסטאָקער געטאָ געווען איינער פון די לעבעדיקסטע נערוון פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. אָט ווי עס כאַראַקטעריזירט דאַניעלן פון דער טקופע פון ביאַליסטאָקער אונ־טערערד זײַן נאָענטע קאַמפּס־מיטאַרבעטערן ריווקע וואָיסקאָווסקאַ:

„דער כ' דאַניעל איז געווען ענערגיש און אונטערנעמונגס־פעיִק. דיסציפּלינירט, ווי עס קאָן נאָר זײַן אַ מיליטער־מאַן, אָבער גלײַכצײַטיק פאַרמאָגט ער אַזוי פיל האַרץ פאַר כאַווײרים. עס דערמאָנט זיך מיר דער ווײַטערדיקער מאָמענט: דאָס איז געווען סאָף 1942 י. כ'האָב שוין דאַן געהאַט פאַרלוירן מײַן מאַן און מײַן גאַנצע מישפּאָכע. אין אַ שמועס האָבן כאַווײרים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך האָב פונדעסטוועגן זיך נישט געענדערט. דער כ' דאַניעל האָט דאַן אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מען דאַרף קאָנען אַרײַנקוקן אין דער נעשאָמע פון כאַווײרים. אָבער ער, דאַניעל, דער מענטש פון לאָגיק, האָט געוווּסט, אַז יענע טעג, די טעג פון פאַ־שיסטישן טעראָר, זײַנען נישט קיין צײַט פאַר נעשאָמע־גריבלעניש. איך דערמאָן זיך, ווי אין אַ פינצטערן פעברואַר־אָוונט, אַ פּאָר טעג נאָך דער ערשטער אַקציע, האָב איך זיך געגרייט אַרויסגיין אין וואַלד מיט אַ גרופּע כאַווײרים. ס'האָט געשאָטן אַ שניי, געמישט מיט רעגן. ס'איז מער גע־ווען זייער שווער זיך צו שיידן מיט די כאַווײרים פון געטאָ, כ'האָב גוט געוווּסט, אַז מיר וועלן זיך שוין אַפילע קיינמאָל נישט טרעפן. אין דעם אָוונט בין איך געגאַנגען מיטן כ' דאַניעל און די כ'טע מאַרילע רוזשיצקאַ. זי האָט אַרויסגעפילט מײַן שטימונג און מיך שטאַרק אַרומגענומען. דער כ' דאַניעל האָט דאַן געזאָגט: „לאָז איר אָפּ, זי וועט אויסהאַלטן, מיר

זײַנען נישט פון אײַזן, נאָר פון שטאָל". ער איז געווען גערעכט, דער כ׳ דאַניעל, פון שטאָל און מיט שטאָלענעם ווילן זײַנען געווען די אַלע מענטשן, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן אָקופּאַנט און אים באַזיגט. אַזאַ איז אויך געווען דער כ׳ דאַניעל. אַ קראַנקער, אַ לונגנלײַדנדיקער, קומט אים אָפּט אויס צו בלײַבן אין בעט. אָבער ער גיט זיך נישט אונטער. ער ווערט דורך דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע באַשטימט אַלס פירער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, פון זעלבשוץ".

אין געטאָ האָט דאַניעל מאַשקאָוויטש געאַרבעט ווי אַ שוסטער און דערנאָך אין אַ בעקערײַ. די גאַנצע צײַט האָט ער געהאַט אויסצושטיין קאָלט און וואָרעם מיצאַד דער פּאָליציי און די געשטאַפּאָ־שפּיאָנען. האָט ער טאַקע געמוזט קעסיידער טוישן די וווינונג. אַ צײַט האָט ער געוווינט אַף פּאָליעסער גאַס, דער פענצטער איז אַרויס צום פּלויט פון געטאָ, און דורך דאַנען איז טאַקע געגאַנגען די פאַרבינדונג מיט די כאַוויירים פון יענער זײַט, דערנאָך האָט ער אַ צײַטווײַליקן מאָקעם מענוכע געפונען באַם קאָמוניסט יוזשעק מאַרגאָליס. שפּעטער געוווינט ערגעץ אַנדערש. אַ צײַט האָט ער געוווינט אינאיינעם מיטן קאָמיטעט־מיטגליד לייביש מאַנדעלבליט. ווען ריווקע, אָדער קאָווע זײַנען נישט געווען אָפן אָרט, האָט זיי דאַניעל פאַרטראָטן אַלס סעקרעטאָר פון קאָמיטעט 3).

ל ײ ב י ש   מ אַ נ ד ע ל ב ל י ט — געבוירן אין 1903, אָדער 1904, אַ וואַרשעווער שפּילקאָווער שוסטער בען שוסטער, לאַנגיעריקער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פונעם לינקן לעדער־פאַריין און פּאָפּולערער אַרבעטער־טוער פון סמאָטשער ראַיאָן, אַן אַקטיוויסט פון ק.פּ.פּ. אַן אויטאָדידאַקט, וואָס האָט זײַן שווער דעראָבערט וויסן און ס׳גאַנצע לעבן געווידמעט דער זאַך פון אַרבעטער־קלאַס. אַ פירער פון אַ סאַך שטרײַקן, וועלכע האָבן זיך פאַר אים ס׳ראָוו געענדיקט מיט אַרעסטן און טפיסע, וואָס האָט אונטערגעגראָבן זײַן געזונט. אַ מענטש מיט אַ זעלטענעם האַרציקן כאַראַקטער, וואָס האָט געקאָנט אַ כאַווער אָוועקגעבן די נעשאָמע. אַ פּלאָמיקער מאַסן־רעדנער, וואָס איז מעסוגל געווען מיטרײַסן די אוידיטאָריע.

אין די קריטישע צײַטן אין געטאָ איז מאַנדעלבליט געווען ערנסט קראַנק, אָבער ער איז נישט אָפּגעשטאַנען פון דער מעסירעס־נעפעשדיקער

3) דאַרטן.

אַרבעט און פונעם קאַמף. ער איז געווען זייער רירעוודיק און מיטרײַסנדיק, לייבוש האָט געפונען אַ העלדן־טויט בעייסן אויפשטאַנד 4).

אַ ר ן (אַרטור) אַ ס ק אָ ל אַ האָט געשטאַמט פון אַ וואַר־שעווער כסידיש־נעגידישער היים. אין די גאָר יונגע יאָרן האָט ער איבער־געריסן מיטן אַלטן שטייגער און איז אַוועק אין די קאָמיוגישע רייען. דאָס איז געווען אַן אַלזײַטיק־געבילדעטער מענטש, אַן ערנסטער קענער פון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור און אַ באַגאַבטער לעקטאָר און פּרעלע־גענט. כוץ דער וואַרשעווער היוכשול האָט ער אויך דורכגעמאַכט דעם טפיסע־אוניווערזיטעט. ער האָט זיך זינט יאָרן אַ סאַך אָפּגעגעבן דער שטודיע פון מיליטערישער פאַך־ליטעראַטור, ביפּראַט פון די קאַפּיטלען פון גאַסן־קאַמף. אָט די שטודיעס זײַנען אים שטאַרק צונוץ געקומען אין געטאָ. ער האָט אַנגעפירט מיט דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט פונעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט.

אין געטאָ האָט זיך דער אינטעליגענט אַסקאָלאַ געמוזט אויסזוכן אַ וועלכע עס איז באַשעפטיקונג צו קאָנען דערנערן זיך און דער פרוי מיטן קינד. האָט ער אָנגענומען אַן אַרבעט, וואָס איז געלעגן מיכוץ זײַנע קוואַליפיקאַציעס און זײַן אינטערעסן־קרײַז — ער איז געווען דער לייטער פון דער עפנטלעכער באָד אין געטאָ. אין אָט דער — פּאָשעט גערעדט מיקווע האָט זיך אַסקאָלאַ איינגעאָרדנט בעסאָד סוידעס אַ גאַנצן שטור־דיר־קאַבינעט, דאָ האָט ער געלייענט זײַנע באַליבטע מאַרקסיסטישע ביכער, דאָ האָט ער געשריבן די אויפרופן און איבערזיכטן, דאָ איז אויך געווען אַן אָרט פאַר געהיימע פאַרזאַמלונגען פון דער אָנפירונג.

אַסקאָלאַ איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט ד״ר נאַטאַן האַלענדער־סקי (געוווינט אַף יוראָווצער 24), וועלכער האָט — טראָץ זײַן איבער־רײַסן מיטן יודענראַט — דאָך געהאַט דאָרטן זײַנע אַלטע קאָנטשאַפטן און אַרויסבאַקומען זײַטיקע יעדיִעס, וועלכע ער פלעגט איבערגעבן דעם באַד־פאַרוואַלטער. אַזוי אַרום איז דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט גע־ווען אינפאָרמירט וועגן אַ ריי גזיירעס און סאַקאָנעס, וואָס האָבן באַדראָט דאָס געטאָ אָדער די אונטערערדישע טוער. ד״ר האַלענדערסקי האָט אויך צוגעשטעלט וויכטיקע יעדיִעס פון דער „אַרישער זײַט, ווו ער איז אַ גע־

4) דאָרטן.

וויסע צײַט געווען באַשעפטיקט באַנאַנד מיט זײַן פאַך־קאָלעגע דעם אָקו־ליסט ד״ר קערשמאַן.

אהרן אַסקאָלאַ האָט זיך באַטייליקט אינעם אויפשטאַנד און איז געפאַלן אַפן פּאָסטן 5).

כ אַ י ע  מ ע נ ד ע ל ס אָ ן  („העלאַ) — אַ באַגאַבטע פּעדאַגאָגן, אַן אַפּשטאַמיקע פון בריסק און אַ לערערן פון די וואַרשעווער צישאָ־שולן, אין די יאָרן 1939—1941 אין ביאַליסטאָק — אַן אינספּעקטאָרן פון די ייִדישע מעלוכעשע לערן־אַנשטאַלטן. אַן אַלטע רעוואָלוציאָנערקע, מיט־גליד פון ק. פּ. פּ. אויסערלעך אַ באַהערשטע און רויִקע, אָבער מיט אַן אינערלעכן גלי. די כאַוויירים האָבן זי געקענט ווי אַן אויסערגעוויינלעך האַרציקן מענטש. זי איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך טייקעף גענומען צו אונטערערדישער ווידערשטאַנד־אַרבעט. אַ פּאַנאַטישע קעמ־פערן פאַר אַן איינהײַטלעכן אַנטיפאַשיסטישן נאַציאָנאַלן קאַמפס־פראָנט. געאַרבעט האָט זי אין געטאָ ווי אַ סאַניטאַרקע אין דעם געטאָ־אָפּטייל פון רויטן קרייִץ, געווידמעט האָט זי זיך די פאַרלאָזטע ייִדישע קינדער. דאָס איז געווען די מאַמע פון די יעסוימים פון געטאָ. זי האָט זיי דער־צויגן און געזאָרגט פאַר אַלע זייערע באַדערפענישן.

כאַיע מענדעלסאָן איז געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט אינעם אויפ־שטאַנד 6).

אַרום דעם קאָמיטעט האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרופּע טרײַע טוער, וואָס האָבן אויסגעפירט די אַרבעט אַף פאַרשיידענע געביטן, צו וועלכע זיי זײַנען באַשטימט געוואָרן.

איינער פון די וויכטיקסטע און נאָענטסטע מיטאַרבעטער פונעם קאָמיטעט איז געווען  י אָ ס ע ף  ד ר יי ע ר.

יאָסעף דרייער — אַ געבוירענער אין גריצע אין יאָר 1900 — האָט געשטאַמט פון אַ פאַראָרעמטער קליינבירגערלעכער פאַמיליע. צו 16 יאָר הייבט ער אָן אין געהיים צו שטודירן די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור. ער איז איינער פון די גרינדער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן אין זײַן שטעטל, דערנאָך שאַפט ער די גריצער פאָלקס־ביבליאָטעק א״נ פון י. ל. פּערעץ און אַ ייִדישע פאָלקס־שול. זינט 1928 ווערט ער — ווי אַ

5) ארטן.
6) דאַרטן.

קאָמוניסט — אויסגעוויילט אין גריצער שטאָט־ראַט; ער ווערט באַ־רימט מיט זײַנע רעוואָלוציאָנערע רעדעס. בעייס איינעם פון אָט די אַרויסטריטן באַקומט ער אַ האַרץ־אַטאַק און בלײַבט שוין קראַנק אַ גאַנץ לעבן. די ווײַטערדיקע ביאָגראַפיע פון יאָסעף דרייער געשטאַלטיקט זיך ווי דער גורל פון יעדן פּראָלעטאַרישן טוער. ער גיט אַוועק דאָס לעבן רעשט־לאָז דער באַוועגונג. ער איז טעטיק אין וואַרשע און אין גאַליציע. אין די יאָרן 1936—1937 אָרגאַניזירט ער אין גריצע דעם קאַמף קעגן די סאַנאַ־טאָריש־ענדעקישע פּאָגראָמשטשיקעס. אַ געוויסע צײַט פאַרברענגט ער אין טפיסע. צגלײַך מיט אַ סאַך אַנדערע פּאָליטיש פאַרפאָלגטע קומט ער אָן סאָף 1939 קיין ביאַליסטאָק 7).

דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ זעלטענעם כאַראַקטער — אַ האַר־מאָנישער סינטעז פון גוטסקייט און שטאָלענער פעסטקייט. אַ מעסוקן קראַנקער און דאָך אָן אייביק מונטערער און אַקטיווער. לעכאַטכילע האָט ער אין געטאָ זיך געפּרוווט דערנערן ווי אַ פיזישער אַרבעטער אין אַ בעק־קערײַ. אָבער ער האָט צוליב זײַן קראַנקייט געמוזט וואַרפן די שווערע אַרבעט. אַ צוגעשמידטער צום קראַנקן־בעט, האָט יאָסעף דרייער פון אָנהייב אָן געפּריידיקט די אידעע פון דירעקטן קאַמף. ער האָט אין זײַנע שלאָפּע הענט געהאַלטן אַ נישקאָשעדיקן טייל פון די אינערלעכע פעדים פון דער אומלעגאַלער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָקערשט גענומען אויס־פיקן. זײַן וווינונג אַף קופּיעצקע 11 איז געווען דער טרעף־פּונקט פאַר די אָנפירנדיקע אַקטיוויסטן פון דער אַרומיקער פּראָווינץ. דרייער איז טאַקע געווען דער, וואָס האָט געהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די כאַווײרים פון גראָדנע און אַפילע פון ווײַטן סלאָנים, וווהין עס זײַנען אין די ערשטע טעג אַוועק און שפּעטער אומגעקומען אַזעלכע וויכטיקע טוער ווי מוישע נאָוואָגרודסקי („מאָניעק”), דאָוויד ריכטער, געלער און אַנדערע אָנפירנ־דיקע קאָמוניסטישע אַקטיוויסטן.

יאָסעף דרייער איז געווען די נעשאָמע פון דער אָרגאַניזאַציע, דער שטענדיקער באַל־יויעץ אירער, אַ מענטש מיט אַ קלאָרן, לאָגישן אַרט דענקען. אַפילע פון וואַלד, פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג איז מען געקומען צום שווער־קראַנקן אָפּטימיסט זיך שאָעל־אייצע זײַן וועגן וויכ־טיקע פּאָליטישע און שלאַכט־פראַגן. 8).

7) לויט די אָנגאַבן פון פרוי צ. דרייער.

8) ג"א פון ל. טשאַפּניק (מעכאַבערס אַרכ').

איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פונעם קאָמיטעט און שפּע־טער אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון דער דאָזיקער צענטראַלער אינסטאַנץ פון דער באַוועגונג איז געווען שלוימע־לאָזער יאַקובאָוויטש („מיעטעק", „מיעטעקעוויטש"). יאַקובאָוויטש האָט געשטאַמט פון טשענ־סטאָכאָוו, ווו ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1888 באַ אַ טאַטן אַ דרעקס־לער־אַרבעטער. יאַקובאָוויטש האָט אַדורכגעמאַכט אַ לעבן פון אַ פּראָלע־טאַרישן וואָגלער אין די צײַטן פון קאַפּיטאַליזם. ער האָט געאַרבעט אין שלעזיע אין אַ קוילן־גרוב, דערנאָך אַוועקגעוואַנדערט קיין וועסטפאַליע, ווו ער איז אין שטורמישן יאָר 1923 אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער אַרבעט פאַר אָרגאַניזירן שטרײַקן. מיר טרעפן אים דערנאָך אין בערלין ווי אַן אַרבעטער אין אַ זייגער־פאַבריק, ווו ער באַהערשט דעם פאַך פון אַ מעכאַניקער פון פּרעציזע מאַשין־טיילן. אין יאָר 1930 קערט ער זיך אום קיין פּוילן. ער וואַרפט זיך אַרײַן אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטי־קייט. ער בויט אויס די צענטראַלע טעכניק פון דער אומלעגאַלער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי, צווישן אַנדערע — די באַרימטע טעכניק אַף לעשנא. ער באַזוכט מאָסקווע. אומעטום לערנט ער זיך. ער האָט נאָך פריִער געענ־דיקט אין בערלין די הומבאָלד־הויכשול און אַרבעט איבער זיך ווײַטער. אין סעפּטעמבער 1939 ראַטעוועט ער זיך — ווי אַ סאַך אַנדערע פון זײַן שניט — אין ביאַליסטאָק. ער אַרבעט אין אַ מעטאַל־פאַבריק און בילדעט זיך קעסיידער. אין געטאָ שטייט ער צו צו אַקטיווער טעטיקייט לעפּי ערעך שפּעטער, נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע, מאַכמעס אַ ריי פּערזענלעכע סיבעס. אָבער איינמאָל צוגעטראָטן, ווערט ער וואָס ווײַטער אַלץ אַקטיווער און רוקט זיך אַרויס אין די פאָדערשטע רייען. ער ווערט באַשטימט פאַרן פאָרשטייער פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין דער קאָאָרדיניר־קאָמיסיע מיט אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען אין געטאָ־אונטערערד און פירט אויס די אָנפאַרטרויטע וויכטיקע שליכעס בעשליימעס 9).

ער איז געפאַלן אינעם אויפשטאַנד. — אינײנעם מיט אים האָט גע־קעמפט זײַן כאַווערטע זאָשיע יאָסקאָוויטש, אַ באַקאַנטע רע־וואָלוציאָנערע טוערן פון לאָדזש. ביידע זײַנען זיי געפאַלן אין קאַמף בעייסן אויפשטאַנד צוזאַמען מיטן פּערצניאָריקן זון 10).

9) לויט די אָנגאַבן פון פרוי לעוואַרטאָווסקאַ און ג"א פון מ. בוד.
10) ג"א. פון מ. בוד.

דער נאָענטסטער מיטקעמפער פון יאַשקע קאָווע און דאַניעל מאַש־קאָוויטש אַפן געביט פון געווער־פאַרגרייטונג איז געווען וועלוול וואָל־קאָוויסקי.

וועלוול וואָלקאָוויסקי איז אַ קינד פון ביאַליסטאָקער יידישן טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט און ער האָט אַדורכגעמאַכט דעם טיפּישן וועג פון אַ באַוווּסטזיניקן יידישן וועבער־אַרבעטער. ווען ער איז נאָך גע־ווען אַ קינד, איז אים אָפּגעשטאָרבן דער פאָטער. פון די יונגסטע יאָרן מוז ער דעריבער שווער אַרבעטן אין אַ פאַבריק, קעדיי צו דערנערן זיך און די מוטער. אַן אָנגעלייענטער אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור וואַרפט ער זיך אַריין אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער איז איינער פון די פירער פונעם קלאַסן־פאַריין פון די טעקסטיל־אַרבעטער אין ביאַליסטאָק. ער רוקט זיך אַרויס ווי אַן אַקטיווער קאָמוניסטישער טוער אין די יאָרן 1932—1933 בעיס די גרויסע שטרייקן פון טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט. ער געהערט צום שטרייק־קאָמיטעט און נעמט אָנטייל אין דעם גאַסן־קאַמף פון די סופּראַסלער וועבער קעגן דער פּאָליציי. דאָס קאַפּיטאַליסטישע געריכט באַשטראָפט אים דערפאַר מיט פיר יאָר שווערער טורמע. אָפּגעזעסן דעם אורטייל און אַרויס אַף דער פרײַ, וואַרפט זיך וואָלקאָוויסקי ווידער אַרײַן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער ווערט באַנײַס אַרעסטירט, דאָס מאָל וואַרט אַף אים נישט די טפיסע־קאַמער, נאָר דער קאָנצלאַגער אין קאַרטוז־בערעזע, ווו ער שמאַכט אָפּ 17 כאַדאָשים. אַ דערלײַכטערנדיקע אָטעם־פּויזע אין זײַן שווערן לעבנס־וועג איז דער צײַט־אָפּשניט 1939—1941. אונטער די שפּעטעריקע אָקופּאַציע־באַדינגונגען שטעלט זיך וואָל־קאָוויסקי פון ערשטן מאָמענט צו דער אַרבעט. ער איז איינער פון די ערשטע, וועלכע וואַרפן דעם געדאַנק פון ווידערשטאַנד, באַוואָפענונג און זעלבשוץ.

וואָלקאָוויסקי איז אַ מוסטער פון דרײַסטקייט. ער נעמט אָנטייל אין באַרימטן איבערפאַל אַפן געווער־מאַגאַזין פון ס.ס. אַף מאַנאַפּאָל־גאַס, אַדאַנק דער קאַמף־אַקציע האָט די אָרגאַניזאַציע דעראָבערט אַ גרעסערע צאָל הייס געווער (וועגן דעם — ווײַטער). ער באַטייליקט זיך מעסירעס־נעפעשדיק אין אויפשטאַנד, האַלט זיך געבוג לאַנג און פירט אויס זײַן כויוו ביזן סאָף 11).

11) ג"א פון ק. באַראַקין און וו. יאַשינאַווסקי.

אַן אָרטיקער ביאַליסטאָקער איז אויך דער אַקטיווער טוער פון דער אַנטיפאַשיסטישער געטאָ־אָרגאַניזאַציע זאַלמען פעלדער — אַ מעטאַל־אַרבעטער. פעלדער איז אויך געקומען צו דער געטאָ־אונטערערד אַ דערפאַרענער מיט יאָרן קאַמף קעגן דעם סאַנאַציע־רעזשים און אַנטי־סעמיטיזם אין פאַרמילכאָמעדיקן פוילן. אַ קענער פון קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט איז ער איינצײַטיק געווען פאַרהאַרטעוועט דורך יאָרן סאַנאַציע־טפיסע, ווו ער איז פאַרשפאַרט געוואָרן פאַר זײַן קאָמוניסטישער טעטי־קייט. אין דער געטאָ־טקופע איז ער אַקטיוו סײַ אין שטאָט, סײַ אין וואַלד, פירט אויס גאַנץ אָפט די פאַראַנטוואָרטלעכע שליכעס פון אַ פאַרבינדלער צווישן דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע און די פאַרטיזאַנער. ער איז געפאַלן אינעם אויפשטאַנד 12).

דער דריטער אָרטיקער ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט זיך אַרויסגערוקט אין דער פאָדערשטער ריי פון דער ווידעשטאַנד־באַוועגונג, איז געווען העניעך פאַרבער, אַ טוער פון די לינקע סטודענטן־קרײַזן אין ביאַליסטאָק אין די יאָרן 1925—1930. אַ געררוידעפּטער דורך דעם סאַנאַציע־רעזשים און — מאַכמעס ווי אַ ייִד קאָן ער נישט שטודירן דאָס, צו וואָס ער שטרעבט, — מוז פאַרבער פאַרלאָזן פוילן אויף אַ לענ־גערער צײַט. ער לערנט אין פּראָג און ענדיקט אַף אַן אינזשיניער־עלעק־טריקער. אין דער געטאָ־טקופע שטעלט ער זײַן וויסן אין רעשוס פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און ווידמעט זיך דער זאַך פון פּראָדוצירן גע־ווער. ער באַטייליקט זיך אינעם אויפשטאַנד און איז מאַמשיך דעם קאַמף אין וואַלד, ביז ער פאַלט מיט אַ העלדן־טויט אין סעפּטעמבער 1943 13).

דער פערטער אַנטיפאַשיסטישער געטאָ־אַקטיוויסט — דער לערער גרישע לונסקי איז געווען פּאָפּולער אין די קרײַזן פון דער ייִדי־שער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. ער איז אַן אַגיטאַטאָר, אַן אונטערער־דישער זשורנאַליסט, אַן אָרגאַניזאַטאָר פון הילף פאַר סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, אַ פאַרטיזאַן. גרישע לונסקי איז געפאַלן אַפן פּאָסטן 14).

---

12) דאָרטן; אויך: ג"א פון מאָרדכע יאַניש, אַרכ' יו"ה"א, פּראָט' 1838.
13) דאָרטן.
14) דאָרטן.

אין נאָמען פון דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט קאָאָרדינירט די אַרבעט פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פּאַראַלעל מיט די קרײַזן פון די עלטערע, יעהודיס נאָוואָגרודזקא („יודיטאָ״) — די פרוי פון אומגעקומענעם קאָמוניסטישן טוער מוישע נאָוואָגרודזקי („מאָניעק״). יעהודיס האָט געשטאַמט פון וואַרשע, פון אַן אינטעליגענטישער היים. פון די יונגע יאָרן איז זי געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק — צוערשט אין „ז.מ.ס.״, אין דעם לינקן פאַרבאַנד פון דער שול־יוגנט; יודיטאָ איז געווען איינע פון די אַקטיווסטע אינעם קאָנספּיראַטיוון „ז.מ.ס.״־קרײַז אין דער גימנאַזיע פון פרוי קאַלעצקאַ, ווו זי האָט זיך געלערנט. פון דעם דאָזיקן שילער־קרײַז האָט געפירט אַ גלײַכער וועג אין די רייען פון קאָמיוג און פון דאַנען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זי איז געווען אַ פעיִקע אָרגאַניזאַטאָרן און האָט פאַרמאָגט דעם קויעך צו באַגײַסטערן און מיטרײַסן. אַ מענטש מיט אַ פעסטן כאַראַקטער און שטאַרקן ווילן, האַגאַם שוואַכן געזונט, האָט זי אייפעריק און מיט אַקשאָנעס געקעמפט פאַר אירע פּרינציפּן. אין דער געטאָ־טקופע, איז זי געווען ערנסט קראַנק אָפן האַרץ און דאָך נישט אָפּגעשטאַנען פון דער אַרבעט. אַלט איז זי דעמאָלט געווען אַ יאָר 35. זי איז געפאַלן אין אויפשטאַנד 15).

דירעקט בעראָש פון דער אַנטיפאַשיסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען די 20־יעריקע ביאַליסטאָקערן סאָרעלע ראָזענבלאַט, אַ טאָכטער פון אַ באַקאַנטן פּעדאַגאָג, געוועזענעם פאַרוואַלטער פונעם לערן־טייל אין דער אַלטער ייִדישער גימנאַזיע. סאָרעלע האָט געהאַט איר באַזונדערן כעשבן מיט די דײַטשע ראָצכים. איר טאַטע איז פאַרשניטן געוואָרן יענעם טראַגישן שאַבעס. זי האָט זיך געשטעלט אין רעשוס פון דער באַוועגונג און מיטגעריסן די יוגנט מיט איר שטענדיקער שלאַכטגרייטקייט 16).

די צוויי ענערגישע כאַווערטעס — יעהודיס נאָוואָגרודזקי און סאָרעלע ראָזענבלאַט — האָבן פונאַנדערגעוויגט דעם יוגנט־געביט.

צו די שענסטע פרויען־געשטאַלטן אין דעם אַקטיוו פון דער אָרגאַניזאַציע האָט געהערט סאָניע רוזשאָווסקאַ, אַן אָפּשטאַמיקע פון שטעטל

15) נ״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
16) דאָרטן.

לאכווע, אַ לערערן פֿון פֿאַך. זי האָט זיך פֿאַרנומען מיט צוויי געביטן: מיט דער טעכניק און מיט מיליטערישער אויסשולונג. אָנהייב 1942 האָט זי גרופּירט אַרום זיך כאַוויירים אויסגעדינטע זעלנער און געשאַפֿן דעם קערן פֿון דער שפּעטערדיקער זעלבשוץ אינאיינעם מיט די אַקטיוויסטן נאָכעם שטעפּער, ליאָלעק מינץ, פּסאַכיע מאַלער און עליע בוימאַץ. זי איז געווען אַ נאָענטע מיטאַרבעטערן פֿון דאַניעל מאָשקאָוויטש. סאָניע האָט זיך באַטייליקט אין די קאַמפֿן פֿון דער ערשטער זעלבשוץ. איר ווײַטערדיקער דערנער־וועג האָט געפֿירט דורך אָשוויענטשים. זי האָט דערלעבט די טעג פֿון באַפֿרײַונג 17).

צווישן דער יוגנט איז טאַקע געפֿירט געוואָרן אַ ברייטע טעטיקייט. די ערשטע אַנטיפֿאַשיסטישע קרײַזלעך בײַ דער יוגנט זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן שוין ווינטער־צײַט 1941. „אין מעשעך פֿון עטלעכע וואָכן — טיילט מיט דער ביאַליסטאָקער יוגנט־אַקטיוויסט ב. וואַסערשטיין, — זײַנען אַנטשטאַנען אַזוי פֿיל קרײַזלעך, אַז עס האָט געמוזט געשאַפֿן ווערן אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע מיט אַ יוגנט־קאָמיטעט בעראָש״ 18).

די ווידערשטאַנד־לאָזונגען האָבן שנעל געטראָפֿן צו די הערצער פֿון דער יוגנט. פֿון אירע רייען זײַנען אַרויסגעקומען אַזעלכע העלדישע מיידלעך און באָכערים ווי די גאָר יונגינקע לערמאַן, ווי בירא שוריק, די טאָכטער פֿון „שאַבעסדיקן״ אַווראָם שוריק (דער פֿאָטער, אַן אַקטיווער קאָמוניסט און „געזערד״־טוער, האָט זײַן באָס יעכידקע געהאָט אַ נאָמען געגעבן  ב י ר א  ווי אַ סימען פֿון ליבשאַפֿט צו ביראָבידזשאַן), ווי מיקא דאַטנער, כאָנע לעוו („סטאַשיעק״), ווי נאָסן (נאָטקע) גאָלדשטיין, ווי טאַנכום פּאָגאָרעלסקי און אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט סײַ אין דער באַוועגונג, סײַ אין קאַמף — אינעם אויפשטאַנד, אָדער אין וואַלד 19).

אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט פֿון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אויסגעצייכנט — באַנאַנד מיטן אַרן אָסקאָלאַ, יאָסעף דרייער און גרישע לונסקי — די אַקטיוויסטן פֿרידע פֿעל, סאָלאָמאָן, קאַפּלאַן, די ברידער קאָזשעץ.

---

17) ג״א פֿון פּ. בוימאַץ און ר. וואַיסקאָווסקאַ.
18) ג״א פֿון ב. וואַסערשטיין, אַרכ׳ יװ״א, פּראָט׳ נר 19.
19) ג״א פֿון ליזע טשאַפּניק און אַניע רוד.

פרידע פעל איז געווען איינע פון די זעלטנסטע געשטאַלטן אין געטאָ — זי האָט טאָמיד אַרײַנגעבראַכט אין דער סוויווע זוניקן שמייכל און איז געווען אַ טרעגערן פון אָפּטימיזם. די לעבנגעבליבענע כאַווײרים קאָנען ביז הײַנט נישט פאַרגעסן אירע לײַכטנדיקע אויגן. מיט אַ שמייכל האָט זי געטראָגן דעם בײַטל מיט די אומלעגאַלע קאָמוניקאַטן. זי האָט אָנגעפירט מיט דער טעכניק פון דער קאָנספּיראַטיווער אָרגאַניזאַציע; מיטן זעלביקן שמייכל האָט זי אַרײַנגעקוקט אין די בעטלעך פון די וויינענדיקע קינדער — זי האָט געאַרבעט ווי אַ דערציִערן אין אַ יעסוימים־היים — און דער שמייכל האָט טייקעף געווירקט, דאָס קינד האָט אויפגעהערט וויינען, זיך צעשמײכלט, ווי זעענדיק פאַר זיך אַ גוטע טײַערע מאַמע 20).

די טעכניק פון דער אָרגאַניזאַציע האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, וועלכער איז אינסטאַלירט געוואָרן בעסוידע סוידעס אין דער דירע פון די ברידער שאָלעם און פײַוול קאָזשעץ אָף פאַבריק־גאַס 39. די דאָזיקע ברידער מיט דעם עלטערנס פרוי רעגינע האָבן פאַרנומען אַ פּאַרטער־דירע און אין אַ גוט־פאַרקאָנספּירירטן אונטערערדישן בונקער האָבן זיי באַהאַלטן דעם ראַדיאָ. די דײַטשע מאַכט האָט עפּעס געוווסט וועגן אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט אין געטאָ, דער יודענראַט האָט אַפּילע וועגן דער סאַקאָנע געוואָרנט די באַפעלקערונג, האָט מען דעריבער געמוזט זײַן זייער פאָרזיכטיק 21). מאַכמעס דעם זײַנען די העקטאָגראַפירטע ביולעטינען — לויט די ראַדיאָ־יעדיִעס — די ערשטע צײַט אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין רוסיש און נישט אין ייִדיש, קעדיי נישט אַרויסצורופן קיין כשאַד לעגאַבע דעם געטאָ. די קאָמוניקאַטן פלעגן אויפנעמען קאַפּלאַן און אינזשעניער אָשער סאַלמאַן — דער לעצטער האָט געקענט אַסאַך שפּראַכן. דערנאָך האָט מען אין פרידע פעלס וווינונג אָף טשעפּלע 1 רעדאַגירט און העקטאָגראַפירט די ביולעטינען. דער ביולעטין איז געווען קימאַט אַ טעגלעכער. פון געטאָ זײַנען די ביולעטינען און די יעדיִעס צעגאַנגען איבערן גאַנצן אַרום. איינער פון די בעסטע און טרײַסטע קאָלפּאָרטערן פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור איז געווען דער יוגנטלעכער יוזשעק מאַרגאָליס 22).

---

20) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
21) עס זײַנען געווען אין געטאָ נאָך ראַדיאָס, וועגן דעם — ווײַטער.
22) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ, מ. בוך און פ. קאָזשעץ.

פון ערשטן טריט אירן האָט די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע געצו־מען טראַכטן וועגן צוגרייטן אַ זעלבשוץ 23). מיט אָט דעם איניען האָבן זיך פון דער ערשטער צײַט אָן אינטערעסירט — אַכוץ דעם אָנפירנדיקן קאָ־מיטעט און זײַנע נאָענטסטע מיטאַרבעטער — אויך די אַקטיוויסטן פון דער אָרגאַניזאַציע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויסגעטיילט אַ ריי גע־שטאַלטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ באַזונדערער מעסירעס־נעפעשדיקייט, דינענדיק ווי אַ מוסטער פאַר דער יוגנט. אָט זײַנען עט־לעכע פון זיי:

פ ס אַ כ י ע  מ אַ ל ע ר (פסעוודאָ „טאַדעק״) — געבוירן אין יאָר 1912 אין נײַ־סאַנטש אין אַ פרומער, סאָכרישער היים. פון די פריסטע יאָרן פירט ער אַ רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, ווי אַן אַקטיוויסט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, פאַרוואָס ער ווערט אַרויסגעוואָרפן פון גימ־נאַזיע. אין יאָר 1930 איז ער געצוווּנגען צו עמיגרירן קיין פראַנקרײַך, וווּ ער שטודירט דעקאָראַטיווע קונסט. נאָכן צוריקקומען פון פּאַריז פירט ער אַ רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער אין זאַגלעמביער קוילן־ראַיאָן און ווערט דערפאַר באַזײַטיקט פון פּאָסטן. ער מוז ווײַטער וואַנדערן, באַזעצט זיך אין וואַרשע, אַנטלויפט אין סעפטעמבער 1939 קיין ביאַליסטאָק. דאָ געהערט ער צו די אַקטיווסטע צוגרייטער פון באַ־וואָפנטן ווידערשטאַנד 24).

ר י וו ע  וו אַ ר ש אַ וו ס ק י, אַ לערערן פון פאַך, נישט געקוקט דערויף וואָס זי האָט געהאַט אַ פיצל קינד, האָט זי בעשום אויפן נישט געוואָלט רעזיגנירן פון אַקטיווער טעטיקייט. אַף אַלע טײַנעס פון די כאַ־ווײרים, אַז אַפילע אין די געפערלעכסטע מילכאָמע־סיטואַציעס ווערט אַ מוטער פון אַ קליין קינד באַפרײַט פון מיליטער־דינסט, האָט זי קעסיי־דער דערווידערט מיטן ווײַטערדיקן אַרגומענט: „מײַן קינד קאָן איך באַ־שיצן נאָר אין קאַמף, פאַרטיידיקנדיק אַנדערע קינדער!״. דאָס דאָזיקע וואָרט אירס איז באַקאַנט געווען צווישן דער אַקטיוויסטן־מאַסע און האָט געדינט ווי אַ באַגײַסטערנדיקער לאָזונג צו מעסירעס־נעפעש אין קאַמף 25).

---

23) דאָרטן.

24) לויט די אָנגאָבן פון מאַלערס שוועסטער העלענע שפּילמאַן און ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ, מ. בוך א״א: פסאַכיע מאַלער איז אַ ברודער פונעם היסטאָריקער ד״ר רעפאַעל מאַלער.

25) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

איר נאָענטסטע קאַמף־כאַווערטע איז געווען די לאָדזשער לערערן טאַניע סעגאַל, אַ שלאַכט־גרייטע און קעמפערישע, די אַלמאָנע נאָכן „שאַבעסדיקן" בערשלינג 26).

און אין איין ריי מיט די צוויי אַקטיוויסטנס איז געשטאַנען די קאָמוניסטקע פּאַצאַנאָווסקי. צוזאַמען געאַרבעט אין אונטערערד און צוזאַמען געפאַלן אינעם אויפשטאַנד 27).

צו דער לאָדזשער גרופּע אַקטיוויסטן, וואָס זײַנען געוואָרן אַ בײַשפּיל פאַר אַנדערע, דאַרף מען אויך פאַררעכענען האנקע לעווינסאָן, די געוועזענע פאַרשטייערן פון דער לינקער ריכטונג אין לאָדזשער שטאָט־ראַט; אין געטאָ האָט זי געזאָרגט וועגן קאָנספּיראַטיווע טרעף־ערטער פאַר די כאַווערים; ווײַטער: די אַלמאָנע נאָך אָווראָם שוריק — העלא שוריק, אַ מיטגליד פון ק.פּ.פּ, העפטערן פון פּאַך. אין דער וואַרשעווער גרופּע פון די אַנטיפאַשיסטישע אַקטיוויסטן האָבן זיך אויסגעצייכנט האנקע עלסנער, אַ קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָט טאַקע אירע קוואַליפיקאַציעס און וויסן אַף דעם געביט אויסגענוצט פאַר דער באַוועגונג, אָרגאַניזירנדיק זייער פּרי אַ קורס פון סאַניטאַרקעס פאַר דער געטאָ־זעלבשוץ און פאַר די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד; מיטן זעלביקן איניען האָט זיך פאַרנומען אויך רעניא וויערניק, אַ פרעבל־דערציערן פון וואַרשע, אַ געבוירענע אין קראַסניסטאַוו, אויך אַן אַלמאָנע נאָך אַ „שאַבעסדיקן", אַן איבערגעגעבענע כאַווערטע, וועלכע איז דורכן וואַלד גערופן געוואָרן „די פּאַרטיזאַנישע מאַמע". מען דאַרף באַטאָנען די ראָל פון אבראַשע פּאָגעלמאַן („קאָליאַ") — אַ טוער פון די לינקע האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון וואַרשע, אַליין אַ ווילנער — ער האָט זיך מאַטעריעל זייער געפּײַניקט אינאיינעם מיט דער פאַמיליע אין ביאַליסטאָקער געטאָ; ווײַטער די קאָמוניסטן: קראַמאַזש, די קליינע פראַנקע פון טעקסטיל, די צוויי אַלמאָנעס נאָך „שאַבעסדיקע" כאַנע קעניגסבערג, אַ מאָדיסטקע פון פאַך, און אַניעלאַ מוראַוויעץ, אַ שנײַדערן; זייער כאַווערטע עדזשיע אײַזענשטיין, אַ שנײַדערן; פראַנקע פרענקעל, אַמאָל אַן אָנגעשטעלטע אין אַ ווורשט־געשעפט אין וואַרשע, איינע פון די סאַמע שרעקלאָזע קעמפער־

26) דאָרטן.
27) דאָרטן.

פון ביאַליסטאָקער געטאָ; גערשטענקאָרן — פון די וואַרשעווער לינקע האַנדלס־אָנגעשטעלטע. צו די, וואָס האָבן די ערשטע געוויזן אַ פערזענלעכן ביישפּיל פון אַקטיוון קאַמף, דאַרף קוידעמקאָל פאַררעכנט ווערן די ביאַליסטאָקער כאַווערטע ראָכל ראָזענשטיין 27א).

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די קאָרבאָנעספולע טעטיקייט פון די כאַ־ווערטעס, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די שליכעס איינצוהאַלטן די קאָנ־טאַקטן מיט דער אויסערלעכער וועלט, מיט די פריינט און פאַרבינדעטע אויף יענער זייט לעבן. אויף דעם דאָזיקן אומגעהייער וויכטיקן געביט רוקט זיך אַרויס אין דער ערשטער ריי בליומע לאַקס (פּסעוודאָ: „קוויע־טאַ״) איינע פון די שטאַרקסטע כאַראַקטערן אין דער פּלעיאַדע אונטער־ערדישער געטאָ־קעמפער. די דאָזיקע זאָקן־אַרבעטערן פון לאָדזש, וועלכע האָט געהאַט אַ שווער, געמאַטערט לעבן פון אַ פּראָלעטאַרקע, האָט אימ־פּאָנירט דעם אַרום מיט איר גרענעצלאָזער ערלעכקייט און איבערגעבענ־קייט. אַ 34־יאָריקע אין יענער גרויליקער צייט, אַ מענטש מיט אַ לאַנגן סטאַזש פון קאָמוניסטישער טעטיקייט, האָט זי זיך געווידמעט דעמאָלט דער סאַמע געפערלעכסטער פונקציע פון אַרויסגיין אויף דער „אַרישער״ זייט, ווי די פאָרשטייער פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט פון געטאָ, נישט געקוקט דערויף, וואָס איר אויסזען איז געווען ווייט נישט קיין „גוטער״. פונדעסטוועגן האָט זי קיין דורכפאַלן נישט געהאַט און דערפילט אַלע שליכעס בישליימעס. בליומע לאַקס האָט פאַרמאָגט אַ מאָדנעם קויעך פון אינסטינקט פאָרויסצוזען, ווען די זאַך וועט אַדורכגיין בעשאָלעם און ווען עס וועט קומען אַן אומגליק. ערעוו דער ערשטער ליקווידאַציע האָט זי געזאָגט צו אירע כאַווערטעס: „איך וועל מאָרגן אומקומען, פאַר מיר זאָלט איר מער קיין מיטאָג נישט צוגרייטן. די שוואַרצע פאָרויסזאָגונג איז — צום טרויער פון די כאַוויירים — מעקוייעם געוואָרן 28).

לעפי ערעך אין דער זעלביקער צייט איז אומגעקומען אויך די צווייִ־טע מעסירעס־נעפעשדיקע פאַרבינדלערן מיט דער „אַרישער״ זייט כאַווע שוואַרץ („עוואַ״). דאָס איז געווען אַ 40־יעריקע אַקטיוויסטקע פון לינקן האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַריין פון וואַרשע. אַן אויסזען האָט זי שוין דאָווקע געהאַט אַ „גוטן״. זי האָט זיך טאָמיד אַזוי צוגעקעמט און צורעכט

27א) לויט די אויבן־ציטירטע גוויִעס איידעס.
28) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

געמאַכט, אַז מענטשן האָבן אין איר געזען אַן אַלטע קריסטלעכע פּאָלקס־פרוי, וועלכע גייט דערליידיקן שטוב־איניאַנים. עווא שוואַרץ איז געווען זייער אַ דרייסטע. נישט געקוקט אַף אירע פערציק יאָר, איז זי לײַכט און פלינק געשפּרונגען איבער פּלויטן און זיך אַרויסגעגליטשט פון די הענט פון די שפּיאָנען. בעיס דער ערשטער ליקווידאַציע אין פעברואַר 1943 איז זי אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון געשטאַפּאָ און האָט זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט 29).

די פאַרבינדונג מיטן וואַלד האָט אַ לענגערע צײַט דורכגעפירט אַ ד ע ל אַ ה ע ר ץ, די אַלמאָנע נאָכן „שאַבעסדיקן" מוישע גרינבוים. דאָס איז געווען אַ מיטל־יעריקע אַרבעטער־פרוי מיט אַ סטאַזש פון קאָמוניסטישער און לינק־פּראָפאַריינישער טעטיקייט הינטער זיך. אַ סאַך מאָל איז זי געווען הין און צוריק פון וואַלד אין געטאָ. אומגעקומען איז זי אינאיינעם מיט אירע נאָענטע כאַווײרים בעיסן אויפשטאַנד 30).

צו די פלינקסטע און זיכערסטע פאַרבינדלער מיטן וואַלד האָט גע־הערט מ ו י ש ע ב ו ך („מאַרעק"), אַ וואַרשעווער כאַווער מיט אַן אויסזען פון כוואַטסקן „שייגעץ" 31). אינעם געטאָ־פעריאָד איז דער הויפּט־געביט פון בוכס רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט געווען די געוועזענע קאַזאַרמע פון צענטן פולק אולאַנער, ווו עס איז אַ דאַנק די בוכס גע־שאַפן געוואָרן אַ צענטער פון ווידערשטאַנד־ און געווער־פאַרגרייטונג.

אינאיינעם מיט מוישע בוכן איז געווען אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע זײַן פרוי רוזשקע אסיאַש פון וואַרשע, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון פאַך, אַ טוערן פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד פון פוילן און אַ מיט־גלידערן אין דער לאַנד־אָנפירונג פון דער רעוואָלוציאָנערער קינדער־אָר־גאַניזאַציע „פיאָניער". נישט געקוקט אַף דעם, וואָס זי האָט געהאַט אַ צוויי־יאָריק קינד, האָט זי בעיס דער ערשטער ליקווידאַציע געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. זי איז געפאַלן אין גערוואַנגל (אַף אַגראָדאָווע גאַס) 32).

צו די קאָרבאָנעס־גרייטע אַקטיוויסטן פון דער אָרגאַניזאַציע האָט גע־

29) דאָרטן.

30) דאָרטן.

31) מ. בוך האָט דערלעבט די באַפרײַונג.

32) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

הערט סימכע בוימאַץ (דער ברודער פונעם שפּעטערדיקן פּאַרטיזאַנישן קאָ־מאַנדיר עליע בוימאַץ), אַ טעקסטיל־אַרבעטער פון זדונסקע וואָליע מיט יאָרן קאַפּיטאַליסטישער טפיסע הינטער זיך. סימכע בוימאַץ, אַ שווער קראַנקער, האָט זיך — נישט געקוקט אויף דעם — גלייך אָנגעשלאָסן אין דער אַלט־נייער אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען אַ לעבעדיקע צייטונג פאַר די כאַווירים, פלעגט אויסגראָבן יעדיעס פון אונטער דער ערד און געהאַט די פעיקייט אַרויסצולייענען צווישן די שורעס פון די דייטשע בלעטער. דאָס איז געווען אַ געשאַמעדיקער כאַווער, וועלכער האָט געזאָרגט וועגן דער באַוועגונג אַפילע ליגנדיק צוגעשמידט צום בעט. ער איז געפאַלן בעיס דעם ערשטן ווידערשטאַנד 33).

די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע איז נישט באַשטאַנען פון בלויז אַלטע רעוואָלוציאָנערן. די לעצטע האָבן געבילדעט דעם אידעאָלאָגישן קערן פון די קרייזן. אָבער די מיטגילדערשאַפט און דער אַקטיוו האָט געהאַט אַסאַך אַ ברייטערן פאַרנעם. אין דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך גע־פונען אַ מאַסע פון אומפאַרטייִשע יידישע מענער און פרויען, וועלכע זיינען אַהערגעקומען, געפירט דורכן דורשט צו ווידערשטאַנד, נעקאָמע, אָנשלוס אינעם אַלגעמיינעם קאַמף־אָנשטרענג פון דער פרייהייט־ליבנדי־קער מענטשהייט קעגן היטלעריזם. פון די אומפאַרטייִשע אַנטיפאַשיסטן זיינען אַרויסגעקומען אַ ריי דרייסטע קעמפער. צו די שענסטע געשטאַלטן פון געטאָ־אונטערערד האָט געהערט פ אָ ל י ע ד ל ו ג א ָ ט ש. אַ שפּי־טאָל־פלעגערן פון לאָדזש, וועלכע איז דורך די פירער פון דער באַוועַ־גונג נישט איינמאָל אַרויסגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ מוסטער פון איבער־געגעבנקייט. פאָליע דלוגאָטש האָט געוווסט פון איין זאַך: העלפן אַנ־דערע! האָט מען זי טאַקע אין די אונטערערדישע רייען אַ נאָמען געגעבן „מאַלעך".

ווי מיר זעען, האָט זיך אין דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע גע־פונען אַ נישט קליינע צאָל קראַנקן־שוועסטער. ביכלאַל דאַרף געזאָגט ווע־רן, אַז איינע פון די צענטערן פון דער באַוועגונג איז געווען דער שפּיטאָל, וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען ד"ר אָוואַדיע קאַפלאַן. דאָ האָט זיך טאַקע קאָנצענטרירט אַ גרופּע אומפאַרטייִשע דאָקטוירים און פלעגערנס.

33) ג„א פון פּ. קאַזשעץ און ק. באַראַקין.

וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט און שטאַרק געהאָלפן דער ווידערשטאַנד־אָר־גאַניזאַציע. כוץ פאַליע דלוגאַטש האָבן צו דער דאָזיקער גרופּע געהערט איר שוועסטער סאָניע דלוגאַטש, אויך אַ קראַנקן־שוועסטער, דער כירורג ד״ר טעוויע ציטראָן, דער געוועזענער סטודענט פון ליווערפּולער אוני־ווערזיטעט סימאָן האַלפּערן, וועלכער איז דאָ געווען באַשעפטיקט ווי אַ קעסל־הייצער, דער אינזשעניער־כעמיקער סאַרעוויטש, וועלכער האָט דאָ געאַרבעט ווי אַ וועכטער, און זײַן פרוי, אַ דאָקטאָרן. אין אָט דעם שפּי־טאָל איז געשלאָפן בעשאַטע אַנטאָני יאַקובאָווסקי, אין דעם דאָזיקן בנין האָט מען געמאַכט געהיימע זיצונגען. די דערמאָנטע סימפּאַטיקער זײַנען געשטאַנען אָף דער וואַך. וועגן דעם אַלעמען האָט געוווּסט דער שפּי־טאָל־דירעקטאָר ד״ר קאַפּלאַן, ער האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און זיך גוט באַצויגן צום גאַנצן איניען. איבעריקנס, איז דער שפּיטאָל נישט געווען פאַרדעכטיקט. כווילאַים פלעגן גיין אַרײַן און אַרויס, און קיין קראַנקע האָבן נישט געפעלט. דער פּונקט איז געווען זייער אַ באַקוועמער. ווײַל אַרום האָבן געוווינט ס׳ראָוו טוער פון דער באַוועגונג. נישט קיין וווּנדער אויך, וואָס דאָ איז שפּעטער געווען אַ צענטער פונעם אויפ־שטאַנד 35).

די אומפּאַרטייִישע מיטאַרבעטער פון דער באַוועגונג האָבן אַרויס־געוויזן אַ קאַטעגאָרישע קעגנערשאַפט צו פּראָדוקטיווער מי לעטוויווץ דעם סוינע. אַזוי האָט דער אינזשעניער סאַרעוויטש געוויזן אַ פּערזענלעכן מוסטער פון מעסירעס־נעפעשדיק באַיקאָטירן יעטוועדע אַרבעט, וואָס קאָן גיין לעטויוועס דעם פײַנט. ער האָט בעשום אויפן נישט געוואָלט גיין אַר־בעטן באַ זײַן הויך־קוואַליפיצירטן פאַך. ער האָט געזאָגט: „איך זאָל אפילע שטאַרבן פון הונגער, וועל איך נישט אַרבעטן פאַר די דײַטשן; איך וויל אַלע מײַנע קויכעס אָוועקגעבן נאָר פאַר די לײַדנדיקע ייִדן״. ער האָט זײַן וואָרט מעקאַיעם געווען און האָט אָנגענומען דעם דאָלעסדיקן פּאָסטן פון אַ וועכטער אינעם ייִדישן שפּיטאָל, דינענדיק אייגנצײַטיק דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג 36).

אין די ערשטע כאָדאָשים פון 1942 האָט די אַנטיפאַשיסטישע אָר־גאַניזאַציע געציילט עטלעכע הונדערט ייִדישע און פּוילישע מיטגלידער.

35) ג״א פון ט. ציטראָן און ס. בוך.

36) ג״א פון ע. בוימאַץ.

סײַ די געטאָ־אָרגאַניזאַציע, סײַ די פּוילישע איז באַשטאַנען פון קרײַזן. אַזוי זײַנען אין געטאָ געווען קרײַזן: אַף נײַ־וועלט 16 (סעקרעטאַר פון קרײַז: ייִסראָעל לערמאַן); אַף נײַ־וועלט 5 (סעקרעטאַר: בראָניע מאַרגאָליס, די פרוי פון פּאַרטיזאַן יוזשעק מאַרגאָליס); אַף רוזשאַנער 4 (סעקרעטאַר: יאָסל ליכטנשטיין, געוו. מיטגליד פון ק.פּ.פּ., דאָס איז געווען דער אַלטער באַקאַנטער פּאָרזיצער פון לינקן האָלץ־פּאַריין אין וואַרשע); אינאיינעם מיט ליכטנשטיינען איז געווען טעטיק אין ביאַליסטאָקער געטאָ־אונטערערד זײַן כאַווער ייִסראָעל סטאָליער, אָדער „דער ווײַסער ייִסראָעל"; יאָסל ליכטנשטיין האָט געוווינט אַף קופּיעצקע 1; ווײַטער: אַף נײַ־וועלט 22 (סעקרעטאַר פון קרײַז: מיריעם קאַפּלאַן); אַף טשענסטאָכאָווער 6 (סעקרעטאַר העניעק גאָלדשטיין); אַף קופּיעצקע 31 (סעקרעטאַר: מאָרדכע אָקון) 37). דאָס איז בלויז איין טייל פון די קרײַזן, וואָס עס געדענקט איין מענטש. קעמערלעך פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געפונען אויך אין דער פּילץ־פּאַבריק, אין ערשטן קאָמבינאַט, אַפן געביט פון די קאַזאַרמעס פון 10טן און 42טן פּולק, פון 14טן ד.אָ.ק., אין דער כעמישער וועשערײַ 38). וואָס שײַעך דער צאָל מיטגלידער פון אַ קרײַז, קאָן מען זיך מעשאער זײַן פון דעם, וואָס לעמאָשל, דאָס אַנטי־פּאַשיסטישע קעמערל אַפן געביט פון דער כעמישער וועשערײַ האָט געציילט אַכצן פּערזאָן; פון די אַקטיוויסטן־אָנפירער פונעם דאָזיקן קעמערל קאָן מען אויסרעכענען מאָרדכע יאַניש („מיעטעק"), דאָוויד פּײַן („דיידוס") פון סופּראַסל און אַ כאַווער פון אָסטראָווע, וועמענס נאָמען איז געבליבן אומבאַקאַנט 39).

וועגן דעם פאַרנעם פון דער אָרגאַניזאַציע קאָן איידעס זאָגן די גרויס פון די קרײַזן אַפן געביט פונעם ערשטן טעקסטיל־קאָמבינאַט. טכילעס 1942 זײַנען דאָ געוואָרן דורך דער אָרגאַניזאַציע אַרומגענומען קימאַט אַלע ייִדישע אַרבעטער און אַ געוויסע צאָל פּוילישע (אינעם קאָמבינאַט זײַנען דעמאָלט געווען באַשעפּטיקט אַן ערעך 400 ייִדישע אַרבעטער). די אָרגאַניזאַציע האָט זיך דאָ פאַרנומען נישט בלויז מיט זאַמלען געלט פאַר די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע (עס פלעגן זיך באַשטייערן קימאַט אַלע אַרבעטער, אָראָפּנעמענדיק גלײַך פון די סכירעס),

37) ג"א פון י. לערמאַן אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 2950.
38) ג"א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ און מ. בוד.
39) ג"א פון מ. יאַניש אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 1828.

נאָר אויך אָנגעהויבן מאַכן און צוגרייטן געצײַג אַרויסצודרייען באַן־שי־נעס. דער איקער האָבן זיך דער דאָזיקער זאַך געווידמעט די כאַווײרים, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער שלאָסערײַ פונעם קאָמבינאַט אונטער דער אָנפירונג פון רוזון קראַמאַזש, מוליע „קאַטשעמאַך״, דאָוויד דער הויכער, עליע בוימאַץ, אַ געוו. אַרעסטירטער אין קאַרטוז־בערעזע. צווישן די אַק־טיוויסטן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אינעם ערשטן טעק־סטיל־קאָמבינאַט האָבן זיך אַרויסגערוקט נײַע יונגע קויכעס, ווי לעמאָשל, דער 18־יעריקער יאַנקעוו מעלאַמעד (פסעוודאָ „איוואַן״). נאָך באַראַשעס באַקאַנטן אַרויסטריט קעגן דער אונטערערד און די „פרעמדע״ (זע אויבן), האָט מען זיך אָפּן ערשטן קאָמבינאַט גענומען שטאַרק קאָנספּירירן, אָבער קיינער איז נישט אָפּגעפאַלן פון דער אָרגאַניזאַציע. נישט געקוקט אַף באַראַשעס העצע און טראַץ דער מאַסנהאַפטיקייט פון דער באַוועגונג אינעם קאָמבינאַט, האָט דאָ נישט געטראָפן קיין איין פאַל פון מעסירע 40). איבעריקנס, האָט אַזוינס נישט פאַסירט אויך אַף אַנדערע געביטן.

איינער פון די רירעוודיקסטע קרײַזן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָר־גאַניזאַציע איז געווען דער קרײַז פון די רימער־אַרבעטער. סעקרעטאַר פונעם קרײַז איז דאָ געווען דער לאָדזשער יוריסט אַרנאָלד גאָלדשטיין, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלער אָנפירונג דורך גרישע לונסקי. אינעם קרײַז האָבן זיך אויסגעצייכנט סראָלקע פעלדער, סיאָמקע בערקמאַן, כאַים גוטמאַן, קאַלמען באַראַקין. אַפן קרײַז האָט מען זיך פאַרנומען נישט בלויז מיט פּאָליטישער טעטיקייט נאָר אויך מיט גרייטן געווער 41).

איינע פון די, וואָס האָבן דורכגעפירט די קאָנטאַקטן צווישן די קרײַז־סעקרעטאַרן און דעם קאָמיטעט, איז געווען עוואַ שוואַרץ. דעם קאָנטאַקט צווישן איין טייל קרײַזן און אַ צווייטן, אַ שטייגער צווישן די קרײַזן פון נײַ־וועלט און די קעמערלעך אַף רוזשאַנער, האָט געהאַט סעוועק פּעלץ 42).

די אויפגאַבעס פון די קרײַזן זײַנען געווען אין דער ערשטער ריי:

---

40) ג״א פון ע. בוימאַץ.
41) ג״א פון ק. באַראַקין.
42) ג״א פון מ. סאַניש דאַרטן.

זאַמלען געווער, קלײַבן ידיעות פון די פראָנטן און זיי פאַרשפּרייטן, פירן אַן אויפקלער־אַרבעט צווישן דער באַפעלקערונג 43).

אַף אָט די קרײַזן זײַנען דערצויגן געוואָרן נײַע קאַדרען פון דער אָרגאַניזאַציע. עס זײַנען פון די קעמערלעך אַרויסגעקומען אַסאַך שפּע־טערדיקע מוטיקע קעמפער הען פונעם אויפשטאַנד, הען פון פּאַרטיזאַנישן קאַמף: כוץ די פריִער דערמאָנטע, אויך — לילקע מאַלאַרעוויטש, מילע ראָזען, יאַנקל מעלאַמעד, סאַרע דערעטשינסקי (פון לאָדזש), סאַלע ראָזענ־פעלד (פון וואַרשע), שטערן און צענדליקער און הונדערטער אַנדערע באַ־כערים און מיידלעך 44).

די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע פון געטאָ איז נישט געווען אָפּ־געריסן פון דער גאַנצער פרײַהייט־באַוועגונג אין שטאָט און אין אַרום. עס איז געווען אַן ענגער קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזאַציע מיכוץ די גע־טאָ־מויערן. כוץ דעם קאָנטאַקט מיט די כאַוויירים פון דער „אַרישער" זײַט און מיטן וואַלד האָט מען זיך אָנגעשטרענגט צו האָבן אַ פאַרבינדונג מיט וואַרשע, ביפראַט מיט דער אונטערערד פון וואַרשעווער געטאָ. אַף אָט דעם געביט האָבן גרויסע פאַרדינסטן אַ ריי פּוילישע באַן־אַרבעטער. שפּעטער האָט זיך אַף דעם געביט אויסגעצייכנט אַ פורמאַן ראָמעק, אַ זון פון אַ טאַטן אַ ייִד און פון אַ מוטער אַ פּוילישע. ער האָט נישט בלויז פאַרמיטלט אין פראַט פון בריוו צווישן געטאָ ביאַליסטאָק און געטאָ וואַר־שע, נאָר האָט אויך איבערגעשמוגלט מענטשן. ווינטער־צײַט 1942 איז ראָמעק אַרײַנגעפאַלן און איז שוין קיין לעבעדיקער פון דעם סוינעס האַנט נישט אַרויס 45).

אַ דאַנק אָט די קאָנטאַקטן איז אָנהייב זומער 1942 דערגאַנגען א״ז די קרײַזן די בסורע, אַז עס האָט זיך געשאַפן אין וואַרשע די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי, די פּ. פּ. ר. אינגיכן האָבן די זעלביקע דרײַסטע פאַר־בינדלער געבראַכט אַן ערשטמײַיקן אויפרוף פון דער נײַער פּוילישפראָ־לעטאַרישער פּאַרטיי 46). זיי האָבן אויך — אינאיינעם מיט אָט דעם דער־מוטיקנדיקן רוף — געבראַכט פון וואַרשע נאָך איין דאָקומענט, אַ טרויע־

43) נ״א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ.
44) נ״א פון ע. בוימאַץ.
45) נ״א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ, ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
46) נ״א פון י. לערמאַן אַרכ׳ ייִה״א, דאַרטן.

ריקן, אזא וואס האט געמאכט פארגליווערן דאס בלוט אין די אדערן — די איעוו־בסורע וועגן טרעבלינקע 47).

אבער האגאם ביז דעמאלט, ביז זומער 42טן יאר, האט די אנטי־פאשיסטישע אונטערערד אין ביאליסטאק נאך נישט געהאט אין איר רעשוס קיין דאקומענטאלע באווייזן פון דעם גרויליקן עמעס וועגן טרעב־לינקע, האבן פונדעסטוועגן די פירער פון אט דער באוועגונג זינט דער ערשטער רעגע אן געווארנט און גערופן די יידן זיך נישט לאזן איינוויגן דורך קיין שום האוואכעס, זיך נישט רירן פון ארט און נישט אוועקגיין אין גיירעש.

אין דער צייט פון דער פרוזשאנער אקציע האבן די אנטיפאשיסטן אפן און דרייסט גערופן די יידן נישט צו פארן און האבן געפירט אן אגי־טאציע קעגן דעם יודענראט, וועלכער פארשיקט אין אויפטראג פון דער דייטשער מאכט טייל יידן קיין פרוזשאנע 48). די אנטיפאשיסטישע אר־גאניזאציע האט זיך נישט באגרענעצט צו אגיטאציע. זי האט זיך בא־מיט צו געפינען אן אייצע, אן אויסוועג פאר די באדראטע יידן. פון סלא־נים, ערעוו דער שוידערלעכער שכיטע, האט דער אנטיפאשיסטישער קא־מיטעט באקומען א יעדיע פון דעם כאוועד סאנע ראזענבלום, אז עס איז שלעכט. דער קאמיטעט האט טייקעף געשיקט צו די סלאנימער כאוויי־רים א בריוו מיט אן אנווייזונג: רייסט זיך אדורך קיין ביאליסטאק, נעמט מיט זיך וואס מער יידן! 49). אבער עס איז שוין געווען צו שפעט.

אזוי ארום האט זיך אליץ שטארקער ארויסגערוקט פארן אנטיפא־שיסטישן קאמיטעט די פראגע פון מאמאשעסדיקער פארטיידיקונג. אבער צוגלייך מיט אט דער לעבן־נויטווענדיקייט האט ארויסגעטויכט ווי איינער פון אירע פארבאדינגונגען דאס אויסברייטערן די רייען פון דער ווידער־שטאנד־באוועגונג, דאס אויסזוכן אין געטא פארבינדעטע און מיטקעמפער, דאס שאפן אן אנטיפאשיסטישן נאציאנאלן געאייניקטן קאמף־פראנט. אין יענער צייט זיינען אין ביאליסטאקער געטא־אונטערערד געווען נאך עט־לעכע ריכטונגען, אף וועלכע דער אנטיפאשיסטישער קאמיטעט האט גע־ווענדעט זיין אויפמערקזאמקייט.

---

47) נ״א פון מ. בוד; פארגלייך אויך אין ארכ׳ יזה״א, די מאטעריאלן 53/46 און 77/46.

48) נ״א פון י. לערמאן (מעכאבערס ארכ׳).

49) דארט.

ווי עס איז צו זען פונעם אויבנגעזאָגטן, זײַנען די אײַנפלוסן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע געווען גרויס. אין לעפּי־ערעכדיקע צי־פערן קאָנען זיך די אײַנפלוסן אויסדריקן אַט ווי אַזוי: די ענגע אָרגאַניזאַ־ציע גופע, וועלכע איז באַשטאַנען פון מאַרקסיסטן, האָט געציילט עטלעכע הונדערט מיטגלידער; די ברייטערע אָרגאַניזאַציע צו וועלכער עס האָבן געהערט סײַ אידעאָלאָגיש רײַפע מאַרקסיסטן און סײַ אומפּאַרטייִשע אַנ־טיפאַשיסטן, האָט אַרומגענומען מער מענטשן; די זעלבשוץ האָט אויך געהאַט אַ ברייטערע מאַסן־באַזע. די אײַנפלוסן פון דער אָרגאַניזאַציע און פון אירע אַרומיקע קרײַזן האָבן אַרומגעכאַפּט אַנגעזעענע טיילן פון די אַרבעטנדיקע עלעמענטן אין געטאָ. 50).

50) ג"א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ, מ. בוך, ק. באַראַקין, פּ. קאַזשעץ.

# קאַפּיטל פיר

## דער גערανגל פאַרן איינהייטלעכן קאַמף־פראָנט

די ערשטע, מיט וועלכע די טויער פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט האָבן זיך פאַרבונדן, זײַנען געווען די שאָמרים, וועלכע האָבן זיך געיאַוועט אין ביאַליסטאָקער געטאָ סאָף 1941. סאָף 1941 קומט אָן קיין ביאַליסטאָק די ערשטע גרופּע שאָמרים פון ווילנע, גראָדנע און סלאָנים 1), ווו די לאַגע פאַר די ייִדן איז שוין דעמאָלט סאַקאָנעס־נעפאָשעסדיק. דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ, וועלכע האָט, ווי געזאָגט, געהאַט אַ שעם פון אַן אָרט מיט אַ פאַרהעלטנישמעסיקער רו, איז געווען אַ צוצי־קראַפט פאַר ייִדן. כוץ דעם האָט ביאַליסטאָק פאַרמאָגט פאַר ייִדישע אונטערערדישע טוער אַ באַזונדער באַטײַט ווי אַ שטאָט, וואָס ליגט אַפן שליאַך וואַרשע—ווילנע און וואָס קאָן אַזוי אַרום דינען ווי אַ בריק צווישן די ווידערשטאַנד־באַוועגונגען אין די דאָזיקע צוויי גרויסע געטאָס.

אין דער ערשטער שאָמרישער גרופּע, וואָס איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, האָבן זיך געפונען: די ווילנער יאַנקעוו לעביעד (אַנדזשעי), סאָרע דעוועלטאָוו און דער קאַלישער זאָרעך זיסקינד זילבערבערג (אויך געקומען פון ווילנע 2). אינגיכן זײַנען צוגעקומען נאָך — דער ווילנער דאָוויד, די גראָדנער כאַסיע ביעליצקא, ליאָנטשיק, סיאָמע קושניער, יוינע קוואַרט, לייבל ווײַנשטיין, יויכעוועד טאוב, ציליע שאַכנעס, עליאָהו וואַראַט, אַווראָם ווידערמאַן, אמנון פּאַט, לאָבזאָווסקי, יענטל און העניע סיוואָוויטש, כאַיקע ריבאַק, ציפּוירע גרובאַלק, דער מינסק־מאַזאָוויעצקער גע־

---

1) „פּראָטאָקאָל פון די דערקלערונגען פון כאַיע גראָסמאַן וועגן דער זעלבשוץ פון ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ׳ יי״ה״א, אַקט פון 25טן דעצעמבער 1944 ; אויך — קאָרטשאַק זז" ל און לב.

2) דאָרטן.

דאַליע 3). אין פרילינג 1942 קומען צופאָרן, אויך פון ווילנע, עליאָהו באָראַק („עדעק") און כאַיקע גראָסמאַן („האַלינאַ"). עס האָט זיך אין די דאָזיקע רייען געפונען דער פּאָליציאַנט שיִע, וועלכער איז ספּעציעל גע־וואָרן אַרײַנגעשיקט אין דער אָרדענונגס־דינסט. די שאָמרים האָבן אײַנ־געאָרדנט אַ קיבוץ אַף קופּיעצקע 11 און אויפגעשטעלט אַ קיך אַף טשענ־סטאָכאָווער. אַף טשעפּלע האָבן זיי געגרינדעט אַ האַכשאַראַ־פּונקט, ווו זיי האָבן געאַרבעט אין אַ יעראָקעס־גאָרטן און געפירט אַן אַליינבילדונג־ און קולטור־אַרבעט. דער שאָמרישער אַקטיוו האָט זיך געפונען אַף נײַ־וועלט 16 4). דער שאָמרישער גדוד האָט געטראָגן דעם נאָמען „טעל אָמעל" 5).

פון דער אָפּגעזונדערטקייט האָט אַרויסגעריסן די שאָמרישע גרו־פּע עליהאָו באָראַקס („עדעק"), וועלכער איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק פון ווילנע אַ באַוואָפנטער מיטן פּראָגראַם פון דער אָקערשט־אַנטשטאַנע־נער פּאַראייניקטער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע (פּ.פּ.אָ.), בעראָש פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער אַלטער קאָמוניסטישער טוער איציק ווי־טענבערג. באָראַקס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך צו זײַנע כאַווײרים אין ביאַליסטאָק די צוויי הויפּט־לאָזונגען פון פּ. פּ. אָ.: אַקטיווער קאַמף קעגן אָקופּאַנט אַף אַלע אָפּשניטן און — אַנטיפאַשיסטישע אייניקייט 6). אי־בערגעפלאַנצט אָפן ביאַליסטאָקער באָדן האָט דאָס באַדײַט: אַרויסגיין פון די ד' דאַמעס פון האַכשאַראַ, פּאַרגרייטונג פון געווער און בעיִקער, פאַרשטענדיקונג מיט די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, מיט די קאָמו־ניסטן, מיט די אידעיִשע כאַווײרים פון איציק וויטענבערג.

עליע באָראַקס איז געבוירן געוואָרן אין קאַליש אין יאָר 1918 באַ אַ פאָטער אַן אייגנטימער פון אַ טריקאָטאַזש־פאַבריקל. געענדיקט די העַ־ברעישע גימנאַזיע אין קאַליש, איז באָראַקס געוואָרן אַן אַקטיוויסט פון „השומר הצעיר" און זיך געגרייט צו פאָרן קיין ערעציסראָעל. די מילכאָמע האָט אַ סאָף געמאַכט צו זײַנע טרוימען. ער דינט אין פּוילישן מיליטער אין ראַנג פון אַ קאַפּראַל און באַטייליקט זיך אין דער באַרימטער שלאַכט הינטער מלאַווע אין סעפּטעמבער 1939. אַנטלויפנדיק קעגן דער היטלע־

---

3) לויט קאָרטשאַק איז ער געבוירן אין לוּוויטש.
4) אַרן ליאַד: די „שאָמרישע יוגנט אין ביאַליסטאָקער ווידערשטאַנד־באַוועגונג", אַרכ' יִיה"א, פּראָט. נ' 2131.
5) גראָסמאַן, ז' 70.
6) קאָרטשאַק, ז' רקו.

ריסטישער אָקופּאַציע, באַזעצט ער זיך אין ווילנע. נאָכן אָנפאַל פון דײַטש־לאַנד אַפן ראַטנפאַרבאַנד, ווען ווילנע ווערט אָקופּירט, איז „עדעק" איינער פון די מיטאָרגאַניזאַטאָרן פון דער „פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע" אין ווילנער געטאָ. באַראַקס האָט זיך דאָ אויסגעצייכנט ווי אַ דרייסטער פאַרבינדלער פון די ייִדישע קעמפער מיט די פּוילישע און ליטווישע ווידערשטענדלער אַף דער „אַרישער" זײַט. אין דעצעמבער 1941 ווערט ער אַרויסגעשיקט אין אַ דעלעגאַציע פון ווילנער געטאָ־אונ־טערדערד קיין וואַרשע; די דאָזיקע דעלעגאַציע גיט דאָרטן איבער די איִעוו־בסורע פון פּאָנאַר. אָנהייב 1942 ווערט באַראַקס געשיקט קיין ביאַ־ליסטאָק, און דאָ אַנטוויקלט ער אַ ברייטע אונטערערדישע טעטיקייט 7).

„עדעקס" נאָענטסטע מיטאַרבעטער אין ביאַליסטאָקער געטאָ־אונ־טערערד זײַנען געווען זאָרעך זיסקינד־זילבערבערג, יויכעוועד טאָוב, ציליע שאַכנעס, כאַסיע ביעליצקאַ, כאַיקע גראָסמאַן. כוץ די לעצטע צוויי זײַנען אַלע אומגעקומען אין קאַמף.

זאָרעך זיסקינד־זילבערבערג איז געווען באַראַקסעס אַ בען־איר, אַ גע־בוירענער אין קאַליש, נאָר עלטער פון זײַן כאַווער מיט צוויי יאָר. אַ מענטש מיט אַ שפּרודלדיקער ענערגיע, איז ער געווען איינער פון די קעמפער פאַרן ווידערשטאַנד־געדאַנק. קיין ביאַליסטאָק איז ער אָנגעקומען אַ דורכ־גענומענער מיט גרויל און נעקאָמע־לעכצונג, נאָך דעם ווי ער איז געווען אַ דירעקטער איידעס פון די שוידערלעכע שכיטעס אין ווילנע און סלאָנים. אין שליכעס פון דער אונטערערד באַזוכט זאָרעך אין יאַנואַר 1942 גראָד־נע 8).

די 28יעריקע יויכעוועד טאָוב, אַ געבוירענע אין טשעכאַנאָוו 9), האָט מען אין די אונטערערדישע קרײַזן גערופן „די שאָמרישע מאַמע". דאָס איז געווען אַ טרײַע און שרעקלאָזע כאַווערטע, אַ גרייטע אַף אַלע קאָר־באָנעס 10). ענלעך צו איר אין כאַראַקטער איז געווען די גראָדנערן ציליע שאַכנעס, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר „אַרישן" אויסזען. ציליע האָט געקאָנט אַדאַנק דעם לײַכט זיך ראַטעווען דאָס לעבן און רויִק

7) נ"א פון ליזע טשפּניק און אַניע רוד.
8) דאָרטן.
9) דאָרטן. לויט א. ליאַד, איז זי געבוירן געוואָרן אין וולאָצלאַוועק
10) דאָרטן.

אויסדויערן אַף דער קריסטלעכער זײַט. זי האָט אָבער געזאָגט: „ווו אַלע, דאָרטן וועל איך אויך זײַן“ 11).

די שאָמרים האָבן לעכאַטכילע געפּרוווט זיך פאַרשטענדיקן פון אייך זײַט מיטן יודענראַט, פאָדערנדיק פון אים הילף בײַ גרייטן אַ ווידער־שטאַנד, פון דער צווייטער — מיט דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. דער פּרווו מיטן יודענראַט ברענגט טייקעף אַ ביטערע אַנטוישונג. „דער יודענראַט טראָץ דער דעליקאַטער ווענדונג דורך כ. גראָסמאַן און נישט אָפענעם אויפן פון ריידן, האָט דעם געדאַנק (פון ווידערשטאַנד — ב. מ.) צו זיך נישט צוגעלאָזט“ 12). עס פאַרשטייט זיך, אַז לעגאַמרע אַנדערש איז געווען דער ענטפער פון דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט.

דער קאָנטאַקט צווישן דעם גוט־פאַרקאָנספּירירטן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און די שאָמרים איז לעכאַטכילע געגאַנגען דורך דער לערערן שיינע לעווין־פּאַט. די שאָמרים פון ווילנע האָבן געהאַט אַ בריוו פון אי־ציק וויטענבערג צום ביאַליסטאָקער קאָמוניסט ליאָלעק מינץ 13). מיט דער שאָמרישער דעלעגאַציע האָט אָנגעפירט עליע באָראַקס. דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט האָט פאַרטרעטן כאַיע מענדעלסאָן און פרידע פעל. די טרעפונג איז פאָרגעקומען אין אַ דירע אַף פאַבריק־גאַס אַנטקעגן דעם יעסוימים־הויז. „די קאָמוניסטן — דערציילט כאַיקע גראָסמאַן, דער אייג־ציק־לעבן־געבליבענער אייד־ריע, — האָבן אונדז אויפגענומען מיט אָפע־נע אָרעמס“ 14). דער קאָנטאַקט ווערט אײַנגעשטעלט און פאַרקניפּט. די פּלאַטפאָרם פון דער דערנענטערונג איז — ווידערשטאַנד. מען האָט זיך, נאַטירלעך, נישט באַלד צונויפגערעדט וועגן אַלע פּראָבלעמען און איניאָנים; עס איז קלאָר, אַז עס זײַנען געווען אויך ערנסטע שייד־ליניעס: ביפראַט די פראַגע פון דער באַציִונג צו די אַנדערע ציאָניסטישע גרופּעס, וועלכע הייבן זיך אָן יאַווען אין געטאָ. די מיינונג־פאַרשיידנהייטן אַרום די אַנדערע ציאָניסטישע גרופּירונגען, ביפראַט בענויגייע די רעכטע פּויאַליי־ציאָן, דריקט זיך אויס אָט אין וואָס: פירנדיקע מענטשן פון די רעכטע פּויאַליי־ציִען, לעמאָשל — כמיעלניק, באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט פון יודענראַט, און דער כאָלעץ יִיצכאָק ענגעלמאַן איז דער שאָמער האַסאַף פון

11) דאָרטן.
12) „פּראָטאָקאָל פון די דערקלערונגען אא״וו“.
13) גראָסמאַן, ז׳ 61.
14) „פּראָטאָקאָל פון די דערקלערונגען אא״וו“.

באַראַשן אַליין; פון דעם האָט זיך גענומען דער אומצוטרוי פון די קאָמוניסטן, סײַ דער פּאָליטישער, סײַ אין הינזיכט פון קאָנספּיראַציע 15). אויב אין איניען יודענראַט איז גלײַך געקומען צו אַן אייניהייטלעכער שטעלונג, האָט די צווייטע פראַגע נאָך נישט באַקומען קיין לייזונג. ביפּראַט האָבן זיך די אַנטיפאַשיסטן מיט אומצוטרוי באַצויגן צו יִצחאָק ענגעלמאַן, וועגן וועלכן מען האָט גערעדט, אַז ער נעמט אַנטייל אין עקזעקוציעס איבער יִדן 16). אַזוי אַרום איז אין דער צווייטער פראַגע — מיטאַרבעט מיט אַלע אַנדערע ציִאָניסטישע גרופּירונגען — דערווײַל נישט געקומען צו קיין העסקעם, ביז עס וועלן נישט באַזײַטיקט ווערן אַזעלכע מניִעס ווי זייער מיטאַרבעט מיטן יודענראַט, ענגעלמאַן וקעדוימע. די אַנטיפאַשיסטן האָבן געוויזן אַ וועג פון פּשרעלאָזער שטעלונג צו די מיטאַרבעטער פונעם יודענראַט.

אַגעוו, האָבן די שאָמרים אויך מוירע געהאַט פאַר דעקאָנספּיראַציע: און האַגאַם זייער שעליִעך האָט זיך פון צײַט צו צײַט געזען מיט באַראַשן (דער שעליִעך איז געווען כאַיקע גראַסמאַן, ווי זי דערציילט עס אַליין אין איר בוך „אנשי המחתרת״), האָט די שאָמרישע גרופּע אַזוי רעאָרגאַניזירט איר אַרבעט, אַז זי איז באַשטאַנען פון צוויי קעמערלעך: איינס — דער אויסערלעכער קען פון „השומר הצעיר״ און אַ צווייטנס — דאָס אונטערערדישע קעמערל; נישט אַלע פון ערשטן קעמערל האָט מען צוגעלאָזט צום צווייטן 17).

אין מאַרץ 1942 איז דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק פון די קאָמוניסטן, שאָמרים און לינקע בונדיסטן געווען אַ פאַקט 18). דער דאָזיקער בלאָק האָט אָנגעהויבן פירן אַ פּרוקטבאַרע אַרבעט הען אָפן פּאָליטישן, הען אָפן באַוואָפענונג־געביט. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָאָרדינירקאָמיסיע, וועלכע זאָל אָנפירן מיט די איניאָנים

---

15) ג״א פון מ. בוד און י. ריווקינד (מעכאַבערס אַרכ׳).

16) ג״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד; יִצחאָק ענגעלמאַן זאָל האָבן שפּעטער, ערעוו נײַ־יאָר 1943 אויפגעשטעלט אַ טלִיע פאַר דרײַ אומשולדיק־פאַרמישפּעטע יִדן (וועגן דעם — ווײַטער).

17) גראָסמאַן, ז׳ 108.

18) צווישן אַנדערע האָט דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט באַקומען אַ שיפרירט בריוול פון יאָסעף לעוואַרטאָווסקי פון וואַרשע וועגן אַן אייניהײַטלעכן קאַמף־פראָנט; דאָס בריוול האָט געבראַכט כאַיקע, וועלכע איז גראָד געווען אויף אַ נעסִיע אין וואַרשע; זי איז פאַרבונדן געוואָרן מיט לעוואַרטאָווסקין דורך מאָרדכע אַניעליעוויטשן (לויט „אנשי המחתרת״).

פון געווער־פאַרגרייטונג און שלאַכט־אויסשולונג. אין דער קאָמיסיע זײַנען דעלעגירט געוואָרן: מיצאַד דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט — די קאָמוניסטן יאָשקע קאַווע, אָדער לייבוש מאַנדעלבליט, מיצאַד די שאָמרים — עליע באָראַקס, מיצאַד די לינקע בונדיסטן — שאָלעם פּראָפּאָרץ 19).

וועגן דער שאַפונג פון דעם פאַרייניקטן אַנטיפאַשיסטישן פראָנט האָט באָראַקס טייקעף מוידיע געווען די פּ.פּ.אָ. אין ווילנע, שרײַבנדיק צו זיי: „אין מאַרץ 1942 איז אַנטשטאַנען אין געטאָ ביאַליסטאָק אַ פאַראייניקטע גרופּע פון האַשאָמער האַצאַיר און קאָמוניסטן, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פירן אַן אויפקלער־אַרבעט אין דער געזעלשאַפט, צו אָרגאַניזירן די יוגנט, צו קומען אין פאַרבינדונג מיט קאַמף־אָרגאַניזאַציעס מיכוץ דעם געטאָ און זיך גרייטן צו ווידערשטאַנד מיט געווער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ הויפּט־קאָמענדאַטור, אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן: עדעק באָראַקס, יאָסעף קאַווע און דער בונדיסט פּראָפּאָרץ״ 20).

און ווײַטער שרײַבט באָראַקס אין זעלביקן בריוו וועגן דער שטעלונג פון „דרור״ צו דעם פאַראייניקטן אַנטיפאַשיסטישן קאַמף־בלאָק:

„דער „דרור״ האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַ געמיינזאַמקייט פון אַקציע מיט די קאָמוניסטן, ער איז אויך ווײַט געווען פון דער אידעע פון אַן אָרגאַניזאַציע פאַר באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אויך די קאָמוניסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַקציע־שותּפעס מיט די כאַווײרים פון אָרטיקן „דרור״ (עם חברי הדרור שבמקום)״ 21).

אין אָט די עטלעכע שורעס גיט באָראַקס אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון דער שטעלונג פון „דרור״, אָבער ווען ער רעדט וועגן דער שטעלונג פון די קאָמוניסטן (אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע) צום „דרור״, שטרייכט ער אונטער, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט מיטאַרבעטן מיט די **אָרטיקע** „דרור״־טוער. צו די אָרטיקע „דרור״־טוער האָט געהערט יִצחאָק ענגעלמאַן: צו די אַפּעטראָפּסים פון אָרטיקן „דרור״ האָבן געהערט די רעכטע פּויאַליי ציאָן־טוער, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיטן יודענראַט. אָבער נישט צו אַלע אָרטיקע דראָרניקעס האָבן די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס גע־

---

19) ג״א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ, ל. טשאַפּניק און אַ. רוד. (מעכאַבערס אַרכ׳). אין געוויסע גוויִעס איידעס ווערט ער אָנגערופן: **פּאָפּאָרץ**. עס קאָן זײַן, אַז דאָס איז דער ריכטיקער נאָמען.

20) קאָרטשאַק, ז׳ קדה.

21) דאָרטן.

האָט די זעלביקע נעגאַטיווע באַציִונג. פּאַרקערט: מיט אַ טייל אָרטיקע דראָרניקעס האָבן די קאָמוניסטן אײַנגעהאַלטן אַן ענגן קאָנטאַקט און זיי באַאײַנפלוסט. די דאָזיקע דראָרניקעס זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער טעטיקייט צו העלפן די סאָוויעטישע קריג־געפאַנגענע. אין נאָמען פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע פלעגט צו דער דאָזיקער גרופּע קומען כאַווע בלום. צו די אַקטיוויסטן פון אַט דער „דראָר"־גרופּע, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן געהערט ליפשיץ, לייבל בורשטין א"אַ 22). אָבער די שפּיצן פון אָרטיקן „דראָר" און רעכטע פּואַליי־ציאָן זײַנען צום פּאַראײַניקטן אַנטיפאַשיסטישן בלאָק נישט צוגעשטאַנען און געבליבן מיכוץ אים. מיכוץ דעם פּאַראייניקטן אַנטיפאַשיסטישן בלאָק זײַנען אויך פאַרבליבן די קלענערע גרופּעס פון „הנוער הציוני", „ביתר" און רעכטע בונדיסטן. די דאָזיקע גרופּע האָט געשאַפן אונטער דער אָנפירונג פון די רעכטע פּויאַליי ציאָן אַן אייגענעם קאָאַליציע־בלאָק. דער „השומר הצעיר" איז צוגעטראָטן אויך צו דער דאָזיקער קאָאַליציע, מיטאַרבעטנדיק איינצײַטיק מיטן פּאַראייניקטן אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. בעראָש פון דעם א. ג. „צווייטן בלאָק" זײַנען געשטאַנען: מערסיק (פון „דרור"), באַראַקס („השומר הצעיר"), פליישער („ביתר"), קוסטין („בונד"), סאַנע („הנוער הציוני") 23).

ווער זײַנען געווען און וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט איטלעכע פון אַט די ריכטונגען אין ביאַליסטאָקער געטאָ־אונטערערד?

דער „דרור" איז געוואָרן אין ביאַליסטאָקער געטאָ אַן אָרגאַניזאַציע און האָט גענומען אַנטוויקלען אַ טעטיקייט ערשט דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אַהער אַריבערגעפירט די אָפּגעראַטעוועטע גרופּע פון אָקופּירטן ווילנע 24). „ביאַליסטאָקער געטאָ איז געווען אַ גאַניידן" — שטעלט פעסט ציפּוירע בירמאַן. די פאָרשטייער פון וואַרשעווער „דרור"־צענטער טעמע שנײַדערמאַן און אַנקע קאַזשיבראָדזקאַ האָבן אָרגאַניזירט דאָס אַריבערפירן דעם „דרור"־קיבוץ פון ווילנע קיין ביאַליסטאָק. נישט אַלע מיטגלידער פון דער דאָזיקער „דרור"־גרופּע האָבן זיך לעכאַטכילע געפילט גוט אין דער אַטמאָספער פון באַראשעס מעלוכע, וועלכע האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט „רויק" צו לעבן אין די קיבוצים. „אַ מוירע האָט אונדז אַרומגע־

22) ג"א פון ל. טשאַפּניק און ב. פערעי.
23) אַרכ' יִזה"א, נ' 164/46.
24) ציפּוירע בירמאַן: „געטאָ ביאַליסטאָק", אַרכ' יִזה"א, נ' 1969.

נומען פון אַזאַ רויקייט", דערציילט אין אירע נאָטיצן ציפּוירע בירמאַן. גלייך פון אָנהייב האָבן זיך אַזוי אַרום אויסגעשיילט אין דער „דרור"־גרופּע — סײַ דער אַרטיקער, סײַ דער אָנגעקומענער — צוויי שיטעס: איינע, וועלכע האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף איבערלעבן, קעדיי עס זאָלן פּאַר דער צוקונפט בלײַבן לעבעדיקע איידעס פון דער אויסגעראָטענער כאַלוצישער באַוועגונג; און אַ צווייטע, וועלכע האָט געאָטעמט מיט דורשט צו נעקאָמע און באַלדיקן קאַמף 25).

באַם שמוגלען די „דרור"־גרופּע פון ווילנע קיין ביאַליסטאָק האָט געהאָלפן אַן עסטרײַכער, דער פעלדפעבל פון דער דײַטשער אַרמיי אַנטאָן שמידט, אַ קאָמוניסט פון ווין 26). אַנטאָן שמידט האָט אַריבער־געפירט די „דרור"־מיטגלידער אין זײַן מאַשין. אויסבאַהאַלטנדיק זיי פריִער אַ געוויסע צײַט בײַ זיך אין שטוב אין ווילנע. ער האָט אויך געהאָט אַריבערגעפירט שאָמרים און אַ סאַך סטאַם־ייִדן. בעייס איינעם פון די פּרוּוון אויסצופירן אַן ענלעכע אַרבעט איז אַנטאָן שמידט אַדורכגעפאַלן: ער איז דורך די היטלעריסטן אַף אַן אַכזאָריעסדיקן אויפן אומגעבראַכט געוואָרן.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט די נײַ־אָנגעקומענע „דרור"־גרופּע דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם רעכט־פּויאַליי־ציאָניסטישן טוער כמיעל־ניט געגנאָסן פון דער מאַטעריעלער שטיצע פון עפּראַיִם באַראַש. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קיבוץ אַף סמאָלנע 6 אונטערן נאָמען „תל חי" 27). שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן דורך דער וואַרשעווער פאַרשטייערן טעמע שנײַדערמאַן אַ סניף, אַ פּאַרטיישע אָרגאַניזאַציע (פּויאַליי־ציאָן צ. ס.). דער קיבוץ האָט געפירט אַ טעטיקייט אַף די אַלטע האַכשאַראַ־יעסוי־דעס 28).

עס איז קעדײַ זיך אָפּצושטעלן אַף עטלעכע געשטאַלטן פון „דראָר" — הירש מערסיק, ציפּוירע בירמאַן, כאַנויך זשעלאַזנאָגוראַ, יויכעוועד ווײַנשטיין, הערשל ראָזענטאַל, ייִסראָעל מאַרגאַליס, בראָניע וויניצקאַ. כוץ דער לעצטער זײַנען אַלע אומגעקומען.

הירש, אָדער צווי מערסיק איז געווען דער פירער פון דער גרופּע.

---

25) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
26) דאַטנער, „כורבן ביאַליסטאָק", ז' 35.
27) לעאָן ברוק: „מײַן לעבנס־וועג פון אָנהייב קריג", אַרכ' יזה"א, נ' 2590.
28) גראָסמאַן, ז' 169.

ער האָט געשטאַמט פון וואָלין, פון שטעטל מעלניצע, און איז פון די יונגסטע יאָרן געווען אַ מיטגליד פון דער כאַלוצישער באַוועגונג; אין יאָר 1938 איז ער אַפילו אויסגעקליבן געוואָרן אינעם מערקאַז, אין דער צענטראַלער אָנפירונג פון „החלוץ־הצעיר". קיין ביאַליסטאָק איז ער אָנגעקומען נאָך לאַנגע וואָגלענישן איבער די אָקופּירטע געביטן. דאָ האָט ער זיך געווידמעט דער אָרגאַניזירונג פון האַכשאַראָ און דער הילף־אַרבעט צווישן פּליטים, און אויך געזאַמלט מאַטעריאַלן וועגן די אַכזאָ־ריִעסן פון אָקופּאַנט, לייגנדיק דעם גרונטשטיין פאַר אַן אונטערערדישן אַרכיוו אין ביאַליסטאָקער געטאָ 29). פאַרקערנדיק אָפט צווישן פּליטים, האָט ער זיך אָנגעשטעקט מיט פלעק־טיפוס און איז געשטאָרבן פון אָט דער קראַנקייט. די כאַוויירים האָבן אים געמאַכט אַן עפּנטלעכע לעוויִע מיט קלעפּסידרעס און העספּיידים.

צווי מערסיק איז געווען אַ דרײַסטער מענטש. צוויי מאָל איז ער אין ווילנע אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די דײַטשן און זיך אַרויס־געדרייט. ער איז געווען אַ גוטער רעדנער, איז אַ סאַך אַרומגעפאָרן אומלעגאַל איבערן ביאַליסטאָקער ראַיאָן און האָט געהאַלטן רעדעס פאַר זײַנע אידעישע כאַווײרים. מען האָט אים אין די אייגענע קרײַזן גערופן — מיט די בעסטע קאַוואָנעס — „דער פּיִעכאָטנער מאַגיד", ווײַל אָפט־מאָל איז אים אויסגעקומען אַדורכצומאַכן גרויסע שטאַכים צופוס.

אָבער צווי מערסיק האָט נישט געהאַט קיין ריכטיקן בליק אַף דער לאַגע און אַף דער נאָענטסטער צוקונפט. „אַן אומגליקלעכער גלויביקער מענטש" — אַזוי כאַראַקטעריזירט אים זײַן נאָענטער אידעען־כאַווער מאָרדכע טענענבוים, וועלכער גיט צו צו מערסיקס כאַלוימעס, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז עס איז מעגלעך אין דער מילכאָמע־צײַט אַ כאַלוצישע אַליע קיין ערעציסראָעל, די ווערטער: „ס'וועט העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס; נאָך צוויי יאָר געטאָ גלייבט ער נאָך אין אַליע און ביפראָט אין אַליע פון כאַלוצים. אַ מענטש, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט צו דער שטורמישער צײַט" 30). צווי מערסיק איז געווען דער אויסדריקער פונעם „אַלטן סטיל" אין „דרור". צוליב זײַן נישט רעאַליסטישן בליק אַף דערווירקלעכקייט האָבן אים די אייגענע כאַווײרים גערופן — מערסיק מעקובל.

---

29) דאַטנער, „כורבן ביאַליסטאָק", ז' 32—41.
30) טענענבוים, נאָטיץ פון 21טן יאַנואַר 1943, אַרכ' יזה"א.

נאָך זײַן טויט האָט די אַרבעט פון זאַמלען די גרויל־דאָקומענטן איבערגענומען דער ווילנער דראָרניק געדאַליע פּעטלוק 31).

מערדיקס פרוי, כאַסיע, איז אויך געווען אַ טעטיקע מיטגלידערן פונעם כאַלוצישן קיבוץ „תל חי״.

די עוואָלוציע פון אַלט צו נײַ לאָזט זיך באַמערקן בײַ אַ צווייטן געשטאַלט פונעם קיבוץ „תל חי״, בײַ ציפּוירע בירמאַן. אַ מיידל מיט ליטעראַרישער באַגאַבונג, האָט זי איבערגעלאָזט אַ מערקווירדיקן דאָקו־מענט סײַ פון די שטימונגען אין געטאָ־אונטערערד, סײַ פון דער געשיכטע פון דעם קיבוץ „תל חי״. זי האָט אויך איבערגעלאָזט די גענויע רעשימע פון די קיבוץ־מיטגלידער 32).

ציפּוירע איז געווען אַ לענגערע צײַט אַן אָנהענגערן פון ראַטעווען דעם קערן פון דער פאַרבליבענער כאַלוצישער באַוועגונג פאַר דער צו־קונפט און ווײַטערדיקער אַרבעט. אַזוי אַרום איז זי — אָביעקטיוו גענו־מען — געווען קעגן אַקטיוון ווידערשטאַנד. שפּעטער האָט זי דורכגע־מאַכט אַן ערנסטע עוואָלוציע. זי איז געוואָרן אַ לײַדנשאַפטלעכע טרע־גערן פון געדאַנק: „תמות נפשי עם פלישתים״. זי גיט זיך סאָף־קאָל־סאָף אָפּ אַ דין וועכעשבן, אַז קיין אַנדער וועג, ווי אַקטיווער קאַמף, איז נישטאָ. די דעציזיע איז בײַ איר געקומען נאָך אַ לאַנגן אינערלעכן געראַנגל און אַ דאַנק דער צודרינגלעכער דערציִערישער טעטיקייט פון די אַנטיפאַ־שיסטן 33). זי שרײַבט אין אירע נאָטיצן, וואָס זי האָט פאַרצייכנט פאַרן

31) דאָרטן, נאָטיץ פון 25טן יאַנואַר 1943.

32) זי האָט איבערגעלאָזט די פאָלגנדיקע רעשימע פון די מיטגלידער פונעם קיבוץ: כאַסיע מערדיק, אַ געבוירענע אין מעלניצע, ציפּוירע בירמאַן פון ווילנע, נעכאָמע מאַנדעל פון לוצק, נעכאָמע לײַוונט פון לאָדזש, ייִסראָעל מאַרגאָלים פון פּינסק, אַריע שנײַדער פון לאָדזש, סאָרע קנאָפּינסקאָ פון יעזשאָרי, מוישל ראָטבאַרד פון מלאָווע, ייִצכאָק ענגעלמאַן פון וואַרשע, נערא קאַן פון סטאַניסלאַוו, כאַנויך זשעלאַזנאָגורא פון וואַרשע, רוווין ראָזענ־בערג פון סוכאָוואָליע, הערשל ראָזענטאַל פון יאַשינקאָווקע, מענוכע פלאָס־קאָווסקאַ פון יאַשינקאָווקע, יויכעוועד ווײַנשטיין, געדאַליע פּיטלוק, רויזע סעגאַל, ראָכל פּאָליאַק, פּײַטשע דראָגאַי און יאַפּע — אַלע פון קנישין, סימע זשעלאַזאָ פון האָראָדאָק, עטל סאָבאָל, יאָסל וואָנאָגינסקי, טאַניע זאַפּאַטשקאָווסקאַ און יעהודים — אַלע פון ביאַליסטאָק, יעכעזקל גלאַט־שטיין פון ראַדזשילאָווע, איידל גוטמאַן און כאַים גוטמאַן פון וואַרשע, עסטער קוראַזאַ, איטקע בוראַקאָוואַ, ראָכל ניימאַן, נאָעמי בלומענצווייג, פרידע, פראַדל, טאַניע, לייזער רייזנער, מוישל גאָלדבערג, בראָניע ווי־ניצקאַ, יויכעוועד ווייצמאַן — אַלע פון גראָדנע, פּנינע — פון שטוטשין.

33) ג״א פון ל. טשאַפּניק און אַ רוד.

אומקום און וואָס האָבן זיך אָפּגעראָטעוועט אינאיינעם מיטן ביאַליסטאָ־קער געטאָ־אַרכיוו, אָט וואָס: „פאַרפאַלן. דאָס איז אונדזער גורל. אָפּ־קומען די זינד פאַר אַלע פריערדיקע דורות. אַפילו צו קיין ארץ־ישׂראל נישט קומען. נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי שטאַרבן מיט אַ ווירדיקן טויט מיר ווייסן — דאָס יידישע פאָלק וועט נישט אונטערגיין. עס וועט נאָך צוריק אויפשטיין. עס וועט נאָך וואַקסן און נעקאָמע נעמען פאַר אונדזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט. יאָ, מיט דעם ווענד איך זיך צו אײַך כאַוויירים. ווו איר זײַנט דאָרט:

„פאַרשאַלטן זאָל ווערן דער, וואָס וועט זיך באַגנוגענען מיט גיסן טרערן און וויינען נאָך אונדזערע נעשאָמעס. נישט דאָס ווילן מיר! אויך אונדזערע עלטערן האָבן מיר נישט באַווײנט. שטיל, פאַרשטיקט האָבן מיר געקוקט אַף די טויטע קערפּערס פון דערשאָסענע ווי היינט פרײַנט.

„צו נעקאָמע רופן מיר אײַך. נעקאָמע אָן ראַכמאָנעס, אָן סענטי־מענטן...

„דאָס איז אונדזער אַלעמענס פאַרלאַנג. דאָס איז דער באַגער פון מענטשן, וועלכע וועלן מאָרגן עפּשער פאַלן. ווירדיק קעמפן און ווירדיק פאַלן.

„נעקאָמע! צו דעם רופן מיר אײַך, נישט געליטענע פון היטלער־געהענעם.

„נישט רוען וועלן אונדזערע צעשמעטערטע ביינער אין אַלע עקן פון אייראָפּע. נישט רוען וועט דאָס צעזייטע אַש פון קרעמאַטאָריעס, ביז דער נעקאָמע־אַקט וועט דורך אײַך נישט אויסגעפירט ווערן.

„געדענקט און פילט אויס אונדזער ווונטש און אײַער פליכט" 34).

דער לײַדנשאַפטלעכער רוף פון ציפּוירע בירמאַן קעגן די „גוטע" דײַטשן איז געווען געווענדט נישט קעגן די אַנטאָן שמידטס און די דײַטשע אַנטיפאַשיסטן, וועגן וועלכע עס וועט זײַן אַ רייד שפּעטער, נאָר בעפּיי־רעש קעגן דער פּאָליטיק פון יודענראַט און זײַנע אילוזיעס, אַז אין געשטאַפּאָ און בראַניצקי־פּאַלאַץ זיצן אויך פײַנע דײַטשן, וועלכע מיינען די טויווע פון די ייִדן.

דער וואָרשעווער כאַלוץ כאַנוך זשעלאַזנאָגוראַ, אַ געמיטלעכער, אַ פיזיש־קרעפטיקער, האָט איינער פון די ערשטע באַהערשט די מעלאָכע

---

34) אַרכ' ייִה"א, בירמאַן, דאָרטן.



**אַנטאָני יאַקובאָוויטש (טאַדעוש)**

לאַנגיאָריקער רעוואָלוציאָנערער קעמפער, אָרגאַניזאַטאָר פון דער אונטערערדישער אַנטיפאַשיסטישער באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן און פון דער הילף פאַרן געטאָ. דערמאָרדעט דורך דער געשטאַפּאָ

פון שיסן. פונקט ווי ציפּוירע בירמאַן האָט אויך כאַנויך אַדורכגעמאַכט די אויבן־אָנגעצייכנטע עוואַלוציע און גענומען פרייַדיקן אַקטיוון ווידערשטאַנד. זײַן לאָזונג איז געווען: „קיין אַנדער וועג איז פֿאַר אונדז הײַנט נישטאָ. עס איז געבליבן בלויז קאַמף" 35).

מיט די איניאַנים פון פראַנט־אינפאַרמאַציעס האָט זיך אין די רייען פון „דרור" פאַרנומען רווון („רוווטשאַק"), וועלכער האָט באַדינט דעם ראַדיאָ־אָפּנעמער און אַרויסגעלאָזט ביולעטינען אָפּגעקלאַפּטע אַף אַ העקטאָגראַף 36).

די פאַרבינדונגען מיט די כאַוויירים פון פּראָווינץ האָט אַף זיך גענומען יוכעוועד וועַנשטיין, ווײַל זי האָט געהאַט אַ „גוטן" אויסזען. אויך זי האָט געהערט צו דער גרופּע, וואָס האָט אַרויסגערוקט די נויטווענדיקייט פון אַקטיוון ווידערשטאַנד 37). דעם זעלבן שטאַנדפּונקט האָבן הייס פאַרטיידיקט הערשל ראָזענטאַל פון שטעטל יאַשינקאָווקע (די כאַוויירים האָבן אים געקענט אונטערן נאָמען „הערשל יאַשינקאָווער") און דאָס העלדישע מיידל פון גראָדנע בראַניע וויניצקי, די אייַנציקע פון אָט דער גאַנצער קאַמף־דורשטיקער גרופּע, וואָס איז געבליבן באַם לעבן 38).

צו די קעמפער פאַר דער ווידערשטאַנד־אידעע אין די רייען פון „דראָר" האָט געהערט דער כאַלוץ ייִסראָעל מאַרגאָליס („סראָלקע"), אַן אָפּשטאַמיקער פון שטעטל ווישאָגרודעק (אָדער פינסק). קיין ביאַליסטאָק איז ער געקומען פון לידע, ווו ער איז געווען אַן אייד רײַע פון דעם שוידער פון דער געטאָ־ליקווידאַציע. דאָס איז געווען אַ יונג אַ ריז מיט אַ גרויסן פיזישן קויעך און אויסדויער און מיט נאָך אַ גרעסערער מאָראַלישער פעסטקייט 39).

ציפּוירע בירמאַן, הערשן ראָזענטאַל, כאַנויך זשעלאַזנאָגורא, ייִסראָעל מאַרגאָליס האָבן רעפּרעזענטירט אין דעם קיבוץ די ליניע פון מיליטערישער אויסשולונג און באַוואָפענונג, בעיס אַנדערע האָבן געהאַלטן פאַר דער הויפּט־אַרבעט דאָס קאָנטינויִרן די אַלטע, פאַרמילכאָמע־

35) נ"א פון ב. פערעי.
36) דאָרטן.
37) נ"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
38) דאָרטן.
39) דאָרטן

דיקע ליניע פון כאַלוצים, האָבנדיק אַפן אויג קוידעם־קאָל די אַליע קיין ערעצ־יסראָעל. ציפּוירע, הערשל, כאַנויך, ייִסראָעל, יויכעוועד, פאַרשטייען די טיף־געענדערטע סיטואַציע, וועלכע רוקט אַרויס נײַע באַלדיקע אויפגאַבן 40).

מיט פײַנפולע טענער באַשרײַבט ציפּוירע בירמאַן אין אירע נאָטיצן דעם סיידער אין קיבוץ, פּייסעך 1942, אַף וועלכן עס איז אײַנגעלאַדן געוואָרן — כוץ דער ראַבינער ראָזענמאַן, כמיעלניק און גאָלדבערג פונעם יודענראַט — אויך עפראָ‏ִים באַראַש (אַף דעם סיידער איז אויך אָנוועזנדיק געווען די כאַלוצישע טוערן פרומקע פלאָטניצקאַ פון וואַרשע). פאַרן רייך־האַכשאַראַ־עלעמענט פון קיבוץ איז געווען דאָס, וואָס באַראַש איז אַ ציאָניסט. אָבער דער שאָלעם מיט באַראַשן האָט טאָרמאָזירט די ווידערשטאַנד־באַגערן פון נעקאָמע־לעכצנדיקן עלעמענט פון „תל חי״ און געשטערט אינעם אָנשליסן זיך אין דעם פאַראייניקטן אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. אַן ערנסטע שטערונג קעגן דעם אַרויפירן די „דרור״־מענטשן אַפן וועג פון אַקטיוון קאַמף איז געווען די „פּראָדוקטיוויזאַציע־אידעאָלאָגיע״, בעכיין עס איז מעגלעך אין געטאָ אַ פּראָדוקטיוויזאַציע פון ייִדן.

דעם 1טן נאָוועמבער 1942 איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק מאָרדכע טענענבוים 42).

מאָרדכע טענענבוים איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, אַף לעשנאָ 27, פּורים 1916, באַ אַ פאָטער אַ הויז־אַדמיניסטראַטאָר, אַ רעליגיעזן ייִד. מאָרדכע האָט געענדיקט די טאַרבוט־שול אַף נאָוואָליפקי 68. ער האָט זייער אַ סאַך געלייענט און שטודירט מיזרעך־קולטורן און אַסטראָנאָמיע; ביפראַט האָט ער נישקאָשעדיק באַהערשט טערקיש. ער האָט אויך געהאַט אַ נטיע צו ליטעראַרישער שאַפונג, געשריבן אין ייִדיש, העברעיִש און פּויליש און געשיקט זײַנע ערשטע פרווון אין רעדאַקציעס.

די היטלער־אָקופּאַציע האָט טענענבוימען צום ערשטן מאָל פאַרכאַפּט אין וואַרשע און צום צווייטן מאָל אין ווילנע. אויסנוצנדיק זײַנע קענטע־

(40 דאַרטן.
(41 גראָסמאַן 8 ז' 115.
(42 נ"א פון בראַניע וויניצקאַ. ער איז אין יענער צײַט געווען אין גראָדנע, ווו עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען די ליקווידיר־אַקציע. מיט אַ פאַרוואונדעטן פוס קומט ער קיין ביאַליסטאָק (דאָטנער, דאָרטן).

נישן פון מיזרעך־שפּראַכן, האָט זיך מאָרדכע אויסגעאַרבעט אַ דאָקומענט אַף דעם נאָמען יויסעף טאַמאַראָף (זײַן פּרויס נאָמען איז געווען — טעמע) און זיך אָנגעגעבן פאַר אַ טאָטער. ער האָט קורסירט צווישן ווילנע און וואַרשע, באַזוכט די אונטערערד פון טשענסטאָכאָוו, בענדין און קראָקע, ברענגענדיק נוצן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין וואַרשע ווערט ער אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פאַר מיליטערישע איניאַנים באַם אַנטיפאַשיס־טישן בלאָק. ער אַרבעט מיט מיט יויסעף לעוואַרטאָווסקי אין „רוף״, דעם אָרגאַן פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק אין וואַרשעווער געטאָ. ער ווערט אויך געשיקט אַף דער „אַרישער״ זײַט צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט פּ. פּ. ר. און מיט דער פאָרשטייערשאַפט פון דער לאָנדאָנער רעגירונג וועגן געווער און צוזאַמענאַרבעט. אין לויף פון אָט די אונטערהאַנדלונגען איבערצײַגט זיך טאַמאַראָף, ווער עס איז דער אויפריכטיקער פאַרבינ־דעטער פון ייִדישן פאָלק. ער ברענגט זײַנע געפילן און איבערצײַגונגען צום אויסדרוק אין זײַנע שריפטן, וואָס זיינען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן צוזאַמען מיטן ביאַליסטאָקער געטאָ־אַרכיוו. אַ טיף־אַנטוישטער אין דער עקספּאָזיטור פון לאָנדאָן, אין דער א. ק. און אַפילע אין די מענטשן פון גענעראַל שיקאָרסקי, זעט טענענבוים אַן עמעסן פרײַנט אין דעם לינקן, אַנטיפאַשיסטישן פליגל פון דער פּוילישער אונטערערד, קוידעם־קאָל אין דער פּ. פּ. ר. ער קומט קיין ביאַליסטאָק, באַוואָפנט מיט דער דערפאַרונג פון דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק אין וואַרשעווער געטאָ.

אין ביאַליסטאָק איז טאַמאַראָף שוין פריִער געווען עטלעכע מאָל, אָבער דאָס זײַנען געווען קורצע באַזוכן. פון נאָוועמבער 1942 באַזעצט ער זיך אין ביאַליסטאָקער געטאָ אַף סטאַביל ווי דער שעליעך פון דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אין וואַרשע. ער קומט איצט קיין ביאַליסטאָק מיט דער דערפאַרונג פון דרײַ ווידערשטאַנד־באַוועגונגען: פון ווילנע, וואַרשע און קראָקע, און מיט דעם געפיל אין דער נויטווענדיקייט פון אַ פאָלקס־פראָנט אין געטאָ 43).

ער איז אָבער אַהערגעקומען אויך אַ באַלאָדענער מיט דער אילוזיִע, אַז באַראַש געהערט צו די בעסטע יודענראַט־פירער, אַז באַראַש איז אַן אויסנאַם און מען קאָן אים אויסנוצן. די דאָזיקע מיינונג ברענגט טענענ־בוים צום אויסדרוק אין זײַנע קסאָווים. ער שרײַבט: „באַראַש איז אַן

---

43) טענענבוים: „לעכאָווייריִם בעערעץ״, אַרכיוו יִזה״א, נ׳ 51/46.

אָרנטלעכער מענטש. דאָס איז זייער אַ גרויסער קאָמפּלימענט פאַר אַ פּאָרזיצער פון אַ יידנראַט. איך האָב באַקענט דרײַ אַזעלכע אָרנטלעכע מענטשן: אינזשעניער טשערניאַקאָוו, ד״ר בראַווער אין גראָדנע און באַראַש. די איבעריקע זײַנען מענוואָלים אָדער צוליב דעם זײַנען זיי געוואָרן אָבמענער, אָדער זיי זײַנען געווען אָבמענער און אַזוי אַרום געוואָרן מענוואָלים און מעשאָרסים פון געשטאַפּאָ״ 44). עס איז קלאָר, אַז טענענבוים איז זיך טויע אויך בענעגייע טשערניאַקאָוון. אָט ווי עס האָבן אָפּגעשאַצט טענענבוימס אידעישע כאַווירים פון וואַרשע דעם פאָרזיצער פון וואַרשעווער יודענראַט; עס שרײַבט וועגן דעם די כאַלוצישע טוערן פון וואַרשעווער געטאָ ציביע לובעטקין: „איך וועל נישט זאָגן, אַז טשערניאַקאָוו איז געווען אַ געשטאַפּאָ־מענטש. אָבער זײַן פונקציע, שוין זײַן עצעם זײַן אין דעם דאָזיקן יודענראַט, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אונטערגעשריבן אַלע באַקאַנטמאַכונגען און גזיירעס, וואָס די דײַטשן האָבן פאַראָרדנט און דער „יודענראַט״ האָט דורכגעפירט. און אַפילע דאָס, וואָס ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן, אַפילע דאָס איז נישט געווען קיין אויסקויפונג פון זײַנע מײַסים. פאַרוואָס האָט ער נישט מוידיע געווען די יידן און נישט געוואָרנט קעגן די געפאַרן מיצאַד די דײַטשן?״ און זי פירט אויס: „אַזוי אַרום האָט דערפילט יעדער יודענראַט, אָן אויסנאַם, אין יעטוועדער שטאָט אַ פאַרעטערישע ראָל 45).

אָט די אילוזיע באַ טענענבוימען לעגאַבע „גוטע״ יודענראַטן איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער עווען בעגעף אפן וועג צו דערגרייכן שנעל אָן איינהײַטלעכן פראָנט מיטן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, וועלכער האָט נישט געקאָנט אײַנגיין אָף אַ קאָאָרדינירונג פון דעם צווייטן שפּיץ פון דער געמיינזאַמער טעטיקייט מיט אַזאַ עלעמענט ווי באַראַש 46). די דאָזיקע שעדלעכע קאָאָרדינירונג איז צום בוילעטסטן און דראַסטישסטן געקומען צום אויסדרוק, ווי עס איז שוין אויבן באַמערקט געוואָרן, אין דער פערזאָן פון כאַלוץ ייִצכאָק ענגעלמאַן, וועלכער איז איין און דער זעלבער צײַט געווען אַ מעשאָרעס באַ באַראַשן, זײַן „דובינע״, זײַן לײַב־וועכטער, און אַ מיטגליד פון דעם רעכט־פּויאַליי־ציאָניסטישן סניף. ערשט ווען דער „דראָר״ גיט נאָך דעם ריכטיקן באַ־

44) טענענבוים: „האקציה בביליסטוק״ ארכ׳ יזה״א, נ׳ 46—49
45) ציוויע לובעטקין: „אחרונים על החומה", אין כאַרוד 1946, ז׳ 5.
46) נ״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

דינג פון די אַנטיפאַשיסטן און ענגעלמאַן רײַסט איבער מיט באַראַשן, ווערט באַזײַטיקט איינע פון די וויכטיקסטע שטערונגען צו דער צו־זאַמענשליסונג פון אַלע קרייזן פון בײדע אונטערערדישע בלאָקן. עס איז אָבער קעדאַי צו באַמערקן, אַז די באַוואָרענישן לעגאַבע ענגעלמאַ־נען האָבן זיך באַשטעטיקט. בעיס דעם אויגוסט־אויפשטאַנד האָט ער — ווי עס גיבן איבער גוויִעס־איידעס — פאַרפירט דעם צוטרוי פון דער קאָמענדאַנטור, די אָרויפגעלייגטע שלאַכט־אויפגאַבעס נישט אויסגע־פירט און איז נעלעם געוואָרן 47).

טענענבוים איז אין ביאַליסטאָק אָרײַנגעפאַלן פונקט אין דער טראַ־גישער צײַט פון ליקווידירן די פּראָווינץ. אין אַכט שאָ נאָך זײַן אָנקום האָט זיך אָנגעהויבן דאָס טרויעריקע קאַפּיטל פון אויסרייניקן פון ייִדן דעם ביאַליסטאָקער באַצירק. דער גאַסט האָט נישט באַוויזן קומען צו זיך, און ער האָט זיך טייקעף געמוזט אַרײַנוואַרפן אין דער אַרבעט. יעדן אָוונט, נאָך אַ מיפולן טאָג פון אונטערהאַנדלונגען, האָט טאַמאַ־ראַף געשריבן זײַנע זיכרוינעס, די נאָטיצן און אײַנדרוקן. אַזוי אַרום איז אויסגעוואַקסן אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט פון יענער גרויליקער צײַט. האַגאַם נישט אומעטום ווײַזט טענענבוים אַרויס די פולע אָביעק־טיווקייט, ערטערווײַז איז ער זייער איינזײַטיק — פונדעסטוועגן געפי־נען מיר דאָרטן אַ שלאַל מאַטעריאַלן, און דאָס נישט בלויז צושטײַערס צו דער געשיכטע פון ייִדישן ווידערשטאַנד אין וואַרשע און ביאַליסטאָק, נאָר אויך קאַפּיטלעך, וועלכע זײַנען אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע פאַר די שטימונגען, וואָס האָבן געגורטעוועט אי דעם פּאַרפאַסער, אי אָסאַך פון זײַנע אידעיִשע כאַוויירים. אין זײַנע קסאָווים איז אויך פאַ־ראַן אַן אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל, וואָס וואַרפט אַ שײַן אױף דער גע־נעזיס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ, ביפּראַט אַף דער ראָל פון פּ.פּ.ר. באַם געבורט פון אָט דער באַוועגונג.

איינער פון זײַנע הויפּט־געפילן איז די פאַרביטערונג לעגאַבע דער ציאָניסטישער וועלט־באַוועגונג, די זעלביקע, וואָס שפּריצט אַרויס אויך פון ציפּוירע בירמאַנס שורעס. „אָפּטמאָל טראַכט איך 48) : דער ייִשעוו אין ערעץ, די ציאָניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, די אַמעריקאַנער קאָנ־

47) נ״א פון ל. טשאַפּניס און אַניע רוד.

48) די נאָטיצן זײַנען געשריבן אין העברעיִש, דורכגעפלאָכטן מיט ייִדישע אויסדרוקן און ווערטלעך.

גרעסן, דער דאָזיקער גאַנצער גרויסער טאַראַראַם — דאָס אַלץ איז נישט פּעיִק אַרויסצונעמען איין מענטשן, אַ לעבעדיקן דאָקומענט, אַרויס־צוציִען איין כאַלעץ, אַ זייכער לעכורבן, אַן איידעס פון גראַנגל, אַרויס־ציִען אים פּאַר דער אַרבעט פון דער באַוועגונג... שוואַכקייט? קלייג־לעכקייט? פאַרלוירן דעם קאָפּ?... אַנשטאָט דעם אָרדנט מען אײַן קאָלערליי אַסיפעס און אַקאַדעמיעס, מען רעדט, מען רעדט און די צוהערער: צעקלאַפּט די מאָרדע אַלע די, וואָס פּראָווען העספּיידים נאָך אונדז — אַ דאַנק, עס איז נישט נייטיק — ווען איר וואָלט געוווּסט מיט וואָס פאַראַ עקל און אומגעדולד, מיט וואָס פאַראַ סינע און פאַר־אַכטונג מיר נעמען אויף יעדע יעדיִע ווען פּראָטעסט און ־אַקאַדעמיעס — דאָס דענערווירט נאָר, נישט מער, וואָס פאַראַ דיספּראָפּאָרץ צווישן דעם גרויסן טראַסק און דעם מאַנגל אין מײַסים!"49). ווײַטער צי־טירט טענענבוים איינעם פון זײַנע ביאַליסטאָקער כאַווײרים, ווײַזט אויס — אַ דיכטער, וועלכן עס רײַסן זיך אַרויס אַזוינע ווערטער: „איך וויל נישט אַז סטיפּען ווײַז, אָדער אַן אַנדערער ייִד זאָל גיסן נאָך מיר קראָקאָדיל־טרערן; איך וויל אים נישט צושטעלן קיין מאַטע־ריאַל צו רעפעראַטן און דעקלאַמאַציעס"...50). און טאַמאַראָף גיט צו: „בעעמעס, דאָס איז אונדזער אַלעמענס געפיל".

עס קומט אויף באַ אים דער האַס און פאַראַכטונג צו די אַלע אין אויסלאַנד, וואָס שפּילן זיך אין דיפּלאָמאַטיע מיט דער עמיגראַנטישער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן און פאַרטושן די גרויל־זאַכן, וואָס קו־מען פאָר מיט די ייִדן אין די אָקופּירטע געביטן. ער אַטאַקירט שטאַרק דעם רעוויזיאָניסטישן „האַמאַשקיף" וועלכער זינגט „הנותן תשועה׳ס" פאַר די „לאָנדאָנער". טענענבוים האָט פאַרן „האַמאַשקיף" איין עפּיטעט: „אַ פאָלנער אידיאָט" 51).

נאָך מערסיקס טויט האָט טאַמאַראָף איבערגענומען די אָנפירונג פון „דראָר". (זײַנע קאָנספּיראַטיווע וווין־ערטער זײַנען געווען צו־ערשט אָף פאָלנע 9, דערנאָך אין שכיינעס מיט דער „פרײַער" שענקעוויטש־גאַס). ער איז צוגעטרעטן צו צעמענטירן דעם „צווייטן בלאָק" און אייג־צײַטיק געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט.

---

49) טענענבוים, נאָטיצן פון 21טן יאַנואַר 1943 און ווײַטערדיקע.
50) דאָרטן.
51) דאָרטן.

טענענבוים האָט אין די אייגענע רייען געפירט אַ קאַמף קעגן אָפּאָרטוניזם און וואַקלדיקייט, קעגן די, וואָס זוכן אַ באַקוועם לעבן 52).

צו דעם „צווייטן בלאָק" האָבן, ווי געזאָגט, געהערט — אַ כוץ דעם „האַשומער האַצאַיר" און דעם „דראָר" — אויך די קליינע גרופּן פון „האַנאָאַר האַציוני", פון בעטאַר און דירעכטע בונדיסטן. אין „האַנאָאַר האַציוני" זײַנען ס'ראָוו געווען שילער פון דער געוועזענער העברעישער גימנאַזיע. צו די אַקטיוויסטן פון דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט דער העברעישער לערער דאָוויד וורָאנאַק, דער אַביטוריענט פון דער העברעישער גימנאַזיע מאָטל טאַרטאַצקי, דער אַדוואָקאַט מוישע האַלפּעריך, יעכיעל זייפּמאַן, סאָנע 53). דורך דעם „האַנאָאַר האַציוני" האָט דער „צווייטער בלאָק" געהאַט ידיעות פון דעם, וואָס עס טוט זיך אין דער יידישער פּאָליציי, און נישט זעלטן אַפילו, וואָס עס גרייט זיך באַם לאַגער פונעם סוינע. אַדוואָקאַט האַלפּעריך, לעמאַשל, איז אַ צײַט געווען אַנגעשטעלט אין פּאָליציי־פּרעזידיום און האָט פון דאַנען געבראַכט זייער נייטיקע אינפאָרמאַציעס 54).

אין די רייען פון „האַנאָאַר האַציוני" זײַנען לעבאַטכילע פאָרגעקומען הייסע דיסקוסיעס: ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, אָדער זיך שטעלן אין רעשוס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין אַ ריי פאַרזאַמלונגען פון דער דאָזיקער ציאָניסטישער יוגנט האָט זיך באַטייליקט מאָרדכע טענענבוים, וועלכער האָט אַ היפּשן כיילעק פון דעם פאַרדינסט וואָס די גרופּע פון „האַנאָאַר האַציוני" האָט זיך דעצידירט צו גיין אָפן צווייטן, ווירדיקן וועג 55). אַ נאָך גרעסערן כיילעק באַם אויסשמידן די דאָזיקע שטעלונג פון אָט דער גרופּע האָבן געהאַט די יוגנטטוער פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. מאַמעש אַ סוגעסטיוון אײַנפלוס אַף אַ טייל יוגט פון „האַנאָאַר האַציוני" האָט געהאַט די קאָמוניסטישע טוערן יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ 56).

די צווייטע ציאָניסטישע ריכטונג, די בעטאַר־גרופּע, האָט זיך שטאַרק קאָנספּירירט. איר פירער זײַנען געווען פליישער און מאַטוס.

---

52) גראַסמאַן, ז' 169.
53) אַרכ' יזה"א, נ' 185/46.
54) ג"א פון ב. שאַצמאַן.
55) טענענבוים, נאָטיצן פון 19טן פעברואַר 1943.
56) נאָטיצן פון מ. בוך (מעכאַבערס אַרכ').

לעגאַבע דער רעוויזיאָניסטישער יוגנט האָט אין די לינק־ציאָניסטישע קרײַזן געהערשט אַ פּאָליטישער אומצוטרוי. דער „האַשאָמער האַצאָיר" האָט אין די ראַמען פון „צווייטן בלאָק" לעכאַטכילע באַקעמפט דעם געדאַנק וועגן צולאָזן די רעוויזיאָניסטן. אויך טענענבוים האָט געהאַלטן, אַז „אין פּאָליטישע פראַגן נעמען מיר זיי נישט אַרײַן" 57). די רעוויזיאָניסטן האָבן אין אַ געוויסער מאָס איבערגעכאַזערט די טעטיקייט פון אַ ריי זייערע כאַווײרים אין וואַרשע און אַף אייגענער האַנט דורכגעפירט „עקסן" 58). נישט געקוקט אַף די פאַרבאַהאַלטן פון די שאָמרים איז די בעטאַר־גרופּע צוגעלאָזט געוואָרן צו די טעכנישע איניאָנים פון דעם „צווייטן בלאָק".

טענענבוים האָט געהאַט טײַנעס צו די שאָמרים, האַלעמאַי זיי האָבן אַזאַ אומצוטרוי צו די רעוויזיאָניסטן *). אָבער די שאָמרים, וועלכע זײַנען געווען ס׳ראָוו פון ווילנע האָבן דאָרטן געזען, ווי דער ראָוו רעוויזיאָניסטן, בעטאַרים און בעטאַר־האַכאַיעלניקעס פילן אויס די רייען פון דער געטאָ־פּאָליציי און בלויז יעכידים, ווי יאָסעף גלאַזמאַן און ייצכאָק קאָוואַלסקי, זײַנען ערלעך אַריבער אין לאַגער פון ווידערשטאַנד **). אַזוי אַרום איז גיין שאָלעם־באַיס אין „צווייטן־בלאָק ניט געווען.

אין דער בונדישער גרופּע האָבן לעכאַטכילע, פון סאַמע אָנהייב, געהערשט צוויי שטרעבונגען: איין שיטע, בעראָש מיטן גאַרבער־מײַסטער שאָלעם פּראַפּאָרץ, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די אַנטיפאַשיסטן, האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ פאַרבינדונג מיטן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און פאַר אַ פּראָסאָוויעטישער פּלאַטפאָרם; די צווייטע, אונטער דער אָנפירונג פון דעם טעקסטיל־שערער קוסטין און פונעם פּעדאַגאָג רובינשטיין, וועלכער איז געזעסן אין יודענראַט 59), האָט זיך געהאַלטן אין דער ליניע פון די רעכטע בונדישע פירער פון וואַרשע, מיט וועלכע זי איז געווען פון צײַט צו צײַט אין קאָנטאַקט 60). טענענבוים כאַראַקטעריזירט זיי ווי מענטשן פון זעלביקן שניט, וואָס מויריצי אָזשעך. קוסטינס אָנהענגער זײַנען בויטע געווען צום „צווייטן

57) טענענבוים, נאָטיץ פון 18טן יאַנואַר 1943.
58) גראַסמאַן, ז׳ 102.
*) טענענבוים, נאָטיץ פון 1טן פעברואַר 1943.
**) קאַרטשאַק ז׳ שב.
59) גראַסמאַן, ז׳ 116.
60) דאָרטן.

בלאָק", מיט וועלכן זיי האָבן זיך טאַקע פאַרבונדן, האָגאַם טענענבוים ווײַזט זיי אַרויס אַ גרינגשעצונג און רופט זיי אָן „צעשראָקענע מענטשן". צווישן די דאָזיקע צוויי אָריענטאַציעס איז סאָף־קאָל־סאָף אין דער בונ־דישער גרופּע געקומען צו אַ שפּאַלטונג 61). די רעכט־בונדישע קרײַזן האָבן געפירט אַ „טראַדיציאָנעלע" טעטיקייט. געווען זײַנען אין ביאַ־ליסטאָקער געטאָ עטלעכע געציילטע בונדישע קרײַזן. עס האָבן געהערט צו זיי שלוימע און דאָבע עטינגאָלד, ער אַ סטאָליער, זי אַ שנײַדערקע; יאָסעף ריבקא, אַ קאָלדרע־מאַכער, זייער אַן אַקטיווער; אונטערן אײַנ־פלוס פון די אַנטיפאַשיסטן איז ער געוואָרן אַ זאַמלער פון זאַכן און געלט פאַר די קריגס־געפאַנגענע און פאַר די פאַרטיזאַנער; דער שוס־טער יאַנקל גאָלדמאַן, דער וועבער אַווראָם אָסאָוויצקי, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון פאַריין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין ביאַליסטאָק איטשע סטרעבלאַנסקי, מוישע פערלשטיין און כאַים בולגאַר, וועלכע האָבן געהאַט פאַרבאָרגענע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן און צוגעשטעלט אינפאָר־מאַציעס וועגן דער לאַגע אַף די פראָנטן; די אַלטע בונדיסטקע שיינע ריאַל; עס פלעגן אויך קומען אַף די קרײַזן דער זיסוואַרג־קרעמער פאַש־קאָ און אַוורעמל „אויפעלע", וועלכע האָבן געהאַט ראַדיאָס, און אויך אַ קאַמאַשן־מאַכער פאַראַזאָווסקי 62). די קרײַזן פלעגן זיך טרעפן קי־מאַט יעדע וואָך אין דער דירע פון די עטינגאָלדס אַף ביאַלאָסטאָטשאַ־נער 5, אַמאָל אויך בא כאַים בולגאַר אַף קופּיעצקע 62; מען האָט גע־פירט שמועסן, מען האָט אויך פּאָלעמיזירט אַרום די שטרײַט־פראַגן צווישן דער שיטע פּראָפּאָרץ און דער ליניע קוסטין 63). מ'הערט אין די לינק־בונדישע קרײַזן וועגן זאַכן־ און געלט־זאַמלונגען פאַר קאָרבאָנעס פון היטלעריסטישן טעראָר. די דיסקוסיעס וויקלען זיך ס'ראָוו. אַרום דער פראַגע פון דער באַציִונג צום ראַטנפאַרבאַנד. קוסטין האָט אַן אַנטי־סאָוויעטישע אײַנשטעלונג, פּראָפּאָרץ — אַ פּראָסאָוויעטישע 64).

אויב קוסטין האָט אויסגעיִבט אַ גרעסערן אײַנפלוס אַף די עלטערע בונדיסטן, האָט די שיטע פּראָפּאָרץ געהאַט מער דערפאָלג אין די קרײַזן

---

61) טענענבוים, נאָטיצן פון 28טן יאַנואַר 1943, פון 29טן יאַנואַר 1943 און פון 31טן יאַנואַר 1943.

62) נ"א פון א. אָסאָוויצקי (מעכאַבערס אַרכ').

63) דאָרטן.

64) „פּראָטאָקאָל פון די דערקלערונגען אא"וו".

פון די יינגערע, דעריקער בא די סקיפּיסטן. די גרופּע פון „סקיף" האָט זיך רעקרוטירט ס׳ראָוו פון שילער פון דער אַמאָליקער צישאָ־גימנאַזיע. עס האָבן צו אַט דער גרופּע געהערט: זאַוול רובינאָוויטש, מוישל נאָוואָדוואָרסקי, יאַנקל וואַלטשיק, שלוימע רעזניק, אַרן רובינשטיין אַבראַשע לעווין, ניוניע בראָדזקי (דעם לערערס זון), הערשל פּלוימענבוים. צוזאַמען האָט די סקיפּיסטן־גרופּע גערעכנט צען פּערזאָן. די אַקטיווסטע קעמפּער פאַרן ווידערשטאַנד־געדאַנק זײַנען געווען הערשל פּלוימענבוים און ניוניע בראָדזקי, דעריקער דער ערשטער, וועלכער האָט געלייענט אַפן קרײַז זײַנע בונטאַרע לידער, וואָס האָבן געוועקט און גערופן צום קאַמף 65).

די סקיפּיסטן־גרופּע האָט ס׳ראָוו געפירט אַ קולטור־טעטיקייט. סאָף זומער 1942 ווערט דורך איר געשאַפן אַן אומלעגאַלע יידישע ביבליאָטעק. די כאַווייירים זאַמלען צונויף ביכער, וואָס זײַנען געבליבן נאָך דער גרויסער שאָלעם־אַלייכעם־ביבליאָטעק און פון פאַרשיידענע שולן; די סקיפּיסטן האָבן אָפּגעראַטעוועט אַ ביסל ביכער, וועלכע די דײַטשן האָבן באַשטימט צו פאַרברענען. די אײַנגעשאַפענע ביכער־זאַמלונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַנדער־ביבליאָטעק. ביבליאָטעקאַר איז געווען שלוימע רעזניק, וועלכער האָט די ביכער־זאַמלונג געהאַלטן בא זיך אין דעם היים אַף טשעפּלע 9. 66).

עס איז אַ כוץ דעם „סקיף" געווען אַ קליינצאָליקער „צוקונפט"־קרײַז, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט דאָווקע דאָווידאָוויטש און יאָסל אַלטערווײַן; אויך דאָ זײַנען געקומען צום אויסדרוק די שטרײַט־פראַגן צווישן קוסטינס אײַנשטעלונג און פראַפּאַרצס; די פראָסאָוויעטישע שטעלונג האָט אין „צוקונפט" רעפּרעזענטירט יאַנקל גאָלדמאַן 67.

מיט די רעכטע בונדיסטן האָבן זיך געכאַווערט די דרײַ טראָצקיסטן פון געטאָ — די ברידער גוויאַזדאַ און שיפּרע יאַשינאָווסקאַ, וועלכע האָבן געפירט אַן אַנטיסאָוויעטישע אַגיטאַציע. ווען מען האָט זיך צו מאַטעס גוויאַזדאַ געווענדעט וועגן באַשטײַערן זיך אַף באַוואָפענונג האָט ער אָפּגעזאָגט, ענטפערנדיק: „גענוג שוין געליטן פון די רויטע

65) ג"א פון אַבראַשאַ לעווין (מעכאַבערס אַרכ׳), ל. טשאַפּניק און א. רוד.
66) ג"א פון א. אָסאָוויצקי און א. לעווין.
67) ג"א פון יעכיעל שעדלער, אַרכ׳ ייִה"א, פראָט׳ נ׳ 2247.

מעכאַבאָלים, צוליב דער פּאָליטיק פון די קאָמוניסטן ליידן מיר איצט אין געטאָ". דאָס געטאָ האָט זיך אָפּגעקערט פון די דאָזיקע אַנטיסאָוויע־טישע העצער, וועלכע זיינען געווען איזאָלירט. קיין שום ראָל האָבן זיי נישט געשפּילט 68).

די בונדיסטן „האַנאָאַר האַציוניי" בעטאַראָווצעס האָבן רעפּרעזענ־טירט זייער קליינע צאָלן מענטשן. דער קערן פון „צווייטן בלאָק" האָבן געשאַפן דער „דראָר" און די שאָמרים. די קאָמוניסטן האָבן געפירט אַ טעטיקייט צווישן די מענטשן פון „צווייטן בלאָק" און מיטגעריסן דעם בעסערן עלעמענט אין דער קאָנקרעטער אַנטיפאַשיסטישער טעטיקייט. דער אַקטיווער ווידערשטענדלערישער און מאָביליזירנדיקער קויעך איז געווען דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק, וועלכער האָט גע־פונען אַ פּאַסיקן באָדן בא דער אַרבעטנדיקער מאַסע אין געטאָ 69).

---

68) נ"א פון י. ריווקינד.
69) דאָרטן.

## קאַפּיטל פינף

# דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק אין שפּיץ פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ

מיט גרויס ברען און היסלַיַוועס האָט די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג פון געטאָ אויסגעפירט דעם באַפעל פון דער אָקופּאַציע־מאַכט פון 7טן אויגוסט 1942 צו גרייטן זאַמד אַף לעשן סדריפעס, וואָס קאָנען אויס־ברעכן פון באָמבעס, וועלכע די סאָוויעטישע אַוויאַציע וועט אַ ליאַדע טאָג אַ שלַיַדער טאָן אַף דער שטאָט 1).

אין עטלעכע טעג אַרום איז טאַקע ביאַליסטאָק אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ מעכטיקן סאָוויעטישן לופט־אַנפלי, רויט־באַשטערנטע באָמ־באַרדיר־עראָפּלאַנען האָבן געקרַיַזט איבער די גאַסן און אַראָפּגעלאָזט טויט־ און כורבן־ברענגענדיקן דינאַמיט אַף די דַיַטשע שטאַב־ און גאַר־ניזאָן־בלאָקן, בעיס־מַיַסע זַיַנען באָמבעס געפאַלן אין זַיַטיקע ערטער אויך, און איין באָמבע האָט זיך אל פּי צופאַל אַראָפּגעקאָלערט אַף דעם געטאָ 2).

נישט געקוקט דערויף, וואָס דעם געטאָ האָט עס געקאָסט 30 קאָר־באָנעס, האָט קיינער פון די יידן נישט געקלאָגט. פאַרקערט. די שטי־מונג איז געווען אַ דערהויבענע, אַ הַיַטערע. דער אויסלייזער האָט זיך בעפיירעש באַוויזן אין די הייכענישן; דער סוינע, אַ דערציטערטער פון די אַליאַרמען, האָט זיך פאַרשטעקט אין די לעכער, 38 סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, באַשעפטיקט באַם פונאַנדערנעמען די כורוועס אַף

1) אַרכ׳ ייה״א, מעלדונגען פון ביאַליסטאָקער יודענראַט, מעלד׳ נ׳ 314; אויך: ג״א פון י. ריווקינד.

2) ג״א פון מ. בוך און פון י. ריווקינד.

סוראזער־גאַס, האָבן אויסגענוצט די בעהאַלטע און זײַנען נעלעם גע־וואָרן. אין געטאָ איז אַרײַנגעטרעטן אַ נײַע נעשאָמע 3).

עס איז קלאָר, אַז די געשעעניש פו אויגוסט האָט געווירקט אויפ־מונטערנדיק אַף די אַקטיוויסטן פון דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק האָט זיך נאָך דער געשעעניש שטאַרקער צעמענטירט. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ טעטי־קייט־פּראָגראַם, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט אין קורצן אָט אַזוי:

1. הייבן דעם באַוווסטזײַן פון די געטאָ אײַנוווינער און אינפאָר־מירן זיי וועגן דעם, אַז איטלעכער ייִדע, וואָס וועט קלוימערשט אַרויסגע־פירט ווערן אַף אַרבעט, פאָרט פאַקטיש אַף אַ זיכערן טויט, אַז אַלע צו־זאָגן פון די דײַטשן זײַנען בעעמעס נישט מען ווי אַ שווינדל; דער גורל וועגן טרעבלינקע איז שוין אין די אונטערערדישע קרײַזן געוווּסט באַוווּסט.

2. שטאַרקן דעם גלויבן אין מענטש, אין זיך, אין דער רויטער אַרמיי, אין די דעמאָקראַטישע פרײַהייטלעכע קויכעס פון דער וועלט, פאַרשפּרייטן פּאָליטישע יעדיִעס, פּראָפּאַגירן דעם לאָזונג: „נישט אַרבעטן פּלײַסיק", „אַרבעטן פּאַמעלעך".

3. דעמאַסקירן די ראָל פון די יודענראַטן און פון דער געטאָ־פּאָלי־ציי, אויפווײַזן די ייִדישע פּאָליציאַנטן זייער מיִעסע — סוביעקטיווע, אָדער אָביעקטיווע — ראָל באַם דינען און צוזאַמענאַרבעטן מיט דעם סוינע פון ייִדישן פאָלק.

4. פּאָפּולאַריזירן דעם געדאַנק, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדער אויס־וועג ווי נאָר קאַמף קעגן די דײַטשע מערדער 4).

די אַלע איניאַנים זײַנען געווען זייער וויכטיק, וואָרעם עס האָט זיך געהאַנדלט נישט בלויז אין אַליין זײַן גרייט און אין אײַנשאַפן געווער. מען האָט געדאַרפט אײַנבראָכן די אײַנשטעלונג פון גרויסע מאַסן, וועל־כע האָבן געזאָגט: אויב מען וועט, כאַלילע, אַוועקנעמען איין גאַס, שוין־זשע וועט זײַן צוועקמעסיק אַרויסצוגיין אין קאַמף? אַנדערע האָבן פאַ־

3) דאָרטן.
4) נ"א פון ר. וואַיסקאַוווסקאַ; אַרטיקל פון כ. גראָסמאַן צום פערטן יאָרטאָג פון געטאָ אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָק (אין דער ייִדישער פּרעסע־אַגענ־טור, וואַרשע, אויגוסט 1947).

שעט, אָן כעשבן־האַנפעש, געפּאַסקנט: לאָמיר מאַקריוו זײַן פינף טויזנט, קדיי צו ראַטעווען אַלעמען! — דער יודענראַט האָט נישט בלויז גע־פלעגט אַזעלכע שטימונגען, נאָר זיי בעפּיירעש געפּריידיקט. דער פּאַר־אייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפ־גאַבע אויסצוראָטן קוידעם־קאָל אָט די ווילדגראָז־שטימונגען, וועלכע האָבן זיך אַרײַנגעגאַנוועט אַפילע אין געוויסע קרײַזן פון „צווייטן בלאָק" פון דער אונטערערד 5).

אַזוי זײַנען אַריבער אַ פּאָר כאַדאָשים פון שווערער יעסוידעסדיקער אויפקלער־אַרבעט, ביז עס האָט זיך מיטאָמאָל אונטערגערוקט דער קרי־טישער כוידעש נאָוועמבער 1942, ווען עס איז אַראָפּגעפאַלן דער ביטע־רער קלאַפּ פון דער פולשטענדיקער פראָווינץ־פּאַרטיליקונג.

די פּראָפּאַגאַנדע האָט שוין מער נישט געקאָנט באַפרידיקן די ניס־יווינעסדיקע אויפגאַבן פון טאָג. עס האָט אַרויסגעטויכט די האַרטע פראַגע פון זעלבשוץ; די לאַגע האָט פאַרלאַנגט און געמאָנט אַ באַלדיקן ענט־פער, אַ דעצידירטע לייזונג. העלפן מאַמאָשעסדיק די ווײַטע שטעט און שטעטלעך האָט מען נישט געקאָנט. אָבער די סאַקאָנע האָט געקאָנט אַ קלאַפּ טאָן יעדע רעגע אין די טויערן פון ביאַליסטאָק אויך 6).

די גאַנצע באַוועגונג איז שנעל איבערגעבויט געוואָרן אין אַ זעלבּ־שוץ. אומעטום, אַף אַלע פאַבריקן, הייזער, גאַסן זײַנען אַנטשטאַנען קאַמף־דרײַלינגען, באַוואָפנט לעייסאַטע גאַנץ שוואַך מיט פלעשער שוועבל־שטאָף, מיט אַביסל הייס געווער, וועלכע איז ס'ראָוו געווען מאַגאַזינירט 7). אין וויכטיקע פּונקטן זײַנען אָוועקגעשטעלט געוואָרן קאַמף־פינפטלעך, אַ שטייגער אַף נײַ־וועלט 8). אין שפּיץ פון דער גאַנ־צער זעלבשוץ, צו קאָאָרדינירן איר טעטיקייט, איז, ווי געזאָגט, געשטאַ־נען אַ צענטראַלער דרײַלינג: דאַניעל מאָשקאָוויטש, אָדער לייביש מאַנ־דעלבליט, אָדער יאַשקע קאַווע (קאָמוניסטן), עלייאָהו באַראַקס (שאָמ־רים) און שאָלעם פּראָפּאָרץ (לינקער בונדיסט). עס איז דערקלערט גע־וואָרן אַן אַליאַרם־צושטאַנד פון די כאַווײרים, וועלכע האָבן געמוזט

5) דאָרטן; אויך: ג"א פון י. ריווקינד.
6) י. לערמאַן, דאָרטן.
7) ג"א פון מ. בוך.
8) ב. וואַסערשטיין: „די אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ' יװ"א, נ' 19.

דיזשורירן יעדן אָוונט צוויי שאָ און אין פאַל פון אַן אַקציע אויפוועקן אַלעמען. די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע האָט גערופן אַ באַראַטונג פון די סעקרעטאַרן פון די קרײַזן, אַף וועלכער עס איז געפּאַלן דער וויכטיקער באַשלוס: אויב די סאַקאָנע וועט זיך אַריבערגרײַסן אויך קיין ביאַליסטאָק, וועט מען אַרויסגיין אין קאַמף און שטעלן אַ ווידערשטאַנד 9).

די בלוטיקע כוואַליע האָט אָבער דעמאָלט, אין נאָוועמבער 1942, אויסגעמיטן דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ; דער גזאַר איז פאַר די ביאַליס־טאָקער ייִדן אָפּגעלייגט געוואָרן אַף אַ געוויסער צײַט.

די אָנפירונג פונעם פאַראייניקטן אַנטיפאַשיסטישן בלאָק האָט באַ־שלאָסן צו בלײַבן וואַכזאַם און זיך גרייטן שטאַרקער ווי פריִער צו דעם, וואָס וועט אומפאַרמײַדלעך קומען.

קוידעם־קאָל האָט דער שטאַב פון דער באַוועגונג, געמוזט האָבן אַ קלאָרן באַגריף, ווו, אַף וועלכן פּלאַצדארם אָרגאַניזירן דעם אָנטייל פון די ייִדן אינעם קאַמף קעגן דער פאַשיסטישער כאַיע.

אַרום אָט דער גרונט־פּראָבלעם האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַנטיפאַ־שיסטישן קאָמיטעט ערנסטע כילוקיי־דייעס. די דאָזיקע מיינונגס־פאַר־שיידנקייטן זײַנען נישט געווען אַרום פּרינציפּיעלע פראַגן, נאָר אַרום איניאָנים פון טאַקטיק. עס האָבן זיך אויסגעשיילט דרײַ שטאַנדפּונקטן: אַלע האָבן געהאַלטן, אַז קאַמף איז דער געבאָט פון דער שאָ און אַז דאָס איז נישט קיין אָפּגעזונדערטער ייִדישער קאַמף, נאָר אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם געראַנגל פון דער פרײַהייט־ליבנדיקער מענטשהייט אונטער דער אָנפירונג פון ראַטנפאַרבאַנד פאַר באַפרײַונג 10). אָבער אין דער פראַגע פון פּלאַצדארם זײַנען געווען מער דייעס.

יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ איז געווען אין דער מיינונג, אַז דאָס געטאָ קאָן נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין קיין פּלאַצדאַרם פאַרן קאַמף; זי האָט דאָ געזען פאַר זיך קוידעם־קאָל דעם טייל ייִדן, וואָס איז געווען טויט־דערשראָקן. פון דעם האָט זי געמאַכט דעם אויספיר, אַז אין אַזאַ סוויווע איז ביכלאַל נישט מעגלעך צו פירן אַ שלאַכט קעגן סוינע. דאָס איינציקע אָרט, ווו ייִדן דאַרפן און קאָנען קעמפן, איז — לויט יודיטאַן — געווען דאָס וואַלד. פון דעם איז אַרויסגעדרונגען איר שטעלונג, אַז אַלע פעיִקע

9) ג"א פון י. לערמאַן.
10) דאַרטן.

קויכעס דאַרפן פאַרלאָזן דאָס געטאָ און זיך לאָזן אין די וועלדער, קעדיי דאָ אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיזאַנישע בעוועגונג.

נאָוואָגרודזקאַ האָט אַרום זיך געזאַמלט דעריקער די יוגנט, די אומגעדולדיקע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געלעכצט נאָך באַלדיקער נעקאָמע, נאָך טייקעפדיקע מעײַסים, געוואָלט ראַדיקאַל פּאָטער ווערן פון דער דערנידערנדיקער אַטמאָספער פון געטאָ און אָפּעטעמען פרײַ אין וואַלד 11).

די צווייטע קאָנצעפּציע, וועלכע איז רעפּרעזענטירט געוואָרן דורך דאַניעל מאָשקאָוויטש און כאַיע מענדעלסאָן, איז געגאַנגען אין אַ פּונקט פאַרקערטער ריכטונג. די דאָזיקע כאַווײרים האָבן געזאָגט: אונדזער אויפגאַבע איז צו קעמפן נאָר אין געטאָ. מיר האָבן נישט קיין רעכט צו לאָזן 50 טויזנט יידן אַף העפקער. און אויב אָפילע שיקן מענטשן אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, איז דאָס אויך מיטן ציל, אַז זיי זאָלן זיך דאָרטן אויסשולן מיליטעריש און צוריקקומען אין געטאָ, קעדיי דאָ צו קעמפן ביזן סאָף 12).

יאַשקע קאָווע, ריווקע וואַיסקאָווסקאַ און די מערהייט כאַווײרים האָבן פאַרטיידיקט אַ דריטע שטעלונג, וועלכע איז געווען אַ סינטעז פון די צוויי פריערדיקע און וועלכע איז איבערגעשיקט געוואָרן צו זיי אין אָקטאָבער 1942 ווי אַן אינסטרוקציע פון דער פוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי פון וואַרשע 13). די דאָזיקע אינסטרוקציע האָט זיך אויסגעדריקט אין דער ווײַטערדיקער אײַנשטעלונג: די אויפגאַבע פון יידישן אַנטיפאַשיסט איז צו קעמפן אַף אַלע פּאָזיציעס פון דער מילכאָמע קעגן היטלעריזם. געטאָ און וואַלד זײַנען נישט קיין סטירעסדיקע פּלאַצדאַרמען, וואָס שליסן זיך אויס איינער דעם צווייטן. געטאָ און וואַלד זײַנען צוויי אָפּשניטן פון איין פראָנט. אין געטאָ וועלן מיר קעמפן קעדיי אַרונטערצורײַסן דעם מילכאָמע־פּאָטענציאַל פונעם סוינע און קעדיי צו פאַרטיידיקן דעם יידישן קאָוועד, אין וואַלד — קעדיי אײַנאײַנעם מיט די בעסטע זין פון אַנדערע פעלקער צו פאַרפאָלגן דעם סוינע אומעטום, ווו

11) נ"א פון מ. בור, ר. וואַיסקאָווסקאַ, ע. בויטאַץ.
12) דאָרטן.
13) דאָרטן.



**יאָסל דרייער**



**מאַקסים סלאַפּאַק**

ער׳שטער אָנפירער פון דער ביאַליסטאָ־
קער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. געפאַלן אין
שלאַכט אין וואַלד.



**כאַים וואָיסקאָווסקי**

געוו׳ מיטגליד פון פּ. ק. פּ., געפאַלן
בעיים דער „שאַבעס״־אַקציע



**יאָסל ליכטענשטיין**

עס לאָזט זיך. אָבער אַףביידע אָפּשניטן איז אונדזער אָנשטרענג אַן אָר־גאַנישער טייל פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן דײַטשן פֿאַשיזם 14).

די דאָזיקע ערנסטע דיסקוסיע האָט אַרומגעכאַפּט אויך די קרײַזן פון „השומר הצעיר". אין שפּיץ פון דער וואַלד־אָפּאָזיציע אין די שאָמ־רישע קרײַזן איז געשטאַנען יאַנקעוו לעביעד (יענדזשיי) 15). די דיס־קוסיע האָט געהאַט אַ אַנזעעוודיקן ווידערקאָל אויך מיכוץ די ד׳ אַמעס פונעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. די יוגנט פון „הנוער הציוני", צווישן וועלכער די האַשפּאָעס פון דער אַנטיפאַשיסטישער יוגנט זײַנען געוואָרן אַלץ גרעסער, איז געווען געניגט צו דער קאָנצעפּציע צו גיין אין וואַלד אַרײַן 16). דאַקעגן־זשע מאָרדכע טענענבוים האָט שאַרף באַקעמפט אין די רייען פונעם „צווייטן בלאָק" די דאָזיקע מיינונגען און אין היץ פון פּאָלימיק אָפּילע באַצייכנט די וואַלד־טענדענץ ווי דעזערציע. טענענבוים האָט לעכאַטכילע געקוקט אַף דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג ביכלאַל ווי אַף מאַראָדערן, זעענדיק אַ נאָרמאַלן שלאַכט־פעלד נאָר אַפן פראָנט, וואָס האָט זיך געפונען ווײַט אַף מיזרעך 17).

די איקער־דיסקוסיע וועגן פּלאַצדאַרם, וואָס איז געפירט געוואָרן אין דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט זיך געענדיקט מיטן זיג פון דער גרופּע, וואָס האָט געוואָלט פּאַראייניקן די פּלאַצדאַרמס פון געטאָ און וואַלד. די מערהייט פון די כאַווירים האָט געטיילט די מיינונג: געטאָ און וואַלד זײַנען צוויי אָפּשניטן פון איין פראָנט 18).

די שאַרפסטע דיסקוסיע איז אויסגעקומען צו פירן מיט דער קאָנ־צעפּציע פון יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ, וועלכע האָט ביכלאַל נעגירט דעם פּלאַצדאַרם פון געטאָ. עס איז אָפּילע אַף אַ געוויסער צײַט געקומען צו אַ שפּאַלטונג. יודיטאַ האָט געשאַפן אַן אייגענע גרופּע, וועלכע איז געווען דעצידירט איבערצוטראָגן דעם גאַנצן קאַמף אין וואַלד אַרײַן. צו דער דאָזיקער גרופּע זײַנען צוגעשטאַנען נישט בלויז אַ טייל קאָמיוניסטן, נאָר אויך ציאָניסטן, ס׳ראָוו פון „הנוער הציוני" און יידישע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן געשטרעבט צו באַלדיקער אַקציע. יודיטאָס גרופּע

14) דאַרטן; אויך: ג"א פון ל. טשאַפּניק און פ. קאַזשעץ.
15) גראַסמאַן, ז׳ 108.
16) ג"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
17) טענענבוים, נאָטיץ פון 17טן פעברואַר 1943.
18) ג"א פון ר. וואַיסלאַווסקאַ, מ. בוד י. ריווקינד.

איז פאַקטיש אָרגאַניזירט געוואָרן נאָך דער ערשטער זעלבשוץ, אין מערץ 1943 (וועגן דעם ווײַטער) 19).

נישט געקוקט אָף דער שפּאַלטונג, וועלכע איז געווען אַ נעגאַטיווע דערשײַנונג האָט אָבער יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ דעם פּאַרדינסט, וואָס זי האָט אָרגאַניזירט און מיטגעריסן צום ווידערשטאַנד אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע וואָלטן אָן אַ געהעריקער אַגיטאַציע געקאָנט אַוועק אינגאַנצן אָף פאַלשע וועגן. קעדיי צו כאַראַקטעריזירן דעם פאַרשיידנפאַרביקן מענטשלעכן און סאָציאַלן באַשטאַנד פון יודיטאַס גרופּע, וועלן מיר ברענגען עטלעכע געשטאַלטן: באַנאַנד מיטן קאָמיוניסט מאַרעק שלענגער האָט צו איר געהערט דער העברעיִשער לערער ד״ר שימען דאַטנער: אינאיינעם מיטן אומפּאַרטיייִשן ספּאָרטלער גאַלאַנד — דער אַמאָליקער אונטערוועלט־מענטש און קאַטאַרזשניק פון פינפטן יאָר נאָכעם אַבעלעוויטש, וועלכן מען האָט צוליב זײַן פיזישן קויעך גערופן „ריז״ אָדער „ריס״; צוזאַמען מיט די באַוווסטזיניקע אַנטיפאַשיסטישע יוגנטלעכע סאַשע קוכאַרעווסקי, סיאָמע גאָלדבערג, עפראַים קיסלער — די פאַשעטע פאָלקס־מענטשן יויעל קיסלער (עפראַימס פאָטער), וועלכן מען האָט גערופן „דער באַרוועסער״, מאַכמעס עס פלעגט קומען פון וואַלד באָרוועס מײַסע פויער, אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ (ער האָט איינמאָל צעטיילט 360 קילאָ ברויט צווישן הונגעריקע קינדער אין געטאָ), די ברידער באַרעך און לייבל באַשעפקין, זין פון אַ שוסטער (דער ערשטער, באַרעך, האָט מאַכמעס זײַן ריזיקן קויעך באַקומען אַ נאָמען „הערקולעס״), שײַקע דער טשעכענאָווצער, די גרופּע פאַרטיזאַנער פון טאַלמעד־טוירעגעסל (פיענקנע), וועלכע זײַנען געווען באַקאַנט אונטערן צונאָמען „די זשוליקעס״. באַ אָט דעם עלעמענט איז יודיטאַ אויסגעוואַקסן צו אַ מאָמעש לעגענדאַרער פיגור. זי האָט אין זיי אַרײַנגעפירט דעם אָטעם פון ווירדע און קאַמף.

יודיטאַ, זייער אָן אימפּולסיווע און אַקטיווע נאַטור, איז צוגעטרעטן גלײַך צו מײַסים. זי האָט זיך אײַנגעשאַפן אָן אייגענעם קאָנטאַקט מיט דער סאָוויעטישער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג, מיטן פאַרטיזאַנישן קאָמאַנדיר אַפאַנאַסיעוויטש, און געזאַמלט געווער.

צו דער אָנפירונג פון דער גרופּע האָבן געהערט: יעהודיס נאָוואָ־

19) ב. וואַסערשטיין, דאָרטן.

גרודזקאָ, מאַרעק שלענגער, סיאָמע קוכאַרעווסקי און פאַניע סיטש (אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן), מייער מוטשניק (ראַדיאָ), שלוימע גערשוני, יוזשיק 20).

עטלעכע כאַדאָשים צײַט האָט געדויערט אַזאַ לאַגע. די גאַנצע צײַט זײַנען אָנגעגאַנגען אונטערהאַנדלונגען וועגן צוריקקערן זיך אין דער אַל־געמיינער מוטער־אָרגאַניזאַציע. מיצאַד דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט האָט געפירט די שמועסן לייביש מאַנדעלבליט, דערנאָך מוישע בוך. די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן פון מערץ 1943 אָן. אַרום כוידעש מײַ האָט זיך יודיטאַס גרופּע צוריקגעקערט אין דער אָרגאַניזאַציע און די אַרבעט איז ווידער געגאַנגען געמיינזאַם 21).

אין מעשעך פון דער צײַט האָט דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטי־שער בלאָק געפירט אַ רירעוודיקע, פּרוכטבאַרע אַרבעט און האָט געגעבן דעם אָנהייב פאַר די צוויי יעסוידעסדיקע צילן; פאַר גרייטן געווער און פאַר שיקן גרופּעס צו דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג, רעאַליזירנדיק דער־מיט דעם שטאַנדפּונקט, אַז געטאָ און וואַלד זײַנען צוויי אָפּשניטן פון איין און דעם זעלבן פראָנט.

זינט די שווערע טעג פון דעצעמבער 1942, ווען דער כאַלעף איז אָט־אָט געלעגן אָפן האַלדז, האָט דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק אַנטוויקלט אַן ענערגישע טעטיקייט צו זאַמלען געווער.

אַביסל קלייזײַען האָט דער בלאָק פאַרמאָגט שוין פון לאַנג, פון דער ערשטער צײַט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע. וואָרעם דער געדאַנק פון גרייטן געווער איז רײַף געוואָרן באַ אַ טייל ביאַליסטאָקער אַרבעטער באַלד אין די ערשטע וואָכן פון דער דײַטשער מעמשאָלע, ווען עס האָט גענומען ווירקן די אָרגאַניזאַציע צו העלפן די קריגס־געפאַנגענע.

גרויסע גרופּעס יידן זײַנען דעמאָלט טאָג־טעגלעך געפירט געוואָרן מיכוץ דעם געטאָ אַף אַרבעט הינטער דער שטאָט, אַף פעלדער זײַנען געלעגן טויזנטער דערהאַרגעטע זעלנער, כמאָרים געווער, גאַנצע און צעקלאָפּטע, מעטאַל־שפּליטערס, צעטראַסקעטע מאַשינעס. די יידן האָבן

---

20) ג״א פון ב. וואַסערשטיין, דאָרטן; „די פּאַרטיזאַנישע מאַטעריאַלן פון טאָלק״ (דאָטנער), אַרכ׳ יוָה״א, נ׳ 2117 און 1852; ג״א פון עפראַים קיס־לער און ש. גרינשטיין.

21) ג״א פון מ. בוך און י. ריווקינד.

געדאַרפט אָפּרייניקן די פעלדער, צונויפקלײַבן די מעטאַל־שטיקער, סאָר־טירן און טראָגן צו לאַסט־אויטאָס דאָס געווער.

צווישן די צו אַרבעט־געטריבענע ייִדן איז געווען אַ גרופּע ווירדיקע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן באַשלאָסן: נישט אָוועקשלעפּן גאַנצע ביקסן, דאָס קאָן זײַן פּאַרדעכטיק, נאָר אַרויסצי͏ִען די ליופע, אַרויסשלעפּן אַ שלאָס פון אַ ביקס, צענעמען אַף עטלעכע טיילן, עס פאַרשטעקן אין קעשענעס, אין שטיוול, אין זעק. אַזוי האָבן די פּיאָנערן פון דער אַנטי־פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אַרײַנגעשמוגלט אין געטאָ, צוריקגייענדיק יעדן אָוונט פון דער אַרבעט, אַן עטלעכע און דרײַסיק צענומענע געווער־טיילן. אינדערהיים האָט מען בעסאָד־סוידעס צוזאַמענגעשטעלט די הילצערנע טיילן און צונויפמאָנטירט די ביקסן. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער אַרסענאַל אין געטאָ 22).

דער דאָזיקער אײַנפאַל האָט געדינט דאַניעל מאָשקאָוויטשן און זײַנע נאָענטע מיטאַרבעטער אַרויסצושלעפּן אין די שפּעטערדיקע צײַטן געווער פון די דײַטשע אַרסענאַלן, די כאַוויירים, וועלכע זײַנען באַשעפ־טיקט אַף פּלאַצוווקעס מיכוץ דעם געטאָ, באַקומען אינסטרוקציעס אַרײַנ־צוגאַנווענען גאַנצע שטיקער, אָדער טיילן פון קלייזײַען און עס ברענגען אין געטאָ. מאָשקאָוויטש לאָזט זיך אַליין אַף דער „אַרישער" זײַט אָנ־טיילצונעמען אין אָנפירן מיט אַזעלכע געפערלעכע עקספּעדיציעס 23).

אײַנצײַטיק אָרגאַניזירט דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק אַ וואָפן־פּראָדוקציע אין געטאָ. די דאָזיקע פּראָדוקציע איז נאָך לעיִיסאָטע דער פּרימיטיוו און שטעלט נאָך נישט צו קיין הייס געווער. די פאָשעטע ייִדישע פאָלקס־פּרוי עטל ביטענסקאָ טראָגט אַרויס פון פאַבריק, וווּ זי אַרבעט, צענדליקער ליטער שוועבל־קוואַס; ער ווערט צעגאָסן אין פלעשער, וועלכע דינען אָנשטאָט גראַנאַטן. שוועבל־זויער שטעלט צו אויך דער בונדישער כאַווער שאָלעם פּראַפּאָרץ 24).

אָט אַזוי ווערן אויסגעפּילט די עבֿשטע אַרסענאַלן פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ. די זאַפּאַסן זײַנען

---

22) דאָרטן.
23) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאָ.
24) דאָרטן.

דערוויַיל מער ווי באַשיידן און קאָנען נאָך נישט סטאַיען פאַר אַ לענגער־דער זעלבשוץ־אַקציע 25).

דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק אַנטוויקלט אויך אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע־ארבעט. עס קומט צו נאָך אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, וועל־כער ווערט אינסטאַלירט באַם גראַיעווער מאַטעמאַטיק־לערער עזרע אַביעדזשינסקי אַף טשעפּלע 13. (26).

צוגלײַך מיט דער אַגיטאַציע־ און מאָביליזיר־אַקציע צווישן דער געטאָ־באַפעלקערונג ווערן געמאַכט די ערשטע שריט אַפן געביט פון שיקן מענטשן אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. טאַקע אין דעם קריטישן נאָוועמבער־כוידעש 1942 הייבט זיך אָן די באַוועגונג צו גיין פון געטאָ אין וואַלד אַרײַן, קעדיי זיך צו אָרגאַניזירן אין פּאַרטיזאַנישע גרופּעס. אין דעצעמבער גייט אַרויס די ערשטע גרופּע. טכילעס 1943 לאָזט זיך אין וואַלד אַ צווייטע און דריטע גרופּע 27). עס גייען אַרויס אין וואַלד 17 יוגנטלעכע אונטער דער אָנפירונג פון יוזשעק מאַרגאַליס, אין דער גרופּע געפינט זיך דער זון פון אַלטן וואַרשעווער ליגק־פּראָפּאַרייגישן טוער יאָסל ליכטענשטיין — מענאַשע 28). די מאָביליזאַציע אין וואַלד אַרײַן ווערט קאָאָרדינירט מיט דער פּוילישער גרופּע, וואָס ווירקט אַף דער „אַרישער״ זײַט. די פּוילישע טוער שטעלן אין רעשוס פון די ייִדישע כאַוויירים זייער פּאַספּאָרטן־פאַבריקאַציע 29).

אַזוי אַרום דערשײַנט דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק ווי דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער ווידערשטאַנד־טעטיקייט סײַ אין געטאָ, סײַ אין וואַלד.

די הויפּט־אַרבעט פונעם בלאָק באַשטייט לעייסאַטע אין דעם שווערן אָנשטרענג צו עפענען די אויגן פון דער געטאָ־מאַסע אַף דער טויט־געפאַר, וואָס לויערט אַפן עצעם קיִעם פון די ביאַליסטאָקער ייִדן. דער דאָזיקער אָנשטרענג איז בעמיילע געווען אַ שאַרפער קאַמף קעגן דעם דײַטשן אָקופּאַנט, קעגן דעם „יודענראַט״ און קעגן דעם פאַרפירערישן גלײַכגילט פון אַ גרויסן טייל פון די געטאָ־אסורים גופא 30).

---

25) דאַרטן
26) ג״א פון י. ריווקינד.
27) ג״א פון פ. קאַזשעץ.
28) ג״א פון י. לערמאַן.
29) ג״א פון פ. קאַזשעץ.
30) ג״א פון י. ריווקינד.

דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק און זײַנע לאָזונגען האָבן אויסגעיבט אַ שטאַרקע האַשפּאָע אַף דער אַרבעטנדיקער מאַסע אין געטאָ. דעם באָדן האָט צעאַקערט נאָך פריער די אָרגאַניזאַציע צו העלפן די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע און די קאַרבאַנעס פון היטלעריסטישן טעראָר. שוין אין יענער ערשטער צײַט איז געקומען צום אויסדרוק אַ פּאַסיווער ווידער־שטאַנד פון דער פאָלקס־מאַסע אין געטאָ קעגן די דײַטשע פאַראָרדענונגען.

דער ווילן צו ווידערשטאַנד האָט טיף געשטעקט בײַ דער יִדישער מאַסע אין געטאָ. נישט דאָס טרײַבן אין דער איזאָלאַציע אַרײַן, נישט די געלע לאַטע זײַנען נישט אויפגענומען געוואָרן גוטוויליק. וועגן דעם אַקשאַנעסדיקן אַרויסדרייען זיך פונעם שאַנד־צייכן פון פאָרנט און פון הינטן קומט ווידער און ווידער צו רייד. אַ יאָר נאָכן איינפירן אַ געטאָ גייט נאָך אָן דאָס געראַנגל פון דער מאַכט פאַר די געלע צייכנס, די מאַסע סאַבאָטירט, ווו און ווי זי קאָן, די דאָזיקע גזירע 31). אַף די זיצונגען פונעם יודנראַט איז געקומען צום אויסדרוק דער אומרו פון די פירער פון אָט דעם אָרגאַן אין אַנבליק פון דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד פון די יִדן. אַף נישט איין זיצונג הערט מען, אַז דער פּאָליציי־קאָמאַנ־דאַנט מאַרקוס קלאָגט זיך, בעקיין מען היט נישט אין געטאָ די פּאָלי־צייִשע שאָ. דעם ברייטסטן פאַרנעם האָט אַרומגעכאַפּט דאָס אַרויסדרייעןִ זיך פון שטעלן זיך צו צוואַנגס־אַרבעט. דאָס איז געוואָרן מאַמעש אַ באַוועגונג, וואָס האָט געטראָגן די סימאָנים פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד. דער יודענראַט האָט, אַ באַפּולמעכטיקטער דורך דער דײַטשער מאַכט, געפירט אַ קאַמף קעגן אָט דעם מאַסן־סאַבאָטאַזש. זייער אָפט האָבן די מוידאָעס אַף די גאַסן געטאַדלט די „שולדיקע" און אָנגערופן זיי זיי באַם נאָמען, מיטגעטיילט וועגן שטראָפן און געדראָט מיט קאָלעקטיווע קאָנ־סעקווענצן.

דעם 18טן נאָוועמבער 1941 טיילט מיט דער יודענראַט, אַז די ווײַטער־אויסגערעכנטע יִדן האָבן אָן אַ דערלויבעניש אַליין פאַרלאָזט דעם אַרבעטס־פּלאַץ: מוישע נאָוואָקאָלסקי, יאָסעף לעוו, יאַנקעוו ראַצקי, מוישע סטופּניק, בענציִען ליפקין, כאַים טאַלינסקי, ביניאָמין האַלפּערן און כײַקל קלאָס.

די דאָזיקע ווידערשפּעניקע האָבן באַקומען אַ שווערן פּסאַק 32).

31) מעלדונג פון י"ר פון 15טן יולי 1942, אַרכ׳ יִוָה"אַ, נ׳ 302.
32) מעלד׳ נ׳ 136.

דאָס האָט אָבער, אַפּאָנעם, קנאַפּ וואָס געהאָלפן. וואָרעם אין אַ וואָך אַרום, דעם 25טן נאָוועמבער 1941 איז מודיע אַ פרישע באַקאַנט־מאַכונג פונעם יודענראַט אונטערן וואָרנונגפולן קעפּל „היט אײַער לעבן!” אַט וואָס:

„ווידער האָבן באַקומען אַ שווערע קערפּערלעכע שטראָף פאַר אַרויס־דרייען זיך פון צוואַנג־אַרבעט: קאַגאַן ייִסראָעל, סאַפּירשטיין מוישע, קראַוויעץ, גראַבאָווסקי הירש, פעדער שיִע, מעלאַמעד ייִצכאָק, נאָוויק נאָכעם, שוועבער שימען” 33).

די פּעולע איז באַנײַס געווען נישט אַזאַ, ווי די מאַכט האָט זיך געוווּנטשן. דער טעראָר, די שווערע שמיץ, די דראָונג מיט טויט האָבן נישט אָפּגעשראָקן די דרײַסטע ייִדן, און דעם 3טן דעצעמבער, דאָס הייסט, מיט אַכט טעג שפּעטער, מוז דער יודענראַט נאָכאַמאָל אַרויס־טרעטן מיט אַן עפנטלעכער מעלדונג: עס זײַנען ווידער קערפּערלעך באַשטראָפט געוואָרן געטאָ־אסורים פאַר אַרויסדרייען זיך פון צוואַנג־אַרבעט, דאָס זײַנען: יאָסעף קאָרען, מאָרדכע גאַלאַנט, מויטע ריצאַק, אַרן בערנשטיין, לייב גאַלאַנט, הירשט בערעזאָווסקי, הילעל פורמאַן, לייב און פײַוול ווײַנשטיין 34).

דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד קומט צום אויסדרוק נישט בלויז אין נישט־שטעלן זיך, אָדער אין אַנטלויפן פונעם אַרבעט־פּלאַץ; ער אַנט־פּלעקט זיך אויך אין שלעכט אויספירן די אַרבעט און אין נישט היטן די דיסציפּלין בעיס דער אַווֹידעם פּערעך. די דײַטשע מוישלים געטרויען נישט די ייִדישע נויגשים און זיי זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו צווינגען די ייִדן צו דיסציפּלינירטער אַרבעט. דעם 14טן מערץ 1942 ווערט דאָס געטאָ באַשאָנקען מיט דער ווײַטערדיקער מעלדונג:

„דער דײַטשער אַרבעט־אַמט איז מודיע:

„ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די אַרבעט־דיסציפּלין בײַ די ייִדישע אַרבעטער איז זייער שוואַך.

„דעריבער זײַנען אין אַלע אונטערנעמונגען אײַנגעפירט געוואָרן גענויע וואָכנטלעכע רעשימעס, וויפל אַרבעט־שאָען די ייִדן גיבן דאָרט

33) מעלד' נ' 166. עס קאָן זײַן אַז מעלאַמעד ייִצכאָק איז דער שפּעטערדיקער העלד מאַלמעד ייִצכאָק.

34) מעלד' נ' 173. עס קאָן זײַן אַז דאָס איז געווען דער דיכטער־ווידער־שטענדלער לייבל ווײַנשטיין.

יעדן טאָג. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין פאַרשיידענע טעג קומען אַ טייל ייִדן אײַנגאַנצן נישט צו דער אַרבעט, אָדער אַרבעטן קנאַפּ שאָען אין טאָג. קיין גרונטיקע סיבעס פאַר אָט די פאַרברעכנס איז נישטאָ.

„דער אַרבעט־אַמט האָט שוין אין אַ סך פאַלן איבער די אָרומ־שלעפערישע ייִדן געלאָזט אַדורכפירן שטראָף־מיטלען דורך דער געשטאַ־פּאָ.

אויך ווײַטער וועלן אַלע וועלכע דערפילן נישט בישליימעס זייער אַרבעט־כויוו, אָפּן גרונט פון דער באַקומענער רעשימע ווערן איבערגע־געבן דער געשטאַפּאָ צו באַשטראָפן זיי שטרענג".

אונטערגעשריבן: „ייִדנראַט" 35).

ווען עס העלפט נישט טאָמיד אויך דאָס שרעקן מיט געשטאַפּאָ, הייבט אָן די מאַכט צו דראָען מיט פאַרשיקן אין שטראָף־לאַגער.

דעם 2טן יולי 1942 האָט דאָס געטאָ געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אָט דער וואָרנונג פון יודענראַט:

„פאַר נישט קומען צו דער אַרבעט האָט די מאַכט אַרײַנגעזעצט אין שטראָף־לאַגער די ווײַטערדיקע אַרבעטער:

„1. לעוו לייב, געבוירן 1925;
„2. לעוו אַבראַם, געבוירן 1923;
„3. שוסטער יעהודע, געבוירן 1926;
„4. סיבירסקי כאַים, געבוירן 1920;
„5. זאַרכין נאַכעם, געב. 1924" 36).

דאָס ספּעציעל־אַכזאָריעסדיקע דערבײַ באַשטייט אין דעם זייער יונגן עלטער פון די פאַרמישפּעטע. אַ שטייגער, יעהודע שוסטער איז אַלט בעסאַך־האַקל 16 יאָר, לייב לעוו — 17 יאָר; דאָס הייסט — ייִנגלעך.

באַלד אויפצומאָרגנס דעם 3טן יולי, האָט זיך ווידער עמעצער פון געטאָ נישט געשטעלט צום אַרבעט־פּלאַץ. דאָס איז געווען מאָרדכע עפּשטיין פון נײַ־וועלט 21; ער איז באַשטראָפט געוואָרן מיט פיר וואָכן אַרבעט־לאַגער 37).

35) מעלד' נ' 235.
36) מעלד' נ' 296.
37) מעלד' נ' 297.

אַף דער זעלביקער שטראָף זײַנען געוואָרן אויסגעשטעלט אויך די, וואָס העלפן די דירעקט־שולדיקע. אין העסקעם מיטן פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער און מישפּאָכע־אַכרײַעס ווערן עלטערן פאַרמישפּעט פאַר ווידערשפּעניקע קינדער, און עס טרעפט אויך פאַרקערט. דעם 20סטן סעפּטעמבער 1924 איז דער יודענראַט מודיע דער געטאָ־באַפעלקערונג, אַז —

„פאַר אויסבאַהאַלטן זייערע טעכטער פון שטעלן זיך צו אַרבעט זײַנען די אונטן־אויסגערעכנטע עלטערן באַשטראָפט געוואָרן מיט אײַנשפּאַרן אין שטראָף־לאַגער אַף אַ לענגערער צײַט: פייגע באַלעוויטש, מירע אַנטמאַן, ראָכל קובאַרעווסקי, איטקע ליפּאָווסקי, אַריע־לייב אַגורעק, שמועל אַפּעלבוים, פּעשע סיבירסקי" 38).

די אַלע שווערע רעפּרעסיע־מיטלען זײַנען אָבער נישט געווען אומשטאַנד צו דערשטיקן די נעגאַטיווע שטעלונג פון דער מאַסע צו די פאַראָרדענונגען פון דער דײַטשער מאַכט. העיויס די פאַלן פון נישט אויספירן די צוואַנג־אַרבעט־באַפעלן מערן זיך, ווענדט אַן דער סוינע די סאַמע שאַרפסטע דראָונג — דאָס געשפּענסט פון טויט.

דעם 25סטן סעפּטעמבער 1942, פינף טעג נאָכן פאַרשפּאַרן אין אַרבעט־לאַגער די גרופּע עלטערן, וואָס האָבן נישט געוואָלט אויסליפערן זייערע טעכטער אַף שאַנד און אומקום, ווערן אויסגעהאַנגען אין געטאָ פּלאַקאַטן, וועלכע טראָגן דעם טיטל: „וואָרנונג"; דער אינהאַלט זייערער איז אַזאַ:

„די מאַכט האָט פאַראָרדנט דעם יודענראַט צו מעלדן דער באַפעלקערונג אין געטאָ דאָס ווײַטערדיקע: מענער אין אַרבעטס־עלטער פון 16 ביז 60 יאָר, און פרויען פון 16 ביז 50 יאָר, וועלכע דרייען זיך אויס פון אַרבעט אַף דער פאָדערונג פון דער מאַכט, וועלן דערשאָסן ווערן" 39).

און דאָך, נישט געקוקט אַף אַלעמען, טראָץ דער דאָזיקער סאַמע שאַרפסטער דראָונג, מוז באַראַש מעלדן אַף דער פאַרזאַמלונג אין זאַל פון לינעס האַצעדעק דעם 11טן אָקטאָבער 1942, דאָס הייסט — צוויי וואָכן נאָך דער אָקערשט־ציטירטער, טויט־דראָענדיקער וואָרנונג — אַז ווען די מאַכט האָט געפאָדערט צו אַרבעט צוויי הונדערט יידישע פרויען,

38) מעלד' נ' 336.
39) מעלד' נ' 338.

האָט זיך קיין איינע נישט געשטעלט. די ייִדישע פּאָליציי האָט געמוזט אויסשטעלן אַלע אַרבעטלאָזע אַפן פּלאַץ און מיט געוואַלט אַרויסנעמען צוויי הונדערט מיידלעך. און דעמאָלט איז געשען דאָס, צו וואָס דער אָקופּאַנט איז — יעדנפאַלס פון ייִדישן צאַד — נישט געווּינט געווען און זיך נישט גערעכנט: ווען מען האָט געפירט די מיידלעך, האָט זיך צונויפגענומען דאָס גאַנצע געטאָ, נאָכגעלאָפן נאָך דעם שופּאָ־קאָנוואָי און די אַרויסגעריסענע ייִדישע טעכטער און געמאַכט הילכיקע אויסרופן 40).

דאָס איז געווען די צווייטע אָפענע מאַסן־דעמאָנסטראַציע אין געטאָ. (די ערשטע איז געווען פון די „שאַבעסדיקע" אַלמאַנעס, זע אויבן). דאָס איז נישט געווען קיין קעמפערישע דעמאָנסטראַציע, אָבער שוין דער פאַקט, וואָס אַ המון האָט זיך צונויפגעזאַמלט — טראָץ אַלע פאַרבאָטן — אין גאַס און האָט באַגלייט די מאַכט־פאַרשטייער מיט פאַרביטערטע אויסגעשרייען, שוין דער עצעם־פאַקט איז געווען אַ בוילעטער באַווײַז אַף די אָפּאָזיציאָנעלע און אויך מערידע־שטימונגען, וואָס האָבן גענורטעוועט די געטאָ־מאַסע.

פון די ערשטע כאַדאָשים ביז דער ערשטער ליקווידיר־אַקציע, דאָס הייסט, פון יענעם טראַגישן שאַבעס ביז פעברואַר 1943, ווען עס וועט קומען צו אַן אָפענעם, באַוואָפנטן אַרויסטריט — איז דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ געווען אַן אַרענע פון קעסיידערדיקע דערשײַנונגען פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד. נישט געקוקט אַף די טויט־דראָונגען, גייט די דערשײַנונג פון נישט שטעלן זיך צו צוואַנג־אַרבעט ווײַטער אָן. דעם 28טן יאַנואַר 1943 טיילט מיט דער אַרבעט־אָפּטייל באַם יודענראַט אין אַ ספּעציעלן גאַסן־קאָמוניקאַט, אַז פאַר נישט גיין צו דער אַרבעט זײַנען געשמיסן געוואָרן ייִסראָעל נאַשעלסקי, פּאָלנע 19, מעלעך הינערשטיין, נײַ־וועלט 12, הירש ניסענבוים, פאַבריק־גאַס 39, אַווראָם פּאָלאַנסקי, ביאַליס־טאָטשאַנער 16, לודוויק ציטראָנבערג, פאַבריק־גאַס 13, גערשן קאַנטאָ־ראָוויטש, כמיעלנע 19, ייִצכאָק קאַדיש, קופּיעצקע 22 און פישל ראָזענ־בערג, געלדאָווע 1 41).

דעם זעלביקן טאָג זײַנען געשמיסן געוואָרן פאַר אַרויסגיין מיכוץ

---

40) „פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען פון ביאַליסטאָקער יודענראַט", ז' 47; אויך: ג"א פון י. ריוווקינד.

41) מעלד' נ' 383.

דעם געטאָ אָן פּערזענלעכע דערלויבענישן: יִצחאָק נאָטעס, כמיעלנע 10, און מאָרדכע נוסבוים, סמאָלנע 21 (42).

און ווײַזט אויס, אַז די קשיי־אוירעף־באַוועגונג האָט זיך אויסגע־שפּרייט אַלץ מער און אַז די מאַכט איז נישט געווען אימשטאַנד זי לעגאַמרע צו דערשטיקן און ליקווידירן, ווי באַלד דעם זעלביקן טאָג ווענדעט זיך דער אַרבעט־אָפּטייל באַם יודענראַט צו דער באַפעלקערונג אָט מיט וואָס פאַראַ ווערטער, וועלכע שמעקן ווידער מיט קאָלעקטיווער אַכראַיעס:

„מיר וואָרענען, אַז צוליב אַזעלכע פאַרברעכנס קאָנען אָנגענומען ווערן סאַנקציעס לעגאַבע דעם גאַנצן געטאָ" 43).

אָפּן סמאַך פון אַזוינע שטימונגען האָט די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַ־ניזאַציע געקאָנט צעאַקערן דעם געטאָ־באָדן און פאַרזייען קערנדלעך פון העכערע ווידערשטאַנד־פאָרמען. די אַנטיפאַשיסטישע טוער האָבן גע־וואָרפן אין דער אַרבעטער־מאַסע דעם געדאַנק פון סאַבאָטאַזש אין דער פּראָדוקציע. דער דאָזיקער געדאַנק איז בעקאָרעוו געקרוינט געוואָרן מיט מאַמאָשעסדיקע מײַסים. דעם 1טן אָקטאָבער 1942 האָט דער יודענראַט באַקומען אָט אַזאַ „ידידי־בריוועלע" פון דער דײַטשער ציווילער מאַכט:

„דער שטאָט־קאָמיסאַר פון שטאָט־קרײַז ביאַליסטאָק.

געטאָ־פאַרוואַלטונג.

ביאַליסטאָק, 1טן אָקט. 1942.

צום יודענראַט —

וועגן: פאַרטיק מאַכן וואַטירטע קעלט־שוץ־באַקליידונג און ווינ־טער־באַקליידונג פון די וואַרשטאַטן פון געטאָ.

„דער מיליטער באַקלייד־אַמט קעניגסבערג (פּר) האָט אין זײַן אָפּנעם־באַריכט פון 21טן סעפּטעמבער 1942 וועגן ווינטער־באַקלייד־זאַכן, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אין געטאָ, אָנגעוויזן אַזוינע כעסרוינעס פון שווערן כאַראַקטער, אַז זיי זעען אויס ווי סאַבאָטאַזש לעגאַבע דער אַמוניציע־אַרבעט פון דער מיליטערישער מאַכט. האַגאַם די פּראָבעס זײַנען געווען באַפרידיקנדיקע, זײַנען אָבער די אַרבעטן אינגאַנצן אויס־געפירט געוואָרן אַזוי שלעכט און נישט שטאַרק, אַז אויב דאָס זאָל זיך

42) דארטן.
43) דארטן.

איבערכאַזערן, וועט די מיליטער־מאַכט מוזן זיך אָפּזאָגן פון ווײַטערדיקע באַשטעלונגען.

„איך האָב הײַנט דעם י. ר. שוין פערזענלעך זייער שטרענג געוואָרנט און איך מאַך אים אַליין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע ווײַטערדיקע געשעענישן. אַ כוץ די שטרענגע באַשטראָפונגען, וועלן די ייִדן, דורך זייערע אומפאַראַנטוואָרטלעכע מעײַסים, דאַרפן זיך אַליין באַשולדיקן, אויב דורך דעם וועלן אַרויסקומען אויך אַנדערע קאָנסעקווענצן פון שווערער וואָג״ 44).

אַ ברייטערע סאַבאָטאַזש־אַקציע איז געפירט געוואָרן — לויט דער איניציאַטיוו פון די קעמערלעך פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע — אויך אין די ווינטער־שיך־פאַבריקן. אַ גרויסע באַשטעלונג פון וואַלאָקעס, פוטער־שטיוול און שיך פאַרן מיליטער איז אַזוי אויסגעפירט געוואָרן דורך די ייִדישע אַרבעטער, אַז פון פראָנט זײַנען אָנגעקומען יעדיִעס, דאָס די סכוירע, בעיִקער די פאָדעשוועס, זײַנען זיך צעקראָכן באַלד נאָך עטלעכע טעג טראָגן און האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם שווערן רוסישן ווינטער־קלימאַט 45).

כוץ סאַבאָטאַזש האָט די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע צוגעגרייט — ווו עס איז געווען מעגלעך און צוועקמעסיק — שטרײַקן. דעם 21טן מײַ 1942 טיילט מיט באַראַש, אינגאַנצן אַן אויפגעציטערטער, אַף אַ יודענראַט־אַסיפע, וועגן אַ שטרײַק פון פורמאַנעס אין געטאָ. דער אָבמאַן קוואַליפיצירט עס ווי „העפקיירעס״ 46).

באַ די ווידערשטאַנד־אַקטן איז נישט זעלטן געקומען צו צוזאַמענשטויסן צווישן די ווידערשפעניקע און דער געטאָ־פאָליציי, וועלכע האָט געטרײַ אויסגעפירט די באַפעלן און דראָונגען פון דער דײַטשער מאַכט. פאַרן אַרויסטרעטן אַקטיוו קעגן דער פאָליציי האָט זיך די לעצטע ביטער נויקעם געוועזן. אין שוץ פון די ברוטאַלע ייִדישע פאָליציאַנטן האָט זיך טאָמיד געשטעלט זייער אַפעטראָפּעס דער יודענראַט. אַט מאַכט באַקאַנט דער יודענראַט דעם 26טן יוני 1942, אַז פאַר באַליידיקן און שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער אָרדענונגס־דינסט זײַנען פאַרמישפעט געוואָרן: דער 17־יעריקער אַווראָם קלאַטשקאָ צו אַנטערמיניקן אַרבעט־לאַגער, דער

44) פראָט׳ פון י״ר־זיצונג נ׳ 47.
45) נ״א פון י. ריווקינד.
46) פראָט׳ פון י״ר־זיצונג נ׳ 38.

32־יעריקער מיכאַל ניעוויאַדאָמסקי און דער 16־יעריקער נאָטע גאָלד־שטיין צו 2 וואָכן פאַרשאַרפטן אַרעסט, דעם 41־יעריקער סימבע פעלער און דער 17־יעריקער זאַלמען געלבאַרט צו 75 מאַרק געלט־שטראָף איט־לעכער 47). געשלעגן פון פאָלקס־מענטשן מיט דער „אייגענער" פּאָליציי האָבן געהערט צו די נישט זעלטענע דערשײַנונגען אין געטאָ. עס זײַנען באַקאַנט פאַלן, ווען פרויען האָבן זיך געוואָרפן שלאָגן די לײַט פון אָרדענונגס־דינסט 48).

אַזוי האָט אינערלעך געקאָכט און געזידט אין דעם געטאָ גופֿע. נישט געקוקט דערויף, וואָס אויסערלעך האָט דער ביאַליסטאָקער יִדן־ראַיאָן געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ באַהערשטן און רויקן, האָבן אָבער די דערשײַנונגען פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון אַ באַוועגונג און די דאָזיקע באַוועגונג האָט אָפטמאָל געהאַט אירע זיד־פּונקטן — סאַבאָטאַזש־אַקטן, אַ שטרײַק, צוזאַמענשטויסן מיט דער געטאָ־פּאָליציי, אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע.

באַנאַנד מיט די אויסערלעכע אַקטן פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד איז שוין פון דער ערשטער טקופֿע אויפגעקומען דער אינערלעכער פאַרלאַנג צו אַקטיוון קאַמף.

וועלנדיק דערשטיקן די שטימונגען פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד האָט דער סוינע דורך בלוטיקן טעראָר געצילט אָנצוואַרפן אַ שרעק איבער דער געטאָ־באַפעלקערונג. צו אַזאַ טעראָר געהערן די דרײַ טליעס אין דער נײַ־יאָר־נאַכט פון 1943.

דאָס דאָזיקע נײַע יאָר האָט זיך פאַר די ביאַליסטאָקער יִדן געעפֿנט מיט אַ זייער טרויעריקער מוידאָע. באַלד אינדערפרי האָט אַ מעלדונג פון יודענראַט אָנגעזאָגט די צום טויט־דערשטוינטע געטאָ־אַסורים די די ווײַטערדיקע שוואַרצע בסורע: „לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט זײַנען אויפגעהאַנגען געוואָרן אין געטאָ פאַר גאַנוועגען פּראָדוקטן פון דער אייל־מיל די ווײַטערדיקע פּערזאָנען: ליפּאַ שטשעדראָווסקי, עליע דוואָרסקי, יאַנקעוו יאַבלאָנסקי. די זעלבע שטראָף דערוואַרט יעדן איינעם, וואָס וועט גאַנווענען סײַ אויסערן געטאָ, סײַ אין די בעטריבן פון דער ווערמאַכט אין געטאָ".

---

47) מעלד' נ' 376. נאָטע גאָלדשטיין דאָס איז וואַרשײַנלעך דער אַקטיוויסט פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע: נאָטקע גאָלדשטיין.

48) נ"א פון פאַניע ליפּינסקאַ.

די דאָזיקע דרײַ הונגעריקע ייִדן זײַנען אַרויסגעפירט געוואָרן אַף דער טליִע דעם 31טן דעצעמבער האַלב־אַכט אינאָוונט. די עקזעקוציִע איז דורכגעפירט געוואָרן אין סאַמע האַרץ פון געטאָ, אַף קופּיעצקע־גאַס, נישט ווײַט פונעם הויז פון יודענראַט.

עס איז אָבער דאָ אַ גרונט צו מיינען, אַז דאָס איז נישט געווען מאַכמעס דעם סוינעס צאָרן צוליב דער ווייניק־וויכטיקער גנייווע פון יאַנדרעס אין דער אַלעיאַרניע, נאָר אַז דער גרויזאַמער אַקט האָט גע־דאַרפט זײַן אַ מיטל אָפּצושרעקן די אויפוואַכנדיקע און וואַקסנדיקע ווי־דערשטאַנד־באַוועגונג אין אונטערערד פון געטאָ און ביפראַט קעגנצווירקן די סאַבאָטאַזש־ אַקטן אין דער געטאָ־אינדוסטריע. די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס פון געטאָ האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן דעם אָוונט פון 31טן דעצעמבער אַף דורכפירן אונטערן צודעק פון נײַ־יאָר־פײַערונגען געהיימע מאַסן־פאַרזאַמלונגען און ברענגען דעם נידערגעשלאָגענעם אוילעם אַ וואָרט פון טרייסט 49). אַז די דאָזיקע האַשאָרע קאָן זײַן אַ ריכטיקע, באַקרעפטיקט דער פאַקט, וואָס אין דער עקזעקוציע האָט זיך באַטייליקט אַ פאָרשטייער פונעם געשטאַפּאָ־אָפּטייל צו באַקעמפן „באַנ־דעס" (פּאַרטיזאַנער).

דער פאַרלויף פון אָט דעם טעראָר־אַקט שטעלט זיך פאָר אַזוי:

די אָקופּאַנטן האָבן אַרעסטירט צען ייִדן אונטער דער באַשולדיקונג פון גאַנווענען 25 פונט באַניקערן אין דער אייל־פאַבריק, וועלכע האָט געאַרבעט פאַר דער אָקופּיר־מאַכט. פון די צען האָבן זיי אויסגעקליבן דרײַ און זיי געמישפּעט הינטער די אויגן. דער מישפּעט איז פאָרגעקומען אין געשטאַפּאָ־ביניען אַף עריק־קאָך־גאַס 15. דאָס איז געווען אַ שטאַנד־געריכט אונטער דעם פאָרזיץ פון ד"ר אַלטענלאָה אַליין; עס זײַנען אָנ־וועזנדיק געווען דרײַ בײַזיצער, איין איבערזעצער און... אַ פאַרטיידיקער. דער אורטייל איז געווען: טויט־שטראָף. די טליִע האָט געמוזט צוגרייטן דער יודענראַט. דעם אורטייל האָט אויסגעפירט דער געשטאַפּאָ־לייטער היימבאָך און דער אָנוועזנקייט פון פריץ פרידעל, דיבוס, קרימינאַל־סעק־רעטאָר פלאַומאַן (פונעם באַנדעס־אָפּטייל פון געשטאַפּאָ) און אַנדערע פּאָליציייִשע באַאַמטע. די עקזעקוציע האָט געמוזט אויספירן די ייִדישע אָרדענונגס־דינסט; ייִדישע פּאָליציאַנטן האָבן אָנגעשמירט דעם שטריק

49) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ און י. ריוווקינד.

מיט זייף, „די קאַרבאָנעס זאָלן זיך לאַנג נישט מאַטערן" — אַזוי האָט פאַרלאַנגט דער „הומאַניטאַרער" געפיל פון די הענקער. צו דער טליעז זײַנען געבראַכט געוואָרן אַלע צען ייִדן. היימבאַך האָט צו זיי געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז זיי ווערן פאַר־מישפּט פאַר „סאַבאָטאַזש לעגאַבע דער דײַטשערווירטשאַפט". אַ ייִדי־שער פּאָליציאַנט — זײַן נאָמען איז נישט באַקאַנט — האָט אויסגעפירט די פונקציע פונעם טאַליען. ווען מען האָט אַלע דרײַ אויפגעהאַנגען, האָט פרידעל דורך אַ שטויס מיט דעם פוס אַרויסגערוקט דאָס בענקל פון אונטער די פיס פון די געהאַנגענע, אַ שאָ צײַט האָבן זיי געהאָנגען. דע־מאָלט האָט מען די זיבן „גליקלעכע" געהייסן גיין אַהיים, און די יודענ־ראַט־מענטשן זײַנען געצוווּנגען געוואָרן אַראָפּצונעמען די באַרמינאַנס 50).

די דרײַ טליעס פון ניי־יאָר 1943 האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט די אַנטיפאַשיסטן אין זייער פעסטקייט, אַז מען דאַרף זײַן גרייט אַף ווײַטער־דיקע און נאָך ערגערע אָנגריפן פונעם סוינע 51).

---

50) קאַפּלאַן: „דער יודענראַט אין ביאַליסטאָק". דאַטנער: „כורבן ביאַליס־טאָק", ז"ז 20—24.

51) ג"א פון י. ריווקינד.

קאַפּיטל זעקס

# ערעוו דער ערשטער קאַטאַסטראָפע

נישט געקוקט דערויף, וואָס די פולשטענדיקע פיזישע פאַרטיליקונג פון די ייִדן האָט זיך מיט צוויי בלוטיקע כוואַליעס דערנענטערט פון מיזרעך־זייט, סײַ פון מערעוו, האָבן ס׳ראָוו ביאַליסטאָקער געטאָ־אסורים נאָך אַלץ נישט געגלויבט, אַז אויך זייער גורל איז אַ געכאַסמעטער. לעפּאָנעם האָט די טאַקטיק פונעם סוינע נישט געטראָגן קיין ערנסטע כשאַד־סימאָנים 1).

די אונטערערדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט אַרויסגעריסן ייִדן פון דער טראַגישער אומוויסנקייט.

אין דער צווייטער העלפט פון יאַנואַר 1943 האָט זיך צו כאַווײרים פון אונטערערד געמאַלדן אַן אַפּגעריסענער ייִד מיט אַ געוואַלדיק־מידן אויסזען און אַ פּאָנעם, וואָס האָט אויסגעדריקט אי גרענעצלאָזע לײַדן, אי פּאַנישע שרעק. מען האָט אין דעם דאָזיקן שטערבלעך־אויסגעמאַטערטן מענטשן קוים דערקענט דעם גראָדנער בוכהאַלטער ברוידע, אַ מיטגליד פון דער גראָדנער בונדישער גרופּע. דאָס, וואָס ברוידע האָט גענומען דערציילן, האָט זיך אויסגעוויזן די מענטשן ווי אַ גרוליק־פאַנטאַסטישע פלוידערײַ פון אײנעם, וואָס איז אַראָפּ פון זינען. אָבער נאָכן באַקענען זיך מיט דעם איניען, האָט מען זיך איבערצײַגט, אַז דאָס איז וואָר. דאָס איז געווען אַן אַנטלאָפענער פון טרעבלינקער געהענעם 2).

אָפן סמאָך פון ברוידעס דערציילונג האָבן צוויי אַקטיוויסטן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע — די וואַרשעווער לערערן העלענקע

1) נ״א פון י. ריוווקינד.
2) נ״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

נירענבערג און דער גראָדנער יוריסט גרישע טשאַפּניק — אָנגעשריבן אַ בראָשור וועגן דעם טרעבלינקער געהענעם 3). די בראָשור האָט געהאַלט זעקס זײַטן און איז אָפּגעקלאַפּט געוואָרן אויף אַ העקטאָגראַף אין אַ קאָנ־ספּירירטן לאָקאַל אויף ביאַלע־געסל אונטער דער האַשגאָכע פון שאָלעם קאַזשענץ. איידער די בראָשור איז אָפּגעדרוקט געוואָרן איז געשען אַ טראַ־גישער פאַל: די אַקטיוויסטן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, בינע קאַטשאַלסקאַ, האָט געדאַרפט איבערשרײַבן דעם קסאַוו־יאַד אויף ריין. באַם איבערשרײַבן האָט זי זיך אַזוי איבערגענומען מיטן גרויליקן אינהאַלט, אַז נאָכן אָפּגעבן דעם ריינעם מאַנוסקריפּט, האָט זי זיך גענומען דאָס לעבן 4).

די בראָשור האָט געטראָגן דעם טיטל „דער עמעס וועגן טרעבלינ־קע". זי איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אײַנוווינער פון געטאָ.

ביאַליסטאָק האָט זיך דערוווּסט. דער אײַנדרוק איז געווען אַ שווי־דערלעכער 5).

איצט האָבן אַפילו די יעניקע ביאַליסטאָקער, וואָס זײַנען זיכער געווען, אַז ביאַליסטאָק איז אַן אייביק־מאַזלדיקע שטאָט, אויפגעהערט גלייבן דעם יודענראַט.

ביפראַט, אַז עס זײַנען אונטערגעקומען ווײַטערדיקע באַווײַזן, וואָס האָבן אַרײַנגעוואָרפן אַפילו די אָקשאָנעסדיקסטע אָפּטימיסטן אין אַ ווײַ־טיקפולן צווייפל. פון מויל צו מויל האָט מען זיך איבערגעגעבן, וואָס עס האָבן דערציילט סאָקאָלאָווער און וואָלאָמינער פליטים וועגן דער טויט־פאַבריק הינטער מאַלקין. אַלץ, וואָס די דאָזיקע פליטים האָבן איבער־געגעבן, האָט געשטימט מיט די באַשריבענע פאַקטן אין דער דערמאָנ־טער בראָשור. „איצט — האָט פאַרצייכנט אַן אומבאַקאַנטער ייִד אויף אַ שטיקל פאַפּיר, — איצט האָט דאָס פלוג־בלאַט, וועלכע שטאַמט פון אַן אָרגאַניזאַציע אַ גוט־אינפאָרמירטע, אויפגעדעקט דעם עמעס פון טרעב־לינקע אין איר גאַנצער סאַדיסטישער שוידערלעכקייט" 6).

דעם 22טן יאַנואַר 1943 קומט אַן פון טרעבלינקע קיין ביאַליסטאָק דורך מאַלקין אַ מערקווירדיקער טראַנספּאָרט, 7 וואַגאָנען, אָנגעלאָדענע

3) דאָרטן.
4) ג"א פון מ. בור.
5) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. ריד.
6) אַרכ' יה"א, ג' 50/46.

מיט קליידונג. דאָס זײַנען געווען פאַרשיידענע מענעדישע און פרויען בגאָדים, וואָס מען האָט אַראָפּגעצויגן פון די קאָרבאַנעס און נאָכן דער־זינפעקירן זיי, געשיקט קיין ביאַליסטאָק ווי אַ שמאַטעס־טראַנספּאָרט פאַר דער טעקסטיל־אינדוסטריע. דאָס איז געווען דער לעצטער שפור נאָך די גרופּעס פון ביאַליסטאָקער פּראָווינץ, וועלכע מען האָט „פאַרענ־דיקט" אין יאַנואַר 1943 אין די קרעמאַטאָריע־אויוונס נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע פון נאָוועמבער 1942. אין מאָרדכע טענענבוימס העפט פאָלט אַרײַן אַ פּעקל פּערזענלעכע דאָקומענטן, וועלכע עמעצער אַן אייגענער מענטש האָט געפונען נישטערנדיק אין די קעשענעס פון די פאַריאָסעמטע בגאָדים. אָט זײַנען די דאָזיקע לעצטע זייכערס נאָך די פאַרברענטע מענטשן: אַ רוסישער פּאַס אָפן נאָמען פון מאָזעס גאָלדבערג, געבוירן אין 1926 אין גראָדנע; אַן אַלטער פּוילישער פּאַס אָפן נאָמען פון רוווּן לאָזניק, פון פּאַך אַ ביוראַליסט; אַ דאָקומענט פון ראָכל גרינבערג, אַ האַנט־שטריקערן; אָף צוויי רוסישע פּעסער — מיט נעמען פון ביילע מאָרדקאָווגאַ פישמאַן, געבוירן 1903 אין וויטקאָוו און צוגעשריבן אין רוזשאַן, און פון ריווע נאָוטעליעווגאַ גאָלדשטיין, געבוירן אין 1909 אין גראָדנע — אָף אָט די צוויי דאָקומענטן פיגורירן צושריפטן „טרעבלינ־קאָ" 7).

אָבער אײנאײנעם מיט די שוואַרצע ידיעות פון אומקום דערגייען סאָף יאַנואַר 1943 אין ביאַליסטאָקער געטאָ דערמוטיקנדיקע בשורות פון ייִדישן ווידערשטאַנד, דעריקער פון צוויי ווײַט־אָפּגערוקטע פון זיך ערטער. ווען דער סוינע איז צוגעטרעטן אין גראָדנע אין כוידעש יאַנואַר אַרויסצופירן און ליקווידירן די פאַרבליבענע צען טויזנט ייִדן, האָט די דאָרטיקע אונטערערדישע באַוועגונג געענטפערט מיט אַן אַטענטאַט אָפן בלוטיקן טאַליען און אַקציע־פירער סטרעבלאָוו. דעם אַטענטאַט האָבן אויסגעפירט קאָפּלאַן און האַרוויץ, אָבער ער איז נישט געלונגען. דעם 27טן יאַנואַר רופן אַרויס די גראָדנער קאָמוניסטן אַ בונט אין צוג, וואָס גייט קיין טרעבלינקע און קומען אַלע אום 8).

אין אַ קורצער צײַט שפּעטער דרינגט אַרײַן אין ביאַליסטאָקער געטאָ אַ פּוילישער אויפרוף, וואָס שטאַמט פון וואַרשעווער אונטערערד, פון

7) אַרכ' ייִה"אַ, דאָק' נ' 1743 און 160.
8) נ"אַ פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.

פּ. פּ. ר., פון איר אָרגאַן „גלאָס וואַרשאַווי״ ; אינעם אויפרוף ווערט דער־ציילט וועגן דעם ייִדישן ווידערשטאַנד אינעם טאָג פון 19טן יאַנואַר 1943 אין וואַרשעווער געטאָ 9).

די צוויי ווידערשטאַנד־בסורעס האָבן געהויבן דעם מוט. די אונטער־ערדישע באַוועגונג פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג ביידע מינים אינפאָרמאַציעס — דעם עמעס וועגן טרעבלינקע און די בסורע פון גראָדנע און וואַרשע. דעם יודענראַט און מאַרקוסעס פּאָליציי שמעקן נישט די ערשטע נײַס, נישט די צווייטע. עס הייבט זיך אָן אַ געיעג נאָך די, וואָס דערוועגן זיך צו דערציילן דעם עמעס אין געטאָ. איינער פון די ווירדיקע קאָלפּאָרטערן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג ליפּאַ שלו־מיעל (יוראָוועצער 30) פאַלט אַרײַן אין די הענט פון דער אָרדענונגס־דינסט, וועלכע כאַפּט בײַ אים אַ באַהאַלטענעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט און גיט אויס דעם דאַזיקן ווידערשטענדלער אין די גיריקע לאַפּעס פון געשטאַפּאָ. ליפּאַ שלומיעל קומט שוין נישט מער צוריק. עס פאַרשווינדט נאָך אים יעדע שפּור 10).

אָט אַזוי וואַרפן זיך די נעשאָמעס פון די ייִדן צווישן איין געפיל און צווייטן, צווישן באַוווסטזײַן פון זיכערן אומקום און האָפענונג אָף אַ ווירדיקן טויט. „מיר זײַנען אַלע באַרמינאַנס אָף אורלויב״ — אָף אַזאַ אייגנאַרטיקן אויפן האָט אויסגעדריקט אָט די ראַיוינעס, אָט דעם נעשאָ־מע־צושטאַנד פון אַ סאַך, דער באַקאַנטער מאַטעמאַטיקער יאַנקעוו ריוור־קינד, אַ מיטגליד פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע.

די גאַרונג אַנטקעגנצושטעלן זיך פאַר יעדן פרײַז די ראָצכים האָט אינגיכן באַקומען אַ טיקן.

אָבער נישט ווייניקער שטאַרק האָט זיך נאָך אַלץ אַרויסגעוויזן די פאַרפירערישע אילוזיע, אַז עפּשער וועט ביאַליסטאָק אָפּשפּילן מיט מער מאַזל, און די מוירע, אַז אַ באַוואָפנטער ווידערשטאַנד וועט אַרויסרופן דעם גרעסטן גרימצאָרן פונעם סוינע און וועט צואײַלן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון געטאָ.

און דאָ האָבן די „באַרמינאַנס אָף אורלויב״ בעקאָרעוו דערוויזן, אַז זיי זײַנען פעיִק צו פאַרטיידיקן דעם קאָוועד פונעם ייִד.

9) אַרכ׳ ייִה״א, נ׳ 53/46.
10) ג״א פון י. לערמאַן.

## קאַפּיטל איינס

# דער כאַראַקטער און דער פאַרנעם פון דער ערשטער באַוואָפנטער זעלבשוץ

די ערשטע זעלבשוץ פון די ייִדן אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אויפ־
געקומען אַף דער אַלגעמיינער קאַמפּס־כוואַליע פון די פּיאָנערישע פּאַרט־
זאַנישע גרופּעס אין די אַרומיקע וועלדער. די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנישע
אָטריאַדן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן ווערן אַקטיוו אין דער געגנט אַרום
ביאַליסטאָק, האָבן געשאַפן אַ גינסטיקע אַטמאָספער פאַרן פאַרשטאַרקן
זיך פון די קאַמף־שטימונגען און בעיִקער פאַר דער באַקרעפטיקונג פון
דער פּערספּעקטיוו פונעם אַקטיוון ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָקער גע־
טאָ 1). פון דער צווייטער זײַט איז דאָס אונטערערדישע געטאָ פאַרוואַנדלט
געוואָרן אין איינער פון די שטאָטישע באַזעס פאַר דער סאָוויעטישער
ווידערשטאַנד־באַוועגונג ביכלאַל און פאַר די פּאַרטיזאַנער ביפראַט. אַזוי
אַרום האָבן זיך אָט די צוויי אָפּשניטן פון קאַמף קעגן פאַשיסטישן אָקו־
פּאַנט אין ביאַליסטאָק און ראַיאָן אַרויסגעוויזן פאַר אומצעטיילבאַרע.

דער צווייטער וואָגיקער פאַקטאָר, וואָס האָט סטימולירט די ייִדי־
שע זעלבשוץ, איז געווען די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי און איר צענט־
ראַלע אין וואַרשע. אַף איינער פון די זיצונגען פון אַנטיפאַשיסטישן
קאָמיטעט, פאַר זײַן אַרויספאָר קיין וואַרשע, האָט אַנטאָני יאַקובאָווסקי
געבראַכט די כאַווערים אַ קאָנקרעטע קאַמפּס־פּלאַטפאָרם פון דעם צענ־
טער פון פּ. פּ. ר.; די פּלאַטפאָרם האָט זיך פאָרגעשטעלט אַזוי: די,
וועלכע די דײַטשן פירן אַרויס מיט צוואַנג פון ביאַליסטאָק און אומגעגנט,
אַזוי ייִדן, ווי ווײַסרוסן, דאַרפן אַנטלויפן פון די גיירעש־פּלעצער און זיך

---

1) פאַרגלײַך באַם 5. צאַנאַוואַ, אינעם ציטירטן בוך.

לאָזן אין וואַלד אַרײַן, גרופּירנדיק זיך דאָרטן אין פּאַרטיזאַנישע אָפּ־טיילן; די וואָס בלײַבן אין געטאָ, זײַנען מעכויעוו טייקעף צוצוטרעטן צו אָרגאַניזירן סאַבאָטאַזש־אַקטן אין די פֿאַבריקן און צו אַן אָפֿענעם קאַמף קעגן די דײַטשע פֿאַרטיליקער. די דאָזיקע פּלאַטפֿאָרם איז אָנגע־נומען געוואָרן דורכן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין געטאָ ווי אַ יעסאָד פֿאַר דער ווײַטערדיקער טעטיקייט 2).

אין דער צײַט, ווען די דאָזיקע פּלאַטפֿאָרם איז פֿון דער צענטראַלע פֿון פּ. פּ. ר. געשיקט געוואָרן צום ביאַליסטאָקער אַנטיפֿאַשיסטישן קאָ־מיטעט, האָט שוין אין די אַרום־ביאַליסטאָקער וועלדער געווימלט מיט אַקטיוויזירטע סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. עמעס, אין יענעם ערשטן פּע־ריאָד איז נאָך די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג אין די אָקופּירטע געגנטן גע־ווען נישט אינגאַנצן אַ קאָאָרדינירטע, אָבער זי האָט עקזיסטירט און געשאַפֿן אַ געהעריקע אַטמאָספֿער פֿון קאַמף קעגן די דײַטשן. עס האָבן שוין אין דער צײַט ערעוו דער ערשטער ליקווידאַציע און ערשטער זעלב־שוץ אין ביאַליסטאָקער געטאָ (פֿעברואַר 1943) געווירקט אין די אַרומיקע וועלדער און דערפֿער די ווײַטערדיקע סאָוויעטיש־פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן · דער אָפּטייל אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אָפּאַנאַסעוויטשן, וועלכער האָט אויסגעפֿירט אָנפֿאַלן אַף דײַטשע גאַרניזאָנען און אַמטן אין דערפֿער האַרט באַ ביאַליסטאָק; די גרופּע פֿון די א. ג. „דרײַ טאַנקיסטן”, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דרײַ ברידער, וועלכע האָט אָפּערירט באַם שטעטל גרודעק: די גרופּע פֿון די גאַלימאָווער וועלדער בעראָש מיטן קאָמאַנדיר זאַכאַ־ראָוו; אַ גרופּע, וועלכע האָט זיך פֿאַרנומען ספּעציעל מיט ליקווידירן ווײַסרוסיש־פּוילישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן און אַנדערע פֿאַרקויפֿטע שקו־רעס; די שטאַרקסטע גרופּע איז געווען אונטער דער אָנפֿירונג פֿון מישקע סיביראַק — אין דער ביאַלאָוויעזשער פּושטשע — מיט וועלכער עס האָבן פֿאַרקניפּט באַזונדערס האַרציקע און ענגע באַציִונגען די אַנטיפֿאַשיסטן פֿון ביאַליסטאָק, בעסויכעם אויך דער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט פֿון געטאָ: אַף אַ ספּעציעלער באַראַטונג איז מען געקומען צו אַ העסקעם, אַז אין פֿאַל פֿון ליקווידיר־אַקציעס וועט סיביראַק אויפֿנעמען באַ זיך אין אָטריאַד די אַנטלאָפֿענע ייִדן — אין העסקעם מיט דער אײַנשטעלונג פֿון פּ. פּ. ר.; דאָס איז נאָך געווען אין דער אומרויִקער צײַט פֿון „אויסריי־

---

2) ג"א פֿון ריווקע וואָיסקאָווסקאַ.

ניקן" די פּראָווינץ (נאָוועמבער 1942), און מען האָט מוירע געהאַט, אַז אויך אַף ביאַליסטאָק גופא קומט די ריי 3).

אַלע גרעסערע קאַמף־אַרויסטריטן אין געטאָ זײַנען געווען קאָאָרדינירט מיט די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. די ערשטע זעלבשוץ אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אויסגעבראָכן נישט סטיכיש, נאָר איז צוגעגרייט געוואָרן דורכן שטאַב פון דעם פּאַראייניקטן אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. דעם ווידערשטאַנד־פּלאַן האָט אַ געוויסע צײַט פאַר דער ליקווידיר־אַקציע, פאַר פעברואַר 1943, אויסגעאַרבעט לויטן אויפטראַג פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט דאַניעל מאָשקאָוויטש. לויט אָט דעם פּלאַן האָט די זעלבשוץ געדאַרפט באַפעסטיקן אַ קוילנוואַרפער אַף אַ דאַך אַף יוראָווצער־גאַס און פון דאַנען באַשיסן די אַרײַנדרינגנדיקע דײַטשן. אין געטאָ איז קיין פּולימיאָט נישט געווען און עס האָבן אים געדאַרפט צושיקן פון וואַלד די ערשטע אַרויסגעגאַנגענע ייִדישע פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון מוישע סלאָפּאַק („מאַקסים"), די אַזוי גערופענע „קרינקאָווצעס". אָנהייב פעברואַר האָט סלאָפּאַק טאַקע אַרויסגעשיקט די פּאַרטיזאַנער פון זײַן גרופּע: פּינכעס קאָזשעץ, דעם מאָלער רודי און פּאָזנאַנסקי אין געטאָ־אַרײַן מיט אַ מאַשין־געווער און ביקסן; מען האָט זיך געריכט אַף געשעענישן אין געטאָ, און די פּאַרטיזאַנער האָבן געדאַרפט, לויטן פּלאַן, אַרויסהעלפן מיט געווער 4). עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט, די שטאָט און ביפראַט דאָס געטאָ איז שוין געווען אַרומגעשטעלט, און די שליכים פון וואַלד האָבן זיך נישט געקאָנט אַרײַנבאַקומען. מאַקסים און זײַנע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערווײַל אַ רוק געטאָן אין דער ריכטונג צו דער שטאָט. דעם 5טן פעברואַר איז אויסגעבראָכן די ערשטע זעלבשוץ אין געטאָ. דעם 13טן פעברואַר איז אין וואַלד פאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער קעגן די דײַטשן 5). דאָס איז געווען איין קייט פון ווידערשטאַנד.

טייקעף נאָכן אײַנשטילן זיך פון דער ערשטער ליקווידיר־אַקציע אין געטאָ זײַנען דורך דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעשיקט

---

3) ג"א פון ע. בוימאַץ און פּ. קאָזשעץ.
4) דאָרטן.
5) דאָרטן, אויך ג"א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ.

געוואָרן די אויספירער אַדעלאַ הערץ און פעדקאַ אין וואַלד אַרײַן אָנצו־קניפּן ווײַטער די קאָנטאַקטן 6).

אָט אַזוי שטעלט זיך פאָר דער ווידערשטאַנד פון געטאָ ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער קאָנקרעטער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין דער געגנט. ביכלאַל באַמערקט זיך אין יענער צײַט אַ ווידערשטאַנד־אויפשטײַג אין די אינדזלעך, ווו ייִדן זײַנען נאָך פאַרבליבן. עס איז נאָכן באַוואָפנטן יאַנואַר־אַרויסטריט אין וואַרשעווער געטאָ; דער דאָזיקער אַרויסטריט, וואָס איז דורך דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע פאַרגעשטעלט געוואָרן אין אַ פּילפאַכיק פאַרגרעסערטן פאַרנעם, האָט — דורך די אָפּגעריסענע גרוסן, וואָס זײַנען דערגאַנגען אין ביאַליסטאָקער אונטערערד — געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושעם 7). אין דער געגנט זײַנען בײַ די פאַרבליבענע פאַריאָסעמטע ייִשווים אויסגערונען די פריִערדיקע אילוזיעס, לעפּיע־רערך אין דער זעלביקער צײַט קומט פאָר אַ ליקווידיר־אַקציע אין פּרוזשאַני; אָבער ווען דער סוינע טרעט צו צו דער אַקציע, געפינט ער אָפן אָרט בלויז אַלטע פרויען און אַביסל קינדער — קיין איין דערוואַקסענעם ייִדישן מאַן אָדער פרוי. אַלע זײַנען זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער 8), ווו עס איז שוין געווען, ווי געזאָגט, אַ ברייטע פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג.

די געטאָ־זעלבשוץ פון פעברואַר און די ערשטע שלאַכטן פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער פאַלן זיך צונויף מיט דעם האַסטיקן פאַרויסמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. אין די טעג פון 5טן ביזן 12טן פעברואַר 1943 לײַדן די דײַטשן אָפן מיזרעך־פראָנט שטאַרקע מאַפּאַלעס, די סאָוויעטישע אַרמייען נעמען אָפּ די שטעט כאַרקאָוו, ראָסטאָוו, נאָוואָראָסיסק, קורסק, קראַסנאָדאַר, וואָראָשילאָווגראַד. פאַר די שטימונגען אין געטאָ־אונטערערד און אין וואַלד האָבן די דאָזיקע ידיִעס געהאַט אַ געוואַלטיקן באַטײַט.

אָבער דער פאַרנעם פון דער ערשטער באַוואָפנטער זעלבשוץ אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז געווען נישט קיין גרויסער. איין סיבע דערפון איז שוין אויפגעקלערט געוואָרן: דער פאַקט, וואָס דער קוילנוואַרפער איז נישט אָנגעקומען צו דער צײַט. די צווייטע סיבע, וואָס אַרומגערעדט

6) דאָרטן.
7) דאטנער „חורבן ביאַליסטאָק", ז"ז 24—32.
8) נ"פ פון ע. בוימאַץ און פּ. קאָושעץ.

וועט שפּעטער (דער צוטרוי פון „צווייטן בלאָק" צו די יודענראַטישע אילוזיעס און מעמיילע זײַן באַציִונג צום באַלדיקן אַרויסטריט). אָבער דאָס הייסט נישט, אַז עס זײַנען גערעכט די, וועלכע שאַצן אונטער די פעברואַר־געשעענישן און האַלטן, אַז עס איז קימאַט ווי נישט־געווען קיין קאַמף. ביכלאַל איז באַוווסט דער העלדישער אַקט פון יִצחאָק מע־לאַמעד. אַנדערע קאַמף־אַרויסטריטן ווערן אָפּט פאַרשוויגן, בעיִס אין דער עמעסן איז די צאָל ווידערשטאַנד־אַקטן געווען אַ גרעסערע. אַפּילע מאָרדכע טענענבוים, וועלכער באַמיט זיך צו פאַרקלענערן די כשיווּעס פון דעם פעברואַר־ווידערשטאַנד צוליב סיבעס, וועגן וועלכע עס וועט נאָך זײַן אַ רייד, אַפּילע ער פאַרצייכנט באַ זיך אין דער נאָטיץ, אין וועל־כער ער מאַכט אַ סאַכאַקל פון די געשעענישן: „די קאָמוניסטן זײַנען נישט מאַסקים געווען צו אַן אַקציע־שוטפעס מיט אונדז. זיי האָבן אַפּילע נישט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער אין באַצוג אַן אַרבעט־קאָאָרדינאַציע. זיי זײַנען אַוועק אין בונקערס. אין איין אָרט האָבן זייערע מענטשן גע־וואָרפן — פון אַ באַהעלטעניש — אַ גראַנאַט. נישט עקספּלאָדירט... עס ווײַזט אויס, אַז זיי האָבן געשאָסן אין אַ יידישן פּאָליציאַנט" 9). טענענ־בוים קלערט נישט אויף, פאַרוואָס די קאָמוניסטן זײַנען נישט מאַסקים געווען צו אַן אַקציע־שוטפעס מיטן „צווייטן בלאָק". ווי עס דרינגט אַרויס פון אַנדערע נאָטיצן זײַנע, איז די אײַנשטעלונג פון „דרור" געווען זיך צו באַהאַלטן אין די פאַבריקן, אַף וועלכע דער גיירעש איז נישט כאַל גע־ווען 10). דאָס האָט באַטײַט — זיך אויסצובאַהאַלטן און רעזיגנירן פון קאַמף. דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק האָט אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק פון אַנטלויפן אין די פאַבריקן און אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון אַקטיווער זעלבשוץ און פון באַפעסטיקן זיך אין בונקערס. אַזוי אַרום האָט נישט געקאָנט זײַן קיין געמיינזאַמע שפּראַך צווישן די צוויי זיך אויסשליסנדיקע שטעלונגען, צווישן די אַנטיפאַשיסטן און דעם „צווייטן בלאָק". אָבער נישט דאָס זײַנען מיר אויסן אין איצטיקן פאַל. צו דעם איניָען וועלן מיר זיך נאָך אומקערן. דאָ איז קעדײַ צו באַטאָנען, אַז אַפּילע טענענבוים רעכנט אויס צוויי אַקטן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד מיצאַד די קאָמוניסטן. דערעך־אַגעוו, האָט דער גראַנאַט יאָ אויפגעריסן, נאָר וועגן דעם שפּעטער.

9) טענענבוים, „האקציה ביביאַליסטאָק", אַרכ' יִה"א, נ' 49/46.
10) דאָרטן.

טענענבוים פארנאטירט בא זיך אויך פאלן פון אקסיוון ווידערשטאנד מיצאד דער יידישער מאסע. שוין דעם 5טן פעברואר פארשרייבט ער: „אך קופיעצקע 10 האבן די איינוווינער אויפגעשטעלט א באריקאדע". ער באמערקט אויך וועגן אויפגעריסענע בונקערס, וואס זאגט איידעס, אז די באהאלטענע יידן האבן געשטעלט א ווידערשטאנד 11).

אויך אינעם בריוו, וואס זארעך זילבערבערג האט פון ביאליסטאק ארויסגעשיקט קיין ווילנע, צו די כאוויירים פון דער פאראייניקטער פארטיזאנישער ארגאניזאציע און וועלכער איז אנגעקומען אהין דעם 11טן מארץ 1943, רעדט זיך וועגן א באוואפנטן ווידערשטאנד און וועגן געפאלענע קעמפער 12).

א באריכט וועגן דעם ערשטן קאמפס־ארויסטריט אין ביאליסטאקער געטא האט געבראכט די פ. פ. ר.ישע אונטערערדישע פרעסע אין ווארשע. אין דער אויסגאבע פון פ. פ. ר. „פטשעגלאנד טיגאדניא" פון מארץ 1943 ווערט איבערגעגעבן, אז: „אין ביאליסטאק איז געקומען צו שארפע קאמפן צווישן די דייטשן און דעם יידישן געטא, וואס איז באשטימט * געווען צו ליקווידאציע. כוץ מאשין־געווער האבן די יידן געזאלט באנוצן אזעלכע רייסנדיקע סובסטאנצן, צוליב וואס די דייטשן האבן אריינגעפירט אין דער אקציע אפטיילונגען אין אנטיגאז־קאמבינעזאנען. די דייטשן האבן ווארשיינלעך געהאט גרויסע פארלוסטן" **).

א באריכט וועגן דער ביאליסטאקער פעברואר־זעלבשוץ האט איבערגעגעבן די פוילישע אונטערערדישע באוועגונג קיין אויסלאנד. דער אינערלעכער ביולעטין „אינפארמאציא ביעזשאנצא" פון א. ק., נומער 8 (81) פון 30טן פעברואר 1943, גיט איבער, אז אין דער צייט פון דער ערשטער ליקווידאציע אין ביאליסטאק איז געקומען צו קאמפן: ביידע צדדים האבן באנוצט הייס געווער און מאשין־געווער; די דייטשן האבן געליטן גרויסע פארלוסטן 13).

אזוי ארום זיינען פאראן א ריי דאקומענטארישע באווייזן כוץ גוויעס איידעס וועגן דעם, אז אין פעברואר 1943 בעייס דער ערשטער ליקווידיר־

11) דארט.

12) קארמשאק, ז' קנט.

*) דא מאכט דער באריכט א טעות, ווי געזאגט, איז קיין מאשין־געווער נישט געווען.

**) ארכיוו פון צ. ק. פ.ז.פ.ר. (פוילישע פאראייניקטע ארבעטער פארטיי)

13) ארכ' פון אינסטיטוט פאר נייסטע געשיכטע, ווארשע.

אַקציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז יאָ געקומען צו קאַמף־אַרויסטריטן מיצאַד די יידישע אַנטיפאַשיסטן. די פעברואַר־קאַמפן זיינען אין געטאָ אָנגערופן געוואָרן — די ערשטע־זעלבשוץ 14). אונטער דעם דאָזיקן נאָמען גייען אַט די ביאַליסטאָקער קאַמף־אַרויסטריטן אַריין אין דער געשיכטע פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון דער אָקופּאַציע־צייט.

14) ג"א פון י. ריווקינד, ל. טשאַפּניק און א רוד.

# די הינטערקוליסן־שפּיל אַרום דעם גורל פון ביאַליסטאָקער געטאָ

די גרעסטע געפאַר, וואָס האָט זיך אָנהייב נאָוועמבער 1942 אָפּגעשטעלט באַ די טויערן פון ביאַליסטאָקער געטאָ, איז אין אַ כוידעש אַרום ווידער געוואָרן ברענענדיק און באַנײַס באַדראָט די דאָרטיקע ייִדן.

נאָר איידער מיר גייען צו צו שילדערן די ווײַטערדיקע געשעענישן, לאָמיר זיך דערמאָנען, פאַרוואָס האָט טכילעס נאָוועמבער 1942 די געפאַר אויסגעמיטן ביאַליסטאָק:

דעם צווייאונצוואַנציקסטן סעפּטעמבער 1942 איז פאָרגעקומען באַ היטלערן אַ קאָנפערענץ וועגן דער ווײַטערדיקער פּאָליטיק לעגאַבע די ייִדן; דיווירטשאַפט־מומכים פון „דריטן רײַך" שפּעער און זאוקעל האָבן פאַרלאַנגט, אַז באַם „לייזן" די פראַגע זאָל מען געדענקען וועגן דער אַרבעטקראַפט־נויט אין דער דײַטשער אינדוסטריע און איבערלאָזן דערווײַל די פראַצע־פעיִקע ייִדישע מענער און פרויען, ווײַל מען וועט צו יעדער צײַט זיי קאָנען פאַרטיליקן. דער „פירער" האָט זיך טיילווײַז געבויגט צו זייער שטאַנדפּונקט, ווײַל די דײַטשע אַרמיי איז געשטאַנען ערעוו אַ נײַער אָפענסיווע און די פראַגע פון אַרבעט־קראַפט פאַר דער מילכאָמע־נייטיקער אינדוסטריע איז געווען אַ ברענענדיקע; ער האָט דעריבער געפּאַסקנט: ייִדישע אַרבעטער־פאַכמענער זאָלן צײַטווײַליק בלײַבן. נאַטירלעך איז אויך בענויגייע די ייִדן, וואָס פאַרבלײַבן לעייסאַטע לעבן, אָנגעווענדעט געוואָרן די טאַקטיק פון פאַרטיליקן דורך אָווידעס פּערעד 1).

1) א. אײַזענבאַך „בלעטער פאַר געשיכטע", באַנד 2, העפטן 1—4.

אין העסקעם דערמיט האָט היינריך הימלער, דער רײַכספירער פון פּאָליציי און ס. ס., פונאַנדערגעשיקט צו זײַנע עקספּאָזיטורן אין די אָקופּירטע געביטן דעם 29טן אָקטאָבער 1902 אַן אינסטרוקציע וועגן דער דערלאָזבאַרקייט פון עקספּלאָאַטירן יידישע קראַפט־אַרבעטער אין דער גענעראַל־גובערניע. די דאָזיקע אינסטרוקציע איז מיסטאָמע געווען אומדירעקט כאָל אויך לעגאַבע די יידן פון ביאַליסטאָק 2).

דערמיט דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס בעיס די פּראָווינץ איז אין איר ראָוו מיניען וביניען אין כוידעש נאָוועמבער ליקווידירט געוואָרן, האָט מען דאָך ביאַליסטאָקער געלאָזט צו רו. ביאַליסטאָק איז געווען אַ צענטער פון טויזנטער יידישע פאַכלײַט.

אָבער דעם 14טן דעצעמבער 1942 רוקט אַרויס איינער פון הימלערס פאַרטרעטער מיללער אַ פּלאַן אַרויסצושיקן קיין אָשוויענטשים עטלעכע צענדליק טויזנט יידן, קעדיי צו פאַגרעסערן די אַרבעטס־קראַפט פון די דאָרטיקע באַוואָפענונג־פאַבריקן. לויטן פּלאַן דאַרף מען אַהין אַרויסשיקן אין דער צײַט פון 11טן ביזן 13טן יאַנואַר 1943 - 45 טויזנט יידן. אין דער צאָל דאַרפן דאָס גרעסטע אָרט פאַרנעמען די ביאַליסטאָקער יידן, דעהײַנע 30 טויזנט. פאַקטיש איז דאָס געווען נישט קיין גייערעש אַף אַרבעט, נאָר אַף טויט, ווארעם אין זײַן באַפעל פון 17טן דעצעמבער 1942 שטרײַכט אונטער מיללער, אַז די 30 טויזנט דאַרפן ווערן אַזוי אַדורכגעזיפּט, אַז בלויז 8־10 טויזנט פון זיי זאָלן פאַרבלײַבן באַ אַרבעט 3).

געווירקט אָפן באַשלוס צוצוטרעטן צו דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ האָט נישט בלויז דער פּלאַן צו פאַרגרעסערן די שקלאַפישע אַרבעט־קראַפט אין אָשוויענטשים, נאָר אויך די מוירע פאַר דער אויסשפּרייטונג פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דער באַוואָפנטער אַרויסטריט פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע דעם 17טן יאַנואַר 1943 רופט אַרויס אין דעם רײַכסזיכערהײַטס־הויפּטאַמט א מוירע פאַר דער אויסברייטערונג פון דער ווידערשטאַנד־כוואַליע. און הימלער טרעט צו צו ליקווידירן אַ ריי יידישע יישווים, וועלכע קאָנען ווערן אַנגעשטעקט דורך די מערידע־שטימונגען. דעם 20טן יאַנואַר ווענדט זיך

2) דאָרטן.
3) א. אײַזענבאַך „בלעטער פאַר געשיכטע", באַנד 3, העפטן 3—4.

הימלער צום רײַכס־מיניסטער פאַר קאָמוניקאַציע גאַנצמיללער *) מיט אַ ביטע צוצושטעלן וואַגאָנען אַרויסצופירן לעכאָל האַפּאָכעס 30 טויזנט ביאַליסטאָקער ייִדן אַף מיזרעך. און אָט ווי הימלער מאָטיווירט אין דעם בריוו די נויטווענדיקייט צו ליקווידירן דעם ראָוו פון די ביאַליסטאָקער ייִדן:

„אַ גרונד־באַדינג פאַר דער עס־עס פון ביאַליסטאָק און פון די רוסישע געביטן איז דאָס אַרויספירן אַלע די, וואָס העלפן די באַנדעס, און אַלע פאַרדעכטיקטע אין סימפּאַטיזירן מיט די באַנדעס. דאָ דאַרף מען אין דער ערשטער ריי אַרויספירן די ייִדן. מיר איז נייטיק צו דעם ציל אײַער הילף. אויב איך דאַרף די איניאָנים שנעל דערליידיקן, מוז איך באַקומען מער טראַנספּאָרט־מיטלען. איך ווייס ווי אָנגעשטרענגט עס איז די לאַגע אין באַן־וועזן און וואָס פאַר אַ מין פאָדערונג עס ווערט אַרויסגערוקט לעגאבע אײַך. טראָץ דעם ווענד איך זיך צו אײַך, איר זאָלט מיר העלפן און ביטע מיר צושטעלן מער צוגן — הימלער" 4).

אָפן אָרט פון די ייִדן האָט מען אין ביאַליסטאָק געוואָלט באַזעצן ווײַסרוסישע פּויערים, קעדיי אָפּצושוואַכן דערמיט אין די אַרומיקע ווײַסרוסישע דערפער, קוידעמקאָל אין דער ביאַלאָוויעזשער פּושטשע, די באַזע פאַר דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. דאָס דרינגט אַרויס פון דעם בריוו, וועלכן עס האָט געשריבן דער רײַכס־באַוואָפענונג־מיניסטער שפּעער צו הימלערן דעם 1טן פעברואַר 1943, ווו עס זאָגט זיך צווישן אַנדערן אָט וואָס:

„...איך בין געוואָרן אינפאָרמירט, אַז אין דער ביאַליסטאָקער געגנט ווערט צוגעגרייט אַ גרעסערע איבערזידלונג־אַקציע. אַרום 40 טויזנט ייִדן דאַרפן ווערן עוואַקויִרט פון ביאַליסטאָקער געטאָ; קעדיי צוצונעמען בײַ די פּאַרטיזאַנער, וועלכע אָפּערירן אין ביאַלאָוויעזשער פּושטשע, די לעצטע אָנשפּאַר־פּונקטן, דאַרפן ווערן אַרויסגעזעצט די דאָרט לעבנדיקע ווײַסרוסן און באַזעצט אין ביאַליסטאָק, אין די קוואַרטאַלן, וועלכע וועלן אויסגעליידיקט ווערן פון ייִדן" 5).

אין העסקעם מיט דעם באַפעלט דער גאָולײַטער און דער שעף פון

*) דער דאָזיקער מילכאָמע־פאַרברעכער געפינט זיך אַצינד אין אַרגענטינע אַף דער פרײַ.

4) אַרכ' ייִה"א, דאָק' נ' 330.

5) אַרכ' ייִה"א, דאָק' נ' 341.



**פּאַליע דלוגאַטש**



**סאָרע ראָזענבלאַט**

אַקטיווער מיטגליד פון דער יוגנטלע־כער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע און זעלבשוץ. געפאַלן בעיסן אויפ־שטאַנד



**כאַנקע לעווינסאָן**

געוו׳ אַקטיוויסטקע פון דער אַנטיפאַ־שיסטישער אָרגאַניזאַציע. געפאַלן אין אויפשטאַנד



**לייבל („בייבי״) קאָט**

אומגעקומען אין אויפשטאַנד פון ביאַ־ליסטאָקער געטאָ

דער ציוויל־פאַרוואַלטונג עריק קאָך צו באַזײַטיקן די ייִדישע אַרבעטער און פאַרטרעטן זיי דורך „רוטענישע" (ווײַסרוסישע) 6).

אַזוי אַרום האָט אין יאַנואַר 1943 די געפאַר ליקווידירט צו ווערן אַרויסגעטויכט פאַרן ביאַליסטאָקער געטאָ מיט דער פולער בוילעטקייט. קאָך האָט בעפיירעש באַפוילן צו ליקווידירן די געטאָ־פאַבריקן, און דאָס האָט באַטײַט — דער אָנהייב פון סאָף.

אָבער ווי עס דרינגט אַרויס פונעם בריוו פון 21טן יאַנואַר 1943, געשריבן דורך דעם ביאַליסטאָקער שטאָט־קאָמיסאַר, וועלכער איז געוואָרן באַאויפטראָגט דורכצופירן דעם איניען, צו עריק קאָכן — זײַנען אַרויס־געשוווּמען שוועריקייטן. דער שטאָט־קאָמיסאַר טיילט מיט דעם שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג, אַז דער קאָמאַנדער פון דער זיכערקייט־פּאָליציי אַלטענלאָה איז אין דער מיינונג, דאָס אַ געוואַלטזאַמע און פלוצימדיקע „לייזונג פון דער ייִדישער אַרבעט־קראַפט" קאָן ברענגען שאָדן דעם ווירטשאַפטלעכן פּראָצעס 7). קעגן אײַליקער רעזיגנירן פון ייִדישער אַרבעט־קראַפט זאָגן זיך אויך אַרויס דער פאָרשטייער פון דער באַוואָפענונג־אינספעקציע ראָטמײַסטער פרעזע און אַפילע קאָכס פאַר־טרעטער ד"ר בריקס 8).

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז אויב דעם פאָרשטייער פון דער באַ־וואָפענונג־אינספעקציע האָט באַוויזן צו פאַרנעמען אַזאַ שטעלונג אַ ווירטשאַפטלעכער מאָטיוו, האָט באַ דעם קאָמאַנדער פון זיכערקייט־פּאָליציי געוויס דעצידירט קוידעמקאָל די מוירע, טאָמער די ייִדן וועלן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ווי אַ נאָכטאָן דעם בײַשפּיל פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ.

אַלטענלאָה זאָל זיך אַפילע האָבן געווענדט צו ד"ר קאַנאַריס אין קעניגסבערג, און די זאַך זאָל האָבן אָנגעשפאַרט קיין בערלין 9).

וועגן די דאָזיקע כילוקיי דייעס איז באַראַש געווען אינפאָרמירט 10).

---

6) „צווישנדײַטשע קאָרעספּאָנדענץ", אַרכ' יִה"א, נ' 79/46.

7) דאָרטן.

8) פרידעל — ענטפער אַף דאָטנערס אָנקעטע.

9) דאָרטן.

10) די „צווישנדײַטשע קאָרעספּאָנדענץ" איז געפונען געוואָרן אין די אויס־געגראָבענע מאַטעריאַלן פון ביאַליסטאָקער יודענראַט. באַ דעם איז פאַראַן דער ווײַטערדיקער צושריפט: „צושריפט פון קאָנסערוואַטאָר פון די דאָקו־מענטן: אויסצוגן פון בריוו און פּראָטאָקאָלן פון געשטאַפּאָ אין ביאַליסטאָק וועגן געטאָ („צווישנדײַטשע קאָרעספּאָנדענץ")".

ער האָט געלאָזט אין גאַנג דעם — לויט זײַן מיינונג — ווירקזאַמסטן מיטל: כאַבאַר. דער ראָש פונעם יודענראַט האָט אָבער נישט געהאַלטן פאַר נייטיק מוידיע צו זײַן — כאָטש דורך אַ רעמעז, דורך אַן אָנצוהער־רעניש — די ייִדישע מאַסע וועגן די סאַקאַנעס, וואָס לויערן, און אָנצו־רעגן דעם געדאַנק פון אַליינרעטונג.

אויב געוויסע קרײַזן אין געטאָ האָבן זיך עפּעס דערוווּסט וועגן דעם, אַז עס ציט אָן אַן אומגליק, איז דאָס בעשום אופן נישט געווען באַראָשעס פאַרדינסט. דורך פּאָשעטע, איבערגעגעבענע מענטשן איז מען דערגאַנ־גען וועגן דער געפאַר, בעייס דער יודענראַט האָט אַקשאָנעסדיק געשוויגן.

אייגענע מענטשן פון דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע זײַנען באַשעפטיקט געווען אין די געשטאַפּאָ־לאָקאַלן ווי קעכנס, רוימערנס וקעדוימע, האָבן איבערגעגעבן די כאַווײרים אין געטאָ, אַז עס גרייט זיך עפּעס שרעקלעכעס 11).

דאָס ייִדישע מיידל זנאַמיראָווסקאַ פון וואַרשע, וועלכע האָט געאַר־בעט אין געשטאַפּאָ ווי אַ טעכנישע סעקרעטאַרן און אויסגענוצט אַט דעם פּאָסטן אירן אַף צו העלפן מיט אינפאָרמאַציעס די ברידער אין געטאָ, האָט געוואָרנט די ייִדן וועגן דעם אָנקומענדיקן אומגליק 12).

אַ געוויסער קעניגסבערגער דײַטש האָט געהאַט אַף ליפּאָווע 84 אַן אונטערנעמונג פון וואַסער־לײַטונג־ און קאַנאַליזאַציע־אינסטאַלאַ־ציעס; ער האָט באַשעפטיקט בא זיך 55 ייִדן. דער דאָזיקער דײַטשער אונטערנעמער, אַליין אַ מיטגליד פון נ.ס.ד.א.פּ., האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ זעלטענעם אויסנאַם. ער האָט געוואָרנט זײַנע ייִדישע מיטאַרבע־טער, אַז עס גרייט זיך אַ ליקווידיר־אַקציע פון ברייטן פאַרנעם. זײַן פאַר־טרוילעכע אינפאָרמאַציע איז אַרײַנגעדרונגען אין געטאָ, אָבער זי איז אויך דערגאַנגען צום ייִדישן געשטאַפּאָ־שפּיאָן יודקאָווסקי, וועלכער האָט עס טייקעף איבערגעגעבן „ווו מען דאַרף". באַם דײַטש איז פאָרגעקומען אַ רעוויזיע, דורכגעפירט דורך געשטאַפּאָ מיט דיבוס בעראָש. פיר ייִדן און אייך פּאָליאַק, אַ שאָפער, זײַנען אַרעסטירט געוואָרן. נישט געקוקט דערויף, וואָס מען האָט זיי אָנגעטאָן געברענטע צאָרעס, האָבן די אַרעס־טירטע נישט פאַראַטן זייער באַל־טויווע. נאָך שווערע אינוים זײַנען זיי

11) ג"א פון מ. בוד.
12) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

אומגעבראַכט געוואָרן. אָט זײַנען זייערע נעמען: מענדל ראָזענבלום, אַ בלעכער; כאַים בעצונער, אַ בלעכער. סוכאָוואָלסקי, אַ שלאָסער, און אָסטראָווסקי. דער נאָמען פונעם פּוילישן שאָפער איז געבליבן אומבאַ־קאַנט. אויך דעם דײַטשן באַלעבאָס האָט נישט אויסגעמיטן די שטראָף. העיויס עס איז אים נישט דערוויזן געוואָרן בעפיירעש קיין „פאַרברעכן", איז די געשטאַפּאָ יויצע געווען דערמיט, וואָס ער האָט געמוזט מיט דער פאַמיליע אין מעשעך פון 24 שאָ פאַרלאָזן ביאַליסטאָק; כוץ דעם האָט ער געהאַט אַ פאַרטיי־געריכט פאַר מיטפילן די ייִדן און איז אַרויסגע־וואָרפן געוואָרן פון נ.ס.ד.א.פּ. 13).

אַזוי אַרום האָט מען פון פאַרשיידענע קוואַלן געוווּסט אין געטאָ, אַז די געפאַר איז גרויס.

ביינע לעביינע איז אויפגעקלערט געוואָרן די לאַגע אין די „הויכע פענצטער". עס איז געפאַלן דער באַשלוס וועגן אַ ליקווידיר־אַקציע. ווען די יודענראַט־לײַט האָבן געבעטן באַ די „געשמירטע" דײַטשן אַן אויפ־קלערונג, האָבן די „גוטע היטלעריסטן" געענטפערט, אַז קעגן דעם פאַר־טיי־פּראָגראַם קאָן מען נישט גיין און אַז אַ „טיילווײַזער רייניקונג" וועט מען זיך שוין נישט באַגיין 14). געהייסן האָט עס, אַז די ליקווידאַציע איז כאָל נאָר אָף די, וואָס אַרבעטן נישט אין די פאַבריקן. אָבער דאָס איז געווען אַ ליגן, ווײַל שוין אָפן צווייטן טאָג פון דער אַקציע האָט מען גענומען שלעפּן אויך פון די געטאָ־פאַבריקן 15).

אינעם רײַכסזיכערהײַטסהויפּטאַמט האָט מען שוין נישט געהאַט קיין פולן צוטרוי צו די פירער פון דער פּאָליציי און עס־עס פון ביאַליסטאָק. העיויס דער אָרטיקער קאָמאַנדער אַלטענלאָהע אַליין איז געווען קעגן דער ליקווידאַציע און האָט זיך אַפילע אָפּגערופן צו קאָנאַריסן קיין קעניגס־בערג, האָט מען פון הימלערס שטאַב אַראָפּגעשיקט קיין ביאַליסטאָק אַ ספּעציעלן מענטשן דורכצופירן די אַקציע.

דער דאָזיקער שעליעך איז געווען דער שטורעמבאַנפירער גינטער, אַ מיטאַרבעטער פונעם הויפּטאַמט, אַ פּאַרשוין, וואָס האָט זיך ספּעציאַלי־זירט אין מאַסן־מאָרד. מיר ווייסן נישט, ווען גינטער האָט אָנגעהויבן זײַן פעלקער־מערדערישע קאַריערע. דאַקעגן־זשע איז באַקאַנט, אַז אין

---

13) נ"א פון העלענע ניימאַרק, אַרכ' יװ"א, פּראָט' נ' 1830.
14) קאַפּלאַן — „כורבן ביאַליסטאָק".
15) גראָסמאַן, ז' 234.

יאָר 1944 האָט ער באַקומען די אויפגאַבע אויסצוראָטן מיט גיפטיקע קוואָסן מיליאָנען מענטשן. דאָס האָט געדאַרפט זײַן „דער לעצטער קלאַפּ מיט דער טיר" פון דער היטלעריסטישער קנופּיע אין אַנגעזיכט פון זייער פולשטענדיקער מאַפּאָלע 16).

אַט דעם „זיכערן מענטשן" האָט הימלערס הויפּט־שטאַב אָנפאַרטרויט די ערשטע ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

טכילעס פעברואַר 1943 איז גינטער געקומען קיין ביאַליסטאָק. ער האָט זיך געמאָלדן צו ד"ר אַלטענלאָה און געוויזן אים אַ באַפעל פון ד"ר קאַלטענברונער, הימלערס פאַרטרעטער; אינעם באַפעל איז געווען אַ רייד וועגן דעם, אַז אין ביאַליסטאָקער געטאָ שטעקן באַנדעס פון סאַבאָ־טאַזשיסטן און פאַבריקן פון געלט־פעלשער. גינטער האָט געוואָרנט, אַז די אַקציע זאָל זײַן שטרענג געהיים. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך באַ אַ צוויי הונדערט שופּאָ־לײַט און סיפּאָ־באַאַמטע, וועלכע זײַנען געווען געניט אין הילכעס גיירעש און מאָרד 17).

איצט הייבט זיך אָן די צווייטע פאַזע פון אומהיימלעכן הינטערקו־ליסן־האַנדל, דאָס מאָל צווישן דער דײַטשער מאַכט און דעם יודענראַט, צווישן היימבאַכן און באַראַשן.

די דײַטשן האָבן געפאָדערט פון באַראַשן, ער זאָל מאַקרעוו זײַן 17.000 יידן פון די 42 טויזנט, וואָס געפינען זיך אָפיציעל אין ביאַליס־טאָקער געטאָ. דער סוינע איז באַשטאַנען דערנאָך אָף פאַרקלענערן די צאָל ביז 6.300. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן: עס וועלן אַרויס־געפירט ווערן דרײַ טראַנספּאָרטן צו 2.100 יעדער, גענומען וועלן ווערן מענטשן וועדליק רעשימעס, וואָס דער יודענראַט שטעלט צו. דער גיירעש צום טויט וועט אָנרירן דעם „נישט־אַרבעטנדיקן" און „אַסאָציאַלן" עלע־מענט 18).

באַראַש האָט ווידער געקאָנט איבערכאַזערן זײַן „טויוו מעויד". מיט די אייגענע הענט האָט דער יודענראַט מאַקרעוו געווען 6.300 נעפאַשעס, קעדיי צו „ראַטעווען" — לעייסאָטע — פון טויט די אַנדערע.

דעם צווייטן פעברואַר איז שוין דער פאַרעטערישער מיסכער געווען צוגעקלאַפּט. אין געטאָ האָט זיך באַוויזן אַ גאַסט: דער מערדער דיבוס

16) סטאַניסלאַוו פּיאַטראָווסקי: „די מיסיע פון „אָדיל גלאָבאָצניק" (פּויליש)), ז' 12
17) פרידעל, ענטפער אַף דאַטנערס אַנקעטע.
18) טענענבוים, נאָטיץ פון 4טן פעברואַר 1943.

פון געשטאַפּאָ. אין דער באַגלייטונג פונעם פּאָליציי־קאָמאַנדאַנט מאַרקוס האָט ער גענוי באַטראַכט דעם געטאָ־פּאַרקאַן. עס זײַנען פאַרשטאָפּט און פאַרקלאַפּט געוואָרן אַלע לעכער און אַלע שמוגל־ערטער. דאָס געטאָ איז הערמעטיש פאַרמאַכט געוואָרן 19).

אין די שמאָלע ייִדישע געסלעך איז אויסגעבראָכן אַ בעהאָלע. אין געטאָ איז געוואָרן כ ו י ש ע ך וו ע אַ פּ יי ל אָ 20).

און די באַלעבאַטים פון קופּיעצקע 30 האָבן פּינקטלעך אויסגעפירט דעם שוידערלעכן אָפּמאַך.

די רעשימעס פון די צום גייִרעש פאַרמישפּעטע ייִדן מיט דער כסימע פון די יודענראַט־פירער זײַנען שוין געלעגן אין געשטאַפּאָ.

אין מוסטערהאַפטן סיידער האָבן די יודענראַטניקעס דערלאַנגט די ליסטעס. איטלעכער פאַראורטיילטער איז געווען אַף זײַן אָרט. די רעשי־מעס זײַנען אויסגעשטעלט געווען לויט די גאַסן, אַזוי, אַז דער גייִרעש זאָל קלאַפּן אָן שום מיכשולים 21). אָבער אויך דאָ איז געקומען בולט צום אויסדרוק דער בעפיירעשער קלאַסן־צוגאַנג פון דעם יודענראַט מיט באַראַשן בעראָש. די ליסטעס צום גייִרעש און טויט זײַנען צוגעגרייט געוואָרן לעגאַמרע נישט צופעליק — ווי עס זײַנען זיך מעשאַער אַ סאַך לעבנגעבליבענע איידעס — נאָר לויט אַ באַשטימטער אײַנשטעלונג. אַף די רעשימעס זײַנען אַרויפגעשטעלט געוואָרן: די ייִדישע אָרעמקייט און די דאַלעסדיקע פּלייטים פון דער פּראָווינץ. אַל פּי צופאַל האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט עטלעכע נעמען פון רײַכע מישפּאָכעס, איז אָבער ד״ר „טאָעס״ טייקעף אויפגעקלערט געוואָרן, און מען האָט זיי פּאַרטויש די אַרבעטער פון דעפּאָ און פון די קאַזאַרמעס פון 4טן ד.אָ.ק. 22).

19) דארטן.
20) קאפלאן, דארטן.
21) יאנקעוו פאבריצקי: „כראנאלאגיע פון ביאליסטאקער געטא״ ארכ׳ ייִה״א, נ׳ 2594.
22) ג״א פון ע. באראקין.

# קאַפּיטל דריי

## די פעברואַר-ליקווידאַציע און דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד

די אויסרעכענונג פונעם סוינע, אַז ייִדן וועלן זיך שטעלן צום גיירעש מיטן גוטן ווילן, האָט טייקעף באַם אָנהייב געפּלאַצט ווי אַ זייפן־בלאָז. פּריוויליק האָבן זיך געמאָלדן עטלעכע זקיינים, וועלכע זײַנען איינע אַליין געבליבן שטיין אַפן פּלאַץ 1). די מאַסע האָט מען געמוזט נעמען מיט קויעך. עס האָט אויך נישט געהאָלפן דער שווינדל, וועלכן מען האָט אָנגעווענדט דעם לעצטן טאָג, דאָנערשטיק, דעם 14טן פעברואַר, סאַמע ערעוו דער אַקציע. עס איז, נעמלעך, אַראָפּגעקומען אַ קאָמיסיע מיט אַ גענעראַל, וואָס האָט שטאַרק געלויבט די אַרבעט אין די פאַבריקן 2). עס האָט געזאָלט הייסן: די אַרבעטנדיקע נוץ־יידן וועט מען נישט טשעפּען. עס האָט אָבער נישט געהאַט קיין פּעולע, וואָרעם אַף צומאָרגנס האָבן זיך אין באַהעלטענישן פאַרשטעקט אַלע, האַגאַם באַ נישט איינעם איז ווידער אויפגעקומען די פאַלשע אילוזיע: „נישט מיך מיינט מען" 3).

פרײַטיק, דעם 5טן פעברואַר 1943 פאַרטאָג האָט זיך די ליקווידיר־אַקציע אָנגעהויבן. דאָס געטאָ איז אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט דײַטשע שמירעס, אין גאַס האָט זיך באַוויזן באַראַש בעראָש פון דער געטאָ־פּאָליציי, וועלכע האָט געהאַלטן די רעשימעס, און אין באַגלייטונג פון געשטאַפּאָ־פאָרשטייער מיט פרידעל בעראָש, גענומען אַרויסרופן די פאַר־מישפּעטע ייִדן 4).

---

1) ג"א פון ב. שאַצמאַן.
2) קאַפּלאַן, „כורבן ביאַליסטאָק".
3) ג"א פון י. לערמאַן.
4) יאַנקעוו פאַבריצקי: „די ערשטע אַקציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ׳, ייה"א, נ׳ 396/2 און „די ליקווידאַציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ׳ ייה"א, נ׳ 73.

די „פרידלעכע" אַקציע האָט טייקעף אָנגענומען אַ בלוטיקן כאַ־ראַקטער. די כאַפּונעס האָבן זיך קוידעם־קאָל גענומען צו די פאַבריקן, נישטערנדיק דאָרטן מענטשן אָן אַרבעט־צײַגענישן. אָפן ערשטן פײַער איז געגאַנגען די ניי־פאַבריק, ווו עס איז דירעקטאָר געווען וואַקסמאַן. די געכאַפּטע „טרייפע" ייִדן האָט מען דערשאָסן אָפן אָרט 5). דערנאָך איז געקומען די ריי אָף דער קאָנפעקציע־פאַבריק.

אין מעשעך פון די ערשטע צוויי טעג האָט מען געפאַנגען 1.500 ייִדן 6). „די צונויפגעקליבענע קאָרבאָנעס — גיט איבער פייסעך קאַפּלאַן. — האָט מען אָפּגעפירט דורך יוראָווצער גאַס צום זאַמל־פונקט אויסער דעם געטאָ און אָפן טויער האָט מען מיט קרײַד אָנגעשריבן די צאָל געבראַכטע. דערבײַ האָט מען די האַרוגים נישט גערעכנט אין מיספער. דאָס האָט דאָס ייִדישע פאָלק געגעבן דעם טאַליען אַ צולייג" 7).

די כאַפּערײַען זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן מיט אַ „סיידער און טאָלק". אין מעשעך פון די זעקס גרויליקע טעג, פון דעם פינפטן ביזן צוועלפטן פעברואַר (זונטיק, דעם 7טן, האָבן די פּאַרטיליקער זיך געמאַכט אַן אָפּרו) האָט זיך די אַקציע אָנגעהויבן 8 אינדערפרי און האָט געדויערט ביז 4־5 מיטאָג־צײַט. דעמאָלט האָבן זיך די ראָצכים צונויפגענומען אין לאָקאַל פון יודענראַט אָף קופּיעצקע און געפּראַוועט הוליאַנקעס ביזן אָוונט 8).

נאָך דעם ערשטן טאָג פון אומגליק איז די אַרבעט פון די מענטשן־כאַפּערס געוואָרן נאָך מער באַשווערט. צוהערנדיק זיך צום רוף פון דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, האָט זיך קינד און קייט פאַרשטעקט אין לעכער, ס'ראָוו אונטער דער ערד. אונטערערדישע בונקערס האָבן זיך אַ סאַך ביאַליסטאָקער ייִדן געגרייט שוין פון פריִער. זינט אַ געוויסער צײַט איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז פון וואַרשע איז אָנגעקומען אַ בריוועלע, אין וועלכן עס שטייט געשריבן, אַז דער בעסטער פּרײַנט איז פאַן קעלע־ראָווסקי און פאַן בוידימאָווסקי און דער ערגסטער — פאַן שפּײַנאָווסקי 9). טײַטש פון אָט דעם סאַגינאָר־לאָשן איז געווען אַ פּאָשעטער: פאַרלאָזט

5) דאָרטן.
6) דאָרטן.
7) קאַפּלאַן, דאָרטן.
8) פאַבריצקי, דאָרטן.
9) קאַפּלאַן, דאָרטן.

זיך נישט אַף שײַנען און צײַגענישן, באַהאַלט זיך אין קעלערס און בוידעמס.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוואַלטיקער אימפּעט צו בויען בונקערס און דאָ זיך באַהאַלטן. עס זײַנען אויפגעשטעלט געוואָרן אַפילו אַזעלכע אונטערערדישע מלינעס, וואָס זײַנען באַזאָרגט געווען מיט עלעקטרע און גרויסע שפּײַז־זאַפּאַסן. די קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציעס האָבן אַקטיוו געהאָלפן אין דער בונקער־אַקציע. עס זײַנען אַנטשטאַנען בריגאַדעס פון מויערער, מוליער און טעסלער צו דעם דאָזיקן צוועק. מיט אַ באַזונדערער פלײַסיקייט און הילף־גרייטקייט האָבן זיך אויסגעצייכנט די ברידער יודל און שעפּסל באָראָוויק, דער ערשטער אַ טעסלער, דער צווייטער אַ מוליער, דער אינטעליגענט יאַנקעוו ריווקינד, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט דעם מוליער־פאַך ערשט אין געטאָ, דער מוליער מוישע סיבירסקי 10), דער אײַנוווינער פון קופּיעצקע 34 יוינע ווינאָגראַד. דער מאַסן־דראַנג זיך צו פאַרשטעקן אין געהיימע באַהעלטענישן איז געווען דער ערשטער אויס־דרוק פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד בעיס דער ליקווידיר־אַקציע 11).

דער מאַצעוו אין די בונקערס און מלינעס איז געווען זייער אַ שווע־רער. אין אַן אָרט, וואָס איז געווען פאַרויסגעזען קוים פאַר צען, האָבן זיך אַרײַנגעקוועטשט פופציק. עס האָבן געטראָפן טראַגישע פאַלן פון דערשטיקן אייגענע אויפעלעך, זיי זאָלן מיט זייער געוויין נישט אויסגעבן דעם מאָקעם־מיקלעט 12).

מען האָט זיך באַהאַלטן נישט בלויז אין קעלערס, אין סכראַנעס. געווען פאַלן, ווען מען האָט זיך אַרײַנגעשאַרט אין קוימענס און דאָ גע־וואָלט איבערוואַרטן די צײַט פון כאַפּערײַען. „אַכט טעג, — דערציילט אַן אייד־ריזע, — בין איך געזעסן אין אַ קוימען אַף סמאָלנע 18. יעדן טאָג בין איך פיר נאַכמיטיק אַרויס פון קוימען און גענומען עסן און פינף פאַרטאָג ווידער אַרײַן אין קוימען 13).

די אַגיטאַציע פון די אַנטיפאַשיסטן האָט געבראַכט פּייִרעס. די ייִדן זײַנען געווען דעצידירט נישט צושטעלן זיך מיטן גוטן ווילן צום גיירעש.

10) נ״א פון י. ריווקינד.

11) מוישע קוליראַווסקי: „מײַנע איבערלעבונגען בעיס דער ערשטער אַקציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ״, אַרכ׳ ייִה״א, נ׳ 2589.

12) ראָזע פאַקטאָר: „דער לעבן אין בונקער״, אַרכ׳ ייִה״א, 3143.

18) נ״א פון כאַים זאַכאַרעוויטש.

עס האָבן נישט געהאָלפן די ביטערע שטיק פון יידישע פאָליציי־לייט, וועלכע האָבן אין די הויפן גערופן די פאַרבאַהאַלטענע אַרויסצוגיין, שרייענדיק, אַז די געפאַר איז שוין אַדורך און עס איז שוין ווידער רויק. טייל אָרדענונגס־לייט האָבן אָפּגעשפּילט אַ מיִעסע מאָסרים־ראָל, אָנווייזנדיק די דייטשן דאָס באַהאַלט־אָרט פון יידן 14).

זעענדיק אַז די יידישע פּאָליציי קאָן נישט פּועלן, האָבן גינטער און פרידעל געשיקט אַהיים באַראַשן, וועלכער האָט זיך פונדעסטוועגן מאָגנטיק, דעם פערטן טאָג פון אומגליק, ווײַטער געמאָלדן צו דער „אַרבעט"; זיי האָבן איבערגעגעבן די איניציאַטיוו אין די הענט פון די סאַמע זיכערסטע מענטשן, די אייגענע עס־עס־לייט, געשטאַפּאָווצעס און שופּאָ. ווי אויסשפּירער האָבן געדינט יידישע מאָסרים, אַט די נײַע נעגע צאַראַאָס פון געטאָ.

די דײַטשן אַליין האָבן אָדער נישט געוווּסט, ווו אַרײַן און ווו אַרויס אין די מלינעס־לאַבירינטן, אָדער זיי האָבן געציטערט פאַר דער אייגענער שקורע. זײַנען זיי צוהילף־געקומען יידישע אויסוואורפן. אַ טייל פון די דאָזיקע מענוואָלים האָט זיך אַליין פרײַוויליק געשטעלט, עלעהיי בערל זבאַר אָדער רוטע קנישינסקאַ, אַ בריגאַדירערן פון די ביאַליסטאָקער פאַרשלעפּטע פרויען אין וואָלקאָוויסק 15). אָדער די טאָכטער פון אונטער־וועלטניק יאַנקעטשקע, אַ זוינע פון קראָקעווער געסל 16). אַ טייל האָט זיך געלאָזט פאַרמאַניעווען דורך די שיינע צוזאָגן פונעם סוינע: „אויב דו וועסט ווײַזן אַ בונקער, וועסטו בלײַבן אין געטאָ"... באַוואָפנטע מיט דײַטשע צײַגענישן, אויף וועלכע עס איז געווען אויפגעשריבן „יודענפּע־רעטער", „דיזער יודענפערעטער איזט באַפרײַט פאָם טראַנספּאָרט", זײַנען די מאָסרים געגאַנגען פאָרויס און געוויזן דעם סוינע דעם וועג צו די באַהאַלט־ערטער 17).

ווי גרויס איז געווען די גוורע פון די יעניקע פּאַשעטע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן — פאַרפּײַניקטע דורך די שרעקלעכסטע אינויִים — נישט אַרויסגעלאָזט קיין וואָרט און נישט אָנגעוויזן אַף זייערע באַ־

14) פרידעל: „די באַשרייבונג פון די קאַמפּן און פון דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ" אַרכ' יִיה"א, נ' 14.

15) ג"א פון פ. ליפּינסקא און י. לערמאַן.

16) קאַלמען באַראַקין: „די געשעענישן אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ' יִיה"א, נ' 3766.

17) ג"א פון פ. ליפּינסקא.

האַלטענע ברידער! איינער פון אָט די העלדן, דער טעסלער יודל באַראַוויק, אַליין אַ בויער פון אונטערערדישע מלינעס, איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון געשטאַפּאָ און האָט איבערגעטראָגן אַלע אינויִם און איז בײַ־געשטאַנען אַלע ניסיוינעס. ער איז אומגעקומען אונטער די הענט פון זײַנע פּײַניקער און האָט נישט אויסגעגעבן זײַנע אומגליקלעכע ברידער, מאַקריוו זײַענדיק ליבערשט דאָס אייגענע לעבן 18).

אָבער אין אַ סאַך ערטער האָבן די באַהאַלטענע ייִדן, זײַענדיק שוין אַנטפּלעקט דורך די כאַפּונעס, פונדעסטוועגן זיך געהאַלטן אַזוי פעסט און ווירדיק, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם בונקער און זיך איבערגעבן לעבעדיקערהייט דעם סוינע. די דײַטשן האָבן דעמאָלט געהאָט איין ענטפער: דינאַמיט און גראַנאַטן! מוירע האָבנדיק אײַנצושטעלן די אייגענע הויט און אַרײַנדרינגען אין די פינצטערע לעכער, האָבן גינטערס און היימבאַכס מענטשן אויפגעריסן די בונקערס אינאיינעם מיט די באַ־האַלטענע פאַראַקשנטע ייִדן. די דאָזיקע אויפרײַסן האָבן זיך אָנגעהויבן גלײַך שאַבעס, דעם צווייטן טאָג פון דער אַקציע. די אומגליקלעכע קאָר־באַנעס, וואָס זײַנען געלעגן אין די סכראַנעס, האָבן געהערט ווי אַלץ ווערט אויפגעריסן און רעווידירט 19). אין די כאַרעוו־געוואָרענע באַהאַלט־ערטער האָט די ערשטע געמוזט אַראָפּגיין די ייִדישע פּאָליציי, ערשט הינטער זיי האָבן זיך אַרײַנגעשאַרט פאַרזיכטיק און פּאַוואָליע די דײַטשן.

ווי געזאָגט, האָט די ייִדישע פּאָליציי בעיס דער דאָזיקער ערשטער ליקווידיר־אַקציע אָפּגעשפּילט אַ שענדלעכע ראָל. מיט עקלדיקן פלײַס האָט זיך אויסגעצייכנט דער סאַמעראָדנער קאָמאַנדאַנט מאַרקוס, וועל־כער האָט באַשטראָפט די יעניקע ייִדישע פּאָליציי־לייט, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון דער מעלאָכע בעזויע צו פּײַניקן די אייגענע ברידער. מאַרקוס האָט דעם אייגענעם זון, זײַן מיזינעק, וואָס האָט אויך געדינט אין דער פּאָליציי, געשיקט צו דער „אַרבעט״, און דער דאָזיקער „טאַכשיט״, וואָס איז געראָטן געווען אין זײַן טאַטן, איז געגאַנגען אין שפּיץ פון אַ גרופּע עס־עס־לייט און זיי געוויזן, ווו זיי קאָנען האָבן אַ פעטן ביסן פון רויב 20).

בעיס דער פּעברואַר־אַקציע האָט זיך אַרויסגעוויזן אינגאַנצן בוילעט

18) ג״א פון י. ריווקינד.
19 פאַבריצקי, דאָרטן, פּאַקטאָר, דאָרטן.
20) קורילאָווסקי, דאָרטן.

דער פאַרעטערישער כאַראַקטער פון דער ייִדישער פאָליציי. בלויז אַ קליינע צאָל האָט נישט געוואָלט מיטמאַכן דעם שאַנדפולן וועג פון דעם קאָמאַנדאַנט מאַרקוס. אַזוי איז דער פּאָליציאַנט יורקע גרינצווייַג אַראָפּ אין אַ קעלער, אַ פולער מיט ייִדן, און איז טייקעף אַרויס, דערקלערנדיק די עס־עס־לייט, אַז דאָרט איז קיינער נישט פאַראַן; די זאַך איז אויס־געגעבן געוואָרן, און די היטלעריסטן האָבן גרינצווייַגן דערשאָסן 21). דער פּאָליציאַנט פייסעך בירנבוים איז ביכלאַל נישט אַרויס צו דער „אַרבעט". אויפצומאָרגנס האָט אים אַרויסגערופן מאַרקוס און געהייסן אָפּגעבן די פּאָליציייִשע היטל. בירנבוים האָט אָף דעם געענטפערט בעקאָל ראָם: „אַזאַ היטל איז אַ שאַנד פאַרן ייִד! 22). דער פּאָליציאַנט פלאַשען האָט געוואָרנט, ווו ער האָט געקאָנט, די באַהאַלטענע ייִדן וועגן יעדער געפאַר און אַפילע גערופן צו ווידערשטאַנד 23). אַן ענלעכן פאַל גיט אויך אָן אין זייַנע נאָטיצן מאָרדכע טענענבוים.

דאָס זייַנען אָבער געווען אויסנאַמען. דער ראָוו פון דער ייִדישער פּאָליציי האָט טרייַ אויסגעפירט די באַפעלן פון די דייַטשישע סראָרעס. און ווען די באַאַמטע גופע פונעם יודענראַט מיט זייערע מישפּאָכעס ווילן זיך אַרייַנקריגן אין ביניען פון זייער אַרבעט־פּלאַץ מיט דער האָפענונג, אַז דאָס וועט זיי ראַטעווען, און אינאיינעם מיט זיי באַמיִען זיך אַהער אַרייַנצוכאַפּן נאָך אַביסל ייִדן, וועלכע זוכן אַ רעטונג, שטעלט זיך די ייִדישע פּאָליציי אַוועק דיבאָם און לאָזט נישט אַרייַן. אומעטום ווייַזן זיי אַרויס גרויס פלייַס, באַמיִענדיק זיך נויסע כיין צו זייַן באָם באַלע־באָס 24).

אין מעשעך פון אַ וואָך צייַט שפּילן זיך אָפּ אין געטאָ דאַנטעישע סצענעס. „די שאָכטים האָבן געשאָכטן — שילדערט יענע טעג פייסעך קאַפּלאַן, — און די כעוורע־קאַדישע־לייַט האָבן נאָך זיי געראַמט 25), צונויפגעקליבן אָף אַ וועגעלע הורבעסווייַז און אָפּגעפירט אין מייסים־שטיבל אָף זשאַביע־גאַס.

(21 ג"א פון י. לערמאַן.

(22 ג"א פון ד"ר פּעטי וועליאַן. פייסעך בירנבוים איז אַרויסגעטראָטן פון דער פּאָליציי. ער איז אומגעקומען בעיים דער צווייטער ליקווידאַציע.

(23 ג"א פון כ. זאַכאַרעוויטש.

(24 ג"א פון י. ריווקינד.

(25 אָף דער כעוורע קאַדישע איז דער גיירעש נישט כאָל געווען. זיי האָבן געטראָגן גרינע היטלען מיט ספּעציעלע קאָקאַרדעס.

„מוירעדיק איז געווען דאָס בילד פון די אַראָפּהענגענדיקע הענט און פיס און אַף הינטן פאַרוואָרפענע קעפּ, פאַרבלוטיקטע, צעשפּאָלטענע, צעריסענע ווי געשאָכטענע קעלבער. דאָרט אין מייסים־שטיבל האָבן כעוורעלייט באַזוכט די האַרוגים, ווו מען האָט געפונען דאָקומענטן, האָט מען פאַרצייכנט די נעמען, און ווו נישט, האָט מען געוואָרפן אין הורבע אַרײַן, מענער באַזונדער, קינדער באַזונדער, פרויען באַזונדער און נאָך דעם אַרײַנגעוואָרפן, פאַרשאָטן און אַזוי האָט די ערד פאַרדעקט איינעם פון די גרעסטע שוידערלעכסטע פאַרברעכנס...

„...אין אָוונט איז ווידער שטיל, מען גייט אַהיים פון די פאַבריקן. זיי האָבן געפונען אומעטום די טירן אויפגעריסן, די זאַכן איבערגעוואָרפן, די ווענט צעשאָסן, צעבראָכן, ווו נישט ווו האָבן גאַנאַווים באַוויזן עפּעס צונעמען.

„איינצלנע דײַטשן, ציווילע און מיליטערישע, זײַנען געקומען ווי נאָר־מאָל מאַכן באַשטעלונגען, אָדער אָפּנעמען צוריק — זיי האָבן אַליין גע־נוי נישט געוווּסט...

„...און אַז דינסטיק האָט זיך אָנגעהויבן די ווײַטערדיקע גרוילהאַפטע שכיטע, איז זי באַגלייט געוואָרן מיט אַ טרויעריקער שענדלעכער דער־שײַנונג, וואָס האָט זיך געלייגט ווי אַ בלאָטיקער שמוציקער פלעק אָפּן געוויסן פון ביאַליסטאָק און פאַרשוואַרצט איר נאָמען באַ זיך און באַם אַכזאַריעסדיקן סוינע. דאָס איז געווען די מעסירע״.

„...אָט אַזוי האָט אין מעשעך פון איבער אַ וואָך צײַט געשטורעמט באַ אונדז די בלוטיקע מעהומע, וועלכע האָט אָוועקגערויבט באַ אונדז קימאַט צען טויזנט צאַפּלדיקע לעבנס, אָן שום שולד, אָן שום סיבע, נאָר דערפאַר, וואָס מיר זײַנען יידן״... (פּ. קאַפּלאַן: „חורבן ביאַליסטאָק״).

פון 5טן ביזן 12טן פעברואַר האָט געדויערט די גיירעש־אַקציע קיין טרעבלינקע. צען טויזנט יידן זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן 26). דער „קאָנטינגענט״, אַף וועלכן באַראַש האָט געגעבן זײַן העסקעם, איז, הייסט עס, איבערגעשטיגן געוואָרן. פון אַכט ביז נײַן הונדערט זײַנען דערשאָסן געוואָרן אָפּן אָרט. די האַרוגים האָבן זיך געוואַלגערט אָפּן ברוק, איידער די כעוורע־קאַדישע האָט באַוויזן זיי צוצונעמען, און צוליבן פרעסטל

26) אזא ציפער גיט אן אין זיינע דערקלערונגען פרידעל. לויט די מיינונגען פון יידישע איידעס האט די צאל דערגרייכט צוועלף טויזנט.

זײַנען אַ סאַך מייסים צוגעפרוירן געוואָרן; מיט לאָמעס האָט מען געמוזט האַקן, קעדיי אָפּצורײַסן איין גוף פון צווייטן 27).

צווישן די אַרויסגעפירטע זײַנען געווען דער אַלטער היסטאָריקער ש. א. הערשבערג, א. טיקטין און אַפילע אַ ריי באַאַמטע פון יודענראַט. צווישן די דערהאַרגעטע איז געווען דער פּאָפּולערער אַלטער צײַטונג־פאַרשפּרייטער בישקע מיט זײַן ווײַב 28).

עטלעכע באַקאַנטע מענטשן פון געטאָ האָבן נישט געוואָלט אַרײַנ־פאַלן אין די הענט פון די ראַקערס און זיך גענומען באַצײַטנס דאָס לעבן. ערעוו דער ליקווידאַציע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דער געוועזענער האַנטווערקער־טוער, דער בעקער־מײַסטער צווי ווידער, איבערלאָזנדיק דעם ווײַטערדיקן לעצטן בריוו: „איך קאָן נישט מער לעבן און צוקוקן וואָס מען מאַכט מיט די ייִדן און מיטן ייִדישן פאָלק, און מײַן איינציקער אויסוועג איז זעלבסטמאָרד" 29).

לויט ווי עס גיט איבער אַן אייד ריזע, האָט צווי ווידער אין זײַן געזעגן־בריוו געשריבן אָט וואָס: „מײַן גורל קאָן איך נישט איבערגעבן אין די הענט פון די דײַטשן. איך וויל אַליין זײַן באַלעבאָס איבער זיך. ווער עס האָט מער מוט פון מיר, דער זאָל קעמפן קעגן די דײַטשן. איך בין שוין צו שוואַך" 30).

דעם זעלביקן אַקט איז באַגאַנגען ד"ר פראַנקע האָראָוויטש, די טעכנישע סעקרעטאַרן פון יודענראַט, פריִער אַ לערערן פון דער העברעיִ־שער גימנאַזיע, אַן אָפּשטאַמיקע פון סטאַניסלאַוו. זי האָט זיך גענומען דאָס לעבן באַלד נאָך דער אַקציע, דערזעענדיק דעם שרעקלעכן כורבן 31).

דאָס לעבן האָט זיך אויך גענומען, נישט וועלנדיק אַרײַנפאַלן אין די הענט פונעם סוינע, דער שערער שלוימע יאַנקעלעוו 32).

אין דער צײַט פון דער בלוטיקער מעהומע איז פון ערשטן שטאָק געשפּרונגען טאַניע טאַט, איר מיידלשער פאַמיליע־נאָמען איז געווען פּע־קער, אַ טאָכטער פון אַ באַקאַנטן אַפּטייקער 33).

27) פאַבריצקי דאַרטן.
28) קאַפּלאַן, דאַרטן.
29) אַרכ' יִוָ"א, נ' 1991.
30) ג"א פון ק. באַראַקין.
31) דאַרטן.
32) ג"א פון ז. קאַלעשניקאָוו.
33) ג"א פון י. ריווקינד.

עס זײַנען געווען פֿאַלן פֿון זעלבסטמאָרד.

אין דעם דאָזיקן מיטל פֿון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, פֿון שטומען טראַגישן פּראָטעסט האָבן זיך אויך געקלאַמערט קינדער. דריי יעסוימים פֿונעם קינדער־היים אױף טשענסטאָכאָווער 7 האָבן זיך אויפֿגעהאַנגען, קעדיי נישט אַרײַנצופֿאַלן אין די הענט פֿונעם סוינע 34).

דאָס געטאָ האָט געזען נאָך אַנדערע, אויפֿטרייסלדיקע בילדער.

אָט פֿירט אַ דײַטשער זעלנער אַ ייִדישע פֿרוי מיט אַ קינד. די פֿרוי בעט זיך, ער זאָל זיי דערשיסן, דער דײַטש דערפֿילט מיט גרויס כיישעק איר באַקאָשע. דערנאָך לויפֿט אַרויס אַ הינטל. דער זעלנער נעמט עס אױף דער האַנט, גלעט עס און זאָגט מיט ראַכמאָנעס: „טירכען, האָסט נאָך הײַנט נישט געפֿרעסען” 35).

...עס איז שוין נאָך דער „אַרבעט”. אױפֿן זאַמל־פּלאַץ פֿאַלט צו אַ טויטע שטילקייט. די גאַסן פּוסטעווען. מיטאַמאָל יאַווען זיך דרײַ דײַטשן, זיי פֿירן צוויי פֿרויען. „מיר האָבן זיך פֿאַרשפּעטיקט, — זאָגט איינער צום צווייטן, — איצט איז אַ קאָפּ־פֿאַרדרייעניש מיט די ווײַבער”. „נו, וואָס, — רופֿט זיך אָפּ דער צווייטער, — עפּעס דאַרף מען באַשליסן”. „סאָף־קאָל־סאָף קאָנען מיר זיי אָפּלאָזן”, — זאָגט פֿאַרזיכטיק דער ערשטער. יענער איז אָבער נישט מאַסקים. דאָס פּאַסט נישט. צוויי שאָסן און געענדיקט 36).

מאָרדנדיק די ווידערשפּעניקע ייִדן, האָבן די פֿאַשיסטן באַנוצט דום־דום־קוילן 37).

דעם זיבעטן טאָג פֿון דער שכיטע, פֿרײַטיק דעם 12טן, איז די אַקציע אָפּגעשטעלט געוואָרן. די קרײַזן פֿון יודענראַט האָבן זיך גערימט, אַז דאָס איז געקומען ווי אַ פּויעל־יויצע פֿון זייער סטאַרען זיך בײַ די „גוטע דײַטשן” קליין פֿון געשטאַפּאָ און פֿרעזע פֿון ווערמאַכט, ביידע ווירטשאַפֿט־לייטער, וועלכע זאָלן האָבן אינטערווענירט בײַ קאַנאַריסן אין קעניגסבערג. דער לעצטער איז טאַקע דעם פֿרײַטיק געקומען קיין ביאַ־ליסטאָק און האָט באַפֿוילן איבערצורײַסן די ליקווידאַציע. ער האָט עס באַטירלעך, געטאָן אין העסקעם מיט אַן אינסטרוקציע פֿון בערלין. דער

34) רייזנער, ז' 134.
35) נ"א פֿון פּ. ליפּינסקאַ.
36) פֿונעם פּאַרטיזאַנישן אַרכיוו פֿון שאַלק (ד"ר ש. דאַטנער).
37) אַרכ' ייִה"א, אַקט נ' 1837.

„גוטער" קליין איז אַראָפּגעקומען אין געטאָ און איז מוידיע געווען, אַז דער גיירעש איז אָפּגעשטעלט. דער געשטאַפּאָ־לייטער היימבאַך האָט געהייסן באַראַשן ווידקן אַף די ייִדן, זיי זאָלן זיך באַרויִקן, ווײַל קיין ווײַטערדיקע עוואַקואַציע וועט נישט זײַן. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז די ייִדן זאָלן ווײַטער אַרבעטן אַזוי ווי פריִער 38). פון וואַנען נעמט זיך היימבאַכס ווענדונג צום ראָש פון יודענראַט, ער זאָל באַרויִקן די ייִדן?

עס זײַנען פאַראַן באַווײַזן, אַז נישט מאַכמעס דעם כאַבאַר און דעם כלאַפּאָטשען מיצאַד דעם יודענראַט האָבן זיך די „גוטע דײַטשן" דערבאַרעמט נאָכן שטילן דעם וועלפישן אַפּעטיט פון די שלעכטע קאַך, גינטער און דיבוס. די דײַטשן זײַנען אין אָט דער ערשטער פאַרטיליקונג־אַקציע געבליבן שטיין פאַר אַ דערשיינונג, אַף וועלכער זיי האָבן זיך צומווייניקסטן גערעכט: פאַר אַ פּאַסיוון מאַסן־ווידערשטאַנד און אין אַ טייל ערטער אויך פאַר אַן אַקטיוון, באַוואָפנטן אַנטקעגנשטעלן זיך מיצאַד די „גידערייקראַסיקע" ייִדן.

דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד, דאָס נישט שטעלן זיך אַפן רוף פון דער אַקופּיר־מאַכט, דאָס פאַרשטעקן זיך אין באַהאַלט־ערטער האָט אַרומגעכאַפּט דעם גרעסטן טייל פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָט אויפגענומען די ווערטער פונעם אויפרוף, מיט וועלכן עס האָט זיך צו איר געווענדט די אונטערערדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

„אַרויסגעפירט ווערן — באַדײַט טויט,
„גיי נישט פרײַוויליק צום טויט!
„פאַרטיידיק דײַן קינד, נעם נעקאָמע פאַר דײַן מוטער.
„דעמאָליר די פאַבריקן!
„גייסטו אַרויס פון שטוב, צינד אונטער די ווירטשאַפט.
„לאָזט נישט די ראָצכים קיין יערושע! גיי נישט קיין טרעבלינקע!
„ייִדישער פּאָליציאַנט! העלף נישט די טאַליאָנים!" 39).

די ייִדן האָבן זיך טאַקע מיטן גוטן ווילן נישט געשטעלט. זיי האָבן זיך פאַרשטעקט אירן פאַרשיידענע באַהאַלט־ערטער. באַ צוואַנציק טויזנט ייִדן האָבן זיך פאַרקלאַפּט אין קאָלערליי סכראָנעס 40). טויזנטער אַנדער־

38) דאַרטן; אויך — פון ג"א ב. שאַצמאַן.
39) ציטירט לויט טענענבוימס נאָטיצן פון 29טן יאַנואַר 1943, אויך — ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ און י. ריווקינד.
40) טענענבוים, נאָטיץ פון 9טן פעברואַר 1943.

רע האָבן זיך פֿאַרגראָבן ערגעץ אַנדערש. און ווען די מלינעס זײַנען אַנטדעקט געוואָרן, איז אין אַ סאַך פֿאַלן געווען דער ענטפֿער: „האַרגעט אונדז דאָ; צו וואָס נעמט מען אונדז אַרויס?״ „מאַכט אַ סאָף מיט אונדז אַפֿן אָרט; קיין טרעבלינקע וועלן מיר ניט גיין 41). די זיבן־אַכט הונדערט דערהאַרגעטע אין געטאָ גופֿע זײַנען ס׳ראָוו יענע, וואָס האָבן ניט געוואָלט גיין צום טראַנספּאָרט, וואָס האָבן זיך פֿאַקטיש אַנטקעגנגעשטעלט. בײַשפּילן פֿון אַזאַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד האָבן געוויזן פּאַשעטע, ווירדיקע פֿאָלקס־מענטשן. אָט זײַנען די מענטשן־יעגער אַרײַן דעם ערשטן טאָג צום ייִד פֿון אַ גאַנץ יאָר יויעל פוקסמאַן אַף פּאָלנע 17. זיי האָבן געטראָפֿן דעם דאָזיקן ייִד מיט זײַן פֿרוי און קינד. פוקסמאַנס מאַמע און שוועסטער זײַנען דעם זעלביקן טאָג דערהאַרגעט געוואָרן באַם פּאַרקאַן. אַן אויפֿגערעגטער און פֿאַרביטערטער שרײַט אויס פוקסמאַן: „פֿון דעם אָרט וועל איך ניט גיין! וואָס איר ווילט מאַכן מיט מיר דאָ, קאָנט איר מאַכן. פֿון דעם אָרט ריר איך זיך ניט: אײַער סאָף וועט שפּעטער ניט זײַן בעסער ווי אונדזערער. איר וועט פֿאַר אַלץ קריגן באַצאָלט, איר זײַנט מערדער!״ די עס־עס־לײַט האָבן, פֿאַרשטייט זיך, דעם צעבונטעוועטן, שרײַענדיקן ייִד דערשאָסן אַפֿן אָרט און זײַן פֿרוי און קינד אַוועקגעטריבן צום טראַנספּאָרט 42).

עס זײַנען געווען מער פֿאַלן פֿון מאַכן אויסרופֿן קעגן די דײַטשן, שוין אין די צונויפֿגעדרענגטע רייען, וואָס זײַנען געיאָגט געוואָרן צום גייִרעש־פּלאַץ. ניט בלויז יונגע מענטשן, נאָר אויך מענטשן פֿון עלטערן דאָר האָבן געוואָרפֿן דעם סוינע אין פּאָנעם אַרײַן בעוויאישע ווערטער. אין די ערשטע טעג פֿון דער פֿאַרטיליקונג האָט זיך פֿונאַנדערגעשפּרייט דער גרוס פֿון סטאַלינגראַד. די דאָזיקע בסורע האָט אינערלעך געקרעפֿטיקט די ייִדן אַף זייער לעצטן וועג. אַן אַלטער ייִד אין אַ כסידישער האַלבאָשע, אַן אונטערגעשטופּטער און געשלאָגענער האָט מיטאַמאָל אויסגערופֿן: „אונדזערע געווינען אין סטאַלינגראַד!״ 43). דער פּאָפּולערער פֿאָלקס־מענטש שימען פֿײַנגאָלד, וועלכער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער נעץ פֿון די מענטשן־ראַקערס, האָט געזאָגט בעקאָל ראָם צו אַ דײַטשן אָפֿיציר:

---

41) ג״א פֿון מ. בוד. און י. לערמאַן.
42) פּאַבריצקי, דאָרטן.
48) ג״א פֿון מ. בוד.



וועלוול וואָלקאָוויסקי



ריטאַ וואַרשאַווסקאַ

אַקטיוויסטקע פון דער אַנטיפאַשיסטי־
שער אָרגאַניזאַציע. געפאַלן בעיםן
אויפשטאַנד



אַווראָם שורעק

געוו׳ טוער פון פ. ק. פ. געפאַלן בעיים
דער „שאַבעס״־אַקציע



כאַנאָך זשעלאַזנאָגורא

מיטגליד פונעם אויפשטענדלער־שטאַב.
געפאַלן אין קאַמף

„מיך האָט איר גענומען, אָבער סטאַלינגראַד — אַ קרענק!" דאָס דאָזיקע דרײַסטע וואָרט איז קעהערעף אַין באַקאַנט געוואָרן אין דעם גאַנצן געטאָ און איז געוואָרן אַ שלאָג־לאָזונג 44).

די דײַטשע געהיימע פּאָליטישע פּאָליציי האָט געוווּסט וועגן דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד פון דער געטאָ־מאַסע און זי האָט עס אָפּגעשאַצט ווי אַ פּאָליטישן דורכפאַל פון דער דײַטשער פּראָפּאַגאַנדע און טאַקטיק. אַ געוויסע צײַט נאָך דער פעברואַר־אַקציע איז אין די הענט פון אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אַרײַנגעפאַלן אַ געשטאַפּאָ־דאָקומענט, אין וועלכן עס ווערט געבראַכט די אָפּשאַצונג פון דער ערשטער יידן־ליקווידאַציע אין ביאַליסטאָק. לויט ווי עס גיט איבער אָן אייד ריע, וועלכער האָט געזען דעם דאָזיקן דאָקומענט, איז די געשטאַפּאָ־אָנפירונג מוידע געווען, אַז ביאַליסטאָק איז די ערשטע שטאָט (אין דער גאַנצער געגנט), ווו די אַקציע אַרויסצופירן די יידן קיין טרעבלינקע איז דער אָקופּיר־מאַכט פּאָליטיש נישט געלונגען, ווײַל די ביאַליסטאָקער געטאָ־אײַנוווינער גלויבן נישט, אַז מען פירט זיי אַרויס אַף אַרבעט און ווײַל קיינער שטעלט זיך נישט פרײַוויליק צום אַרויספאָר. אַפילע אַלטע פרויען ווילן נישט נעמען קיין ברויט מיט מאַרמאַלאַד. פערציק פּראָצענט געכאַפּטע יידן אין געטאָ און אַף דער „אַרישער" זײַט, — קלאָגט זיך דער ראַפּאָרט, ווי עס גיט איבער דער אייד ריע, — זײַנען אין דעם צײַט־אָפּשניט פונעם 5טן פעברואַר ביזן 5טן מאַרץ אַנטלאָפן, אָדער גלײַך פון גאַס, אָדער אָפּן וועג פון די וואַגאָנען. די געשטאַפּאָ האָט דעריבער געהאַלטן, אַז אין ביאַליסטאָק האָט זי אין פעברואַר 1943 געליטן אַ דורכפאַל 45).

אויך אין די קרײַזן פון דער ציווילער פאַרוואַלטונג און פון דער אָרדענונג־פּאָליציי איז געווען אַ שטיקל קאַצנִיאָמער; מען האָט געהאַלטן, אַז די גאַנצע אַקציע האָט געבראַכט שאָדן דער דײַטשער אַרמיי 46).

דער דאָזיקער דורכפאַל איז געוואָרן פאַר דער אָקופּיר־מאַכט נאָך מער געפערלעך דורך דעם, וואָס דער ווידערשטאַנד פון די יידן האָט זיך נישט געענדיקט מיטן פּאַסיוון אַנטקעגנשטעלן זיך. עס זײַנען אויך געווען פאַקטן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד. די קליינע, אָבער פאַרביסענע פאַלן פון אַקטיוון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין לויף פון דער ליקווידיר־

44) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
45) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
46) פרידעל, דאָרטן.

אַקציע האָבן שטאַרק באַאומרויִקט די מוישלים הען צוליב זייער אַנשטענ־קעווודיקייט לעגאַבע דער פּויליש־ווײַסרוסישער באַפעלקערונג, הען מאַכ־מעס דער סאַקאַנע פון זייער צוזאַמענהאַנג מיט דער פּאַרטיזאַנישער באַ־וועגונג, הען צוליב פּרעסטיזש־מאָמענטן. די דײַטשן האָבן לאַכלוטן דע־מאָלט נישט געוואָלט פונאַנדערבלאָזן די אַקטן פון באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד אין געטאָ 47). ביפראַט, וואָס אין די טעג פון 5טן ביזן 12טן פעברואַר זײַנען אָנגעקומען די ידיעות, אַז די דײַטשע אַרמיי האָט פאַר־לאָרן כאַרקאָוו, קיִעוו, נאָוואָראָסיסק, קורסק, קראַסנאָדאַר, וואָראָשילאָוו־גראַד 48). עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, וואָס היימבאַך האָט אין ד״ר אַלטענלאָהס נאָמען נאָך אַ וואָך צײַט אַרויסגערופן באַראַשן און אים דערקלערט: „אויב דאָס געשעענע וועט נישט ווירקן אָף פאַרערגערן די אַרבעט אין די געטאָ־פאַבריקן, רײַס איך גלײַך איבער די אַקציע" 49). דער שעף פון ביאַליסטאָקער זיכערקייט־פּאָליציי האָט געוויס געהאַנדלט מיטן העסקעם פון ד״ר קאַנאַריס, וועלכער איז טאַקע דעם 12טן פעברואַר אַראָפּגעקומען פון קעניגסבערג.

דער באַשיידענער, אָבער פאַרביסענער אַקטיווער ווידערשטאַנד האָט אין דעם געשפּילט נישט קיין קליינע ראָל 50).

---

47) ג״א פון ב. שאַצמאַן.

48) דאָרטן.

49) דאָרטן.

50) אַ טייל פון די קאָרבאָנעס פון דעם פעברואַר־גיירעש האָט מען אָפּגעפירט אין דער ריכטונג צו מײַרעוו, דורך לאָדזש, וועגן דעם גיט איבער דער לאָ־דזשער שריפטשטעלער יאָסעף זעליקאָוויטש אין זײַטן טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ — דעם 9טן פעברואַר 1943 (א. ב. ייה״א). וועדליק זײַן דעמאָלטיקן אײַנדרוק, איז ביאַליסטאָק אין פעברואַר געוואָרן יודנריין.
די פעברואַר־געשעענישן אין ביאַליסטאָק האָבן אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער דעמאָלטיקער וואַרשעווער געטאָ־אונטערערד. שמועל ווינטער האָט פאַרצייכנט אין זײַנע נאָטיצן: — „אין יענער וואָך איז אין ביאַליסטאָק פאָרגעקומען אַן אַקציע. ביז אַהער איז דאָרט דאָס נישט געווען".

## ק א פ י ט ל  פ י ר

# יִצחאָק מאַלמעד

דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק איז פון ערשטן מאָ־מענט אָן געווען אַנטשלאָסן צו רופן און צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד 1). דעם ערשטן טאָג פון די געשעענישן, דעם 5טן פעברואַר, איז פאָרגעקומען אַ צווישנפאַרטייִשע טרעפונג, אַף וועלכער עס איז מיצאַד דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט געווען יאַשקע קאַווע; עס זײַנען געקומען פאָר־שטייער פון „השומר הצעיר", „דרור", „בית"ר" און „בונד". אַף אַט דעם צוזאַמענטרעף, וואָס האָט געדאַרפט דעצידירן וועגן דעם ענטפער, וואָס די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס דאַרפן געבן דעם סוינע, האָט דער בלאָק פון די קאָמוניסטן, שאָמרים און לינקע בונדיסטן זיך אַרויס־געזאָגט פאַר צוגרייטן אַ באַלדיקן ווידערשטאַנד־אַרויסטריט, און די דאָזיקע גרופעס האָבן זיך טאַקע צום קאַמף געשטעלט. די אַנדערע האָבן אין דער זעלבשוץ־אַקציע פון פעברואַר 1943 זיך נישט באַטייליקט 2).

מיטן צוועק צו קאָאָרדינירן די קאַמפס־טעטיקייט זײַנען אויסגעטיילט געוואָרן דאַניעל מאָשקאָוויטש פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און עליִע בראָקס פון די שאָמרים. דעם פלאַן פון אַרויסטריט האָט פאָרגע־שטעלט דאַניעל מאָשקאָוויטש. דער פלאַן האָט פאָראויסגעזען נישט קיין פאַרטיידיקונג־שטעלונג פון די זעלבשוץ־גרופעס, נאָר אַן אָנגריף־טאַק־טיק; די ייִדן האָבן — לויט דאַניעלן — געדאַרפט אַטאַקירן די עס־עס־לײַט באַלד בײַ זייער אַרײַנמאַרשירן אין געטאָ אַרײַן 3). אָבער פון דעם

1) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ און י. ריווקינד.
2) ג"א פון מ. בוד און כ. גראָסמאַן
3) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

דאָזיקן פּלאַן, וועלכן די כּאַוויירים האָבן געהאַלטן פאַר אַ ריכטיקן, האָט מען שוין דעם ערשטן טאָג זיך געמוזט אָפּזאָגן, ווײַל דער בלאָק האָט נישט באַקומען דאָס צוגעזאָגטע הייסע געווער. מאַשקאָוויטש שאַפט טייקעף אַ פרישן פּלאַן; ער האָט געמוזט רעזיגנירן פונעם געדאַנק פון אַ קאָנצענטרירטער אַטאַקע און פאַרלייגן קאַמפן אויף באַזונדערע אָפּשניטן, פון באַזונדערע גרופּעס. דער דאָזיקער פּלאַן איז באַשטעטיקט געוואָרן, און מען האָט אים אין אַ געוויסער מאָס פאַרווירקלעכט. דאַניעל האָט זיך גישט באַפרידיקט מיט אויסאַרבעטן פּלענער, נאָר אויף זיך גענומען די פונקציע פון קאָאָרדינירן די קאַמף־טעטיקייט פון די באַזונדערע פּאָזיציעס. ער האָט די גאַנצע צײַט ווי ווײַט מעגלעך אײַנגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די כּאַוויירים 4).

דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק האָט קוידעם־קאָל געוואָרפן צווישן זײַנע אָנהענגער און סימפּאַטיקער דעם לאָזונג: נישט באַהאַלטן זיך, נאָר שטעלן אַ ווידערשטאַנד! 5). עס זײַנען געשטעלט געוואָרן אויף די פּיס די קאַמף־דרייערלעך, אָבער צוליב דער פּלוצימדיקייט פון דער אַקציע איז די פאַרבינדונג צווישן זיי געווען אַ שווערע 6). עס איז נישט געווען קיין באַוואָפענונג, און דעריבער האָט דער בלאָק געוואָרפן דעם פּאַראָל: טרעט אַרויס אין קאַמף מיט וואָס איינער קאָן! איטלעכער גרייט זיך צו שוועבל־זויער 7). די דאָזיקע לאָזונגען האָבן אין אַ ריי ערטער באַקומען זייער טיקן דורך אַ ריי ווידערשטאַנד־אַקטן הען פון אָרגאַניזירטע גרופּעס, הען סטיכיש באַ דער מאַסע. דער ערשטער שטאַרקער, העלדישער אַקט פון ווידערשטאַנד, דער ערשטער דרײַסטער אָפּרוף אויף דער אַגיטאַציע פון פאַראייניקטן אַנטיפאַשיסטישן בלאָק איז געווען דער גוורע־אויפטו פון יידישן פאָלקס־מענטש יִצחאָק מאַלמעד 8).

יִצחאָק מאַלמעד, אַ געבוירענער אין יאָר 1903 אין בריסק, פאַר דער מילכאָמע אַ פאַרבער־אַרבעטער אין ביאַליסטאָק, איז די ערשטע מילכאָמע־צײַט פאַרוואָגלט געוואָרן קיין סלאָנים און האָט דאָ איבערגעלעבט צוויי שוידערלעכע שכיטעס. פאַר זײַנע אויגן זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן

4) דאָרטן.
5) ג״א פון י. לערמאַן.
6) דאָרטן.
7) ג״א פון מ. בוך.
8) טענענבוים גיט נישט ריכטיק אָן אין זײַנע נאָטיצן מאַלמעדס נאָמען און רופט אים טאָעסדיק אָן — וואָרמס.

זײַנע עלטערן און די פרוי מיט צוויי קינדער (די פרוי האָט פון דער היים געהייסן פּוכאַטשעווסקי; איר גאַנצע מישפּאָכע איז געווען קאָמען־אַר־בעטער) 9).

אין ביאַליסטאָק האָט ער געאַרבעט אין דער פאַבריק פונעם דײַטש מילער אין דער סעקציע פון קאָמען־פּראָדוקציע 10).

מאַלמעד איז געווען אַן אומפּאַרטייִשער מענטש. אָבער אויף מילערס פאַבריק איז געווען טעטיק אַ שטאַרקער קרײַז פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָ האָט געאַרבעט און איז געווען טעטיק פּאָליטיש די אָב־געזעענע טוערן פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט ריווקע שינדער־וואָיס־קאָווסקאַ. טאָג־אײַן טאָג־אויס האָט ריווקע צונויפגעזאַמלט די אַרבעטער אינדערפרי אין דעם קעסל־אָפּטייל און דאָ פאַר זיי רעפערירט די לעצטע נײַסן פון די געהיימע ביולעטינען 11). ביפּראַט האָבן אויף די אַרבעטער דעם גרעסטן רוישעם געמאַכט די ידיעות פון די געשעענישן בײַ סטאַלינ־גראַד. יִצכאָק מאַלמעד האָט געהערט צו די פלײַסיקסטע אָנטיילנעמער פון אָט די געהיימע פרימאָרגן־פאַרזאַמלונגען. ער פלעגט אויסהערן און גאָרנישט רעדן. אָבער אין זײַן גאַנצער באַנעמונג האָט מען געפילט, ווי עס ווערט רײַף בײַ אים די דעציזיע. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער זיך אָפּרופן צו ריווקען: „שוואַרצע כאַווערטע, דערציילט עפּעס נײַעס" 12).

פון ווערטער איז מען אַריבער צו מעשׂים. אויף דער אינסטרוקציע פון די אַנטיפאַשיסטן האָבן די אַרבעטער גענומען זאַמלען זאַלץ־זויער. עס האָט זיי דערין געהאָלפן אַ פּוילישער אינזשעניער, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער פאַבריק 13).

דאָס לעצטע מאָל ערעוו די פעברואַר־געשעענישן האָט מאַלמעד גע־נומען זאַלץ־זויער אין פאַרבערס סמאָרע־פאַבריק אויף יוראָווצער 21 איי־איינעם מיט נאָך ייִדן, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו דער אויפקלערונג פון די אַנטיפאַשיסטן און נישט געוואָלט גיין ווי שאָף צו דער שכיטע 14).

יִצכאָק מאַלמעדס העלדישער אַקט איז געווען אַ פּראָדוקט פון דער אַגיטאַציע פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע.

---

9) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
10) ג"א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ.
11) דאָרטן.
12) דאָרטן.
13) דאָרטן.
14) ג"א פון ז. סאָלעשניקאָוו.

געשען איז דאָס באַלד דעם ערשטן טאָג פון דער אַקציע. מאַלמעד האָט געהערט צו דער גרופּע, וואָס האָט געשיצט דאָס הויז אַף קופּיעצקע 29. ווען די עס־עס־לײַט און די ייִדישע פּאָליציאַנטן זײַנען אַרײַן אין די קאָרידאָרן, האָבן זיך די ייִדן אַנטקעגנגעשטעלט. אין דער ערשטער ריי איז געשטאַנען מאַלמעד. ער האָט אויסגעצויגן די הענט מיט דער פלאַש און באַגאָסן דעם נאָענטסטן דײַטש מיט וויטריאָל. יענער האָט אַרויסגע־כאַפּט דעם רעוואָלווער, אָבער — משוגע פון ווייטיק און בלינד — האָט ער, אויסשיסנדיק, געטראָפן אַן אייגענעם, דײַטשן פּאָליציי־באַאַמטן, וועלכער איז געפאַלן אַ דערשאָסענער.

ווי עס גיבן איבער אַנדערע, זאָל מאַלמעד האָבן אַרויסגעריסן באַם באַגאָסענעם דײַטש דעם שפּײַער און אַליין געשאָסן צום אָפיציר און אים צעוועקגעלייגט 15). אָבער די ווערסיע ווערט נישט באַשטעטיקט. מאַלמעד איז אין דער מעהומע אַנטלאָפן. די צוויי דײַטשע קאָרבאַנעס זײַנען געווען דער קרימינאַל־אַסיסטענט ווילהעלם פּריטש פון קעניגסבערג און דער קרימינאַל־אַנגעשטעלטער מינטער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַקציע 16). מינטער איז באַגאָסן געוואָרן דורך מאַלמעדן מיט וויטריאָל און איז געבליבן ליגן אַפן פּאַל מיט אַ שוואַרץ פאַרסאַרפּעט פּאָנעם. ער האָט עס אויסגעשאָסן און געטראָפן ווילהעלם פּריטשן, וועלכער האָט געקראָגן אַ קויל אין קאָפּ און איז אויסגעגאַנגען אַפן אָרט. דעם שווער־פאַרוווּנדעטן מינטערן האָט מען צוגענומען אין לאַזאַרעט 17).

דער שעלי̄עד מעיוכעד פון בערלין גינטער און דער געשטאַפּאָ־ לײַ־טער היימבאַך, וועלכע זײַנען די גאַנצע צײַט געווען אין געטאָ און געקע־רעוועט מיט דער אַקציע, זײַנען טייקעף אַוועק צום קאָמאַנדער פון דער זיכערקייט־פּאָליציי ד״ר אַלטענלאָה און אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג 18). אין רעזולטאַט פון אָט דער אַסיפע דערקלערט פּרידעל באַראַשן: „מיר האָבן גאָרנישט געשפּראָכן״ 19). דאָס הייסט — העיויס ייִדן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, איז אונדזער אָפּמאַך קיין אָפּמאַך נישט. דער זעלביקער פּרידעל מעלדעט אויך באַראַשן, אַז אויב דער יודענראַט וועט אין מעשעך

15) ג״א פון ב. שאַצמאַן.
16) באַריכט פון דעם לאַנד־פאַרשטייער פון דער פּויליש־עמיגראַנטישער רעגי־רונג קיין לאָנדאָן, געהיימער מיליטערישער אַרכיוו, נ׳ 15/43, ז׳ 19.
17) פּרידעל דאָרטן.
18) דאָרטן.
19) ג״א פון ב. שאַצמאַן.

פון 8 ביז 10 שאָ נישט צושטעלן, אָדער נישט באַהילפיק־זיין צו כאַפּן דעם אַטענטאַט־אויספירער, וועלן הונדערט אַרעווניקעס ווערן דערשאָסן. צוויי אַזייגער באַטאָג הייסט היימבאַך פרידעלן כאַפּן הונדערט מענטשן. אָן כקירע ודרישע האָבן די נאַצישע ראָצחים געפאַנגען צופעליקע הונ־דערט ייִדן, קלוימערשט אַרוועס־לײַט, ס'ראָוו פונעם הויף קופּיעצקע 39, ווו מאַלמעד האָט געוווינט, און זיי אויסגעמאָרדעט אינעם פּראַגעס גאָרטן באַ דער נײַ־וועלט־גאַס. מיט דער דערשיסונג פירט אָן פערזענלעך גינ־טער 20). עס העלפט אים פרידעל. צווישן די הונדערט קאָרבאָנעס זײַנען געווען די קאָמוניסטישע טוערן בליומקע לאַקס, וועלכע האָט אַף אַ מערק־ווירדיקן אויפן פאַראויסגעפילט איר טויט 21), די מיטגלידערן פון „דרור" יאַנדזשאַ 22), דער פאָפּולערער בעקער זאַבלודאָווסקי מיט זײַן גאַנצער פאַמיליע, די צוויי באַקאַנטע שנײַדערנס די שוועסטער מילער, וואָס איינע פון זיי האָט אַפילע געהאַט אַ נאָמענטלעכן שויך־בריוו פון פאָליציי־פּרעזידענט אויגען דאַרש, און אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן 23); דער דרוקער נאַפּטאָלע פעלדמאַן מיט דער פרוי 24). ווי עס איז צו זען פון דעם צוזאַמענשטעל פון די דערהאַרגעטע, האָט דער סוינע געכאַפּט מענ־טשן פון פאַרשיידענע שיכטן און קרײַזן, נעמענדיק אַף בלינד יעדן, וואָס איז אַל־פּי־צופאַל אַרײַנגעפאַלן אין זײַנע הענט. דאָס איז געווען קוידעם־קאָל אַ מיטל אַנצושרעקן די ייִדן, קעדיי דער העלדישער בײַשפּיל פון ייִצכאָק מאַלמעד זאָל נישט אַרויסרופן קיין ווײַטערדיקע ווידערשטאַנד־אַקטן.

איינצײַטיק איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געיעג נאָך דעם העלד אַליין. שאַבעס, דעם 6טן פעברואַר, ווערט אויסגעהאָנגען אַ מעלדונג, אַז פאַר מאַלמעדס קאָפּ ווערט געגעבן דער פּרײַז פון צען טויזנט מאַרק 25).

דאָס געטאָ האָט פאַרביסן געשוויגן. קיינער האָט דעם נעקאָמע־נעמער נישט אַרויסגעגעבן.

---

20) פרידעל, דאָרטן.
21) ג"י פון ר. וואַיסקאָווסקאַ (זע אויבן).
22) טענענבוים, נאָטיץ פון 14טן פעברואַר 1943.
23) קאַפּלאַן, דאָרטן.
24) רייזנער, ז' 121—123.
25) אין דער מעלדונג ווערט טאַקע מאַלמעד אָנגערופן — אַוראָם.

די געשטאַפּאָ שיקט אַרויס איר יידישן שפּיאָן יודקאָווסקין, אַ סלאָ־נימער פּאָליט, קעדיי צו זוכן מאַלמעדס שפּורן 26).

די געשטאַפּאָ האָט געדראָט מיט אַ פּילפּאַכיק גרעסערער שכיטע ווי דאָס אויסשיסן די הונדערט אָרעווניקעס. זי האָט דערקלערט, אַז פינף טויזנט יידן וועלן מיט זייערע קעפּ באַצאָלן פאַרן אַקט פון דעם יאָכיד. דעמאָלט האָט זיך מאַלמעד דעצידירט — ער האָט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די ראָצכים. אַזוי גיבן איבער די יידישע לעבנפאַרבליבענע איידיי רייע.

אַנדערש גיבן איבער די דײַטשע איידעס, לעמאָשל פריץ פרידעל; ער דערציילט, אַז באַראַש איז אַ דענערווירטער געקומען צו פרידעלן און אים געמאָלדן, אַז מען האָט דעם טעראָריסט געפונען 27). לויט פריץ פרידעלס דערקלערונג קומט אויס, אַז נישט מאַלמעד האָט זיך אַליין גע־שטעלט, נאָר אַ יידישער מאָסער האָט אים אויסגעגעבן. דאָס איז געווען — זאָגט פרידעל, — אַ מענטש פון אַ יאָר פופציק. אַלפּי דעם דײַטשישן צוזאָג האָט אים געקומט צען טויזנט מאַרק פאַרן קאָפּ פון יצכאָק מאַל־מעד. היימבאַך האָט זיך אָבער פאַרשטענדיקט מיט ד"ר אַלטענלאָה, און מען האָט דעם פאַרעטער באַצאָלט נישט מער ווי זיבן טויזנט 28).

היימבאַך באַפעלט דעם יודענראָט צו האַלטן דעם געפאַנגענעם קעמ־פער אין אַ זיכערן אָרט. עס ווערט באַשטימט אַ צוזאַמענשטעל פונעם שטאַנד־געריכט אונטער היימבאַכס לייטונג צו מישפּעטן מאַלמעדן 29).

דאָס איז אויסגעפאַלן זונטיק, דעם זיבעטן פעברואַר. אין דער אויס־ראָט־אַקציע איז געווען אַן איבעררײַס.

די געשטאַפּאָ־גדוילים האָבן געווידמעט דעם טאָג אַף אויספאָרשן דעם געפאַנגענעם העלד. „פאַרוואָס האָסטו געהאַרגעט אַ דײַטש?" — האָבן זיי געפרעגט. מאַלמעד האָט געגעבן אַ פעסטן און שטאָלצן ענטפער:

— „איך האָב אײַך פײַנט, איך באַדויער, וואָס איך האָב דערהאַרגעט בלויז איינעם. פאַר מײַנע אויגן זײַנען געפאַלן מײַנע עלטערן. פאַר מײַנע אויגן האָט איר אין סלאָנים דערמאָרדעט צען טויזנט יידן. איך האָב נישט קיין כאַראָטע" 30).

26) ג"א פון ב. שאַצמאַן.
27) פרידעל דאָרטן.
28) דאָרטן.
29) דאָרטן.
30) ג"א פון י. ריווקינד, ל. טשאַפּניק און א. רוד.

אַ גאַנצן טאָג זײַנען געמאַכט געוואָרן באַמיִונגען איבערצוגעבן איִם ציִאַנקאַלי, אָבער עס האָט זיך נישט אײַנגעגעבן 31).

דער שטאַנד־געריכט האָט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל: טויט דורך הענגען.

אַף צו מאָרגנס, מאָנטיק, דעם 8טן פעברואַר, אינדערפרי איז שוין געשטאַנען די טליִע גרייט פאַר דעם הויז קופּיעצקע 28. אין געטאָ האָבן אַרײַנגעמאַרשירט דײַטשע זשאַנדאַרן, שוץ־פּאָליציאַנטן, געשטאַפּאָ־לײַט, קריפּאָ. דעם פאַראורטיילטן האָט געבראַכט די ייִדישע אָרדענונגס־פּאָליציי. אַ האַלבע שאָ האָט דער פאַרמישפּעטער געמוזט שטיין פאַר דער טליִע און וואַרטן אָפן אָנקום פון דעם „הויפּט־צערעמאָניע־מײַסטער", דעם געשטאַפּאָ־לייטער היימבאַך, דעם געשטאַפּאָ־רעפערענט פאַר דעם געטאָ פרידעל און דעם קרימינאַל־סעקרעטאַר הײַנץ לאַנגע, וועלכן האָבן געדאַרפט אָפיציעל אַסיסטירן בעייס דער עקזעקוציע 32). די גאַנצע צײַט האָבן די דײַטשן געשלאָגן מאַלמעדן מאַקעס רעצעך און זיך איזדעקעוועט איבער איִם. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן ווירדיק. ער האָט נישט געבעטן קיין ראַכמאָנעס. איינמאָל בלויז האָט ער זיך געווענדט נאָך אַ טרונק וואַסער, אָבער אויך די דאָזיקע לעצטע באַקאָשע פון פאַרמישפּעטן האָבן די טאַליאָנים נישט געוואָלט נאָכגעבן. „האָסט שוין נישט קיין נויטווענדיקייט אין וואַסער", האָבן זיי געכויזעקט פון איִם 33).

די דײַטשן האָבן זיך געהאַלטן באָם אָפיציעלן „צערעמאָניאַל". היימבאַך האָט פאָרגעלייענט דעם אורטייל און געפרעגט מאַלמעדן, וואָס ער האָט צו זאָגן. מאַלמעד האָט דעמאָלט פאַרלאַנגט, מען זאָל איִם דערלויבן אַרויפגיין אַף אַ דאַך פון אַ הויכן ביניען און זיך אַראָפוואַרפן אַף דער ערד. היימבאַך האָט אָפגעזאָגט 34).

רוִיק איז ער געגאַנגען צום טויט. צוויי מאָל האָט מען איִם אויפגעהאָנגען. צום ערשטן מאָל האָט זיך דאָס שטריקל אָפגעריסן 35). ער האָט נאָך באַוויזן אויסצורופן: „איר, דײַטשע מערדער, איר וועט דעם קריג פאַרלירן! נידער מיט היטלערן! זאָל לעבן רוסלאַנד!" 36). אין דער

---

31) טענענבוים, נאָטיץ פון 7טן פעברואַר 1943.
32) פרידעל, דאָרטן.
33) טענענבוים, נאָטיץ פון 9טן פעברואַר 1943.
34) פרידעל, דאָרטן.
35) טענענבוים, דאָרטן.
36) ג"א פון ז. קאַלעשניקאָוו.

לעצטער מינוט האָט ער אָנגעשפּיגן דעם טאַליען אין פּאָנעם. ווען דער שלייף איז שוין אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אַפן האַלדז, האָט מאַלמעד אויס־געדופן מיטן לעצטן קויעך, אַפן קאָל, אַז די גאַנצע גאַס האָט געהערט:

— „באַנדיטן, איר וועט באַצאָלן פאַר דעם, אײַער סאָף איז שוין נישט ווײַט!" 37).

דער קערפּער האָט נאָך געצאַפּלט מיט די לעצטע רעשטלעך לעבן. היימבאָך האָט באַפוילן דעם באַאַמטן היינץ לאַנגע מיט אַ שאָס אין קאָפּ פאַרענדיקן דאָס, וואָס דער טליע־שטריק האָט אָנגעהויבן 38).

דער איינדרוק נישט בלויז אין געטאָ, נאָר אין דער גאַנצער שטאָט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. מען האָט אין דער שטיל כויזעק געמאַכט פון די דײַטשע „העלדן", וועלכע אַנטלויפן פאַר אַ ייִד, אַ באַוואָפנטן מיט אַ ביסל וויטריאָל. אין מעשעך פון דרײַ טעג האָבן זיך איבערגעכאַזערט געהיימע מאַניפעסטאַציעס אין שכיינעס פון דער טליע 39).

דער מאָסער יודקאָווסקי האָט נישט אויסגעמיטן דער מידאס־האַדין פון דער רעוואָלוציאָנערער גערעכטיקייט. אין אַ צײַט שפּעטער האָבן ייִדישע נעקאָמע־נעמער, די מיטגלידער פון דער אַנטיפאַשיסטישער זעלב־שוץ, אויסגעפירט אַ טויט־אורטייל איבערן העסלעכן מענוול 40).

די כאַווײרים פון אונטערערד האָבן באַערט מאַלמעדס אָנדענק אַף נאָך איין אויפן: זיי האָבן אַפן געטאָ־בעסוילעם, אַף דער זשאַביע־גאַס, אַוועקגעשטעלט אַ הילצערנע מאַצייווע מיט מאַלמעדס בילד און אָנגע־שריבן די ווערטער: „דעם העלד — קאָוועד!". די דײַטשן און די געטאָ־פּאָליציי האָבן זיך לעכאַטכילע נישט געכאַפּט. ערשט שפּעטער איז דער דאָזיקער באַשיידענער, אָבער מערקווירדיקער דענקמאָל באַזײַטיקט גע־וואָרן 41).

מאַלמעדס אַקט האָט אַרויסגערופן אינעם לאַגער פון סוינע אַ שטאַרקע באַאומרויִקונג. די מאַכט האָט גענומען וואָרענען די פּאָליציי־באַאַמטע, זיי זאָלן זײַן פאָרזיכטיק אין קאָלערליי אונטערנעמונגען 42).

37) פּאַבריצקי, דאָרטן.
38) פרידעל, דאָרטן.
39) ג"א פון ל. טשאַפּניק און אַ רוד.
40) ג"א פון ט. ציטראָן און קוציקעוויטש, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 2006. וועגן דעם זע ווײַטער.
41) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
42) פרידעל, דאָרטן.

דער העלדישער אַקט פון יִצחק מאַלמעד האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג צווישן די ווידערשפּעניקע עלעמענטן פון געטאָ. דער רוף און די דורכאַקערונג פונעם באַדן מיצאַד דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק פון איין זײַט און דער בײַשפּיל פון יִצחק מאַלמעד פון דער צווייטער — האָבן מיטגעריסן נאָך אַנדערע און געשטויסן צו אַ ריי ווידערשטאַנד־אַקטן.

## קאַפּיטל פינף

# דער העמשעך פון אַקטיוון ווידערשטאַנד און די נאַכט פון מידאַס-האַדין

די גרעסטע שוועריקייט, וואָס די קאַמף־גרייטע גרופּעס האָבן געפילט, איז געווען דער געוואַלטיקער מאַנגל אין הייס־געווער. אַף צוואַנציק מענטשן זײַנען געווען צוויי רעוואָלווערן און זעלטן אַ ביקס 1). די הויפּט־באַוואָפענונג איז באַשטאַנען פון קוואַסן, אַנגעגאָסענע אין פלעשער און אין אויסגעברענטע עלעקטרישע לעמפּלעך, פּראָדוצירט געהיים דורך די אַרבעטער פון דער פאַבריק אַף יוראָווצער 10, און אויך פון קאַלט געווער און העק. אָפן באַדן פונעם געווער־מאַנגל האָט זיך באַ אַ טייל קעמפער אַרײַנגעגאַנווועט דער סאָפעק, צי עס איז נישט צוועקלאָז דער ווידערשטאַנד. אָבער אַ צווייטער טייל איז — נישט געקוקט אַף אַלע מעניעס — געווען דעצידירט זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם סוינע פאַר יעדן פּרײַז 2). די עלטערע כאַוויירים האָבן געמונטערט די יינגערע, די דערפאַרענע האָבן געוועקט די אומפאַרטיייִשע. אַ וואָגיק ראָל האָט אין דעם אָנשטרענג אונטערצוהאַלטן דעם קאַמף־גײַסט באַ די כאַוויירים אָפּגעשפּילט דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער פּראָפאַריינישער טוער יאָסל ליכטענשטיין, דער אַמאָליקער פאָרזיצער פונעם לינקן סטאָליער־אַרבעטער־פאַריין אין וואַרשע, און זײַן פרוי פייגע. זייער דירע אַף רוזשאַנער 4 איז געווען אַ היים פאַר די מיטגלידער פון די שכיינעסדיקע קאַמף־גרופּעס, וועלכע פלעגן זיך דאָ זאַמלען יעדן אָוונט און זיך באַראַטן: וואָס ווײַטער? פייגע ליכטענשטיין האָט זיך פאַרנומען מיט דער אָפּראָוויזאַציע

---

1) ג"א פון ב. וואַסערשטיין.

2) ג"א פון י. לערמאַן.

פון די קעמפער, געקאַכט פאַר זיי און מעכאַבעד געווען איטלעכן כאַוור מיט אַ טעלער זופ. יאָסל ליכטענשטיין האָט אַקשאַנעסדיק גערופן די כאַווײרים מאַמשיעך צו זײַן דעם ווידערשטאַנד און זאָך אַנטקעגנשטעלן פאַר יעדן פרײַז 3).

צו קאַמף־אַרויסטריטן איז געקומען אין אַ ריי ערטער.

דעם שטאַרקסטן אָפּקלאַנג האָט געהאַט דער העלדישער אויפטו פון דער אַקטיוויסטן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע פרידע פעל. די דאָזיקע אייביק־שמייכלדיקע כאַווערטע האָט די ערשטע געשלײַדערט אַף טשעפּלע אין די דײַטשן אַ גראַנאַט. דער סוינע האָט טייקעף געעפנט אַ מערדערישן פײַער, און די העלדישע קעמפערין איז געפאַלן אַפן אָרט 4).

גראַנאַטן האָט די זעלבשוץ אין יענער צײַט קימאַט ווי נישט געהאַט. מוישע בוך, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ קאַמף־דרײַלינג אַף פאַב־ריק־גאַס, האָט געהאַט אין זיין רעשוס צוויי גראַנאַטן, און דאָס האָט געהייסן אַ גלענצנדיקע באַוואָפענונג. ער האָט געוואָרפן אין די דײַטשן איין גראַנאַט, וועלכער האָט אָבער נישט אויפגעריסן 5).

אָן הייס געוועהר, בלויז מיט שוועבל־זויער, האָט זיך פאַרביסן פאַר־טיידיקט דאָס ראַגאָווע הויז אַף כמיעלנע, ווו עס האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אַ גרופּע יופּנטלעכע בעראָש מיט ראָכל ראָזענשטיין, סאָ־רעלע ראָזענבלאַט און העלאַ מאַנעלאַ (אַ קעלצערן), אַלע פון דער אַנטי־פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. מיט אומגעוויינלעכער העלדישקייט האָט זיך אויסגעצייכנט ראָכל ראָזענשטיין, וועלכע האָט איר אייגן קינד געלאָזט אונטער דער השגאָכע פון שאָכנטעס און אַליין זיך די ערשטע געוואָרפן קעגן די אַרײַנדרינגנדיקע דײַטשן. יידישע מיידלעך האָבן באַגאָסן דעם סוינע מיט שוועבל־ זויער־שטאָף. די דײַטשן ריגלען אַרום דאָס הויז און פאָדערן אויף די פאַרטיידיקער, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. די קאַמף־גרופּע זאָגט זיך אָפּ צו קאַפּיטולירן. די דײַטשן האָבן איין ענטפער — זיי באַוואָרפן דאָס הויז מיט גראַנאַטן. אין אומגלײַכן קאַמף קומען אום די יידישע קעמפער. מיט העלדן־טויט פאַלן ראָכל ראָזענשטיין און העלאַ מאַנעלאַ. דאָס הויז ווערט אַרומגענומען מיט פלאַמען. די לעצטע פון

---

3) דאַרטן.
4) ג"א פון פּ. קאָזשעץ און כ. גראַסמאַן; זע אויך — ש. דאַטנער (אַרכ' יוּה"א).
5) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ און מ. בוך

דער גרופּע, סאָרעלע ראָזענבלאַט, שפּרינגט פון ברענענדיקן מויער און רייסט זיך אַדורך 6).

נישט ווייניקער העלדישקייט ווײַזט אַרויס אַן אַנדערע אַקטיוויסטקע פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, לילקע מאַלאַרעוויטש פון טיקטין, וועלכע קערעוועט מיט דער זעלבשוץ אַף דער קאָנפעקציע־פאַבריק פונעם יודענראַט, ווו עס רײַסן זיך אַרײַן די כאַפּונעס, זוכנדיק באַהאַלטענע ייִדן אָן אַרבעטס־צײַגענישן. זי קומט אום מיט כאַדאָשים שפּעטער בעיס דער צווייטער זעלבשוץ 7).

אַ ביטערן קאַבאָלעס פּאָנעם האָט מען געמאַכט די דײַטשן אַף קופּיעצקע 10. די דרײַ שוועסטער ריווקע, אַסנע און דוווירע קאָריאַנסקי באַנאַנד מיט זייערע נאָענטסטע, צוזאַמען אַ פאַמיליע פון זיבן מאַן נעמען אויף די אַרײַנדרינגענדיקע סאָנים מיט קאָכעדיק וואַסער. די דײַטשן ציִען זיך צוריק. זיי שלײַדערן אַרײַן אין דעם הויז גראַנאַטן. די העלדישע מישפּאָכע קומט אום אין אומגלײַכן פאַרמעסט 8).

אַף סמאָלנע־גאַס אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד דער שאָמער עליאָהו באָראַקס („עדעק"). זײַן גרופּע ציילט עטלעכע און צוואַנציק מעסירעס־נעפעשדיקע באָכערים און מיידלעך. די צוויי בונקערס, אין וועלכע זיי האָבן זיך באַפעסטיקט, ווערן אָבער אויסגעגעבן דורך אַ מאָסער. די שאָמרים פאַרטיידיקן זיך. ווי עס גיבן איבער קלאַנגען, זאָלן דאָ האָבן געפאַלן אַכט דײַטשן 9). עס קומען דאָ אום אין קאַמף ציליע שאַכנעס, עפראַיִם טריקאָווסקי, מוישע פײַערמאַן, כאַיקע ריבאַק. עליאָהו באָראַקס פאַרטיידיקט די פּאָזיציע מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט 10). אַ טייל פון די ווידערשטענדלער ווערט פאַרכאַפּט דורכן סוינע און אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע. עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז דער זעלבשוץ־קאָמאַנדיר באָראַקס איז אַוועק אין באַן מיט געווער אין די קעשענעס, אַז פאַר די טויערן פון טרעבלינקע האָט ער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און איז געפאַלן אין

6) דאָרטן.

7) ג"א פון ק. באַראַקין און ד. וואיסקאָווסקאַ.

8) ג"א פון פּ. קאָושעץ.

9) קאָרטשאַק, ז' קס.

10) גראָסמאַן, ז"ז 235 און 237.

קאַמף 11). זײַנע לעצטע ווערטער זאָלן זײַן: „שטאַרקט די פּאָזיציע, כאַוויירים, קאָנטינויִרט אײַער אַרבעט. איר וועט נאָך פֿון מיר הערן 12).

אַף סמאָלנע האָט אויך געקעמפּט אַ גרופּע פֿון צען קאָמוניסטן אין שפּיץ מיט עליע גאָלדבערג 13).

אַ צווייטע גרופּע שאָמרים האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אַף פֿאַבריטשנע־גאַס; אָנגעפֿירט מיטן ווידערשטאַנד האָט דאָ פֿראַנעק (פֿאַמיליע־נאָמען אומבאַקאַנט 14).

אַ ווידערשטאַנד זאָל אויך האָבן געשטעלט אַ גרופּע ייִדן אין דער שול אַף פּאָלנע, וווּ עס איז געווען אַ העקדעש פֿאַר פּלייטים פֿון די צעפּאָגראָמירטע קעהילעס אין די אַרומיקע שטעטלעך. אין אַ צווייטן אָרט זאָל דער אַמאָליקער פּאָרטיער פֿון כאָר־שול זיך האָבן געוואָרפֿן אַף די כאַפּונעס מיט אַ האַק 15).

צו אַ דרײַסטער דעמאָנסטראַציע אין אָנבליק פֿון טויט איז געקומען אין דער פֿאַבריק פֿון די פֿאַך־קורסן. די אַרבעטערן עדלמאַן האָט — ווען מען האָט זי אַרויסגעפֿירט צום גיירעש — געגומען זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל”. דער דײַטשער וועכטער האָט זי דערשאָסן באַם געטאָ־פֿאַרקאַן 16).

אָט גיט איבער אַן אייד רײַע, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די שטימונג און דער ווידערשטאַנד פֿון אַ סכראָן־גרופּע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפֿונען עטלעכע קעמפֿער:

„די באַנדיטן גייען אַרום אַף אונדזער הויף, זוכן ווי די שפּיר־הינט. זיי האָבן אונדז אָבער, נישט דערווישט. דער פֿרײַטיקדיקער טאָג איז אַריבער, זיי האָבן שוין דעם קאָנטיגענט פֿאַרכאַפּט און געמאַכט פֿײַעראָוונט.

---

11) ג"א פֿון א. ליאַד און כ. גראַסמאַן.

12) קאַרטשאַק, דאָרטן.

13) גראַסמאַן, ז' 235.

14) דאָרטן. ווי עס גיט איבער כ. גראַסמאַן אין איר בוך „אַנשי־המחתרת” אַף ז' 229, האָט זי באַקומען — זײַענדיק אַף דער „אַרישער” זײַט — אַ בריוועלע פֿון געטאָ מיטן ווײַטערדיקן אינהאַלט: „אונדזערע כאַוויירים האָבן געפּרוווט זיך פֿאַרטיידיקן, עס זײַנען געפֿאַלן: פֿראַנעק, יאַשקע, ייִסראָליק, ציוויע, רוזשקע, יענטל, סענדער, 19 מאַן”. אונטערגעשריבן: „עדעק”.

15) ג"א פֿון ז. קאָלעשניקאָוו.

16) קאַפּלאַן, „כורבן ביאַליסטאָק”

„די נאַכט פון פרײַטיק אױף שאַבעס, אַלץ איז אויף. די נאַכט דויערט אַן אייביקייט. מען דערלעבט טאָגן. אין געטאָ איז ווידער טומלדיק. די הינט האָבן זיך אָפּדאַסנײַ צעווילדעוועט. אָף אונדזער גאַס הערן זיך אַלץ מער פּעסטערע טריט. אַט זײַנען זיי אַנטקעגן באַ די שכנים, אַט זײַנען זיי באַ אונדז. אַ טויטע שטילקייט אַרום. אַ שאַרפער קאָל פון אַ זשאַנדאַרם רײַסט דורך די לופט: „וויר וואַרן שוין געסטערן היר". „נו, יאָ, — ענטפערט אים אַ ייִדישער פּאָליציאַנט, — היר אָבער וואַרן וויר ניכט". ווען אַ ייִדי, אַ טרײַער דינער פון היטלערן, זאָגט, איז עס קוידעש. די זשאַנדאַרמען האָבן אים געהאַרכט און די טרעפּ האָבן זיך געטרייסלט פון די שטיוול־טריט. אין דעם מאָמענט האָט יעדער איינער פון אונדזער גרופּע גענומען אין האַנט אַ פון פריִער צוגעגרייטע פלאַש מיט וויטריאָל, זויערס, העק, אײַזנס, גרייט צום ווידערשטאַנד. די באַנדיטן גייען דורך די וווינונגען פון אויבער־שטיבל, קוקן זיך אַרום און פאַלן אָף אַ פּאַר־דאַכט. די טיר אין בוידעם האָט געמאָסערט. און ווידער האָבן זיך „אויס־געצייכנט" די טרײַע יויצער מעשאַרסים מיט העק און לאָמען אין די הענט. אייניקע באַנדיטן דערנענטערן זיך צום טיר פון בוידעם, און פון אויבן הייבט אָן פליסן גיפּט. איין באַנדיט ווערט באַלוינט מיט אַ שמעק־„פּערפום" אָפּן געזיכט. די באַנדיטן ווערן נאָך מער צעקאָכט. „פּאַרפלוכ־טע יודען שלאָגן אונדזערע קאַמעראַדן, צום דאָנער וועטער נאָך איין מאָל!" די טרעפּ טרייסלען זיך שוין פון צענדליקער כאַיעשע טריט. מען הייבט אָן צו באַשיסן דעם בוידעם פון אַלע זײַטן. די קוילן רײַסן דורך דעם פּוס־באָדן פון בוידעם אַלץ מער, די מערדער ווילן אויפרײַסן די טיר, אָבער זיי מוזן זיך צוריקציִען. ייִדישע פּאָליציאַנטן ברענגען צו טראָגן אַ לייטער און ברעכן די טיר מיט העק און לאָמען. עס געלינגט זיי צו עפענען, אין דעם מאָמענט וואַרפט אַ כאַוער אַ האַק אַרונטער און טרעפט אַ זשאַנדאַרם אין קאָפּ. אַ געשריי, אַ פאַרשטאַרקטע שיסערײַ. אונדזער וואָפן גייט אויס. עס ווערט באַשלאָסן צווישן זיך בלײַבן אָפּן בוידעם. די באַנדיטן רופן אונדז, מען זאָל אַראָפּגיין. „ניין, מיר וועלן נישט אַרונטערגיין!" קלינגען שטימען. אַך! רופט זיך אָפּ איינער פון די צוגעקומענע. ברידער, לאָמיר אַראָפּגייך, וואָס ס'וועט זײַן, וועט זײַן. — דער בוידעם ווערט אַלץ געדיכטער באַשאָסן, מיר, אַלץ ענגער געדריקט. די באַנדיטן רײַסן סאָף־קאָל־סאָף אויף דעם בוידעם און פירן אונדז אַראָפּ. מען באַזוכט אונדז שטרענג און איינציקווײַז פירט מען

אונדז אַראָפּ אָפן הויף. מיר ווערן אויסגעשטעלט אין איין ריי לענגאויס דער וואַנט פון טויער. דער הויף איז באַלאַגערט דורך צענדליקער באַנ־דיטן מיט פאַרשיידענע געווער. איינער פון זיי ווענדט זיך צו אונדז, מיר זאָלן אַרויסגעבן די „פאַרברעכער", וואָס האָבן פאַרווונדעט זייערע קאַמעראַדן, ווען נישט, ווערן מיר אַלע דערשאָסן. אַ טויטע שטילקייט הערשט צווישן אונדז. די וואַנט ענטפערט, אַזוי ענטפערן מיר. די אַקציע הייבט זיך אָן: „ווער האָט עס געמאַכט?" — שרײַט אויס דער באַנדיטן־פירער צום ערשטן אין דער ריי. דער כ אַ װ ע ר כ אַ י ם, אַן על־טערער וועבער־אַרבעטער, פאַרבייסט מיט די ליפּן. עס פאַלט אַ שאָס. כאַים פאַלט טויט. די זעלבע פראַגע ווערט געווענדט צום צווייטן אין דער ריי — כ אַ װ ע ר ס ר אַ ל ק ע 17), אַוווילער איבערגעגעבענער יאַט, אַ לאָמער אַף אַ פוס, ער ווערט רויט, ענטפערט נישט קיין וואָרט. עס פאַלט אַ צווייטער שאָס. סראַלקע איז טויט. דער דריטער אין דער ריי, צופעליק דער ברודער פון דעם אומגעקומענעם. „ווער האָט עס גע־מאַכט?" רופט זיך אָפּ צו אים דער גענגסטער. דער יינגל קוקט זיך אַרום און ווײַזט אָן אַף דעם טויטן קערפּער פון סראַלקען: „דיזער האָט עס געמאַכט". אין דעם מאָמענט האָבן די באַנדיטן אויפגעהערט צו שיסן. באַזוכן אונדז נאָך איין מאָל. „הענדע האָך!" און מען פירט אונדז לענג־אויס דעם געטאָ־קוואַרטאַל צום זאַמל־פּונקט. דאָרט שטייען שוין אונטער שטרענגער וואַך אַ פּאָר טויזנט יידן פאַרמישפּעטע צום טויט. די איין־און איינציקע גרופּע פאַרברעכער זײַנען מיר 18).

אין דער גרופּע איז אויך אומגעקומען דער אַקטיווער קעמפער ליאָלעק מינץ 19).

דער ווידערקאָל פון דער זעלבשוץ איז אַרײַנגעדרונגען אין די רייען פון די דערשלאָגענע, צעטומלטע און פאַרצווייפלטע יידן אָפן גיירעש־פּלאַץ באַ דער באַן־סטאַנציע. אין מיטן דעם ייִעש און דעם געדראַנג איז אַרויפגעקראָכן אָפן דאַך פון וואַגאָן דער קאָמוניסט אַבראַשע פייגעלמאַן („קאַליאַ") און, האַלטנדיק זײַן צוויי־יאָריק קינד אַף די הענט, האָט ער גענומען וואָרפן לאָזונגען: „אין סטאַלינגראַד האָבן די דײַטשן פאַר־

---

17) וואַרשיינלעך — סראַלקע שטערנפעלד (לויט ר. וואיסקאַווסקאַס אינפאָר־מאַציע).

18) אַ. גערשוני: „דער ווידערשטאַנד אין געטאָ", אַרכ' י.ה"א, נ' 1253.

19) ג"א פון י. ריווקינד, אויך — גראַסמאַן, ז' 236.

שפּילט!" און ווענדנדיק זיך צו די פּוילישע באַן־אַרבעטער האָט ער אויסגערופֿן: „מיר קומען אום, אָבער אויך אײַער לעבן איז נישט זיכער! גייט אַרויס אין קאַמף! די רויטע אַרמיי גייט פֿאָרויס!" אונטן איז געשטאַנען זײַן פֿרוי און האָט אונטערגעכאַפּט זײַנע לאָזונגען. אַ ביקסן־שאָס האָט אַ סאָף געמאַכט צו פֿייגעלמאַנס לעבן 20).

אין צוזאַמענשטויסן מיט די דײַטשן זײַנען העלדיש אומגעקומען די זעלבשוץ־מיטגלידער: שאָלעם פּראָפּאָרץ אָף טשעפּלע, סטעללאַ פֿײַערשטיין (זי האָט זיך אין פֿאַרמילכאָמעדיקן פּוילן קוינע שעם געווען ווי אַ מיטבאַשולדיקטע אינעם פּאָליטישן פּראָצעס פֿון די קאָמוניסטישע געריכטס־באַאַמטע אין וואַרשע), מייער ווײַס, כאַים גלאָז, לעוויגסקאַ (דער נאָמען איז נישט באַקאַנט); אַן אומבאַקאַנטע 60־יעריקע פֿרוי מיטן נאָמען באַשע האָט באַגאָסן די דײַטשן מיט וויטריאָל 21). נאָך אַנדערע אומבאַקאַנטע העלדן איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען יעדער שפּור אינעם געדעכעניש פֿון די לעבנגעבליבענע. בלויז אין איין טאָג פֿון זעלבשוץ זײַנען אין צוזאַמענשטויסן געפֿאַלן 28 ייִדן 22). מען האָט געשמועסט אין די ווידערשטאַנד־קרײַזן, אַז דער סוינע האָט פֿאַרלאָרן צען סאָלדאַטן און אָפֿיצירן; לויט דעם באַריכט פֿון דעם לאַנד־דעלעגאַט פֿון דער פּויליש־עמיגראַנטישער רעגירונג אין לאָנדאָן האָבן די דײַטשע פֿאַרלוסטן באַטראָפֿן 13 דערהאַרגעטע און דרײַ פֿאַרווונדעטע. לויט דעם אינערלעכן ביולעטין פֿון „ז.וו.ז." האָבן די דײַטשן געהאַט גרויסע פֿאַרלוסטן 23). אָפּן דײַטשן צמענטאַר אין זוויעזשיניעץ האָט אַ דײַטשע אָפּטיילונג פֿײַערלעך באַגלייט די טרומנעס פֿון אַכט שלאַכט־קאַמעראַדן, וועלכע זײַנען געפֿאַלן פֿון ייִדישע הענט 24).

די באַוועגונג גופֿא איז געווען ברייטער ווי די רעאַליזירטע קאַמף־אַרויסטריטן. צוליב פֿאַרשיידענע סיבעס און אומשטענדן איז נישט אומעטום, וווּ זעלבשוץ־גרופּן זײַנען געשטאַנען גרייט, זיי באַשערט געווען זיך אָנצוטרעפֿן פּאָנעם אַל פּאָנעם מיטן סוינע. עס איז געשטאַנען גרייט אַ

20) ג"א פֿון מ. בור, ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
21) דאָרטן; דער מאַן פֿון סטעללאַ פֿײַערשטיין — שימען פֿײַערשטיין האָט אויך אַנטייל גענומען אין די קאַמפֿן און איז אַרוים גאַנץ (ג"א פֿון ק באַראַקין).
22) ג"א פֿון כ. גראַסמאַן.
23) געהיימער מיליטערישער אַרכיוו 5/43, ז' 19.
24) „אינפֿאָרמאַציאַ ביעזשאַנצאַ" נ' 8 (81) פֿון 29טן פֿעברואַר 1943 — אַרכ' פֿון אינסטיטוט פֿון נײַסטער געשיכטע.

זעלבשוץ־גרופּע אין דער גאַלאַנטעריע־פאַבריק; אין אירע רייען האָט די גרופּע געציילט פּאָשעטע פּאָלקס־מענטשן, פון צווישן וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן מעסירעס נעפּעש דער פורמאַן יאַנקעלע 25).
צוויי זעלבשוץ־גרופּעס זײַנען געווען גרייט אַף נײַ־וועלט — איינע אַ קאָמוניסטישע, די צווייטע פון שאָמרים און אומפּאַרטייִשע אַנטיפאַ־שיסטן, די ערשטע גרופּע האָט געדאַרפט שיצן אַ הויז מיט פרויען און קינדער און האָט צוגעגרייט קליי־זאַין, וואָס איז באַשטאַנען פון אײַזנס, ציגל, וויטריאָל 26). די צווייטע גרופּע איז געווען באַוואָפנט מיט שוועבל־זויער־שטאָף־פלעשער און האָט פאַרבאַריקאַדירט דעם אַרײַנגאַנג פון בונקער מיט מעבל 27). אָבער צו קיין ברייטע אַרויסטריטן איז נישט געקומען מאַכמעס דער נישט־קאָאָרדינירטקייט פון דער קעגן־אַקציע 28).

דער ווידערשטאַנד איז געקומען צום אויסדרוק נישט בלויז אין געטאָ גופע. ער האָט זיך אויסגעשפּרייט מיכוץ זײַן טכום און איז אויסגע־בראָכן אין פאַרשיידענע אָרטן, ווי געזאָגט, אַפילע אין באַן. די ייִדישע יוגנט האָט זיך נישט מעיאַעש געווען פון אַנטלויפן אויך אין די געדיכט־געפּאַקטע וואַגאָנען, וואָס האָבן געפירט צום טויט. עס האָט זיך אָנגע־הויבן די דערשיינונג פון שפּרינגען פון באַן אין מיטן לויפן פון צוג, האָגאַם דאָס איז געווען ס׳ראָוו אַ שפּרונג דעם טויט אין די אָרעמס אַרײַן וואָרעם די היטערס מיט אויסגעשטרעקטע אויטאָמאַטן האָבן געוואַכט אַף די וואַגאָן־דעכער. אַזוי האָט זיך, אַ שטייגער, טראַגיש געענדיקט דער שפּרונג פון דער טעקסטיל־אַרבעטערן, דער אַרבעטער־טוערן עטל מיק־לעווסקאַ, וועלכע האָט זיך געפּרוווט ראַטעווען אינאיינעם מיטן צוויי־יאָ־ריקן זינדל פונעם טויט־וואַגאָן און איז צוזאַמען מיט אים דערשאָסן גע־וואָרן דורך די ראָצכים, וואָס האָבן געלויערט פון אויבן. עטלס מאַן, דער געוועזענער בערעזע־פאַרשיקטער יאַנקל סעגאַל, איז אומגעקומען פריִער, טכילעס מילכאָמע, היגטער וואָלקאָוויסק 29).

דער גייסט באַ די ווידערשטענדלער, וועלכע זײַנען געפירט געוואָרן מיטן טויט־צוג, איז אָפּט געווען נישט קיין געבראָכענער. זיי האָבן ס׳ראָוו

25) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
26) ג״א פון י. לערמאַן.
27) ג״א פון אַ ליאָך.
28) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ, מ. בוך, ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
29) דאָרטן.

געטראַכט נישט וועגן זיך, נאָר וועגן דער הייליקער זאַך, וועגן דעם קאַמף. צווישן אַ גרופּע שאָמרים, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין צוג, האָט זיך אַנט־וויקלט אַזאַ דיסקוסיע: ווער זאָל שפּרינגען פריער, די מיידלעך, צי די באַכערים? די ערשטע האָבן געטענהט: ראַטעווען דאַרפן זיך פריער די באַכערים, ווייל זיי וועלן מער צונוץ־קומען אינעם ווייטערדיקן קאַמף אין געטאָ. די באַכערים ווידער האָבן געהאַלטן: פריער דאַרפן שפּרינגען די מיידלעך, ווייל זיי נייטיקן זיך גיכער אין הילף 30).

עטלעכע פון אָט דער גרופּע האָבן זיך טאַקע געראַטעוועט, שפּרינ־גענדיק פון צוג, און זיינען צוריק געקומען אין געטאָ מאַמשיך צו זיין דעם ווידערשטאַנד — יענטל סיוואָוויטש און אַנדערע 31).

אַ וויכטיקע ראָל האָבן געשפּילט בעיס די טראַגיש־העראָישע טעג פון 5־12טן פעברואַר די יעניקע כאַווירים, וואָס האָבן אַף זיך גענומען די שליכעס צו ברענגען געווער אין געטאָ אַריין. דער דרייסטער יוגנט־לעכער טאַנכום (טאַליע) פּאַגאַרעלסקי מיט נאָך צוויי כאַווירים דערפילן די שליכעס און פירן אין געטאָ אַריין געווער. די מעסירעס־נעפעשדיקע וואָפן־פאַרזאָרגער האָבן אָבער באַם געטאָ־אַריינגאַנג אַנגעטראָפן אַף דיי־טשן. פּאַגאַרעלסקין איז געלונגען זיך צו ראַטעווען 32).

די דייטשן האָבן אַרויסגעלאָזט באַקאַנטמאַכונגען מיט אַ צוזאָג צו באַלוינען מיט 5.000 מאַרק דעם, וואָס וועט אָנווייזן ווי פּאַגאַרעלסקי, געבוירן אין יאָר 1923, געפינט זיך. דער פּרייז פאַר פּאַגאַרעלסקיס קאָפּ איז דערנאָך געהעכערט געוואָרן אויף 10 טויזנט 33). מען האָט צע־שיקט נאָך פּאַגאַרעלסקין שטעק־בריוו. דער העלדישער יאָט איז שוין אָבער געווען אין וואַלד 34).

מיט אַ צווייטן אָפּצווייג פון הילף האָט זיך פאַרנומען די 22יעריקע אַנטיפאַשיסטישע אַקטיווויסטן כאַנע לעווין. זי האָט זיך אינעם קריסט־לעכן ווין־ראַיאָן פון ביאַליסטאָק געווידמעט דער וויכטיקער אַרבעט פון פאַבריצירן פאַלשע „אַרישע" דאָקומענטן. זי האָט דעראָבערט שטעמפּלען פון דרוזקעניקער שטאָט־פאַרוואַלטונג און פּראָדוצירט פּעסער און שיי־

30) טענענבוים, נאָטיץ פון 19טן פעברואַר 1943
31) ג"א פון א. ליאַר.
32) ג"א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ.
33) מעלדונג פון י"ר פון 14טן פעברואַר 1942, ז' 338.
34) ג"א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ.

נען. כאַנקע לעווין האָט געאַרבעט אַלס „אַריערן” ווי אַ רוימערן אין דייַטשן אַרבעטס־אַמט און אייַנצייַטיק אויסגעפירט וויכטיקע שליכעסן פון דער ייִדישער אונטערערדישער באַוועגונג. אין דער צייַט פון דער ערשטער זעלבשוץ איז זי אַרייַנגעפאַלן אין דער נעץ פונעם סוינע. לאַנג האָט מען כאַנען געפּייַניקט אין דער געשטאַפּאָ מיט קאָלערליי אינואים: די פּייַניקער האָבן פאַרלאַנגט, זי זאָל אַרויסגעבן אירע שוטפים און פאַרבינדונגען. דאָס מיידל האָט פאַרביסן געשוויגן. די געשטאַפּאָ־לייַט האָבן געפּרוווט אַן אַנדער מיטל, זיי האָבן אונטערגעוואָרפן כאַנקען אַ פאַלשן בריוול קלוימערשט פון איר מוטער, די לערערן שיינע לעווין־פאָט; אין בריוול בעט די מאַמע, די טאָכטער זאָל זיך מודע זייַן. כאַנקע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע; זי האָט געוווסט: די מוטער איז אויך טעטיק אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און פירט אויס אַכראַיעספולע אַרבעט, זי איז איינע פון די פאַרבינדלערנס מיט סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, און די דייַטשן האָבן וועגן דעם קיין אַנונג נישט געהאַט. כאַנקע האָט וויַיטער געשוויגן.

אַ פאַרפּייַניקטע האָט מען כאַנקען געפירט צום טויט. מענטשן, וועלכע האָבן דורך די קאַמער־קראַטעס אַרויסגעקוקט אַפן טפיסע־הויף, האָבן שפּעטער דערציילט, אַז דאָס העלדישע מיידל איז צום טויט געגאַנגען מיט אומעגווייַנלעכער ווירדע, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. זי האָט אָפּגעשטויסן פון זיך די וועכטער. דער לעצטער האָט איר דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ. מיט די לעצטע קויכעס האָט דאָס ייִדישע מיידל אויסגערופן צו די טאַליאַנים, אַז אַלע אַרעסטאַנטן זאָלן הערן:

— ס׳איז גאָרנישט. אייַער טויט וועט אויך קומען! איך האָס אייַך! 35).

אין יענער צייַט זייַנען געווען אַף דער „אַרישער” זייַט עטלעכע ענלעכע דורכפאַלן. כוץ כאַנקע לעווין זייַנען אַרייַנגעפאַלן די פאַרבינדלערנס סאָרע דעוועלטאָוו, כאַנע יעזשעווסקא און נאָך זיבן יונגע כאַוויירים פון גראָדנע, וועלכע זייַנען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק אַף קאָנספּיראַטיווע אַדרעסן, וועלכע זייַנען שוין געווען „פאַרשיט” 36).

35) נ״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד; אויך — גראָסמאַן ז׳ 246; לויט כ. גראָסמאַן האָט די ווערטער: „איך האָב אייַך” אַרויסגעזאָגט אַ צווייטע נעכאָפּטע פאַרבינדלערן — כאַנע יעזשעווסקא, דאָרטן.

36) גראָסמאַן, דאָרטן.

דער שלום־אקאָרד פון דער פעברואַר־אַקציע האָט זיך אָבער נישט פאַרענדיקט מיט די אַכזאָריעסדיקע רעפּרעסיעס פון די דײַטשן. דאָס לעצטע וואָרט האָט געהאַט די פאַרביטערטע מאַסע פון געטאָ. נאָך איי־דער די פאַרטיליקונג־אַקציע איז אָפיציעל איבערגעריסן געוואָרן, אין דער נאַכט פון 11טן אָפן 12טן פעברואַר, האָט זיך די ייִדישע מאַסע נויקעם געווען אין די מאַסרים, וועלכע האָבן אויסגעגעבן סכראָנעס, און זיי אויסגעמאָסטן דעם פולן מידאס־האַדין. דאָס איז געווען אַ נאַכט פון פאָלקס־גערעכטיקייט, וועלכע די מאַסע האָט זיך אַליין גענומען און מיט די אייגענע הענט באַלד אָפן אָרט אויסגעפירט. בעראָש פון דער מידאס־האַדין־אַקציע זײַנען געשטאַנען כאַוויירים פון זעלבשוץ. די מאַ־סע האָט געכאַפּט די מאַסרים און זיי דערהאַרגעט אין גאַס. מען האָט אַזוי אַרום מעקײַעם פּסאַק געווען די מאַסרים וואָס האָבן אויסגעגעבן די אייגענע ברידער: בערל יעלין, דעם ביטע־שרײַבער פון פאַבריק־גאַס 6, דעם שנײַדער שעוואַך, דעם שנײַדער פּיעניאַנזשעק37), דעם א״ג זאַב־לודאָווער מאַסער 38), דעם א״ג אינטעליגענטן פורמאַן 39) און אַנדערע. מען האָט אויך מעקײַעם־פּסאַק געווען די אונטערוועלט־מענטשן, די גאַ־נאָווים, וועלכע האָבן זיך ווי די שאַקאַלן געוואָרפן — נאָכן אַרויספירן די קאָרבאָנעס — אָף די פאַריאָסעמטע דירעס און זיי צעפּלינדערט. בע־ראָש פון דער נעקאָמע־נעמענדיקער מאַסע זײַנען געשטאַנען די זעלבשוץ־אַקטיוויסטן: אַוורעמל זילבערשטיין, וועלכער האָט אַליין אומגעבראַכט מיט אַ מעסער דאָס מיידל וואָס האָט אַרויסגעגעבן זײַן מישפּאָכע 40), און — מוישע בוך אויף אַגראַדאָווע 5, וועלכער האָט זיך נויקעם געווען אין דעם זאַבלודאָווער מאַסער, וואָס האָט אויסגעגעבן דעם בונקער פון זײַן פרוי און קינד 41) — זיי זײַנען דערשאָסן געוואָרן אָפן הויף; מ. בוכס פרוי אַסיאַש האָט זיך אַקעגנגעשטעלט, זיך געוועדט און נישט געוואָלט גיין 42). עס איז אין יענער נאַכט פון באַרעכטיקטן פאָלקס־צאָרן קימאַט נישט געווען קיין גאַס, ווו די מאַסע זאָל נישט אָפּרוימען אַ מאַסער. שטאַרק אַקטיוו זײַנען אין דעם דאָזיקן גערעכטיקייט־אויס־

37) ג״א פון י. לערמאַן און ק. באַראַקין.
38) ג״א פון מ. בוך.
39) ג״א פון א. אַסאַוויצקי.
40) ג״א פון י. לערמאַן.
41) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
42) דאָרטן.

ברוך פון פאַלק געווען די פורמאַנעס, וועלכע האָבן צוגעענדיקט די מענוואַלים, וואָס האָבן נאָך געלעבט און איבערגעפאָרן זייערע קערפּערס מיט וועגענער 43).

די בעקאָמע־באַוועגונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווי נאָר מ׳האָט אָנגעוויזן אַף אַ מאַסער, איז באַלד אַרויס די גאַנצע גאַס און אים קימאַט געלינטשט. די גופים פון די פאָלקס־פאַררעטער האָבן זיך געוואַלגערט אַזוי ווי שטשאַפּעס האָלץ אַפן ברוק — אַף טשעפּלע, פאַבריק־גאַס, פּאַלנע, אָגראָדאָווע און אַנדערע ערטער 44). אַף דער פּאָליציי איז אָנגעפאַלן אַ שרעקלעכער פּאַכעד. אויך די דאָזיקע אויסוואורפן האָט מען נישט געשוינט. דער פּאָליציאַנט בערל זבאר, וועלכער האָט אָנגעוויזן אַף אַ סאַך יידישע באַהאַלט־ערטער, איז אומגעקומען ווי אַ הונט 45).

אַ ריי צעמיימעסטע מאָסרים האָט מען געבראַכט אין יידישן שפּיטאָל אַרײַן. אָבער דאָ זײַנען זיי אויפגענומען געוואָרן מיט עקל און סינע אַזוי ווי זיי האָבן פאַרדינט. אַזוי האָבן די דאָקטוירים נישט געוואָלט היילן דעם טויט־פאַרוווּנדעטן מאָסער בערל יעלין, און די קראַנקן־שוועסטער האָבן זיך נישט געוואָלט צורירן צו דעם ניוווּע. ווען ער איז אַרויסגעקראָכן פון די מאַקעס און האָט זיך ווידער באַוויזן אין גאַס, האָט מען אים געלינטשט צום צווייטן מאָל ; אויך איצט האָבן די קראַנקןשוועסטער ניט געוואָלט היילן. ער איז געשטאָרבן פון די ווונדן 46). די זעלביקע באַציִונג איז אין שפּיטאָל אַרויסגעוויזן געוואָרן צו אַלע ענלעכע מענוואַלים. די קראַנקע, דערוויסנדיק זיך, וועמען מען לייגט אַוועק אין צימער, האָבן פּראָטעסטירט און ניט געוואָלט אַזא נעפעש האָבן פאַר אַ שכן. דער אויפברויז פון פאָלק קעגן די פאַררעטער איז געווען זייער גרויס 47).

אויפצומאָרגנס האָט די כעוורע קאַדישע צונויפגענומען די דערהאַרגעטע מאָסרים און זיי באַגראָבן צוזאַמען אַפן זשאַביער בייסוילעם באַם פּלויט — קוורעס פּאַמויר 48).

---

43) ג״א פון ס. ציטראָן און מ. בוך.
44) דאָרטן.
45) ג״א פון פּ. ליפּינסקאַ.
46) ג״א פון ט. ציטראָן און פּ. קאָזשעץ.
47) ג״א פון א. אָסאָוויצקי.
48) ג״א פון ט. ציטראָן.

נישט אין אַלע מאַסרים האָט מען באַוויזן זיך נויקעם צו זײַן 49).

דער יודענראַט ציטערנדיק פאַר זײַן אייגענער הויט, האָט אַף אַ גאַנץ כיטרען אויפן געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער פילט מיט דער דאָזי־קער מידעס־האַדין־אַקציע פון פאָלק. דעם 19טן פעברואַר זײַנען די געּ־טאָ־מויערן באַקלעפּט געוואָרן מיט באַקאַנטמאַכונגען אונטערן טיטל „צום שאַנד־סלופּ" אונטערגעשריבענע דורכן יודענראַט. דאָס איז געּ־ווען די „רעשימע נומער איינס" פון 35 פּערזאָן, וועלכע „האָבן אין די טרויעריקע טעג באַראַבעוועט די ווּוינונגען פון די עוואַקויִרטע". מיט קיין איין וואָרט ווערט אין דער באַקאַנטמאַכונג נישט דערמאָנט, אַז דאָס זײַנען געווען מאַסרים, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן בונקערס, און די גייִ־רעש־־פּאַרמישפּעטע ווערן דעליקאַט אָנגערופן בעלאַשן „עוואַקויִרטע". דערבײַ איז דער יודענראַט באַגאַנגען אַ פּראָוואָקאַציע לעגאַבע דער ווי־דערשטאַנד־באַוועגונג. אַף דער שאַנד־סלופּ־רעשימע האָט מען אויך אַרויפגעצויגן עטלעכע זעלבשוץ־מיטגלידער 50).

דער מאַנעוור פונעם יודענראַט האָט אָבער קנאַפּ וואָס נויסע כיין געווען באַ דער פּאַרביטערטער מאַסע. קעדיי צו באַרויִקן די געמיטער און מיטן ציל אויסצומײַדן ווײַטערדיקע אומרוען און אַליינגעריכטן פון פאָלק איבער פאַררעטער, האָט די דײַטשע מאַכט אויפגעהאָנגען דרײַ באַ־שולדיקטע אין ראַבירן די הײַזער פון די אַרויסגעפירטע פאַמיליעס. דער יודענראַט האָט אין אַ ספּעציעלער מעלדונג איבערגעגעבן די נעמען פון די דרײַ: מייער טשאַפּניק פון קופּיעצקע 21, מאָרדכע בירגער פון נײַ־וועלט 16 און כאַים שטיין פון נײַ־וועלט 16. לויט דער מיינונג פון אַ ריי לעבנסגעבליבענע איידעס זײַנען דאָס געווען אומשולדיקע מענ־טשן, בעיס די בעעמעס שולדיקע ייִדישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן גע־גאַזלט און ראַבירט, האָט מען געשוינט 51).

די טלִיע איז אויפגעשטעלט געוואָרן באַם טײַכל ביאַלקע אַקעגן דעם ביניען פונעם יודענראַט.

---

49) „דערקלערונג פון י. מייזעל וועגן דער אויפפירונג פון רוטא קנישיסקא בעיים דער ערשטער אַקציע אין ביאַליסטאָקער געטא", אַרכ' יִיה"א, נ' 2049.

50) נ"א פון מ בוך און י. ריוּוקינד.

51) טענענבוים, נאָטיץ פון 12טן פעברואַר 1943.

אָבער אויך דאָס האָט שוין ווייניק געהאָלפן. די רעפּוטאַציע פונעם יודענראַט איז געווען אַרונטערגעריסן. די מאַסע האָט שוין נישט בלויז פאַרלוירן יעטוועדע אילוזיע לעגאַבע דעם דײַטש, נאָר אויפגעהערט זיך צוצוהערן צו דעם, וואָס עס זאָגן די באַלעבאַטים 52).

52) ג"א פון מ. בוך און י. ריווקינד.

## קאַפּיטל זעקס

# כעשבן־האַנעפּעש

„...און מאָנטיק אינדערפרי האָבן מיר זיך ווידער אומגעקערט צום „נאָרמאַלן" לעבן, צו דער קעסיידערדיקער צאַפּלעניש אין פּויסט פון רעציייעך, אין שטענדיקן אומאויפהערלעכן פּאַכעד פאַרן נאָענטן טויט, וואָס שטייט אונדז פאַר די אויגן.

„עס שליידערן זיך אונדזערע נעשאָמעס ווי אין קאַפּאַקאַלע, אין דער פּײַנלעכער פראַגע: אַף ווי לאַנג האָבן מיר איצט באַקומען אַ פּראָלאָנגאַציע — אַף טעג, צי אַף וואָכן. אָפּטימיסטן גלייבן, אַז מען וועט אונדז נאָך לאָזן לעבן אַ כוידעש, און פּעסימיסטן וואַרפן דאָס אָפּ.

מענטשן גייען אַרום ווי שאָטנס, פיזיש און גײַסטיק געבראָכענע, מיט אַן אויסגעלאָשענער האָפענונג אין די בליקן, מיט אויטאָמאַטישע באַוועגונגען פון אינערציע ווי לונאַטיקער.

„און אונדזער לײַכטגלייביקע און אויפציטערנדיקע אַנטענע נעמט שוין אויף פרישע קלאַנגען וועגן ווײַטערדיקע רײַבונגען אין וואַרשע, ווילנע און לאָדזש".

אַזוי האָט כאַראַקטעריזירט פייסעך קאַפּלאַן אין זײַן כראָניק „כורבן ביאַליסטאָק" דעם געבראָכענעם געמיט פונעם ראָוו פון די לעבנגעבליבענע נאָכן גרויסן בראָך פון כוידעש פעברואַר. באַ אַ טייל מענטשן האָבן די געשעענישן אַרויסגערופן אַ שטימונג פון ייִעש, באַ אַנדערע רײַסן זיך אַרויס פון מויל און פון אונטער דער פּען ווערטער פון פאַרביטערונג, פאַרביטערונג נישט בלויז אַפּן אַדרעס פון יודענראַט, נאָר אויך אַפּן כעשבן פון די, מיט וועלכע מען האָט פאַרבונדן האָפענונגען פון ווידערשטאַנד און זעלבשוץ. זיצנדיק אין אַן אונטערערדישער מלינע און

צוקוקנדיק זיך מיט ברויזנדיקע, אָבער אָנמעכטיקע געפילן צו דער שאַנד, וואָס האָט געהוליעט אין דרויסן, האָט אַן אומבאַקאַנטער ייִד אויסגעגאָסן זײַן פאַרביטערטע נעשאָמע אָף פּאַפּיר און אונדז איבערגעלאָזט אַ דאָקומענט, וואָס איז אַ שפּיגל פון דער שטימונג באַ אַ טייל געטאָ־אַסורים אין לויף פון דער אויסראָט־אַקציע. אין דעם דאָקומענט שרײַבט דער ייִד צווישן אַנדערן אַט וואָס:

„דערדריקט, דערשראָקן, אויפגערעגט נורעט זיך אײַן יעדער אין זײַן ווינקל, יעדער באַ זײַן נאָענטן שאָכן און קלאַמערט זיך מיט זײַנע געדאַנקען... באַ אַלעמען וואַקסט אויס די גרויסע מוירעדיקע פראַגע: ווו זײַנען אונדזערע יאַטן? פאַרוואָס שלאָפן זיי? אָף וועמען און אָף וואָס וואַרטן זיי? ווו איז דאָס דער גרויסער דונער, וועלכער האָט געדאַרפט מאַכן אויפציטערן דאָס גאַנצע געטאָ און צעברעכן דאָס ביסל מערדער? און אַ ייִעש, אַ ייִעש אויסגעמישט מיט פאַרביטערונג. און כאַרפּע האָט זיך צעגאָסן ווי אַ לאַווע איבער דעם געטאָ... ווי שעמען זיי זיך נישט פאַר די עמעסע העלדן אַפן מיזרעך־פראָנט?

„נאָך אַ לאַנגן שווײַגן, נאָך אַ שאַרפן קריץ מיט די ציין, נאָך אַ לאַנגער ריי פון שווערע מאַכשאָוועס שוועבט דאָך אויף דער געדאַנק, אַז... עפּשער, עפּשער זײַנען זיי דאָך גערעכט! עפּשער ווייסן זיי דאָך, וואָס זיי טוען? עפּשער דאַרף מען אָפּוואַרטן? עפּשער וועלן זיי באַווײַזן זייערס? עפּשער?" 1).

די דאָזיקע ווערטער זײַנען וואַרשיינלעך אָנגעשריבן געוואָרן באַלד דעם ערשטן טאָג, נאָך ערעוו דעם גוורע־אַקט פון ייִצכאָק מאַלמעד, וואָרעם עס איז נישט מעגלעך, אַז מאַלמעדס אויפטו, וואָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע געטאָ, זאָל נישט ווערן באַמעדקט דורך דעם מעכאַבער פון די ציטירטע שורעס, ביפראַט אַז דער פאַרפאַסער זייערער אַנטפּלעקט זיך ווי אַ מענטש וואָס לעכצט צו ווידערשטאַנד און דריקט אויס זײַן אַנטציקונג פאַר דער רויטער אַרמיי, וועלכע קעמפט אַפן מיזרעך־פראָנט. אין די ווײַטערדיקע טעג פון דער פאַרטיליקונג־אַקציע זײַנען די נעקאָמע־באַגערן פון דעם אַנאָנימען מעכאַבער טיילווײַז באַפריי־

1) דאָס דאָזיקע שרײַבן איז אויסגעגראָבן געוואָרן אינאיינעם מיטן גאַנצן אַרכיוו פון געטאָ; אַפן פּאַפּיר איז אָנגעשריבן מיט אַ צווייטן קסאַוו־יאַד דער נאָמען „דאַוויד" (אַרכ' ייִה"א, נ' 42/46).

דיקט געוואָרן. עס איז געקומען צו אַ ריי זעלבשוץ־אַקטן, וועגן וועלכע מען האָט ברייט גערעדט אין געטאָ. אַזוי איז לעמאַשל, דער גראַנאַט, וואָס עס האָט געוואָרפן די קאָמוניסטקע פרידע פעל, געוואָרן אין געוויסע קרייזן אַ שעם דאָווער פונקט ווי מאָלמעדס ערשטער ווידערשטאַנד־אַרויסטריט 2).

דער אַנאָנימער מעכאַבער, וועלכער דריקט אויס זיין פאַרביטערונג לעגאַבע דער אונטערערדישער באַוועגונג, איז נישט געווען דער אייגציקער, וואָס האָט געכאַלעמט וועגן ווידערשטאַנד און נעקאָמע. און נישט בלויז אין די פּאַרקאָנספּירירטע מלינעס איז אָט דער טרוים געוועבט געוואָרן. אויך צווישן די שוצלאָזע יידן, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אונטער אַן אַפּשפּאַטנדיקן קאָנוואַי צו די טויט־צוגן, האָט געגורטעוועט אַ שטימונג פון נעקאָמע־לעכצונג. אַף די מויערן פון די גאַסן, דורך וועלכע עס האָט געפירט דער וועג צום טויט, זיינען מיט פלעקיקע, רויטע, בלוטיקע אויסיעס געווען אויפגעשריבן לאָזונגען וואָס האָבן געוועקט און געמאָנט: „מיטן אייגענעם בלוט פון צעקלאַפּטן פּאָנעם שרייב איך — דאָ האָט מען פאַרפייניקט טויזנטער יידן, נעקאָמע! נעקאָמע! 3).

לאַנג נאָך די דאָזיקע בלוטיקע געשעענישן האָבן פון די ווענט אַראָפּגעשריען די דאָזיקע רופן און נישט געלאָזט רוען די לעבנגעבליבענע געטאָ־איינוווינער. אַסאַך יידן קאָרבאָנעס פון ערשטן ליקווידאַציע־גיירעש האָבן איבערגעלאָזט, אין אַנגעזיכט פון טויט, צאַוואָעס. אַפּט אין דער פאָרעם פון לעצטע געזעגענונגס־בריוו צו די נאָענטסטע און טייערסטע.

אַזאַ בריוו האָט איבערגעלאָזט פאַר איר מאַן, וואָס האָט זיך געפונען אין טיף ראַטנפאַרבאַנד, די פרוי זלאַטע גליקסמאַן־בריש, געוועזענע קולטור־טוערן פון לאָדזש און סעקרעטאַרן פון דער דאָרטיקער איוואָ־אָפּטיילונג און פון דער עספּעראַנטיסטן־געזעלשאַפט; זי איז אין יאָר 1939 פון אָקופּירטן לאָדזש אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק.

זלאַטע גליקסמאַן־בריש האָט אַף אַ טראַגישן אויפן פּראָטעסטירט קעגן דער אויסראָט־אַקציע. איר איינציקער זון, יאָסל (יאָשעק) איז צוגענומען געוואָרן דורך די עס־עס־לייט. ער איז געווען איינער פון די

2) ג״א פון ל. טשאַפּניק און ש. רוד
3) ג״א פון י. ריווקינד.

קאָרבאָנעס פון דײַטשן טעראָר, וואָס איז געקומען ווי אַן ענטפער אַף דער ייִדישער ווידערשטאַנד־אַקציע. די מוטער האָט ווי אַ פּראָטעסט זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז. וועגן דעם האָט מען זיך גלײַך דערוווּסט אין געשטאַפּאָ. עס איז באַ די דײַטשן געבוירן געוואָרן אַ כשאַד, און מען האָט די פרוי, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ האָפענונגסלאָזן צושטאַנד, גענומען אין שפּיטאָל אַף היילונג מיטן ציל אַרויסצופּרעסן דערנאָך פון איר יעדיעס. די ייִדישע קולטור־טוערן האָבן זיך אָבער נישט אונטער־געגעבן. זי האָט זיך נאָכאַמאָל צוגעגרייט צו זעלבסטמאָרד, און די לעצטע ווערטער געווענדעט צום מאַן, וועגן וועלכן זי האָט קיין גענויערע יע־דיעס נישט געהאַט, אָבער געוווּסט, אַז ער איז אַוועק אַף מיזרעך.

„טײַערער! — שרײַבט זי אין דעם געזעגענונגס־בריוו, — הײַנט שרײַבט איך צו דיר צום לעצטן מאָל. ווי מאָדנע איז דאָס לעבן, איך בין דאָך שוין אַזוי לאַנג אָן אונדזער יאָסעלען. מען האָט מיר אים אַוועק־גענומען. ער איז געגאַנגען צום טויט ווי אַן עמעסער העלד. ער האָט מיך אײַנגעשטילט, געקושט אין די ליפּן. ער האָט געאַרבעט זייער שווער אַף בוידנגען, אָבער שטענדיק אין די אָוונטן אַ סאַך געלייענט און געלייזט מאַטעמאַטישע אויפגאַבן. שיין איז ער געווען ווי דער טרוים. דעם זעל־ביקן טאָג, ווען מען האָט אים גענומען, האָב איך זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז. די דײַטשן האָבן מיך גענומען אין שפּיטאָל און אויסגעהיילט. הײַנט גיי איך אַליין צו אונדזער יאָסעלען. טײַערער! איך וויל, אַז דו זאָלסט געדענקען, ווער עס זײַנען געווען אונדזערע טאַליאַנים. געדענקט דעם נאָמען קאַטענקא 4). עפּשער וועסטו אים טרעפן אין לעבן, זאָל־סטו געדענקען וועגן אים אַלץ! איך האָב יאָסעלען געלערנט שיין צו שטאַרבן, אָבער פון דיר פאָדער איך קאַטעגאָריש, דו זאָלסט לעבן!

זײַ געזונט. איך קיש דיך.

דײַן זלאַטע".

דעם בריוו האָט באַהאַלטן באַ זיך אַ פּאָשעטע ביאַליסטאָקער פּוי־לישע פרוי יאַנינאַ קאָשוטאָוואַ, וועלכע האָט נאָך דער באַפרײַונג אויפ־געזוכט זלאַטעס מאַן און אים איבערגעגעבן די דאָזיקע מערקווירדי־

---

4) קאַמענקאָ — אַ ייִדישער פּאָליציאַנט, וואָס האָט אויסגעגעבן ייִדישע אונטערערד־אַקטיוויסטן.

קע צאַוואָע אין וועלכער עס ווערן אויסגעדריקט צוויי הייסע פאַר־לאַנגען : די לעבנגעבליבענע זאָלן נעקאָמע נעמען און ווײַטער ציִען דעם פאָדעם פון לעבן, זיי זאָלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם אמאָלעק פון אונדזער צײַט, דעם היטלעריזם, און זיי זאָלן ווײַטער בויען דאָס לעבן פון יאָכיד און קלאַל, נישט אַרײַנפאַלנדיק אין אייביקער אַוויילעס.

אין אָט דער שווערער, אויסזיכטלאָזער צײַט האָבן זיך די בליקן פון די פאַראָוולטע יידן געווענדעט אָף מיזרעך, צום לאַנד, ווו אַ סאַך פון זייערע נאָענטסטע און טײַערסטע האָבן זיך געראַטעוועט און געשמידט — אײַנאיינעם מיט די פעלקער פון גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד — דאָס גע־ווער פון ניצאָכן איבערן פאַשיזם. די דאָזיקע האָפענונג שלענגלט זיך אַדורך ווי דער אייינציקער ליכטיקער שטראַל אין דעם טראַגישן טאָן פון די בריוו, וואָס די טויט־אורלאָפירטע יידן פון געטאָ האָבן נאָך דעם פעברואַר־אומגליק איבערגעלאָזט. אָט שרײַבט די ביאַליסטאָקערן פרוי ג. טוראָן צו אירער אַ ווײַטרוסישער פרײַנדן וואַסילעווסקאַיאַ נאָך יענע גרויליקע טעג 5) :

„ליבער פרײַנט !

„דרײַ כאַדאָשים נאָך דעם מאָנס טויט האָט מען פון מיר אָוועקגע־ריסן מײַנע טײַערע שוועסטער, שוואָגערס, פלימעניק און פלימעניצע. איך בין פאַרבליבן איינע, אייינקע אַליין, מיט די אַלטע, קראַנקע עלטערן, מיט וועלכע איך דאַרף זיך מעטאַפּל זײַן. די גאַנצע צײַט האָבן די שוועסטער געטרוימט וועגן מיר. אָף דעם קייווער פון מײַן מאַן האָבן די קינדער בײַגעלייגט אַ ניידער : „פעטער, מיר וועלן אויסוואַקסן, וועלן מיר זיך באַמיִען צו זײַן אַזעלכע ערלעכע ווי דו און אונדזער גאַנץ לעבן וועלן מיר זאָרגן פאַר דער מומען".

„איצט האָב איך זיי פאַרלאָרן. שוין זעקס כאַדאָשים ווי איך זע נישט און הער נישט קיין גוט וואָרט. איר ווייסט דאָך, טײַערע, ווי צאַרט עס איז געווען צו מיר שטענדיק די באַציִונג פון מײַן אומפאַרגעסלעכן מאַן, פון מײַנע קרויווים און פון אַלע אַרום. אונדזערע סלאַנימער פרײַנט זײַנען אויך אומגעקומען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין שוין לעגאַמרע פאַרלאָזט און פאַרגעסן. מיטאַמאָל אַ בריוו, וואָס איז געווען פאַר מיר אומדערוואַרט. איר שרײַבט : „טײַערע פרוי טוראָן !".

5) דער בריוו איז געשריבן אין רוסיש.

„נישט שווין־זשע איז עס אַדרעסירט צו מיר? איז נאָך דאָ אַ מענטש, וואָס אינטערעסירט זיך מיט מיר? וואָס וויל וויסן, ווי עס לעבט זיך מיר מאַטעריעל און מאָראַליש? עס איז זיך שווער פאַרצושטעלן וואָס פאַר אַ באַדײַטונג עס האָט פאַר מיר אײַער בריוו!

„און אויב איך וועל בלײַבן לעבן, טאָ מיט וואָס וועל איך קענען אײַך אָפּצאָלן פאַר אײַער ליבע און גוטער באַציִונג צו מיר? איך פאַר־זענלעך בין מאָראַליש און פיזיש אָפּגעשוואַכט. די איינציקע האָ־פענונג — דאָס זײַנען מײַנע קינדער. זיי פאַרנעמען דאָרטן הויכע ערטער און איך טראַכט מיט זייער הילף אָפּצודינגען ווען עס איז מײַנע פרײַנט.

„ווי איך פאַרברענג די צײַט? איך אַרבעט די גאַנצע צײַט אין דער קאַרטאָן־פאַבריק. שטענדיק די ערשטע שיכט פון פינף פאַרטאָג ביז איינס באַטאָג. יעדן טאָג גיי איך אָפּן ביסוילעם.

„ווי עס גייט מיר מאַטעריעל? איך פאַרקויף אויס אַלע זאַכן".

די איינציקע האָפענונג — שרײַבט פרוי טוראַן, — זײַנען מײַנע קינדער; זיי פאַרנעמען דאָרטן הויכע ערטער. **דאָרטן** — אין ראַ־טנפאַרבאַנד.

דעם דאָזיקן בריוו — אַ דאָקומענט פו אונטערגאַנג פון אַ ברייט־פאַרצווײַגטער פאַמיליע, פונעם אַרט לעבן אין געטאָ און פון דער איינ־צימער האָפענונג, אַז דער העמשעך און די באַצאָלונג, סײַ דער אויגעש, סײַ דער סכאַר, וועט קומען פון מיזרעך — אָט דעם בריוו האָט די וואַ־סילעווסקאַיאַ, פרוי טוראַנס פריינדן, באַהאַלטן בײַ זיך ביז דער באַ־פרײַונג און עס דערנאָך איבערגעגעבן דער ייִדישער געזעלשאַפט 6)

און — אַ דריטער בריוו, וואָס זאָגט אויך איידעס אַף די דאָזיקע געפילן פון דער איינציקער האָפענונג, וואָס זײַנען פאַרבונדן געווען מיטן ניצאָכן פון דער רויטער אַרמיי. דעם דריטן בריוו האָט געשריבן דער ייִד ליכטענשטיין, וועלכער האָט אַמאָל געהאַט אַן אַפּטייק־סקלאַד אין ביאַליסטאָק אַף דאָמבראָווסקי־גאַס. דער אַלטער ליכטענשטיין האָט בע־קיוון אויסגעמיטן אַרויסצוגיין אין גאַס, נישט וועלנדיק איבערלעבן די דערנידעריקונג פון אָנטאָן די געלע לאַטע. דעם בריוו האָט ער אַרויס־

6) אַרכ' ייִה"א, פּ 45/47.

געשיקט צו א פוילישן פריוואַט ד״ר דראָזדאָווסקי, וועלכער האָט געוווינט אַף מיצקעוויטש־גאַס. אין אָט דעם בריוו דריקט ליכטענשטיין אויס די האָפענונג, אַז זײַן זון, וואָס איז אין ראַטנפאַרבאַנד, וועט צוריקקומען און נעמען נעקאָמע 7).

דער טרוים פון אַלטן ייִדישן אַפּטייקער איז אין אַ געוויסער מאָס מעקוים געוואָרן. זײַן זון האָט זיך צוריקגעקערט ווי אַן עכטער נעקאָמע־נעמער — אין דער ראַנג פון אַ לייטענאַנט פון דער רויטער אַרמיי. דער אַלטער פּוילישער דאָקטער האָט דעם בריוו געהאַלטן בײַ זיך, דערפילט די באַקאַשע פון זײַן אַמאָליקן ייִדישן שכן און איבערגעגעבן די דאָזיקע צוואָע דעם יונגן ליכטענשטיין.

* * *

דער דאָזיקער גאַנצער קנויל פון פאַרשיידענע, אָפּטמאָל סטירעס־דיקע שטימונגען — פאַרצווייפלונג און האָפענונג, פאַרביטערונג און אַליינקריטיק, אַוויילעס און נעקאָמע־דורשט — איז נישט געווען פרעמד אויך אין די רייען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. די טוער פון אונ־טערערד האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וועכעשבן פון דעם גרויסן באַטײַט פון ערשטן, האַגאָם נאָך שוואַכן, באַוואָפנטן אַרויסטריט, פון זײַן ווענד־פּונקט־אַרטיקייט. שטאַרק געהויבן דעם מוט בײַ די אַנטיפאַשיסטישע זעלבשוץ־אַקטיוויסטן האָט דער פאַקט, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט באַקו־מען אַ האַרציקע באַגריסונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּויליש־ער אַרבעטער־פּאַרטיי (פ.פ.ר.) פון וואַרשע צו דעם ערשטן אָפּנעם ווידערשטאַנד 8). די דאָזיקע באַגריסונג, וועלכע איז אָנגעקומען דורך אונטערערדישע קאַנאַלן, האָט איבערצײַגט די געטאָ־קעמפער, אַז זייער געראַנגל איז נישט איזאָלירט און נישט פאַריאָסעמט. געקרעפטיקט האָט אויך די זעלבשוץ־כאַוויירים דער דערמאָנטער שוין דאָקומענט פון געש־טאַפּאָ מיט איר אָפּשאַצונג, אַז די ערשטע ליקווידיר־אַקציע אין ביאַליס־טאָק איז פאַקטיש געווען אַ פּאָליטישער דורכפאַל פאַר דער געהיימער שטאַטס־פּאָליציי. אין דער זעלביקער צײַט זײַנען אָנגעקומען די פריידי־

7) דער בריוו איז געשריבן אין פּויליש (אַרכ׳ יװ״א, דאָרטן).

8) עס גיט ווענן דעם איבער ר. וואָיסקנוווסקאַ, וועלכע געדענקט לעפּי ערער דעם אינהאַלט פון דער באַגריסונג.



**רוזשקע אָסיאַש־בוכאָוואַ**

געוו׳ אָנפירנדיקער מיטגליד פון דער וואַרשעווער פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע. אַק־טיוויסטקע פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרג׳ אין געטאָ. געפאַלן בעיס דעם ערשטן זעלבשוץ־אַקט.



**לאָליע לערמאַן**



**כאַ:ם קאָן**

אַקטיוויסט פון דער פּאַרטיזאַנער־אָפּ־טיילונג „פּאָרויס״. געפאַלן אין די שלאַכטן אין וואַלד



**יאַקוב יאַקובאָוויטש („יולעק״)**

איינער פון די ייִנגסטע קעמפער פון דער זעלבשוץ. געפאַלן בעייסן אויפ־שטאַנד

קע גרופּן פון מיזרעך־פראָנט, דאָס קײַקלען זיך פון די דײַטשע כאַיאָלעס צוריק — נאָך דער וויסטער מאַפּאָלע אין סטאַלינגראַד. ווי אַ רעזולטאַט פון דעם איז געקומען די פאַרשטאַרקונג פון דער טעטיקייט בײַ די פּוילישע און סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער אין דער געגנט 9).

אָבער די אַלע דערמוטיקונגען האָבן נישט באַפרײַט די פירער פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק פון דעם כּיוון אָפּצושאַצן ניכטער די ערשטע זעלבשוץ און מאַכן אַ כעשבן האַנעפעש פון די אייגענע שוואַכקייטן. זיי האָבן אײַנגעזען, אַז איין גרונט־פעלער איז באַשטאַנען אין דעם שוואַכן קאָנטאַקט מיטן וואַלד, צוליב וואָס דאָס געווער פון דאָרטן האָט נישט געטראָפן צו דער צײַט צו די געטאָ־קעמפער 10); אַ צווייטער פעלער איז געווען דאָס, וואָס די אָנפירונג איז נישט אומעטום געשטאַנען אויף דער הייך פון דער אויפגאַבע 11); מען האָט אָנערקענט, אַז די קאָאָרדינירונג פון די קאַמף־גרופּעס אין געטאָ איז געווען אַ לויזע 12); און דער איקער: דאָס טראַגישע אין דעם אַלעמען איז געווען קוידעמקאָל דאָס, וואָס די אונטערערדישע קויכעס האָבן באַגעגענט דאָס אומגליק אין אַ צושטאַנד פון צעשפּליטערונג. דאָס, וואָס נישט אַלע אין אונטערערד האָבן פאַרשטאַנען אַרײַנצופירן אין לעבן דעם ברענענדיקן רוף, וועלכער איז געקומען פון וואַרשע, פון יאָסעף לעוואַרטאָווסקין. דער „צווייטער בלאָק" — מיטן אויסנאַם פון די שאָמרים, וועלכע האָבן דאָך געשאַפן איינצײַטיק אַ טייל פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק — דער דאָזיקער „צווייטער בלאָק" האָט זיך אין דער פעברואַר־זעלבשוץ נישט באַטייליקט 13).

מיט וואָס קלערט זיך אויף דער פאַקט, וואָס דער „צווייטער בלאָק" איז אין דער ערשטער פאַרטיידיקונג נישט געווען? איז דאָך מאָרדכע טענענבוים געקומען נאָך מיט דרײַ כאָדאָשים צוריק אין ביאַליסטאָקער געטאָ אַרײַן אַן אינערלעך גרייטער צום קאַמף און מיט דער מיסיע צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד אין די ציאָניסטישע רייען. דרינגט דאָך אַרויס פון זײַנע נאָטיצן, אַז נאָך פאַרן פאַטאַלן פעברואַר האָט ער און אַ

9) מאַכאַל, אַרכ' יזה"א, נ' 1282.
10) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
11) ב. וואַסערשטיין: „די אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ' יזה"א, נ' 19.
12) ג"א פון מ. בוד.
13) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ, מ. בוד און י. ריווקינד.

טייל פון זײַנע נאָענטע כאַווײרים געטראַכט וועגן באַוואָפענונג און מאַמאַ־שעסדיק געגרייט און מאָגאַניזירט געווער, האָט דאָך טאַמאַראָפּס אַר־סענאַל פאַרמאָגט דעם 29טן יאַנואַר בלויז פון אייגענער געווער־פּראָדוק־ציע 30 גראַנאַטן, כּוץ אַנדערע. האָט ער דאָך בעיס אַ טרעפונג מיט די כאַווײרים פון „האַשאָמער האַצאיר" זיך דערוווסט וועגן דעם, אַז דער פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק וועט אַרויסטרעטן, און איז אָפּי־לע באַקאַנט געווען — דורך די שאָמרים — מיטן לעכאַטכילעסדיקן פּלאַן אָנצוגרײַפן מיט אַ קאָנצענטרירטן קויעך די דײַטשן באַם טויער און דער־נאָך צו שיצן דורך איינצלנע גרופּן די וועגנטועל־אַטאַקירטע פאַבריקן 14). האָט דאָך טענענבוים דעם 4טן פעברואַר, סאַמע ערעוו דעם אומגליק, גע־דראָט באַראַשן, אַז עס קאָן קומען אַ ספּאָנטאַנער ווידערשטאַנד און אַז דעמאָלט וועט אויך דער „דראָר" אַרויסטרעטן 15). און אין דער נאַכט פון פערטן אָפן פינפטן פעברואַר האָט דאָך טאַמאַראָף אַליאַרמירט די שאָמרים און די בעטאַר־גרופּע און זיי געראָפן צו קאַמף־גרייטקייט 16). באַ טענענבוימען איז אַזוי אַרום געווען די דעציזיע און די גרייטקייט אַרויסצוטרעטן. טאָ ווו שטעקן די סיבעס פון דער אָפּוועזנקייט פונעם „צווייטן בלאָק" בעיס דער פעברואַר־זעלבשוץ?

מאָרדכע טענענבוים און זײַנע נאָענטסטע מיטאַרבעטער זײַנען גע־ווען דעצידירט צום באַלדיקן קאַמף און זיי האָבן דעם געדאַנק פאַרטיי־דיקט. אָבער אין די רייען פון „צווייטן בלאָק" זײַנען די ספּייקעס און וואַקלענישן געווען זייער גרויס. אין זײַנע נאָטיצן פון 14טן יאַנואַר 1943 גיט איבער טאַמאַראָף וועגן דער פאַרזאַמלונג פונעם אַקטיוו פון „דראָר". אָף דער פאַרזאַמלונג שטייט טאַקע די פראַגע פון גראַנאַטן: באַלד אַנטוויקלט זיך אַ דיסקוסיע: „צי דאַרפן מיר אָנהייבן אַ קאָנטער־אַטאַקע נאָר דעמאָלט, ווען דאָס געטאָ וועט בלײַבן שטיין פאַנעם על פאַנעם מיט איר פולשטענדיקער פאַרניכטונג און נישט רעאַגירן באַם אַרויספירן די ערשטע צען טויזנט, אָדער — אָנהייבן באַלד באַם ערשטן (אַרויסגעפירטן) ייִדן?" „די מענטשן פון „האַשאָמער־האַצאיר" — שרײַבט טענענבוים, — האָבן אַ מער קלאָרע שטעלונג איידער אונדזע־

14) טענענבוים, נאָטיץ פון 19טן פעברואַר 1943.
15) טענענביום, נאָטיץ פון 4טן פעברואַר 1943.
16) דאָרטן.

רע מענטשן. באַ אונדזערע מענטשן איז אַלץ פאַרנעפּלט. זיי האָבן ווייניק געלערנט פון דער דערפאַרונג אין די אַנדערע שטעט. אין אַלגעמיין איז די שטימונג אַנצוהייבן מיטן ערשטן ייִד, וואָס איז אין אַרבעט־עלטער. דער באַשלוס וועט פאַרשטייט זיך פאַלן אין דער צײַט פון דער אַקציע, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען, צו דער טאַקטיק פון פאָלקס־אויפשטאַנד וקעדוימע״.

29טן יאַנואַר האָט שוין די אָנפירונג פון „צווייטן בלאָק״ געוווּסט, אַז דעם צווייטן פעברואַר הייבט זיך אָן די גיירעש־אַקציע אין ביאַליסטאָק. טענענבוים פאַרצייכנט דעמאָלט: „וואָס אונדזערע מענטשן וועלן נישט טאָן, וועט נישט זײַן״. און פונדעסטוועגן — די אַקציע בר־שעוועט אין געטאָ, און דעם אַכטן פעברואַר (דרײַ טעג נאָכן אָנהייב פון דער ערשטער ליקווידאַציע) לייענען מיר אין טאַמאַראָפס נאָטיצן: „נאָך מיטאָג — די זיצונג פון אונדזער אָנפירונג. מען באַשליסט, אַז אויב די אַקציע וועט זיך נישט ענדיקן, אויב זיי וועלן נישט אויסווער זײַן אַף זייער קאָנטיגענט (6.300 מאַן), וועלן מיר אַרויסטרעטן״. דער „צווייטער בלאָק״ איז — נישט געקוקט אַף דעם וואָס די גאַנצע צײַט פאַרגרייט ער געווער 17), — מאַסקים געווען נישט אַרויסצוטרעטן, קאַלזמאַן דער גיירעש און די ליקווידאַציע איז נעגייע דעם קאָנטיגענט, אַף וועלכן עס איז מאַסקים געווען דער יודענראַט. די דײַטשן באַפרידיקן זיך נישט, ווי באַקאַנט, מיט דעם דאָזיקן קאָנטיגענט, זיי שטײַגן איבער די אָפּגע־רעדטע צאָל, זיי נעמען זיך אויך צו די פאַבריקן, און נאָך דעם 9טן פעב־רואַר, פרײַטיק אין אָוונט, קומט ווידער פאָר אַ זיצונג פון אַקטיוו פון פּאָאַלע־ציאָן צ. ס. און עס ווערט באַנײַס באַשלאָסן אָפּצולייגן די דעציזיע אַף מאָרגן שאַבעס; אויב שאַבעס וועט נישט אָפּגעשטעלט ווערן די אַקציע, טרעט מען אַרויס 18).

דאָס זעלביקע, וואָס עס פאַרצייכנט באַ זיך טענענבוים, כאַזערט איבער די „דראַר״־אַקטיוויסטקע בראַניע וויניצקאַ, וועלכע גיט איבער: 19).

„מיטן אָנהייב פון דער אַקציע, ווען עס איז געוואָרן באַוווּסט, אַז די אַקציע נעמט אַרום פינף טויזנט ייִדן נישט אַרבעטנדיקע, איז אָנגענו־

17) טענענבוים, נאָטיץ פון 18טן יאַנואַר 1943 א״א.
18) דאָרטן.
19) ג״א פון בראַניע וויניצקאַ. אַר' יזה״א.

מען געוואָרן אַ באַשלוס נישט צו שטעלן קיין ווידערשטאַנד, נאָר צו פאַר־זיכערן אַזוי, אַז עס זאָלן אין דער אַקציע נישט אַרײַנפאַלן קיין מיטגלי־דער פון דער זעלבשוץ. צו דעם צוועק האָט מען געזאָרגט, אַז אַלע כאַ־ווירים פון זעלבשוץ זאָלן זיך געפינען אין דער צײַט פון דער אַקציע אין די פאַבריקן, וועלכע זײַנען געווען געשיצט פון דער אַקציע. נאָר איינצלנע כאַווירים פון „האַשאָמער־האַצאַיר", פאַקטיש די פירער, זײַנען נישט אַוועק אין די פאַבריקן, נאָר געבליבן אין סכראָן אַנטשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד". ווי עס איז קענטיק פון טענענבוימס נאָטיצן פון 8טן פעב־רואַר 1943, פאַלט ער אַליין אַרונטער דער שטימונג זיך צו באַהאַלטן אין די פאַבריקן; ער שרײַבט דאָרטן:

„פרעזע — ווערמאַכט־באַשאַפונגס־אַמט — ריסטונגס־קאָמאַנדאָ (פון די „גוטע") באַזוכט דאָס געטאָ און פאַרזיכערט, אַז מען וועט נישט טשע־פען די פאַבריקן. איך פאָדער פון „האַשאָמער־האַצאיר", זיי זאָלן שיקן זייערע מענטשן אין די פאַבריקן, מען דאַרף נישט שטעלן די מענטשן אין געפאַר, אויב עס איז מעגלעך זיי צו פאַרזיכערן ביזן טערמין, וואָס איז באַ־שטימט צום אָנהייב. זייער שטעלונג (פון די שאָמרים — ב. מ.) איז נישט קיין קלאָרע. זיי ענטפערן, אַז אין בונקער איז שטאַרקער דער „דוך באַ־יאָווי" (קאַמפס־גײַסט — ב. מ.) פון די מענטשן. איך זאָג צו זיי: „וועגן וועלכן „דוך באַיאָווי" רעדט איר, ווען די מענטשן שלאָפן נישט, הונגערן, זײַנען אין שטענדיקן געפאַר? זאָלן זיי אַריבערגיין אין די פאַבריקן. אויב מען וועט דאַרפן, וועלן מיר זיי פון דאָרט נעמען, מיטרײַסן נאָך זיך טויזנטער".

די וואָקלעניש אין די רייען פון „צווייטן בלאָק" ווערן אויסגע־טײַטשט דורך צוויי פאַרשיידענע סיבעס. איין סיבע קלערט עס אויף דער־מיט, וואָס די דאָזיקע יוגנט איז נאָך נישט געווען גרייט „אונדזער יוגנט — זאָג אין זײַן גוויִעס־איידעס דער כאַלוץ בער פעריי, — איז נישט גע־ווען צוגעגרייט". אַ צווייטער שטאַנדפּונקט זעט די סיבע אין דער פאַר־בינדונג וואָס דער „צווייטער בלאָק" האָט קעסיידער געהאַט מיטן יודענ־ראַט, און אין דעם צוטרוי, וועלכן געוויסע עלעמענטן פון אָט דעם בלאָק האָבן נאָך טיילווײַז געהאַט צו די אילוזיעס און צו די אַליין־אײַנריידע־נישן פון באַראַשן און זײַנע מיטהעלפער. „דער „כאַלוץ" — דערקלערט די שאָמרים כאַיקע גראָסמאַן — האָט געגלויבט די פאַרזיכערונגען פון די

געטאָ־פאַרשטייער, אַז עס האַנדלט זיך בלויז אין אַ קליינעם טייל פון געטאָ" 20).

ווי עס איז שוין אין די פריערדיקע קאַפּיטלען באַטאַנט געוואָרן, איז טאַקע די אילוזיע לעגאַבע באַראַשן און זײַנע האַוטאָכעס געוועזן איינער פון די שטרויכל־שטיינער אַפן וועג פון דערגרייכן אַ פולשטענדיקע פאַר־אייניקונג פון ביידע בלאָקן אין געטאָ־אונטערערד. אין רעזולטאַט האָבן זיך די מענטשן פון „צווייטן בלאָק" באַהאַלטן אין די פאַבריקן און אין דעם קאַמף זיך נישט באַטייליקט.

אין די „דראָר"־רייען און אין די ראַמען פון „צווייטן בלאָק" ביכלאַל האָט מאָרדכע טענענבוים — און באַנאַנד מיט אים זײַנע נאָענטע כאַווייִרים — געפירט אַן ענערגישן קאַמף פאַר אַ באַשלוס צו גיין אין ווידער־שטאַנד. טענענבוים האָט פּײַנלעך איבערגעלעבט דעם פאַקט פון נישט אָנ־טיילנעמען אינעם ערשטן קאַמף־אַרויסטריט. אין די נאָטיצן פון 14טן פעב־רואַר 1943 באַשרײַבט ער מיט ביטערניש די שטימונג אין דעם קיבוץ נאָך די טראַגישע געשעענישן: „14 פעברואַר. אַ פאַרזאַמלונג פונעם קי־בוץ. אין עס־צימער פון קיבוץ — פונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען. וואָרעם. ליכטיק. געלעכטער. געפיל פון זיכערקייט. ס'דענערווירט אַזש". אָבער עס הייבט זיך אויף אַן ערנסטער כעשבן האַנעפעש. ביפראַט, אַז אין געטאָ זײַנען ווידער אַרײַנגעדרונגען באַומרויִקנדיקע קלאַנגען מיקויעך דעם, אַז עס גרייט זיך אַ פרישע גײַרעש־אַקציע. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן אַ געוויסע באַשטעטיקונג באַקומען דורך די געהיימע יעדיִעס, אַז דעם 19טן פעברואַר (זיבן טעג נאָך דער אָקערשט־פאַרגעקומענער קאַטאַסטראָפע) האָט געהאַט אַן אָרט באַם שעף פון דער זיכערקייט־פּאָליצײַ ד"ר אַלטענלאָה אַ באַראַטונג, אַף וועלכער עס איז אויך געווען דער פירער פון דער שופּאָ אָבערשט הירשפעלד, וווּ עס איז באַנײַס געשטאַנען די פראַגע פון אַ ליק־ווידיר־אַקציע אין געטאָ און פון אַ פרישער אַרומשנײַדונג פון איר טכום 21). עס הייבן אָן ווידער קורסירן קלאַנגען, אַז דעם 28טן פעברואַר וועט זיך באַנײַס אָנהייבן אין ביאַליסטאָקער געטאָ די גײַרעש־אַקציע.

(20 „פּראָטאָקאָל פון די דערקלערונגען פון גראָסמאַן כאַיע וועגן דער זעלבּ־שוץ פון ביאַליסטאָקער געטאָ" — אַרכ' יִ״ה״א, פּראָט' פון 15טן דעצעמבער 1944.

(21 „צווישנדײַטשער קאָרעספּאָנדענץ", אַרכ' יִ״ה״א; פּראָט' פון דער יודענראַט־זיצונג פון 20טן פעברואַר 1943.

עס האָט ווידער אַרויסגעטויכט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און ברע־נענדיקייט די פראַגע פון זעלבשוץ 22).

דעם 27טן פעברואַר קומט פאַר אינעם „טעל־כיי״־קיבוץ אַן אַלגע־מיינע פאַרזאַמלונג אונטער דער פאָרזיץ פון מאָרדכע טענענבוים, וועל־כער האָט איבערגעלאָזט אַ פולן פּראָטאָקאָל פון אָט דעם כעשבן־האַנע־פעשדיקער דיסקוסיע. אָט איז דער פאַרלויף פון דעם גוירלדיקן מיינונגס־אויסטויש:

מ אָ ר ד כ ע 23): דאָס איז גוט, וואָס לעכאָל־האַפּאַכעס די שטי־מונג איז אַ גוטע. ליידער וועט די דאָזיקע פאַרזאַמלונג נישט זײַן אַזאַ פײַערלעכע. די פאַרזאַמלונג איז — אויב איך ווילט — אַ היסטאָרישע, אָבער געוויס אַן אומעטיקע. דאָס הייפל מענטשן, וואָס זיצן דאָ זײַנען די לעצטע כאַלוצים אין פוילן, אַרום אונדז זײַנען פאַראַן בלויז טויטע. איך ווייסט, וואָס עס האָט געהאַט אָן אָרט אין וואַרשע. קיינער איז נישט געבליבן 24), דאָס זעלביקע אין בענדין, טשענסטאָכאָוו 24א) און וואַר־שיינלעך אומעטום. מיר זײַנען עס די לעצטע; עס איז נישט קיין אײ־בעריק אַנגענעמער געפיל צו זײַן דער לעצטער, דאָס איז אַ באַזונדערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר מוזן הײַנט דעצידירן, וואָס וועלן מיר טאָן מאָרגן. זיצן צוזאַמען אין אַ שטילינקער אַטמאָספער פון זיכרוינעס האָט נישט קיין זין!

צוזאַמען און דאַווקע בעציבער וואַרטן אַפן טויט — אויך נישט. טאָ וואָס טוען מיר?

מיר קאָנען טאָן צוויי זאַכן. באַשליסן, אַז מיטן ערשטן ייִד, וועל־כן מען וועט איצטער אַרויספירן פון ביאַליסטאָק, וועלן מיר אָנהייבן אַ ווידערשטאַנד־אַקציע, אַז פון מאָרגן גייט נישט קיינער אין די פאַבריקן, אַז מען וועט נישט טאָרן אין דער צײַט פון אַקציע זיך באַהאַלטן. אַלע מענטשן וועלן זײַן מאָביליזירט צו אונדזער אַרבעט. מיר קאָנען באַווײַזן,

---

22) ג״א פון י. ריווקינד.

23) טענענבוים־טאַמאַראָף.

24) עס איז אָנגעקומען אַ יעדיִע קיין ביאַליסטאָק, אַז אין דעם קאַמף־אַרויס־טריט פון יאַנואַר אין וואַרשעווער געטאָ זײַנען אומגעקומען אַלע כאַלוצי־שע טוער, בעסויכעם יִצחאָק צוקערמאַן א״א.

24א) אין בענדין האָט געהאַט אַן אָרט אַ ווידערשטאַנד אין אַ בונקער, עס איז דאָ אומגעקומען פרומקע פּלאָטניצקאַ פון „האכאַלוץ״. אין טשעסטאָכאָוו האָט זיך די יוגנט געגרייט צו אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד.

אַז קיין דײַטש זאָל פון געטאָ נישט אַרויסגיין, אַז קיין איין פאַבריק זאָל נישט בלײַבן גאַנץ. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז נאָכן דערפילן די אויפגאַבע קאָן מען צופעליק בלײַבן בײַם לעבן.

אָבער שלאָגן זיך ביזן סוף, ביז צום טויט.

מיר קאָנען דעצידירן, אַז מיר גייען אַרויס אין וואַלד. לאָמיר רעאַל באַטראַכטן די מעגלעכקייטן.

הײַנט זײַנען צוויי מענטשן געגאַנגען צוגרייטן אַן אָרט. אַזוי צי אַנדערש וועט נאָך דער פאַרזאַמלונג אײַנגעפירט ווערן אַ מיליטערישע דיסציפּלין. מיר דאַרפן איצט דעצידירן, אונדזערע טאַטעס וועלן זיך וועגן אונדז ניט זאָרגן. מיר זײַנען יתומים. איין תּנאַי — די באַציִונג מוז זײַן אַן אידעיִשע, דער געדאַנק — אַ דינאַמישער. ווער עס וויל, אָדער עס דאַכט זיך אים אויס, אָדער ער טראַכט, אַז ער האָט רעאַלע מעגלעכקייטן צו בלײַבן לעבן און וויל עס אויסנוצן — גוט, וועלן מיר אים העלפן, מיט וואָס מיר וועלן קאָנען.

זאָל איטלעכער אַליין דעצידירן וועגן זײַן לעבן און טויט. אָבער מיר צוזאַמען מוזן אין דער געמיינזאַמער זאַך געפינען אַ קאָלעקטיוון ענטפער. איך וויל קיינעם נישט אָנוואַרפן מײַן מיינונג, איך זאָג זיך לעמסאַטע נישט אַרויס אין דעם איניען.

יִצְחָק: מיר באַהאַנדלען הײַנט צוויי וועגן צום טויט. די ווי־דערשטאַנד־אַקציע איז פאַר אונדז אַ זיכערער טויט. דער צווייטער — דאָס איז אַ טויט אין צוויי טעג שפּעטער.

מען דאַרף אַנאַליזירן ביידע וועגן, עפּשער וועט זיך לאָזן עפּעס מאַכן. איך קען נישט די פּראַטים און דעריבער וויל איך גענויערע ידיעות פון מער באַוווּסטזיניקע כאַווייֵרים. אויב די כאַווייֵרים מיינען, אַז זיי וואָלטן געקאָנט בלײַבן, דאַרף מען זיך אויף דעם באַטראַכטן.

הערשל 25): עס איז נאָך נישט די צײַט אָפּצושאַצן דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין מעשעך פון די לעצטע אַנדערהאַלבן יאָר. אָבער אין אָנבליק פון דער לעצטער דעציזיע, וועלכע מיר דאַרפן אָננעמען, מוזן מיר זיך אָפּגעבן אַ דין וועכעשבן דערפון, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. הונדערטער טויזנטער ייִדן זײַנען אומגעקומען אין מע־

---

25) וואַרשעווינלער — ראַזענטאַל פון יאַשינקאָווקע; פּאָפּולער ווערט ער אָנגערופן: הערשל יאַשינקאָווקער.

שעך פון לעצטן יאר. דעם סוינע, וואס איז אפן העכסטן שטייגער ראפי־נירט, איז געלונגען אונדז צו דעזאריענטירן און ער טרײַבט אונדז ווי שאף צום אומקום־ארט, קיין פאנאר, כעלמנא, בעלזשעץ און טרעבלינקע!
דער קאפיטל פון די מארדן איבער די יידישע מאסן אין פוילן וועט זײַן נישט נאר דער סאמע טראגישער, נאר אויך דער שענדלעכסטער אין דער יידישער געשיכטע, א קאפיטל פון יידישער אנמעכטיקייט און פאכדאנעס. אויך די באוועגונג איז נישט שטענדיק געשטאנען אף דער געהעריקער הייך פון דער אויפגאבע. אנשטאט צו געבן א סיגנאל צום ברייטסטן ווי־דערשטאנד, האבן מיר אומעטום אפגעשלעפט די דעציזיע. אויך אין ווארשע וואלט די ווידערשטאנד־אקציע אנדערש אויסגעזען, ווען זי וואלט זיך אנגעהויבן נישט באם סאף, נאר באם אנהייב פון דער ליקווידאציע. דא אין ביאליסטאק איז באשערט אדורכצומאכן דעם לעצטן אקט פון דער טראגעדיע. וואס קאנען מיר, וואס זײַנען מיר מעכויעוו צו טאן? לויט מײַן מיינונג איז די אביעקטיווע לאגע אזא: דער איבערוויגנדיקער טייל פון געטא — און אויך פון אונדזערע מישפאכעס — איז פארמיש־פעט צום טויט. מיר זײַנען פאראורטיילט, מיר האבן קיינמאל נישט גע־טראכט וועגן וואלד ווי וועגן אן ארט זיך צו באהאלטן. מיר האבן געזען דערין וואלד ווי אן ארט פון קאמף און נעקאמע. צענדליקער יוגנטלעכע, וועלכע געפינען זיך איצט אין וואלד, זוכן נישט קיין קאמף־פלאץ; די מערהייט זייערע וועט דארטן פירן א לעבן פון בעטלער און וועט ווארשיינלעך אויך געפינען א בעטלערישן טויט. אין די איצטיקע באדינגונגען איז אונדזער קיום פארבונדן מיט אזא בעטלערישן און וואגלערישן גורל.

עס איז פאר אונדז געבליבן איין אויסוועג. ארגאניזירן זיך צום קאלעקטיוון ווידערשטאנד אין געטא פאר יעטוועדן פרײַז, זען אין גע־טא אונדזער מוסא־דאג, ארײַנשרײַבן א ווירדיקן קאפיטל אין דער גע־שיכטע פון יידישן ביאליסטאק און פון אונדזער באוועגונג.

איך שטעל זיך פאר, ווי וואלט געוועזן די נאטירלעכע רעאקציע פון יעדן אנדערן מענטש נישט קיין ייד, ווען עס וואלט מיט זײַן מישפאכע געשען דאס, וואס מיט אונדזערע — דער מינדעסטער וואלט א שפײַ גע־טאן אפן לעבן און ארײַנגעזעצט א מעסער דעם טאליען. דער איינציקער געפיל, וואס וואלט אין אים געלעבט, וואלט געוועזן דער באגער פון נעקאמע.

פאַר אונדז איז קלאָר: באַם ערשטן אַרויסגעפירטן ייִד אָנהייבן די ווידערשטאַנד־אַקציע. אויב עמעצן וועט געלונגען צונעמען געווער באַם מערדער און גיין אין וואַלד, איז גוט. אַ יונגער, באַוואָפנטער מענטש וועט געפינען אין וואַלד פאַר זיך אַן אָרט. עס איז אונדז נאָך געבליבן צייט צוצוגרייטן דעם וואַלד, זען אין אים אַן אָרט פון קאַמף און נעקאָמע.

איך האָב אַלץ פאַרלאָרן, אַלע נאָענטע, און נישט געקוקט אַף דעם איז אונטערבאַוווסטזיניק ווילט זיך לעבן, אָבער עס איז נישטאָ קיין אויסוועג.

ווען איך וואָלט געוווסט, אַז ראַטעווען קאָנען זיך נישט בלויז יע־כידים, נאָר 50—60 פּראָצענט ייִדן, וואָלט איך געזאָגט, אַז אונדזער וועג מוז זײַן — בלײַבן לעבן פאַר יעדן פּרײַז.

מיר זײַנען אָבער פאַרמישפּעט צום טויט.

סאָרע: כאַווײַרים! אויב עס גייט אין ווירדע, האָבן מיר זי שוין פון לאַנג פאַרלאָרן. אין ראַוו שטעט זײַנען די אַקציעס אַדורך גלאַטיק, אָן ווידערשטאַנד.

עס איז וויכטיקער בלײַבן לעבן, איידער הארגענען פינף דײַטשן.

אין דער ווידערשטאַנד־אַקציע וועלן געוויס אַלע אומקומען. דאַקעגן אין וואַלד וועט זיך ראַטעווען אַרום 40—50 פּראָצענט פון אונדזערע מענטשן. דאָס וועט זײַן אונדזער ווערט אין אונדזער געשיכטע. מיר זײַנען נאָך נייטיק, מיר וועלן נאָך צונוץ קומען, ווײַל קיין ערע האָבן מיר שוין סײַ ווי סײַ נישט. בלײַבן לעבן וועט זײַן אונדזער אויפגאַבע.

כאַנויך: 26). עס זײַנען נישטאָ קיין שום אילוזיעס, עס וואַרט אונדז דאָ אַ ליקווידאַציע ביזן לעצטן ייִד. מיר האָבן פאַר זיך צוויי מעג־לעכקייטן פון טויט. דער וואַלד איז נישט קיין רעטונג, און אַף זיכער וועט נישט זײַן קיין רעטונג אונדזער אַרויסטריט אין געטאָ. עס איז אונדז געבליבן ווירדיק צו שטאַרבן. די פּערספּעקטיוון פון אונדזער אויפ־שטאַנד זײַנען קליינע. איך ווייס נישט, צי מיר האָבן גענוג מיטלען צום קאַמף. עס איז די שולד פון אונדז אַלעמען, וואָס די מיטלען זײַנען אַזוי קליין, אָבער — פאַרפאַלן: מיר מוזן אַזוי אויך גיין.

ביאַליסטאָק וועט ווערן אינגאַנצן ליקווידירט, אַזוי ווי אַלע אַנדע־רע ייִדישע שטעט.

---

26) זשעלאַזנאַגורא.

אויב אין דער צײַט פון דער ערשטער אַקציע זײַנען רעספּעקטירט געוואָרן די צײַגענישן פון די פאַבריקן, גלייבט נישט, אַז דאָס מאָל וועט זײַן דאָס זעלביקע. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אין וואַלד איז דאָ מער נעקאָמע־מעגלעכקייטן, אָבער מיר טאָרן אַהין נישט גיין, קעדיי צו לעבן אָפּן בעסער פון פויער, קויפן זיך עסן און לעבן־מיטל פאַר געלט.

גיין אין וואַלד הייסט גיין צו אַקטיווער פּאַרטיזאַנקע. צו דעם זײַנען אומבאַדינגט נייטיק געהעריקע קליי־זאַין. אונדזער געווער איז נישט צוגעפּאַסט צום וואַלד. אויב עס וועט אונדז בלײַבן אַ געוויסע צײַט, דאַרף מען געפינען וואָפן און גיין אין וואַלד. אויב עס וועט אויסברעכן אַן אַקציע, זײַנען מיר מעכויעוו צו ענטפערן באַם ערשטן אַרויסגעפירטן ייִד.

כ א ַ י ם : 27). עס זײַנען שוין נישטאָ קיין ייִדן. — עס זײַנען געבליבן נאָר רעשטלעך. עס איז נישטאָ קיין זין צו ריידן וועגן ווירדע; אויב מען קאָן, דאַרף מען זיך ראַטעווען. עס איז נישט וויכטיק, ווי מען וועט אונדז מישפּעטן. באַהאַלטן זיך אין וואַלד (קעסיידערדיקע פּראָטעסט־אויסגעשרייען אין זאַל).

מ א ָ ר ד כ ע : ווען מיר וואָלטן זייער געוואָלט און געזען דאָס ווי אונדזער אויפגאַבע, וואָלטן מיר געקאָנט פאַרזיכערן אונדזערע מענטשן ביזן סאָף, ביז דער צײַט, וואָס סע וועלן בלײַבן ייִדן אין ביאַליסטאָק. איך שטעל אַ דראַסטישע פראַגע: צי האַלטן די „וואַלד"־כאַווײרים, אַז מען דאַרף זיך באַהאַלטן און נישט רעאַגירן אין דער צײַט פון דער נאָענטסטער אַקציע, קעדיי שפּעטער אומקומען אין וואַלד? (קוילעס פון אַלע זײַטן: ניין, דאָס נישט). עס זײַנען דאָ צוויי מיינונגען: פון איין זײַט סאַרע און כאַים, פון דער צווייטער — הערשל און כאַנויך. קלײַבט אויס, איין זאַך איז זיכער: מיר וועלן נישט גיין אין די פאַבריקן און מיר וועלן נישט בעטן דאָרטן גאָט, אַז די מענטשן אין די סכראָנעס זאָלן געפאַנגען ווערן, קעדיי מיר זאָלן בלײַבן לעבן. מיר וועלן אויך נישט זען פון די פאַבריק־פענצטער, ווי מען פירט אַרויס אונדזערע כאַווײרים פון אַן אַנדער פאַבריק.

מיר קאָנען אַדורכפירן אַ אָפּשטימונג: הערשל, צי כאַים.

פ א ַ נ י ע : (פון דעם אָרטיקן סניף 28): איך בין מאַסקים מיט

27) פרידמאַן (לויט די באַמערקונגען צו טענענבוימס אויסגאַבע „דפים מן הדלקה" אין ייִסראַעל).

28) פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

כאַנויך. מיר האָבן אויסצוקלײַבן אָדער אַן איינמאָליקן גרויסן אויפטו דאָ אַפּן אָרט, אָדער אַ סאַך קלענערע מעשׂים, וועלכע וועלן אין סאַכאַקל געבן אַ סאַך מער — דאָס איז דער וועג צום וואַלד. צוליב דעם, וואָס אַרויסגיין אין וואַלד האָבן מיר נאָך נישט קיין מעגלעכקייטן, און די סיטואַציע איז זייער באַדראָט, מוזן מיר דעם שוואַר־פּונקט לייגן אַף דער ווידערשטאַנד־אַקציע דאָ אַפּן אָרט, און באַם אַרויספירן דעם ערשטן ייִד אַרויסטרעטן מיט דער גאַנצער קאָנסעקווענץ. אויב דער איבערײַס וועט דויערן עטלעכע טעג, וועלן מיר מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען, קעדיי אַרויסצוגיין.

עליעזער סוכאָדניצקי (פון דעם אָרטיקן סניף): כאַווײַרים! לויט מײַן מיינונג דאַרפן מיר נישט האַנדלען אין צוויי ריכטונגען. וואַלד איז אַ שיינע אידעע, דער וואַלד גיט אונדז געוויסע מעגלעכקייטן צו בלײַבן לעבן, אָבער אין דער מינוט, ווען די אַקציע איז אַזוי נאָענט, איז דאָס פאַר אונדז אַן אילוזיע. אויב מיר האָבן אַפילע דרײַ צי פיר וואָכן צײַט, וועלן מיר נישט באַווײַזן צו דעראָבערן דעם גאַנצן נייטיקן מאַטעריאַל און גיין מיט אים אין וואַלד אַרײַן.

איך מיין, אַז עס איז אונדז געבליבן איין אויסוועג — אַף אַן אַקציע ענטפערן מיט אַ קאָנטראַקציע.

איך האַלט, אַז מיר מוזן ווירקן נאָר אין דער ריכטונג. מיר זאָלן קאָנען באַ די סאַמע שוואַכע מיטלען געבן אַ געהעריקן ענטפער.

יויכעוועד: פאַרוואָס רעדט איר אַזוי פיל וועגן טויט? דאָס איז איבעריק. אַ זעלנער אָפּן פראָנט און אַ פאַרטיזאַן אין וואַלד טראַכט אַפילע אין אָנבליק פון דער גרעסטער סאַקאָנע נאָר וועגן לעבן.

מיר ווייסן, ווי עס איז אונדזער לאַגע. אָבער פאַרוואָס סטראַשען אַזוי מיטן טויט? גיין אין וואַלד אַרײַן; אויב מען דאַרף — אָנהייבן די קאָנטראַקציע אָט אָ דאָ! אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז מען מוז ווערן דערהאַרגעט. דאָס וואָס מיר ריידן דאָ, איז קעגן דעם סאַמע פרימיטיווסטן אינסטינקט פון לעבן, וועלכער שטעקט אין אונדז.

כאַים: איז קעגן יויכעוועדס שטאַנדפּונקט. מען דאַרף זײַן קאָנסעקווענט. מען טאָר קיינעם נישט געבן קיין מאָראַלישן טערעץ צו אַנטלויפן. עס איז נישט קיין „אַקאָרד־אַרבעט״. שלאָגן זיך ביזן לעצטן, שלאָגן זיך, הייסט — פאַלן. איך האַלט, אַז אַ גרעסערער אויפטו וועט זײַן

צו בלײַבן און גיין אין וואַלד. איך לייג פּאָר צו געפינען אַ באַהעלטעניש אויסער דעם געטאָ, קעדיי פון דאָרט קאָנטינויִרן אויך נאָך דער אַקציע די סאַבאָטאַזש־טעטיקייט.

מ ו י ש ע : צוטרעטן צום קאַמף מיטן אַרויספירן דעם ערשטן ייִד. אויב ס'איז מעגלעך, צוגרייטן דעם וואַלד. יעדער איינער מוז זיך אומ־באַדינגט אַרויסזאָגן. פון דער פאַרזאַמלונג איז אָפּהענגיק דאָס לעבן און טויט פון די כאַווײרים. זאָל אַפילע אָט די פאַרזאַמלונג דויערן ביז מאָרגן.

כ אַ י ם : דו צווינגסט אַלע צו נעמען אַ וואָרט, קעדיי די פאַר־זאַמלונג זאָל געבן אַ נעגאַטיוון ענטפער. אַליין זאָגסטו — און אַזוי וויל־סטו אַז אַלע זאָלן ענטפערן — גיין (געשרייען אַפן זאַל).

ד אָ ר ק ע (פון דעם אָרטיקן סניף) : איך מיין, אַז אונדזער שטע־לונג איז די שטעלונג פון די מענטשן פון דער באַוועגונג, פון באַוווסט־זיניקע מענטשן, וועלכע ווייסן, וואָס עס איז געוואָרן מיט זייערע נאָענט־סטע.

מיר ווילן שטאַרבן ווירדיק. די נעקאָמע־מעגלעכקייטן זײַנען אָבער אין וואַלד גרעסערע. מיר קאָנען נישט אַהין קומען ווי בעטלער, נאָר ווי אַקטיווע פּאַרטיזאַנער.

אַ געהעריקע צוגרייטונג דערצו איז אין איצטיקן מאָמענט נישט מעגלעך, דעריבער מוזן מיר די גאַנצע ענערגיע ווידמען דער זאַך פון ווידערשטאַנד־אַקציע.

צ י פּ ו י ר ע 29) : עס איז שווער עפּעס צו זאָגן, עס איז שווער זיך אַליין אויסקלײַבן דעם טויט. איך פיל באַ זיך אַ צעשטרייטונג, אַ געראַנגל צווישן לעבן און טויט. עס איז פאַר מיר נישט וויכטיק, צי איך, אָדער אַן אַנדערער וועט בלײַבן לעבן. נאָך דעם, וואָס מיר האָבן איבער־געלעבט און געזען מיט די אייגענע אויגן, גייט דאָס אונדז שוין נישט אָן. איך באַטראַכט זיך אָבער טיפער אָף די פּראָבלעמען פון דער באַ־וועגונג.

מיר זײַנען שטאָלץ דערפון וואָס אונדזער באַוועגונג האָט געלעבט אין די שווערסטע מינוטן פון פּוילישן ייִדנטום. מען האָט מיך און אַ סאַך אַנדערע געבראַכט פון ווילנע. מען איז געווען זיכער, אַז עס וועלן גע־ראַטעוועט ווערן די סאַמע ווערטפולסטע מענטשן.

---

29) בירמאַן פון ווילנע.

מען האָט נישט געבראַכט מיך, און נישט דיך, מען האָט געבראַכט די באַוועגונג. איצט שטייט די פראַגע: צי דאַרף די באַוועגונג לעגאַמרע אונטערגיין? צי האָט זי דערצו דאָס רעכט?

מיר זײַנען אַ באַוועגונג פון יידישן פאָלק. מיר דאַרפן זײַן מיט אים אינאיינעם אין די דײַגעס און יעסורים, אויב עס גייט אָבער אינעם רעכט צו פאַרבלײַבן, זאָג איך: יאָ, מיר האָבן די פולע רעכט אַף דעם. עס קאָן זײַן, אַז אונדזער באַוועגונג וועט זײַן די איינציקע, וועלכע וועט נעמען אַ וואָרט, אויב מען וועט דאַרפן. אַ בײַשפּיל איז וואַרשע. עמעס, אַ העלדישער, שיינער, מענטשלעכער טויט, אָבער קיינמאָל נישט קיין טאָט פון אַ באַוועגונג. דער אויפטו פון דער באַוועגונג וועט זײַן — בלײַבן.

בלײַב נישט אין נאָמען פון פאַרבלײַבן, נאָר אין נאָמען פון אונדזער ווײַטערדיקער אַרבעט. ווײַטער וועבן דעם פאָדים, וואָס איז נאָך אַף קיין איין מאָמענט נישט געוואָרן איבערגעריסן אין די פינצטערע טעג.

שמוליק: צום ערשטן מאָל אין לעבן אַ פאַרזאַמלונג וועגן טויט. מיר טרעטן צו צו דער ווידערשטאַנד־אַקציע נישט דערפאַר, קעדיי צושאַפן געשיכטע, נאָר קעדיי צו שטאַרבן מיט אַ באַוווסטזיניקן טויט, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר דער יידישער יוגנט אין דער צײַט. און אויב עמעצן וועט זיך אײַנגעבן צו שרײַבן די געשיכטע, וועט זי זײַן אַן אַנדערע, איידער די געשיכטע פון די שפּאַנישע יידן, וועלכע זײַנען געשפּרונגען אין פײַער מיט אַ טפילע אַף די ליפּן. — און איצט וועגן דער אַקציע גופע. פון אַלע אונדזערע דערפאַרונגען ווייסן מיר, אַז מיר טאָרן נישט האָבן קיין צוטרוי צו די דײַטשן, נישט געקוקט אַף אַלע האַווטאָכעס, אַז די וואַרשטאַטן וועלן ווערן געשאַנעוועט, אַז נאָר די נישט־אַרבעטנדיקע וועלן אַרויסגעפירט ווערן אאַ״וו. דורך אַזאַ אײַנשלעפערן און דעזאָריענטירן איז זיי געלונגען אַרויסצופירן טויזנטער יידן צו דער שכיטע.

אָבער טראָץ אַלעמען האָבן מיר שאַנסן אַרויסצוגיין פון דער לעצטער אַקציע גאַנץ.

אַלע ווילן אויסשפּילן אַף דער צײַט. דאַרפן מיר אויך האַנדלען אין דער ריכטונג. דורך דער קורצער צײַט, וואָס בלײַבט אונדז, קאָנען מיר אַרבעטן און באַרײַכערן אונדזער געווער, וועלכע איז קליין אין צאָל און אָרעם. אויך אין דער ריכטונג פון וואַלד, ווו מיר קאָנען דערפילן אַ צווייפאַכיקע אויפגאַבע, דאַרפן מיר טאָן.

איך וויל נישט, מען זאָל מיר שלעכט פאַרשטיין און אורטיילן דאָס איצטיקע באַהאַלטן זיך אין דער צײַט פון אַקציע ווי אַ פּאַכדאָנעס.

ניין און נאָכאַמאָל ניין!

דער אינסטינקט פון לעבן איז באַם מענטש אַזוי שטאַרק, און דאָ מוז מען זײַן עגאָיסטיש. עס גייט מיך נישט אָן, אַז אַף אונדזער כעשבן וועלן גיין אַנדערע. מיר פּרעטענדירן צום לעבן אַ סאַך מער ווי אַנדערע, מיר זײַנען דערצו באַרעכטיקט. מיר האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל פאַר יעדן פּרײַז צו בלײַבן לעבן. מען האָט אונדז געבראַכט פון ווילנע, ווײַל דאָרט האָט מען געפילט אין דער לופט די ליקווידאַציע, און איידעס מוזן פאַרבלײַבן. און דעריבער דאַרף מען מיט אַלע קויכעס זיך באַמיִען, אויב איצט וועט נישט זײַן קיין אַקציע, וואַרטן און אויסשפּילן די צײַט, און אויב מיר שטייען ערעוו אַ ליקווידאַציע, דאַרפן מיר אַלע ווי איינער זיך שטעלן צו דער ווידערשטאַנד־אַקציע.

ס אָ ר ע : איך וויל, אַז די כאַוויירים זאָלן וויסן, וואָס מען וועט באַשליסן, וועל איך טאָן. מיר וווּנדערט נאָר די רויִקייט, מיט וועלכער מען רעדט וועגן דעם.

ווען איך זע אַ דײַטש, ציטער איך אינגאַנצן.

איך ווייס נישט, צי די כאַווײרים, ביפּראָט די מיידלעך וועלן האָבן גענוג קויעך צו דעם, איך האָב פריִער געזאָגט, וואָס איך טראַכט, אָבער איך גלייב אַליין נישט אין די אייגענע קויכעס.

י ע כ ע ז ק ל : איך בין נישט אײַנשטימיק מיט סאָרען. אין אַנבילק פון טויט קאָן מען ווערן זייער שוואַך און מאַכטלאָז. אָבער מען קאָן אויך ווערן זייער שטאַרק. עס איז נישטאָ וואָס צו פאַרלירן. איך בין מיט אומעט מאַסקים, אַז מען דאַרף אָנהייבן אַ ווידערשטאַנד־אַקציע, אָבער נאָר אין אַנבליק פון ענדגילטיקער ליקווידאַציע.

ע ט ל : קאָנקרעט. אויב די אַקציע וועט אויסברעכן אין די נאָענטסטע טעג, דעמאָלט בלײַבט אונדז איין אויסוועג — אָנהייבן דעם קאַמף. אָבער אויב מיר וועלן האָבן מער צײַט, דאַרפן מיר אַרבעטן אין דער ריכטונג אַרויסצוגיין אין וואַלד.

האַלעוואי זאָל איך קאָנען אויספירן דאָס, וואָס איז אַף אונדז אַרויפגעלייגט. עס קאָן זײַן, אַז אין לויף פון די געשעענישן וועל איך זיך שטאַרקן. יעדנפאַלס בין איך דעצידירט צו טאָן אַלץ, וואָס וועט זײַן נייטיק.

ריכטיק האָט געזאָגט הערשל — אונדזער טעטיקייט וועט זײַן אַ פאַרצווײַפלטע. מיר ווילן יאָ, אָדער נישט — אונדזער גורל איז אַ גע־כאַסמעטער. עס איז אונדז נאָר געבליבן אויסצוקלײַבן אַזאַ, אָדער אַנ־דער טויט. איך בין רויק און באַהערשט.

מאָרדכי: די שטעלונג פון די כאַווײרים איז קלאָר. מיר וועלן אַלץ טאָן אַרויסצופירן וואָס מער מענטשן צו פאַרטיזאַנישן קאַמף אין וואַלד. איטלעכער פון אונדז, וואָס וועט זיך אין דער צײַט פון אַקציע געפינען אין געטאָ, מוז רעאַגירן באַם ערשטן אַרויסגעפירטן ייִד. מיר מוזן זיך נישט צווישן זיך דינגען וועגן לעבן. מען דאַרף פאַרשטיין די אָביעקטיווע באַדינגונגען.

די וויכטיקסטע זאַך: ביז דער לעצטער רגע אײַנהאַלטן דעם כאַ־ראַקטער און דעם שטאָלץ פון דער באַוועגונג״.

* * *

צו די דאָקומענטן פון דעם כעשבן האָנעפּעש געהערט אויך די ברייי־טערע באַמערקונג, וואָס טענענבוים גיט צו זײַנע נאָטיצן און אין וועל־כער ער שרײַבט אָט וואָס:

„פאַרוואָס האָבן מיר נישט אָנגעהויבן קיין קאָנטראַקציע? מיר האָבן געוווּסט, אַז דער סאָף פון ייִדנטום אין ביאַליסטאָק איז — פאַר־טיליקונג. אַ פולשטענדיקע פאַרטיליקונג, ביזן לעצטן. מיר האָבן אַרויס־געגעבן דעם מוילעך די ערשטע טויזנטער, קעדיי (נישט צו ראַטעווען! — דאָס איז אוממעגלעך) צו פאַרלענגערן דאָס לעבן פון אַ צענט ביילעק פון פוילישן ייִדנטום אַף נאָך אַ כוידעש, אַף נאָך כאַדאָשים. יעדער טאָג — אין דער איצטיקער סיטואַציע אָפן פראָנט און אין לאַנד — האָט געקאָנט ברענגען די געולע. יעדער טאָג אַלץ נאָענטער צו פרילינג, צו זון, — דאָס זאָגט: נאָך הונדערטער ייִדן, וואָס באַהאַלטן זיך אין די וועלדער, נאָך ייִדישע יוגנט, וואָס פירט אַן אַקטיווע פאַרטיזאַנישע מיל־כאָמע און טוט נעקאָמע־נעמען קעגן סוינע, דעם „ניין״ האָבן מיר גע־זאָגט. מיר זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך, ווען נישט, וואָלט שוין נישט גע־ווען אַפילע קיין איין ייִד״.

* * *

אָט אַזוי האָבן זיך געראַנגלט אין די רייען פון דעם קערן פון „צוויי־טן בלאָק״ צוויי צוגאַנגען: איינער, וואָס איז רעפּרעזענטירט אין דער דיסקוסיע דורך טענענבוימען, הערשל ראָזענטאַל, כאַנויך זשעלאַזנאָגורא,

יויכעוועד, עטל, וועלכע פאָדערן אַ קלאָרע שטעלונג פאַרן באַלדיקן קאַמף; אַ צווייטער, פאַר וועלכן עס ראַנגלט זיך כאַים, וועלכער פאָדערט: בלײַבן לעבן. טייל מיטגלידער וואַקלען זיך. עס איז אינטערעסאַנט, אַז ציפוירע בירמאַן האָט שפּעטער רעווידירט איר מיינונג און איז געוואָרן איינע פון די לײַדנשאַפטלעכסטע קעמפער פאַר דער אידעע פון באַלדיקן און קאָמפּראָמיסלאָזן ווידערשטאַנד 30). אין לויף פון דער דיסקוסיע בייגן זיך צו מאָרדכעס, הערשלס, כאַנויכס שטאַנדפּונקט אַ ריי וואַקלדיקע, ווי סאָרע. דער זאַל סימפּאַטיזירט מיט טאַמאַראַפּס קאַמפלאָזונג און רעאַגירט מיט צווישנרופן אויף כאַימס אויספירן.

אַן ענלעכע דיסקוסיע — האַגאַם אין אַ קלענערן פאַרנעם — קומט פאַר אויך אין די רייען פון שאָמרישן קיבוץ „תל עמל". אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג טרעטן ארויס יענדזשעי (יאַנקעוו לעביעד) און אַריע (לייבל ווײַנשטיין) מיט דער מיינונג, אַז די הויפּט־אויפגאַבע איז איצט דער קיום פון דער באַוועגונג און דאָס ראַטעווען שרידים פאַר דער געשיכטע און פאַר דער אליה נאָך דער באַפרײַונג; זיי לייגן פאַר צו זוכן וועגן אין וואַלד אַרײַן און צו רעטונג 31). די מערהייט פון האַשוימער האַצאַיר באַקעמפט די דאָזיקע שטעלונג 32).

לעפי־ערעך אין דער זעלביקער צײַט קומט פאַר אַן ענלעכער כעשבן האַנעפש־פּראָצעס אין די בונדישע רייען. די דיסקוסיעס אַנטוויקלען זיך דאָ ביז אַפּריל־מײַ. אַ שטאַרקן רוישעם האָט דאָ געמאַכט די יעדיע וועגן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. די יעדיע האָט געבראַכט און פאַרשפּרייט דער יונגער הערשל פלוימענבוים, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט געהאַט אַ ווידערשטאַנד־שטעלונג און פאַר איר געקעמפט. עס קומט פאַר אַ זיצונג פון דער גרופּע און עס פאַלט דער ענדגילטיקער באַשלוס: אַנשליסן זיך אין דער זעלבשוץ און ענטפערן אויף אַ גיירעש־אַקציע מיט אַ ווידערשטאַנד־קאַנטראַקציע 33).

דער פאַלהעלטנישמעסיק קליינער פאַרנעם פון דער ערשטער זעלבשוץ האָט פאַרשטאַרקט בײַ די יעניקע אַנטיפאַשיסטן, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז דאָס געטאָ קאָן נישט פאַרוואַנדלט ווערן

(30 זע אויבן.
(31 גראָסמאַן, ז' 287.
(32 דאָרטן.
(33 נ"א פון א. אסאוויצקי.



**מוישע עפּלבוים (ביאַלער)**
אַ אַקטיוועור רעוואָלוציאָנער, געפאַלן
בעיים דער „שאַבעס"־אַקציע



**פּסאַכיע מאַלער („טאַדעק")**



**כאַ:ם לאַפּטשינסקי**
העלדישער קעמפער, אומגעקומען אין
אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ



**שעפּסל באָראָוויק**

אין אַ פּלאַצדארם פון קאַמף (יעהודיס נאָוואָגרודזקא און אַנדערע), די נישט ריכטיקע מיינונג, אַז מען דאַרף דעם קאַמף אַריבערטראָגן נאָר אין וואַלד 34). די טעטיקייט פון אָט דער גרופּע ווערט ענערגישער טאַקע נאָך די פעברואַר־געשעענישן 35).

אָבער די מערהייט פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע און איר אָנפירונג האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע מאָמענטן אין דער ערשטער זעלבשוץ און געשטויסן די געטאָ־אונטערערד צו באַזײַטיקן די הויפּט מענגל: די צעשפּליטערטקייט און ניט־קאָאָרדי־נירטקייט 36).

34) ב. וואַסערשטיין, דאָרטן.
35) דאָרטן.
36) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ, מ. בוד און י. ריווקינד.

# קאַפּיטל זיבן

## אייניקייט אין קאַמף

איצט זײַנען שוין די אונטערהאַנדלונגען צווישן די צוויי אונטער־ערדישע בלאָקן געגאַנגען ענערגישער. אין די שמועסן האָט מען גערעדט שוין נישט בלויז וועגן קאָאָרדינאַציע, נאָר וועגן געמיינזאַמער אַרבעט, וועגן געאייניקטן נאַציאָנאַלן אַנטיפאַשיסטישן ווידערשטאַנד־פראָנט.

אין זײַנע נאָטיצן, אין וועלכע עס איז דאָ אַ רייד וועגן אָט די אונ־טערהאַנדלונגען, קלאָגט זיך טאַמאַראָף, אַז די פאַרשטייער פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע ריידן אין אַ טאָן פון אַזעלכע וואָס פילן זיך ווי די באַלעבאַטים פון אונטערערד. דער דאָזיקער זיכערער טאָן איז געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך. די פירער פון דער אַנטיפאַשיס־טישער אָרגאַניזאַציע האָבן אָפּגעשאַצט דעם אייגענעם קויעך ווי דעם גרעסטן אין צאָל אין דער גאַנצער אונטערערד. דאָס זײַנען געווען מענ־טשן מיט אַ יאָרנלאַנגער דערפאַרונג פון קאַמף קעגן די פאַשיסטישע און פאַשיזירנדיקע פאַקטאָרן אין אַמאָליקן פוילן. כוץ דעם האָט זיך דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט געפילט ווי דער אָנפירנדיקער און ווידער־שטאַנד־שטויסנדיקער פאַקטאָר פון סאַמע אָנהייב אָן. די אַנטיפאַשיסטי־שע טוער, ווי די איניציאַטאָרן און אָרגאַניזאַטאָרן פון דער ערשטער הילף־אַקציע פאַר די סאָוויעטישע מילכאָמע־געפאַנגענע און קאָרבאָנעס פון היטלעריסטישן טעראָר, האָבן זיך באַטראַכט ווי די, וואָס האָבן צעוויגט דאָס געטאָ און אַרײַנגעצויגן אין אַקטיווער אַרבעט קעגן דעם אָקופּאַנט באַדײַטנדיקע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג 1). דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט — ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון אַן אַל־

1) ג"א פון ר. וואָיסקאָווסקאָ און י. ריווקינד.

געמיינער, נישט בלויז יידישער באַוועגונג — האָט געהאַט די וויכטיק־סטע פאַרבינדונגען מיט דער „אָרישער" זײַט און מיטן וואַלד. און לע־סאָף דער איקער: דער פּאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק ווי אַ גאַנצער איז געקומען צו די נאָכפעברואַר־אונטערהאַנדלונגען מיטן „צווייטן בלאָק" מיט דער דערפאַרונג פון דער ערשטער זעלבשוץ, מיט אויפטועון און קאָרבאָנעס. איבעריקנס, האָבן זיך אַלע אין געטאָ אָפּגע־געבן אַ דין־וועכעשבן פון דער באַדײַטונג פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע 2). ווען טענענבוים טרעפט זיך דעם 23טן יאַנואַר מיט די פאָרשטייער פון „בונד" קוסטין און גאָלדבערג, גייט אַרויף דער שמו־עס קוידעם־קאָל אַף דער טעמע: ווי האַלט עס מיט דער פאַרבינדונג מיט די קאָמוניסטן. ווען דעם 29טן יאַנואַר זעט זיך טענענבוים מיט באַראַשן און אַנדערע טוער סײַ פונעם יודענראַט, סײַ מיט אַ ריי ציאָניסטישע און בונדישע אַסקאָנים, שטעלן ווידער אַלע דעם פאָרשטייער פון „האַכאָלוץ" די פראַגע: פאַרוואָס איז נישטאָ קיין קאָנטאַקט מיט די קאָמוניסטן! 3). אייניקע פרעגן, ווײַל זיי האַלטן, אַז אָן דער שותּפעס מיט דער אַנטי־פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע וועט צו קיין מאַמאָשעסדיקע מײַסים נישט קומען. אַנדערע — אַ שטייגער, באַראַש — וויל האָבן אַזאַ פאַרבינדונג, ווײַל: „זיי (די קאָמוניסטן — ב. מ.) קאָנען דאָך באַשליסן, נישט פרעגנדיק אונדז" 4).

עס איז קלאָר, אַז מאַכמעס די אַלע אומשטענדן איז דער טאָן פון די אַנטיפאַשיסטן בעייס די טרעפונגען מיט טענענבוימען און זײַנע כאַ־ווײרים געווען אַ זיכערער און אַ פאָרויסשטויסנדיקער.

אָבער נישט דער טאָן האָט גוירעם געווען דערצו, וואָס עס איז נישט טייקעף און דירעקט נאָך דעם טראַגישן פעברואַר געקומען צו דער פאַראייניקונג פון ביידע בלאָקן. עס איז געווען אָן ערנסטע שייד־ליניע צווישן אָט די צוויי אונטערהאַנדלדיקע קויכעס. די שייד־ליניע איז קוי־דעם־קאָל נאָך אַלץ באַשטאַנען אין דער אונטערשייד פון דער שטעלונג לעגאַבע דעם יודענראַט. אַפילו נאָך דעם ווי יצחאָק ענגעלמאַן, באַראַ־שעס פריערדיקער שוימער הסף און לייב־וועכטער, איז אַוועק פון אָט דעם פּאָסטן, זײַנען נאָך פונדעסטוועגן די פעדים צווישן דעם „צווייטן

2) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

3) טענענבוים, נאָטיצן פון 23טן און 29טן יאַנואַר 1943.

4) דאָרטן.

בלאָק" און די יודענראַט־פירער נישט פאַרשווונדן, בעייס דער אַנטי־פאַשיסטישער בלאָק האָט מיט באַראַשן נישט געוואָלט האָבן קיין שום מאַגע־ומאַסע. עס איז קלאָר געוואָרן, אַ כוץ דער פּרינציפּיעלער אַנטי־יודענראַט־איינשטעלונג, האָט שוין דער עצם קאָנטאַקט און יישעוו מיט באַראַשן געקאָנט זיין נישט מער ווי אַ שטערונג פאַר עמעסער ווי־דערשטאַנד־אַרבעט. אין דער טייַנע וואָס דער יודענראַט־פירער האָט גע־האָט צו טענענבוימען, אַז „זיי, (די קאָמוניסטן) קאָנען דאָך באַשליסן נישט פרעגנדיק אונדז" איז געלעגן די מוירע פאַר אַ קאָמף־אַרויסטריט, פונקט אַזוי האָט אין זיינע אָנבאָטן צו די אַנטיפאַשיסטן (דורך ענגעל־מאַנען), זיי זאָלן נעמען באַ אים געלט און גאָלד אָף זייער אַרבעט, גע־שטעקט באַראַשעס כיישעק אַריינצונעמען אונטער זיינע פליגן אַלע ריכ־טונגען פון דער געטאָ־אונטערערד, בעסויכעם אויך די עקסטרעם־לינקע. אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט האָט דעם אָנבאָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן 5). כוץ דעם האָבן די קאָמו־ניסטן מוירע געהאַט זיך צו דעקאָנספּירירן פאַר באַראַשעס יויצער מע־שאָרסים. אין זיינע נאָטיצן פון 2טן פעברואַר 1943 גיט איבער טענענ־בוים דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געהאַט דער פירער פון די רעכטע פּאָאַלע ציאָן כמיעלניק פון זיין טרעפונג מיט די קאָמוניסטישע פאַרשטיי־ער: „זייער טאַקטיק איז אַזוי ווי בעייס דער טרעפונג מיט מיר (מיט טענענבוימען — ב. מ.) — אַ סאַך פרעגן, ווייניק זאָגן". די קאָמוניסטן זיינען געווען פאַרזיכטיק, דעריבער האָבן זיי זיך געהאַלטן באַ אָט דער טאַקטיק 6).

...דערווייל האָט איטלעכער פון די בלאָקן געזאַמלט קויכעס, קעדיי קומען צו זיך נאָך די שווערע קלעפּ פון די פעברואַר־געשעענישן. מיט פאַרשטאַרקטער ענערגיע טרעטן צו ווידער אויפצושטעלן די רייען און זיי צו קרעפטיקן די כאַוויירים פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַ־ציע. אַ כוידעש נאָכן פעברואַר־אומגליק — אין מאַרץ 1943 — שטייט שוין די אָרגאַניזאַציע ווידער אָף די פיס. עס קומט אין אָט דעם כוידעש פאָר אַ דעלעגאַטן־קאָנפערענץ פון דער אָרגאַניזאַציע אין אַ קאָנספּיראַ־טיוון לאָקאַל אָף ניי־וועלט. דעם פאָרזיץ האָט געפירט ריווקע שינדער־וואַיסקאָווסקאַ; מיט רעדעס זיינען אַרויסגעטרעטן דאַניעל מאַשקאָוויטש,

5) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ און מ. בוד.
6) דאָרטן.

יאַשקע קאַווע, יאַקובאָוויטש; אַ באַריכט פון די פאַרבינדונגען מיט דער באַוועגונג אַף דער „אַרישער" זײַט גיט אָפּ מאַלקע (מאַריליע) רוזשיצקאַ; מיט אַ דיך־וועכעשבן פון דעם צושטאַנד פון די געווער־מאַגאַזינען טרעט אַרויס וועלוול וואָלקאָוויסקי. אַף אָט דער קאָנפערענץ פאַלן גורלדיקע באַשלוסן: שאַפן אַ יִדישע פּאַרטיזאַנישע מאַכנע אונטערן נאָמען „פּאָרויס" אין ביאַליסטאָקער וועלדער; פאַרשפּרייטן די אומלעגאַלע פּרעסע סײַ אין געטאָ, סײַ אין וואַלד; דערפירן צו אַ פאַראייניקונג פון אַלע ווידערשטאַנד־גרייטע קויכעס אין געטאָ־אונטערערד. עס ווערן פאַנאַנדערגעטיילט די פונקציעס צווישן די אָנפירנדיקע כאַווײרים. מאָשקאָוויטש וועט זיך ווידמען די איניאָנים פון מיליטערישער אויסשולונג. גרישע לונסקי וועט זיך פאַרנעמען מיט דער פּרעסע, וואָלקאָוויסקי — מיט די געווער־פאַרגרייטונג. אַף דורכצופירן ביזן סאָף די אונטערהאַנדלונגען מיטן „צווייטן בלאָק" ווערן באַשטימט מאָשקאָוויטש, קאַווע, יאַקובאָוויטש און מאַנדעלבליט 7). די קאָנפערענץ גייט אַדורך אונטערן גײַסט און פאַרענדיקט זיך מיטן שלוס־אַקאָרד: נאָך וואַרשע מוז נעמען אַ וואָרט ביאַליסטאָק! מיר טאָרן נישט פאַרשעמען די טראַדיציעס פון דער ביאַליסטאָקער אַרבעטערשאַפט! 8). — נאָך וואַרשע — דאָס האָט געמיינט: נאָך דעם באַוואָפנטן אַרויסטריט פון דער יִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ אין יאַנואַר 1943, וועגן וואָס די ביאַליסטאָקער געטאָ־אונטערערד האָט געוווסט פון דעם פּ.פּ.רישן אָרגאַן „גלאָס וואַרשאַווי" 9).

די דאָזיקע שלאָג־לאָזונגען ווערן איינגיכן אַ קיניען פון דער גאַנצער אונטערערד. אָנהייב כוידעש יוני איז שוין די פאַראייניקטע ווידערשטאַנד־באַוועגונג אַ פאַקט און די געאייניקטע זעלבשוץ — אַ יעש. די שוטפעס פון אַקציע איז אָבער פאַרווירקלעכט געוואָרן אַ שפּאָר ביסל פריִער. די פּלאַטפאָרם פון דער געמיינזאַמקייט און פאַראייניקונג איז — זעלבשוץ 10). אין מעשעך פון זומער ציילט די איינהייטלעכע זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע אין וועלכער עס שליסן זיך אָן אַלע: קאָמוניסטן, שאָמ־

7) נאָטיצן פון מ. בוך (מעכאַבערס אַרכ').
8) דאָרטן.
9) אַרכ' יִיה"א, נומ' 77/69: „אַ פּויליש פלוג־בלעטל וועגן די קאַמפן פון יִדישן זעלבשוץ אין וואַרשע".
10) ג"א פון כ. גראָסמאַן.

רים, „דראָר״־כאַווירים, בונדיסטן, די יוגנט פון „האַנאָאַר־האַציוני, — אַרום פינף הונדערט מיטגלידער 11). דער אָרגאַניזאַציאָנעלער יעסאָד פון דער זעלבשוץ איז אַ טאָפּלטער: העט לויטן אַרבעטס־געביט (פאַבריקן, וואַרשטאַטן), העט לויטן טעריטאָריעלן פּרינציפּ (גאַסן, הײַזער). נישטאָ קיין געביט אין געטאָ ווו עס זאָל זיך נישט געפינען אַ קעמערל פון זעלבשוץ; דאָס גרונט־קעמערל ציילט פינף מענטשן. די „פינפטלעך״ זײַנען אַרומגענומען דורך גרעסערע אייניהײַטן, און דער גאַנצער שעטעך פון געטאָ ווערט אײַנגעטיילט אין דרײַ געביטן, אין דרײַ זעלבשוץ־אָפּטיילונגען: 1) קופּיעצקע גאַס; 2) ביאַליסטאָטשאנער און נײַ־וועלט; און 3) יוראָווצער מיט אַלע אָפּצווײַגונגען. בעראָש פון די דרײַ אָפּטיילונגען שטייען; דער קאָמוניסט דאַניעל מאָשקאָוויטש; דער שאָמער זאָרעך זיסקינד־זילבערבערג, דער דראָרניק מאָרדכע טענענבוים 12). די דרײַ כאַווירים בילדן די אָנפירונג פון דעם שטאַב פון דער זעלבשוץ, העיויס מאָרדכע טענענבוים מוז זיך האַלטן אין שטאַרקער קאָנספּיראַציע, פאַרטרעט אים אָפט אין דער פּראַקטישער שטאַב־אַרבעט יִסראָעל מאַרגאָליס (סראָלעק דער ווײַסער) 13).

מיט דער גאַנצער אַרבעט פון די פאַראייניקטע קויכעס פירט אָן אַ צווישנפּאַרטיישער עקזעקוטיוו, אָדער אַ קאָאָרדינאַציע, אין וועלכער עס גייען אַרײַן פאָרשטייער פון אַלע גרופּירונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם געאייניקטן ווידערשטאַנד־פראָנט. דער עקזעקוטיוו האָט נישט קיין סטאַבילן באַשטאַנד. יעדע גרופּע שיקט אַף אירע זיצונגען אַמאָל דעם אָנפירנדיקן כאַווער, אַמאָל אַ צווייטן; דאָך קומען ס׳ראָוו די זעלביקע מענטשן. מיצאַד דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע זײַנען עס; דאַניעל מאָשקאָוויטש, יאַשקע קאַווע, מיעטעק יאַקובאָוויטש, כאַיע מענדעלסאָן. די שאָמרים ווערן פאַרטרעטן דורך זאָרעך זיסקינד־זילבערבערג און כאַיקע גראָסמאַן. די פאָרשטייער פון די כאַלוצים זײַנען מאָרדכע טענענבוים, הערשל ראָזענטאַל („יאַשינקאָווער״), רווון ראָזענבערג. די בונדישע גרופּע פאַרטרעט קוסטין, אָדער בערקנער, דער

11) דאָרטן.
12) דאָרטן; אויך נ״א פון י. ריווקינד, ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
13) נ״א פון ב. וויניצקאַ

די אַפּיציעלע פאַראייניקונג פוןביידע בלאָקן איז פאַרגעקומען פײַערלעך בײַ געדעקטע טישן. די אָנוועזנדיקע האָבן געטרונקען לעכאַים און געמאַכט אַ „שהחיינו והגענו לזמן הזה״ (גראָסמאַן, ז׳ 310).

"האַנאָאַר האַציוני" — דאָוויד דער ווילנער 14). אַ ברייטערע דיסקו־סיע אַנטוויקלט זיך אַרום דער פראַגע פון דעם קאַנדידאַט אָפּן קאָמאַנ־דיר פון דער זעלבשוץ. די קאָמוניסטן רוקן אַרויס די פּערזאָן פון דאַניעל מאָשקאָוויטש. און די כּאַדאָשים מאַרץ־אַפּריל זײַנען די פאָרשטייער פון „צווייטן בלאָק" קעגן דער קאָמוניסטישער קאַנדידאַטור. קעדיי צו דער־גרייכן אַ האַסקאָמע, זײַנען די קאָמוניסטן גרייט צו רעזיגנירן פון זייער קאַנדידאַט און רוקן אַרויס אַף דעם קאָמאַנדיר אַ שאָמער. אָבער אויך אַף דעם איז דער „צווייטער בלאָק" נישט מאַסקים. אין מעשעך פון דרײַ זיצונגען האָט מען נישט געקאָנט קומען צו קיין אײַנשטימיקייט. דער „דראָר" האָט פאָרלאַנגט די דאָזיקע פּאָזיציע פאַר זיך, לעסאָף איז גע־קומען צו אַ פּשאָרע: עס ווערן באַשטימט צוויי גלײַכע קאָמאַנדירן: דאַ־ניעל מאָשקאָוויטש און מאָרדכע טענענבוים 15).

אין דער פראַקטיק איז די אַרבעט צווישן די צוויי קאָמאַנדירן אײַנ־געטיילט געוואָרן אַזוי, אַז מאָרדכע טענענבוים האָט געפירט די זיצונ־גען פון דעם עקזעקוטיוו, און דאַניעל מאָשקאָוויטש האָט זיך געווידמעט דער אָנפירונג מיט דער מיליטערישער אויסשולונג פון דער זעלבשוץ 16). מאָשקאָוויטש האָט געגעבן די גרופּן־פירער לעקציעס פון שלאַכט־טאַקטיק און באַאַרבעט מיט זיי די פּלענער פון קאַמף־אַרויסטריטן און פּאָזיציע־פאַרטיידיקונגען. אַ שטאַרקע הילף האָט ער אַף דעם געביט געהאַט מי־צאַד זאָרעך זיסקינד־זילבערבערג און יִסראָעל מאַרגאַליס 17).

דאָס צוזאַמענשליסן די רייען, די שוטפעסדיקייט פון אַקציע, די פאַרברידערונג האָט אַרײַנגעגאָסן אַ נײַעם גײַסט אין די געמיטער, וואָס זײַנען נאָך דעם פעברואַר־גיירעש געווען צעבראָכן פון די איבערלעבע־נישן און שוידערלעכע אָווײדעס. די ערשטע צײַט נאָכן אומגליק אָט זיך נישט איינעם געדאַכט, אַז אַלץ איז געענדיקט, אָבער די אייניקייט און דורך איר באַגײַסטיקטע אַקטיווקייט האָט אַרויסגערופן פרישן ענ־טוזיאַזם 18). די פאַרברידערונג איז געווען אַ פאַקט. עס האָבן זיך קעגנ־זײַטיק געהאָלפן פאַרשיידענע פאַראייניקטע אונטערערד־אַקטיוויסטן, זיך

14) נ"א פון י. ריווקינד און מ. בוה, און אויך — פון כ. גראָסמאַן און א. ליאַד.
15) נאָטיצן פון מ בוד.
16) דאָרטן.
17) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
18) ג"א פון כ. גראָסמאַן.

איינער דעם צווייטן אויסגעהאָלפן מיט קאָנספּיראַטיווע דירעס, מיט מאַטעריעלע מיטלען און שלאַכט־לערע 19). די פאַרברידערונג פון די אונטערערדישע אַקטיוויסטן האָט געווירקט אַף סטאַם־יידן, וועלכע האָבן שטיל אין האַרצן געכאָלעמט וועגן נעקאָמע, אַז זיי זאָלן זיך אויך אַריינ־ציען אין דער הייליקער אַרבעט. די ערשטע האָבן זיך געשטעלט אין רעשוס פון דער זעלבשוץ די פורמאַנעס, וועלכע האָבן געהאָלפן סיי מיט גרויסע געלט־מיטלען, סיי ווי פאַרבינדלער מיט דער דרויסנדיקער וועלט 20). אַף רוזשאַנער געסל האָט געוווינט די אַלטע פרוי עסטער בראַמזאָן. איר אייניקל האָט געאַרבעט ווי אַן עלעקטראָטעכניקער אין אַ דייטשישער פירמע מיכוץ דעם געטאָ. יעדן אָוונט פלעגט ער ברענגען יעדיעס, וואָס ער פלעגט בעסאָד־סוידעס אויפכאַפּן פון מאָסקווע און לאָנ־דאָן. די אַלטיטשקע האָט אַלץ פאַרשריבן, און פרייטיק באַנאַכט, ווען עס זיינען געקומען די שכיינים און באַקאַנטע, האָט זי אויסגעשפּרייט אַפן טיש אָנשטאָט אַ שאַבעסדיקן טישטעך אַ קאַרטע און איבערגעגעבן געטרוי אַלץ, וואָס דער אייניקל האָט געבראַכט אין מעשעך פון דער גאַנצער וואָך. דאָס הויז אַף רוזשאַנסקע איז געוואָרן אַ קוואַל פון טרייסט, אַן עמעסע קאָנספּיראַטיווע דירע, פון וואַנען מענטשן פלעגן אַוועקגיין אין אַ געהויבענער, שטאַרקער שטימונג 21).

צווישן אַזעלכע פּאָשעטע פאָלקס־מענטשן האָט די פאַראייניקטע זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע געפירט אַ ברייטע טעטיקייט, און נישט בלויז געגעבן אויפקלערונג, נאָר אויך גענומען, געזאַמלט געלט־מיטלען אַף באַ־וואָפענונג. אין די כאַדאָשים מיי און יוני איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע געלט־זאַמלונג אין געטאָ 22). עס ווערן אין דער זעלביקער צייט געקליבן מעדיקאַמענטן, וועש, מונדירן פאַר די פּאַרטיזאַנער. אין אָט דער אַקציע האָט זיך קוינע־שעם געוועזן די אַנטיפאַשיסטישע אַקטי־ויסטקע רעניע ווערניק, וועלכע מען האָט דערפאַר גערופן „די מאַמע פון די פּאַרטיזאַנער" 23).

מיט אַ באַזונדערער אינטענסיווקייט צייכנט זיך אויס די אינפּאָר־

---

19) נ"א פון מ. בור.
20) דאַרטן.
21) נ"א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ.
22) נ"א פון ש. קאַזשעץ און ט. ציטראָן (אַרכ' פון ייִה"א, פּראָט' נומ' 1473).
23) נ"א פון מ. בור.

מיר אַרבעט. דער מיטגליד פון זעלבשוץ אינזשיניער סאלמאן, וועלכער האָט, קעיעדוא, פאַרמאָגט אין אַ באַהעלטעניש אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, האָט ביזן לעצטן טאָג פון זײַן לעבן נישט דורכגעלאָזט קיין איין ראַדיאָ־אויד־דיציע פון מאָסקווע און לאָנדאָן. אַ געהיימען ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָט אויך באַדינט עזרא אַבעדזשינסקי, אַ מאַטעמאַטיק־לערער, דער שכיינעס־דיקער גראַיעווע. אַ פאַרקאָנספּירירטן ראַדיאָ האָט אויך באַדינט דער מיטגליד פון נאָוואָגרודזקאס גרופּע מייער מוטשניק 24), און אויך דער שוסטער אַרן גלעטשינסקי 25). אַ דאַנק דער מעסירעס־נעפעשדיקער אַר־בעט האָט דער שטאַב פון דער אָרגאַניזאַציע געקאָנט טאָג־אײַן, טאָג־אויס אַרויסלאָזן קאָמוניקאַטן וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן. מיט דער צײַט איז דער שטאַב צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן העקטאָגראַפירטע קאָמוניקאַטן, און נישט בלויז אין יידיש, נאָר אויך אין פּויליש פאַר דער באַפעלקערונג אויף דער „אַרישער" זײַט. די קאָמוניקאַטן האָבן געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט אויף די פאַבריקן, זיי האָבן געטראָפן אין די וועלדער, צו די פאַרטיזאַנער. אין קאָנספּיראַטיווע דירעס פלעגן די זעלבשוץ־אַקטיוויסטן אײַנאָרדענען בעציבערדיקע לייענונגען פון די קאָמוניקאַטן. דאָס איז גע־ווען איינע פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער טעטיקייט פון דער זעלב־שוץ־אָרגאַניזאַציע. דער ייִד איז אַרויס נאָך אַזאַ לייענונג געמונטערט, ער האָט דערפילט, אַז זײַן גורל איז געבונדן מיט אַ גרויסן געראַנגל, אַז ער איז נישט אַליין, דאָס געטאָ האָט אַזוי אַרום געוווּסט וועגן יעדן זיג פון דער רויטער אַרמיי, וועגן יעדן דערפאָלג פון די פאַרבינדעטע 26). באַם פאַרשפרייטן די דאָזיקע קאָמוניקאַטן זײַנען טעטיק געווען: כאַנען עפּראָס, דער דערמאָנטער מייער מוטשניק, לייזער וויסאָצקי, לייבל שעווק, אווראָם ניימאַן 27).

אַ באַזונדער אָרט אין די אויפרופן און איבערזיכטן האָט פאַרנומען די אינפאָרמאַציע וועגן וואַרשע. עס איז שוין געווען נאָך אַפּריל 1943 און דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט שוין אויסגעהאַלטן דעם צווייטן שלאַכט־אַרויסטריט. אין וואַרשע האָט זיך געפונען יאָסף דרייערס אַ ברודער, יאַנקעוו (קובא) — איינער פון די אַקטיוויסטן פון דער פּוילי־

24) נ"א פון ש. דאַטנער.
25) נ"א פון ק. באַראַקין.
26) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
27) נ"א פון י. ריווקינד.

שער אַרבעטער־פּאַרטיי אין געטאָ. קובאַ האָט רעגולער געשיקט אינפאָר־מאַטיווע מאַטעריאַלן דעם ברודער אין ביאַליסטאָק דורך אַ זעכצן־יאָריקן יאָט, אַ פאַרבינדלער מיטן נאָמען יוזשעק 28). אינפאָרמאַציעס פון וואַר־שע פלעגט אויך ברענגען דער 18־יאָריקער שמוגלער מיעטעק 29).

די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע האָט אײַנגעשטעלט אָפטערע און פעס־טערע פאַרבינדונגען מיט וואַרשע. עס פלעגט קומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ דער פאַרבינדלער פון דער וואַרשעווער פּוילישער אַרבעטער־פּאַר־טיי און פון יידישער אָפּטיילונג „סטאַשעק" 30). דער דאָזיקער ענער־גישער באָכער, וואָס איז לויט זײַן באַרוף געווען אַן אַקטיאָר, האָט אויס־געצייכנט געשפּילט די ראָל פון אַ דײַטשישן באַן־קאָנדוקטאָר און געבראַכט פון מאָל צו מאָל „אַרישע" דאָקומענטן, אינסטרוקציעס, אומלעגאַלע לי־טעראַטור. גוטע פאַרבינדלער צווישן דעם ביאַליסטאָקער געטאָ און די אָנפירנדיקע יידישע אַנטיפאַשיסטישן פון וואַרשע זײַנען געווען דאָס ווײַסרוסישע מיידל מאַלאַשקאַ און אַ געוויסער יידישער פורמאַן מיטן פסעוודאָ „ראַמעק" 31).

די ביאַליסטאָקער יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אײַנגעאָרדנט אַ פאַבריקל פון פאַלשע קריסטלעכע דאָקומענטן, וועלכע האָבן געהאָלפן אירע אַקטיוויסטן זיך צו באַוועגן אַף דער „אַרישער" זײַט. אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער וויכטיקער און געפערלעכער אַרבעט האָט העליא זיל־בערשטיין, אַ געבוירענע אין דער שכיינעסדיקער שטאָט גראַיעווע, אַן אינזשיניער־ליטאָגראַף לויט דער אויסבילדונג. זי האָט געלעבט אַף דאָ־קומענטן פון אַ פאָלקס־דײַטשקע און געאַרבעט אַלס סעקרעטאַרן אין אַ דײַטשישער פירמע 32).

די ביאַליסטאָקער געטאָ־זעלבשוץ האָט געפירט אַ שטרענג־קאָנספּי־ראַטיוון לעבן — אַלנפאַלס אין דעם ערשטן פעריאָד פון איר אַנטשטיין, וואָס האָט נישט געשטערט איר מאַסן־טעטיקייט. אָפטמאָל האָבן די קעמ־פער געקענט בלויז די נאָענטסטע דרײַ־פיר כאַוויירים. פאַרשטענדיקט האָט מען זיך אַף אַ ספּעציעל־אויסגעאַרבעטן קאָנספּיראַטיוון לאָשן, אַ

28) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
29) נ"א פון י ריווקינד און ר. וואַיסקאָווסקאַ.
30) נ"א פון מ. בוד.
31) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
32) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

שטייגער: „כאַנקע איז געווען אין טעאַטער אַכט אַזייגער?" „ניין, זי איז געווען צען אַזייגער". דער טײַטש איז געווען: אין געהיימען אַרסענאַל האָט מען געבראַכט אַכט, צי צען שפּײַערס? 33). פון די קאָנספּירירטע קעמערלעך האָבן זיך געצויגן די פעדים צו דער מאַסע, וועלכע האָט געקענט אַ סאַך פון די אונטערדערדישע קעמפער, זיי אַרומגערינגלט מיט אַכטונג, ליבע און זאָרג 34).

אַ כוץ אַ פּאָליטישער און מיליטערישער אַרבעט האָט די זעלבשוץ אָרגאַניזאַציע געפירט אויך אַ קולטור־טעטיקייט. אירע קרײַזן האָבן אײַנגעאָרדנט ליטעראַרישע שמועסן און פּאָעזיע־אָוונטן; מען האָט דיסקוטירט איבער די פאָרגעלייענטע זאַכן, מען האָט פאַרלאַנגט אַ דיכטונג, וואָס זאָל וועקן צום קאַמף און שטאַרקן דעם גײַסט 35).

אָט די גאַנצע פאַרצווײַגטע טעטיקייט איז געווען געווענדעט אין איין ציל: ווידערשטאַנד, באַוואָפענונג, סאַבאָטאַזש. שוין סאַך מאַרץ רעדט זיך אַף אַ פאַרטרוילעכער קאָנפערענץ פון ביאַליסטאָקער געשטאַפּאָ און שופּאָ וועגן דער נייטיקייט צו פאַרשטאַרקן די וואַכזאַמקייט לעגאַבע דעם געטאָ מאַכמעס די סאַבאָטאַזש־אַקציעס פון די יידן 36). אַ קורצע צײַט שפּעטער לאָזט אַרויס דער יודענראַט אַ מעלדונג, אין וועלכער עס זאָגט זיך אָט וואָס: „לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט דאַרף מען די לופט־פלוגבלעטלעך, וואָס זײַנען געפונען געוואָרן אין געטאָ, טייקעף ברענגען אין יודענראַט, צימער דרײַ, פאַר באַהאַלטן אַזאַ פלוגבלעטל דראָט די גרעסטע שטראָף" 37). די אַקטיווע טעטיקייט פון דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע האָט שטאַרק באַאומרויִקט די דײַטשע באַלעבאַטים פון שטאָט.

איינער פון די מיטלען פון דער דײַטשישער מאַכט, וואָס האָבן געדאַרפט נאָך מער טעראָריזירן די לעבנגעבליבענע יידן, איז געווען דאָס אײַנפירן אַ קאַזאַרמע־רעזשים לעגאַבע די, וואָס זײַנען נאָך אַרויס אַף אַרבעט מיכוץ דעם געטאָ־טכום. איטלעכער האָט באַקומען אַ נומער, גע־

---

33) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
34) דאָרטן.
35) נ"א פון מ. בוד.
36) „צווישנדײַטשישע קאָרעספּאָנדענץ".
37) מעלדונג פון י"ר פון 20טן מערץ 1943.

גאַנגען צו דער אַרבעט איז מען גרופּעסווײַז, אין אַ מיליטערישן סיידער און אונטער קעסיידערדיקער שמירע פון באַוואָפנטע זעלנער 38).

אײַנצײַטיק האָט זיך די געשטאַפּאָ ענערגישער גענומען צו דער־דריקן די ייִדן מאָראַליש און פּסיכיש, צו האַלטן זיי אין קעסיידערדיקן פּאַ־כעד און נישט־זיכערקייט. ציווילע פאָלקס־ און שטאַם־דײַטשן האָט אײַנגערוימט באַקאַנטע און צופעליקע ייִדן אָפן אויער אַ סאָד: „איר וועט לעבן ביזן ערשטן מײַ, נישט מער, דערנאָך וועט זײַן מיט אײַך קאַפּוט" 39).

די רעזולטאַטן זײַנען אָבער פאַר די דײַטשן געווען נישט קיין גע־הויבענע. פון אַ צווייטן צאַד זײַנען צו די ייִדן דערגאַנגען ידיעס, וואָס האָבן, פאַרקערט, געמוטיקט און אָנגעגורט מיט ביטאָכן.

פון פראָנט זײַנען געקומען ידיעס וועגן ווײַטערדיקע ניצחונעס פון דער רויטער אַרמיי. סטאַלינגראַד! — דאָס וואָרט האָט אָנגעוואָרפן אַן אימע אויף יעדן דײַטש, האָט געהויבן דעם מוט פון די געטאָ־אַרעסטאַנטן. אין ביאַליסטאָק האָבן זיך באַוויזן די ערשטע גרופּעס דײַטשן מיט שוואַרצע בענדער „סטאַלינגראַד" אויף די אָרעמס. די לעגענדע וועגן דער אומבאַזיגלעכקייט פון דער דײַטשישער אַרמיי האָט געפּלאַצט 40).

פון וואַרשע זײַנען די נײַס געווען אי טרויעריק, אי דערמוטיקנדיק. די גרעסטע ייִדישע קהילה אין אייראָפּע האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם־צוג, אָבער איר שטאַרבן איז געווען אַ העלדיש אומקומען אין קאַמף, אין אויפשטאַנד. איר בײַשפּיל האָט גערופן, האָט אָנגעפּילט מיט שטאָלץ 41). דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויך אין דער ביאַליסטאָקער זיכערקייט־פּאָליציי. מען איז דאָ געווען מיט דער מיינונג, אַז פאַר דער דײַטשער מאַכט איז דאָס געווען אַ דורכפאַל 41א).

צווישן די פערציק טויזנט באַם לעבן איבערגעבליבענע ביאַליסטאָ־קער ייִדן זײַנען געוואַקסן די האַשפּאָעס פון דער זעלבשוץ. אָט די זעלב־

38) נ"א פון י. ריווקינד.
39) דאָרטן.
40) נ"א פון י. ריווקינד.
41) אַרכ' ייִה"א, נומ' 86/46.
41א) ענטפער פון פרידעל אויף ש. דאַטנערס אַנקעטע, אַרכ' ייִה"א.

שוין האָט עס באַוויזן, אַז דער ערשטער מײַ איז אָנשטאָט „קאַפּוט" געוואָר אַ טאָג פון מוט און קאַמף. נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרבעט־לאַגער,, האָט די געטאָ־אונטערערד דורכגעפירט דעם ערשטן מײַ אַ מערקווירדיקע דעמאָנסטראַציע. לעקאָוועד דעם דאָזיקן פרײַהייט־יאָנטעוו האָט יאָסעף דרייער אָנגעשריבן אַ פלאַמיקן אויפרוף, וואָס איז פאַרשפרייט געוואָרן אין די פאַבריקן און הײַזער 42). דעם ערשטן מײַ גופא זײַנען אַלע געקומען אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, אָבער קיינער האָט זיך נישט צוגערירט צו דער אַרבעט. די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע האָט פּראָקלאַמירט אַ גענעראַל־שטרײַק 43). ווען דאָס איז דערגאַנגען צו באַראַשן, האָט ער גענומען אַרומלויפן איבער די אַרבעטס־פּלעצער און אַ טויט־בלאַסער זיך געבעטן באַם אוילעם, מען זאָל נישט אומגליקלעך מאַכן דאָס געטאָ. „איך נעם אַראָפּ פון זיך יעדע פאַראַנטוואָרטלעכקייט", — האָט ער געשריגן 44). שטאַרק געטומלט האָט אויך דער דירעקטאָר פון אַ יודענראַט־פאַבריק וואַקסמאַן ווען האָט פאַר זײַנע אַרבעטער דעם ערשטן מײַ געהאַלטן אַזאַ רעדע: „נישט די, וואָס גייען אין וואַלד זײַנען העלדן: פון דעם וועט נאָר לײַדן די יידישע באַפעלקערונג; העלדן זײַנען די, וואָס האַלטן אויס; וואָס בעסער מען וועט אַרבעטן פאַרן דײַטש, אַלץ בעסער וועט זײַן פאַר די יידן. עס קאָן זײַן, אַז נאָך דער מילכאָמע וועט מען מיך אויפהענגען, אָבער איך וויל שוין דערלעבן ביז נאָכן קריג און זאָל מען מיך דעמאָלט אויפהענגען" 45).

די קאָנטראַגיטאַציע האָט נישט געהאַט קיין פּעולע. אַף באַראַשעס און וואַקסמאַנס רעדעס האָבן די אַרבעטער אין די פאַבריקן געענטפערט מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" 46). אַף די פאַבריקן האָט מען געטיילט דרייערס אויפרוף און סאַלמאַנס ראַדיאָ־ביולעטינען. אין אָוונט האָבן די אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן — שוסטער, שנײַדער, בעקער, טריקאָטאַזשניקעס — געפּראַוועט יאָנטעוודיקע מאָלצײַטן און אונטערן שלייער פון סודעס אָפּגעהאַלטן פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען 47).

42) נ"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
43) דאָרטן, אויך — נ"א פון י. ריווקינד, מ. בוד און אַ. אָסאָוויצקי.
44) נ"א פון ב. שאַצמאַן
45) נ"א פון י. לערמאַן.
46) נ"א פון א. רוד און ל. טשאַפּניק.
47) דאָרטן.

די שטרײַקנדיקע האָבן אַרויסגעשיקט אַן ערשטמײַיקן גרוס צו די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער 48).

דער יודענראַט איז געווען זייער באַאומרויִקט מיט דער מײַ־דעמאָנ־סטראַציע, ביפראַט, אַז דער נײַ־אויפגעקומענער הויפּט־מאַסער, דער אַל־פאָנס שעפּעטאָווסקי, האָט גענומען סקאַנדאַלעווען און סטראַשען, אַז ער גייט מאַסערן. מוירע האָבנדיק פאַר אַ נײַער צאָרע, האָט באַראַש עפּנט־לעך באַשולדיק שעפּעטאָווסקין אין גאַנווענען דײַטש געלט. די קרימינאַל־פּאָליציי האָט דעם כעווערעמאַן אַרעסטירט און דער איניען ערשטער מײַ איז פאַרטושט געוואָרן 49).

באַראַש האָט געהאַלטן פון דעם מעטאָד צו באַקעמפן זײַנע סאָנים און קאָנקורענטן מיט זייער אייגענעם געווער, צו ענטפערן אַף מעסירע מיט מעסירע, אַנדערע מיטלען האָבן אָנגעווענדעט די כאַוויירים פון זעלבשוץ. זיי האָבן דערקלערט אַ קאַמף די שפּיאָנען און מאַסרים.

די גרעסטע צאָרעס האָט דאָס געטאָ און ביפראַט די אונטערערד גע־האָט אויסצושטיין פון די כעווערע־לײַט די ברידער יודקאָווסקי און זייער שוטעף צוויקליטש. זיי זײַנען עס געווען די אויגן און די אויערן פון געשטאַפּאָ אין דעם יידן־ראַיאָן.

אין כוידעש מײַ האָט דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט אַרויסגע־געבן אַ טויט־אורטייל אַף די אויסוואורפן 50). מען האָט גענומען נאָכ־שפּיאָנירן די געשטאַפּאָ־שפּיאָנען און צוגרייטן דאָס אויספירן דעם מיש־פּעט. אין כוידעש יוני איז דאָס מעקויעם געוואָרן.

דער ערשטער איז „דערליידיקט” געוואָרן דער עלטערער יודקאָווסקי. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט באַזוכט פון צײַט צו צײַט אַ זוינע, וואָס אין איר שכיינעס האָט געוווינט אַ כאַווערטע פון דער אָרגאַניזאַציע. מען האָט דעם מענוול אויסגעשפּירט. אָבער באַלאָנים אַף נעקאָמע נעמען זײַנען געווען אַ סאַך; נישט בלויז דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט, אויך די פורמאַנעס האָבן געהאַט זייער כעשבן מיט יודקאָווסקין, וועל־כער האָט געהאַט געמאַסערט אַ שמוגלער. אַף לוצקער געסל האָבן די פורמאַנעס אָפּגעגעלייגט מיט מעסערס דעם עלטערן יודקאָווסקי 51).

---

48) ג"א פון מ. בוד

49) ג"א פון ד. טשאַפּניק און א. רוד.

50) ג"א פון מ. בוד און י. ריווקינד.

51) דאַרטן

דער מאָסער איז נאָר שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און געבליבן ליגן אין שפּיטאָל אַף פאַבריק־גאַס. זײַנע צוויי ברידער און צוויקליטש, וועל־כע האָבן אָנגעהויבן זיך אויסבאַהאַלטן אויסער דער געטאָ, זײַנען איינ־מאָל אים געקומען מעוואָקער כוילע זײַן; אָבער דאָ האָבן שוין געלויערט די קעמפּער פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. די צוויי יונגינ־קע כאַווערטעס מיקא דאַטנער און באסיע קאָטשאַלסקאָ האָבן אויסגע־שפּירט ווו די מאָסרים גייען. צו דער קאַמף־גרופּע וואָס האָט געדאַרפט אויספירן דעם טויט־אורטייל, האָבן געהערט: נאָסן (נאַטעק) גאָלדשטיין, רוּוון לעווין, מוישע (מאַרעק) בוך, יודל פון קרינעק, פּסאַכיע (טאַדעק) מאַלער און נאַכמען שטעפּער. די נעקאָמע־נעמער האָבן זיך פאַרטאַיעט אַף עק אָגראָדאָווע און פאַבריק־גאַס. ווען די שפּיקעס זײַנען אַדורכגע־גאַנגען, זײַנען געפאַלן עטלעכע שאָסן. צוויקליטש איז געפאַלן טויט, איינער פון די יודקאָווסקיס איז אָפּגעקומען מיט אַ ווונד 52).

אַף צומאָרגנס זײַנען אויסגעקלעפּט געוואָרן דורך צוויקליטשעס גוטע ברידער קלעפּסידרעס: „צוויקליטש טראַגיש אומגעקומען״. ייִדן זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען און געזאָגט: — אַ שיינע, ריינע קאַפּאָרע! 53).

דער אויטאָריטעט פון דער זעלבשוץ איז אין געטאָ שטאַרק אויפ־געוואַקסן 54).

---

52) ג"א פון ש. קאַזשעץ, ש. דאַטנער און מ. בוך.
53) ג"א פון ש. דאַטנער.
54) ד"ר טעוויע ציטראָן: „די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער גע־טאָ", אַרכ׳ יִוָה"א, נומ׳ 828/48.

# קאַפּיטל אַכט

## באַוואָפֿענונג

די וויכטיקסטע און ברענענדיקסטע אויפגאַבע, וואָס די פאַראייניקטע זעלבשוץ האָט זיך געשטעלט, איז געווען: געווער! מיטן געדאַנק פון איינשאַפן קליי־זאַין האָט געלעבט די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון אונטן ביז אויבן 1). אַז די פּוילישע גוט־באַוואָפנטע רעכטע אונטערערדישע מיליטער־פאָרמאַציעס וועלן נישט קומען דעם געטאָ צו הילף מיט אַט דער טײַערסטער זאַך, וואָס וועגן איר האָט געכאָלעמט די קאַמף־גרייטע ייִדישע יוגנט, מיקויעך דעם האָבן זיך די פירער פון זעלבשוץ נאָכאַמאָל דערוווסט באַלד אין די כאַדאָשים מאַרץ און אַפּריל. ווען אַף טאַמאַראַפּס פאַרצווייפלטע ווענדונגען זײַנען מיצאַד יענע געקומען זייער קאַלטע טשוּווּעס. די זעלבשוץ האָט גענאָסן פון דער הילף בלויז פון דער צווייטער אַנטיפאַשיסטישער קראַפט, וואָס האָט געווירקט אין דער פּוילישער אונטערערד. די פּוילישע אַנטיפאַשיסטן זײַנען אָבער נאָך דעמאָלט געווען זייער אָרעם אין קליי־זאַין־אויצרעס.

די זעלבשוץ האָט געמוזט אַליין טראַכטן וועגן אײַנשאַפן געווער. און געשאַפן האָט מען אַף עטלעכע אויפאַנים.

איין אויפן איז באַשטאַנען אין באַגאַנווענען די דײַטשישע אַרסענאַלן. דאָס איז געווען דער סאַמע ריזיקאַלסטער און געפערלעכסטער וועג. די ערשטע גנייוועס זײַנען דורכגעפירט געוואָרן אין די אַמוניציע־מאַגאַזינען אָפּן געביט פון די קאַזאַרמעס פונעם 42טן פּולק. דאָ זײַנען באַשעפטיקט געווען באַ פּיזישער אַוווידעס פערעך אַסאַך ייִדן, בעסויכעם מיטגלידער פון דער זעלבשוץ. לעכאַטכילע האָט מען געשלעפּט פון דאָרטן רויך־ליכט און אָנצינדערס צו גראַנאַטן 2). דאָס זײַנען געווען קליינע

---

1) ג״א פון מ. בור.
2) ג״א פון א. גערשוני.

כפייצים נישט צו באַמערקן מיטן אויג, וואָס מ'האָט זיי געקאָנט לייכט ערגעץ פאַרשטעקן. דערנאָך האָט מען גענומען אַרויסטראָגן אונטער די מאַנטלען גאַנצע גראַנאַטן, טיילן פון ביקסן און אַפילו גאַנצע ביקסן. אין דער זעלביקער צייט האָט מען די קעשענעס אָנגעשטאָפּט מיט קוילן 3). די געגאַנוועטע געווער־טיילן זיינען אין דער ערשטער צייט מאַגאַזינירט געוואָרן אין צוויי ערטער, סיי אפן געביט פון 42טן פּולק גופע, אין אַ פאַרמאַסקירטן קעלער, — דער מאַגאַזיניער איז דאָ געווען דער 14יעריקער פאַרטיזאַן פון די סלאָנימער וועלדער כאַצקל; סיי אין געטאָ, ווו עס האָט אָרגאַניזירט דאָס איבערנעמען די קליי־זאַי וועלוול וואָלקאָוויסקי. וועלכער שאַפט אויך געהיימע אַרסענאַלן 4). אַרויסגעטראָגן געווער האָט מען אויך פון די קאַזאַרמעס פון 14טן ד. אָ. ק.; דאָ זיינען אַף דעם געביט טעטיק געווען: דער געוו. ביבליאָטעקאַר פון דער שאָלעם־אַלייכעם־ביבליאָטעק לעווינסקי און זיין פרוי, הערש שעדלער, שמועל באַשעווקין 5).

דאָס איינברעכן זיך אין די דייטשישע אַרסענאַלן און דאָס גאַנווענען געווער ווערט אַן אָפטע דערשיינונג אין דער טעטיקייט פון דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע. אַט די געפערלעכע עקספּעדיציעס האָבן אַף זיך גענומען די קעמפער רוווען לעווין („סערגיי"), נאָסן גאָלדשטיין („נאַטעק"), וועלוול וואָלקאָוויסקי, הערשל ראָזענטאַל (יאַשינקאָווער), אווראָם נאַכמען ריבאָ, יולעק יאַקובאָוויטש, יודל קרינסקי, מייער ליאָך, כאַנויך זשעלאַזנאָגוראָ, יִסראָעל מאַרגאָליס, מאָטל טשערעמאַשנע, פאַניע האַלפּערין, ריבאַק, שאָלעם קאָזשעץ, מוישע בוך 6). איינגברוכן זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין די דייטשישע אַרסענאַלן אַף דעם דאָרעם־שאָסיי (פּאָלודניאָווע), איינעם געווער־מאַגאַזין פון 14טן באַצירק אַף ליפּאָווע 127, אינעם מאַגאַזין פון בויטען־לאַגער אַף שענקעוויטש־גאַס 61, אינעם רעמאָנט־וואַרשטאַט אַף קראַשעווסקי־גאַס 17. די סאַמע דרייסטע און גרעסטע גנייווע איז דורכגעפירט געוואָרן אינעם אַרסענאַל פון געשטאַפּאָ אַף שענקעוויטש־גאַס 15. דער וואַרשעווער פּאָליט אַווראָם רובין און דער לאָדזשער פּאָליט נאָסן גאָלדשטיין, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אַף דער „אַרישער" זייט, האָבן זיך אַ געוויסע נאָכט אַריינגעגאַנוועט אין דעם דאָזיקן אַרסענאַל

3) נאָטיצן פון מ. בוך.
4) דאָרטן.
5) יעקבֿ־יִעל שעדלער: „מיינע איבערלעבונגען", אַרכ' יִו"א, פּראָט. נום' 2247.
6) נ"א פון מ. בוך, כ. גראָסמאַן, ש. קאָזשעץ, מ. רוזשיצקאַ, י. קאָט

און אַרויסגענומען פון דאָרטן פיר און פערציק שטיק פאַרשיידענע מינים געווער. די דאָזיקע געוואָגטע עקספּעדיציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן בײַ דער מיטהילף פון די זעלבשוץ־כאַווײרים סערגיי לעווין, וועלוול וואָלקאָ־וויסקי און מוישע בוך. די דײַטשישע באַלעבאַטים האָבן זיך גאַנץ שפּעט געכאַפּט און זײַנען שוין נישט דערגאַנגען, ווער עס איז דער שולדיקער 7).
דער דאָזיקער אויפטו האָט געמאַכט אַן אומגעווײנלעכן אײַנדרוק אין די אונטערערדישע קרײַזן און שטאַרק דערמוטיקט די מיטגלידער פון דער זעלבשוץ 8).

דער צווייטער אויפן פון אײַנשאַפן געווער איז געווען דאָס אײַנקויפן פאַרשיידענע רעוואָלווערן, ביקסן און טיילן צו זיי בײַ די פויערים, וועל־כע האָבן געהאַט באַגראָבן נאָך פון דער מילכאָמע־צײַט אונטער דער ערד קאָלערליי קליי־זאַין, און אַפילע בײַ דײַטשן גופע. אַ דרײַסטער געווער־אײַנקויפער איז געווען דער באַקאַנטער פוטבאָליסט פון „מאַקאַבי" גאָלאַנד, אַ מיטגליד פון דער קאַמף־גרופּע פון יעהודיס נאָוואָגרודזקאָ. גאָלאַנד האָט געאַרבעט מיכוץ דעם געטאָ און געהאַט אַ דײַטש, וואָס פלעגט אים פאַרקויפן געווער. דערמוטיקט פון די ערשטע דערפאָלגן האָט גאָלאַנד פאַר־געלייגט דעם זעלביקן מיסכער אַ צווייטן דײַטש; דער האָט אָבער דעם יידישן קעמפער פאַרשאָטן. אין געשטאַפּאָ האָט מען גאָלאַנדן אָנגעטאָן קאָלערליי אינויִם, ער האָט אָבער קיינעם נישט אויסגעגעבן און איז דערשאָסן געוואָרן 9).

מער מאָזל אין אײַנקויפן געווער האָט געהאַט שימען ציבולסקי פון מיכאַלאָווע, אַ סטאָליער פון פאַך. ער האָט געאַרבעט אין דער דײַטשישער קאַסינאָ „פּאָסטהיים", ווו עס האָבן אויך געוווינט אַכציק דײַטשישע אָנ־געשטעלטע, נישט קיין מיטגלידער פון נ.ס.ד.א.פּ. דאָ האָט ציבולסקי מיט עטלעכע פון זיי אָנגעבונדן אַ מאָגע ומאַסע און פאַר גוט געלט אײַנגע־קויפט פון צײַט צו צײַט פאַרשיידענע געווער־שטיקלעך. די ערשטע קניִע איז באַשטאַנען פון פיר גראַנאַטן, דערנאָך האָט ער געמאַכט אַ מיסכער אויף זעכציק קליי־זאַין־טיילן, וואָס אַ כיילעק פון זיי איז אָפּגעשיקט געוואָרן

7) דארטן
8) נ"א פון ל. טשאָפּניק און א. רוד.
9) נ"א פון ש. דאָסנער.

אין וואַלד אַרײַן צו די פּאַרטיזאַנער. אָרגאַניזירט דעם גאַנצן מיסכער און דאָס אָננעמען די סכוירע האָט וועלוול וואָלקאָוויסקי 10).

מיט אײַנקויפן געווער באַ אַ דײַטשישן זעלנער, וואָס האָט מיטגע־פילט מיט די יידן, האָט זיך פאַרנומען אויך אַוראָם מאַנעליס, וועלכער האָט געבראַכט אין געטאָ אַרײַן אַ פּיסטאָלעט, פּאַטראָנען וקעדוימע 11).

די סאַמע שרעקלאַזע סײַ אינעם קויפן געווער, סײַ אין אַריבערשמוג־לען די אײַנגעשאַפענע קליי־זאַין אין געטאָ אַרײַן, איז געווען אַ גרופּע יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך באַוועגט אַף דער „אַרישער" זײַט אַדאַנק זייער „גוטן אויסזען" און אויסערגעוויינלעכער דרייסטקייט.

אַריבערפּעקלען די געפערלעכע טראַנספּאָרטן אין דעם יידן־ראַיאָן פלעגט מען דורך פאַרשיידענע אויפאַנים און וועגן. ליזע, מאַלקע, אַניע, כאַסיע, בראָניע, כײַקע, איבערגעטוענע, פאַרגרימירטע פאַר פּוילישע אַר־בעטער־מיידלעך, האָבן געטראָגן אין געטאָ אַרײַן רערן צו אײַזערנע אויווועלעך: אין די רערן זײַנען געלעגן ביקסן. גראַנאַטן און מעדיקאַמענטן האָט מען געטראָגן אין אָנשטענדיקע לעדערנע פּאָרטפעלן. אַזוי גייען די מיידלעך צו פאַרנאַכט ביזן געטאָ־טויער אַף שענקעוויטש־גאַס און דאָ מישן זיי זיך אויס מיטן האַמוין יידישע אַרבעטער, וואָס קערט זיך אום פון דער אַרבעט אַף דער „אַרישער" זײַט. אומגעזען פאַרן אויג פון דעם דײַטשן שוימער כאַפּן זיי זיך אַרײַן אין געטאָ 12).

נישט שטענדיק האָט מען געקאָנט זיך אַרײַנשלײַכן דורכן געטאָ־טויער. דעמאָלט האָבן די מיידלעך געזוכט אַנדערע וועגן. אין עק פון דעם זײַטיקן ביאַלאָסטאָטשאַנסקע־געסל איז געווען אַ פאַרוואָרלאָזטער הויף, וואָס האָט געגרענעצט מיט דעם געטאָ. דאָ זײַנען די מיידלעך אַריבערגע־קראָכן די דראָט־פאַרצוימונגען און אַריבערגעשפרונגען אין דעם יידן־ראַיאָן 13).

אַז אויב דאָס איז געווען אוממעגלעך — אָפט האָבן זיך דאָ פאַר־טײַעט דײַטשישע שופּאָ־לײַט — האָבן די מיידלעך אַריבערגעוואָרפן זייע־רע מאַטאָנעס איבערן מויער אין אָפגעזונדערטע ערטער, אָדער אַרײַנגע־שטעקט אין לעכער, וועגן וועלכע די געטאָ־כאַוויירים האָבן געוווסט 14).

10) ג"א פון י לערמאַן און כ. נראַסמאַן.
11) אַרכ' יי"ה"א, פּראָט' נומ' 3972.
12) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רור.
13) דאָרטן.
14) דאָרטן.

די סאַמע רירעוודיקסטע געווער־שמוגלערן איז געווען מאַלקע רור־זשיצקאַ. די דאָזיקע אויסגעליטענע רעוואָלוציאָנערן (זי איז אָפּגעזעסן אַ סאַך יאָרן אין סאַנאַציע־טפּיסעס) האָט נישט געוווסט פון קיין רו; זי איז געגאַנגען אָף די געפערלעכסטע עקספּעדיציעס. אנגעטאָן ווי אַ פּויער־טע האָט זי אין אַ קיישל געטראָגן גראַנאַטן, פאַרדעקט פון אויבן מיט קאַרטאָפל און אייער. אַ שווער־קראַנקע, מיט הויכער טעמפּעראַטור, איז זי איינמאָל געגאַנגען אויספירן אַזאַ שליכעס, נישט געקוקט אָף די דערווידערונגען פון די כאַווערטעס, און אויסגעפירט בישליימעס 15).

מיט שטאַרקן פּיזישן אויסדויער האָט זיך אויסגעצייכנט אַניע רוד, וועלכע האָט געקאָנט נעמען אָף זיך די שווערסטע מאַסעס, און שטענ־דיק געלאַסן, באַהערשט, דערפילט אַלץ ביזן סאָף 16).

אַ גרויסער יאָנטעוו איז באַ די יונגע קעמפער געווען, ווען מען האָט אַרויסגעגאַנגעווט פון די קאַזאַרמעס פון צענטן פּולק אַ קוילן־וואַר־פער — דער ערשטן קוילן־וואַרפער, וועלכן די געטאָ־זעלבשוץ האָט בע־מאַטאָנע באַקומען פון די טרײַע מיידלעך, וואָס האָבן דעם קוילן־וואַרפער צענומען און אַוועקגעטראָגן אין געטאָ 17).

די מיידלעך פלעגן מאַכן ווײַטע מעסירעס־נעפעשדיקע נעסיִעס הינ־טער דער שטאָט, ווו נאָר עס איז געווען אַן אויסזיכט צו קויפן אַ שטיקל געווער. בעייס איינער אַזאַ רײַזע האָבן זיי געכאַפּט אַ געוואַלדיקע מעציִע — אַ מאַשין־געווער. די סכוירע האָט זיך געפונען באַ אַ פּוילישן מיל־נער הינטער ביאַליסטאָק, אין וואַשילקאָוו; זײַנען נאָמען איז געווען יאַן. קעדיי עס צו ברענגען אין שטאָט אַרײַן האָבן זיי אויסגענוצט דעם אוי־טאָ פון אַ דײַטש, באַ וועלכן עס האָט געאַרבעט בראָניע וויניצקאַ; דעם דײַטש האָט מען אָפּגענאַרט, אַז מען שמוגלט פלייש 18).

בראָניע וויניצקאַ פלעגט אויך אַרײַנשמוגלען געווער אין לאַבנס ברויט 19).

דער שמוגל פון געווער אין געטאָ אַרײַן איז געגאַנגען דורך דעם הויף פון ערשטן קאָמבינאַט, וואָס האָט זיך געפונען אָפּן גרענעץ צווישן

15) נ״א פון מ. בוד.
16) דאָרטן.
17) נ״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
18) דאָרטן.
19) נ״א פון ב. פערעי און ב. גראַסמאַן.

די צוויי וועלטן. דאָ האָט געווימלט מיט דײַטשן, און דאָך איז רוזשיצקאַ ס׳ראָוו דורכגעגאַנגען מיט מזל. די מיידלעך זײַנען אָפּט אויך דרייסט, ווי קיינמאָל גאָרנישט, געגאַנגען דורכן געטאָ־טויער. ווען דער קאָמבינאַט, אָדער דער געטאָ־אַרײַנגאַנג זײַנען געווען באַשטעלט, האָט מען אויסגענוצט דעם שליאַך פון די געוויינלעכע שמוגלער — הינטער דעם יעסוימים־הויז אַף פאַבריק־גאַס, אָדער מען האָט, ווי געזאָגט, אין באַשטימטע צײַטן אַריבערגעוואָרפן די געווער־טיילן איבערן פּלויט. מיט קאַלט בלוט און גרויס מעסירעס־נעפעש האָבן די אַרבעט אויסגעפירט די שוועסטער בלאַנקע און בובע רובינשטיין, וועלכע פלעגן — שטייענדיק אַף דער „פרײַער" זײַט — אַריבערוואַרפן די סכוירע 20).

נישט זעלטן האָט די געטאָ־זעלבשוץ באַקומען געווער־מאַטאָנעס פון וואַלד, פון די כאַוויירים פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן, ווידער, פון צײַט צו צײַט באַקומען ענלעכע געשאַנקען פון דער געטאָ־אונטערערד. די עקספּעדיציעס אין וואַלד אַרײַן אָפּצונעמען געווער האָבן אָרגאַניזירט דאַניעל מאָשקאָוויטש און מאָרדכע טענענבוים. געהאָלפן אין דעם האָבן דער אַדוואָקאַט בלומענטאַל און דער זעלבשוץ־מיטגליד שאַרפהאַרץ. מען פלעגט די געווער־שטיקער אַרײַנלייגן אין שטשאַפּעס האָלץ און עס פירן מיט אַ פור אין שטאָט אַרײַן. די קעמפער זײַנען איבערגעטאָן געווען ווי פויערים און געטײַנעט, אַז זיי פירן האָלץ פאַר דער פירמע מיללער. אַ צווייט מאָל האָט מען די מאַטאָנעס אַרײַנגעלייגט אין זעק מיט מעל. באַם געטאָ־טויער האָט מען איבערגעקויפט די וואַך, וועלכע איז געווען זיכער, אַז דאָס ווערן געשמוגלט שפּײַז־פּראָדוקטן 21).

אַזוי אַרום איז דער געהיימער אַרסענאַל פון דער געטאָ־זעלבשוץ אין מעשעך פון אַ קורצער צײַט באַרײַכערט געוואָרן מיט קאָלערליי מינים וואָפן: טשעכישע רעוואָלווערן, בעלגישע נאַגאַנען, רוסישע גראַנאַטן, אַלטע פּאַרמילכאָמעדיקע ביקסן 22). אָבער די אײַנגעשאַפּענע זאַכן זײַנען אָפּט געווען צעשרויפט, קאַליע; אָפטמאָל זײַנען דאָס געווען בלויז טיילן, וועלכע מ׳האָט ערשט געדאַרפט צונויפשטעלן או צונויפמאָנטירן. און דאָס האָט אַרויסגערופן די נויטווענדיקייט פון אַ רעמאָנט־וואַרשטאַט אין דער געטאָ־אונטערערד. פון דאַנען איז דערנאָך אַרויסגעשוומען דער

---

20) ג״א פון ם. בוד.
21) ג״א פון ב. בערעי.
22) ג״א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.

געדאַנק צו שאַפן אַן אייגענע געווער־פּראָדוקציע. עפּעס פון דעם מין איז געווען שוין פריִער, ווען מען האָט אָנגעגאָסן פלעשער מיט וויטריאָל. איצט איז די זעלבשוץ צוגעטרעטן צו אַ פיבערדיקער אַרבעט פון פּראָדוצירן אַליין קליי־זאַין 23).

אַף טשיסטע־גאַס נומער צוויי האָט געוווינט דער יונגער אינזשיניער הענעך פאַרבער, אַ מיטגליד פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. אין כיידער איז געשטאַנען אַן איבזערן אייוועלע — אַן אומשולדיקאייוועלע אין וועלכן עס האָט געטליִעט אַ פייער אָנצוואַרעמען ווי עס איז די שטוב. דאָס אייוועלע האָט זיך לײַכט אָפּגערוקט און אונטער אים האָט זיך אינגאַנצן אומזעבאַר געעפנט אַ דעק אין פּאָל. אנדערהאַלבן מעטער אין דער טיף האָט מען זיך אַראָפּגעלאָזט און אָנגעטאַפּט אין דער פינצטער אַ געהיימע קליאַמקע. אַ ריר באַ דער קליאַמקע, עס עפנט זיך אַ טירל, וואָס פירט אין אַ געראַומער קעלער־שטוב. דאָ איז געווען די געהיימע געווער־פאַבריק. דאָ האָט הענעך פאַרבער אויסגעפּאָמפּעוועט פון אַלטע עלעקטרישע לעמפּלעך די לופט און אָנגעפילט מיט פּולווער, דאָ האָט מען פּראָדוצירט פּעטאַרדעס און גראַנאַטן, דאָ האָט פאַרבער אויסגענוצט זײַן גאַנצן וויסן, וואָס ער האָט דעראָבערט אין מעשעך פון עטלעכע יאָר שטודירן אין פּאָליטעכניקום אין טשעכישן פּראַג, אַף צו שמידן געווער קעגן די טאַליאַנים פון זײַן פאָלק. די כאַווייִרים פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָבן פאַרבערן אָנגערופן מיטן נאָמען „קאָוואַדלאָ" 24).

אינאיינעם מיט פאַרבערן זײַנען באַ דער דאָזיקער אַרבעט געשטאַנען, דער ביאַליסטאָקער אינזשיניער פישער און די לאָדזשער אינזשיניערן סכראַנים און הערש רעמבישעווסקי. דערנאָך זײַנען צוגעשטאַנען נאָך צוויי — דער וויסנשאַפטלעכער טוער דער מאַטעמאַטיקער און פיזיקער יאַנקעוו ריווקינד און דער סטודענט פון וואַרשעווער פּאָליטעכניקום סאָקאָלאָוויטש. ריווקינדס אײַנפאַל איז געווען צו קאָנסטרויִרן אַ פײַער־וואַרפער, וואָס האָט געקאָנט ווירקן אַף 150 מעטער. סאָקאָלאָוויטש האָט אַליין צונויפגעשטעלט פיר רעוואָלווערן. די אַרבעט איז זיך צעוואַקסן, און אין פאַרבערס הייל איז געוואָרן ענגלעך. דעמאָלט האָט

---

23) דארטן
24) ג"א פון י. ריווקינד.

זיך סאָקאָלאָוויטש, וועלכער איז געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער שלאָסער און שמיד, איבערגעטראָגן אין אַן „אייגענעם" וואַרשטאַט אויף וואַרשע־ווער גאַס 25).

נאָך איין געהיימער וואַרשטאַט צו פאַריכטן געווער איז געווען אויף קופּיעצקע אין דער דירע פון אַלטן געוו. פּאָליטאַרעסטירטן גאָלדפאַרב און מיטאַרבעטער ביניאַמין שלייפער, אַן אומפּאַרטייִשער. 27).

דער הויפּט־צושטעלער פון דער פּאַרטיקער געווער־פּראָדוקציע צו די געהיימע אַרסענאַלן איז געווען אַווראָם ריבאַ. שפּעטער איז ער אויך געווען איינער פון די הויפּט־צושטעלער פון געווער פון דרויסן אין געטאָ אַרײַן 28).

דער הויפּט־אַרסענאַל פון געטאָ האָט זיך געפונען אין דער דירע פון שאָלעם קאָזשעץ אויף טשעפּלע־גאַס 29).

כוץ פּאַרבערס און סאָקאָלאָוויטשעס הויפּט־וואַרשטאַטן זײַנען אין דער געטאָ־אונטערערד געווען נאָך עטלעכע קלענערע. אויף יוראָוועצער נר־מער 3 און אַנדערע. מיט פּראָדוצירן גראַנאַטן האָבן זיך פאַרנומען דער ווינסשאַפּטלעכער טוער גראַסמאַן 30), לאַנטשיק, סיאַמע קושנער און קובאַ ראָגאָזשינסקי, אַ וועבער און פּיראָטעכניקער אין איין פּערזאָן 31). די גראַנאַטן „מייד אין געטאָ" זײַנען, נאַטירלעך, געווען פּרימיטיווע; העיויס עס איז געווען אַ דויכעק אין אַנצינדערס, האָט מען באַנוצט קנויטן, אויך פון אייגענער אויסאַרבעטונג.

די אַליין־פּראָדוצירטע קליי־זאַין האָט מען אויספּרובירט אָפן אָרט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ געוואַלטיקער אָנשטרענג, קעדיי די עקספּערי־מענטן זאָלן אַדורכגיין אָן אַ שטאַרקן ראַש. נישט שטענדיק איז דאָס אָבער געלונגען. איינמאָל, אָנהייב אויגוסט, איז בעייס דעם מאָנטירן אַ מינע אויף אַ בוידעם אויף טשיסטע־גאַס געשען אַן אומגליק. די מינע האָט אויפגעריסן, און צוויי כאַוויירים זײַנען געפאַלן מיט צעקאַרדאַשעטע אייוורים 32). דער שטאַרקער אָפּהילך האָט אַרויסגערופן אַ כשאַד באַ

25) דאָרטן.
27) דאָרטן.
28) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
29) ג"א פון ק. באַראַקין.
30) לויט טענענבוימס נאָטיצן.
31) ג"א פון אַ ליאַר און כ. גראַסמאַן.
32) ד"ר ט. ציטראָן: „עפּיזאָד פון ביאַליסטאָקער געטאָ, אַן אויפּרײַס פון אַ באַמבע אָפּטשיסטע־גאַס", אַרכ' ייִ"א, פּראָט' נומ' 1287.

די מאַכטהאָבער. אין געטאָ איז טייקעף אַראָפּגעקומען געשטאַפּאָ און אָנגעהויבן אין יודענראַט אַ בקירה ודרישה. דער יודענראַט האָט געהאַט יעדיעס פון וואַנען עס איז געקומען דער אויפרייס, אָבער מ'האָט די דייטשן אײַנגערעדט, אַז אין אַ פאַבריק־אויוון האָט געפּלאַצט אַ קעסל. אַזוי אַרום איז דער איניען פאַריבן געוואָרן, הגם די דייטשן האָבן נישט געגלויבט דעם יודענראַט. לויט דער מיינונג פון געשטאַפּאָ, איז דער אויפרייס געקומען אין רעזולטאַט פון דעם, וואָס באַנדיטן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין געטאָ מיטן ציל צו מאַכן מיט די יידן אַ מיס־בער, אָדער קעדיי צו ראַבירן 33). פון די שטיקלעך צעפּליקטע קערפּערס איז שווער געווען צו דערקענען די אומגעקומענע. בעעמעס זײַנען דאָס געווען די צוויי יונגע קעמפער סאַשע קוכאַרעווסקי און סיאמע גאָלד־בערג 34).

דער סוינע האָט זיך, וואָס אַן עמעס געמוזט מעשאַער זײַן, אַז מען פירט אַרײַן אין געטאָ פאַרדעכטיקטע זאַכן. וואָרעם אָט פאַרצייכנט באַ זיך טאָמאַראָף אַזא פאַל: „אין אַ וואָגן, וואָס איז אַרײַנגעפאָרן אין געטאָ, האָט מען בעשאָס דער רעוויזיע געפונען אַ רעוואָלווער. דער באָכער, וואָס איז געזעסן אַף דער פור, איז אַנטלאָפן. האָט מען אַרעסטירט דעם באַלעגאָלע. אין אַ צײַט אַרום זײַנען זיי אַרויס זוכן דעם באָכער. אַ דײַטש האָט אָנגעטאָן אַ יידישן מאַלבעש מיט די לאַטעס און מיטן פור־מאַנס הילף געפונען צוויי באָכערים. איינער — דער, וואָס איז געזעסן אַפן וואָגן, איז אַרעסטירט און געבראַכט געוואָרן אין געשטאַפּאָ. דער צווייטער האָט געשאָסן אינעם דײַטש און אים געהאַרגעט, דערנאָך האָט ער געשאָסן אין זיך און איז אומגעקומען. אין געטאָ איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. באַ די טויערן קומען פאָר גרינטלעכע רעוויזיעס" 35).

אָבער די דײַטשן האַלטן זיך אַלץ באַ דער טעזע, אַז דאָס זײַנען באַנדיטן פון אויסן. באַנדיטן — איז אין דער דעמאָלטיקער דײַטשישער

33) פרידעל: ענטפער אַף דאַטנערס אַנקעטע.

34) ג"א פון ש. קאַזשעץ און ש. דאַטנער.

35) עס קען זײַן, אַז טענענבוים מיינט דאַ דעם פאַל מיט די צוויי גראָדנער קעמפער באַם טויער פון ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס האָט אַ אָרט אין מאַרץ 1943. די צוויי גראָדנער באָכערים האָבן זיך געוואָלט אַרײַנבאַקומען אין געטאָ. ווען מ'האָט זיי פאַרהאַלטן באַם טויער, האָט איינער אַרויסגעצויגן אַ רעוואָלווער און אויסגעשאָסן אינעם דײַטשן היטער (ג"א פון ק. באַראַ־קין און ש. דאַטנער).

טערמינאָלאָגיע דער פּשאַט — פּאַרטיזאַנער. דער סוינע האָט מוירע גע־האַט פאַר אַ פאַרבינדונג צווישן געטאָ און וואַלד.

און די זעלבשוץ האָט געאַרבעט ווײַטער. דער שמוגל פון געווער־טיילן איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. אָבער עס איז קלאָר, אַז די ייִדן אַליין, אָן קיינעמס הילף, וואָלטן נישט געווען אומשטאַנד דורכצופירן די באַוואָפענונג פון דער זעלבשוץ. אויסער דעם טכום פון געטאָ זײַנען געווען פרײַנט, וועלכע האָבן אין אָט דער שווערער אַרבעט גע־האָלפן די שליכים פון דער געטאָ־אונטערערד.

# קאַפּיטל ניין

## די פּוילישע, ווײַסרוסישע און דײַטשישע אַנטיפאַשיסטן — די פאַרבינדעטע פון די געטאָ-קעמפער

די אָקופּאַנטן האָבן לעגאַבע דער צוקונפט פון ביאַליסטאָק און פון ביאַליסטאָקער באַצירק געהאַט אַ בעפיירעשע פּראָגראַם פון פולשטענדי־קער גערמאַניזירונג 1). עריק קאָך האָט נישט איינמאָל אונטערגעשטראָכן אין זײַנע אַרויסטריטן פאַר די באַאַמטע, אַז דער ביאַליסטאָקער באַ־צירק וועט ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון מיזרעך־פּרײַסן 2). דער באַ־צירק האָט געדאַרפט ווערן גערמאַניזירט נישט בלויז קולטורעל, נאָר ביכלאַל קאָלאָניזירט דורך אַ דײַטשישן עלעמענט; נישט בלויז קיין איין ייִד האָט — לויט אָט דער פּראָגראַם — נישט געדאַרפט בלײַבן אין באַצירק, נאָר אויך די ווײַסרוסן און דאָס ביסל אוקראַיִנער, וואָס האָבן דאָ געוווינט מיקאַדמוינים, האָט מען געדאַרפט נאָכן פאַרענדיקן די מילכאָמע אַרויסשיקן קיין רוסלאַנד און אוקראַיִנע און אויף זייער אָרט ברענגען מאַסן דײַטשן 3). די אָרטיקע פּוילישע באַפעלקערונג האָט גע־דאַרפט ווערן מיט צוואַנג גערמאַניזירט; דער ערשטער טריט דערצו איז געווען דאָס פאַרווערן יעטוועדן מין פּוילישן שול־וועזן 4).

קעדיי צו דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד קעגן אָט דער פּאָליטיק און קעדיי צו קאָנען דורכפירן די עקאָנאָמישע אויספּלינדערונג און די פּאָ־ליטישע אונטערדריקונג, האָט די אָקופּאַנטישע מאַכט געפירט אין ביאַ־

1) מאַכאָל: „די פּאָליטישע באַציִונגען אין באַצירק ביאַליסטאָק אין די יאָרן 1941—1944“, ז׳ 10 (אַרכ׳ ייִה״א).

2) דאָרטן.

3) דאָרטן.

4) דאָרטן.

ליסטאָקער באַצירק די באַקאַנטע טאַקטיק פון „טייל און הערש״. כוץ ייִדן האָבן דאָ געוווינט פּאָליאַקן, ווײַסרוסן, אוקראַינער, רוסן, ליטווינער אַז אויך אַביסל סאָוויעטישע מענטשן, די א״ג „וואָסטאָטשניקעס״, וועלכע זײַנען געבליבן אין אַרומרינגלונג. די היטלעריסטישע פּאָליטיק איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון שאַפן אַנטאַגאָניסטישע אַנצינד־פונקטן צווישן די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע באַפעלקערונג־טיילן. אין אָט דער פּאָליטיק זײַנען דער אָקופּאַנישער מאַכט באַהילפיק געווען די נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן באַ די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע גרופּעס. באַ דער פּוילישער באַפעלקערונג איז דאָס געווען די עקספּאָזיטור פון דער לאָנדאָנער עמיגראַנטישער רעגירונג 5); באַ דער ווײַסרוסישער — דער א״ג „ווײַסרוטענישער קאָמיטעט״ 6); אין געטאָ — דער יודענראַט און זײַנע קרײַזן. אָבער די רעזולטאַטן פון דער „טייל און הערש״־פּאָליטיק זײַנען געווען פאַר די היטלעריסטן נישט קיין געהויבענע. „די ייִדן — שטעלט פעסט וואַלדעמאַר מאַכאַל — האָבן זיך נישט געקלאָגט אַף די באַציונגען מיט דער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג״ 7). דאָס איז אַ וויכטיקער פּראַט, אויב מען וועט נעמען אין אַכט, אַז דער נאַציאָנאַליסטישער „ווײַסרוסישער קאָמיטעט״ האָט געפירט זײַן טעטיקייט לעגאַל; פון מאַכאַלס פעסטשטעלונג דרינגט אַרויס, אַז די דאָזיקע פאַררעטערישע אָרגאַניזאַציע האָט נישט געהאַט קיין שום אָנהאַלט באַ דער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט מיטגעפילט מיט די ייִדן און זיי געהאָלפן 8). מיר האָבן שוין געזען אין די פריִערדיקע קאַפּיטלען, אַז די אָקופּאַנטישע מאַכט האָט מוירע געהאַט פאַר דער דאָרפישער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג ווי פאַר אַ באַזע פון דער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג.

אויך באַ דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט די היטלעריסטישע פּאָליטיק אָנגעטראָפן אַף אַ ווידערשטאַנד. עמעס, דאָ איז די לאַגע געווען אַף אַזוי פיל ערגער, וואָס די נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן האָבן זיך געפונען אין אונטערערד און דאָס האָט געקענט אַרויסרופן דעם

5) ראַרטן, ז׳ 1.
6) ראַרטן, ז׳ 9. אַלפרעד ראָזענבערג האָט געענדערט דעם נאָמען „ווײַסרוסן״ אַף „ווײַסרוטענער״, וואָס איז געווען אַן אויסדרוק פון דער פּאָליטיק צו פּאַרטיליקן די ווײַסרוסישע נאַציע (מאַכאַל, ז׳ 8).
7) ראַרטן, טייל 3.
8) ג״א פון י. ריווקינד.

איינדרוק, אַז זיי קעמפן אויך קעגן די אָקופּאַנטן. אָבער אַ גענויער אַרייַנבליק אין דער סיטואַציע פון דער פּוילישער אונטערערד ווייַזט אויף, אַז די פאַרשיידענע פאָרמאַציעס פון די לאַנדאָן־אָריענטירטע עלע־מענטן, די „מלאַדאַ פּאָלסקאַ", די נ.ס.ז. און די אַ.ק. האָבן זיך אַקטי־וויזירט ערשט אין יאָר 1942, ווען עס האָבן זיך שוין געפונען אין דער ביאַליסטאָקער געגנט פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען 9). ערשט אין יאָר 1942 האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פאָר דער נאַציאָנאַליסטישער פּוי־לישער אונטערערד געלט, געווער, אינסטרוקטאָרן מיצאַד דער דעלע־גאַטור פון דער לאָנדאָנער עמיגראַנטישער רעגירונג 10). דאָס הייסט, אַז די דאָזיקע עלעמענטן האָבן זיך אַקטיוויזירט נישט קעגן די אָקופּאַנטן, נאָר קעגן דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, קעגן דער אַנטיפאַשיסטישער אונטערערד, וואָס איז געוואָרן אין 1942 אַ יעש, מיט וועלכן מען האָט זיך געמוזט רעכענען. אָט ווי וואַלדעמאַר מאַכאַל פאָרמולירט די צילן פון נ. ס. ז. און אַ. ק. אין ביאַליסטאָקער באַצירק: 1) אַרויסטריטן קעגן דייַטשן; 2) קאַמף קעגן די סאָוויעטישע רוסן; 3) אויסראָטונג פון סאָוויעטישע און פּוילישע קאָמוניסטן; 4) פאַרטיליקונג פון יידן 11). עס איז קלאָר, אַז דאָס, וואָס מאַכאַל באַצייכנט ווי „אַרויסטריטן קעגן דייַטשן" איז נישט געווען קיין קאַמף קעגן אָקופּאַנט. נאָר אָדער פּראָזעאַ־לאָגיע, אָדער פון צייַט צו צייַט אַן אַקט, וואָס האָט געדאַרפט אין די אויגן פון דער באַפעלקערונג שאַפן דעם איינדרוק, אַז מען פירט אַ מילכאָמע אויך קעגן די דייַטשן, קעדיי דערמיט צו דעקן דעם הויפּט־קאַמף — קעגן סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, דער פּוילישער אַנטיפאַשיסטי־שער באַוועגונג און די יידן. מאַכאַל שטרייַכט שפּעטער אונטער, אַז בי־פּראַט אין יאָר 1943 האָט זיך פאַרשטאַרקט די אַקטיוויטעט פון נ.ס.ז און אַ. ק. אין זין פון אויספירן קעסיידערדיקע מאָרדן איבער סאָוויעטיש־רוסישע מישפּאָכעס אָפן דאָרף, דערהויפּט אין ראַיאָן לאָמזשע—זעמ־בראָווע—יעדוואַבנע; די נ.ס.ז און אַ. ק. פלעגן דורך אַנאָנימע בריוו אינפאָרמירן די דייַטשישע מאַכט, ווו עס געפינען זיך פּוילישע קאָמו־ניסטן און סאָוויעטישע מענטשן און ס'ראָוו האָבן זיי אַליין דערהאַרגעט די דאָזיקע פּאַטריאָטן. מאָרדן יידן איז באַ נ.ס.ז. און אַ. ק. געווען —

9) מאַכאַל, ז' 1.
10) דאָרטן.
11) דאָרטן, ז' 2.

זאָגט ווײַטער מאַכאַל — אַ נאַטירלעכע זאַך 12). די א. ק. האָט נישט בלויז יידן נישט געוואָלט אַרײַננעמען אין אירע רייען, נאָר בײַ דער ערשטער באַגעגעניש דערשיסן אַן אַ פּאַרוואָס 13). ביפּראַט האָט זיך אין מאָרדן יידן, פּוילישע פּאַטריאָטן און סאָוויעטישע מענטשן אויסגע־צייכנט די באַנדע, וואָס האָט זיך אָנגערופן „מלאָדאַ פּאָלסקאַ". די מיט־גלידער פון אָט דער באַנדע, וועלכע האָט געהערט צו א. ק., האָט „באַ־צירט" די ביימער אין די ביאַליסטאָקער וועלדער מיט אויפשריפטן: „פּאָלסקאַ בעז זשידווו אי ראָסיאַן" — אַ פּוילן אָן יידן און רוסן 14).

עס איז דעריבער קלאָר, פאַרוואָס די היטלעריסטישע זיכערקייט־מאַכט האָט — ווי עס איז מוידע מאַכאָל, — געגעבן דער נ.ס.ז. און אַ. ק. פולע פרײַהייט פון באַוועגונג און טעטיקייט, לאָזנדיק זיי זיך פרײַ איבערטראָגן פון איין אָרט אויף אַ צווייטן און זיך אײַנשאַפן באַוואָפע־נונג 15).

די פאַררעטערישע און מאָרד־טעטיקייט פון נ.ס.ז. און אַ. ק. אין ביאַליסטאָקער באַצירק איז נישט געווען קיין פויעל יויצע פון דער אײַנ־שטעלונג בלויז פון זייערע אָרטיקע שפּיצן, פון דער אָנפירונג פון „ציי־ווילן קאַמף פון ביאַליסטאָקער געגנט" 16). די דאָזיקע פאַררעטערישע און מאָרד־טעטיקייט איז געווען אינסטרואירט פון דעם וואַרשעווער צענטער פון אַ. ק.; די ביאַליסטאָקער א. ק.־אונטערערד האָט באַקומען באַפעלן דירעקט פונעם גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי און אַנדערע פי־רער פון א. ק. אין וואַרשע 17).

די באַנדעס פון נ.ס.ז. און אַ. ק., וועלכע זײַנען נישט געווען גע־רוידעפּט דורך די אָקופּאַנטן, נאָר פאַרקערט — געווען דורך זיי טאָלע־רירט און געשטיצט האָבן אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ באַקעמפונג מיצאַד דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג, וועלכע האָט זיי פאַרטריבן פון די צאָפן־און מיזרעך־טיילן פון ביאַליסטאָקער באַצירק; די נ.ס.ז. און אַ.ק. האָבן — אַ דאַנק דער גינסטיקער באַציונג מיצאַד דער דײַטשישער מאַכט —

12) דארטן, ז' 3.
13) דארטן, ז' 4.
14) נ"א פון מ. בור, ל. טשאַפּניק און א. רוד.
15) מאַכאַל, ז' 4.
16) דאס איז, אַפּאַנעם, געווען דער קאָנספּיראַטיווער טיטל פון דער פאַרשטײַ־ערשאַפט פון דער לאַנדאַנער דעלעגאַטור איז ביאַליסטאָקער געגנט. אַזוי, טיטולירט צו איר זײַן בריוו פון אַפּריל 1943 מאָרדכע טענענבוים־טאַמאַראָף.
17) מאַכאַל, ז' 7.

געקאָנט אָפּפירן אין די דאָרפֿעם־און מיטעלשטייטלעך פונעם באַצירק, דער איקער אין לאָמזשער ראַיאָן 18).

די „אָנפירונג פון ציווילן קאַמף" האָט זיך אין אירע אָפיציעלע ענונציאַציעס אָפגעטרייסלט פון די ייִדן־מאָרדן, וועלכע זײַנען דורכגעפירט געוואָרן דורך „מלאָדאַ פּאָלסקאַ" און אַנדערע פאָרמאַציעס פון נ.ס.ז. און אָ. ק. אָבער אין טאָך גענומען איז די באַציִונג צום ייִדישן גורל געווען די זעלביקע. אָף די פילמאַליקע ווענדונגען פון מאָרדכע טענענבוים צו דער „אָנפירונג פון ציווילן קאַמף" וועגן הילף איז דער טערעץ געווען: ווי איז אַיער, די ייִדישע, באַציִונג צום ראַטנפאַרבאַנד ? 19).

דאָס איז געווען אין דער צײַט, ווען עס האָט זיך שוין צוגעגרייט דאָס פּאַרסאַמטע געקעכץ פון קאַטינער בילבל. אָף אַט דער קלאָץ־קאַשע האָט זיך געענדיקט, קיין שום הילף מיצאַד דער אָפיציעלער פוילישער אונטערערד איז נישט געקומען.

אין אַ בריוו פון 2טן אַפּריל 1943 צו „דער אָנפירונג פון ציווילן קאַמף פון ביאַליסטאָקער געגנט" שילדערט טענענבוים די טראַגישע לאַגע. ער שיקט אַ פאַרצווייפלטן רוף וועגן הילף און געווער, קעדיי צו קאָנען ווירדיק שטאַרבן. אָבער ווידער איז די ייִדישע האַנט געבליבן הענגען אין דער לופט. קיין הילף — אָפילע אין דער מינדסטער פאָרעם — איז נישט געקומען. אָט זײַנען עטלעכע פראַגמענטן פון דעם דאָזיקן בריוו:

„...אין דעצעמבער פון פאָריקן יאָר בין איך... אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק. אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַן אײנהײַטלעכע אָרגאַניזאַציע... ביינעלעביינע איז פאָרגעקומען די ווײַטערדיקע עוואַקואַציע פון די ייִדן פון וואַרשע און די העלדישע פאַרטיידיקונג פון געטאָ אין די טעג פון 19—21 יאַנואַר 1943. אַלע מיטגלידער פון אונדזער צענטראַלע אין וואַרשע זײַנען דעמאָלט אומגעקומען מיט אַ טויט פון העלדן 20).

„איר, הערן, האָט זיך געווענדעט צו אונדז מיט דעם, אַז מיר זאָלן

18) דאָרטן, ז' 6.
19) טענענבוים, נאָטיץ פון 31טן מערץ 1943.
20) קעיעדוע האָט זיך טאַמאַראָף טויע געווען. נישט אַלע זײַנען דעמאָלט אומגעקומען.

אײַך צושטעלן פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל און מיר זאָלן מיטווירקן באַם קאָלפּאָרטירן די אויסגאַבעס, וואָס זײַנען באַשטימט פאַר דײַטשן. מאַ־טעריאַל האָבן מיר צוגעשטעלט און מיר זײַנען גרייט ווײַטער צוצושטעלן. בענעגייע דעם איניען קאָלפּאָרטאַזש האָבן מיר געענטפערט, אַז מיר זײַנען גרייט זיך מיט דעם צו פאַרנעמען, אָבער דאָס קאָן נישט אָננע־מען קיין מאַסן־כאַראַקטער מאַכמעס דער קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון געטאָ און צוליב טאַקטישע טײַמים, עס האָט נישט קיין זין, אַז דײַטשן זאָלן באַקומען אַזאַ מאַטעריאַל פון... יידישע הענט).

„מיר האָבן דעמאָלט אויך געמאַכט אַ קעגנפאָרשלאַג: הילף באַם באַוואָפּענען און באַם אריבערפירן אונדזערע מענטשן מיטן ציל פון די־רעקטן קאַמף מיטן אָקופּאַנט אַפן אָרט און באַ באַדינגונגען, באַשטימ־טע דורך די אָרגאַנען פון דער באַוועגונג (פון דעם „ציווילן קאַמף" — ב. מ.).

„אַף אַזאַ אויפן — עמעס, — אַף אַן אומדירעקטן וועג — איז אָנ־געקניפּט געוואָרן צווישן אונדז אַ קאָנטאַקט. אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען צו מיר אַן ענטפער מיטן לעפי ערעך ווײַטערדיקן אינ־האַלט: „עס איז אונדז זייער פריקרע, אָבער מיר האָבן אַליין אין אונ־דזער רעשוס אַ באַגרענעצטע צאָל געווער. באַלאָנים האָבן מיר אַסאַך. מיר ווייסן, אַז לעגאַבע די דײַטשן פאַרנעמט איר די זעלביקע פּשאָרע־לאָזע שטעלונג, וואָס מיר, אָבער עס בלײַבט נאָך דאָך אַפן די פראַגע סאָוויעטן".

„הערן!

עס איז איצט פאַר אונדז נישט די צײַט צו פירן צווישן זיך פּאָלי־טישע „אונטערהאַנדלונגען". מיר ווענדן זיך צו אײַך, צו די פאָרשטיי־ער פון פרײַען פּוילן, ווי בירגער פון דער פּוילישער רעפּובליק. צוויי הונ־דערט גראַנאַטן, עטלעכע צענדליק רעוואָלווערן וועלן נישט דעצידירן וועגן דעם טערמין פונעם ווידערגעבורט. אָבער זיי קאָנען יאָ דעצידירן וועגן דעם לעצטן טאָג פון דעם צווייטן, לויט דער גרויס געטאָ אין פּוי־לן. אַ צווייטער אויסוועג: אַרויספירן אונדזערע מענטשן צום אַקטיוון קאַמף אַפן געביט.

„צו די דאָזיקע צוועקן שטעלן מיר אין רעשוס פון דער באַוועגונג דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס איז נאָך געבליבן אין געטאָ — נאָכן סיסטעמאַטישן רויב פון די היטלעריסטישע טאַליאַנים.

„מיר וואַרטן אַף אײַער דעציזיע, מיר האָפן, אַז אין דעם מאָמענט פון אָננעמען אַ באַשלוס וועט איר, הערן, אַ טראַכט טאָן וועגן אײַער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר גאָט און פאַר דער געשיכטע.

מ. טאַמאַראָף.

ביאַליסטאָק, 2טער אַפּריל 1943” (21).

קיין שום ווענדונג און איבערצײַגונג האָט נישט באַוויזן צו ווירקן אַף די פאַרשטייער פון דער לאָנדאָנער דעלעגאַטור אין ביאַליסטאָק, וועלכע האָבן אין זייער רעשוס געהאַט קאָלאָסאַלע אויצרעס געווער. דרײַ סיבעס: די לאָזונג פון לאָנדאָן צו שטיין מיט דער ביקס בײַ די פיס און וואַרטן, דער האַס צום ראַטנפאַרבאַנד און די סינע צו ייִדן — האָבן גוירעם געווען אָט אַזאַ שטעלונג. קעדיי פונדעסטוועגן אַראָפּוואַרפן פון זיך די אַכראַיעס, האָבן די ביאַליסטאָקער אַ. ק.־לײַט איבערגעשיקט טאַ־מאַראָפס ווענדונג קיין וואַרשע, צו דער הויפּט־אָנפירונג פון אַ. ק. דער איניען איז איבערגעגעבן געוואָרן „וואצלאוון”, דעם מעמונע פאַר ייִדי־שע איניאָנים אינעם הויפּטשטאַב פון אַ. ק. וואצלאוו האָט די ווענדונג געוויזן ייִדישע פאַרשטייער אין וואַרשע און זיי דערקלערט, אַז עס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ ספּעציעלער אויטאָ מיט געווער פאַר די ייִדי־שע קעמפער אין ביאַליסטאָק. דאָס איז אָבער געווען אַ פּאַשעטער ליגן. דער הויפּט־שטאַב פון אַ. ק. האָט פּראָסט־פּאַשעט אָפּגענאַרט. עס איז קיינמאָל אַזאַ אויטאָ נישט געשיקט געוואָרן, און די ביאַליסטאָקער ייִדי־שע נעקאָמע־נעמער האָבן קיינמאָל קיין הילף פון א. ק. נישט דער־האַלטן (22).

ווי מיר זעען, איז די האַנדלונג פון דער ביאַליסטאָקער לאָנדאָן־אָריענטירטער פּוילישער אונטערערד נישט געווען בלויז קיין אָרטיקע דערשײַנונג. די אײַנשטעלונג נישט העלפן די ייִדן אַפילע צו שטאַרבן ווירדיק איז געפלאָסן פון אויבן, נאָך העכער ווי פון וואַרשע, ווײַל פון סאַמע לאָנדאָן. וועגן דעם האָט זיך איבערצײַגט מאָרדכע טענענבוים נאָך דעם, ווי ער האָט געשיקט אַ ס.אָ.ס.־רוף דורך דער פּוילישער דעלע־גאַטור אין וואַרשע אין כוידעש אַפּריל מיט דער באַקאָשע, עס זאָל

21) „דפים מן הדלקה”, ז' 108—111.

22) יִצחאָק צוקערמאַנס פאָררעדע צו טענענבוימס בוך „דפים מן הדלקה”, ז' 19.

דערגרייכן דורך דעם וועג פון אַ געהיימער פונק־דעפּעשע קיין לאָנדאָן. אינעם דאָזיקן אַליאַרם־בריוו ווערט געשריבן אָט וואָס:

„אין די גרענעצן פון דער געוו. פּוילישער רעפּובליק זײַנען געבליבן באַם לעבן קוים צוויי הונדערט טויזנט ייִדן. דאָס אַרויספירן אין די רע־ציכע־ערטער אין בעלזשעץ, סאָביבאָר, אָשוויענטשים און טרעבלינקע דויערט קעסיידער. דעם 18טן יאַנואַר האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע עוואַקואַציע פון געטאָ אין וואַרשע און די העלדישע פאַרטיידיקונג פון געטאָ.

„אַלע מיטגלידער פון ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט זײַנען געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט. אין וואַרשעווער געגענט — אינאיינעם מיט דער הויפּטשטאָט — איז געבליבן 16 טויזנט ייִדן 23). מען האָט „אויס־גערייניקט" אינגאַנצן פון ייִדן די ביאַליסטאָקער געגנט, איבערלאָזנדיק צײַטווײַליק אַ געוויסע צאָל ייִדן בלויז אין ביאַליסטאָק. אין די געגנטן פון וואָלין, פּאָדאָליע, ווײַסרוסלאַנד, שלעזיע, פּאָמערן, לאָדזשער און וואָלינער קאַנט, מיט אויסנאַם פון קליינע געטאָס אין ווילנע און לאָדזש — איז שוין נישטאָ קיין איין ייִד.

„לעצטנס איז ליקווידירט געוואָרן דאָס קראָקעווער געטאָ. עס קומט פאָר אַ טאָטאַלע ליקווידאַציע פון די ייִדן אין מיזרעך־גאַליציע. אַ ייִדן וואָס ווערט געפונען אין אַ לאַך אָדער אין וואַלד, דערוואַרט אַ באַלדי־קער טויט. עלעקטרישער שטראָם, גאַז, דערשטיקונג דורך וואַסער־דאַמף, מאַשין־געווער, קרעמאַטאָריום — אָט איז די גאָלגאָטע פון מיליאָנען ייִדן פון פּוילן און פון די אָקופּירטע לענדער. יעדער אַרויסגעפירטער גייט אָפּן טויט.

„די דאָזיקע אַקציע דויערט קעסיידער. שולן ווערן פאַרברענט, בייס־אַלמענס — פאַראַקערט. אין מעשעך פון די נאָענטסטע דרײַ כאָדאָשים דאַרפן בלײַבן אַבסאָלוט „יודענריין" אַלע געביטן וואָס ליגן אַף מיזרעך פון דער געוועזענער דײַטשישער גרענעץ.

„נאָך דעם טערמין וועט קיין איין ייִד נישט זײַן בעניִמצע פון דער אָדרע אַזש ביז איבערן דניעפּר. יעדער טאָג באַטײַט — טויזנטער נײַע

23) אַ טאָעס. עס איז נאָך דעמאָלט אין וואַרשעווער געטאָ געווען באַ אַ 70 טויזנט (ערעוו דעם אויפשטאַנד).

מאַרטירער; אַ דורכגעגאַנגענער טאָג באַטײַט — אַ פרישן פּרעס פאַר די פּײַן־ און טויט־לאַגערן.

„ראַטעוועט! ס. אָ. ס.!

„און אויב איר קאָנט נישט ראַטעווען די אײידעס פון דער שוידער־לעכסטער טראַגעדיע אין דער געשיכטע, באַשווערן מיר אײַך:

„פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון אונדזערע קינדער, פאַר די פאַרפּײַניקטע מאַמעס אונדזערע, פאַר אונדזער פאַרשוועכטע הייליקייטן — נעמט פאַר אונדז נעקאָמע!

„פאַרשאָלטן זאָל זײַן דער, וואָס פריידיקט ראַכמאָנעס!

„נעקאָמע, די אָף טויט גייענדיקע, באַגריסן דיך!" 24).

אָף אָט דעם רוף איז פון מײַרעוו קיין שום ענטפער נישט גע־קומען. עס האָט געשוויגן לאָנדאָן, עס האָט געשוויגן וואַשינגטאָן, עס האָט געשוויגן די אָפיציעלע מײַרעוו־אָריענטירטע פּוילישע אונטערערד.

די יידן האָבן געהאַט בלויז איין פאַרבינדעטן פון פרײַנט — דעם לינקן, אַנטיפאַשיסטישן פליגל פון דער פּוילישער אונטערערד, די אַנ־טיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע, אירע פּוילישע, רוסישע, ווײַסרוסישע און דײַטשישע גרופּעס.

נאָכן מאַרטירער־טויט פון אַנטאָני יאַקובאָווסקי האָבן זיך אין שפּיץ פון דער פּוילישער אַנטיפאַשיסטישער, פּאַטריאָטישער ווידערשטאַנד־באַ־וועגונג אין ביאַליסטאָק געשטעלט דער אַלטער אַרבעטער בודזינסקי, אַ מענטש אין די זעכציקער, וואָס האָט פערציק יאָר פון זײַן לעבן אָפּגע־געבן דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, וולאַדיסלאַוו ניעשמיאַלעק, אַן אַרבעטער פון לאָדזש, פראַנציִשעק קויאַווא, אַ פּאָליטישער עמיגראַנט פון זגעזש, און פעליקס לאַרעק — אַלע רעוואָלוציאָנערן מיט אַ טפיסע־סטאַזש פון אַמאָליקן פּוילן. דער סאַמע איבערגעגעבנסטער פאַר די איג־יאָנים פון געטאָ איז געווען דער אַלטער בודזינסקי, דער דאָזיקער גוט־מוטיקער זאָקן איז אויך געווען דער סאַמע קאָרבאָנעסגרייטער. די יידי־שע כאַוויירים האָבן אים גערופן „טאַטע" 25). צו די אַקטיוויסטע פון דער פּוילישער גרופּע האָבן כוץ דעם געהערט: סטשעלטשיק, אַדאַ ליסאַ־קאָווסקאַ, בוטשינסקי, יאַנקאַ 26).

24) אַרכ' יוה"א, נומ' 1843.
25) נ"א פון 5. טשאַפּניק און אַ. רוד.
26) גראַסמאַן, ז' 360.

די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעטיילט אַ גרופּע אַק־טיוויסטן, וועלכע האָבן באַקומען די ספּעציעלע אויפגאַבע — העלפן די שליחים פון דער ייִדישער זעלבשוץ צו שאַפן געווער און עס אַריבער־שמוגלען אין געטאָ אַרײַן.

אַף דער פּשעיאַזד־גאַס, האַרט באַם שאָסיי, וואָס האָט געפירט צום וואַלד, איז געשטאַנען די כאַטע פון דער ווײַסרוסישער פרוי בראַ־ניע זימנאַך. דאָ איז געווען דאָס אָרט, ווו די קוריערנס און געווער־שמוג־לערנס פון דער ייִדישער זעלבשוץ האָבן אויסבאַהאַלטן זייער געפערלע־כע סכוירע פאַרן אַריבערטראָגן עס אינעם ייִדן־ראַיאָן. עטלעכע קילאָמע־טער ווײַטער איז געלעגן דאָס דאָרף באַקונאָוויטש. צוויי טוישווים פון דעם דאָרף, דער פּוילישער פויער אַנטאַני קורילאָ־סאַוויצקי און דער ווײַסרוסישער קאָליאַ באַקונין האָבן געהאָלפן די פאַרבינדלערנס פון געטאָ מיט פורמאַנקעס, מיט מאַטעריאַלן צו מאַנטירן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, מיט אויסשפּיר־ייעדיעס וקעדוימע 27).

אין דער הילף־אַרבעט פאַר די געטאָ־קעמפער זײַנען אויך געווען אַנגאַזשירט די פּוילישע און ווײַסרוסישע כאַווירים וואַצעק וויסאָצקי, סאַוויצקי, באַגניוק, דער פּוילישער אַרבעטער־אַקטיוויסט טאַדעוש פּיסע־ראַ, אַן אָפּשטאַמיקער פון לאָדזש, אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט באַ־זוכט בעשאַטע דעם ראַטנפאַרבאַנד, ער האָט אין משך פון אַ לאַנגער צײַט אויסגעפירט די פונקציע פון אַ פאַרבינדלער צווישן דעם פּוילישן און ייִדישן סעקטאָר פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט; די פאַרבינדונג פלעגט איבערנעמען לייבוש מאַנדעלבליט 28).

דורך די פאַרבינדונגען פון די אַנטיפאַשיסטישע אַקטיוויסטן האָבן די ייִדישע געווער־שליחים אַנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט אויך מיט אומפּאַר־טייִשע, ערלעכע פּוילישע פּאַטריאָטן און געניאָסן פון זייער הילף. דער פּוילישער אינזשיניער סוכאַזשעווסקי, אַ מענטש אָן פּאַרטיי־אַנגעהערי־קייט, וועלכער איז געווען אַנגעשטעלט אין דער פאַבריק פונעם דײַטש מילער, האָט געוווסט פון אַ סאַך באַהעלטענישן מיט געווער; ער האָט עס געשלעפּט פון אומעטום און איבערגעגעבן די ייִדן 29). דורך ליזע טשאַפּניק האָט די אָרגאַניזאַציע אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אַ צווייטן

27) ג"א פון מ. בוד.
28) דאַרטן.
29) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

פוילישן אינזשיניער דאַווידאָוויטש, וועלכער האָט אויך געהאָלפן דער געטאָ־אונטערערד 30).

מיט מאַמאָשעסדיקער הילף האָט געדינט דער יִדישער זעלבשוץ די רוסישע גרופּע, וואָס האָט געווירקט אין דער ביאַליסטאָקער אונטער־ערד. דאָס זײַנען ס׳ראָוו געווען סאָוויעטישע מענטשן און אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע זײַנען געבליבן שטעקן אין דער אַרומרינג־לונג פונעם סוינגע און זיך אויסבאַהאַלטן אין ביאַליסטאָק אונטער פרעמ־דע נעמען. מיט דער דאָזיקער גרופּע פון די „וואָסטאָטשניקעס" האָבן אָנ־געפירט די סאָוויעטישע מענטשן זאַכאַר („גענעראַל זאַכאַראָוו"), מי־כאַיל באַרבורין („מישאַ"), איוואַן אָרלאָוו („וואַניאַ"), וואָלקאָוו. וועל־כע האָבן צוגעשטעלט פאַר די יִדן וויכטיקע אינפאָרמאַציעס און גע־ווער, און זיי האָבן געהאָלפן צו שאַפן אַ פאַרבינדונג פאַרן געטאָ מיטן וואַלד, מיט די פאַרטיזאַנער 31). מיכאַיל באַרבורין האָט געדינט פאַר אַ שאָפער באַם סעקרעטאַר פון דער אָרטיקער נ.ס.ד.א.פּ. פראַנק און האָט, אײַנשטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן, קעסיידער געגעבן צום רעשוס פון דער זעלבשוץ דעם באַלעבאָס׳ מאַשין. אין פראַנקס אויטאָ האָבן יִדישע און ווײַסרוסישע מיידלעך געפירט אומלעגאַלע ליטעראַטור און וואָפן 32).

אַ דאַנק די אַלע פאַרבינדונגען און אויך אַ דאַנק דער אייגענער ריזיקאַלישער ווערביר־אַרבעט פון די פאַרשטעלטע העלדישע מיידלעך אַף דער „אַרישער" זײַט, איז געלונגען אַרײַנצוציִען אין דער אַנטיהיט־לעריסטישער און יִדן־רעטנדיקער טעטיקייט אויך אַ קליינע צאָל דײַ־טשישע אַנטיפאַשיסטן, וועלכע האָב געגעבן אַ גרויסע הילף דעם געטאָ און איר זעלבשוץ. עס איז נישט אויפגעשטעלט געוואָרן קיין אָרגאַני־זירטע דײַטשישע גרופּע — ריישיס־קאָל צולים קאָספּיראַטיווע טײַמים. אָבער די אויפטוען פון די דאָזיקע דײַטשישע אַנטיפאַשיסטן זײַנען גע־ווען זייער ווערטפול און וויכטיק.

ווער זײַנען עס געווען די דאָזיקע דײַטשישע אַנטיפאַשיסטן?

בוסע איז געווען אַ ציווילער דײַטש, אַ קונסט־מאָלער פון באַרוף. זײַן קעגנערשאַפט צום נאַצישן רעזשים האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס

30) גראַסמאַן, ז׳ 381.
31) נ"א פון מ. בוד, ל. טשאַפּניק און א. רוד.
32) דאָרטן.

ער האָט געהערט צו דער סעקטע ביבל־פאָרשער און איז מאַכמעס דעם געווען אויסגעשטעלט אַף צאָרעס און נעגישעס. אין דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע האָט בוסען אַריינגעצויגן כאַסיע ביעליצקאַ, וועלכע האָט געלעבט אַף „לינקע" דאָקומענטן און זיך אָנגעדונגען אין בוסעס מאָלער־קאַנטאָר אַף ליפאָווע־גאַס. בוסען האָט געגעבן אַ סאַך הילף דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע 33).

באָלע איז געווען אַ פאַבריק־אָנגעשטעלטער און האָט אויך געהאַט אַן אייגענעם כעשבן מיט די היטלעריסטן, וואָס האָבן באַ אים צוגענומען און דערהאַרגעט זיין יידישע פרוי מיט אַ טאָכטער (די פרוי האָט געהייסן פון דער היים אַראָנסאָן) 34).

שאַדע איז געווען אַן עלטערער סאָלדאַט און אין ביאַליסטאָק איז ער באַשטימט געוואָרן פאַרן דירעקטאָר פון פערטן טעקסטיל־קאָמבינאַט. דאָס איז געווען אַ לינקער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועלכן עס איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן און אויסמיידן דעם קאָנצלאַגער. שאַדע האָט צוגעשטעלט רעגולער געווער פאַר דער יידישער זעלבשוץ און כוץ דעם אויסבאַהאַלטן אין די ערגסטע צייטן באַ זיך צוועלף יידן. ער איז געווען אין קאָנטאַקט מיט די פאַרטיזאַנער און פלעגט ברענגען אין וואַלד אַריין קאָמפאַסן און ענלעכע נייטיקע זאַכן. ער האָט אויך צוגעשטעלט יידן געווער. צוויי וואָכן פאַרן סאָף, ווען די דייטשן האָבן גענומען אונטערצינדן אַלע פאַבריקן, האָט ער אַזוי מאַנעווּרירט, אַז די פאַבריק, וו ער האָט געאַרבעט, איז געבליבן גאַנץ 35).

דער פערטער פון דער גרופע בענעשעק, אַ געוועזענער טראַנספּאָרט־אַרבעטער, אַן אַנטיפאַשיסט, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער געשטאַפּאָ און האָט געלעבט אַף פאַלשע פאַפּירן. ער איז געווען אָנגעשטעלט אינעם ערשטן טעקסטיל־קאָמבינאַט און געדינט ווי אַ פאַרמיטלער און פאַרבינדלער פאַר דער אונטערערד. ער פלעגט העלפן די פאַרטיזאַנער מיט טראַנספּאָרט, געלט און אַרבעט־קאַרטעס 36).

דער דאָזיקער בענעשעק האָט קאָנטאַקטירט די יידישע קעמפער מיט אַ צווייטן דייטש קודלאַטשעק, וועלכער האָט געהאַט אין זיין רעשוס אַ

---

33) דאָרטן

34) דאָרטן, אויך — ג"א פון פ. קאָזשעץ.

35) ג"א פון ל. טשאַפניק, מ. בוד, ע. בוימאַץ.

36) ג"א פון פ. קאָזשעץ

פאַסאַזשיר־אויטאָ און געהאָלפן דער אָרגאַניזאַציע מיט טראַנספּאָרט. אַף זײַן אויטאָ האָט מען געשמוגלט געווער 37).

עס איז דאָ אַ סוואָרע, אַז סײַ בענעשעק, סײַ קודלאַטשעק זײַנען בע־עמעס געווען טשעכן, אַנטיפאַשיסטן, וועלכע האָבן געמוזט אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן אַף פאַלשע פאַפּירן פון קלוימערשט סודעט־דײַטשן 38).

די וויכטיקסטע הילף פאַר ייִדן און די פּאַרטיזאַנער האָט געגעבן אַלטער, אַ קאָמוניסט פון ווין, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער נאַצישער מאַכט און געלעבט אין ביאַליסטאָק, אַרבעטנדיק ווי דער פאַר־וואַלטער פון די מאַגאַזינען און בויטענלאַגער אַף קאַלעיאָווע גאַס. דאָ האָבן געאַרבעט ייִדן און צווישן אַנדערע די מיטגלידער פון דער זעלב־שוץ בובע רובינשטיין, וועלכע האָט טאַקע מיט וואַלטערן אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט. וואַלטער האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן וועגן טרעבלינקע אין געטאָ, עס איבערגעזעצט אין דײַטש און אַוועקגעפירט קיין עסטרײַך. ער האָט צוגעשטעלט דער געטאָ־זעלבשוץ געווער. די דײַטשישע מאַכט האָט עפּעס, ווײַזט אויס, דערשנאַפּט, און מ׳האָט וואַלטערן אַרויסגעשיקט אַפן פראָנט. מיט וואַלטערן האָט מיטגעאַרבעט אַ דײַטשישער אונטעראָפי־ציר, אַ קאָמוניסט. אָבער זײַן נאָמען איז געבליבן אומבאַקאַנט 39).

די דײַטשישע גרופּע האָט געהאַט פאַר די ייִדן אַ באַזונדערע באַ־דײַטונג, ווײַל דורך איר האָט מען באַקומען אַ סאַך ווערטפולע אינפאָר־מאַציעס און מאַמאָשעסדיקע הילף אין אַן אייס צאָרע.

אונטערן אײַנפלוס פון די דאָזיקע אַקטיווע דײַטשישע אַנטיפאַשיס־טן האָבן אויך אַנדערע פאַשעטע דײַטשן אָנטיילגענומען אין פאַרשיידע־נע הילף־אַקציעס. אַזוי האָט צוואַנציק ייִדן פון דער ביאַליסטאָקער טפּי־סע געראַטעוועט דער דײַטש בלומע 40).

די דאָזיקע אַלע פּאָליטישע גרופּעס פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַ־ליטעטן פון ביאַליסטאָקער אונטערערד זײַנען דורך פאַרשיידענע פאַר־מען פאַרבונדן געוואָרן אין איין אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע מיט

---

37) ג״א פון ע בויטאַץ און פּ. קאַזשעץ.
38) ג״א פון ל. טשאַפּניק.
39) ג״א פון מ. בור, ל. טשאַפּניק און א. רוד.
40) ג״א פון גאַבריעלאַ אָווערבוך, אַרכ׳ יַזה״א, פּראָט׳ נומ׳ 1974

באזונדערע נאציאנלע סעקטארן; בעראש איז געשטאנען איין אנטיפא־שיסטישער קאמיטעט, וואס אין זיין באשטאנד איז אויך אריינגעגאנגען דער אנטיפאשיסטישער קאמיטעט אין געטא. אין דעם צוזאמענהאלטן דעם דאזיקן קאמיטעט, און אין אריבערוואַרפן זיינע בריקן צו דער גע־טא־אונטערערד האבן א גרויסן פארדינסטפולן אנשטרענג אריינגעלייגט די צוויי יונגע יידישע גימנאזיע־שילערנס פון גראדנע, די קאמיוגיסטקעס ליזע טשאפניק און אניע רוד.

טכילעס 1942 זיינען קיין ביאליסטאק אנגעקומען צוויי גימנאזיסט־קעס פון גראדנער געטא — ליזע און אניע. אין גראדנער געטא איז שוין אין יענער צייט געווען אן אקטיווע אונטערערדישע קאמפס־ארגאניזאציע, ווען די אקציעס פון שיקן גרופעס אין וואלד אריין האבן זיך אנגעטראפן אף אלץ מער שטייגנדיקע שוועריקייטן, האט דער פירער פון דער אר־גאניזאציע כמיעלניק אנגעהויבן אריבערשיקן דאס יונגוואַרג קיין ביא־ליסטאק, ווו די ארגאניזאציע, וועלכע האט דארטן געהאט אלע מעגלעכ־קייטן צו וואקסן, האט זיך געניטיקט אין נייע געזונטע קויכעס. צווישן די דאזיקע האבן זיך געפונען ליזע טשאפניק און אניע רוד (43).

אינאיינעם מיט דער אונדז שוין באקאנטער מיידלעך־גרופע האבן די ניי־אנגעקומענע געשאפן אן איבערגעגעבענעם אקטיוו. זיי שאפן — נאכדעם ווי די ערשטע אנטיפאשיסטישע טויער פאלן אריין אין די בעגל פון געשטאפא — די אגענטור פון די געטא־קעמפער אף דער „ארישער" זייט. זיי שטייען אין פארבינדונג מיט דעם אלגעמיינעם אנטיפאשיסטישן קאמיטעט.

דער אלגעמיינער אנטיפאשיסטישער קאמיטעט טיילט איין זיין אר־בעט אין פיר סעקטארן: 1. קולטור און פראפאגאנדע; 2. זעלבשוץ־פראגן; 3. פארבינדונג מיטן וואלד; און 4. יורידישע אפטיילונג, דאס הייסט — באזארגן די פליטים פון געטא און די קארבאנעס פון היט־לעריסטישן טעראר ביכלאל.

איינער פון די וויכטיקסטע אויפטועו פון דעם דאזיקן קאמיטעט, פון זיינע מענטשן, איז געווען דאס קעגנווירקן דעם היטלעריסטישן פרא־פאגאנדע־סאם אין דער פוילישער געזעלשאפט און דער אנטי־ווידער־

(43 ג"א פון י. ריווקינד.

שטאַנד־ און אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע פון אַ. ק. מיט שווערער, טאָג־
טעגלעכער אויפקלער־אַרבעט האָבן די פאַרשטעלטע ייִדישע מיידלעך און
דער אַלטער, טרײַער בודזינסקי דאָ און דאָרט אַרויסגעריסן מענטשן
פון דער אַלגעמיינער אַטמאָספער פון פּאַסיווקייט און פּאַכדאָנעס. אונ־
טער דער דראָונג פון פאַרלירן דאָס אייגענע לעבן זײַנען געגאַנגען פּוי־
לישע, ווײַסרוסישע און רוסישע פרויען צו די לעכער אין די געטאָ־מוי־
ערן און געטראָגן שפּײַז פאַר אָרעמע ייִדן. מאַריאַ קאָזאַטשוק, אַן אַל־
מאָנע נאָך אַ פּוילישן אַרבעטער, וואָס איז צום טויט פאַרפּײַניקט גע־
וואָרן אין אָשוויענטשים, האָט געוווינט אַף שיטאַרסקע־גאַס נומער 2,
נישט ווײַט פון געטאָ און געהאַלטן פאַר איר הייליקן כויוו קימאַט טאָג־
אײַן טאָג־אויס אַריבערצוואַרפן איבער דעם מויער ברויט און אַנדערע
פּראָדוקטן. אַזוי האָט אויך געהאַנדלט די צווייטע ווײַסרוסישע פרוי עלי־
זאַוועט בודאַ. די רוסישע פרוי קאָפּילאָוואַ האָט געטראָגן עסן פאַר אָרע־
מע ייִדן אין געטאָ. דאָס פּאָרפּאָלק פעליציאַ און זיגמונט סאָסנאָווסקי,
פּוילישע אַרבעטער, האָבן אין זייער דירע אַף ענגלישער גאַס, אָדער ווי־
דאָק אויסבאַהאַלטן זעכציק ייִדישע מיידלעך. די אַם אַלעקסאַנדראַ לעאָ־
נאָוויטש, אָדעסער גאַס נומער 5, האָט געראַטעוועט און געשפּײַזט דאָס
קינד פון דעם ייִדישן רעזשיסער צייטלין. אײַנאָרדענען פּלייטים פון גע־
טאָ האָבן געהאָלפן די ווײַסרוסישע פרוי וויערא קאָזוך, דער פּוילישער
שוסטער קאָנראַד פּאַוולאָווסקי, דער פּוילישער שוואַרץ־אַרבעטער יוזעף
באַלאָקער, דער קאַטויל ד״ר קידלעוויטש, די קאַטוילישע גאַלאָכים אַב־
ראַמאָוויטש און כאַדיקאַ. דער לעצטער און ד״ר פילפּאַווסקי האָבן בעייס
די קאָנטריבוציע־גזיירעס געבראַכט אין געטאָ אַרײַן אַ היפּשן סכום גאָלד
צו הילף די ייִדן; אָבער ראַבינער ראָזענמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנ־
צונעמען די הילף, דערקלערנדיק, אַז דאָס איז „טומע״. „אָרישע״ דאָקו־
מענטן פאַר אַנטלאָפענע ייִדן האָבן אויסגעאַרבעט מאַרטשין טשיזשי־
קאָווסקי, מירונטשוק און דרעווניק. עס האָבן זיך אויך געטראָפן אַזעלכע
מענטשן מיט טײַערע נעשאָמעס ווי די 40־יעריקע פּויערטע סטעפאַניאַ
ווישניעווסקאַ פון דאָרף פניעוואָ הינטער ביאַליסטאָק, וועלכע האָט גע־
זאָגט צו די ייִדן: „אויב עס וועט אומקומען דאָס ייִדישע פאָלק, וויל
איך אומקומען צוזאַמען מיט אײַך״, און אויך די ווײַרוסישע פרוי

זאָפיאַ נאַסקאַ, די פּוילישע פרויען שוועסטער גאַבינסקי, דער פּאָלאַק טשולינסקי א״א 44).

אַ סאַך פון די, וואָס האָבן געהאָלפן, האָבן עס געטאָן פאַר סכאַר, פאַר געלט, אַ שטייגער דער קאָנדוקטאָר רעגאַלעווסקי, אָבער אויך די דאָזיקע סכאַר־נעמער זײַנען דורך די ייִדן דערמאָנט געוואָרן מיט לויב. די יעניקע ווידער, וואָס האָבן זייער מענטשלעכן כוויו אויסגעפירט נישט פאַר באַצאָלט האָבן געהאַט אויסצושטיין געברענטע צאָרעס מיצאַד דעם פאַשיסטישן פליגל פון דער פוילישער אונטערערד. די ביאַליסטאָקער פוילישע אַנטיסעמיטן און פאַשיסטן האָבן אָנגעווענדעט פיזישן טעראָר נישט בלויז לעגאַבע סאָוויעטישע פאַרטיזאַנער, פוילישע אַנטיפאַשיסטן און ייִדן, נאָר אויך לעגאַבע פּאַשעטע פּאָליאַקן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן פאַר דעם געטאָ־קאָרבן אַ מענטשלעך האַרץ. די פוילישע היטלעריסטן האָבן אין ביאַליסטאָקער געגנט דערהאַרגעט די צוויי שוועסטער זאָפיאַ און יאַנינאַ זאַוויסטאָווסקאַ, דענטיסטנס פון פאַך, בלויז דערפאַר, וואָס די צוויי גוטע פרויען האָבן געראַטעוועט עטלעכע ייִדן פון אַ זיכערן טויט 45).

אָבער נישט געקוקט אַף דער אַלגעמיינער אַטמאָספער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די דײַטשן, און נישט געקוקט אַפן טעראָר פון די אייגענע רעאַקציאָנערן, האָבן זיך געפונען אין דער פוילישער געזעלשאַפט אין ביאַליסטאָק און אומגעגנט אַ סאַך מענטשן, וועלכע האָבן געהאָלפן דער געפּלאָגטער כאַיע — דעם ייִד. די דײַטשן זײַנען געצוווּנגען געווען צו פירן אַן אַלץ־שטײַגנדיקע ייִדן־פרעסערישע פּראָפּאַגאַנדע. אַזוי האָבן זיי, אַ שטייגער דעם 15טן מאַרץ 1943 אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער פוילישער און ווײַסרוסישער באַפעלקערונג, אין וועלכן עס איז געווען דער העץ־לאָזונג: „דער זשיד איז געווען אײַער סויגע! ערשט מיר פירן אַרײַן די גשיכטלעכע גערעכטיקייט. מיר וועלן אויסראָטן די ייִדן ביז איינעם, דריקט זיי נישט אויס קיין מיטגעפיל!״ 46).

44) די אַלע פאַקטן באַשטעטיקן די גוויִעס־איידעס פון ל. טשאַפּניק, א. רוד, ד״ר ט. ציטראָן, מירע בורשטיין און פון די קרויווים און באַקאַנטע פון ד״ר קאַגאַן, ד״ר קאַוואָקעוויטש, ד״ר גינזבורג, ל. רובינשטיין און אויך די גוויִעס־איידעס פון כאַיע סטריקאָווסקאַ און פּאַלטיעל לאַפּאַטאַ, אַלע געראַטעוועטע דורך די דערמאָנטע קריסטן. די ג״א אינעם יִיִה״א, נג׳: 12, 2252, 3602, 2403, 1975, 2407, 2259 און 1836.

45) ג״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

46) געהיימע מיליטערישער אַרכיוו, דאָרטן.

די דאָזיקע פֿאַשיסטישע אַגיטאַציע האָט געהאַט אַ פּעולע נאָר צווישן די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע עלעמענטן. דקעגן־זשע די פּוילישע מאַסע אין איר ראָוו האָט נישט באַהאַלטן איר פֿײַנטשאַפֿט צו די אָקופּאַנטן 47). די אַרבעט פֿון דער אַנטיפֿאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע האָט געפֿונען אַ טיפֿן אָפּקלאַנג בײַ דער פּוילישער באַפֿעלקערונג, ביפֿראַט בײַ אירע אַרבעטנדיקע שיכטן. אַזוי דערוויסן מיר זיך פֿון געהיימען וואַרשעווער ביולעטין „אינפֿאָרמאַציאַ ביעזשאָנצאַ“, אַז אַפֿילע אין לאָמזשער ראַיאָן וואַקסט אָן אין סעפּטעמבער 1942 אַ שטאַרקע ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די אָקופּאַנטן; דעם נײַנטן סעפּטעמבער 1942 ווערן אין לאָמזשע דערשאָסן 9 פּוילישע פֿרויען און 24 מענער פֿאַר פּאָליטישער טעטיקייט 48). אויב מיר וועלן זיך דערמאָנען, אַז די נ.ס.ז., וועלכע האָט די גרעסטע אײַנפֿלוסן געהאַט אין לאָמזשער ראַיאָן, האָט נישט גערופֿן צום קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן, וועלן מיר פֿאַרשטיין, אַז אויך דאָ אין דער פֿעסטונג פֿון נ.ס.ז. און א. ק., זײַנען אַרײַנגעדרונגען די האָשפּאָעס פֿון דער אַנטיפֿאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע. אין ביאַליסטאָק גופֿע זײַנען די אַקטיווע ווידערשטאַנד־שטימונגען אויך בײַ דער פּוילישער באַפֿעלקערונג געווען אַזוי דראָענדיק פֿאַר די דײַטשן, אַז זיי נעמען אין אַפּריל 1943 פּוילישער אָרעוו־לײַט 49).. דער באַפֿעל פֿון דער אָקופּאַנטישער מאַכט אַז אַלע פּאָליאַקן פֿון 17 ביז 21 יאָר זײַנען מעכויעװ זיך שטעלן צו צוויי־יאָריקער צוואַנגס־אַרבעט, ווערט פּאַקטיש קימאַט נישט אויסגעפֿירט, און די געשטאַפּאָ מוז אָנווענדן רעפּרעסיעס 50). דער דאָזיקער פּאַסיווער ווידערשטאַנד גייט נאָך סטאַלינגראַד אַריבער אין אַקטיווע אַרויסטריטן; אָנהייב זומער 1943 הייבט זיך אָן אַ ברייטע סאַבאָטאַזש־באַוועגונג אויף די ביאַליסטאָקער פֿאַבריקן; די אָקופּאַנטישע מאַכט ענטפֿערט מיט מאַסן־אַרעסטן. מען נעמט צו נישט בלויז פֿאַרדעכטיקטע, נאָר אויך זייערע מישפּאָכעס און שכיינים, מען ליקווידירט גאַנצע פֿאַמיליעס 51). עס ווערן אין די פֿאַבריק־הויפֿן אויפֿגעשטעלט טליִעס, ווי, לעמאָשל, אין פֿערטן טעקסטיל־קאָמבינאַט. דאָ זײַנען דרײַ

47) מאַכאַל, ז' 5.
48) „אינפֿאָרמאַציאַ ביעזשאָנצאַ“ נומ' 36 (61), אַרכ' פֿון אינסטיטוט פֿאַר נײַסטער געשיכטע.
49) „אינפֿאָרמאַציאַ ביעזשאָנצאַ“, נומ' (98) 25.
50) „אינפֿאָרמאַציאַ ביעזשאָנצאַ“, נומ' (95) 22.
51) נ"א פֿון מיעטשיסלאַוו וויניצקי, אַרכ' יי"א, פּראָט' נומ' 1471.

פוילישע אַרבעטער פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט דורך הענגען פאַר סאַבאָטאַזש־אַקטן אין דער אינדוסטריע. בלויז איינער בעט, מען זאָל אים שענקען דאָס לעבן. די אַנדערע צוויי קומען אום ווי העלדן. איינער פון זיי רופט אין דער לעצטער מינוט אויס: „בעט נישט די הינט קיין ראַכ־מאָנעס, זיי וועלן סײַ ווי זיך נישט מעראַכעם זײַן, בעסער אומקומען מיט קאָוועד. עס וועט קומען דער טאָג פון באַצאָלונג״! 52). עס זײַנען כּוץ דעם פאַראַן ידיעות וועגן אַ סאַבאָטאַזש־באַוועגונג מיצאַד פוילישע אַר־בעטער אַף די באַנען און אין די דערפער 53). אַפן פוילישן דאָרף האָט אַ כּוץ דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אויך געווירקט די פּויע־רישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון די „באַטאַליאָני כלאָפּסקע״ אונטער דער אָנפירונג פון מיעטשיסלאוו בלאַהושעווסקי 54).

אַזוי אַרום איז דאָס געטאָ נישט געווען דער איינציקער צענטער פון ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָק. צווישן דער פוילישער, ווײַסרוסישער און רוסישער באַפעלקערונג האָט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג געשלאָגן טיפע וואָרצלען. די דאָזיקע באַוועגונג האָט געבראַכט אַ סאַך הילף די ייִדישע קעמפער, עס איז אויך נייטיק אונטערצושטרײַכן די ראָל פון די דײַטשישע אַנטיפאַשיסטן, וועלכע האָבן זיך באַטראַכט פאַר אַ טייל פון דער אַלגעמיינער קאַמף־באַוועגונג קעגן דעם דײַטשישן פאַשיזם.

52) גראָסמאַן, ז׳ 395.

53) „זידאָסטפּרויסישע טעגעסצײַטונג״ פון 18טן און 19טן יולי 1942; די צײַ־טונג ברענגט ידיעות פון שכיינעסדיקע ציכענאָווער (טשענסטאָכאָווער) באַ־צירק וועגן טויט־שטראָפן פאַר סאַבאָטאַזש איבער פוילישע אַרבעטער און פּויערים; עס איז באַוווּסט, אַז אַזעלכעס האָט אויך געהאַט אַן אָרט אין ביאַליסטאָקער באַצירק.

54) „די אײַזערנע קאָמפּאַניעס פון ב. כ.״. (פּויליש), ז׳ 56.

# קאַפּיטל צען

## וואַלד

יעטוועדער פאַרלאָזן דאָס געטאָ איז דורך די דײַטשן אויפגעפּאַסט געוואָרן ווי אַן אַקט פון אויוועך זײַן אַף די אָקופּאַנטישע געזעצן, אַף דער גזיירע פון איזאָלירן די ייִדן. אָבער דאָס גיין אין וואַלד אַרײַן איז אין די אויגן פון די נאַציסטישע מוישלים און פון זייערע מעשאָרסים אין געטאָ געווען עפּעס ערגערס פון בלויז אויוועך זײַן אַף אַ געזעץ. דאָס גיין אין וואַלד איז געווען אַ שריט פון אָפענער מערידע, אין וועלכן דער סוינע האָט געזען פאַר זיך אַ גרויסע סאַקאָנע. גיין אין וואַלד איז געווען דער טײַטש — נישט בלויז ברעכן די פאַראָרדענונגען פון דער אָקופּיר־מאַכט, נאָר אָנשליסן זיך אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג פון קאַמף קעגן די באַ־צווינגער 1).

און פאַר דעם האָט מוירע געהאַט נישט בלויז די אָקופּאַנטישע מאַכט; פאַר אַזאַ מין „יעצ׳יעס מיצראַים" האָבן איימעס האַמאָוועס גע־ציטערט אויך די לײַט פונעם יודענראַט; זיי האָבן געשריגן, אַז דאָס וועט אומגליקלעך מאַכן די גאַנצע ייִדישע איידע. און די באַוואָפנטע קרעפטן און אויסשפּיר־אָרגאַנען פון די דײַטשן האָבן נאָכגעשנאַפּט און אַכזאָריעסדיק באַשטראָפט פאַר לויפן אין וואַלד אַרײַן 2).

אַזוי אַרום איז דער איניען פון אַריבערפעקלען מענטשן צו די פאַר־טיזאַנער ווײַט נישט געווען פון די לײַכטע זאַכן.

די דײַטשישע מאַכט, אַז זי האָט זיך דערוווּסט, בעכיין עמעצער איז אַוועק אין וואַלד, אָדער איז סטאַם נעלעם געוואָרן פון געטאָ, האָט זי זיך

1) נ״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
2) נ״א פון י. ריווקינד.

ביטער נויקעם ווענויטער געווען אין די פאַרביליבענע מישפּאָכע־לײַט. פאַרן טויט האָט מען די מענטשן געפּײַניקט, זיי זאָלן אויסזאָגן, וווהין איז דער קאָרעוו אַוועק, ווער האָט אים צוגערעדט דערצו און מיטגעווירקט.

אין גראָדנער געטאָ, לעמאָשל, האָט מען פון מויל צו מויל געטראָגן די דערציילונג וועגן אַן עלפיאָריק מיידעלע האַלינקע גאָלדבערג. דאָס דאָזיקע קינד איז אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון מאַרטירערײַ און גוורע. אירע קרויווים זײַנען אַנטלאָפן ; האָבן די געשטאַפּאָ־קלאָווים אַרעס־טירט דאָס קינד און מיט קאָלערליי אינויים קאָשים געוואָלט אויספּרעסן, וווהין איז די מישפּאָכע אַוועק און ווער האָט איר געהאָלפן. די קליינע האַלינקע האָט געוווסט, אָבער קיינעם נישט אויסגעגעבן. דאָס קינד איז אויסגעגאַנגען אונטער די הענט פון די פּײַניקער 3).

דאָס אַרויסגיין פו געטאָ איז געווען באַ איטלעכן איינעם אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין אייגענעם טרויעריקן, אָבער דאָך באַזעסענעם לעבן־שטיי־גער. און כוץ אַלעמען האָט דער וואַלד געשראָקן, עס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּאַכעד די אומבאַשטימטקייט, עס האָט געשראָקן די סאַקאָנע מיצאַד די באַנדעס פון „מלאָדאַ פּאָלסקאַ”. פּײַנלעך שווער איז אָנגעקומען איינער פון די ערשטע גרופּעס ייִדן אַרויסצוגיין פון געטאָ : ווען זיי זײַנען אַריבער דעם גרענעץ־פּלויט און האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט אַף דער „פרײַער” זײַט, האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן אַף דער ערד און אַף עטלעכע רעגעס האָבן קימאַט אַלע פּאַרלאָרן די קויכעס, עלעהיי אַ נערוון־אויפטרייסלונג האָבן באַ די מענטשן פּאַראַליזירט דעם ווילן און די קרעפטן 4). דאָס איז געווען דער ערשטער אויסברוך פון די געמישטע געפילן פון פרײַ־הייט־פרייד און שרעק פּאַרן סאַקאָנעסדיק־אומבאַשטימטן קינפטיקן, וואָס שטייט פּאָר.

נישט קיין ווונדעו דעריבער, וואָס עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע זײַנען ווײַט נישט געווען קיין פּאַכדאָנים און פונדעסטוועגן האָבן זיי געציטערט פּאַרן געדאַנק פון פּאַרלאָזן דאָס געטאָ און גיין אין וואַלד; שפּעטער, אין געטאָ גופע, האָבן זיך די זעלביקע אַרויסגעוויזן פּאַר עמעסע העלדן, בעייס די קאַמפן מיטן סוינע אינעם ייִדישן טכום ; אַזאַ איז לעמאָשל, געווען אַ געוויסער באָלעק, אַ דרייסטער זעלבשוץ־מיטגליד 5).

3) ג״א פון ל טשאַפּניק און א. רוד.
4) נ״א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ.
5) ג״א פון מ. בוד.

און דאָך האָט דאָס וואַלד געלאָקט, געצויגן מיט דער פרײַקייט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט, מיטן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון דער געלער לאַטע, מיטן באַפרײַען זיך פון דער אייביקער מורא פאַרן דײַטש. „אין שטוב — שרײַבט אַן איידעס, וואָס האָט איבערגעלעבט די דאָזיקע גע־פילן, — זיצן צען מאַן. אַלע שווײַגן און קוקן זיך אָן. צוויי כאַווײרים, וואָס זײַנען געקומען פון וואַלד נאָך באַנדאַזשן און אַנדערע זאַכן, שמועסן וועגן וואַלד און וועגן דער צוגרייטונג פון נײַע מענטשן אָף דער קומענ־דיקער וואָך. עס פילט זיך, אַז די מענטשן פון וואַלד זײַנען שוין עפּעס אַנדערע מענטשן, זיי האָבן גאָר אַן אַנדער אינטערעס אין לעבן" 6).

די פּאַרטיזאַנער זײַנען שוין עפּעס אַנדערע מענטשן, זיי האָבן זיך באַפרײַט פון אייביקן שרעק. זיי אינטערעסירן שוין אַנדערע איניאַנים — אָט דאָס האָט געפילט די בעסערע יוגנט אין געטאָ, און דעריבער האָט, טראָץ אַלע שוועריקייטן, דאָס וואַלד געלאָקט 7).

זייער האַמעטנע איז צוגעגאַנגען לעכאַטכילע דער אָנשטרענג צו שיקן מענטשן אין וואַלד. בעייס אין די רייען פון דעם פאַראייניקטן אַנטי־פאַשיסטישן בלאָק איז דער דאָזיקער געדאַנק פּרי רייף געוואָרן, האָט מען אינעם „צווייטן בלאָק" זיך זייער לאַנג געקווענקלט. ווען אַ גרופּע ציאָניסטישע יוגנטלעכע האָט באַשלאָסן גיין אין וואַלד אַרײַן, האָט מאָרד־כע טענענבוים לעכאַטכילע דעם דאָזיקן ווילן געהאַלטן פאַר דעזערציע פונעם געטאָ־פראָנט 8). די דאָזיקע גרופּע איז פונדעסטוועגן אַוועק, אָבער אינגיכן איז זי געקומען צוריק, דערקלערנדיק: מיר האָבן נישט דאָרטן וווּ צו קעמפן, מיר האָבן נישט פאַר וועמען צו קעמפן 9). די באַדינגונגען אין וואַלד — אין פאַרגלײַך מיט דעם געטאָ אין דער טקופע פאַר דער ערשטער ליקווידאַציע — זײַנען געווען זייער שווערע; האָבן זיך אָט די יוגנטלעכע אונטערן דרוק פון די שוועריקייטן טייקעף צוריקגעצויגן. מער שטאַנדהאַפטיקייט און אַקשאָנעס האָט אַרויסגעוויזן אַ צווייטע גרופּע פון די זעלבע קרײַזן, וועלכע האָט זיך אײַנגעקלאַמערט אינעם וואַלד, אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג און האָט אויסגעהאַלטן 10).

---

6) קאַט, ז' 78.
7) ג"א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ און מ. בוד.
8) טענענבוים, נאָטיץ פון 29טן יאַנואַר 1943.
9) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
10) ג"א פון מ. בוד.

דאָס גיין אין וואַלד איז געווען געהאַמעוועט דורך נאָך איין זאַך: נישט אַלע האָבן גלײַך טויפעס געווען דעם זין פון דער אוודע פון אַרי־בערטראָגן זיך אין וואַלד. טייל מענטשן האָבן אויפגעפּאַסט דעם איניען ווי דאָס אויסזוכן אַ זיכער מאָקעם מיקלעט, אַ באַהעלטעניש, וואָס אונ־טער איר שוץ וועט מען ווי עס איז אַריבערקומען די ביטערע צײַט מיט אירע פּוראָניעסן. קעגן אַט אַזעלכע ראַיוינעס פון אַ טייל זײַנע כאַווײרים טרעט אַרויס זייער שאַרף דער כאַלוץ כאַנויך, בעייס ער זאָגט: מיר טאָרן נישט גיין אין וואַלד, קעדיי דאָרטן צו לעבן אָפּן כעסעד פון פויער, קויפן זיך פאַר געלט עסן און דאָס לעבן 11). עס האָט אַ נישאָקשעדיקע צײַט געדויערט, ביז מען האָט איבערצײַגט דעם אוילעם, אַז דאָס פאַר־טוישן דאָס געטאָ אָפּן וואַלד איז דער פּשאַט — נישט אַנטלויפן פון סאַקאָנעס, נאָר דאַווקע זוכן אַ געלעגנהייט צו קאַמף, צו נעקאָמע. איינ־צײַטיק האָבן די געדאַנק־טרעגער פון וואַלד אונטערגעשטראָכן, אַז אויך רעטונג קאָן מען דאָ געפינען. עס האָבן זיך פאַר די וואַלד־מענטשן גע־הויפּנט נאָך קאָלערליי שוועריקייטן און מעניִעס. עס איז שווער געווען צו עקזיסטירן אין די וואַלדיקע באַדינגונגען פאַר קליינע גרופּן; דער כאַ־לוץ הערשל ראָזענטאַל (יאַשינאָווקער) איז אַרויס מיט אַ באַוואָפנטער גרופּע אין וואַלד און געקומען צוריק. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט האַלטן, ווײַל זיי זײַנען געווען צו קליין אין צאָל 12). פול מיט סאַקאָנעס איז געווען דער וועג באַם אַרויסגיין פונעם געטאָ־טכום.

און דאָך זײַנען גרופּעס געגאַנגען אין וואַלד אַרײַן.

די ערשטע, וועלכע זײַנען גרייט געווען אויפצונעמען דעם פּאַרטי־זאַנישן לאַזונג פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און אים מעקאַיעם זײַן, האָבן זיך געפונען אין די רייען פון דער יוגנט, וואָס איז זיך אַהער, קיין ביאַליס־טאָק, צונויפגעלאָפן פון דער כאַרעווער, פּאַרטיליקטער פּראָווינץ. די היימלאָזיקייט, די בלוטיקע דערפאַרונג און די נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט די וואַלד־ און פעלד־־באַדינגונגען זײַנען געווען די גוירמים פון אַט דער גרייטקייט 13).

ווען מען האָט גענומען אַט די גרייטקייט פאַרווירקלעכן, זײַנען שוין, ווי געזאָגט, אין די אַרום־ביאַליסטאָקער וועלדער געווען פּאַרטיזאַנער,

11) זע אויבן די דיסקוסיע אָפּן „דרור"־אַקטיוו פון 27טן פעברואַר 1943.
12) ג"א פון כ. גראָסמאַן און ב. וויניצקאַ.
13) ג"א פון ל. טשאָפּניק און א. רוד

סאָוועטישע קעמפער און נעקאָמע־נעמער, ס'ראָוו אַנטלאָפענע פון די גע־פאַנגען־לאַגערן, אונטער דער אָנפירונג פון מישאַ סיביריאַק. עס איז דער פאַרדינסט פון יאַשקע קאָווע און געדאַליע שאיאַק, וואָס די קאָנטאַקטן מיט אַט די פּיאָנערן פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג זײַנען אויסגע־פונען און פאַרקניפּט געוואָרן 14). עס ווערט געמאַכט דער ערשטער שריט. זומער־צײַט 1942 לאָזט זיך די ערשטע גרופּע ייִדן אין וואַלד אַרײַן; אָבער גראָד איז עס געשען אין אַ פאַטאַלער שאָ. דאַווקע דע־מאָלט האָבן די דײַטשן געמאַכט גרויסע אָבלאַוועס אויף די פּאַרטיזאַנער און דער דרייסטער פּלאַן פון דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע לײַדט אַ דורכ־פאַל. די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנישע באַזע האָט זיך אונטערן דרוק פון אָבלאַוועס געמוזט איבעררוקן ווײַטער אויף מיזרעך; אַהין איז געווען שווער און קימאַט אוממעגלעך צוצוקומען פאַר די ערשטע אַרויסגייער פון ביאַליסטאָקער געטאָ 14א). אָבער דאָס איז געווען אַ צײַטווײַליקע שוועריקייט, ווײַל די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג איז שוין דעמאָלט געווען קאָאָרדינירט און אָנגעפירט דורך אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט. אינ־מיטן 1942 איז שוין אויף דער אָנווײַזונג פון יאָסיף סטאַלין געשאַפן געוואָרן דער צענטראַלער שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג און אויך דער ווײַסרוסישער שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג 15). אַט דער דאָזיקער וויכטיקער פאַקט האָט באַפעסטיקט דעם באָדן פאַרן ווײַטערדיקן אַרויסגיין פון געטאָ צו די פּאַרטיזאַנער טראָץ אַלע שווע־ריקייטן.

אין ביאַליסטאָק גרייט זיך ווידער די היימלאָזע יוגנט און גייט אין אַ צײַט אַרום אַרויס אין וואַלד; אַזוי שאַפט זיך די ערשטע ייִדיש־פּאַר־טיזאַנישע גרופּע אין די ביאַליסטאָקער וועלדער, די גרופּע, וואָס טראָגט דעם נאָמען קרינקער פּאַרטיזאַנער. דאָס איז געווען אין כוידעש נאָוועמ־בער 1942, נאָכן באַרימטן באַפעל פון יאָסיף סטאַלין וועגן פאַרשטאַרקן די פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט אינעם רוקן פון סוינע 16). דעם דאָזיקן באַפעל האָט די קאַמף־לעכצנדיקע געטאָ־יוגנט געהערט דורך די געהיימע

---

14) דארטן
14א) ג"א פון מ. בוד.
15) צאנאווא, ז"ז 20 און 21.
16) דארטן.
17) ג"א פון י. ריווקינד.



**עריק באָראַקס**

מיטגליד פון דער ערשטער זעלבשוץ־קאָמאַנדע. געפאַלן אין קאַמף



**אַרנאָלד גאָלדשטיין**

אַקטיווער מיטגליד פון ק. פּ. פּ. און פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרג. געפאַלן אין אויפשטאַנד



**פינכעס צעלניקער (פּאַוועל)**

פּולעמיאָטשיק פון פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „פּאָרויס”. פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט דורך די נאַציס



**אַווראָם ריבאַ („קורטע”)**

אומגעקומען אין געטאָ־אויפשטאַנד, אין דער גרופּע פון די 72

ראַדיאָס 17). די אַנטלויף־באַזע האָט זיך געפונען אין די קאַזאַרמעס פון צענטן „דאָק”, ווו מ'האָט די פּראָווינצער יוגנט געהאַלטן פאַרשפּאַרט, קעדיי זיי פון דאַנען אַפּצושיקן קיין טרעבלינקע. דורך קאַלערליי וועגן גאַנוועגען זיך די יונגע מענטשן אַרויס, קומען אין געטאָ, באַזאָרגן זיך מיט געווער און לויפן פון דאַנען אין וואַלד אַריין 18).

די דאָזיקע פּיאָנערישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע ציילט פון צוועלף ביז זעכצן מענטשן 19). בעראָש פון דעם קליינעם אָטריאַד שטייט דער קאָמאַנדיר מוישע סלאָפּאַק, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט; זיין פּאַרטיזאַנישער פּסעוודאָנים איז — מאַקסים. צו דער גרופּע געהערן צווישן אַנדערע: פּסאַכיע מאַלער, פּינכעס קאָזשעץ („פּאַוועל”), מוליע נישט, דער וואַרשעווער קונסט־מאַלער רודי, דער שפּעטערדיקער פּאַרטיזאַנישער קאָמאַנדיר יוינע סוכאַטשעווסקי („סאַשאַ”) א”א 19א).

די ערשטע פּאַרטיזאַנער פאַרשטייען, אַז זייער שריט באַטייט נישט־אָפּרייסן זיך פון געטאָ, נאָר פאַרקערט, צוזאַמענאַרבעטן און זיין פאַרבונדן מיט פעדים פון קעגנזייטיקער הילף מיט דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון דער שטאָט. די ראָל פון פאַרבינדלער פירן אויס קאָזשעץ, בערקנער („סערגיי”), גאָלדשטיין („נאַטקע”). די גרופּע פירט אויס אַ ריי געוואַגטע אַקציעס; זי צעקלאַפּט עטלעכע פּאָסטנס פון דייטשישע זשאַנדאַרן 20). איניקכן אַנטפּלעקט זיך אָבער די טראַגישקייט פון דער קליינצאָליקייט פונעם אָטריאַד און פון דעם פאַקט, וואָס די גרופּע איז איינע אַליין, וואָס זי איז נישט קיין טייל פון אַ גאַנצער אַלגעמיינער פּאַרטיזאַנישער מאַכנע.

סאָף יאַנואַר 1943 לעבן איבער די ערשטע יידישע פּאַרטיזאַנער אַ שווערן אָנפאַל פון דייטשן. די יידן געפינען זיך אין די סופּראַסלער וועלדער, נישט ווייט פונעם דאָרף ליפּאָווי מאָסט. דער סוינע גרייפט אָן דעם פּאַרטיזאַנישן לאַגער. אין אומגלייכן קאַמף פאַלן מיט אַ העלדן־טויט זעקס פּאַרטיזאַנער, אינאיינעם מיט זיי קומט אום דער קאָמאַנדיר מוישע סלאָפּאַק. די גרופּע גייט אָפּ מיט בלוט, זי מוז זיך צוריקציען, זי מוז זיך צעטיילן אין צווייען. מיט איין טייל פירט אָן פּסאַכיע מאַלער, רייסט

18) ג”א פון מ. בוד.

19) דאָרטן.

19א) לייב פּורלאַווסקי: „איבערלעבענישן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע” אַרכ' יוה”א, נומ' 393/2.

20) פּאַרטיזאַנישער אַרכ' פון טאָלק (דאַטנער).

זיך אָפּ פון די דײַטשן און גייט אַרויס גאַנץ. דער צווייטער טייל — פיר מענטשן גוט באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטיש געווער — פאַלט אָבער בעקאָרעוו אַרײַן. שרעקלעך מידע ווערן די פיר פּאַרטיזאַנער אײַנגעשלאָפן אין אַ פּויערשער שטאַל. דער באַלעבאָס, אַ פּאַרקויפטע שקורע לויפט רופן די דײַטשן. איין גראַנאַט־זעץ אין שטאַל, אַלע קומען אום. אין געטאָ ווייס מען נישט לעכאַטכילע וועגן דעם אומגליק. עס ווערן אַרויסגעשיקט מענטשן צו זוכן מאַקסימען און זײַנע כאַווײרים. די דאָזיקע אַכראַיעספּולע און שווערע אווודע נעמען אַף זיך אַדעלאַ הערץ און פעדקאַ, אָבער זיי קומען צוריק מיט גאָרנישט 21). אָט אַזוי טראַגיש האָט זיך פאַרענדיקט דאָס ערשטע קאַפּיטל פון די ביאַליסטאָקער פאַרטיזאַנער.

אָבער אינעם זעלביקן יאַנואַר גייט אַרויס פון געטאָ אַ צווייטע גרופּע; צוועלף מיטגלידער פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע בעראָש מיטן קאָמאַנדיר עליע בוימאַץ; מיט דער גרופּע גייען: פאָליע בוימאַץ, דעם קאָמאַנדירס פרוי, די מישפּאָכע קאָן, הינדע, מישקע און כאַים סטריקאָווסקי, לייב פּודלאָווסקי און נאָך. אַ דאַנק דער נײַער גרופּע ווערן געשטעלט אַף די פיס די שרידים פון דעם ערשטן אָטריאַד, דעם „קרינקער". פון איצט אָן פאַרמאָגט שוין ביאַליסטאָק צוויי פאַרטיזאַנישע גרופּעס — אייגנע בעראָש מיט עליע בוימאַץ, די צווייטע אונטער דער אָנפירונג פון פּסאַכיע מאַלער 22). די פאַרבינדונגען צווישן געטאָ און וואַלד ווערן נאָך ענגער פאַרקניפּט. עס הייבט זיך אָן אַן ענערגישער שמוגל פון מענטשן צו די פאַרטיזאַנער. אין אָט דער אַרבעט ברענגט דער יידישער אָרגאַניזאַציע אַ גרויסע הילף די ווײַסרוסישע אַנטיפאַשיסטישע כאַווערטע ניוראַ טשערוויאַקאָווסקאַ; זי איז אייגנע פון די וויכטיקסטע רינגען באַם אַריבערוואַרפן מענטשן אין וואַלד. דאָס דאָזיקע וווּנדערלעכע מיידל האָט געשטאַמט פון דאָרף און געקענט פון אויסנווייניק אַלע וועגן און שטעגן. זי האָט געפירט די יידן דורך וועגן, פאַרהוילטע פאַרן אויג פון דעם דײַטשישן וועכטער. עס איז איר אָבער נישט באַשערט געווען אויסצולעבן די יאָרן און אָנצוקוקן די נעקאָמע און דעם ניצאָכן. אין אַ ווינטערדיקן טאָג איז זי דורכגעפאַלן באַם פירן געטאָ־פּליטים צו די פאַרטיזאַנער. זי איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון

21) דאָרטן, אויך — ג"א פון מ. בוך.
22) דאָרטן.

אַ דײַטשישן פּאַטרול און אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט אָפן פּאָס־טן, אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט אויסגעפּילט איר מענטשלעכן כּויוו לעגאַבע די פּאַרפּײַניקטע ייִדישע מיטמענטשן 23).

אין יאַנואַר באַמיִען זיך אַרויסגיין פון געטאָ נאָך גרופּעס, אָבער נישט אַלעמען שפּילט צו דער דאָבּרי מאַזל אַזוי ווי דער פריִערדיקער. עס באַקומט זיך אַרויס די גרופּע מיט כאַים גורניצקי, זײַן שוועסטער סימע, אַלפּערן, צוויי ברידער יאָסעם, שאַלקע ראַטשיצקי (פון דעם שפּעטערדי־קן פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל „ווײַסע פעלצן״) ; זיי זײַנען אַרויס עטלעכע טעג פאַר דער פעברואַר־אַקציע. אָבער זיי האָבן נישט געקענט די קאָנ־טאַקטן און געמוזט זיך צוריקקערן אין געטאָ. אין כוידעש מאַרץ איז די גרופּע אַרויס צום צווייטן מאָל. אין אַ צוזאַמענשטויס מיטן סוינע קומען אום גורניצקי און אַלפּערן 24).

אינצווישן, טכילעס פעברואַר 1943, ווערט די „עמיגראַציע״ אין וואַלד אַרײַן אָפּגעשטעלט. עס רײַסט זיך אַרײַן די ערשטע ליקווידיר־אַק־ציע. די קאָנטאַקטן ווערן אָף אַ צײַט איבערגעריסן. אָבער שוין סאָף פעברואַר באַקומט באַנײַס דער וואַלד־געדאַנק הויט און ביינער. די אי־ניציאַטיוו האָט ווײַטער דער פּאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק. דרײַ דרײַסטע כאַוויירים, דער קאָמוניסט מוליע נישט, וועלכער האָט שוין פריִער אַנטיילגענומען אין אַ וואַלד־עקספּעדיציע און איז ניצל געוואָרן, לאָזט זיך אַרויס אינאיינעם מיט די שאָמרים ליאָנטשיק און יאָסעף מאַ־קאָווסקי אָף אַן אויסשפּירונג אין די סופּראַסלער און איזאָבער וועלדער. אין אַ וואָך אַרום קומען זיי צוריק מיט דער מיטטיילונג, אַז זיי האָבן צוגעגרייט אַ זיעמלאַנקע אין איזאָבער מאַסיוו און אַז זיי האָבן זיך גע־טראָפן מיט דער גרופּע פון עליע בוימאַץ. די דאָזיקע אויסשפּירונג האָט דורכגעשלאָגן אַ וועג פאַר אַ פרישן דראַנג אין וואַלד אַרײַן. מיט דער פאַרבינדונג פירט איצט אָן מוישע בוך. עס הייבן אָן צו גיין גרופּעס צו פיר, פינף פערזאָן. איטלעכע אָנגעקומענע גרופּע פאַרנעמט דעם פאַר־טיקן פון פריִער ערד־הייל און גרייט אַליין צו אַ זיעמלאַנקע פאַר די, וואָס דאַרפן ווײַטער קומען 25).

אָט שילדערט איינער פון די, וואָס זײַנען אין יענער טקופע אַוועק

---

23) ג״א פון ר. וואָיסקאָוווסקאַ.
24) ג״א פון אַ. מאַנעלים, אַרכ׳ ייִה״א, פּראָט׳ נומ׳ 3972.
25) ג״א פון א. ליאַד.

אין וואַלד, וויאַזוי עס איז צוגעגאַנגען אי דאָס אַנטלויפן, אי די ער־שטע צײַט, די צוגעוווינשאַפט אין מאַסיוו:

„אייניקע טעג נאָכן צוריקקערן זיך פונעם אויסשפּיר — דערציילט אַרן ליאַך, — האָב איך באַשלאָסן אַרויסגיין אין וואַלד. כ׳האָב מיטגע־נומען אַ טעקע מיט מעדיקאַמענטן, אַ קורצן אברעז מיט 150 קוילן, אַרומגעגאַרטלט זיך און אַזוי אַוועק צו דער אַרבעט אין צענטן פּאַלק. בעייסן מיטאָג־איבערײַס בין איך אַרויס דורך דער אוביקאַציע־עפענונג אַפן פעלד. צוזאַמען מיט מיר איז געווען שלוימע, אַ קאָמסאָמאָליעץ. גע־פירט האָט אונדז יאַנקעוו מאַקאָווסקי. די ערשטע צײַט איז געווען די עקאָנאָמישע לאַגע זייער אַ שלעכטע. ס׳איז אויסגעקומען צו עסן שאָ־לעכץ פון קאַרטאָפל. אין אַ מאָנאַט אַרום האָט זיך אונדזער לאַגע גע־ענדערט, נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער סאָוויעטישער גרופּע, „זאַבלודאָווצעס״ (זיי זײַנען דורך אונדז באַפרײַט געוואָרן פון געפאַנגען־לאַגער אין זאַבלודאָווע). די סאָוויעטן האָבן געהאַט באַקאַנ־טע פאַליאַקן, באַ וועלכע זיי האָבן געקראָגן צו קויפן געווער און אַזוי אַרום איז אונדזער געווער־זאַפּאַס פאַרגרעסערט געוואָרן און דורכדעם איז אויך אונדזער שלעכטע לאַגע געלינדערט געוואָרן. פאַרמאָגנדיק געווער, האָבן מיר אין די דערפער באַקומען אַלע נייטיקע שפּײַז און פּראָדוקטן.

„מיר האָבן געהאַט אַ סטאַבילע פאַרבינדונג מיט דעם ביאַליסטאָ־קער געטאָ. די פאַרבינדלער זײַנען געווען מאַרעק בוך, מאַרילקע (רו־זשיצקאָ) און אַנדערע. מיר האָבן אויך באַקומען פון געטאָ אַ פּרימיטיוון העקטאָגראַף און פלעגן אַרויסגעבן פלוג־בלעטלעך. אין די פלוג־בלעט־לעך, אַרויסגעגעבן אונטער דער אויפזיכט פון ריווקע וואָיסקאָווסקאָ, פלעגן פּובליקירט ווערן די לעצטע ראַדיאָ־ידיעס, וואָס עס ברענגען מאַ־רעק בוך און מאַרילקע. בעייסן גיין נאָך שפּײַז אין די דערפער זײַנען זיי דורך אונדז פאַרשפּרייט געוואָרן״ 26).

ווי עס דרינגט אַרויס פון אָט דער שילדערונג, איז די פאַרטיזאַני־שע טעטיקייט אַרויף אַף אַ העכערער מאַדרייגע. דאָס איז געקומען ווי אַ פועל יויצע פון די באַשלוסן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געשאַפן די מאַכנע „פאָרויס״ און אַרויסגעשיקט אין כוי־דעש מאַרץ איינע פון אירע וויכטיקסטע טוער, ריווקע שינדער־וואָיסקאָוו־

26) דאַרטן.

סקאָ, אין וואַלד אַרײַן צו אָרגאַניזירן די זאַך. די ייִדישע פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג איז געווען אַ וואָגיקער פּאָליטישער פאַקטאָר אין דער גאַנצער געגנט, קוידעמקאָל אָפן פּויליש־ווײַסרוסישן דאָרף. אין דער זעלביקער צײַט איז אויסגעוואַקסן די שלאַכט־פֿעיִקייט פֿון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער. די באַשפּיגענע אַרבעט־שקלאַפֿן פֿון געטאָ, וואָס זײַנען פֿאַרמישפּעט געוואָרן אַף אַן אומפֿאַרמײַדלעכן טויט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַזוי ווײַט קאָמפּעטענט און מוטיק, אַז זיי האָבן אָפּילע פֿאַרנומען מיט שלאַכט אַ גוט־געהיטן געפֿאַנגענען־לאַגער, מענאַצייאַך געווען די דײַטשישע וואַכן און אויסגעלייזט די רויטאַרמייער, וועלכע זײַנען פֿאַראורטיילט געוואָרן אַף אַ פּאַוואָליעדיקער גסיסע אין אָט דעם לאַגער.

פֿון איצט אָן וואַקסן די רייען און עס הייבט זיך די כשיוועס און דער קויעך פֿון די פּאַרטיזאַנער. אין זעלביקן כוידעש מאַרץ בילדעט זיך אויס אין וואַלד אַ דריטע גרופּע פֿון ייִדישע נעקאָמע־נעמער; איר קאָמאַנדיר איז כאַים לאַפּטשינסקי, אַ געוועזענער פּאָליטישער אַרעסטירטער פֿון די סאַנאַציע־טפֿיסעס, עס יאַוועט זיך אין וואַלד אַ גרייטע אַף אַלץ גרופּע פֿון זיבעצן געטאָ־יוגנטלעכע בעראָש מיט יוזשעק מאַרגאָליס (אין אָט דער גרופּע געפֿינט זיך דער זון פֿון די ליכטענשטיינס — מענאַשע). אין כוידעש אַפּריל קומט אָן נאָך אַ גרופּע מיט רוווען לעווין אין שפּיץ. ביז סאָף מײַ ציילט שוין די ייִדישע מאַכנע אין וואַלד העכער הונדערט באַוואָפֿנטע מענטשן 27).

ביינעלעביינע לײַדן נאָך געוויסע גרופּעס, באַם גיין אין וואַלד אַרײַן, דורכפֿאַלן. דער וועג פֿון געטאָ צו די פּאַרטיזאַנער איז נאָך אַלץ נישט קיין לײַכטער. אין כוידעש אַפּריל 1943 באַקומט זיך פֿון געטאָ אַרויס אַ גרופּע, אַ מאָבּיליזירטע דורך יעהודים נאָוואָגרודזקאָ; מיט דער גרופּע פֿירט אָן בערל וואַסערשטיין, אָבער זי ווערט צעקלאַפּט אונטערן דאָרף ליפּאָווי מאָסט (ווידער דער טראַגישער צופֿאַל!) און, פֿאַרלירנדיק די פֿאַרבינדלערן, מוזן זיך די כאַווײרים צוריקקערן אין געטאָ 28).

אין מײַ האָט געדאַרפֿט אַרויסגיין אין מאַסיוו אַרײַן אַ פֿרישע גרופּע. לאָמיר נישט פֿאַרגעסן, אַז דעם ערשטן מײַ ווערן אין געטאָ פֿאַרשפּרייט פֿלוג־בלעטלעך מיט סטאַלינס רוף צו גיין אין דער פּאַרטיזאַני־

---

27) נ"א פֿון ק. באַראַקין.
28) נ"א פֿון פּ. קאַזשעץ.

שער באַוועגונג. דער רוישעם פון דעם רוף איז זייער גרויס 29). סאָף מײַ גרייט זיך אַרויסצוגיין אַ גרופּע פון זעכצן מענטשן פון דער פּאַראַיי־ניקונג פון יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ. די עקספּעדיציע האָט צוגעגרייט יו־דיטאַ אַליין. צו די אַרויסגייענדיקע האָבן געהערט דער קונסט־שניצער כאַים כאַלעף, לייב שוועץ, גערשוני, מאַרמאַוועג, קאַפּלאַנסקי, עדעלשטיין, מאַרעק שלענגער, טאַלק (ש. דאַטנער) א"א. די גרופּע איז געווען באַ־וואָפנט מיט עטלעכע לאַנגע סאָוויעטישע ביקסן, דעם קאָמאַנדיר האָט מען באַזאָרגט מיט אַ בעלגישן פּיסטאָלעט. אַדורכפירן די גרופּע האָט זיך אונטערגענומען נאָכעם אַבעלעוויטש („ריס") און יויעל קעסלער („באָר־וועסער").

די עקספּעדיציע איז באַשטימט געוואָרן אַף דער נאַכט פון 24טן אַפן 25טן מײַ. זי איז אָבער נישט געלונגען, מאַכמעס דעם, וואָס דער געטאָ־פלויט איז געווען באַשטעלט. אָבער זי האָט דערוויזן אַן אַנדערע וויכטיקע זאַך: וויאַזוי פון קאָפּ ביז פּיס באַוואָפנטע שופאָ־לײַט קאָנען מאַכן פּלייטע פאַר יידישן מוט. באַם פאַרקאַן איז אויסגעבראָכן אַ שי־סערײַ צווישן די יידישע קעמפער און אַ גרופּע דײַטשישע וועכטער. דער ערשטער שאָס איז געווען אַ טרעפלעכער — איין דײַטש איז אַוועקגע־פאַלן אַ שווער־פאַרוווּנדעטער מיטן געשריי „ניכט שיסען! הילפע! היל־פע!" באַ דער וואַך איז אויסגעבראָכן אַ בעהאַלע. די שיסערײַ איז גע־ווען אַ כאַאָטישע, אָבער אַ קעגנזײַטיקע. די יידישע קעמפער האָבן זיך צוריקגעצויגן אין געטאָ 30).

דער דאָזיקער שאָס באַם פּלויט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רוישעם אין געטאָ; אַ דײַטשישער פאַשיסט איז געפאַלן פון יידישע הענט! צווי־שן די יידן האָט מען גערעדט, אַז פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געוואָלט אַרײַנ־רײַסן אינעם יידן־קוואַרטאַל אַרײַן. אויך אין געשטאַפּאָ האָט מען גע־האַלטן, אַז „באַנדיטן" האָבן געוואָלט זיך אַרײַנבאַקומען אין געטאָ קע־דיי זיך צו באַזאָרגן מיט געווער און מיטנעמען אַ ריי מענטשן 31).

דער דורכפאַל פון אָט דער מײַ־נאַכט, וואָס איז אָבער אין דער זעל־ביקער צײַט געווען אַ מאַזלדיקער שלאַכט־ניסאָיען, האָט נישט אָפּגע־

---

29) נ"א פון ש. דאַטנער, אַרכ' יוה"א, נומ' 1273.

30) ד"ר ט. ציטראָן: „אַן עפּיזאָד פון ביאַליסטאָקער געטאָ", ד"ר ש. דאַטנער: „נישט געלונגענער אַרויספאַל פון געטאָ", אַרכ' יוה"א.

31) פרידעלס ענטפער אַף דאַטנערס אַנקעטע.

טעמפּט די היסלאַוועס פון יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ און אירע כּאַוויירים. יעהודיס, שלענגער, בערל וואַרסערשטיין, מאַניעק בראַקער — די אַלע, וואָס זײַנען געשטאַנען בעראָש פון דער דאָזיקער באַזונדערער קאַמפּס־אָר־גאַניזאַציע — האָבן ווײַטער געגרייט עקספּעדיציעס אין וואַלד אַרײַן. עס איז בעקאָרעוו אַרויס אַ גרופּע פון דרײַסיק מאַן, גוט באַוואָפנטע; אין דער גרופּע איז ווידער געווען טאַלק־דאַטנער. דאָס מאָל האָט זיך דער פאַרמעסט אײַנגעגעבן, און די קעמפער האָבן זיך דערקליבן צום ציל 32).

דאָס איז געשען נאָך לאַנגע צאָרעס, וואָס דאָס געטאָ האָט געהאַט אויסצושטיין, נאָך דעם ווי די מישפּאָכעס פון אַסאַך וואַלד־מענטשן זײַנען שוין דערמאָרדעט געוואָרן דורכן סוינע. עס איז געוואַקסן די פאַרבי־טערונג פון די יידישע פאַרטיזאַנער און באַנאַנד מיט דעם — די גלוס־טונג צו נעקאָמע. „מיר איז אַלצאיינס — האָט געטײַנעט טאַלק נאָכן באַקומען די שוואַרצע בסורע וועגן דעם אומקום פון זײַן פרוי, — וואָס זיצן מיר ?" דאָס איז געווען דער געדאַנקען־גאַנג פון אַסאַך.

און די רייען אין וואַלד האָבן זיך פאַרמערט. מען איז טראַץ אַלע שוועריקייטן געגאַנגען צו די פאַרטיזאַנער. צוויי טעג פאַר דער לעצטער ליקווידאַציע פון געטאָ, דעם 14טן אויגוסט 1943, איז נאָך אַרויס אַ גרופּע צום וואַלד מיט מישקע לוביץ (אַ גראָדנער), יאָסעף זובערסקי, אַלעקס שעניאַק, פישל פײַנפעלד 33). דאָס איז געווען די לעצטע גרופּע פון געטאָ פאַר דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע.

ביינעלעביינע איז דורכגעפירט געוואָרן אין וואַלד אַ פאַראיינהייט־לעכונג און אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָנצענטרירונג פון אַלע גרופּעס. אַלע זײַנען זיי אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין דער מאַכנע „פאָרויס". עס איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ פעסטע אָנפירונג: יוינע סאָכאַטשעווסקי („סאַשאַ", „יעזשי"), ריווקע וואָיסקאָווסקאַ, שעפּסל באָראָוויק 34). די פאַר־טיזאַנער האָבן זייער צענטראַלע און זייער היים געזען אין געטאָ. אַלע וויכטיקסטע שריט זײַנען געמאַכט געוואָרן מיט דער פאַרשטענדיקונג פון דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. „פאָרויס" איז געווען דאָס קינד פון דער אַנטיפאַשיסטישער געטאָ־אָרגאַניזאַציע און אַ לייבלעכער ברודער פון דער געטאָ זעלבשוץ. די מאַכנע „פאָרויס" האָט איר הויפּט־שליכעס גע־

---

32) ג"א פון ב. וואַסערשטיין.

33) ג"א פון פ. פײַנפעלד.

34) ג"א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ און מ. בוד.

זען אין צוגרייטן הילף פאר דעם באדראטן געטא. אין יולי 1943 האט טאקע אין געטא געהאט אן ארט א קאנפערענץ פון דער אנפירונג פון אנטיפאשיסטישן בלאק מיטן שליעך פון וואלד מוישע בוך. אף דער אסיפע האט דער לעצטער באטאנט דעם פעסטן באשלוס פון די פארטיזא־נער: מיר וועלן קומען צוהילף דעם געטא 35). דערווײַל האט „פארויס" צוגעשיקט א מאטאנע — 23 שטיק געווער פאר דער זעלבשוץ 36). דאס איז געווען דער שניט פון א ברידערלעכער זריע. די זריע איז געקומען פון געטא — די ערשטע שטיקלעך געווער, מאכשירים אף אויסדרייען שי־נעס, אויפרײַס־מאטעריאל", מעדיקאמענטן און מאלבושים, געזאמלטע בא דער באפעלקערונג וואס דער מעסירעס־נעפעשדיקער בערקנער און אנדערע פלעגן אריבערטראגן אין וואלד אריין; דער שניט איז געקומען פון „פארויס" — די 23 קליי־זאינס און די רײַכע שלאכט־דערפארונג. די גרוסן פון די קאמפן, וואס די פארטיזאנער פירן, זײַנען געווען די בעסטע דער־ציונג פאר דער יוגנט אין דעם איזאלירטן יידן־ראיאן. דער ייד פון א גאנץ יאר אין געטא האט געוווסט ווי אפצושאצן דעם באדײַט פון פאר־טיזאן. יידישע מעדיקער און קראנקן־שוועסטער, וואס זיי איז געווען דערווידער דער גײַסט פונעם יודענראט, האבן געהאלפן די וואלד־מענ־טשן, געהיילט און געפלעגט פארוווּנדעטע פון די פארטיזאנישע שלאכטן. אפן בוידעם פונעם ביאליסטאטשאנער געסל האבן ד"ר טעוויע ציטראן און די פלעגערן רוזשע דאטנער אײַנגעארדנט א געהײמען פארטיזאנישן שפיטאל. אונטן איז געווען א פאבריק אונטער דער האשגאכע פון יו־דענראט און דער אפעטראפסעס פון די דײַטשן און אויבן האט מען גע־היילט די ווונדן פון די נעקאמע־נעמער. צווישן אנדערע האט א יידישער דאקטער אויסגעהיילט און געשטעלט אף די פיס א סאוועטישן פארטי־זאנישן אויספירער מיכאיל מישקין, וועלכער איז געזעסן אין שטוב בא רוזשע דאטנער 37). און דאס איז נישטגעווען קיין פאראייגצלטער פאל.

אין געטא איז אויך צוגעגרייט געווארן דאס אנטלויפן פון א גרופע סאוועטישע קריגס־געפאנגענע פונעם ביאליסטאקער שפיטאל. גע־שען איז דאס איז כוידעש מײַ 1943. דעם קאנטאקט צווישן די אנטיפא־

---

35) נ"א פון פ. פײַנפעלד.
36) דארטן
37) נ"א פון ט. ציטראן.

שיסטן פון געטאָ און די רוסישע מענטשן האָט געהאַט דער קעמפער הע־ניעק פעלץ. דער פאַל האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושעם אין שטאָט און קוידעמקאָל אינעם לאַגער פון סוינע 38).

וויאַזוי די אַרבעט־שקלאַפן פון געטאָ האָבן געהאָלפן דער פּאַרטי־זאַנישע באַוועגונג, דערווייזט דער ווייטערדיקער פאַל: בעראַש האָט באַ־קומען פון די דייטשן אַ באַשטעלונג אַף 600 רויטאַרמייישע מונדירן און היטלען; דאָס איז געווען באַשטימט פאַר פאַררעטער, וולאַסאָווצעס און אַנדערע, וועלכע האָבן געדאַרפט זיך לאָזן אין די וועלדער און אַריינכאַפּן די פּאַרטיזאַנער אין אַ נעץ. די יידישע אַרבעטער האָבן וועגן דעם צו וויסן געגעבן דער אָרגאַניזאַציע. אַזוי אַרום האָבן די פּאַרטיזאַנער גע־כאַפּט די בויגדים און אויסגעמיטן אַ מאַפּאָלע 39).

די געטאָ־אַסורים האָבן מיט האָפענונג געקוקט אַפן ווייטן וואַלד. און די פּאַרטיזאַנער האָבן מיט אומרו און זאָרג נאָכגעפאָלגט די געשעע־נישן אין געטאָ.

און די געשעענישן האָבן זיך געקייקלט האַסטיק באַרג אַראָפּ. עס האָט זיך אָנגערוקט די קאַטאַסטראָפע, דער סאָף.

38) ג"א פון מ. בוך.
39) גראָסמאַן, ז' 166.

# קאַפּיטל איינס

## דער לעצטער גייִרעש

„נאָך קיינמאָל איז אין געטאָ נישט געווען אַזאַ גוטע שטימונג ווי אין די לעצטע טעג פאַר זייַן פאַרטיליקונג. דאָס איז געווען די צייַט נאָך סטאַלינגראַד, נאָך על אַלאַמיין, נאָך דעם זיגערישן פאַרענדיקן די צאָפן־אַפריקאַנישע קאַמפּאַניע און נאָכן לאַנדן אין סיציליע. מוסאָליניס דימי־סיע האָט אָנגעזאָגט די בסורע פון איטאַליעס פאַלן. עס האָט זיך גערירט דער פראָנט אַפן מיזרעך. דעם פינפטן אויגוסט 1943 האָבן זיך צום ער־שטן מאָל צעברומט די אַרטילערישע סאַליוטן פון מאָסקווע מיט אַ יויוול לעקאָוועד דעם פאַרנעמען אָריאָל און בעלגאָראָד. זיי האָבן זיך אָפּגע־רופן מיט אַ פריידיקן ווידערקאָל פון האָפענונג אין די הערצער פון די געטאָ־אייַנוווינער" 1).

די שטימונג אין געטאָ איז געוואָרן אַ מונטערע. יעדער דייַטשישער סאָלדאַט מיט דעם שוואַרצן טרויערבאַנד „סטאַלינגראַד" אַפן אָרעם האָט אָנגעפילט די הערצער פון די ייִדן מיט פרייד 2). יעדער טראַנספּאָרט מיט דייַטשישע צעקאַליעטשעטע פראָנט־זעלנער, וואָס איז געקומען פון מיזרעך, האָט געשטאַרקט די ייִדן אין גלויבן, אַז די מאַפּאָלע פון פאַר־האַסטן אָקופּאַנט אין אַ זיכערע 3).

די געענדערטע לאַגע אַף די פראָנטן דאָס איבערבייגן זיך פונעם ניי־צאָכן־וואָגשאָל אַף דער זייַט פון דער אַנטיהיטלעריסטישער קאָאַליציע, קוידעמקאָל לעטויוועס דער רויטער אַרמיי, דאַווקע דאָס האָט צוגעיאָגט

---

1) ד"ר שימעון דאַטנער: „דער קאַמף און די פאַרטיליקונג פון ביאַליסטאָקער געטאָ", לאָדזש 1946 (אין פּויליש), ז' 38.

2) ג"א פון י. ריווקינד.

3) ג"א פון ט. ציטראָן.

באַם סוינע דעם כיישעק אַ סאַך צו מאַכן מיט דעם ביסל ייִדן, וואָס האָט נאָך געאָטעמט אין די לעצטע געטאָס.

די שאַקלע־וועטאַריע וועגן דעם גורל פון די „נוץ־ייִדן" פון ביאַליס־טאָקער געטאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן באַלד נאָך דער ערשטער ליק־ווידאַציע. בעיס דער פעברואַר־אַקציע האָט דער סוינע געלייגט אַכט דעריקער אָפּן רעפּרעסיוון, אָפּשרעקנדיקן און איינצײַטיק סעלעקטיוון כאַ־ראַקטער פון דעם גיירעש. פאַבריק־צײַגענישן האָבן נאָך דעמאָלט געהאָט אַ שטיקל פּעולע. פון קעניגסבערג אַליין האָט מען נאָך די ערשטע בלו־טיקע טעג אַכטונג געגעבן, עס זאָלן בלײַבן די אַרבעטער פון דער אינ־דוסטריע. דער אָפּפלוס פון אַרבעט־הענט אין די דײַטשישע פאַבריקן האָט נאָך געשפּילט אַ געוויסע ראָל אין די מאָרד־פּלענער, אין אָפּשלעפּן די פאַרווירקלעכונג פון אָט די פּלענער באַ די פירער פון „דריטן רײַך".

אין מעשעך פון דער צווייטער העלפט פון פעברואַר דיסקוטירט מען באַנײַס אין די אָנפירערישע נאַצישע קרײַזן וועגן גורל פון די באַליס־טאָקער ייִדן. עס וועגט ווידער איבער אַף אַ קורצער צײַט די באַדערפע־ניש פון דער אינדוסטריע 4). אין אַ כוידעש אַרום, אין דער צווייטער העלפט פון כוידעש מאַרץ, קומט ווידער פאַר אינעם בראַניצקי־שלאָס אַ זיצונג וועגן דעם סאַך פון געטאָ. די שטימונג באַ די באַלעבאַטים ווערט אַלץ אַ נעגאַטיווערע לעגאַבע די פאַרבליבענע ייִדן. עס באַקומט אַלץ מער די אויבערהאַנט די זיכערקייט־פּאָליציישע מאַכט, וועלכע באַגרינדעט די נויטווענדיקייט צו ליקווידירן דאָס געטאָ מיטן מאָטיוו, אַז די ייִדן זײַנען אַ געביט פון שפּיאָנאַזש און סאַבאָטאַזש־אַקטן. אַף ענדגילטיקע אויספירן קאָנען זיך די אָרטיקע נאַצי־גדולים נישט מעכטיקן. זיי באַשליסן בלויז נאָכאַמאָל נישט אַרויסצולאָזן קיין ייִד אַף אַרבעט מיכוץ דעם געטאָ און צו פאַרשטאַרקן די באַוואַכונג פונעם ייִדן־קוואַרטאַל. וואָס שײַעך דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער פראַגע, ווערט דער גאַנצער איניען אי־בערגעשיקט אין דעם רײַכסזיכערהייטסהויטאַמט אין בערלין 5).

4) זע אויבן: פון דער „צווישנדײַטשער קאָרעספּאָנדענץ" דרינגט אַרויס, אַז אין דער צווייטער העלפט פעברואַר 1943 איז געווען אין די אָרטיקע אָקו־פּאַנטישע קרײַזן אַ רייד וועגן איבערלאָזן אין ביאַליסטאָקער געטאָ 30 טויזנט ייִדן, נייטיקע פאַר דער אינדוסטריע, מיטן באַדינג, אַז זיי וועלן זײַן באַשעפטיקט נאָר אין די געטאָ־פאַבריקן און נישט אַף דער „אַרישער" זײַט.

5) טענענבוים, נאָטיץ פון 16טן מאַרץ 1943; אויך — „צווישנדײַטשע קאָרעס־פּאָנדענץ" פון 10טן מאַרץ 1943.

ווי מיר זעען, איז דער הויפּט־אַרגומענט פון דער זיכערקייט־פּאָליציי די מוירע פאַר די מערידע־שטימונגען באַ די ייִדן. עס איז קלאָר, אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט נישט בלויז וועגן די ייִדן, נאָר אויך און קודעם־קאָל וועגן די קאָנטאַקטן פון ייִדישע ווידערשטענדלער מיט אַרומיקע פאַר־טיזאַנער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

מיטן איניצן פאַרנעמט זיך אויך קעניגסבערג. דורך זײַנע מענטשן דערוויסט זיך באַראַש וועגן דעם, וואָס מען טראַכט אין קעניגסבערג, און ער טיילט זיך מיט זײַנע יעדיִעס מיט טאַמאַראָפן בעייס דער קומט צו אים נאָך געלט און גאָלד פאַר דער כאַלוצישער אונטערערדישער באַווע־גונג. באַראַש האָט זיך דערוווסט: אין קעניגסבערג האָבן זיך ווידער אויסגעטיילט די צוויי באַקאַנטע שטאַנדפּונקטן — אַ „פּרינציפּיעלער", רעפּרעזענטירט דורך די טוער פון נ.ס.ד.אַ.פּ. וועלכער פאָדערט די פול־שטענדיקע פאַרניכטונג פון געטאָ און די פאַרענדיקונג פון דער טאָטאַ־לער ייִדן־אויסראָטונג פונעם גאַנצן באַצירק, ביאַליסטאָק אײַנגעשלאָ־סן; און — אַ פּראַקטישער, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטן דורך די פאַר־שטייער פון דער ווערמאַכט, ביפּראַט פונעם אינספּעקטאַראַט פון דער „ריסטונגקאָמאַנדאָ", וועלכע זאָגן זיך אַרויס פאַר לאָזן דערווײַל דאָס געטאָ אין זײַן איצטיקן צושטאַנד; זיי כאַזערן איבער די אַלטע אַרגו־מענטן: די לײַסטונגען פון דער געטאָ־אינדוסטריע, די גרויסע צאָל ייִדי־שע ספּעציאַליסטן וקעדוימע. אויך אין קעניגסבערג האָט מען נישט גע־קאָנט דערגריין צו קיין טאָלק. דער איניצן איז ווידער אַריבער קיין בער־לין. ווערליק באַראַש האָט געהערט, שמועסט מען, אַז די זאַך וועט דערגריין צו געריננגען אַליין און ער וועט דאַרפן אויסדריקן זײַן מיינונג 6).

אין אָנבליק פון אָט דער שאַקלע וועטאַריע אינעם לאַגער פון סוינע, איז ווידער געקומען בוילעט צום אויסדרוק די שייד־ליניע אין געטאָ גופע. אָף די דאָזיקע יעדיִעס רעאַגירט מאָרדכע טענענבוים מיטן שטעלן פאַר באַראַשן די פראַגע אָף אַזא אויפן: אויב מיט אַ יאָר צוריק איז די צענט־ראַלע אויפגאַבע געווען בויען פאַבריקן, איז איצט געבליבן איין זאַך — זעלבשוץ. מיר ווועלן זיי צווינגען, — האָט אַרויסגעלייגט זײַנע געדאַנ־קען פאַרן ראָש פונעם יודענראַט טאַמאַראָף, — זיי זאָלן אונדז נעמען מיט אַרטילעריע אָדער מיט דער הילף פון עראָפּלאַנען. דערצו איז

6) טענענבוים, נאָטיץ פון 22טן מאַרץ 1943.

נייטיק זײַן, באַראַשעס, מאַקסימאַלע הילף. דערויף האָט באַראַש גענענט־פערט: „קאַלזמאַן מען לעבט, זײַנען נאָך פאַראַן אילוזיעס", און ער האָט צוגעגעבן, אַז דער געשטאַפּאָ־גאָדל פרידעל האָט אים דערציילט, אַז עס זײַנען ליקווידירט געוואָרן דרײַ אָפּטיילונגען פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין וואַלד 7).

דער מיין איז געווען אַ קלאָרער, די שייד־ליניע — אַ בוילעטע.
די געשעענישן אַנטוויקלען זיך איצט מיט אַ שנעלן טעמפּאָ.

אין דעם רײַכסזיכערהייטסהויפּטאַמט ווערט אַלץ פעסטער דער באַ־שלוס צו ליקווידירן דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ. אין כוידעש יוני שרײַבט דער ס.ס און פּאָליציי־פירער פון לובלינער דיסטריקט אָדיל גלאָבאָצניק, הימלערס הויפּט־מעמונע איבער די ייִדן־ליקווידאַציעס אין דער גענע־ראַל־גובערניע, קיין בערלין מיקויעך דעם איניען פון אַרויסשיקן די ייִדן פון די צוויי לעצטע געטאָס וועלכע ליגן מיכוץ דער גענעראַל־גובערניע, פון ביאַליסטאָק און לאָדזש; לויטן פּלאַן פון דעם רײַכסזיכערהייטסהויפּט־אַמט האָבן די לעצטע ייִדן פון די צוויי שטעט געדאַרפט ווערן איבערגע־געבן אין רעשוס פון די אַרבעט־לאַגערן פון ס.ס. מיט וועלכע עס האָט אָנ־געפירט גלאָבאָצניק. אַז דער פּלאַן פון דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ איז שוין געווען גרייט אין יוני 1943- דערווײַזט כאָטשבי דער פאַקט, וואָס אין דעם אַ כוידעש איז ד"ר אַלטענלאָה אַראָפּ־גענומען געוואָרן פון זײַן אַמט אַלס קאָמאַנדיר פון ביאַליסטאָקער זיכער־קייט־פּאָליציי מאַכמעס דעם, וואָס ער איז „נישט גענוג שאַרף" 8). נישט בערלין, נישט קעניגסבערג האָבן נישט געהאַלטן, אַפּ אַלטענלאָה זאָל זײַן דער פּאַסיקער מענטש מיט אַ „שטאַרקער האַנט" דורכצופירן אַ פול־שטענדיקע ליקווידאַציע. אַלטענלאָה איז באַזײַטיקט געוואָרן אַפּן פּאַר־שלאַג פון ד"ר קאַנאַריס. מען האָט אים אַריבערגעפירט קיין פּאַריז, און אָף זײַן אָרט איז קיין ביאַליסטאָק געקומען ד"ר צימערמאַן. אָבער דער לעצטער, ווען ער באַקענט זיך מיט דער געטאָ־פּראָדוקציע און אונטערן דרוק פונעם אינספּעקטאָר פון דער אַרמיי־פּאַרזאָרגונג ראַטמײַסטער פּרעזע, שטעלט זיך אויך דערווײַל אַפּן שטאַנדפּונקט, אַז די פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון דעם ייִדן־קוואַרטאַל איז נאָך אַ פּריצייטיקע. וועגן דעם גיט

---

7) דארטן.
8) פרידעל: „די באַשרײַבונג פון די קאַמפן און פון דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאַקער געטא".

# די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ

איבער פרידעל באַראַשן. באַראַש באַשטעטיקט אין זײַן שמועס מיט פרײַ־דעלן, אַז ער האָט געקריגן פרישע באַשטעלונגען פון פרעזען, אָבער אין געטאָ הערשט אַן אומרו, עס גייען אַרום יעדיעס וועגן דעם לאַגער טרעב־לינקע און דעם גאַז־טויט, וואָס דערוואַרט די ייִדן. ווען פרידעל ראַפּאָר־טירט וועגן זײַן שמועס מיט באַראַשן דעם געשטאַפּאָ־לייטער היימבאַך, ביפּראַט וועגן די טרעבלינקע־קלאַנגען, דערקלערט דער לעצטער, אַז באַ־ראַש איז גוט אינפאָרמירט; היימבאַך דריקט דערבײַ אויס זײַן כידעש, פונוואַנען שעפּן די ייִדן די יעדיעס, וואָרעם טרעבלינקע איז „אַ געהיימער מעלוכע־איניען" 9).

דער אומרו פון די ייִדן האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר באַרעכטיקט. אין מיטן יוני פאַרלאַנגט דער רײַכסזיכערהייטסהויפּטאַמט אַ ראַפּאָרט וועגן די געטאָ־פאַבריקן, וואָס אַרבעטן פאַרן מיליטער; בערלין וויל אויך וויסן, ווי לאַנג עס קאָן דויערן דער איבעררײַס אין דער פּראָדוקציע, אויב מען וועט דאָס געטאָ איבערטראָגן אין אַן אַנדער אָרט. ווּהין? — וועגן דעם האָט זיך אין דעם אָנפרעג נישט גערעדט, אָבער עס איז קלאָר, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן איבערשיקן די אַרבעטנדיקע ייִדן אין ס.ס.־לאַגער, אין רעשוס פון אָדיל גלאָבאָצניק.

באַראַש גיט די נייטיקע אינפאָרמאַציעס 10).

פרעזע מאַכט די לעצטע באַמיִונגען צו לאָזן דאָס געטאָ אָפן אָרט. אינאיינעם מיט צימערמאַנען גייט ער צו בריקסן, דער זאָל זיך מיש־טאָדל זײַן וועגן דעם איניען באַ קאָכן. זיי לייגן פאָר צו פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ פאַרמאַכטן אַרבעט־לאַגער. פרעזע שרײַבט וועגן דעם אויך אין דער אויבער־קאָמאַנדע פון דער אַרמיי. די שטאָדלאָנעס באַ קאָכן פּויעלט גאָרניט. קאָך איז געווען — אין העסקעם מיט דער אַלגע־מיינער ליניע פון בערלין — פאַר ליקווידאַציע 11).

אין מיטן יולי 1943 קומט פאָר אַ פאַרטרוילעכע קאָנפערענץ פון די קאָמאַנדערס פון דער זיכערקייט־פּאָליציי אין בערלין, אינעם רײַכסזיכער־הייטסהויפּטאַמט. צווישן אַנדערע שטייט אויך די פראַגע פון ביאַליס־טאָקער געטאָ. קיין שום ענדגילטיקע באַשלוסן ווערן נאָך נישט אָנגע־נומען.

9) דאָרטן.
10) מאַכאַלס ענטפער אױף מײַן אַנקעטע.
11) דאָרטן.

דעם צווייטן אויגוסט 1943 ברעכט אויס דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקע. נאָכן דערשטיקן אין פײַער און בלוט דעם אַפּריל־מײַ־אויפשטאַנד פון די ייִדן אין וואַרשע איז די טרעבלינקער מערידע אַ פרישער אַקט פון אַקטיוון ווידערשטאַנד. דער סוינע האָט געקאָנט באַקומען די אינפאָרמאַציעס, אַז צוויי ייִדן, אַנטלאָפענע פון טרעבלינקע, האָבן זיך דערקליבן קיין ביאַליסטאָק און פונאַנדערגעשפּרייט אין געטאָ די בסורע וועגן די טרעבלינקער געשעענישן, וועגן דעם באַוואָפנטן אַרויסטריט און אַז דער טויט־לאַגער איז אויפגעריסן 12).

איצט האָט שוין פולשטענדיק געזיגט דער „פּרינציפּיעלער" שטאַנדפּונקט פון ב.ס.ד.א.פּ. און ס.ס. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז נאָכן קאַפּיטל טרעבלינקע האָט מען באַשלאָסן אַ סאָף צו מאַכן מיט דער נעסט פון בונט און מערידע, וואָס עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ.

קעדיי דורכצופירן די זאַך מיטן פולסטן דערפאָלג, האָט מען, ווײַזט אויס, אין די הויכע ס.ס.־פּענצטער באַשלאָסן זיך נישט סוימעך זײַן בלויז אויף די אָרטיקע אָרגאַנען, נאָר אַרײַנשיקן געניטע ספּעציאַליסטן אין ייִדן־מאָרד. אין די ערשטע טעג פון כוידעש אויגוסט שיקט גלאָבאָצניק אַראָפּ קיין ביאַליסטאָק זײַן וואַרשעווער געהילף, דעם דורכגעטריבענעם ייִדן־מערדער פראַנץ קאָנראַד *). אין אַ פּאָר טעג אַרום מעלדעט זיך צום נײַעם לייטער פון דער ביאַליסטאָקער זיכערקייט־פּאָליציי ד"ר ציםערמאַן דער פירער פון דער „ריינהאַרדט־אַקציע" גלאָבאָצניק פון לובלין, אַ שאָ נאָך דעם דאָזיקן שמועס גיט איבער צימערמאַן היימבאַכן און פרידעלן, אַז מען דאַרף זיך ריכטן אין דער נאָענטסטער צײַט מיטן פאַקט פון עוואַקויִרן דאָס געטאָ 13).

גלאָבאָצניק פאָרט אַוועק און שיקט אַראָפּ קיין ביאַליסטאָק אַ קאָמיסיע, וועלכע באַשטייט פון זײַנע מיטאַרבעטער, דעם הויפּטשטורמפירער מאַגעל, אָדער מאַגאָל און נאָך צוויי ס.ס.־אָפיצירן פון לובלין, וואָס זייערע נעמען זײַנען ביז איצט געבליבן אומבאַקאַנט. די קאָמיסיע וויזיטירט דאָס געטאָ אין דער באַגלייטונג פון פרידעל און קליין. מאַגעל דריקט זיך אויס, אַז ביאַליסטאָק איז אַ מוסטער־געטאָ. באַראַש און זײַנע

12) ג"א פון י. לערמאַן.
*) דער סטענאָגראַם פון פּראָצעס קעגן סטראָאָפּ און קאָנראַד, וואַרשע, יולי 1951.
13) דאָרטן.

מעקוראַווים כאַפּן אויף דאָס וואָרט ווי אַן עוון־טאָוו, אַז עס וועט זײַן גוט 14).

עס גייט אַריבער אַ וואָך, און עס קומט ווידער דער זעלביקער מאַ־געל, אָבער ער רעדט שוין מיט אַן אַנדער שפּראַך. ער דערקלערט, אַז די לובלינער לאַגערן וועלן זײַן אַ מער פּאַסיק אָרט פאַר דער ייִדישער פּראָ־דוקציע. אפצומאָרגנס יאַוועט זיך ווידער גלאָבאָצניק אַליין. אין אַ טאָג אַרום ווערן געבראַכט ספּעציעלע ליקווידיר־פֿאָרמאַציעס פון לובלין — איין דײַטשישער באַטאַליאָן פון שוץ־פּאָליציי און צוויי באַטאַליאָנען פון הילף־פּאָליציי, וועלכע באַשטייען פון אוקראַיִנישע פאַשיסטן. לויט אַ באַשלוס פון בערלין נעמט איבער די אָנפירונג פון דער אַקציע אָדיל גלאָבאָצניק. דער פּראַקטישער אויספירער איז גלאָבאָצניקס באַפולמעכ־טיקטער מאגעל 15).

דעם 15טן אויגוסט האָלט אָפּ מאגעל אַ פּאַרטרוילעכע באַראַטונג מיט צימערמאַנען או היימבאַכן. נאָך דער באַראַטונג טיילט מיט היימבאַך פרידעלן, אַז אַף מאָרגן, אַפּן 16טן, דאַרף ער זײַן גרייט, גרייט דאַרף אויך זײַן די אָרטיקע פּאָליציי, ווײַל עס איז באַשטימט געוואָרן די עוואַקואַציע פון געטאָ.

האַגאַם די אַלע צוגרייטונגען זײַנען געהאַלטן געוואָרן בעסאָד ווי אַ „געהיימער מעלוכע־איניען", האָט מען דאָך עפּעס אין שטאָט געוווּסט. סײַ אין ציווילע דײַטשישע קרײַזן, סײַ אינעם יודענראַט איז מען געווען אינ־פאָרמירט, אָדער גזאַר דין איז אונטערגעכאַסמעט.

אַ געוויסע קורצע צײַט פאַר דער צווייטער און ענדגילטיקער ליק־ווידאַציע זײַנען די דײַטשישע קוינים געקומען אין געטאָ אַרײַן און אָפּ־געגומער די זייגערלעך, וואָס זיי האָבן געגעבן צו פאַריכטן ייִדישע מײַסטערס; דײַטשישע פירמעס האָבן צוריקגעצויגן באַשטעלונגען. דער טערעץ איז באַ אַלעמען געווען, אַז זיי פאָרן אָפּ 16).

די פּריוואַטע סעקרעטאַרן פונעם יודענראַט־פירער הודקאָ שפּרונג האָט אויך פאַר די געשעענישן — אין אַ שמועס מיט באַקאַנטע אין דער וווינונג פון פרוי ראָזע דאַטנער — איבערגעגעבן, אַז זונטיק, דעם 16טן אויגוסט דאַרף דאָס געטאָ ווערן אָפּגעשלאָסן; זי האָט אַזוי אַרום

14) דאָרטן.
15) דאָרטן.
16) ג"א פון ב. שאַצמאַן.

געוווּסט פון איר שעף, עפראַים באַראַש, אַפילו וועגן דער קאָנקרעטער דאַטע פון דעם אָנהייב פונעם סאָף 17).

באַראַש איז געווען גענוי אינפאָרמירט וועגן דעם גיירעש שוין דעם 15טן אויגוסט 6 אַזייגער פאַרנאַכט. אָט וואָס עס איז מוידע וועגן דעם פריץ פרידעל אין זײַנע דערקלערונגען אינעם טאָג פון זײַן מישפּעט דעם 26טן אָקטאָבער 1949:

„דורך מיר איז באַראַש אַרויסגערופן געוואָרן צו הײמבאַכן דעם 15טן אויגוסט 6 אַזייגער. הײמבאַך דערקלערט אים: „הער באַראַש! אַלזאָ ווערט דאָס געטאָ, טראָץ די פּראָטעסטן פונעם קאָמאַנדיר און שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג, ווי אויך פון ראַטמײַסטער פרעזע, דאָך ליקווידירט און די זאַך ווערט אַפילו דערוואַרט מאָרגן פרי אַרום דרײַ אַזייגער. דאָס גאַנצע געטאָ ווערט איבערגעטראָגן קיין לובלין צוזאַמען מיט אַלע פאַמיליעס. דאָרטן וועלן אויך אָפּגעטראַנספּאָרטירט ווערן אַלע מאַשינען און געוויס וועלן די פאַבריקן דאָרטן מער פּראָדוקטיוו אויסגענוצט ווערן. עס האָט קיינער נישט זיך וואָס צו באַאומרויִקן. די עוואַקויִרונג דאַרף גיין אין פולער רו. אינפאָרמירט די ייִדן, זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן רויִק, יעדער איינער קאָן מיטנעמען פּעק וויפל ער קאָן טראָגן. די ייִדן דאַרפן זיך טרעפן אַף דער גאַס און וואַרטן פאַר זייערע הײַזער. ווען עס וועט קומען די פּאָליציי, זאָלן זיי זיך לאָזן אויפנעמען". באַראַש זאָגט אַף דעם, אַז אַ מער פּראָדוקטיווע טעטיקייט קאָן שוין נישט זײַן, ווײַל די מענטשן ווערן פולשטענדיק און אינגאַנצן אויסגענוצט, וואָס ער האָט שוין געוויזן אין זײַנע באַריכטן; און ער פרעגט, צי קאָן מען נישט פאַרהאַלטן פונדעסטוועגן דעם טראַנספּאָרט. הײמבאַך גיט אַף זײַן פראַגע אַ נעגאַטיוון ענטפער און באַטאָנט, אַז דער קאָמאַנדער איז אַוועקגערוקט פון גאַנצן ענין און אַז עס האָט איבער דעם געטאָ איבערגענומען די באַפעל־מאַכט אַ העכערער עס־עס־פירער. אַף דעם זאָגט באַראַש, אַז ער וועט ניט פאַרמײַדן גלײַך צו אינפאָרמירן וועגן דעם די ייִדן, הײמבאַך דערמאָנט אים נאָך צו זאָגן די ייִדן, אַז עס זאָלן נישט זײַן קיין שום פּרוּוון צו אַנטלויפן פון געטאָ, עס וועט ווערן אַוועקגעשטעלט אַן אַנדער געטאָ־באַוואַכונג און יעדער איינער ריזיקירט באַם אַנטלויפן מיטן לעבן. עס זאָלן נישט ווידער דערשאָסן ווערן אַזויפיל מענטשן ווי אין פעברואַר. — באַראַש איז, קענטיק, געווען טיף באַאײַנדרוקט און אויך אינערלעך

17) ג"א פון א. קיסלער, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' 55/46.

זייער אויפגערעגט. דער שמועס האָט געדויערט באַ אַ צוואַנציק מינוט, און באַראַש איז אַרום צוואַנציק מינוט נאָך זעקס אַוועקגעגאַנגען. ער פאַרלאָזט היימבאַכן אין אַ זייער געדריקטער שטימונג" 18).

באַראַש האָט, הייסט עס, געגוי געוווּסט און קיינעם נישט געוואָרנט.

אָבער די טאָמיד־אַנגעשפּיצטע, די אָף אַלץ גרייטע, אומרויק־וואַכזאַמע פּאַשעטע יידן פון געטאָ האָבן שוין עטלעכע טעג פאַרן אומגליק אויסגעשפּירט פון פאַרשיידענע סימאָנים, אַז עס גרייט זיך עפּעס גרויליקס.

דעם 13טן אויגוסט האָבן די דרײַ פּײַערלעשער מוישע שערטאָק, שמערל גרינשטיין און יודל בעקער באַמערקט גוט־באַקאַנטע „געסט" אָף די געטאָ־גאַסן. אין דער קאַרעטע פונעם יודענראַט־מיטגליד גאָלדבערג זײַנען געפאָרן די געשטאַפּאָ־לײַט פרידעל, דיבוס און קליין, וועלכע האָבן געגוי באַקוקט דעם געטאָ־פּאַרקאַן. גרינשטיין האָט זיך אַ באַאומרויקטער אָפּגערופן צו זײַן כאַוער בעקער: „יודל, די מײַסע געפעלט מיר נישט" 19).

אַפּצומאַרגנס ברענגען יידישע אַרבעטער, וואָס גייען אַרויס מיכוץ דעם געטאָ, אַ ידיעה, אַז באַ דער באַן־סטאַציע שטייען אַ סאַך ליידיקע וואַגאָנען 20).

עס הייבט אָן קורסירן אַ קלאַנג, אַז דער סוינע פּאָדערט פרישע צען טויזנט צום גיירעש 21).

און דער יודענראַט ענטפערט ווײַטער אָף אַלע צודרינגלעכע טאָכנעבים־פראַגן, אַז עס איז גאָרנישט 22). — עפּשער האָט די אינספּעקציע פון פרידעל און דיבוס פאַר אַ ציל צו פאַרהיטן קעגן שמוגלען און עפּשער וויל מען נאָר פאַרקלענערן דעם שטעטך פון געטאָ.

זונטיק דעם 15טן אויגוסט האָבן די, וואָס פלעגן זיך אַרויסכאַפּן אָף דער „אַרישער" זײַט, געזען דעם בראָך: די גאַסן זײַנען פול געוווּן מיט פרעמדע שופּאָ־לײַט און ערעוו ראַוו פון מיליטער־לײַט. לעבן די דײַטשע פּאָליציי־לײַט און ס.ס.־סאָלדאַטן — די אוקראַיניש־פאַשיסטישע אָפּטיילונגען אין זייערע שוואַרצע מונדירן, אָדער אין דײַטשע בלויע רעקלעך

18) אַרכ' יִוָה"א, נומ' 1282.
19) ג"א פון מוישע שערטאַק און שמערל גרינשטיין, אַרכ' יִוָה"א, פּראָט' נומ' 27.
20) רייזנער, ז' 163.
21) ג"א פון מ. שערטאַק און ש. גרינשטיין.
22) רייזנער, ז' 164.

מיט שוואַרצע הויזן 23). די מיטגלידער פון זעלבשוץ, וועלכע האָבן געהאַט אַן אָנונג אין פּאַרטיזאַנישע איניאַנים, האָבן געקאָנט זען, ווער עס זײַנען די פרעמדע אָפּטיילונגען. דאָס איז נישט געווען קיין געוויינטלעכע שופּאָ, נאָר די ספּעציעלע פּאָליציייִשע באַטאַליאָנען, וועלכע זײַנען געווען אָרגאַניזירט לויטן סיידער פון רעגולערן מיליטער און וואָס זייער אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין דורכפירן עקספּעדיציעס קעגן די פּאַרטיזאַנער, און היטן מיליטערישע אָביעקטן, פּראָנט־וועגן, בריקן, באַנען. צוזאַמען מיט זיי איז געוואָרפן געוואָרן קעגן דעם געטאָ אויך די אָרטיקע שופּאָ און זשאַנדאַרמעריע פון אַרום 24).

גלאָבאָצניק און צימערמאַן האָבן צוגעגרייט די אַקציע לויט אַ פּאָרויס־באַשטימטן פּלאַן. פּאַרן פּלאַץ־קאָמענדאַנט און שטאַב־לייטער איז באַשטימט געוואָרן דער פּאָליציי־מאַיאָר מאַגעל. זײַן באַפעל־שטעלע האָט זיך געפונען אינעם ביניען פונעם יודענראַט אַף קופּיעצקע. צום שטאַב האָבן געהערט נאָך עטלעכע ס. ס.־אָבערשטורמפירער. מאַגעלס געהילף איז געווען דער אָבערשטורמפירער וועגנער.

פרידעל איז געווען דער פירער פון די אָפּעראַציע־גרופּעס 25)

די אַרומרינגלונג פון געטאָ איז דורכגעפירט געוואָרן בעשטיקע אין דער נאַכט פון זונטיק, דעם 15טן אויגוסט, אַף מאָנטיק, דעם 16טן. צוויי באַנאַכט איז דער יידן־ראַיאָן שוין געווען באַשטעלט. די אָפּטיילונגען האָבן זיך באַמיט, אַז קיין שום גרעסערער רויש זאָל זיי נישט פאַרראַטן — די 4דן זאָלן זיך נישט כאַפּן, קעדיי דער קלאַפּ זאָל זיי טרעפן אינדערפרי אומגעריכט.

מיט דרײַ פּעסטע רייפן האָט דער סוינע אַרומגענומען דאָס געטאָ. די ערשטע קייט, צומנאָענטסטן פונעם געטאָ־פּלויט, איז באַשטאַנען פון טיילן, באַוואָפנטע מיט לײַכט אויטאָמאַטיש געווער. נאָך דעם האָט זיך געצויגן אַרום די צווייטע קייט מיט שווערע מאַשין־געווער. און צום סאָף דער דריטער רייף — לײַכטע פעלד־אַרטילעריע און די קאַוואַלעריע פון דער געהילף־פּאָליציי. די באַוואָפענונג פון די דײַטשן איז

23) ג"א פון כ. גראַסמאַן.
24) פרידעל, דאַרטן.
25) דאַרטן. דאָס, וואָס עס גייט איבער ר. רייזנער אין זײַן בוך, אַז מיט דער ליקווידאַציע האָט אָנגעפירט טהומאַן פון לובלין, שטימט נישט מיט דערווירקלעכקייט.

באַשטאַנען אויך פון האַנט־גראַנאַטן, מאַשין־פּיסטאָלעטן וקעדוימע. דער סוינע האָט זיך גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט פון אַ ווידערשטאַנד מיצאַד די ייִדן און גענומען אין אַכט דאָס, וואָס האָט זיך געטאָן אין געטאָ־אונטערערד 26).

די דאָזיקע דרײַפאַכיקע אַרומרינגלונג האָט געהאַט צוויי צילן: רײשיס — היטן, אַז דאָס געטאָ זאָל זײַן הערמעטיש פאַרמאַכט, אַז קיין לעבעדיק נעפעש זאָל נישט אַרײַנדרינגען אינעווייניק. וועהאַשייניס — אַרויסהעלפן די אָפּעראַטיווע פאַרניכטונג־קאָמאַנדעס, וואָס זײַנען אַרײַן אין געטאָ, באַשיסן פון אַרום די ייִדן אין פאַל פון אַנטלויפן, ווידער־שטאַנד אָדער אומגעהאָרכזאַמקייט.

אין דער זעלביקער צײַט האָבן גרופּעס פון דײַטשע סאָלדאַטן באַ־זעצט די געטאָ־פאַבריקן, ווו עס זײַנען געווען צענטערן פון ייִדישע אַרבעטער. דער סוינע האָט זיך, אַפּאָנים, גערעכנט, אַז אין די פאַבריקן קאָן אויסברעכן אַ ווידערשטאַנד און אַז זיי קאָנען אונטערצינדן אָט די וויכטיקע אָביעקטן 26א). אַזוי איז אַרום האַלבער נאַכט אַראָפּגעקו־מען אַ גרופּע פון אַכט דײַטשן מיט אַן אָפיציר אין דער באַגלייטונג פון קאָטענקאָ, איינעם פון די ערגסטע כוליגאַנעס פון דער ייִדישער אָרדע־נונגס־דינסט, אין דער פאַבריק אַף טשענסטאָכאָווער גאַס און אין דער כעמישער וועשערײַ, וואָס האָט זיך געפונען אַפן זעלביקן הויף, און באַזעצט די צוויי געביטן. די דײַטשן זײַנען געווען אין פולער באַוואָ־פענונג, מיט העלמען אַף די קעפּ. קעדיי צו פאַרווישן אַלע כשאָדים, האָבן זיך די סאָלדאַטן העפלעך באַצויגן צו די אַרבעטער און וועכטער און זיי אַפילע מעכאַבעד געווען מיט קאָניאַק 27).

די גאַנצע אַקציע איז דורך דעם סוינע צוגעגרייט געוואָרן לעגאַמרע פּלאַנמעסיק, עלעהיי אַ וויכטיקע קריגס־אָפּעראַציע. דער געביט פון געטאָ האָט מאָנטיק אינדערפרי אויסגעזען ווי אַן עמעס שלאַכט־פעלד. אין ביניען פונעם יודענראַט איז, ווי געזאָגט, אײַנגעאָרדנט געוואָרן דער שטאַב פון דער אַקציע. פון דאַנען זײַנען געגאַנגען די באַפעלן און אינסטרוקציעס און דאָ האָט מען אָפּגענומען די ראַפּאָרטן. איבער די גאַסן זײַנען אַדורכגעצויגן געוואָרן טעלעפאָן־דראָטן מיט מיליטערישע



26) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

26א) צוגאַב־ענטפער פון פ. פרידעל אַף ש. דאַטנערס אַנקעטע.

27) ג"א פון ש. גרינשטיין.

פעלד־אַפּאַראַטן. באַפעלן און באַריכטן זײַנען געפלויגן דורך די דראָטן הין און צוריק. איבערן געטאָ האָבן זיך אין אײַלעניש באַוועגט קור־יערן אַף מאָטאָציקלען. אַ פראָנט־קאָמפּאַניע לויט אַלע דינים פון פעלד־טאַקטיק 28).

אַרום זעקס־זיבן אינדערפרי זײַנען די ווענט באַדעקט געווען מיט באַקאַנטמאַכונגען אין יידיש, דײַטש און פויליש, אין וועלכע עס האָט זיך לעפיערעך געזאָגט, ווי עס געדענקען די איידע ריע, אָט וואָס:

די יידישע באַפעלקערונג פון ביאַליסטאָקער געטאָ מוז עוואַקוירט ווערן קיין לובלין. מען קאָן מיטנעמען מיט זיך שפײַז און ווייכע זאַכן. ביז נײַן אַזייגער דאַרפן זיך אַלע יידן צושטעלן באַ די טויערן פון יוראַוור־צער גאַס. דאָס פאַרשטעקן זיך איז צוועקלאָז 29).

די מוידאָע איז געווען אונטערגעשריבן דורך דעם הויפט פון יודענ־ראַט אינזשיניער עפראַים באַראַש און דורך דעם קאָמענדאַנט פון דער אָרדענונגס־דינסט איסאַק מאַרקוס 30).

אַף די בעהאָלעדיקע פראַגן און ווײַ־געשרייען פון האָמוין האָבן באַ־ראַש און סובאָטניק באַרויקט דעם אוילעם, אַז עס וועט קיינעם גאָר־נישט געשען. מען פאָרט אַריבער אַף אַרבעט קיין לובלין 31). דאָס זעל־ביקע האָט געטײַנעט די יידישע פאָליציי 32). באַראַש און סובאָטניק האָבן געוואָרנט די יידן, זיי זאָלן זיך נישט אויסבאַהאַלטן, ווײַל די דײַטשן האָבן צוגעזאָגט, אַז עס וועט קיינעם גאָרנישט געשען 33). און קעדיי צו ווײַזן אַ פערזענלעכן בײַשפיל פון צוטרוי צו די האַווטאָכעס פון די דײַ־טשן איז באַראַש דער ערשטער אַרויס פאַרן יודענראַט מיט אַ וואַליזקע אין האַנט און אַ רוקזאַק אַף דער פלייצע אַ גרייטער צו גיין צו דער באַן אינאיינעם מיט אַלע יידן 34).

דער יודענראַט־פירער האָט זיך פריער פערזענלעך באַזאָרגט מיט אַ צוזאָג פונעם סוינע, אַז אים וועט נישט בלויז גאָרנישט געשען, נאָר

---

28) נ״א פון ב. שאַצמאַן.
29) נ״א פון מ. שערטאַק, ש. גרינשטיין און ט. ציטראַן.
30) נ״א פון מייער זשוקאָווסקי, אַרכ׳ ייה״א, פראָט׳ 1464.
31) נ״א פון יוזעפינאַ מאַדזאַוויצקאַ־שעפּפּער, אַרכ׳ ייה״א, פראָט׳ נ׳ 1854.
32) נ״א פון מ. זשוקאָווסקי.
33) יוזעפינאַ מאַדזאַוויצקאַ־שעפּפּער: „מײַנע איבערלעבענישן בעיים דער דײַ־טשער אָקופּאַציע“, אַרכ׳ ייה״א, נ׳ 1275.
34) נ״א פון ש. גרינשטיין.

אַז ער וועט אײַנגעאָרדנט ווערן אינ נײַעם אָרט אַף אַן ענלעכן פּאָסטן, ווי פריִער. אויך וועגן דעם גיט איבער אינטערעסאַנטע פּראָטים פּריץ פרידעל: „דאָס איז וואַרשײַנלעך געווען דעם 19טן אויגוסט. מאָגעל און פרידעל האָבן — לויט היימבאָכס באַפעל — אַרויסגעפירט דעם קינ־דער־טראַנספּאָרט, מיט וועלכן עס זײַנען אויך געווען לעפיערער אַ פערציק פּרויען. דערבײַ איז געווען באַראַש. פרידעל פרעגט אים, צי וויל ער ניט, אַז זײַן פרוי זאָל מיטפאָרן מיט די קינדער, וואָרעם דאָ וועט זײַן באַקוועמער, ס'איז אַ פּאַסאַזשיר־צוג. באַראַש זאָגט זיך אָפּ און ענטפערט, אַז מאַגעל האָט אים געהייסן פאָרן מיטן לעצטן טראַנספּאָרט, ווײַל ער וועט אין לובלין באַקומען אַ גלײַכן פּאָסטן ווי אין ביאַליסטאָק; ער וויל דעריבער פאָרן שפּעטער צוזאַמען מיט דער פרוי 35).

אָט אַזוי האָט זיך באַראַש געגרייט ווײַטער צו זײַן — מיטן כעסעד פון רעם היטלעריסטישן מוישל — אַ הערשער איבער ייִדן.

נישט בלויז לעגאַבע די ייִדן האָבן די היטלער־לײַט פאַרשטעלט דעם עמעסן ציל פון דעם גייר'עש. אויך פאַר דער אויסערלעכער, נישט־ייִדישער וועלט האָבן זיי אויסגעטראַכט אַ ליגנערישן טערעץ. די היטלעריסטישע „ביאַליסטאָקער צײַטונג" האָט, ווי עס געדענקען איידיי ריִע, מיטגעטיילט אין איינעם פון אירע נומערן אין אויגוסט 1943, אַז אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן זיך אַרײַנגעריסן באַנדיטישע גרופּעס, וועלכע באַדראָען דאָס לעבן פון די ייִדן; דעריבער האָט די זיכערקייט־מאַכט באַשלאָסן צו עוואַקויִרן די ייִדן אין לובלינער געטאָ אַרײַן פאַר זייער אייגענער טויווע וועגן 36).

דער באַפעל איז געווען: אַלע ייִדן דאַרפן אין מעשעך פון צוויי שאָ פאַרלאָזן זייערע היימען און אַריבערגיין אַף דער צווייטער זײַט פונעם טײַכל ביאַלקע.

פערצן טויזנט מענטשן האָבן געדאַרפט צווישן זיבן און נײַן זײַן גרייט אַרײַנצושטײַגן אין די בעהיימעס־וואַגאָנען, וואָס האָבן שוין גע־וואַרט אַף מענטשישער לאַדונג אַף דער סטאַציע.

נישט געקוקט אַף באַראַשעס און סובאָטניקס באַרויִקונגען, איז אין געטאָ אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. שופאָ־לײַט האָבן זיך אין דער באַגלייטונג פון ייִדישע פּאָליציאַנטן געלאָזט איבער הויפן און הײַזער, איבער מלי־

35) פרידעלס דערקלערונגען, נ' 18, אַרכ' ייִה"א.

36) נ"א פון טעוויע ציטראָן און אידע באבקעס, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 2005.

נעס און פאַרשטעק־ערטער, מיט קאַלט און הייס געווער געטריבן צום זאַמל־פונקט 37).

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גײַרעש, די צווייטע און ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון געטאָ.

אינגיכן האָט זיך אָבער דאָס בילד געענדערט. באַ די גאַסן־ראָגן האָבן זיך באַוויזן יונגע, געזונטע יאַטן. זיי האָבן גערופן די פאַרצווייפל־טע מאַסע נישט הערן די דײַטשן, נישט גיין אַף יענער זײַט ביאַלקע, בלײַבן אַפן אָרט, זיך פאַרשליסן אין די הײַזער, זיך באַהאַלטן אין די סכראָנען, אָדער — זיך שטעלן אַף באַשטימטע פונקטן, זיך זאַמלען אַרום באַשטימטע מענטשן.

דאָס זײַנען געווען די אַקטיוויסטן פון דער אונטערערדישער ייִדי־שער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע 38).

זיבן אינדערפרי האָט דאָס געטאָ געלייענט די פלאַקאַטן, וואָס האָ־בן גערופן צום גוטווילליקן גײַרעש. אַכט האָט מען שוין אין די באַהאַלט־ערטער געוווסט וועגן אַ צווייטן רוף, וועגן דעם, אַז עס וועט געשטעלט ווערן אַ ווידערשטאַנד. אַכט אינדערפרי איז צו אַ געוויסער מישפּאָכע, וואָס האָט באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן און נישט הערן די אייצע פון יודענראַט, געקומען אַ ווערעמעלע גאַרבער, אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט געהאַט קאָנטאַקט מיט דער זעלבשוץ, און איבערגעגעבן, אַז באַלד וועט־לן דאָ אַרויסטרעטן די ייִדישע קעמפער 39).

און אין זײַן באַריכט פון דער אַקציע מוז פריץ פרידעל מוידע זײַן: „די עוואַקואַציע איז אָבער נישט אַדורך רויִק. פון ביידע זײַטן האָט מען געשאָסן און פון ביידע צדאָדים זײַנען געווען דערהאַרגעטע און פאַר־וווּנדעטע" 40). אין אַ צווייטן אָרט זאָגט דער זעלביקער פרידעל: „עס איז געווען אַ באַוואָפנטער ווידערשטאַנד מיצאַד די ייִדן, און אַ געווי־סע צאָל דײַטשישע פּאָליציי־באַאַמטע און פּאָליציי־אָפיצירן זײַנען גע־פאַלן דערשאָסענע און פאַרוווּנדעטע" 41).

---

37) ג"א פון דינע ווײַנשטיין, אַרכ' ייִח"א, פּראָט' נ' 1472.
38) ג"א פון י. ריווקינד.
39) ג"א פון נאָכעם באַביקער.
40) פרידעל: „די באַשרײַבונג" אא"וו.
41) אַרכ' ייִה"א, נ' 1282.

דאָס זעלביקע שטעלט פעסט דער אָרטיקער געהיים־פּאָליציײַשער גאָדל מאַכאַל; ער דערקלערט: „אין דער צײַט פון דער אויגוסט־אַקציע האָבן די פּאָליציײַשע אָפּטײלונגען געפונען צאָלרײַכע געווער, אַמוני־ציע און אַליין פּראָדוצירטע אויפרײַס־מאַטעריאַלן. איך האָב אין די קאַמפן ניט גענומען קיין אָנטײל, אָבער קאַמפן זײַנען פאָרגעקומען, ווי איך האָב שפּעטער געהערט ראַפּאָרטירן, אין גאַנצן געטאָ. די פּאָליציײ־אָפּטײלונגען האָבן געהאַט עטלעכע טויטע און אַ געוויסע צאָל פאַר־וווּנדעטע, דערונטער אויך אָפיצירן. איך האָב אויך געהערט ראַפּאָר־טירן, אַז די ייִדן האָבן געשאַפן אַ זעלבשוץ, וועלכע האָט געקעמפט קעגן די דײַטשן 42).

42) מאַכאַל, ענטפער אַף דעם מעכאַבערס אַנקעטע.

# קאפּיטל צוויי

## דער סיגנאַל

זינט עטלעכע טעג פאַר דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע האָט זיך די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע געגרייט צו אַן אויפשטאַנד. דעם 15טן אויגוסט אין אָוונט האָט מען אַף די גאַסן געלייענט אַן אויפרוף צום קאַמף 1).

אין דער נאַכט פון 15טן אַפן 16טן אויגוסט האָט די אָנפירונג פון דער פאַראייניקטער זעלבשוץ אָפּגעהאַלטן איינע פון אירע זיצונגען. פאָרגעקומען איז די זיצונג אין דער קאָנספּיראַטיווער דירע אַף פּאָלנע־גאַס נומער 9, נישט ווײַט פון דעם געטאָ־פּאַרקאַן; אין דער דירע האָט אַמאָל געוווינט טאַמאַראָף, איצט איז דאָ געווען איינס פון די טרעף־ערטער פון דער אָנפירונג 2).

די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן צוועלף באַנאַכט. געווען זײַנען אַף דער באַראַטונג: מיצאַד דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט דאַניעל מאָש־קאָוויטש, יאָשקע קאַווע, מיטעק יאַקובאָוויטש, לייבוש מאַנדעלבליט, זאַלמען פעלדער, פּסאַכיע מאלער (פון וואָלד); פון „השומר־הצעיר" זאָרעך זיסקינד־זילבערבערג און כאַיקע גראַסמאַן; די „דרור"־מיטגלי־דער מאָרדכע טענענבוים און רוון ראָזענבערג; דער בונדיסט קוסטין; פּיניע האַלפּערן פון „הנוער־הציוני". דעם פאָרזיץ האָט געפירט מאָרד־כע טענענבוים 3).

דער ערשטער פונקט, וואָס איז געשטאַנען אַפן סיידער־האַיאָם, איז

---

1) אזא אויפרוף איז געלייענט געווארן אין דער גרופע פון גינע פרידמאן און יאנקעלע לעביער. ג"א פון יִצחאק צעלניקער.
2) ג"א פון כ. גראסמאן.
3) ג"א פון ל. טשאפניק און א. רוד.

געווען די פּראַגע פונעם אַרבעטס־פּאַרטייל אין דער אָנפירונג. דער צווייטער פּונקט האָט אַרומגענומען דעם איניען פון שיקן ווײַטערדיקע קעמפּער אין וואַלד.

צוויי באַנאַכט, איז מיטן פון דער באַראַטונג, איז אַרײַנגעפאַלן דער קעמפער געדאַליע שאיאק, וועלכער איז די נאַכט געשטאַנען אַף דער וואַך. ער האָט געבראַכט די ערשטע אַליאַרם־בסורע:

— דאָס געטאָ איז באַשטעלט!

עס איז טייקעף געענדערט געוואָרן די טאָג־אָרדענונג. עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ ווידערשטאַנד. די זיצונג האָט אויסגעטיילט אַ שטאַב אין באַשטאַנד פון צוועלף פּערזאָן. עס זײַנען אַרויסגערופן געוואָרן נאָך צוויי כאַוויירים — הערשל ראָזענטאַל (יאשינאָוועקער) און וועלוול וואָלקאָוויסקי 5). די כאַוויירים האָבן געמאַכט אַ שנעלן כעשבן דער גרויס פון דער זעלבשוץ. מען האָט אָפּגעשאַצט די קויכעס אַף צוויי הונדערט קעמפער 6). עס איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ סאַכאַקל־איבערבליק פונעם קליי־זאַין: די זעלבשוץ האָט פאַרמאָגט 130 שטיק הייס געווער 7). אין דעם זײַנען געווען א 25 דײַטשע ביקסן, קאַרעוו הונדערט רעוואָלווערן, אויטאָמאַטן, אויך גראַנאַטן, איין שווערע מאַשין־געווער, כוץ דעם — דינאַמיט, וויטריאָל, קאָסעס, העק, באַגנעטן. אַ היבשער טייל איז ערשט נעכטן אַרײַנגעשמוגלט געוואָרן אין געטאָ אַרײַן און מען מוז איצט אין אײַלעניש עס אויספּרובירן. אַ געוויסע צאָל געווער האָט זיך געפונען אין רעמאָנט. אין ערגסטן צושטאַנד האָבן זיך געפונען די אויטאָמאַטן 8). עס האָט אויך נישט געהערשט קיין פולע זיכערקייט בענוגייע די גראַנאַטן, וואָס זײַנען פּראָדוצירט געוואָרן אין געטאָ. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן טאַקע נישט אַלע אויפגעריסן 9). מען האָט זיך פון דעם אַלעמען אָפּגעגעבן אַ דין־

5) נ"א פון בר. וויניצקאַ.
6) נ"א פון כ. גראסמאַן.
7) נ"א פון בר. וויניצקאַ.
8) נ"א פון י. לערמאַן
9) נ"א פון שימען עמיאל, ארכ' יוו"א, פּראָט' נ' 21. ער האלט, אז א טייל פונעם געווער איז נישט געווען צום באַנוצן, ווײַל עס איז צו לאַנג געלעגן אונטער דער ערד.

וועכעשבן 10). אָבער מען האָט צעטיילט צווישן די כאַוויירים דאָס, וואָס איז געווען. דאָס געווער האָט פונאַנדערגעטיילט וועלוול וואָלקאָ־וויסקי פון דעם געהיימען אַרסענאַל אָף טשעפּלע 13. 11). נאָך נײַן זײַנען שוין די קעמפער געווען באַוואָפנט, האַגאַם נישט אַלע, ווײַל נישט פאַר אַלעמען האָט געסטאַיעט; אַזוי אַרום זײַנען אינאיינעם מיט די באַ־וואָפנטע אַרויס אַ סאַך כאַוויירים נישט באַוואָפנטע 12).

דאָס פעלן פון אַ גענוגנדיקער צאָל קליי־זאַין האָט געשטערט אויס־צוברייטערן די ראַמען פון דער זעלבשוץ. אַ סאַך מענטשן — דערציילט אַן אייד־רײַע — ווילן צושטיין צו די קעמפער, אָבער עס איז נישטאָ קיין געווער 13).

די שוועריקייטן פונעם ווידערשטאַנד זײַנען באַשטאַנען נישט בלויז אין מאַנגל פון וואָפן און אַמוניציע. אַנגעלערנט פון דער דערפאַרונג מיטן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, האָט גלאָבאָצניק באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן צו אַ לאַגע, אַז די יידישע זעלבשוץ זאָל האָבן אַ ברייטערן פלאַצדאַרם, ווו זי וואָלט געקאָנט פונאַנדערוויקלען אַ קאַמף־אַקציע. די דײַטשן האָבן דעריבער בעקיוון אַרײַנגעשטויסן די מאַסע פון 40 טויזנט יידן אין אַ שמאָלן טכום פון די ענגע געסלעך אָף דער צווייטער זײַט ביאַלקע. דער יידישער ווידערשטאַנד איז אַזוי אַרום באַרויבט געוואָרן פון אַ פלאַצדאַרם. אויסער דעם האָט אין די שמאָלע געסלעך סמאָלנע, כמעלנע, נאָוואָגראָדער, טשעפּלע, פּאַבריטשנע, וווהין די געטאָ־מאַסע איז געטריבן געוואָרן, געפעלט דער גרונט־עלעמענט פאַר אַ ווידערשטאַנד — מאַסקירונג. אין וואַרשעווער געטאָ זײַנען גע־ווען גרויסע הײַזער. אָף יענער זײַט ביאַלקע זײַנען געשטאַנען קליינע נעבעכדיקע הילצערנע כאַטעס; אָפּן גאַנצן שעטעד איז נישט קימאַט געווען קיין איין געמויערט הויז; דער דײַטש האָט טייקעף געקאָנט וויסן ווו די ווידערשטענדלער האָבן זייערע נעסטן 14).

די אַלע שוועריקייטן האָבן די פירער פונעם זעלבשוץ־שטאָב גוט

(10 ג"א פון כ. גראָססמאַן. פרידעל גיט איבער אין זײַנע דערקלערונגען, אַז די יידן זײַנען געווען באַוואָפנט אין דײַטש, פּויליש און רוסיש געווער, אויך אין אויטאָמאַטישע פּיסטאָלעטן אוקעדוימע.

(11 ג"א פון מ. בוד.

(12 ג"א פון בר. וויניצקאָ.

(18 ג"א פון ליפּע מאַרדוכאָוויטש, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 39/51.

(14 באַמערקונגען פון ט. ציטראָן, אַרכ' ייִה"א, נ' 51/46.

באַנומען. דער פּלאַן, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַף דער דער־מאָנטער זיצונג, האָט דעריבער געגומען אין אַכט די אַלע ספּעציפישע מאָמענטן.

דעם פּלאַן פונעם ווידערשטאַנד האָט אָנגעצייכנט דאַניעל מאָש־קאָוויטש 15).

די ריכטליניעס זײַנע שטעלן זיך פאָר אַזוי: די ערשטע אַרויסטריטן פון די קאַמף־גרופּן דאַרפן זיך אָנהייבן צען אינדערפרי; אַף יעדער פּאַ־בריק דאַרף זײַן גרייט אַ זעלבשוץ־גרופּע. אָבער די הויפּט־קויכעס פון די ווידערשטענדלער דאַרפן אָנגרייפן די דײַטשן באַם שוואַכסטן אָרט פון פּלויט — אַף דער ליניע פונעם פּאַרקאַן אַף סמאָלנע־געסל, דאָ דורכרײַסן די קייט פונעם סוינע, עפענען אַ וועג פאַר דער געטריבענער מאַסע צו אַנטלויפן; פון דעם פונקט אַף סמאָלנע פירט דער קורצסטער וועג צום וואַלד. איינצײַטיק, קעדיי אָפּצוציִען די קויכעס פונעם פײַנט, וועט מען אָנגרייפן אַף נאָך פיר פונקטן — אַף פאַבריק־גאַס, אַף נאָ־וואָגראָדנער, כמיעלנע און טשעפּלע, דאָס הייסט לענג־אויס דעם גאַנצן געביט, דורך וועלכן עס וועלן געטריבן די יידן. דאָס איז געווען אַ שעטעך פון עטלעכע הונדערט מעטער 16).

די אידעע פון דעם פּלאַן איז באַשטאַנען, ריישיס — אין דעם גלויבן, אַז אַ היפּשע טייל פון דער מאַסע וועט זיך מיטרײַסן מיטן קאַמף־אַרויסטריט; צווייטנס — אַז עס גייט נישט בלויז אין אַ ווירדיקן טויט, נאָר אויך אין דער מעגלעכקייט, אַז אויב עס וועלן זיך נישט אַרויסרײַסן פון צוים אַלע, וועט עס געלונגען כאָטש אַ געוויסן טייל; דריטנס — איז דער פּלאַן געבויט געווען אַף דער פולער קאָרבאָנעס־גרייטקייט פון די, וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן צו שיצן די פאַבריקן, קעדיי אָפּצוציִען די קויכעס פונעם סוינע, און וועלכע האָבן געמוזט זיך דורכנעמען מיטן באַוווסטזײַן, אַז זיי גייען אַף אַ זיכערן טויט מיטן צוועק צו דערמעגלעכן אַנדערע זיך אַרויסצורײַסן אין וואַלד. אין אַל־געמיין איז דער לייט־מאָטיוו פון דאַניעלס פּלאַן געווען די קאָאָרדינירטע ווירקונג פון אָנגריף און פאַרטיידיקונג, זיכערער טויט און קאַמף פאַר איינע און אויסזיכט פון מאַמשיך זײַן דעם געראַנגל אין וואַלד

15) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
16) דאָרטן; אויך: ג"א פון בר ווינעצקאַ.

פאַר די צווייטע 17). אַז דער דאָזיקער פּלאַן איז געווען אַ ריכטיקער דערווײַזט כאָטשבי דער פאַקט, וואָס גלײַך דעם ערשטן טאָג פונעם אויפשטאַנד איז געלונגען געוויסע קעמפער זיך אַרויסצורײַסן פון דעם סוינעס קייט און דערגרייכן צום וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער 18).

אין מעשעך פון אַ האַלבער שאָ זײַנען מאָביליזירט געוואָרן אומע־טום די זעלבשוץ־גרופּעס. אין דער לעצטער רעגע זײַנען פּאַרטיק געוואָרן אין רעמאָנט אַ סאַך נישט־פּאַסיקע שטיק געווער אינעם וואַרשטאַט אָף עק נײַ־וועלט און פּיאַטרקאָווער 19). קעדיי דער שטאַב זאָל האָבן די מעגלעכקייט צוווירקן אָף ביידע זײַטן ביאַלקע, סײַ דאָרטן, פון וואַנען די מאַסע האָט געשטראָמט, סײַ אין יענע געסלעך, וווהין מען האָט זיך געשטופּט, איז אַ טייל פון דער אָנפירונג — מיט דאַניעלן, טאַמאַראָפן, הערשל יאַשינאָווקער א״אַ — אַריבער אָף דער צווייטער זײַט טײַכל, אָף טשעפּלע־גאַס נומער 13, און פון דאַנען געקערעוועט מיט דער אַקציע; אַ צווייטער טייל — יאָשקע קאַווע, לייבוש מאַנ־דעלבליט, זאָרעך זילבערבערג און געדאַליע שאיאַק — איז לעסאַטע פּאַרבליבן אָפן אַלטן געביט און זיך באַזעצט אינעם קאָנספּיראַטיוון לאָקאַל עק נײַ־וועלט און פּיאַטרקאָווער 20). צו די זאַמל־פונקטן פון דער מאַסע אָף סמאָלנע, נאָוואָגראָדער, טשעפּלע, פאַבריק־גאַס, כמעלנע זײַנען געשיקט געוואָרן כאַווײרים, וועלכע האָבן געהאַט פאַר אַן אויפ־גאַבע אויפצוקלערן די ייִדן די לאַגע און רופן זיי נישט צו גיין און זיך פאַראייניקן צום ווידערשטאַנד.

אָף די ייִנגסטע זעלבשוץ־מיידלעך איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַן אַנדערע וויכטיקע אויפגאַבע: פונאַנדערקלעבן און פונאַנדערשפּרייטן דעם אויפרוף פון דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע. די עלף־יעריקע בירע שורעק האָט צעקלעבט דעם רוף, אינאיינעם מיט איר — אירע מינדער־יעריקע כאַווערטעס פון בייס־יעסוימים 21). די קינדער האָבן מיט פולן איבערנעמען זיך אויסגעפירט די הייליקע אַרבעט און געטראָגן צו די ייִדן אָט די פלאַמיקע ווערטער:

---

17) נ״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד; אויך גראַסמאַן ז' 333.
18) גראַסמאַן, ז' 346.
19) נ״א פון כ. גראַסמאַן.
20) דאָרטן.
21) נ״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

„ברידער ייִדן!

שרעקלעכע טעג זײַנען אַף אונדז געקומען, נישט נאָר געטאָ און געלע לאַטע, האַס און סינע, באַליידיקונג און דערנידעריקונג — דער טויט שטייט פאַר אונדז! פאַר אונדזערע אויגן ווערן אַרויסגעפירט צום אומקום אונדזערע פרויען און קינדער, טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער. טויזנטער זײַנען שוין אַוועק, צענדליקער טויזנטער וועלן נאָך אַוועקגעפירט ווערן. אין די דאָזיקע שוידערלעכע שאָען, וועלכע דעצידירן וועגן אונדזער זײַן און נישט זײַן, ווענדן מיר זיך צו אײַך מיט די ווײַטערדיקע ווערטער:

זײַט וויסן —

פינף מיליאָן ייִדן פון אייראָפּע זײַנען שוין דורך היטלערן און זײַנע טאַליאָנים געטויט געוואָרן. פון פּוילישן ייִדנטום איז דערווײַל פאַרבליבן נישט מער ווי 10 פּראָצענט. אין כעלמנאָ און אין בעלזעץ, אין אָשוויענטשים און אין טרעבלינקע, אין סאָביבאָר און אין אַנדערע טויט־לאַגערן זײַנען פאַרפּײַניקט געוואָרן דורך פאַרשיידענע מיטעס־מע־שונעס איבער דרײַ מיליאָן פּוילישע ייִדן. זײַט וויסן:

## אַלע אַרויסגעפירטע ווערן געפירט צום טויט!

גלייבט נישט די פּראָוואָקאַטאָרישע געשטאַפּאָ־פּראָפּאַגאַנדע וועגן קלוימערשטע בריוו פון די אַרויסגעפירטע, דאָס איז אַ צינישער ליגן; דער וועג פון די אַרויסגעפירטע פירט צו ריזיקע קרעמאַטאָריעס און מאַסן־קוואָרים אין די געדיכטענישן פון די פּוילישע וועלדער, יעדער איינער פון אונדז איז אַ טויט־פאַרמישפּעטער.

מיר האָבן שוין גאָרנישט צו פאַרלירן!

גלייבט נישט, אַז די אַרבעט וועט אײַך ראַטעווען. נאָך דער ער־שטער אַקציע וועט זײַן אַ צווייטע און אַ דריטע ביזן לעצטן ייִדן!

די צעטיילונג פון געטאָ אַף פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס איז אַ ראַ־פינירטער געשטאַפּאָ־מיטל, קעדיי אונדז צו באַשווינדלען און דורך פאַר־שיידענע געשאַפענע אילוזיעס פאַרלײַכטערן זיך די אַרבעט.

ייִדן!

**מען פירט אונדז קיין טרעבלינקע!**

ווי קרעציקע כאַיעס וועט מען אונדז פאַרסאַמען מיט גאַז און שפּע־טער קרעמאַטאָריש פאַרברענען. **לאָמיר נישט גיין ווי שאָף צו דער שכיטע!**

אויב מיר זײַנען צו שוואַך צו פאַרטיידיקן אונדזער לעבן, זײַנען מיר אָבער גענוג שטאַרק צו פאַרטיידיקן אונדזער ייִדישן קאָוועד און מענטש־לעכע ווירדע און ווײַזן דער וועלט, **אַז מיר זײַנען געבונדן אָבער נישט געפאַלן!**

גייט נישט פרײַוויליק צום טויט. ביזן לעצטן אָטעם־צוג ראַנגלט זיך פאַרן לעבן! מיט ציין און נעגל, מיט האַק און מעסער, מיט וויט־ריאָל און אײַזן נעמט אויף די טאַליאַנים, זאָל דער סוינע באַצאָלן **מיט בלוט פאַר בלוט, מיט טויט פאַר טויט!**

וועט איר זיך באַהאַלטן אין מײַזן־לעכער בעיס אײַערע נאָענטסטע **ווערן געשלעפּט צו שענדונג און צו טויט?**

וועט איר פאַר נאָך אַ פּאָר וואָכן קנעכטישן לעבן פאַרקויפן אײַער פרוי און קינדער, אײַערע עלטערן, אײַער נעשאָמע?

לאָמיר פון לויער באַפאַלן דעם סוינע, הארגענען זיי, אַנטוואָפענען, **פאַלן ווי אַ העלד און שטאַרבנדיק — נישט שטאַרבן!**

אַ כוין אונדזער קאָוועד האָבן **מיר שוין גאָרנישט צו פאַרלירן!**

**פאַרקויפט נישט ביליק אײַער לעבן!** נעמט נעקאָמע פאַר די פאַרטיליקטע קעהילעס און אויסגעוואָרצלטע יִישוּווים! פאַרלאָזנ־דיק די שטוב — **צינדט אונטער די ווירטשאַפט. צינדט אונטער און דעמאָלירט די פאַבריקן. זאָלן ד טאַליאַנים נישט נעמען נאָך אונדז קיין יערושע!**

ייִדישע יוגנט!

נעם אַ בײַשפּיל פון דוירעס ייִדישע קעמפער און מאַרטירער, פון טרוימער און בויער, פון פּיאָנערן און פאַרווירקלעכער — **גיי אַרויס אין קאַמף.**

היטלער וועט די מילכאָמע פאַרשפּילן, די אַקס פון קנעכטשאַפט און מענטש־פרעסערײַ וועט אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד, אויסגערייניקט און געלײַטערט וועט ווערן די וועלט, צוליב דער דאָזיקער זוניקער צוקונפט פון דער מענטשהייט טאָרסטו ניט שטאַרבן מיט אַ היניקישן טויט.. אַרויס אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער!

אַנטלויף נישט פון געטאָ — אָן געווער וועסטו אומקומען — נאָכן דערפילן דײַן נאַציאָנאַלע פליכט, באַוואָפנט, גיי אין וואַלד.

געווער קאָנסטו באַקומען בײַ יעדן דײַטש אין געטאָ.

זײַ שטאַרק!" 22).

דער רוף פון דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע האָט געווירקט אויף אַ טייל פון די ייִדן 23). אָבער די מערהייט — סײַ אונטער דער דראָונג פון די שופּאָ־לײַט, סײַ אונטער דער ווירקונג פון באַראַשעס, סובאָטניקס און מאַרקוסעס אײַנשטילנדיקע רייד — האָט איבערגעשטראָמט אויף דער צווייטער זײַט ביאַלקע. די זעלבשוץ־אַקטיוויסטן זײַנען נישט געווען בעקויעך מיטן וואָרט אײַנצוהאַלטן דעם שטראָם פון קאָרעוו דרײַסיק טויזנט ייִדן, ביז נײַן האָט די מאַסע פאַרלאָזט די גאַסן פון רעכטן ברעג קופּיעצקע, געלדאָווע, נײַ־וועלט, טשענסטאָכאָווער, פאָלנע, ביאַלאָסטאָטשאַנער, לינאָס־האַצעדעק־געסל (רוזשאַנער), אויף די גאַסן זײַנען אַרומגעגאַנגען עס־עס־אָפיצירן און אין אַ העפלעכער פאָרם געבעטן די מענטשן רויִק איבערצוגיין ווײַטער, און דאָס האָט נאָך אַלץ געווירקט 24). אומהיימלעך פּוסט איז מיטאַמאָל געוואָרן אויף אָט די אַלטע רוישיקע ייִדישע גאַסן. דער טייל פון זעלבשוץ, וואָס איז געבליבן אין אָט די ערטער האָט זיך דערפילט אָפּגעריסן פון דער מאַסע. די כאַווײרים האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס האָט קיין שום זין נישט אַ קאַמף, ווען די ווידערשטאַנד־נעסטן זײַנען איזאָלירט פון דעם הויפּט־געביט און פון פאָלק. עס ווערט אײַנעם שטאָב אויף פּיאַטראָקאָווער 1 באַשלאָסן איבער־

22) אַרכ' ייִה"א, נ' 139: געשריבן מיט דער האַנט אויף קאַלקע אויף זײַטלעך פּאַפּיר. אונטערן טעקסט איז צוגעשריבן אַז אנהייב פון אַ נאָטיץ: „ י אַ ־ ל י ס ט אַ ק. מיטן מאָמענט, ווען מיר וועלן אנהייבן די קאָנטראַקציע..." דער קסאַוו איז מ. טענענבוימס, ווי עס ניט איבער מ. בוך, איז דער אויפרוף רעדאַגירט געוואָרן דורך ד. מאָשקאָוויטש, י. דרייער און מ. טענענבוים.

23) נ"א פון ל. מאָרדוכאָוויטש

24) נ"א פון בר. וויניצקאַ.

צוטראָגן זיך אויף דער צווייטער זײַט ביאַלקע. אין מעשעך פון פופצן מינוט טראָגן די קעמפער אַריבער אין פֿערענעס און קישנס דאָס געווער, גלײַך זיי גייען רויק מיטן גאַנצן אוילעם צום גיירעש. דער סוינע האָט זיך נישט געכאַפּט. די גרופּע פון פּיאַטרקאָווער — נײַ־וועלט פּאַראײיניקט זיך מיט די גרונט־קויכעס פון זעלבשוץ דער ווידערשטאַנד ווערט פּאַקטיש אַרײַנגעקוועטשט אינעם סדאָם־בעטל פון עטלעכע שמאָלע געסלעך 25).

אינעם שטאָב אויף טשעפּלע 13 האַלט מען אָפּ אַ קורצע באַראַטונג. די פּראָפּאַגאַנדע האָט נישט געבראַכט קיין פולע פּיירעס. די מאַסע דאַרף מען איבערצײַגן נישט מיט ווערטער, נאָר מיט מײַסים. עס ווערן אַרויסגעשיקט צוויי שליכים אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער, נאָך הילף — סערגיי לעווין און וועלוול וואָלקאָוויסקי 26).

און עס ווערט געגעבן דער סיגנאַל צום קאַמף!

ווי אַ פּאַראַל צום אַרויסטריט האָבן געדאַרפט דינען די סרייפעס, וואָס דער שטאָב האָט באַפוילן אַרויסצורופן אין עטלעכע פּונקטן.

אין צוויי ערטער האָבן אַ זעץ געטאָן צו די הימלען צונגען פײַער און קנוילן רויך. איין גרופּע קעמפער, בעסויכעם די קליינינקע לערמאַן און דער קרינקער יודקאָווסקי *), האָבן אונטערגעצונדן דעם גרויסן סטויג היי בײַ די גערטנער פונעם יודענראַט, נישט ווײַט פון דעם צוזאַמענפלוס פון די גאַסן טשעפּלע, יוראָווצער און נאָוואָגראָדער. אַ צווייטע גרופּע פון יונגע קעמפערנס האָט אונטערגעלייגט אַ פײַער אינעם ערשטן טעקסטיל־קאָמבינאַט בײַם עק יוראָווצער און שענקעוויטש־גאַס 27). אין צוויי ווײַטע פון זיך גרענעץ־פּונקטן פון דעם זאַמל־שטעטך זײַנען אויסגעבראָכן די סרייפעס נישט ווײַט פון די יודענראַט־גערטנער, ווו עס האָט גענומען ברענען דער סטויג היי, איז געשטאַנען אַ הויף מיט עטלעכע יודענראַט־קי. דערשפּירנדיק אַ פײַער, האָבן די קי אויפגעהויבן אַ געוואַלטיקע ריטשערײַ. אין דער רעגע איז דער כאַלעל דורכגעשניטן געוואָרן מיט אַ טראַסקערײַ פון ביקסן־זאַלפּן. דאָס האָבן די יידישע

(25 ג"א פון ב. גראַסמאַן.

(26 ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

*) נישט פאַרטוישן אים מיט די סלאָנימער יודקאָווסקים, די געשטאַפּאָ־אַגענטן.

(27 ג"א פון מ. בור, י. לערמאַן. שיִע מאַרגאַלים און ב. גראַסמאַן.

קעמפער — דערזעענדיק דעם סיגנאַל — אָנגעהויבן אַטאַקירן. עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון קינדער און אַ יעלאָלע פון מוטערס 28). דער סוינע האָט צוגלײַך געענטפערט מיט אַ העפטיקער שיסערײַ. די דײַטשן שיקן זייערע קוילן אָף בלינד אין דער צונויפגעקנאָדערטע מאַסע אַרײַן. עס פאַלן די ערשטע קאָרבאָנעס. אַ פרוי מיט אַ פיצל קינד בלײַבן ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט 29). אין דער זעלביקער צײַט ווירקט שוין אַ דריטע אָפעראַטיווע גרופע פון דער זעלבשוץ. קעדיי צו צעטומלען דעם סוינע, לויפט אַן אָפטיילונג פון יונגע קעמפערנס — די קראַנקן־שוועסטער זשעלעניעצקאַ, מילקאַ דאַטנער, באַסיע קאַטשאַלסקאַ, כאַיע ביאַלאַ, פאַניע און אַנדערע, און לייגט אונטער אַ פײַער אונטער דער וואַטע־פאַבריק אָף פאַבריטשנע 30). איידער די דײַטשן באַווײַזן צו ברענגען פײַערלעשער, שטייען שוין אין פלאַמען אַ סאַך ביניאָנים אָף טשעפּלע, פאַבריק־גאַס נאָוואָגראָדער, כמיעלנע, גורנע און העכער פון אַלע סרייפעס רײַסן זיך די פײַער־צונגען פון די סטויגן היי און קאַנאַפּליעס, וואָס צינדן זיך אָן איינע נאָך דער אַנדערע אין די גערטנער פונעם יודענראַט 31). עס לויפן איבער די פעלד־דראָטן ראַפּאָרטן צום שטאַב אָף קופּיעצקע, און אינמיטן דער סיקערײַ פונעם פײַער, דער יעלאָלע פון מאַמעס, דער שילטערײַ פון די שופּאָ־לײַט, אינמיטן דער געשטעפּערײַ פון זאַלפּן רײַסט זיך אַרײַן אַ הילכיק געזאַנג, דאָס געזאַנג פון פויליש־רעוואָלוציאָנערן ליד:

„אונדזער בלוט גיסן הענקער!"

עס פאַלן אויסרופן: „אַ טויט די טיראַנען!". „זאָל לעבן די פרײַהייט 32).

אַ גרופּע פון זיבן פרויען טיילט זיך אויס פון האַמוין, נעמט זיך פאַר די הענט און מיט די ווערטער פון „וואַרשאַוויאַנקאַ" וואַרפט זי זיך פאָרויס, אָפן סוינע 33).

28) דאָרטן.
29) ג"א פון מ. זשוקאָווסקי.
30) ג"א פון מ. בוד; אויך: אַרכ' יִיַה"א, נ' 2116.
31) „די איבערלעבונגען פון ראַכל קירזשנער בעיים דער דײַטשער אקופּאַציע" אַרכ' יִיַה"א, פּראָט' נ' 2603.
32) ג"א פון א. קיסלער.
33) ג"א פון [illegible] ריווקינד.

עס צעגרעגערט זיך מאַשין־געווער, איין פרוי טוט זיך אַ וואַקל, די כאַווערטעס האַלטן זי אונטער, די שיסערײַ פאַרשטאַרקט זיך. ווי אַרונ־טערגעקאָסעטע פאַלן אַוועק די פרויען, די האַרוגים בלײַבן ליגן אַפן בלוט־באַשפּריצטן ברוק. עס דערגייען בלויז לעצטע, אָפּגעריסענע ווערטער פונעם פּראָלעטאַרישן הימן:

„אונדזער פאָן איז רויט" 34). — — —

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פון 16טן אויגוסט.

34) דאָרטן; אויך: ג"א פון ט. בור, א. קיסלער און כ. גראָסמאַן.

קאפיטל דריי

# די שלאכט אַף סמאָלנע

דער ערשטער באַוואָפנטער אַרויסטריט פון די יידישע קעמפער אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט אַף די היטלער־לייט אָפּן אָרט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. זייער צעמישונג דערמאָנט די פּאַניק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם פּאָליציי־שעף אין וואַרשע פאָן זאַמערן, וועלכער האָט דעם 19טן אַפּריל 1943 אינדערפרי, ווען די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געשטעלט דעם ערשטן ווידערשטאַנד, אויסגערופן אַ פּאַר־צווייפלטער: „אַלץ איז פאַרלאָרן!" אַלץ איז פאַרלאָרן, ווייל עס האָבן געפּלאַצט צוויי לעגענדעס מיטאַמאָל: אַז יידן גייען ווי שאָף צו דער שכיטע; און אַז דער היטלעריסטישער פּערפידיע און דעם היטלעריסטישן קויעך איז קיינער אין די אָקופּירטע שטעט נישט אומשטאַנד זיך אַנט־קעגנצושטעלן.

אַן ענלעכער איינדרוק האָט געמאַכט אַף די דייטש־פאַשיסטישע מאַכט־אָרגאַנען אין ביאַליסטאָק דער קאַמף־אַרויסטריט פון דער יידי־שער זעלבשוץ דעם 16טן אויגוסט 1943. עס דערציילט אַן אייד ריזע, אַז צו דער יידישער, אַרבעט־שקלאַפערישער גרופּע, וואָס האָט געהאַ־רעוועט אין היגטערשטאַטישן גוט מאַרקאַטשינע, איז געקומען צו לויפן אַ זייער אויפגערעגטער דעם 16טן אויגוסט 1943 דער עס־עס־אָפיציר אדי גראַנד, האָט צוויפגעזאַמלט אַלעמען און אין אַ שטאַרק דענערווירטן טאָן דערקלערט: „אין געטאָ האָט פּאַסירט אַ גרויסע שווינערייַ. יידן זיינען באַפאַלן דייטשן און אַ סאַך פון זיי דערשאָסן!" 1).

אַ צווייטער יידישער אייד ריזע גיט איבער וועגן דייטשישע דער־הארגעטע און פאַרוווּנדעטע בעייס דער ערשטער שלאַכט; ער האָט אַליין

---

1) ג"א פון א. ווינציגשטערן, ארכ' יה"א, בראַט' נ' 1972.

געזען, ווי מען האָט געפירט אַף אַ וואָגן פיר דײַטשן דערשאָסענע און צוויי פאַרוואונדעטע 2).

דאָס זײַנען געווען גרוסן פון דער ערשטער שלאַכט.

דער שטאַב פון די יידישע קעמפער האָט געגרייט ווײַטערדיקע באַוואָפנטע אַרויסטריטן. דער שטאַב האָט זיך געפונען אַף טשעפּלע 13. מיט די קאַמפּס־אָפּעראַציעס האָבן אָנגעפירט דאַניעל מאָשקאָוויטש און מאָרדכע טענענבוים. אין יענע בלוטיקע שאָען איז דאַניעל געווען ווי שטענדיק געלאַסן און האַרציק, זיך נישט אויפגערעגט, האַגאַם עס איז קאָנטיק געווען, אַז זײַן געזונט פאַרערגערט זיך קעסיידער. די באַקן איינגעפאַלן און בלאַס. אויך טענענבוים איז געווען באַהערשט און זיך נישט אויפגערעגט, ווי עס איז אָפט געווען זײַן טעווע. אָן אייד ריִע גיט איבער ווי זיי זײַנען ביידע געשטאַנען אײַנגעבויגן איבער דער מאַפּע פון ביאַליסטאָקער געטאָ. קיין שום שלאַכט־באַפעל איז נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן אָן דאַניעל מאָשקאָוויטשעס באַשטעטיקונג 3).

די ערשטע שלאַכט איז פאָרגעקומען אַף סמאָלנע. דאָ איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד.

אין העסקעם מיטן פּלאַן פונעם שטאַב האָבן זיך אַף סמאָלנע־גאַס קאָנצענטרירט די הויפּט־קויכעס פון דער זעלבשוץ. צו דרײַ האָבן זיך דאָ געיאָוועט די מיטגלידער פון די קאַמף־גרופּן. קעדיי אַ שאַרף אויג פון אַ שפּיצל זאָל זיי נישט דערשנאַפּן, האָבן זיך די קעמפער אַהער געלאָזט אינאייינעם מיט דער מאַסע. קעדיי אויסצומײַדן כשאַדים האָבן אַ סאַך קעמפער זיך געמאַכט פאַר לאָמע, און צוויי אַנדערע, קלוימערשט קרויוים, האָבן דעם „קאַליקע״ אונטערגעהאַלטן. אַזוי גייענדיק זײַנען אַ סאַך זעלבשוצלער אָנגעקומען צום טרעף־פונקט מיט געווער באַהאַלטן פאַר אַ „בייז אויג״ 4).

נישט איין קעמפער איז אָבער געכאַפּט געוואָרן דורך די דײַטשן, וועלכע האָבן אַזאַ ווירדיקן ייִד אָפן אָרט דערשאָסן 5).

דאָס סמאָלנע־גאַס ליגט שוין באַם ראַנד פון דער שטאָט; דאָס

2) פּייסעך בורשטיין: „וועגן דער ענרגילטיקער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ״, אַרכ׳ יִוָה״א, נ׳ 550.

3) גראַסמאַן ז׳ 326.

4) נ״א פון י. ריווקינד.

5) נ״א פון מ. זשוקאָווסקי.

איז דאָס לעצטע געסל, וואָס שניידט אַדורך די יוראָווצער גאַס און פירט אַרויס אָפן וועג צו די אַרומיקע דערפער, קוידעמקאָל צום דאָרף ביאַלאָסטאָטשעק. סמאָלנע האָט שוין, אייגנטלעך נישט קיין אויסזען פון אַ שטאָטישער גאַס. נישטאָ דאָ אַפילע קיין טראָטואַר. בלויז זאַמד, אַ געזוויינלעכער דאָרפישער שאָסיי און פוןביידע זייטן הילצערנע הייז־קעס. אויף לינקס פון סמאָלנע האָט געפירט דער וועג צום באַן־וואַל, וואָס איז דעם 16טן אויגוסט געווען געדיכט באַדעקט מיט מיליטעריש־פּאָ־ליציייִשע פאָרמאַציעס, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס. פונעם וואַלד האָבן גרויזאַם אַראָפּגעקוקט צו דעם געטאָ די אויסגעשטיצטע פיסקעס פון שווערע מאַשין־ געווערן, הינטער וועלכע עס זיינען געלעגן די מער־דער און געוואַרט אויף אַ באַפעל 6).

די דאָזיקע פייער־גרייטע מאַכנע האָט אָפּגעטיילט פון דער זעלב־שוץ פון סמאָלנע־געסל דער געטאָ־פאַרקאַן. דאָ האָט זיך געענדיקט דער יידן־ראַיאָן. ווייטער האָט זיך געצויגן די פאַרבאָטענע זאָנע פון „ריינע אַריער".

אויף רעכטס פון סמאָלנע ליגט די טשעפּלע, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב, די צוויי גאַסן האָט פאַרבונדן אַ קליין געסל — באָוואָ־גראַדער, ווו עס זיינען געלעגן די ברענענדיקע גערטנער פונעם יודענ־ראַט.

אַרום האַלב צען איז אַרויסגעטראָטן די קאַמף־גרופּע פון סמאָל־נע 7). נאָך דעם, ווי עס האָבן אַ זעץ געטאָן די פייער־צונגען און רויך־קנוילן פון היי־סטויגן אויף באָוואָגראַדער, און נאָך דעם, ווי די ערשטע פרויען־גרופּע האָט זיך אַ ריס געטאָן פאַרויס אויף די דייטשן און באַ־דעקט דעם ברוק מיט האַרוגים, האָבן זיך דערהערט שטימעס:

— אויב שטאַרבן, איז פאַלן מיט קאָוועד!

— פאָרויס, אָפן פאַרקאַן! 8).

דער דאָזיקער לאָזונג איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן דורך הונדער־טער מיילער. אַ הילכיקער אויסגעשריי „הוררא!" האָט דורכגעשניטן די גאַס. עס האָט זיך צעגרעגערט דער ערשטער יידישער אויטאָמאַט 9).

6) נ"א פון כ. גראַסמאַן, ל. טשאַפּניק און א. רוד

7) ש. מאַרגאַליס: „וועגן דער ליקווידיר־אַקציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ' יי־הא, נ' 2419.

8) נ"א פון ב. פּערעץ.

9) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

אַ דאַנק די קוילן פֿון דער מיידלעך־גרופּע פֿון מיקאַ דאַטנער באַ־וויזט זיך אַ ריזיקע לאַך אין פּאַרקאַן און דער צוים ברעכנט זיך אײַן 10). די געשרייען „הורראַ!“ ווערן אַלץ הילכיקער. אין אַ צווייטן אָרט רײַסט דורך מיט פֿײַער דעם פּלויט אַ מענער־גרופּע 11). אָבער אַדורכגיין דעם צעשטערטן פּאַרקאַן איז נישט מעגלעך, ווײַל דער סוי־נע עפֿנט אַ שיסערײַ. דער קאָנטראַנגריף פֿון די דײַטשן איז נאָך נישט קיין געפֿערלעכער. עפּשער איז דער אַרויסטריט פֿון די ייִדן געווען אַזוי אומגעריכט, אַז דער שטאַב אַף קופּיעצקע האָט נאָך נישט אָנגע־נומען קיין פֿעסטע באַשלוסן. די ייִדישע קעמפֿער לעבן אַדורך די זיסע מינוטן פֿון זיג. זיי זעען באַשיימפּערלעך ווי עס פֿאַלן דײַטשישע סאָל־דאַטן. די אייגענע שאָדנס זײַנען מינימאַלע. אין מעשעך פֿון קנאַפּע צוויי שאָ צײַט האַלטן די ייִדן אײַן די פּאָזיציע. אינגיכן — גלייבן זיי, — וועט זיך אַ ריר טאָן די צוואַנציק־טויזנט־קעפּיקער מאַסע, וואָס איז צונויפֿגעדרענגט אַף דער שכיינעסדיקער, ברייטער יוראַווצער גאַס. דאָרטן ווירקן ספּעציעל געשיקטע מענטשן פֿון שטאַב 12). די מאַסע וועט אַ פֿלייץ טאָן דורך סמאַלנע צום צעטראַסקעטן פּאַרקאַן און וועט זיך אַרויסרײַסן; טויזנטער וועלן פֿאַלן, אָבער הונדערטער וועלן אַדורכ־גיין ווײַטער צום וואַלד 13).

די דײַטשן צאַשיסן אָן אויפֿהער. זיי פּרווון צעטרײַבן די ייִדן. מיטאַמאָל רײַסט זיך אַרויס אַ פּרוויִשעד הוראַ־געשריי. אין דער שײַן פֿון דער זומערדיקער זון טוען אַ בלאַנק נאַקעטע קאָסעס און העק. דאָס האָט סראָלקע מאַרגאָליס געבראַכט אַ גרופּע פֿון כאַלוצישן קיבוץ צו הילף די קעמפֿנדיקע כאַווײרים אַף דער פּאָזיציע 14).

דער סוינע איז איבעראַשט. זײַן שיסערײַ ווערט פֿוילער און זעל־טענער. די ייִדישע זעלבשוץ האָט אָפּגעהאַלטן דעם ערשטן ניצאָכן. איצט קומט די ריי אַף דער מאַסע פֿון יוראַווצער גאַס.

אָבער דאָ איז די לאַגע געווען זייער אַ שווערע.

איינצלנע טיילן פֿון דער גיירעש־ געטריבענע מאַסע האָבן זיך מיט־געריסן מיטן קאַמף. די אַרבעטער פֿון די אונטערגעצונדענע אינדוס־

10) ג"א פֿון מ. בוד.
11) ג"א פֿון נ. באַביקער.
12) ג"א פֿון מ. זשוקאַווסקי.
13) ג"י פֿון כ. גראַסמאַן און בר. וויניצקאַ.
14) ג"א פֿון י. ריווקינד.

טריעלע וואַרשטאַטן אַף פאַבריק־גאַס זײַנען דורך טשעפּלע און נאָוואָגראָדער געלאָפן אַף סמאָלנע, צום אָרט פון די קאַמפן, צום אָפענעם פאַרקאַן. אָבער דער ראָוו פון יוראָווצער גאַס איז געבליבן שטיין אַ דערשלאָגענער און צעמישטער. וואָרעם אין אַ געוויסער רעגע איז דער סוינע געקומען צו זיך און — רעזיגנירנדיק לעסאַטע פון צעברעכן דעם אַקטיוון ווידערשטאַנד פון סמאָלנע־געסל — צוגעטראָטן צו טעראָריזירן די ייִדישע מאַסע פון יוראָווצער גאַס. אַף ביידע זײַטן גאַס האָבן זיך באַוויזן שפּאַלערן פון גוט באַוואָפנטע שופּאָ־לײַט; און אין דער זעלביקער צײַט האָבן די פּאַרטאיעטע און פאַרמאַסקירטע פאַשיסטישע אָפּטיילונגען פון באַן־וואַל — אין דער צאָל פון העכער טויזנט מאַן — געעפנט אַ מערדעריש פײַער אַף די ייִדישע פּאָזיציעס פון סמאָלנע, אַפן אײַנגעפאַלענעם פּלויט. איינצײַטיק האָט דער סוינע אַפן באַלקאָן פונעם הויז יוראָווצער עק טשעפּלע אַרויפגעשלעפּט שווערע מאַשין־געווער און געעפנט אַ שיסערײַ 15). באַם האַמוין איז אויסגעבראָכן אַ פרישע פאַניק. מען האָט אָנגעהויבן צוערשט שטיל מורמלען און דערנאָך טײַנען אַפן קאָל קעגן דער ייִדישער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע. די מער נערוועזישע און פּאַכדאָנישע האָבן גענומען שרײַען: „וואָס שיסן זיי, די באַנדיטן? זיי וועלן אונדז אומגליקלעך מאַכן!" 16). די מעהומע איז נאָך מער געוואַקסן, ווען דער סוינע האָט אָנגעהויבן אַרײַנשיסן אַף בלינד אין דער מאַסע און נישט איינער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אַף די פיס און איז געפאַלן טויט 17).

פלוצים האָט אַרויסגעזעצט אַ העליש פײַער אַף סמאָלנע. די אַקעגנאיבערדיקע באַשיסער האָבן זיך באַנוצט מיט שווערע מאַשין־געווערן און מיט פולעמיאָטן. אַ פײַנטלעכע גרופּע האָט זיך אונטערגעגאַנוועט און אַרײַנגעשלײַדערט אַ פּעקל מיט גראַנאַטן. עס האָט זיך צוערשט אָנגעכאַפּט דאָס הויז סמאָלנע דרײַ און פון דאַנען האָט זיך די פײַער־סטיכיע אומגעשטערט געטראָגן איבער דער גאַנצער גאַס, פרעסנדיק איין הילצערנע כאַטע נאָך דער צווייטער און אויספילנדיק די לופט מיט געריך פון בראַנד־סרייפע 18).

---

15) נ"א פון ש. מאַרגאַליס.
16) נ"א פון מ. זשוקאָווסקי.
17) נ"א פון ש. גרינשטיין.
18) נ"א פון י. ריווקינד.

די זעלבשוץ האָט געענטפערט מיט די לעצטע קוילן. די פּאַרטיי־דיקונג איז געוואָרן אַלץ שווערער. און דאָך האָט זיך דער קאַמף־ענ־טוזיאַזם נישט איינגעלאָשן. ווען עס זיינען אויסגעגאַנגען די קוילן האָט מען גענומען אין האַנט אַריין מעסערס און אייזערנע שטאַנגען. עס האָט זיך פּאַרויס אַ ריס געטאָן איינער פון די קעמפער אַ יונג אַ ריז מיט אַ בלאַנקן מעסער אין האַנט: דעם סוינעס קויל האָט אים צוגענאַגלט צו דער ערד אַף אייביק 19). מיט אַ העלדן־טויט זיינען דאָ געפאַלן כאַיע מענדעלסאָן און לילקע מאַלאַרעוויטש 20). לילקע מאַלאַרעוויטשעס לעצטער אויסרוף איז געווען: „פאַרויס!" מיר האָבן נישט וואָס צו פאַרלירן!" 21). אַ יונג ייִנגל האָט געשריגן צום פאָטער: „טאַטע, שטאַרק זיך שלאָג!" 22). באַם שטורעמען דעם פּלויט זיינען גע־פאַלן די זעלבשוץ־מיטגלידער אַווראָם ווידערמאַן, אַווראָם גאַלטער, יוי־כעוועד טאוב 23). עס האָט דאָ געקעמפט צווישן אַנדערע יענטל, סאָנ־קע, לאַנטשיק 24). צוויי קעמפערנס האָבן, צוריקציִענדיק זיך, באַוויזן צו שלייִדערן אַ גראַנאַט אין די דייטשן 25).

אָבער די קעמפער זיינען שוין געווען מיד. עס איז געוואַקסן די צאָל דערהאַרגעטע און פאַרוווּנדעטע. די אַמוניציע איז אויסגעגאַנגען. פון יוראָווצער זיינען אָנגעקומען ווידערקאָלן פון סאַלוועס. דער קאַמף פאַרן פּלויט איז געווען אַ פאַרשפּילטער. דער שטאָב פון טשעפּלע האָט נישט געקאָנט קומען צוהילף צוליב סיבעס, וועלכע וועלן שפּעטער קלאָר ווערן. אין פייער און בלוט איז דערשטיקט געוואָרן דער ייִדישער שטור־רעם באַם געטאָ־פּאַרקאַן אַף סמאָלנע. אונטער די כורוועס פון ברענענ־דיקע הייזקעס זיינען געבליבן ליגן מעסירעס־נעפעשדיקע באַכערים און מיידלעך. אָפן זאַמד האָבן זיך געוואַלגערט קוילן־דורכגעלעכערטע גור־פים 26). דער ברוק איז געווען מאַמעש פאַרזייט מיט צעריסענע אייווי־רים 27). פאַר די שעיירים־האַפּלייטע פון דער סמאָלנער גרופּע האָט

19) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד
20) נ"א פון ב. פערעי.
21) גראָסמאַן, ז' 328.
22) נ"א פון י. ריווקינד.
23) נ"א פון ב. גראָסמאַן.
24) גראָסמאַן, ז' 328.
25) נ"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
26) נ"א פון י. ריווקינד.
27) גראָסמאַן, דאָרטן

זיך געשטעלט די פראַגע: צוריקגיין אין געטאָ און מאַמשיך זײַן דעם ווידערשטאַנד אַף אַנדערע פּונקטן, אָדער אַדורכרײַסן זיך פאַר יעדן פּרײַז אַף דרויסן צום וואַלד. איין טייל מיט זאַרעך זיסקינד־זילבער־בערג, געדאַליע שאַיאַק, הערשל ראָזענטאַל האָבן זיך צוריקגעצויגן טי־פער אין געטאָ; אַ צווייטע גרופּע, לעפּיערעך אַ זעכציק מענטשן, זעלבּ־שוך־מיטגלידער און סטאַם ייִדן פון דער מאַסע אינאיינעם, האָבן זיך אונטערן האָגל פון די פײַנטלעכע קוילן אַרויסגעריסן דורך פּאַליעסער געסל אַפן פעלד און זיך פאַרשטעקט אין די קוסטעס; אָבער דאָ האָט זיך ווידער פאַרקניפּט אַ קעגנזײַטיקע שיסערײַ. די ייִדן האָבן אויסגע־נוצט די לעצטע קוילן און באַצאָלט מיט 37 קאָרבאָנעס. די אַנדערע האָבן זיך אַרויסבאַקומען אין דער ריכטונג צום וואַלד 28).

און אין געטאָ האָט זיך דער פּלאַצדאַרם אַ רוק געטאָן אַף רעכטס, צו נאָוואָגראָדער און טשעפּלע.

עס זײַנען נאָך אַלץ געווען די פּרימאָרגן־שאָען פון מאָנטיק, דעם 16טן אויגוסט.

28) ג"א פון כאַים זאַפּערעוויטש.

## קאַפּיטל פיר

# אין קאַמף מיטן סוינעס טאַנקען

אין דער צײַט, ווען אַף סמאָלנע האָט נאָך געפלאַקערט דער קאַמף, האָט דער סוינע אַרײַנגעפירט פון שענקעוויטש־גאַס דורך דעם טויער באַ יוראָווצער אין לאַסט־אויטאָס אַ מעכאַניזירטע אָפּטיילונג מיליטער. און אינאיינעם מיט זיי — דער סאַמע געפערלעכסטער באַלמאַשכיס — דרײַ לײַכטע טאַנקען 1). מיט אַ פאַנצער־אויטאָ איז אַרײַנגעפאָרן גלאַ־באַצניק אַליין 2). דער ציל פון דער קאָלאָנע איז געווען אַרײַנצודרינגען ביז סמאָלנע און נעמען די יידישע זעלבשוץ צווישן צוויי פײַערן, קעדיי צו דערשטיקן דעם סאַמע צענטער פונעם ווידערשטאַנד. אָבער אַפן וועג צום שלאַכט־פעלד האָט די דײַטשישע קאָלאָנע אָנגעטראָפן עטלעכע מאָל אַף אַ פאַרביסענער פאַרטיידיקונג.

אין שפּיץ פון דער אַרײַנמאַרשירנדיקער אָפּטיילונג האָט געשפּאַנט אַן אָפיציר „מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ און שטאָלצע טריט" 3). אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ נאַגײַקע 4). אַף יוראָווצער גאַס האָט אים באַגעגנט אַ מיטגלידערן פון זעלבשוץ, דאָס וואַרשעווער מיידל דאָראַ, וועלכע האָט אויסגעשאָסן אין אָפיציר פון אַ פיסטאָלעט און אַוועקגעלייגט אַ טויטן 5). דער אָבערשאַרפירער, וועלכער האָט זיך געפונען באַ זײַן שעפס זײַט, האָט גלײַך געשאָסן אין דעם העלדישן מיידל און זי דערהאַרגעט. די קעמפערן דאָראַ האָט געהאַט — באַנאַנד מיטן זעלבשוץ־מיטגליד ראָזענבערג און אַנדערע — די אויפגאַבע אויסצופירן אַן אַטענטאַט

---

1) נ"א פון ט. ציטראָן.
2) פרידעל: „די באַשרײַבונג אא"ו".
3) נ"א פון מ. זשוקאָווסקי.
4) דאָרטן.
5) דאָרטן; אויך: נ"א פון מ. בור

איבער געשטאַפּאָ־באַאַמטן דיבוס פאַר דער געבײַדע פונעם יודענראַט און ביכלאַל אָנגרײַפן דאָ דעם סוינעס שטאַב. די שאָסן האָבן נישט געטראָפן; די דײַטשן האָבן געענטפערט מיט פײַער, ראָזענבערג איז געפאַלן 6); דאָראַן איז געלונגען אויקער צו זײַן און איצט האָט זי גענומען נעקאָמע אינעם אָפיציר פון דער קאָלאָנע און באַצאָלט מיטן אייגענעם לעבן.

אויפגעבראַכט צוליבן אומקום פון זייער קאָמאַנדיר, האָבן די דײַטשן טייקעף אָנגעווענדט אַ בלוטיקע רעפּרעסיע און געעפנט אַ פײַער פון קוילנוואַרפער אַפן ייִדישן האַמוין, וואָס האָט זיך געזאַמלט אַף יוראָווצער. פון איין זאַלפ זײַנען געפאַלן עטלעכע הונדערט ייִדן 7).

די עטלעכע גרופּעס פון זעלבשוץ, וואָס זײַנען געווען אַף יוראָווצער גאַס, האָבן זיך געפונען — פונעם פעלד־טאַקטישן שטאַנדפונקט — אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע און נישט געקאָנט פאַרטיידיקן די באַשאָסענע מאַסע. אין העסקעם מיטן פּלאַן האָבן די קאַמף־גרופּעס אַף יוראָוויעצקע געהאַט די אויפגאַבע נישט אַרויסצוגיין אין פּאָנעם־על־פּאָנעם־פאַרמעסט מיטן סוינע, נאָר זיך פאַרבאַריקאַדירן אין הײַזער — אַף אָט דער גאַס זײַנען די שטובן געווען טיילווײַז געמויערטע און נישט קיין הילצערנע, ווי אַף סמאָלנע — און באַשיסן די דײַטשן, קעדיי צו באַשווערן זייער צוקום פון הינטן צום סמאָלנער פּלאַצדאַרם און קעדיי אָפּצוציען זייערע קויכעס פונעם איקער־ציל פון דעם ייִדישן אָנגריף באַם פּאַרקאַן. אין די הײַזער יוראָווצער 24, 26 און 42 האָבן זיך געפונען קאַמף־גרופּעס אונטער דער אָנפירונג פון מאָניעק קראַמאַזש און כאַים־ייִסראָעל בערמאַן, ביידע וואַרשעווער. די דאָזיקע גרופּעס האָבן אָבער נישט געקאָנט עפענען אַ פײַער אַף די דײַטשן, ווײַל זיי האָבן מוירע געהאַט צו טרעפן אין דער ייִדישער מאַסע, וועלכע האָט זיך געכוואַליעט צווישן זייערע פּאָזיציעס און צווישן דעם סוינעס אָפּטיילונג אַף דער גאַס. ערשט ווען די דײַטשן האָבן געזעטיקט זייער ערשטן נעקאָמע־דורשט נאָכן טויט פון זייער קאָמאַנדיר און זיך גענומען — שוין איצט־פאָרזיכטיקער — רוקן פאָרויס לענגויס יוראָווצער גאַס, בעשאַס זיי האָבן פאַרבײַגעשפּאַנט פאַרן הויז נומער 26, זײַנען פון דאַנען געפאַלן עטלעכע

---

6) נ"א פון בר, ווינ ציקאַ: אויך: גראָסמאַן, ז' 327.
7) נ"א פון זשוקאָווסקי.

סעריעס שאָסן, און עס איז דאָ אויסגעבראָכן אַ צוזאַמענשטויס 8). אַ צוזאַמענשטויס האָט זיך אויך פאַרקניפּט באַ דער שכיינישער הילצערנער שטוב יוראָווצער 24. די דײַטשן האָבן אינעם הויז אַרײַנגעוואָרפן גראַנאַטן און די קעמפער זײַנען אומגעקומען אין די פלאַמען 9).

אַ צווייטער צוזאַמענשטויס האָט זיך פאַרקניפּט באַם הויז נומער 42. אין אַ געוויסן מאָמענט איז געוואָרפן געוואָרן אין די דײַטשן אַ גראַנאַט. דער שלײַדערער איז געווען העניעק פעלץ 10). די שלאַכט איז אָבער געווען אַ פאַרשפּילטע. די קויכעס פונעם סוינע זײַנען געווען אי־בערוויגנדיקע. די ייִדישע קעמפער האָבן באַשלאָסן אויפצורײַסן מיט די אייגענע הענט דאָס הויז. איצט האָט אַליין אַרײַנגעזעצט אַ גראַנאַט אין דער אייגענער פּאָזיציע אויף יוראָווצער 26 די קעמפערן רעניע וויער־ניק, וועלכע איז אומגעקומען אויפן אָרט 11). אַ טייל קעמפער האָט זיך צוריקגעצויגן, דער ראָוו איז געפאַלן אין אומגלײַכן געראַנגל. די דײַטשן האָבן אָבער באַוויזן צו אַנטפּלעקן אין אַ קעלער פון דעם הויז אַ מאַ־גאַזין מיט געווער און עס צוצונעמען 12).

אין דער זעלביקער צײַט האָבן זיך אין אַ צווייטן עק יוראָווצער גאַס געיאָוועט נאָך צוויי קאַמף־גרופּעס: איינע אין צאָל פון אַ דרײַסיק מאַן, אַלע אָנגעטאָן מיט אייַנהייטלעכער האַלבאַשע, אין שוואַרצע גאַליפע הויזן, אָן היטלען, אין הויכע שיך, מיט די שקאַרפּעטן אַרויסגעלייגט איבער זיי 13). דאָס האָט איידעס געזאָגט, אַז די גרופּע איז גרייט צו קעמפן ביז אַרויסרײַסן זיך אין וואַלד אַרײַן. זיי זײַנען געווען באַוואָפנט און איינצלנע פון זיי האָבן פאַרמאָגט אויטאָמאַטיש קליי זאַין. מיט מאַשין־געווער זײַנען געווען באַוואָפנט דער געוועזענער פּאָליציאַנט זיגע גאַטליב און דער יוגנטלעכער אַרן פּאָטאַצקי 14). די גרופּע איז אַרויס פונעם טויער יוראָווצער 5. די צווייטע גרופּע איז אַרויס פונעם הויז יוראָווצער 44, ווו עס האָט זיך געפונען די וווינונג פון יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ; אין דער גרופּע האָט זיך צווישן אַנדערע געפונען נאָכעם אַבעלעוויטש, פראַנקע,

8) ג"א פון מ. בוד; אויך: ג"א פון פּ. בורשטיין, ארכ' יזה"א, פּראָט' נ' 560.
9) ג"א פון עלקע פּאַמין, ארכ' יזה"א, פּראָט' נ' 2125.
10) ג"א פון י. ריווקינד.
11) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
12) ג"א פון פּ ליפּינסקאַ.
13) ג"א פון אַ קיסלער.
14) דאָרט.

„הערקולעס". די צוויי גרופּעס האָבן זיך פאַראייניקט און געעפנט אַ שיסערײַ אַף די דײַטשן. נאָך אַ האַסטיקן צוזאַמענשטויס האָבן זיך די קעמפער צוריקגעצויגן 15).

די צוזאַמענשטויסן אַף יוראָוועצער האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן עמעסער פראָנט־שלאַכט. אָט ווי עס גיט איבער זײַנע אײַנדרוקן פון אָט דעם אָפּשניט אַן אייד ר״ע: „די ערשטע שאָ איז אַדורך רויִק 16). דערנאָך האָבן מיר געהערט רופן און געשרייען. עס זײַנען געפאַלן שאָסן. דערנאָך האָבן מיר געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז מיר געפינען זיך אַפן פראָנט. אָפּהילכן פון שיסערײַען, דאָס קלאַפּן פון טאַנקען אינעם ברוק, דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעמישט מיט וויי־געשרייען פון אומגליקלעכע מענטשן" 17).

איצט האָבן די דײַטשן געשיקט פאָרויס די טאַנקען, קעדיי הינטער זייער שוץ אויסצורייניקן דעם גאַנצן געביט פון יוראָוועצער און פון די זײַטיקע געסלעך, ווו עס האָבן געשטעקט די נעסטן פונעם ווידערשטאַנד. די מעטאַלענע מאַשכיסים האָבן זיך דערקײַקלט ביזן צונויפקום פון די גאַסן יוראָוועצער—טשעפּלע—נאָוואָגראָדער. דאָ, באַם אַרײַנגאַנג צו טשעפּלע, האָט דער סוינע אָנגעטראָפן אַף אַ נײַעם, פאַרביסענעם ווידערשטאַנד 18).

טשעפּלע איז אַ געסל, וואָס ליגט אַף רעכטס פון יוראָוויעצקע, צווישן דער פאַבריק־גאַס און נאָוואָגראָדער—סמאָלנע. דאָס איז אַ שמאָל געסל, באַבויט ס'ראָוו מיט הילצערנע בינאָנים און זייער קאָרג אויך מיט ציגל־הײַזער. דאָס געסל איז איינס פון די עלטסטע אין דעם ראַיאָן, דער ברוק איז געדיכט באַוואַקסן מיט מאָך. דאָ, אַביסל טיפער, האָט זיך גע־פונען דער געטאָ־שפּיטאָל, ווו מ'האָט צונויפגענומען די קינדער. אַהער איז געפלאָסן אַ טייל פונעם שטראָם פון געטריבענעם המון, וועלכער האָט געזוכט אַ שטיקל שוץ אַרום שפּיטאָל. אַף טשעפּלע 13 — אין דעם הויז, ווו ס'האָבן מיט אַ צײַט צוריק געוווינט די אַנטיפאַשיסטישע אַקטי־וויסטן און פּאַרטיזאַנער די ברידער קאָזשעץ מיטן געהיימען ראַדיאָ, און

15) דאָרטן.

16) די קאַמפן אַף יוראָוועצער האָבן זיך אָנגעהויבן אַרום 11 אינדערפרי (ג"א פון פּ. בורשטיין), בעיס אַף דער סמאָלע האָט מען שוין געקעמפט פון האַלב 10 אינדערפרי.

17) ג"א פון פעטי וועליאַן, אַרכ' יה"א, פּראָט' נ' 1856.

18) ג"א פון פּ. בורשטיין.

ווו עס האָט זיך אויך געפונען אַ כאַלוצישער קיבוץ, — האָט זיך באַזעצט דער שטאַב. אין קעלער איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן דער אַרסענאַל. אַזוי אַרום האָט זיך דאָ קאָנצענטרירט אַ נישקאָשעדיקע קאַמף־גרופּע, וועלכע האָט זיך געפילט זיכערער אויך אַדאַנק דעם, וואָס אין איר שטאַב האָבן זיך קעסיידער געפונען די קאָמאַנדירן דאַניעל מאָשקאָוויטש און מאָרדכע טענענבוים 19).

ווען די פײַנטלעכע קאָלאָנע מיט די טאַנקען אין שפּיץ האָט זיך דערנענטערט, האָט זיך די קאַמף־גרופּע צוגעגרייט צום אַרויסטריט. באַ עק טשעפּלע און יוראָווצער איז אונטערגעלייגט געוואָרן אַ מינע — אין אַ קאַנאַל־ברונעם. דער ערשטער טאַנק האָט זיך אָבער אַדורכגעטראָגן — די מינע האָט נישט אויפגעריסן 20). דער באַל־מאַשכיס האָט פאַר־קערעוועט אין טשעפּלע אַרײַן. עס איז געפאַלן אַ באַפעל אָנצוגרייפן די טאַנקען מיט גראַנאַטן. די גאַס איז פאַרהילכט געוואָרן פון אויסגע־שרייען: „זאָל לעבן די רויטע אַרמיי!” עס איז געפאַלן דער ערשטער גראַנאַט — ער האָט אָבער אויך נישט אויפגעריסן 21). עס איז אָבער גענוג געווען זײַן פּלי אַליין, אַז די דײַטשן זאָלן זיך טייקעף צוריקציִען, איבערלאָזנדיק אַפילע אַ געוויסע צאָל געווער. די טאַנקען — נישט גע־קוקט דערויף, וואָס עס האָט זיי גאָרנישט געשאַדט, — האָבן פאַרקערע־וועט צוריק. די גאַנצע דײַטשע קאָלאָנע איז דורכן בריקל אַוועק אַף קופּיעצקע, צום ביניען פון יודענראַט, ווו עס האָט זיך געפונען מאַגעלס און פרידעלס שטאַב 22).

די ערשטע רעאַקציע פונעם ייִדישן אוילעם, וואָס האָט זיך געזאַמלט אַף טשעפּלע און אַף די שכיינעסדיקע פאַבריק־גאַס, איז געווען אַן אינס־טינקטיווע דערנענטערונג צו דער קאַמף־גרופּע; מען האָט זיך פון אומע־טום גענומען זאַמלען און קלעפּן אַרום דער זעלבשוץ 23). מיט אַלע פּי־בערן פון דער נעשאָמע האָט מען געלעכצט נאָך אַ מאַפּאַלע פונעם דײַטש. אָבער די אויפשטייג־געפילן האָבן, צום באַדויערן, לאַנג נישט געדויערט. אינגיכן האָבן זיך באַוויזן אַעראָפּלאַנען, צוערשט סטאַם געקרײַזט איבער די ייִדישע גאַסן און דערנאָך זיך אַראָפּגעלאָזט און גענומען באַשפּריצן

19) ג״א פון י. לערמאַן.
20) ג״א פון י. ריווקינד און ל. טשאַפּניק.
21) ג״א פון בר. וויניצקאַ.
22) ג״א פון ט. ציטראָן.
23) ג״א פון כ. גראָסמאַן.

די מענטשן מיט סעריעס מאַשין־געווער 24). באַלד זײַנען אויך צוריק־געקומען די מיליטער־טיילן. איצט האָט זיך דער האַמוין פּאַרלאָרן, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בעהאָלעדיקער געלויף. בלויז די קאַמף־גרופּעס מיט אַ קליינעם טייל מענטשן פון אוילעם איז געבליבן אַף דער פּאָזיציע באַם אַרויסגאַנג פון טשעפּלע און אויפגענומען די שלאַכט 25). עס האָט באַם שטאַב נאָך געהערשט דער גלויבן, אַז מען וועט דאָ אײַנהאַלטן די קויכעס פונעם סוינע, קעדיי די זעלבשוץ, וואָס שטורעמט דעם פּלויט באַ סמאָלנע, זאָל דערווײַל פרײַ מאַכן דעם וועג צום אַרויסרײַסן זיך. אָבער דער האַסטיקער אָנגריף פונעם סוינע פון דער יוראָווצער זײַט האָט גע־ווירקט אויך אַף די פּאָזיציעס פון סמאָלנע, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אײַנגעבראָכן 26).

צווישן די זעלבשוץ־קעמפער פון טשעפּלע־גאַס האָבן זיך געפונען: די גרופּע פון אַרן אַסקאָלאַ מיט די כאַוויירים לעאָן גערשטענקאָרן, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער פון וואַרשע, כאַוועּ שוואַרץ, דער אַלטער יאָסעף ליכטענשטיין, בראָניע מאַרגאָליס, יאָסעלע דער גרינער, בעלאַ קלאַר־פעלד 27). מיט געווער אין האַנט איז דאָ אַרויס אין שלאַכט דער קראַנ־קער לייביש מאַנדעלבליט; נישט געקוקט אַף דער הויכער היץ, איז לייביש נישט אָפּגעטרעטן, ביז אַ קויל האָט אים שווער פאַרוווּנדעט, און מ׳האָט אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל 28). דאָ האָט געקעמפט די גרופּע, וואָס איז אינדערפרי אַריבער פון נײַ־וועלט—פּיאָטרקאָווער מיט סאָרע ראָזענפעלד, סאָרע דאָראָטשינסקי און אַנדערע 29). אין דער פּאַרטיידי־קונג פון טשעפּלע־גאַס האָבן זיך באַטייליקט מיריעם קאַפּלאַן, מאָרדכע אָקאָן, וולאָשטשאָווסקי, יאַנקל גאָלדמאַן 30). דאָ האָט מען געזען די יונגע מיקע דאַטנער, ווי זי לויפט אַרום מיט אַ צוגעדעקט קוישל, אין וועלכן זי האָט געהאַט נײַן גראַנאַטן און עס צעטיילט די כאַוויירים 31). פלעשער מיט אויפרײַס־פליסיקייט האָט באַזאָרגט פאַר די קעמפער יויכע־ווער פון יאַשינאָווקע; ווען דעם סוינעס פײַער האָט אַרונטערגעקאָסיעט

24) ג״א פון י. ריווקינד.
25) דארטן.
26) דארטן.
27) ג״א פון י. לערמאַן.
28) ג״א פון י. ריווקינד.
29) ג״א פון כ. גראסמאַן.
30) דארטן.
31) ג״א פון א. קיסלער.

די פֿאָדערשטע רייען, האָט זיך יויכעוועד מיט אַ גראַנאַט אין האַנט און אַ רעוואָלווער אין דער צווייטער אַ וואָרף געטאָן פֿאָרויס 32). מיט גוורע האָט זיך אויסגעצייכנט די 18־יעריקע פֿרידע ריבאַלאָווסקאַ, וועלכע האָט פֿאַרן הויז טשעפּלע 18 דעראָבערט באַם סוינע אַ מאַשין־געווער און אים אויסגעקערעוועט קעגן די אָנפֿאַלער 33). נישט ווײַט פֿון דעם דאָזיקן אָרט, באַם הויז נומער 12, האָבן נאָכעם קאָזאַק און שמועל רײַזנער פֿון בוידעם געשאָסן אין צוויי אָנגרײַפֿנדיקע דײַטשן 34). באַם אַרײַנגאַנג אין דער גאַס אַרײַן איז מיט אַ העלדן־טויט אומגעקומען דער קעמפֿער באַראַן 35). מיט דער שלאַכט האָבן אָנגעפֿירט די קאָמאַנדירן פֿון שטאַב דאַניעל מאָשקאָוויטש און מאָרדכע טענענבוים 36). דאַניעל האָט אָנ־טיילגענומען אין קאַמף, שיסנדיק פֿון אַ רעוואָלווער 37).

ווי עס גיט איבער אַן אייד רזיע, זײַנען בעתּס דער שלאַכט אַף טשעפּלע געפֿאַלן דרײַסיק דײַטשן 38). באַם סוינע האָט אַ געוויסע צעטומלעניש אַרויסגערופֿן דער פֿאַקט, וואָס אַ סאַך אויפֿשטענדלער האָבן זיך אָנגעטאָן אין דײַטשע מונדירן 39). אָבער אויך יידן זײַנען דאָ געפֿאַלן אַ סאַך, בעטויכעם דער אינזשעניער פֿישער 40).

דער העלדישער ווידערשטאַנד פֿון טשעפּלע־גאַס האָט געפֿונען אַ ווירדיקן אָפּהילך אַף אַנדערע אָפּשניטן פֿון יוראָווצער־גאַס. ווען די טאַנ־קען האָבן זיך ווידער באַוויזן, איז פֿאָנעם על פֿאָנעם קעגן זיי אַרויסגע־טרעטן די גרופּע פֿון פּסאַכיע מאַלער („טאַדעק״), וועלכער איז מיט אַ קורצער צײַט צוריק געבראַכט געוואָרן אַ פֿאַרוווּנדעטער פֿון וואַלד אַף אויסהיילונג אין געטאָ אַרײַן: איצט האָט ער זיך טייקעף געשטעלט ווײַטער אויסצופֿירן זײַן כויוו. ער איז אַצינד אַרויסגעטרעטן דער ערשטער באַשיסנדיק דעם סוינע פֿון אַן אויטאָמאַט. מאַלער איז געפֿאַלן אין אומ־גלײַכן קאַמף מיט די דײַטשע טאַנקען אַף יוראָווצער גאַס; באַנאַנד מיט אים זײַנען אומגעקומען זײַנע מיטקעמפֿער רוון לעווין און נאַכמען

32) נ״א פֿון ב. פּערעי.
33) נ״א פֿון מ. בוד.
34) רייזנער, ז' 173.
35) דארטן. ז' 171.
36) נ״א פֿון י. לערמאַן.
37) נ״א פֿון י. ריווקינד.
38) נ״א פֿון פּ. בורשטיין.
39) נ״א פֿון מ. רוזשיצקאַ.
40) דארטן

שטעפּער. עס איז אויך געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט די 16־יעריקע כאַווע כאַלעף 41) פון מאַלערס גרופּע. דער מוטיקער אַרויסטריט פון די זעלבשוצלער אונטער מאַלערס אָנפירונג האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אַף דער ייִדישער מאַסע. אַ גרופּע פון עלטערע ייִדן און פרויען האָט זיך אויסגעטיילט פון האַמוין; אין די הענט האָבן זיי נישט געהאַט קיין גראַנאַטן, נאָר עטלעכע פלעשער מיט אויפרײַס־שטאָף און ס'ראָוו שטיינער פון ברוק. אין געשלאָסענע רייען האָבן זיי זיך געלאָזט קעגן צווייטן טאַנק. די גאַס האָט מיטאַממאָל דערהערט די ווערטער פונעם ליד, מיט וועלכן מיליאָנען לײַדנדיקע זײַנען געגאַנגען אין לעצטן אַנטשיידענעם קאַמף:

— שטייט אויף, איר אַלע ווער ווי שקלאַפן! 42).

דער האַסטיקער פײַער פונעם סוינע האָט פאַרשניטן די ייִדישע לעבנס. פאַרן פרײַז פון אייגענע עטלעכע האַרוגים האָט דער סוינע אָפּגעהאַלטן אַ זיג אַף יוראָווצער־גאַס 43) און, לאָזנדיק לעסאַטע אין אַ זײַט די פאַרבליבענע, פאַרטאיעטע נעסטן פונעם ווידערשטאַנד טיפער אין טשעפּלע, זיך געלאָזט צום גאָרטן פונעם יודענראַט אַף נאָוואָגראָדער־גאַס, ווו עס האָט אויפגעפלאַקערט אַ פרישער ברען־פונקט פון זעלבשוץ.

אינעם יודענראַט־גאָרטן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די פּליטים פון די קאַמף־גרופּן פון יוראָווצער־גאַס און פון סמאָלנע, און העיויס דער דאָזיקער פּלאַצדאַרם האָט פאַראייניקט די זעלבשוץ־קויכעס פון טשעפּלע און נאָוואָגראָדער מיט סמאָלנע און האָט זיך געפונען נאָענט צו דער ביאַלקע און אַזוי אַרום צו דער צווייטער זײַט געטאָ, האָט דער סוינע אַפּאָנעם געהאַלטן פאַר אַ דרינגנדיקע אויפגאַבע צו ליקווידירן די דאָזיקע נעסט פון ווידערשטאַנד, איבערלאָזנדיק אַף שפּעטער די ווײַטערדיקע ברען־פונקטן. דעריבער טאַקע האָט די זעלבשוץ פונעם יודענראַט־גאָרטן געהאַט אויסצושטיין זייער אַ שטאַרקן אָנגריף מיצאַד די דײַטשן 44). די מײַלע פון אָט דער פּאָזיציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'האָט דאָ געהאַט וועלכע־נישט־איז מאַסקיר־ערטער; דער כעסאָרן פון דער לאַגע אינעם יודענראַט־גאָרטן איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס די קעמפער זײַנען געווען אָפּגעריסן פונעם שטאַב פון טשעפּלע־גאַס.

41) רייזנער, ז' 167.
42) ג"א פון י. ריווקינד, 5. טשאַפּניק און א. רוד.
43) ג"א פון מ. רוזשיצקאַ.
44) ג"א פון ט. ציטראָן.

אָנגעלערנט פון די פריִערדיקע געשעענישן, האָט דער סוינע דאָ גע־האַנדלט זייער פּאָרזיכטיק. ער האָט קוידעם־קאָל אַרומגערינגלט דעם גאָרטן און ערשט דעמאָלט האָט זיך אַרײַנגעריסן אינעווייניק אַ טאַנק 45). די ייִדן האָבן געענטפערט מיט גראַנאַטן 46). דער סוינע האָט געעפנט אַ פײַער פון אַלע זײַטן, און די זעלבשוץ האָט געליטן שווערע קלעפּ, אָפּגייענדיק מיט בלוט 47). די ייִדן האָבן זיך דעמאָלט געלייגט אַף דער ערד, מאַסקירנדיק זיך הינטער די געוויקסן און פון אָט דער פּאָזיציע גענומען באַשיסן די דײַטשן 48).

אין דער שלאַכט אינעם יודענראַט־גאָרטן האָבן זיך באַטייליקט: יעהודיס נאָוואָגרודזקיס גרופּע מיט נאָכעם אַבעלעוויטש און זײַן זון פּיי־סעך, הערשל סוראַסקי, הערשל קאָלטון, עטלעכע קאַצאָווים אונטער דער אָנפירונג פון מוישע טאַטע 49), יאָשקע קאַוועס גרופּע מיט הענעך פּאָר־בער, שאָעל אָסאָוויצקי, אַווראָם ריבאַ, יודקאָווסקי פון קרינעק, סיאָמע קוכאַרעווסקי 50); ייִסראָעל מאַרגאָליסעס גרופּע מיט הערשל ראָזענטאַל און נאָך פינף קעמפער 51). אַ שאָמרישע גרופּע מיט יענטל סיוואָוויטש. שטשעפּיאַצקי און אַנדערע 52). עס האָבן דאָ געקעמפט בייבע קאָט, וועלכע איז פאַרוואונדעט געוואָרן, ליזע לעוויטאַן, סראָליק מאַליניאַק, לייבל זעלוויאַנסקי 53).

די שלאַכט איז געווען אַ פאַרביסענע. עס איז פון ייִדישע קוילן גע־פאַלן אַ דײַטשער אָפיציר און עטלעכע סאָלדאַטן 54). ייִדישע פײַערלע־שער האָבן שפּעטער מיט די אייגענע אויגן געזען ליגן פאַרן אַרײַנגאַנג צום גאָרטן אַ דערהאַרגעטן דײַטש און צוויי פאַרוואונדעטע 55). דער סוינע האָט נישט לײַכט פאַרנומען די פּאָזיציע פון דער זעלבשוץ, באַצאָלט מיט עטלעכע קאָרבאָנעס. אַ סאַך ייִדישע קעמפער זײַנען אומגעקומען, באַ אַ פערציק זײַנען אַרומגערינגלט געוואָרן און אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענ־

45) ג"א פון מאָרדכע יאַניש, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 1838.
46) דאָרטן; אויך: ג"א פון בר. וויניצקאַ.
47) ג"א פון א. קיסלער.
48) דאָרטן.
49) דאָרטן.
50) ג"א פון י. לערמאַן.
51) ג"א פון בר. וויניצקאַ.
52) ג"א פון י. לערמאַן און לייזער שוועבער, אַרכ' ייִה"א, פּראָט' נ' 2418.
53) ג"א פון פ. ליפּינסקאַ; אויך: קאָט, ז' 82 און 83.
54) ג"א פון ש. גרינשטיין.
55) ג"א פון ש. מאַרגאָליס.

שאָפּט 56). בלויז אַ טייל איז געלונגען אויסצומיידן לעסאָטע סיי דעם טויט סיי געפאַנגענשאַפט, זיך דורכצורייסן און אַרויסבאַקומען זיך מיכוץ דער אייזערנער רייף פון די אַרומרינגלענדיקע דייטשע קרעפטן 57).

איין גרופּע פון די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן, איז אַריין אין דער דייטשער מעטאַל־פאַבריק פון דער פירמע האַנס אָטאָ באָלט, וואָס האָט געהאַט צוויי אַרויסגענג, איינע אַף סמאָלנע, די צווייטע אַף פאָלעסיער, און זיך דאָ פאַרבאַריקאַדירט. מיט דער גרופּע האָבן אָנגעפירט זאַלמען פעלדער און זאַרעך זיסקינד־זילבערבערג 58). די פאַבריק איז באַהערשט געוואָרן דורך די יידן, נאָכן באַזייטיקן מיט קויעך די וועכטער 59). די דייטשן האָבן נאָכגעשפּירט די יידן און אינגיכן איז אַריינגעדרונגען אין דער פאַבריק אַן אָפּטיילונג מיליטער אונטער דער אָנפירונג פון אַן אָפיציר 60). די זעלבשוצלער האָבן געעפנט אַ שיסערײַ, מאַסקירנדיק זיך הינטער די מאַשינען אין דער גרויסער פאַבריק־האַליע. פון הינטער איין באַהעלטעניש איז געפאַלן אַ יידישע קויל און געטראָפן דעם אָפיציר. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן מיטן קערפּער פון זייער עלטסטן, אָבער דער טריומף פון דער יידישער קאַמף־גרופּע איז געווען אַ קורצדויערנדיקער. דער סוינע האָט אַלאַרמירט אַעראָפּלאַנען, און דער ביניען איז צעקרישלט געוואָרן אונטער די קלעפּ פון די אַוויאַ־באָמבעס און האָט באַגראָבן אונטער זיינע כורוועס עטלעכע יידישע העלדן. די לעבנגעבליבענע האָבן זיך אַרויסגעשלייכט און צוריקגעצויגן זיך אין דער טיף פון דער זעלבשוץ־ליניע, אַף כמיעלנע־געסל, וואָס ליגט הינטער סמאָלנע אין אַ ספּעציעל צוגעגרייטן בונקער 61). צווישן אַנדערע זיינען אין דער פאַבריק מיט אַ העלדן־טויט אומגעקומען די פאַרדינסטפולע פּראָלעטאַרישע קעמפערן פון לאָדזש אַדעלאַ אָלשטיין אינאַיינעם מיט איר מאַן כאַים, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ גוטער שיסער 62).

...עס איז שוין געווען האַלב צוויי באַטאָג. פון האַלב צען אינדער־

---

56) ג״א פון מ. יאַניש.
57) ג״א פון כ. גראַסמאַן.
58) דאָרטן.
59) דאָרטן.
60) לויט בראַניע וויניצקאַ, ליזע טשאַפּניק און אַנד. יידישע איידעס איז דאָס געווען שמידט. די פאַרברעכער פרידעל און מאַכאַל דערקלערן, אַז זיי קענען נישט אַזאַ נאָמען.
61) ג״א פון בר. וויניצקאַ, ל. טשאַפּניק און א. רוד.
62) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ

פרי האָבן זיך געצויגן די שלאַכטן און צוזאַמענשטויסן. פון עלף פרי האָבן די דײַטשן געלאָזט אין גאַנג פאַרשיידענע טעכנישע מיטלען פון זייער מילכאָמע־מאַשין. צו די טאַנקען זײַנען צוגעקומען אעראָפּלאַנען, צום אויטאָמאַטישן געווער — לײַכטע אַרטילעריע, וועלכע האָט באַשאָסן די ייִדישע געסלעך פונעם באַן־וואַל 63). ביז 12 באַטאָג האָט זיך פונדעסטוועגן די זעלבשוץ געהאַלטן אַף אירע פּאָזיציעס. דערנאָך איז געקומען דער הויך־פּונקט און נאָך אים — האָט מען גענומען פאַלן פון די קויכעס. די ייִדישע קרעפטן האָבן אָנגעהויבן צאַנקען, בעייס דער סוינע האָט ערשט איצט גענומען אַרײַנפירן אין שלאַכט אַלץ נײַע און נײַע אויסגערוטע סאָלדאַטן־גרופּעס 64).

אויך די סטראַטעגישע לאַגע פון די ווידערשטענדלער איז געוואָרן אַלץ אַן ערגערע און איז צום סאָף אַריבערגעגאַנגען אין אויסזיכטלאָזיקייט. די דײַטשן האָבן, נאַטירלעך, אויך געהאַט אַ פּלאַן, און זייער פּלאַן איז באַשטאַנען ריישיס, אין דעם שטרעבן אָפּצורײַסן און צו איזאָלירן די זעלבשוץ פון דער מאַסע, נישט דערלאָזן צו קיין קאָנטאַקט צווישן די צוויי עלעמענטן; אַף טשעפּלע, לעמאָשל, האָבן די עס־עס־לײַט געשריגן צו דער ייִדישער מאַסע, זי זאָל זיך לייגן אַף דער ערד, ווײַל זיי ווילן שיסן נאָר אין די ווידערשטענדלער 65); צווייטנס האָט דער סוינע געצילט וואָס מער צו פאַרשמעלערן דעם פּלאַצדאַרם פון די ייִדישע קעמפער; נאָכן אויסראָטן די ווידערשטאַנד־נעסטן אַף יוראָווצער און נאָכן צונישטמאַכן דעם פלויט־אָנגריף אַף סמאָלנע, האָבן די דײַטשן אַרײַנגעקוועטשט די זעלבשוץ אין אַ שמאָלן דרײַעק: סמאָלנע—נאָוואָגראָדער—טשעפּלע, און זיך באַמיט דעם דאָזיקן דרײַעק צו מאַכן אַלץ ענגער און ענגער, קעדיי די ייִדן זאָלן נישט קאָנען צעפירן די הענט, און אַזוי אַרום דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד אין איין קאָנצענטרירטן, אײַנגעפּרעסטן אָרט 66). דער דאָזיקער פּלאַן איז דעם סוינע געלונגען דערפאַר, ווײַל ער האָט פאַרמאָגט איבער דער זעלבשוץ אַן איבערגעוויכט סײַ אין דער צאָל, סײַ אין דער טעכניק, סײַ אין היגזיכט פון פאַרבינדונג מיטן הינטערלאַנד, מיט דער גאַנצער שטאָט, סײַ אין פּראַט פון אויסגערוטקייט.

63) ג"א פון בר. וויניצקאַ, ל. טשאַפּניק און א. רוד.
64) ג"א פון י. ריוווקינד און כ גראָסמאַן
65) גראָסמאַן, ז' 329. אויך ג"א פון י. ריוווקינד.
66) ג"א פון ל. טשאַפּניק, א. רוד כ. גראָסמאַן און מ. זשוקאָווסקי.

דעם 16טן אויגוסט האַלב צוויי באַטאָג איז דער קאָנצענטרירטער ווידערשטאַנד געבראָכן געוואָרן. פאַר די יידישע קעמפער איז געבליבן בלויז איין מעגלעכקייט: פאַרוואַנדלען די שלאַכט אין באַזונדערע, פאַר־טיזאַנישע אָנפאַלן און אין פאַרטיידיקונג פון פאַבריקן און הײַזער. און נאָך אייגס: עס איז געבליבן די אויפגאַבע צו פאַרטיליקן בעיאַדאַים די ווינונ־גען, הײַזער און לעצט האָב און גוטס, עס זאָל נישט אַרײַנפאַלן אין די גיריקע הענט פון די רויבער 67). דער לאָזונג צו פאַרניכטן די פאַרלאָזענע היימען איז אויפגענומען געוואָרן דורך אַ טייל פון דער מאַסע. בעיס די ווײַטערדיקע געשעענישן איז אויפגעקומען בײַ די יידן מאַמעש אַ באַוועגונג צו צעשטערן די דירעס און אַלץ, וואָס בלײַבט אין זיי. אַזוי האָט אַף כמיעלנע 3 אַ מיטגליד פון זעלבשוץ געהאַלטן אַ רעדע צום אוילעם: זײַט וויסן, אַז מ׳פירט אײַך קיין טרעבלינקע אַף פאַרגאַזונג; איין אויס־וועג איז דאָ: אונטערצינדן אונדזערע הײַזער מיטן האָב און גוטס, נע־מען געווער און גיין אין וואַלד, צו די פאַרטיזאַנער! — די זעלבשוץ־כאַ־ווײרים האָבן געוויזן דעם ערשטן בײַשפּיל און מיט גראַנאַטן אויפגעריסן די ביניאָנים 68).

אַרום צוויי באַטאָג איז אַרײַנגעטרעטן אַ שטילשטאַנד אין די קאַמפן 69).

זיי זײַנען אָבער נישט איבערגעריסן געוואָרן לעגאַמרע.

---

67) ג״א פון ט. ציטרא.
68) ג״א פון מ. זשוקאווסקי.
69) ג״א פון ט. ציטראן.

## קאַפּיטל פינף

# דער נאַכט־שטורעם באַם געטאָ־פּלויט

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, די ערשטע נאַכט פון אַקטיוון קאַמף קעגן די דײַטשן. דער קאָרבן פון דער ייִדישער זעלבשוץ איז נישט געווען קיין אומזיסטער, איר אָנשטרענג איז נישט געבליבן לעגאַמרע אָן פּעולע אַף דער מאַסע. נישט אַלע האָבן זיך געשטעלט אַפן באַפעל פון דער גייערעש־מאַכט. טויזנטער און טויזנטער ייִדן האָבן זיך פאַרשטעקט אין קאָלערליי באַהאַלט־ערטער. דער סוינע האָט געוווסט 1) און דעריבער האָט ער באַנאַכט געשיקט פּאַטרולן, אָנגעטאָן אָנשטאָט לעדערנע שוכוואַרג — אין ווייכע וואָילאקעס, וועלכע האָבן שטיל געמאַכט די טריט. אָנגעלערנט פון וואַרשעווער געטאָ, האָבן די אויסראָטער געמאַכט אָנשטרענגונגען נישט אַרויסצורופן באַ די באַהאַלטענע ייִדן קיין כשאַד און אַרויסלאָקן זיי אַזוי אַרום פון די פאַרשטעק־ערטער, אַרײַנגאַרן זיי אין דער נעץ 2).

דײַטשישע פּאַטרולן האָבן זיך געדרייט איבער די אויסגעשטאָרבענע גאַסן און די אוקראַאינישע פאַשיסטן זײַנען אַרײַנגעקראָכן אין די דירעס און אַף אַ כיטרען אויפן, מיט אַ פאָרטל, אַוועקגעלייגט אַף די פּאָלן כפּייצים אַזוי, אַז באַם דערשײַנען פון מענטשן אין דער כאַשכעס פון נאַכט זאָל זייער סיידער געענדערט ווערן און דורך דעם זאָל אַרויסגעגעבן ווערן, אַז דאָ זײַנען ייִדן פאַרשטעקט 3).

די ייִדישע קעמפער האָבן אָבער אויך נישט גערוט. פונעם יודענראַט־גאָרטן איז כוץ די, וואָס האָבן אַדורכגעפירט די שלאַכט אין דער פּאַבריק־האַליע פון האַנס אָטאָ באָלט, אַרויס גאַנץ פון דעם סוינעס

1) מאַכאַלס ענטפער אַף דעם מעבאַבערס אַנקעטע.
2) פרידעל: „די באַשרײַבונג אא״וו״.
3) ג״א פון א. גערשוני, אַרכ׳ ייִה״א, פּראָט׳ נ׳ 1253.

קלעפּ נאָר איין גרופּע, וועלכע האָט איבערגעוואָרט דעם צווייטן האַלבן טאָג אין אַ גוט־פאַרדעקטן גרוב אינעם גאָרטן און דערנאָך, אונטער דעם צודעק פון דער נאַכט, זיך אַריבערגעשלײַכט דורך נאָוואָגראָדער און סמאָלנע אויף כמיעלנע־געסל צום נומער 7, ווו עס האָט זיך געפונען אַ צענטראַלער בונקער פון דער זעלבשוץ. דאָס זײַנען ס׳ראָוו געוועזן קעמפער פון יעהודיס נאָוואָגרודזקיס גרופּע. כוץ זיי האָבן זיך אינעם בונקער אויף כמיעלנע פאַרפעסטיקט קעמפער פון פאַרשיידענע צעפאַלענע גרופּעס, בעסויכעם אויך די לעבן־געבליבענע פון דער באַלט־פאַבריק 4).

די „יודיטאָוועצעס״ האָבן נישט רעזיגנירט פון באַלדיקער ווײַטער־דיקער אַקציע. זיי האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די נאַכט, ווען די הויפּט־קויכעס פונעם סוינע שלאָפן און פרווון באַנײַס דורכברעכן דעם געטאָ־צוים און זיך אַרויסרײַסן צום וואַלד 5). וועגן דעם פּלאַן האָבן זיי טאַקע געגומען אונטערהאַנדלען מיט דער גרופּע פונעם בונקער אויף כמיעלנע 7. די לעצטע האָט אָבער געהאַט אַן אייגענעם פּלאַן פון ווייטערדיקער טאַק־טיק און איז צו דער איניציאַטיוו פון יעהודיסעס גרופּע נישט צוגעשטאַ־נען 6). די אַקציע איז שוין דעמאָלט נישט געווען קאָאָרדינירט. ווי גע־זאָגט, איז די פאַרבינדונג מיטן שטאַב אויף טשעפּלע 13 געווען איבערגע־ריסן צוליב דער בלאָקאַדע פון די דײַטשן. יעהודיס נאָוואָגרודזקיס גרופּע האָט זיך נישט מעיאַעש געווען מאַכמעס דעם אָפּזאָג און איז אַליין אַוועק צום געטאָ־פּלויט אויף כמיעלנע־געסל 7).

די גרופּע האָט געציילט אַ פערציק קעמפער — מענער און פרויען, עס האָבן זיך אין דעם נאַכט־שטורעם באַטייליקט: יעהודיס נאָוואָגרודז־קאָ, נאָכעם אבעלעוויטש און זיין זון פייסעך, קיסלער, סוראַסקי, קאַלטון, שאָול אָסאָוויצקי, דער טרעגער אַרקע, עס האָבן זיך צו זיי פאַראייניקט פרויען מיט קינדער. נאָכעם אַבעלעוויטש, ווי אַ געניטער שמוגלער, האָט געוווּסט פון אַ פאַרבאָרגענער קליאַפּע אינעם פאַרקאַן און האָט גערעכנט טאַקע דורך דאַנען אַרויסגיין 8).

די גרופּע האָט זיך צעטיילט אין צוויי קליינע מאַכנעלעך: איינע דירעקט באַם טויער, די צווייטע אַ שוץ־גרופּע, האָט זיך באַהאַלטן אין

4) ג״א פון י. ריווקינד.
5) דאָרטן; אויך — ג״א פון ל. טשאַפּניק.
6) ג״א פון א. קיסלער.
7) דאָרטן; אויך — ג״א פון מ. בור.
8) ג״א פון א. קיסלער.

דעם פּאַמידאָרן־פעלד, וואָס דערנעבן. פּאָרויס זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויסשפּירער ווי סוראסקי און קאַלטון. אינמיטן האָט מען גענומען די פרויען און די קינדער, פון הינטן איז געלעגן גרייט צום אַרויסטריט די גרופּע אין די פּאַמידאָרן־קוסטעס.

קאָמאַנדיר פון דער געפערלעכער עקספּעדיציע איז געווען דער אַלטער אַבעלעוויטש. די געשאַמע פון דער אַקציע איז אָבער געווען יעהודיס, האַגאַם זי האָט זיך געפילט זייער שלעכט — עס האָט זיך אָפּגערופן איר האַרץ־פעלער, אַזוי ווײַט, אַז מען האָט זי אין צווייען געמוזט אונטערהאַלטן, איז יעהודיס פונדעסטוועגן נישט אָפּגעטרעטן און געמוטיקט די כאַוויירים. די גרופּע איז געווען נישט שלעכט באַוואָפנט, ס׳ראָוו מיט פּיסטאָלעטן 9).

די פאַרבאָרגענע קליאַפּע איז געעפנט געוואָרן, און די אויסשפּירער — סוראסקי און קאַלטון — זײַנען אַדורכגעקראָכן און אַל פּי טראַגישן טאָעס פאַרנאַכלעסיקט צו פאַרמאַכן טייקעף הינטער זיך די עפענונג. ערגעץ פון דער דרויסנדיקער זײַט האָבן געלויערט דײַטשישע פּאַטרולן. דורך דער פּלוצימדיקער עפענונג האָט אַ זעץ געטאָן אַ סרייפעפײַער פון איינעם פון די נאָענט־שטייענדיקע געטאָ־בינינים. די דײַטשן האָבן טייקעף אויסגעשאָסן.

עס האָט זיך פאַרקניפּט אַ קעגנזײַטיקע שיסערײַ. די אויסשפּירער זײַנען אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער גרופּע. נאָכעם אַבעלעוויטש האָט נאָך באַוויזן דורכצושפּרינגען דעם פּלויט און צו עפענען אים מיט אַ האַק. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך געיאָוועט אָן אַ מאַסקירונג, האָט אים באַגעגענט אַ העפטיקער פײַער פון אויטאָמאַטן. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פאַרקאַן, געלאָפן עטלעכע טריט, שרײַענדיק: „יאָטן, איך האָב!" און איז אַנידערגעפאַלן. דער אַלטער האָט נאָך באַוויזן איבערצוגעבן זײַן שלאַכט־כאַווער יויעל קיסלערן דעם פּיסטאָלעט מיט אַ זעקל פּאַטראָנען, ער זאָל מאַמשיך זײַן דעם קאַמף. די גרופּע איז געבליבן אָן אַ קאָמאַנדיר, וואָרעם אַף יעהודיסן האָט מען ניט געקאָנט רעכענען, ווײַל זי האָט ביינעלעביינע באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק. אָפּשיסנדיק זיך האָבן זיך די קעמפער צוריקגעצויגן טיפער אין געטאָ און, פאַרלירנדיק אונטערן מערדערישן פּולעמיאָטן־פײַער פון די דײַטשן עטלעכע מענטשן אין שלאַכט,

9) דאַרטן.

זײַנען זיי צוריק אַרײַן אַף טשעפּלע־גאַס און דאָ זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער אינעם הויז נומער פיר 10).

דער צווייטער פלויט־שטורעם האָט זיך, פּונקט ווי דער ערשטער אָנגעשטויסן אַף אַ וואַנט פון פײַער מיצאַד דעם סוינע.

אין דער זעלביקער נאַכט האָט געהאַט אָן אָרט אַ צווייטער אַרויס־פּאַל־פּרווו פון דער זעלבשוץ. אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמאַנדיר דאַניעל מאָשקאָוויטש האָט אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק קעמפער פון טשעפּלע־גאַס דורכגעפירט אָן אָנגריף אַף אַ צײַטווײַליקן דײַטשישן אַר־סענאַל אין איינעם פון די ביניאָנים אין געטאָ. דער אַרסענאַל איז גענו־מען געוואָרן מיט שטורעם. די ייִדן האָבן אָנגעהויבן אַרויספירן דאָס גע־ווער. טייקעף זײַנען אָבער דורך די אַנטלאָפענע וועכטער אַליאַרמירט גע־וואָרן פרישע דײַטשישע קרעפטן. עס האָט זיך פאַרבונדן אַ קעגנזײַטיקע שיסערײַ, וועלכע האָט זיך געצויגן ביז קאַיאָר. די קאַמף־גרופּע איז אָפּ־געגאַנגען מיט בלוט, פאַרלאָרן אַסאַך כאַוויירים. דער סוינע איז סאָפּ־קאָלסאָף שטאַרקער געווען. אָוועקנעמען דאָס געווער איז נישט געלונגען, און די זעלבשוץ האָט זיך געמוזט צוריקציִען 11).

אָט אַזוי האָט די גאַנצע ערשטע נאַכט געהאַט אָן אומרויִקן פאַר־לויף. די שיסערײַ האָט נישט אויפגעהערט, אָנוואַרפנדיק אָן איימע אַף די פאַרשטעקטע ייִדישע מישפּאָכעס, וואָס האָבן מיט אַנגסט געוואַרט אָפן ווײַטערדיקן גורל, געוואַרט אָפן ערגסטן — און דאָך זיך מיטן גוטן ווילן נישט געוואָלט איבערגעבן אין דעם סוינעס הענט 12).

---

10) דאַרטן.
11) ג״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
12) ג״א פון פּ. וועליאַן.

# קאַפּיטל זעקס

## די הילף פונעם וואַלד

די פון געטאָ, וואָס האָבן געטרוימט און געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען זיך אַרויסצורײַסן, האָבן געהאַט פאַר זיך איין האָפע־נונג: וואַלד! 1).

און אין די מאַסיוון, ווו ס׳האָט זיך געפונען די פּאַרטיזאַנישע מאַכנע „פּאַרויס”, האָט מען געהאַט אַ צווייטן באַגער: געטאָ! גיין העלפן די ברידער אין זייער לעצטן קאַמף 2).

אין וואַלד האָט מען פאַרויסגעפילט, אַז עס ציט אָן אַ קאַטאַסטראָפע, אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט זאָגן גענוי ווען? דעם 13טן אויגוסט, דרײַ טעג פאַר דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ, זײַנען געזעסן אויף אַ בעשוטפעסדיקער באַראַטונג פאַרשטייער פון די ייִדישע און סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנישע מאַכנעס; עס איז געווען אַ רייד וועגן פאַרשטאַרקן די קעגנזײַטיקע קאָנטאַקטן, און איינע פון די הויפּט־טעמעס פון די שמועסן איז געווען די לאַגע אין געטאָ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן קוידעמקאָל שיקן אַהין גלײַך אַ מענטש צו באַקומען די נייטיקע ידיעות 3).

דעם 14טן אויגוסט האָט זיך דער קאָמאַנדיר פון „פּאַרויס” סוכאַטשעווסקי און די קאָמיסאַרן פון אָטריאַד וואָיסקאָווסקאַ געטראָפן מיטן פאַרבינדלער מוישע בוך און געגעבן אים דעם אויפטראַג זיך לאָזן אין געטאָ אַרײַן און אַרומריידן די פראַגן פון דער הילף, וועלכע די פּאַרטיזאַנער זײַנען גרייט צו דערטיילן דער זעלבשוץ.

דעם 15טן אויגוסט האָט זיך בוך געלאָזט אין וועג אַרײַן, אָבער

1) ג״א פון י. ריווקינד.
2) ג״א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ.
3) דאָרטן; אויך — ג״א פון מ. בוך.

אָנשטאָט לאַנג צו באַלעמוטשען, איז ער באַלד די זעלביקע נאַכט גע־קומען מיט דער ידיעה: עס איז געשען! דאָס געטאָ איז אַרויס אין קאַמף! 4).

אַן ענלעכן גרוס פון געטאָ האָבן אויך געבראַכט אַרומיקע פויע־רים 5).

דער רוישעם איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכער.

דער קאָמאַנדיר און די קאָמיסאַרן זיינען טייקעף אַוועק צו אַ נאָענטן פונקט. זיי האָבן דערהערט די קאַנאָנאַדע און געזען פונדערווייטנס אַ בליאַסק פון אַ בראַנד־סריימע. עס איז אַליאַרמירט געוואָרן די מאַכנע, אַלע זיינען געשטעלט געוואָרן אַף די פיס.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אַ שווערער לאַגע. אין יענער צייט זיינען פאָרגעקומען ביטערע קאַמפן מיט די דייטשישע שטראַף־עקספּעדיציעס באַ די דערפער טשעלישאַנקאַ, דוואָזשיסק און באַ סופּראַסל. איטלעכער האָט געמוזט פאַרטאָפּלען זיין ענערגיע, קעדיי צו קאָנען שטיין אַף צוויי פראָנטן. אַלע האָבן זיך גענומען רייסן צו גיין אין געטאָ אַריין, העלפן די טויט־באַדראָטע קעמפנדיקע ברידער 6).

דריי אויפגאַבן האָבן זיך אָנגעצייכנט די פּאַרטיזאַנער:

1. אויסשטעלן לענגאויס דעם וועג פון הינטער ביאַליסטאָק מיט וואַלד־שטאַפּעטן, וואָס זייער כויוו וועט זיין אויפצונעמען יעדן אַנטלאָ־פענעם, אָדער אַדורכגעריסענעם פון געטאָ און ווייזן אים דעם שליאַך אין דער פּושטשע אַריין. ווי דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר אָט דער זאַך איז באַשטימט געוואָרן דער מיטגליד פון פּאַרטיזאַנער שטאַב מוישע בוך.

2. אַרויסטרעטן מיט סאַבאָטאַזש־אַקטן און איבערפאַלן אַף דיי־טשישע פּאָסטנס און אַמטן אין דער אומגעגנט, קעדיי אַזוי אַרום אָפּ־ציען אַ טייל פון דעם סוינעס קויכעס פון געטאָ און צושמידן צום אָרט מיכוץ ביאַליסטאָק. די דאָזיקע שליכעס האָבן אַף זיך גענומען די אָנפירער פון „פאָרויס" סוכאַטשעווסקי און וואַיסקאָווסקאַ און די קאָמאַנדירן אַנד־דריי און אַנדערע: באַמיען זיך אַפילע אָנוואַרפן דעם סוינע אַ גרעסערע שלאַכט צוליב דעם זעלביקן ציל.

3. שיקן אַ גרופּע, וואָס זאָל זיך פאַרן יעדן פרייז אַדורכרייסן אין

4) ג"א פון מ. בוך.
5) קאַט, ז' 86.
6) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

ביאַליסטאָק און מאַמאָשעסדיק העלפֿן דעם זעלבשוץ אין קאַמף. דאָס איז געווען די שווערסטע אויפֿגאַבע, ווײַל די גאַנצע שטאָט איז געווען אַרומגעשטעלט, און עס איז געווען מאַמעש אוממעגלעך אַרײַנצובריינגען זיך אינעווייניק. אין געטאָ האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אַ כּוח מאַלערן, וועלכער האָט געהיילט זײַנע ווונדן, אויך דער פּאַרטיזאַנישער קאָמאַנדיר כאַים לאַפּטשינסקי, וואָס איז מיט אַ צײַט פֿריִער אַוועק אין געטאָ, קעדיי צו פֿאַרבינדן ביידע קאַמף־אָפּשניטן. אין געטאָ האָט ער זיך באַטייליקט אין די לעצטע שלאַכט־אַרויסטריטן פֿון די זעלבשוץ־כאַוויירים; מיט אַ האַק האָט ער זיך געוואָרפֿן אַפֿן סוינע און איז געפֿאַלן מיט אַ העלדן־טויט 7).

דאָס זײַנען געווען די באַשלוסן פֿון די פּאַרטיזאַנער; און עס זײַנען געמאַכט געוואָרן אָנשטרענגונגען, די דאָזיקע היסכּײַוועסן צו פֿאַרווירקלעכן 8).

אָבער דער סוינע איז אויך נישט געשלאָפֿן. די דײַטשן האָבן אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען, אַז ווען עס ברענט דאָס געטאָ, וואַכט אויף דער וואַלד. דער סוינע האָט צונויפֿגענומען באַוואָפֿנטע קויכעס פֿון גאַנצן אַרום, זיי צעטיילט אין צווייען און איין טייל געוואָרפֿן קעגן די פּאַרטיזאַנער. דער ציל פֿון די דײַטשן איז געווען אָפּצושטויסן די מאַכנע „פֿאָרויס" און אירע פֿאַרבינדעטע וואָס ווײַטער אַף מיזרעך, וואָס ווײַטער פֿון געטאָ. אין דער זעלביקער צײַט האָבן די פּאַרטיזאַנער געוואָלט זײַן וואָס נאָענטער צו ביאַליסטאָק 9).

דורך אַ ריי סאַבאָטאַזש־אַקטן, אויסגעפֿירטע אינעם ראַיאָן פֿון שטאָט, האָט „פֿאָרויס" זיך געקלאָמערט מיט ציין און נעגל אין זײַן ביזאיצטיקער וואַלדיקער פּאָזיציע. עס איז געקומען צו אַ ריי צוזאַמענשטויסן מיט די דײַטשן, צווישן אַנדערע די גרעסערע שלאַכט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קאָמאַנדיר אַנדריי 10). עס איז געבוירן געוואָרן אַ געוואַגטער און ריזיקאַלישער געדאַנק — פּרוּוון זיך אַדורכרײַסן מיט

7) ג"א פֿון ק. באַראַקין; דערבײַ זאָל באַטאַנט ווערן, אַז אויך דער קעמפֿער רוּוון קויפֿמאַן זאָל זיך האָבן געוואָרפֿן אַף די דײַטשן מיט אַ האַק און איז געפֿאַלן אין קאַמף (ג"א פֿון נערשן טאַבאַק, אַרכ' יִוְה"אַ, פּראָט' נ' 1850.

8) ג"א פֿון ר. וואָיסקאַוואַסקאַ, מ. בוד און ל. טשאַפּניק.

9) דאָרטן.

10) דאָרטן.



דער ברונעם, דורך וועלכן מען איז אַראָפּגעגאַנגען אין בונקער
אַף כמיעלנע 7

דער גאַנצער מאַכנע קיין ביאַליסטאָק 11). אָבער די וואַנט פון דעם אויסגעצייכנט באַוואָפנטן דײַטשישן מיליטער באַ די ראַנדן פון וואַלד האָט צעקלאַפּט די אַלע פּלענער.

פון אָט דעם געראַנגל צווישן די דײַטשן און די פּאַרטיזאַנער איז בלויז טיילווײַז דער סויגע אַרויס מיט אַ ניצאָכן. ער האָט טאַקע צע־שטערט דעם פּלאַן פון „פּאַרויס" זיך אַדורכצורײַסן אין געטאָ אַרײַן, אָבער ער איז נישט אומשטאַנד געווען אויפצושטעלן אַ כינעזישע מויער צווישן דער שטאָט און דעם וואַלד און נישט צו דערלאָזן, אַז פּליטים פון כאַרעוון געטאָ זאָלן געפינען אַ מאָקעם מיקלעט באַ די פּאַרטיזאַנער.

די שטאַפּעטן, וואָס האָבן געוואַרט אַף אַנטלאָפענע ברידער פון געטאָ, האָבן אָפּגעראַטעוועט העכער זיבעציק ייִדן, וועלכע האָבן אַהער געטראָפן דירעקט פון שטאָט, אָדער געשפּרונגען פון צוג (עווא קראַ־צאָווסקאַ, שיקע מאַנקאָווסקי, לייבל ווײַנשטיין, יאָסל מאַקאָווסקי א"א 12).

אין די ווײַטערדיקע טעג פון דער אַקציע אין געטאָ איז די פּאַרטי־זאַנער געלונגען אײַנצושטעלן אַ קאָנטאַקט אַפילע מיטן שטאַב אַף טשעפּלע13. דערגרייכט איז דאָס אַ דאַנק די ייִדישע פורמאַנעס פון געטאָ, וועלכע האָבן פרײַוויליק גענומען אַף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכע שליכעס און איבערגעפירט קעגנזײַטיקע יעדיִעס און אויך מענטשן. עס האָבן זיך אויסגעצייכנט נישט בלויז אַלטע דערפאַרענע באַלעגאָלעס, נאָר אויך אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן, וועלכע האָבן זיך אַצינד גענומען צו פערד און וואָגן, אַ שטייגער, דער קאָמאַשן־שטעפּער קאַלמען בערעסטאָוויצקי און בערל סאַוויצקי; ביידע זײַנען זיי אומגעקומען אַפן פּאָסטן, באַם אויספירן אַ וויכטיקע שליכעס 13).

---

11) דאַרטן.

12) ג"א פון ק. באַראַקין, פּ. קאָזשעץ און ע. בוימאַץ.

13) ג"א פון ר. ראַיסקאָווסקאַ, מ. בוך, שיע קאַנטאַר, א. ליאַר און ל. טשאַפּניק.

# קאַפּיטל זיבן

## די פאַבריק-פאַרטיידיקונג

נאָך אַן אַנגסטלעך־אומרויִקער נאַכט איז געקומען אַ פרישער בלוי־טיקער טאָג, דער צווייטער טאָג פון גיירעש און שכיטע פון ווײַטערדיקן ווידערשטאַנד.

אין מעשעך פון דעם צווייטן האַלבן מאָנטיק האָט די דײַטשישע מאַכט אָנגענומען מיטלען צו פאַרהיטן, אַז די קאַמף־כוואַליע זאָל זיך נישט אַריבערטראָגן אַף דער אַנדערער זײַט געטאָ־צוים.

פון דינסטיק אינדערפרי האָט גאַנץ ביאַליסטאָק באַקומען אַן אויס־זען פון אַ פראָנט־שטאָט. עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די באַוועגונג אַף דער הויפּט־אַרטעריע וואָס אין שכיינעס מיטן ברענענדיקן געטאָ, אַף דער שענקעוויטש־גאָס. אַלע דערבײַיִקע גאַסן און געסלעך, וואָס רינ־גלען אַרום דעם ייִדן־ראַיאָן, זײַנען ענלעך געוואָרן צו אַ מיליטערישן לאַ־גער. מען האָט געזען דאָ און דאָרט פעלד־געצעלטן, ביקסן־קאָזלעס, אין די גאַסן־עקן זײַנען געשטאַנען פאַנצער־אויטאָס, דײַטשישע זעלנער אין פולער קריג־מונדירונג, מיט אײַזערנע העלמען אַף די קעפּ, באַוואָפנט לויט דעם נײַסטן וואָרט פון טעכניק, האָבן גרופּנווײַז מאַרשירט אין דער ריכטונג פונעם געטאָ. איבער די ייִדישע ווינק־ערטער האָבן זיך גע־צויגן וואָלקנס שוואַרצער סרייפע־רויך 1).

אַכט הונדערט מאַרד־יונגען האָבן אַרײַנגעשפּאַנט באַלד אינדערפרי. די דרײַפּאַכיקע רייף אַרום האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די ייִדן אין קלעם 2).

אָנגעהויבן האָט זיך דער צווייטער טאָג מיט אַ קינדער־גזיירע.

1) ראַכל קוואַסאָוויצער: „איבערלעבונגען", אַרכ׳ יזה״א, נ׳ 2007.

2) נ״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

יינגלעך און מיידלעך ווערן אַוועקגעריסן באַ טאַטע־מאַמע. דער פּאַר־צווייפלטער ווידערשטאַנד ווערט געבראָכן מיט קוילן און מאַקסים רע־צאַך 3). עס ווערן געטריבן ווײַטערדיקע פּאַרטיעס צו דער באַן, עס גייען ווײַטער אָן די געיעגן נאָך די באַהאַלטענע. יידישע פּאָליציאַנטן קריכן אַרײַן פּאָרויס און נאָך זיי דער אוקראַינישער פאַשיסט און פון סאַמע הינטן באַוועגט זיך דער גערמאַנישער „אויבער־מענטש" און קערעוועט מיט אַלעמען 4).

דער סוינע האָט זיך געריכט אויף אַ העמשעך פונעם יידישן ווידערשטאַנד; ער איז געווען זיכער, אַז די קאַפּונעס וועלן מוזן באַצאָלן מיט נײַע קאָרבאָנעס. די דײַטשישע אַמבולאַנסן זײַנען געשטאַנען גרייט אָפּצופירן די אייגענע פאַרוווּנדעטע שנעל מיכוץ דעם געטאָ־טכום 5).

דעם צווייטן טאָג האָבן די ווידערשטענדלער שוין נישט געהאַט קיין קויכעס ארויסצוטרעטן מיט אָפענע גאַסן־שלאַכטן. דער ווידערשטאַנד האָט אָבער נישט אויפגעהערט; ער האָט אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער, ער האָט זיך אַצינד קאָנצענטרירט אין אַ ריי פאַבריק־בלאָקן.

די אַרײַנדרינגענדיקע היטלעריסטן, וועלכע זײַנען געקומען נעמען די אַרבעטער, האָבן אַנגעטראָפן אויף אַ פאַרטיידיקונג אין דער רימער־פאַבריק מיט דער זעלבשוץ האָט דאָ אָנגעפירט וולאַדיסלאַוו געפּאַן, אַ קאָמוניסט פון לאָדזש. מיט גרויס גווורע האָט זיך דאָ אויסגעצייכנט דער קעמפער אַרנאָלד גאָלדשטיין. אַלע פאַרטיידיקער זײַנען געפאַלן אין אומגלײַכן פאַרמעסט 6).

עטלעכע שאָ האָבן זיך געהאַלטן די באַשיצער פון דער טריקאָטאַזש־פאַבריק, וועלכע האָבן געענטפערט דעם דײַטשישן אָפיציר: ניין, מיר וועלן נישט גיין און אונדזער פּלאַץ נישט פאַרלאָזן! — מיט דער קאַמף־גרופּע האָט דאָ אָנגעפירט טאַניע סעגאַל פון לאָדזש, די אַלמאָנע נאָך דעם „שאַבעסדיקן" בערשלינג, וועלכער איז געפאַלן מיט אַ ריסוק איווורים פון אַ גראַנאַט־זעץ פונעם סוינע 7).

---

3) ג"א פון יזראעל דארן, ארכ' יזה"א, פּראָט' נ' 731

4) ג"א פון בערל דזובאַנעק, אַרכ' יזה"א, פּראָט' 2602, י. פּאַבריצקי: „זיכרוינעס וועגן דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ' יזה"א, נ' 2595.

5) ג"א פון ט. ציטראָן.

6) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

7) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ

ווען די קאַפּערס זײַנען אַרײַן אין דער פאַבריק אַף טשיסטע, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אַף אַ דעצידירטן ווידערשטאַנד. די פּאָזיציע איז דאָ פאַרטיידיקט געוואָרן דורך אַ גרופּע, וואָס זייערע נעמען זײַנען נישט באַקאַנט. באַם אַרײַנגאַנג האָבן זיי געלאָקערט אַף דעם סוינע און אים מעכאַבעד געווען מיט אַ סעריע קוילן פון פּיסטאָלעטן 8). מען האָט אי־בערגעגעבן שפּעטער פון מויל צו מויל, אַז צוויי דײַטשן האָבן דאָ זייער לעבן פאַרלאָרן. דער סוינע האָט מיט באַמבעס צעשטערט די פאַבריק אַף טשיסטע און באַגראָבן אונטער אירע אײַנפאַלנדיקע ווענט די ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען 9).

אַ העלדישער ווידערשטאַנד־אַקט האָט געהאַט אַן אָרט אַף פּאָלנע־גאַס. פון איין הויז איז די פּאָליציי געוואָרן באַשאָסן. די דײַטשן האָבן געענטפערט און דערהאַרגעט עטלעכע ייִדן. ווען זיי זײַנען אַרײַן אינע־ווייניק, האָבן זיי אין צימער געפונען פינף—אַכט דערשאָסענע, באַ דער זײַט איז געלעגן הייס געווער 10).

צעשטויבט איז געווען דער ייִדישער ווידערשטאַנד דעם צווייטן טאָג. אָבער ער איז נישט פאַרשוווּנדן און האָט זיך געלאָזט פילן דעם סוינע.

אין איין פּראַט איז אָבער דער דינסטיקדיקער טאָג געשטאַנען העכער פון דעם ערשטן זעלבשוץ־מאָמענט. אינעם ערשטן טאָג האָבן זיך קאַמפן קאָנצענטרירט נאָר אַף דער צווייטער זײַט ביאַלקע, דער פּלאַצדאַרם איז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן דורך דעם דײַטש.

דינסטיק איז אומגעריכט פאַר די אַרײַנדרינגער אויסגעבראָכן אַן אָפּווער־פײַער אַף דער פאַרלאָזטער זײַט פון געטאָ, אין דעם אָרט, ווו עס האָט זיך שוין קיין ייִדישע פיס מער נישט געטאָרט געפינען.

געשען איז דאָס אַף קופּיעצקע גאַס, דאָרטן, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פון די דײַטשע קויכעס.

צוויי קליינע זעלבשוץ־גרופּן האָבן זיך געיאָוועט אַף קופּיעצקע: איינע פון דער מעבל־פאַבריק אונטער דער אָנפירונג פונעם סטאָליער־אַרבעטער שימען פײַערשטיין, אַ פּאָליט פון וולאָצלאַוועק; די צווייטע

8) ג"א פון מ. יאַניש.
9) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
10) פרידעל: „די באַשרײַבונג אא"וו". פרידעל מיינט, אַז דאָס איז געווען אינעם ערשטן טאָג פונעם אויפשטאַנד; אָבער דאָס שטימט נישט, ווײַל פון ערשטן טאָג געדענקט עס נישט קיינער פון די ייִדישע איידעס. אַזוי אַרום האָט דער דאָזיקער ווידערשטאַנד־ אַקט געקענט זײַן נאָר שפּעטער,

פון דער בערשטל־פאַבריק, בעראָש פון איר איז געשטאַנען די לערערן העלענע גרינבערג, ביידע קאַמף־גרופּעס צוזאַמען האָבן געציילט עטלעכע און דרייסיק פּערזאָן. די דאָזיקע גרופּעס האָבן געהאַט עטלעכע צוזאַמענ־שטויסן מיט דייטשישע פּאַטרולן 11).

אַ גאַנצן דינסטיקדיקן טאָג האָבן זיך געצויגן באַזונדערע צוזאַמענ־שטויסן. דער שטאָב איז נאָך אַלץ געווען אַף טשעפּלע 13. ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, האָבן די דייטשן מוירע געהאַט צו בלייבן אין טכום פון די גאַסן טשעפּלע־פאַבריטשנע־יוראָווצער און זיך ליבערשט געזאַמלט אַף קופּיעצקע. שפּעט באַנאַכט זיינען אין ייִדישן שפּיטאָל גע־קומען צוויי קעמפער און געבראַכט אַ גרוס פון פראָנט: די בונקערס האַלטן זיך, די זעלבשוץ ווירקט נאָך, אָבער עס גייט אויס די אַמו־ניציע 12).

11) ג"א פון ק. באַראַקין.
12) ט. ציטראָן: „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ' ייִה"א, נ' 1286.

# קאַפּיטל אַכט

## די זיבעציק

איינע פון די לעצטע באַפעסטיקטע פּאָזיציעס פון דער זעלבשוץ איז געווען דער גרויסער בונקער אַף כמיעלנע־געסל נומער 7, וואָס איז אויסגעבויט און אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן באַצײַטנס דורך דער אָרגאַני־זאַציע אונטער דער אויפזיכט פון מאָרדכע טענענבוים און וועלוול וואָל־קאָווסקי 1).

הינטער סמאָלנע, נאָך מער אָפּגערוקט פונעם שטאָט־צענטער, איז געלעגן דאָס כמיעלנע־געסל — אַ שמאָלס און שיטער באַבויט מיט ווינק־הײַזקעס. די כמיעלנע איז געווען דאָס סאַמע ראַנד־געסל באַם אַרויסגיין אויסער דער שטאָט און, פאַרשטייט זיך, איינצײַטיק אויך אויסערן ייִדן־ראַיאָן.

דער בונקער האָט פאַרמאָגט דרײַ אַרײַנגענג : איינער האָט זיך גע־פונען אין צווייטן כיידער פון דער כאַטע, הינטערן אויוון, לעגאַמרע נישט באַמערקט פאַרן אויג ; דער דאָזיקער אַרײַנגאַנג איז טאָמיד געווען פאַר־שטעלט מיט אַ גרויסן פויערישן קאַסטן. דער צווייטער אַרײַנגאַנג האָט געפירט דורך אַ ברונעם אַפן הויף, טיף אונטן, אין אַ וואַנט פונעם ברו־נעם איז געווען אַ לאָך ; פון דעם אָפּגרונט־טייל פונעם ברונעם ביז אויבן האָט זיך געצויגן אַ קייט ; דורך דער קייט האָט מען זיך געקאָנט אַראָפּ־לאָזן אינעווייניק און דערנאָך דורך דעם לאָך אַרײַנקריכן אינעם בונקער. מען האָט אויך געקאָנט אַראָפּנידערן איבער די האַקעס, וואָס זײַנען געווען אַרײַנגעזעצט אין די ברונעם־ווענטלעך. דער דריטער אַרײַנגאַנג האָט זיך געפונען מיכוץ דעם הויף, אַף דער צווייטער זײַט כאַטע, אַף סמאָלנע־גאַס, אין דעם טייל פונעם געסל, וואָס ליגט שוין מיכוץ דעם געטאָ,

1) ג"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.

אין הוילן פעלד. דורך אַ לאָך האָט מען געקאָנט אַרויספּויזען אין דרויסן; די דאָזיקע עפענונג איז געווען פאַרשאָטן מיט מיסט און אײַזן־ברוך. די בויער פונעם בונקער האָבן גענומען גרייטן נאָך אַ פערטן אַרויסגאַנג — ווײַט הינטער דער שטאָט, נאָענט צום וואַלד, אָבער די געשעענישן האָבן זיך צו אײַליק אַ קײַקל געטאָן, און דער פּלאַן איז איבערגעהאַקט געוואָרן אינמיטן.

ווען מען לאָזט זיך אַראָפּ — דורך איינעם פון די אַרײַנגענג — אונטן, הייבט זיך אָן ציִען אַן אונטערערדישער קאַנאַל, וועלכער איז געווען אַף אַזוי פיל ברייט, אַז צוויי מענטשן האָבן געקאָנט גיין באַנאַנד. דער קאַנאַל האָט טאַקע געפירט צום דריטן אַרויסגאַנג אַף סמאָלנע.

אונטן איז געווען אײַנגעאָרדנט אַ גרויסע מלינע מיט אַ ראַדיאָ, מיט געווער און אַמוניציע, דינאַמיט, וויטריאָל. מען האָט אַהער אַריבערגעטראָגן אַ סאַך זאַכן פון דעם שכײנישן הײַזל כמיעלנע 5, ווו עס איז געווען דאָס זיך־אָרט פון אַ כאַלוצישער גרופּע 2).

אין אָט דעם גוט־פאַרקאָנספּירירטן און אײַנגעאָרדנטן בונקער האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרופּע פון צוויי־און־זיבעציק זעלבשוץ־מיטגלידער, פון וועלכע אַ סאַך האָבן זיך אין מעשעך פון די ערשטע צוויי ווידערשטאַנד־טעג באַטייליקט אין אַ ריי שלאַכטן און צוזאַמענשטויסן: אַף סמאָלנע, אין דער באָלט־פאַבריק, אין דעם דרײַעק טשעפּלע—נאָוואָגראָדער—יוראָווצער. עס האָבן זיך דאָ צווישן אַנדערע געפונען: די קעמפער זאַלמען פעלדער, קעניגסבערג, אַניעלע אײַזנשטיין, זאַרעך זילבערבערג, שאַיאַק, יענטל, יויכעווער, כאַנויך זשעלאַזנאָגורא, הערשל פון יאַשינאָווקע, יאַנקל גאָלדמאַן, פרידע ריבאַלאָווסקאַ, גאַלטער, טשאַפּקע, קוואַרץ, הערשל אַבראַמאָוויטש, אַווראַם קורטע, קאַליע פון קרינעק מיט זײַן פרוי, דער געוו' פּאָליציאַנט און מיטגליד פון אַ קאַמף־גרופּע גאָלדבערג; דער 17־יעריקער סאַשאַ קוכאַרעווסקי, דער ברודער פונעם אומגעקומענעם געווער־פאַרגרייטער סיאָמע קוכאַרעווסקי 3). די נעמען פון די אַנדערע קעמפער, וואָסהאָבן זיך געפונען אַף כמיעלנע 7, זײַנען נישט

2) ג"א פון דעם פּאָליאַק שווער, דעם באַלעבאָס פון דעם שטיבל. דער מעכאַבער האָט אַדורכגעפירט אַ לאָקאַלע וויזיע אַפן אָרט.

3) ג"א פון ב. שאַצמאַן, דעם איינציק לעבן־געבליבענעם פון דעם בונקער, און אויך — פון מ. בוך, פּ. פּערעי און כ. גראָסמאַן.

דערגאַנגען צו אונדז און פאַרטושט געוואָרן אין זיקאָרן פון דעם איינציקן, וואָס איז פון די 72 לעבן געבליבן.

די דאָזיקע זעלבשוץ־מיטגלידער האָבן זיך פאַרשטעקט אין דעם בונקער נישט קעדיי זיך אַרויסצודרייען פון ווײַטערדיקן קאַמף, נאָר מיטן ציל איבערצוּוואַרטן אַ קורצע צײַט, ביז דער סוינע וועט אָפּשוואַכן זײַן וואַכזאַמקייט, און דעמאָלט וועלן זיי דורך דעם הינטערשטן אַרויסגאַנג זיך לאָזן אין וואַלד אַרײַן מיטן באַגער מאַמשיך צו זײַן דעם געראַנגל. די קעמפער האָבן אין זייער איבערצײַגונג, אַז אַפּן געטאָ־שעטעך איז שוין אויסגעראָטן יעדער סימען פון יידישן ווידערשטאַנד, געוואָלט אײַנהאַלטן אַ פּאָזיציע באַדײַ אונטער דער ערד. די שטעלונג פון דער בונקער־גרופּע איז געווען: אַרויסרײַסן זיך פאַרן יעדן פּרײַז און פאַראייניקן זיך מיט די כאַווייירים אין וואַלד 4).

די בונקער־זיצער האָבן פונדעסטוועגן באַשלאָסן זיך נישט מעיאַייעש זײַן פון זוכן קאָנטאַקטן אַפּן שעטעך פון געטאָ. צוויי קעמפער, גאָלדבערג און הערשל, אָדער געדאַליע און הערשל זײַנען אַרויס באַנאַכט נאָך שפּײַז און קעדיי צו זוכן שפּורן 5).

די באַלאַגערטע אינעם בונקער האָבן אָנגענומען די ווײַט־גייענדיקסטע פאָרזיכטיקייט־מיטלען. נישט געקוקט דערויף, איז די אונטערערדישע פּאָזיציע דעם 19טן אויגוסט עלף אַזייגער אינדערפרי דעמאַסקירט און אַנטדעקט געוואָרן דורך דעם סוינע.

ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט געשען?

אַרום דעם איניען זײַנען פאַראַן עטלעכע סוואָרעס.

איין האַשאָרע איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון זוכן אַ פאַררעטער. דער סוינע האָט דורך זײַנע אַלטע אַגענטן נישט געהאַט קיין מאַמאָשעסדיקע יעדיִעס וועגן דעם, וווּ עס געפינען זיך די בונקערס 6). אויב סכראָנעס זײַנען אַרײַנגעפאַלן, איז עס אין דער ערשטער ריי געווען דער „פאַרדינסט" פון היימישע יידישע מאַסרים, וועלכע האָבן זיך געריכט דורך דעם צו ראַטעווען די אייגענע פעל. אַזוי לעמאָשל, גיט איבער אַן אייךריִע, אַז פרײַטיק, דעם 20טן אויגוסט, האָט ער אַליין געזען אַף טשעפּלע

---

4) ג"א פון דער קעמפערן מיריאַם קאַפּלאַן — לויט דעם ווי עס גיבן איבער מ. בוך און כ. גראַסמאַן.

5) ג"א פון ב. שאַצמאַן

6) פרידעלס און מאַכאַלס ענטפער אַף די אַנקעטעס.

ווי אַ גרופּע דײַטשן מיט צוויי אָפיצירן אין דער שפּיץ טרײַבן צוויי שטאַרק צעשלאָגענע ייִדן; די ייִדן האָבן זיך געבעטן: מיר ווע‌לן אײַך פירן צום סכראָן אין אַ ברונעם, ווו עס געפינען זיך ייִדן מיט געווער. דער איידעס איז נישט געווען ביכולעס צו דערקענען די מאָסרים, אַזוי זײַנען זיי געווען צעמיימעסט 7). צי האָבן עס די צוויי ייִדן אויסגעגעבן דעם בונקער אָף כמיעלנע? די דאַטע, וועלכע עס גיט אָן דער איידעס, שטימט נישט. די קעמפּער זײַנען אַרײַנגעפאַלן דעם 19טן אויגוסט; און עפּשער האָט דער איידעס אַ טאָעס אין דעם טאָג?

אין אַן ענלעכער ריכטונג גייט די באַשרײַבונג פון אייד ר׳ יע האַראַוו עליעזער בורשטיין אין נומער 7 פון דער צײַטשריפט „פון לעצטן כורבן“ (מינכען, מײַ 1948) אַד״ב „די לעצטע אויפשטענדלער פון ביאַליסטאָקער געטאָ“: „צוויי מענטשן פון דער גרופּע (פון די 72 — ב. מ.) זײַנען געבליבן נישט גערירט. איינעם פון זיי האָבן די דײַטשן אַרויסגעפירט אָפן הויף און עפּעס צו אים גערעדט. מיר האָבן געזען, אַז ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אָף ניין. דעמאָלט האָבן זיי צו אים אַ סאָף געמאַכט מיט לאָפּעטעס. דער צווייטער, דוכט זיך, האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם ניסאָיען און איז אַוועק מיט די דײַטשן, ער האָט, דוכט זיך, עפּעס אויסגעגעבן“.

אַ צווייטע האַשאָרע האָט געהאַלטן, אַז די דײַטשע פּאַטרולן, וואָס האָבן זיך געדרייט אינעם אָרום, האָבן באַמערקט ווי עס זעצט אַ פּאָרע פונעם ברונעם, און דאָס איז געוואָרן פּאָרדעכטיקט 8). די דײַטשע אויסשפּירער האָבן זיך, קעיעדוע, באַנוצט מיט אונטערהער־אַפּאַראַטן, שמעקהינט אוקעדוימע.

אַ דריטע סוואָרע, אַז טראָץ אַלע אונטערגענומענע מיטלען איז דער אומגליק־פאַל נאָך געווען אַ פּויעל יויצע פון אַ געוויסער נישטפאָרזיכטיקייט. די צוויי פון די בונקער־זיצער גאָלדבערג און הערשל, אָדער געדאַליע און הערשל, וועלכע זײַנען אַ נאַכט פריִער אַרויס נאָך שפּײַז און שפּורן, זײַנען געווען נישט אינגאַנצן וואַכזאַם. איינעם פון זיי איז, אַפּאָנעם, אַרויסגעפאַלן אַן עפּל פון קעשענע, אָדער אַביסל גריפּן האָט זיך אויסגעשיט. דאָס זאָלן האָבן באַמערקט די דײַטשן 9).

7) ג״א פון כאַים קורילאָוויטש.
8) האַשאָרע פון ב. שאַצמאַן.
9) דאַרטן.

דער מילכאָמע־פאַרברעכער פריץ פרידעל האָט דערקלערט, נאָך אַ ריי אויספאָרשונגען, אַז דער בונקער איז אויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ פאַררעטער, וועלכער איז געווען אינעם בונקער און געריסן די קייט פונעם ברונעם און אַזוי אַרום צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די דײַטשן; ווען די לעצטע האָבן דעם פאַררעטער אַרויסגעצויגן פון ברונעם, האָט ער זיי איבערגעגעבן, אַז אין בונקער זיצן 70 קעמפער מיט געווער. אַזוי איז דער בונקער געוואָרן אויסגעגעבן 10).

אַרומגערינגלטע פון אַלע זײַטן איז די גרופּע אַרײַנגעפאַלן אינעם קלעם פונעם סוינע.

די זעלבשוצלער זײַנען מיטן גוטן ווילן נישט אַרויס. פון עלף אינ־דערפרי ביז נאָכמיטאָג האָט געדויערט דאָס אַרויסשלעפּן די זיבעציק פונעם בונקער. ערשט אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג האָט דער סוינע אַלעמען געהאַט אין זײַנע הענט און געקאָנט דורכפירן די עקזעקוציע 12).

וועגן דעם, ווי עס האָט אויסגעזען די עקזעקוציע, זײַנען פאַראַן עטלעכע ווערסיעס פון איידיי רײַע. לויט איין נוסעך זײַנען די צוויי־און־זיבעציק אויסגעשטעלט געוואָרן אונטער אַ גרויסער, באַוואָפנטער וואַך פון עס־עס־לײַט באַ דער וואַנט פון הויז אַף יוראָווצער נומער 82. פון דער ריי זײַנען אַרויסגענומען געוואָרן צוויי — דער שוסטער בערל שאַצמאַן און קאָוואַלעווסקי (אָדער קאָוואַלסקי) — און אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ זײַט צום לעבן. באַ אַ טיש איז געזעסן פרידעל און אַרויס־געגעבן דעם באַפעל צו שיסן. מען האָט געשאָסן צו פיר. ווען מען האָט גענומען פון דער ריי פרישע פיר, האָבן זיי אויפגעהויבן די קעפּ און גענומען אויסרופן מיט שטאַרקע שטימעס: „נידער מיט די דײַטשע באַנ־דיטן! נידער מיטן פאַשיזם! נידער מיט היטלערן!” אַלע פיר זײַנען דערשאָסן געוואָרן אַפן אָרט 14).

---

10) דערקלערונג אין געריכט, וואַרשע, אין יאָר 1952.

12) ג„א פון ב. שאַצמאַן (מעכאַבערס אַרכ׳).

13) ג״א פון כ. קורילאָווסקי און אַווראַם בראַמסאָן.

14) פישל פײַנפעלד: „די געשיכטע פון די 72 אומגעקומענע יידישע העלדן פון אויפשטאַנד באַ דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער”, אַרכ׳ יי׳ה״א, נ׳ 972. פײַנפעלד גיט אָן די ציפער פון 72, אָבער העיויים צוויי זײַנען אַרויסגענומען געוואָרן פון דער ריי, זײַנען אומגעקומען 70.

לויט ווי עס גיט איבער עפראַיִם קיסלער, וועלכער האָט זיך אין יענע מינוטן אויסבאַהאַלטן אַף אַ בוידעם פון אַ קעגנאיבערדיקן הויז, האָט פרידעל — נאָכן אָפּפירן אין אַ זײַט די דערמאָנטע צוויי לעבנגעבליבענע — געהייסן אַוועקפירן די אַנדערע; די זיבעציק קעמפער האָבן גענומען זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל״; דעמאָלט האָט פרידעל באַפוילן צו עפענען אַ שיסערײַ.

דער אייד ריִוע מיריעם קוואָסאָוויצער דערציילט, אַז זי האָט זיך צוגעקוקט פון אַקעגנאיבערדיקן פענצטער צו דער עקזעקוציע און געזען ווי די עס־עס־לײַט נעמען אַרויס שאַצמאַנען פון דער ריי און שטעלן אים אַוועק אין אַ זײַט נישט צום שיסן.

מיר קערן זיך אום צום העלדישן אומקום פון די זיבעציק: לויט אַן אַנדער ווערסיע האָבן די עס־עס־לײַט געהייסן אַלע קניִען און געוואָלט אַרויסנעמען ווײַטערדיקע פיר קעמפער. דעמאָלט האָט זיך די גאַנצע גרופּע אויפגעריסן פון אָרט און גענומען לויפן. עס איז טייקעף געעפנט געוואָרן אַ פײַער פון די עס־עס־וואַכן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם גאַנצן פּלאַץ. איינער נאָכן צווייטן זײַנען די יידישע קעמפער געפאַלן. די גאַס האָט געהערט זייערע לעצטע אויסרופן: „נידער מיטן פאַשיזם!״ „נידער מיטן היטלעריזם!״ „זאָל לעבן די רויטע אַרמיי!״ „זאָל לעבן סטאַלין!״ „זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק!״ „אַ טויט היטלערן!״ „דאָס יידישע פאָלק איז אומשטערבלעך!״ די אויסרופן האָבן זיך אויסגעמישט מיט אָפּגעריסענע ווערטער פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל״ 15).

ווען דער רויך פון די שאָסן־סעריע איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָט די גאַס דערזען אַ שרעקלעך בילד: די קערפּער פון צענדליקער יידישע באָכערים און מיידלעך האָבן זיך געוואַלגערט אַפן ברוק אין קאַלוזשעס בלוט. עס־עס־זעלנער האָבן, לאַכנדיק הויך אַפן קאָל, פאַרענדיקט מיט די באַגנעטן און שאָסן די נאָך זשיפּענדיקע קאָרבאָנעס. מען האָט געבראַכט פורן און געהייסן אַרויפוואַרפן די באַרמינאַנס און אַוועקגעפירט אַפן געטאָ־בייסוילעם אַף זשאַבע־גאַס.

זיבעציק זעלבשוץ־קעמפער זײַנען דעם דאָזיקן טאָג אומגעקומען מיט אַ העלדן־טויט.

15) ג״א פון אַ. קורילאָווסקי, פּ. פײַנפעלד, כ. גראָסמאַן, מ. בוד, מ. קוואָסאָוויצער, בר. וויניצקאָ, ג. טאַבאַק, ד. איינהאָרן (אַרכ׳ יִה״א ג״נ 1850, 1783, 2007; אויך אין דעם מעכאַבערס אַרכ׳).

גאַנץ זײַנען, ווי געזאָגט אַרויס בלויז צוויי. לעבן געבליבן איז ביז הײַנט נאָר איינער. קאָוואַלעווסקי (אָדער קאָוואַלסקי) איז אומגעבראַכט געוואָרן שפּעטער.

די יעדיע וועגן די זיבעציק מאַרטירער האָט זיך צעטראָגן איבער אַלע ווינקעלעך, ווו עס האָבן נאָך געלאָקערט אַפֿן סוינע פֿאַרבליבענע, שיטערע גרופּעס פֿון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע 16). אָבער די טרויעריקע בסורע האָט נישט אַוועקגערויבט באַ די לעצטע זעלבשוץ־כאַוויירים דעם קאַמף־ווילן. דעם זעלביקן טאָג, באַנאַכט, האָט יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ, אַ שווער קראַנקע, אָרגאַניזירט אַ נײַעם פּרווו צו שטורעמען דעם געטאָ־פּאַרקאַן און זיך אַדורכרײַסן אין וואַלד. דער פּרווו איז ווידער נישט געלונגען. געציילטע מענטשן האָבן זיך אַדורכגעריסן. יודיטאַ אַליין איז אינגיכן אומגעקומען באַ געניוער נישט פעסטגעשטעלטע אומשטענדן 17).

די זעלביקע נאַכט האָט מען אין ייִדישן שפּיטאָל באַקומען אַ יעדיע, אַז די געגנט פֿון טשעפּלע און נאָוואָגראָדער געפינט זיך נאָך אַלץ אין דער ווירקונג־ספערע פֿון די ווידערשטענדלער 18). די לעצטע נעסטן פֿון ייִדישן קאַמף זײַנען נאָך אַלץ נישט געוועזן אויסגעראָטן.

---

16) ג״א פֿון י. ריווקינד.
17) ג״א פֿון א. קיסלער.
18) ג״א פֿון ט. ציטראָן.

# קאַפּיטל נײַן

## אַף דער לעצטער פּאָזיציע

אַפּצומאָרגנס, דעם 20טן אויגוסט, איז געפאַלן די לעצטע פּאָזיציע פון דער זעלבשוץ אַף טשעפּלע און פאַבריק־גאַס. עס איז געפאַלן דער אָפּשניט פונעם שטאַב אַף טשעפּלע 13, ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער גרעסטער ווידערשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון דאַניעל מאָשקאָוויטש און מאָרדכע טענענבוים. אונטער די איבערוויגנדיקע קוי־לעס פונעם סוינע האָט זיך די קאַמף־גרופּע געמוזט צוריקציִען אַף פאַבריק־גאַס אין דער ריכטונג פונעם ייִדישן שפּיטאָל. דאַניעל האָט נישט דער־לויבט דאָ צו פונאַנדערוויקלען אַ שלאַכט, ווײַל עס זײַנען אַהער גע־בראַכט געוואָרן די קינדער און ער האָט מוירע געהאַט, אַז די ערשטע קאָרבאָנעס פון דער שיסערײַ זאָלן נישט פאַלן אָט די פּיצעלעך, די יע־סוימים 1). כוץ דעם זײַנען דאָ געלעגן אַ צוויי הונדערט קראַנקע 2).

נאָך דעם ווי דאַניעל און מאָרדכע און זייערע נאָענטסטע מיטקעמפער האָבן דורכגעפירט די עוואַקואַציע פון דער ציווילער ייִדישער מאַסע, וועלכע האָט זיך געטוליעט אַרום דער זעלבשוץ אין דעם ביניען פון שפּיטאָל אַרײַן, האָבן זיי זיך דורכגעריסן דורך דער אַרומרינגלונג צוריק אַף טשעפּלע (3). דאָס האָבן זיי נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט די כאַוויירים פון וואַלד. די לעצטע — וויסנדיק, אַז דער קאַמף אין געטאָ איז שוין אַ פאַרשפּילטער — האָבן דורך די פאַרבינדלער באַפוילן די זעלבשוץ־קאָמאַנדירן, זיי זאָלן קומען אין וואַלד. עס איז אַלץ געווען צו־

---

1) ג"א פון י. לערמאַן.

2) ט. ציטראָן: „די עוואַקואַציע פון שפּיטאָל בעיים דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ", אַרכ' יִה"א, נ' 1285.

3) ג"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.

געגרייט זיי אַרויסצופירן.ביידע פירער פון דער זעלבשוץ האָבן אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן די ייִדן פון געטאָ 4). דאַניעל מאָשקאָוויטשעס לעצטע ווערטער זײַנען געווען: „קאָלזמאַן עס איז נאָך דאָ איין ייִד אין געטאָ, מוז איך אויך דאָ בלײַבן! אויב אומקומען, וויל איך פאַלן מיט אַלע אינאיינעם!" 5) ענלעך האָט געקלונגען דער ענטפער פון מאָרדכע טענענבוים; ער האָט געזאָגט: „איך האָב געשטויסן צום קאַמף, און איצט וועל איך זיך ראַטעווען? ניין, איך בלײַב!" 6). טאַמאַראָפּס לעצטע ווערטער אַף טשעפּלע זײַנען געווען: „ייִדן, קיין געווער האָבן מיר נישט, נעמט האַלץ, צינדט אונטער די שטיבער!" 7).

דאָס איז טאַקע געווען דער לעצטער אַקט אַף טשעפּלע־גאַס. אָן אַמוניציע, אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן, איז די מאַהיקאַנער פון זעלב־שוץ געבליבן דאָס לעצטע מיטל: פאַרברענען אַלץ און גאָרנישט איבער־לאָזן דעם סוינע. און אַזוי איז טאַקע געשען.

אַלץ האָט גענומען בר׳ענען אַרום. די סרייפע האָט זיך איבערגע־טראָגן פון טשעפּלע אַף נאָוואָגראָדער פון איין זײַט און אַף פאַבריק־גאַס פון דער צווייטער. באַנאַכט האָבן די דײַטשן געבראַכט ייִדישע פײַער־לעשער. אונטער דעם טעראָר פון די עס־עס־לײַט האָבן די פײַערלעשער געמוזט זיך נעמען צו דער אַרבעט. אָבער אויך דאָ האָבן זיך געפונען ווירדיקע מענטשן, וועלכע האָבן אויפגענומען דעם לאָזונג פון דער זעלב־שוץ. צווישן די פײַערלעשער האָבן זיך געיאַוועט ייִדישע קעמפער, וועלכע האָבן זיי גערופן נישט צו הערן די דײַטשן. איינער פון זעלבשוץ האָט געזאָגט צו אַ ייִדישן פײַערלעשער: „פאַרברענט זאָלסטו ווערן, פאַרוואָס לעשסטו דאָס פײַער" 8).

אינגיכן זײַנען די דײַטשן צוגעטרעטן צו ליקווידירן דעם שפּיטאָל אַף פאַבריק־גאַס. מיט די לעצטע אויסגייענדיקע קויכעס האָבן די ייִדישע קעמפער פאַרטיידיקט די דאָזיקע פּאָזיציע, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אַף דער אויבערפלאַך פון געטאָ. דער שפּיטאָל איז ביכלאַל די גאַנצע צײַט פון די קאַמפן געווען אַ צענטער פון ווידערשטאַנד און איז פאַקטיש פאַר־

4) ג"א פון בר. וויניצקאָ.
5) ג"א פון י. לערמאַן.
6) דאָרטן.
7) ג"א פון ב. פערעי.
8) ג"א פון נ. באַביקער.

וואַנדלט געוואָרן אין אַ פעלד־לאַזאַרעט פאַר דער זעלבשוץ. אַ ריי ייִדישע דאָקטוירים, באַרמהאַרציקע שוועסטער און סאַניטאַרן האָבן זיך געווידמעט דער זאַך פון היילן די פאַרוווּנדעטע אין שלאַכט נעקאָמע־נעמער. אין רעשוס פון דער זעלבשוץ האָבן זיך געשטעלט נישט בלויז די שוועסטער אַנטיפאַשיסטנס האַנקע עלסטער פון וואַרשע (זי איז דערנאָך אַוועק אין וואַלד, צו די פאַרטיזאַנער), פאָליע דלוגאַטש פון לאָדזש, די פרעבליסטן רעניא פון וואַרשע און אַנדערע 9), נאָר אויך די דאָקטוירים גורעוויטש, זאַקס, בערלין, פרוי ד״ר סעגאַל, אָזדער, ציטראָן, האָלענדערסקי און די שוועסטער באַניקער און פערעצקא; ד״ר זאַקס האָט געהאָלפן נישט בלויז ווי אַ מעדיקער, נאָר אויך געמוטיקט און געטרייסט, געוועקט צום קאַמף; ד״ר אָזדער איז אַוועק אין וואַלד און דאָ מאַמשיך געווען זײַן טעטיקייט 10).

די קאַמף־גרופּע פון פאַבריק־גאַס האָט באַשלאָסן צו פאַרטיידיקן דעם שפּיטאָל. צווישן די קראַנקע האָט זיך געפונען יאָסעף דרייער. ליגנדיק אַ צוגעשמידטער צום בעט, האָט ער נישט געקאָנט רוען און געוועקט די כאַווײרים צום קאַמף 11). מיט דער זעלבשוץ אַפן שפּיטאָל־הויף האָט אָנגעפירט האַנקע לעווינזאָן, אַן אַרבעטער־אַקטיוויסטן פון לאָדזש. אין דער זעלביקער קאַמף־גרופּע האָבן זיך געפונען דער אַנטיפאַשיסטישער טוער מיעטעק יאַקובאָוויטש אינאיינעם מיט זײַן פרוי און קאַמף־כאַווערטע זאָשע יאַקובאָוויטש און זײַן זון יולעק. דאָ איז אויך געווען די קעמפערן פראַנקע פרענקעל פון וואַרשע — עס האָט איר אין שלאַכט אָפגעריסן אַ האַנט און זי איז אויסגעגאַנגען אין שפּיטאָל 12). באַם פאַרטיידיקן דעם שפּיטאָל איז געפאַלן דער אומפאַרטייִשער כעמיע־אינזשעניער סאַרעוויטש מיט זײַן פרוי 13). דאָ איז אומגעקומען דער שטאַב־מיטגליד לייבוש מאַנדעלבליט; בעיס אַ צוזאַמענשטויס האָט ער באַקומען אַ וווּנד אין האַלדז און איז געשטאָרבן אין גרויסע יעסורים 14). אַפן שפּיטאָל־הויף איז אויך געפאַלן די לערערן ריווע וואַרשאַווסקאַ, אַ מאַמע פון אַ פיצל קינד; אַלע האָבן געהערט איר רוף: „מײַן אייגן קינד קאָן איך באַשיצן

9) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
10) ג״א פון ט. ציטראָן און י. ריווקינד
11) ג״א פון ר. ר. וואַיסקאָווסקאַ.
12) דאָרטן.
13) דאָרטן.
14) ג״א פון י. ריווקינד.

נאָך אין קאַמף, פּאַרטיידיקנדיק אַלע אַנדערע קינדער!" 15). צו דער שפּיטאָל־גרופּע האָט אויך געהערט דער יוגנטלעכער לייב באַביקער 16).

אָפּן שפּיטאָל־הויף האָט צו קיין גרעסערן צוזאַמענשטויס נישט געקאָנט קומען. עס האָט געשטערט די גרויסע צאָל קראַנקע, קינדער, סטאַם יידן. אומגעקומען זיינען דאָ דער אייביק־קאַמף־גלייענדיקער יאָסעף דרייער, די אַלע אָקאָרשט דערמאָנטע און אויך די פלעגערן פאַליע דלוגאַטש, אַן אומדערמידלעכע אין העלפן פאַרוואונדעטע שלאַכט־כאַווײרים. ווען זי האָט דערזען, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, האָט זי באַשלאָסן קיין לעבעדיקע אין דעם סוינעס הענט נישט אַריינפאַלן; זי האָט זיך געלייגט אַף אַ בעט און אויסגעטרונקען ציאַנקאַלי; די אַריינדרינגענדיקע עס־עס־לייט האָבן זי געפונען אַ טויטע 17).

מיט אַן אומבאַשרייבלעכער רעציכע איז אַריין אין שפּיטאָל דער הויפּט־הענקער פרידעל און נאָך אים די שיקערע אוקראַינישע עס־עס־לייט, און מיט געשרייען: „יעווריעס, איר האָט געוואָלט מילכאָמע!" — שלאָגנדיק מאַקעס רעצעך, גענומען טרייבן די קראַנקע צום גיירעש 18). די אויפפעלעך פון דעם גינעקאָלאָגישן אָפּטייל האָט מען אַכזאָריעסדיק געשליידערט אַף די פורן, אָדער אָפּן ברוק. דער סאַדיזם פון די כאַפּונעס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פרידעל האָט געמוזט אַביסל האַמעווען זיינע באַהעלפער: „ניכט זאָ שלאָגען! 19). אינגיכן איז אָבער אַראָפּגעקומען נאָך אַ גרעסערער גאָדל, אַ העכערער אָפיציר פון עס־עס און אין העפלעכע ווערטער, דורכוואָרפנדיק מייסע לאַמדן העברעיִשע אויסדרוקן, דערקלערט דעם אוילעם, אַז דאָס פאַרטיליקן פון די יידן איז אַ בראָכע פאַר דער וועלט 20).

אין דער צייט האָבן זיך שוין די גופים פון די יידישע קעמפער געוואַלגערט אָפּן שפּיטאָל־הויף. די פאַרטיידיקער פון יידישן קאָוועד האָבן שוין נישט געלעבט. און דאָך האָבן זיך אין דער געמיימעסטער מאַסע פון כאַלאָים געפונען יעכידים, וואָס האָבן זיך אויפגעהייבן קעגן די פיניקער. דער אַלטער ייד אָסטראָוו האָט אַ נעם געטאָן אַ שטעקן און אַ זעץ געטאָן

15) נ"א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ.
16) נ"א פון נ. באַביקער.
17) נ"א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ און ט. ציטראָן
18) נ"א פון נ. באַביקער.
19) נ"א פון ט. ציטראָן.
20) דאָרטן.

דעם עס־עס־מאַן, וואָס האָט אים געגומען טרײַבן. פֿאַר דער „כוצפּע" האָט דער זאָקן טייקעף באַצאָלט מיט דעם קאָפּ. דער נאַציסט איז אַרויפּ־געשפּרונגען אַף אַ בעט און פֿון אַן אויטאָמאַט דערשאָסן אַסטראָוון אָפּן אָרט 21).

דעם 20טן אויגוסט האָבן זיך פֿאַרענדיקט די גרעסערע, באַזונדערע צוזאַמענשטויסן אין געטאָ. דעם זעלביקן טאָג זײַנען אומגעקומען די פֿירער פֿונעם ווידערשטאַנד דאַניעל מאָשקאָוויטש און מאָרדכע טענענבוים. עס איז נישט געגויער באַקאַנט דער אויפֿן פֿון זייער טויט. אין וואַלד אַרײַן האָט מען געבראַכט דעם גרוס, אַז זיי האָבן זיך נישט געשיידט ביז דער לעצטער רעגע. צוזאַמען געקעמפֿט און צוזאַמען געפֿאַלן. מען האָט אויך איבערגעגעבן, אַז זעענדיק, ווי זיי ווערן אַרומגערינגלט דורכן סוינע און ווי עס גייען אויס די לעצטע קוילן, האָבן זיי אײנאײנעם זיך גענומען דאָס לעבן אין שטוב פֿון שטאַב, אַף טשעפּלע 13 (22), קעדיי אויסצומײַדן לעבעדיקערהייט אַרײַנצופֿאַלן אין די הענט פֿון די דײַטשן.

אַף דער לעצטער פּאָזיציע האָט אויך געקעמפּט די קליינע פֿראַנקע, אַ טעקסטיל־אַרבעטערן פֿון וואַרשע. זי איז אומגעקומען אינאײנעם מיט די קאָמאַנדירן 23).

אַף פֿאַרשיידענע אָפּשניטן — אין מעשעך פֿון די פֿיר זעלבשוץ־טעג — איז אומגעקומען דער גרעסטער טייל קעמפֿער פֿון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין אומגלײַכן קאַמף זײַנען געפֿאַלן דער אַלטער יאָסל ליכטענשטיין מיט זײַן לעבן־באַגלייטערן פֿריידע, ראָכל זאָנשיין, גיטל ווילטשינסקאַ 24); די יוגנט־פֿירערן סאָרעלע ראָזענבלאַט, וועלכע האָט זיך קוינע־שעם געוועזן מיט איר גווורע נאָך בעייס דער ערשטער ליקווידאַציע 25);: אַדעלאַ האַרץ פֿון וואַרשע, מאַניע גוטקאָווסקי פֿון וולאָצלאַוועק, סאָרע יעדלינאַ, אַ טעקסטיל־אַרבעטערן פֿון וואַרשע („די שוואַרצע לאָניע") 26); ראָכלקע גליקסמאַן, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטע פֿון וואַרשע, כאַיִם סרול, אַ טעקסטיל־אַרבעטער אויך פֿון וואַרשע, פֿאַצאַ־

---

21) דאָרטן.
22) ג"א פֿון ק. באָראַקין, מ. בוך בר. וויניצקאַ א"א.
23) ג"א פֿון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
24) דאָרטן.
25) ג"א פֿון ל.טשאַפּניק און א. רוד
26) ג"א פֿון אַ. גערשוני.

נאָווסקאַ פון לאָדזש, ראָזאַ דאַטנער און איר טאָכטער מיקאַ פון ביאַליס־טאָק, מוישל יאַוואָרקאָווסקי 27).

אַף זייערע פּאָסטנס זיינען אומגעקומען כאַנויך זשעלאַזנאָגוראַ, כאַי־טשע שטרויסבערג, יאָסל וואַנעגעשיקט 28). עס האָט נישט געוואָלט אויסנוצן די מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען אַף דער „ארישער" זייט די לערערן שיינע לעווין־פּאַט און איז אומגעקומען אינאיינעם מיט אירע ברידער 29).

עס זיינען געפאַלן דער 17־יעריקער הערשל פלוימענבוים, זאַוול רו־בינאָוויטש, שלמה רעזניק, ניוגיע בראָדזקי 30).

דער לערער עזרא אַביעדזשינסקי האָט אַרויסגעריסן אַ ביקס באַ אַ סוינע, אים אָוועקגעלייגט און איז אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין. ער האָט מיטגעמאַכט דערנאָך די פּאַרטיזאַנישע עפּאָפּייע און נאָך דער באַפרייונג אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, ווו ער איז געפאַלן אין שלאַכט מיט אַ העלדן־טויט 32).

מיט נישט ווייניקער מוט האָבן זיך אויסגעצייכנט די לערער אַרן ווײַנבערג און ראָזע ראַטקער, ביידע לאָדזשער פון אָפּשטאַם — ביידע געפאַלן אין אומגלייכן קאַמף 33).

דער 19־יעריקער העניעק ווײַסענבערג פון סלאָנים האָט אין די גרוי־ליקע אויגוסט־טעג שוין געהאַט הינטער זיך אַ היפּשע שלאַכט־דערפאַרונג פון וואַלד; ווי אַ פּאַרטיזאַן האָט ער איינמאָל פאַרטריבן אַ גרופּע דײַטשן און איז אַליין אַרויס גאַנץ. געפונען זיך אין די אויגוסט־טעג אין געטאָ, האָט ער זיך געשטעלט צום קאַמף און זיך אויסגעצייכנט באַלד אין די ערשטע צוזאַמענשטויסן 34).

אין די זעלבשוץ־שלאַכטן זיינען אומגעקומען צוויי העלדישע שוס־טער־אַרבעטער — דער פּראָלעטאַרישער אַקטיוויסט פון ביאַליסטאָק מאָרד־כע אַקון און דער גרויער יאָסעלע פון ביאַלע פּאָדלאַסקע 35).

---

27) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
28) נ"א פון ב. פּערעי.
29) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
30) נ"א פון י. ריווקינד.

32) נ"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ, מ. בוך און ש. דאַטנער.
33) נ"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
34) נ"א פון ש. דאַטנער.
35) נ"א פון י. ריווקינד.

מיט עמעסן העלדן־מוט האָבן געקעמפט יידישע פרויען. אַ כּוץ די, וואָס זײַנען שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, דאַרף מען פאַרצייכענען די נעמען פון העלדישן מיידל גאַלטער, וועלכע האָט אָן פּאַכעד געטראָגן אַמוניציע פאַר די קעמפּער און איז געפאַלן מיט איר געפערלעכער לאַדונג; ווײַטער — ליאַלע טרעגער און אַנדערע 36).

און נישט נאָר פרויען־מיטגלידערנס פון די קאַמף־גרופּן; אויך אַנדערע יידישע מיידלעך, מיטגעריסן מיטן בײַשפּיל פון דער זעלבשוץ, האָבן דעמאָנסטרירט זייער פאַראַכטונג צום סוינע און אַרויסגעוויזן אַ ווירדיקע האַלטונג. צוועלף מיידלעך האָט מען געפירט צו דער באַן, האָבן זיי אינמיטן וועג געגומען וואַרפן אויסרופן: „מיר ווייסן, אַז איר פירט אונדז צום טויט. זאָל לעבן סטאַלין! נידער מיטן פאַשיזם!” אַלע ביז דער לעצטער, זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן אַפן אָרט 37).

אַף אַ צווייטער גאַס האָבן די דײַטשן געכאַפּט אַן אונטערערדישע מלינע. די יידן זײַנען אַרויס נישט געבראָכן, אָן יעלאָלע און געבעט. מען האָט זיי אָפּגעפירט, און אַרומיקע כוליגאַנעס האָבן געגומען כויזעקן פון די קאָרבאַנעס: „וווהין פירט מען אײַך, יידעלעך? דערויף האָט איינע פון די געכאַפּטע, די אַרבעטערן מינע קיזעלשטיין געענטפערט: „מיר גייען אַף טויט: אָבער אַף אײַך וועט ער אויך קומען” 38).

עס פעלן אויס ווערטער צו באַצייכענען די מעסירעס נעפעש פון העלדישע יידישע קינדער. די קעמפּער האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו באַוווּנדערן דעם מוט פון צוויי פרויען העלאַ און בירא שוריק, די אַלמאַנע און די יעסוימע נאָכן „שאַבעסדיקן” לאַדזשער אַרבעטער־טוער. שרעקלאָז זײַנען די מאַמע און די יונגיטשקע טאָכטער געווען אין געמיינזאַמען קאַמף און צוזאַמען, אַף איין פּאָזיציע, די לעבנס געשטרעקט 39).

פון צווישן די קינדער האָט זיך אויסגעצייכנט ליאַלע לערמאַן, וועל־כע איז אומגעקומען בעייס די קאַמפן 40).

לאַנג איז די רעשימע פון די געפאַלענע קעמפּער. עס איז צווישן זיי געווען אויך דער אַנטלאָפענער פון טרעבלינקע ברוידע, וועלכער האָט

---

36) ג"א פון ש. דאַטנער.
37) ג"א פון לייזער שוועבער, אַרכ' יזה"א, פּראָט' נ' 2418.
38) ג"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
39) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
40) ג"א פון י. לערמאַן.

נישט געוואָלט איבערלעבן נאָכאַמאָל דעם וועג צום טויט. אין אַ גאַסן־צוזאַמענשטויס האָט ער זײַן סאָף געפונען 41).

אַזוי זײַנען אין אומגלײַכן קאַמף אומגעקומען די בעסטע, טייערסטע און מוטיקסטע פון די אַסורים פון געטאָ ביאַליסטאָק.

* * *

מיטגעריסן מיטן העלדישן געראַנגל פון די קעמפער, האָבן מאַסן פּאָשעטע יִידן געשטעלט אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד. אַ גרויסער טייל יִידישע מישפּאָכעס איז נאָך אַלץ געזעסן פאַרשטעקט אין קאָלערלײַ מלינעס און נישט געוואָלט מיטן גוטן ווילן אַרויס. קיין שום זיסע אײַנרעדענישן, אָפּטמאָל דורכן מויל פון יִידישע פּאָליציי־לײַט און סטאַם פאַררעטער, האָבן קיין פּעולע נישט געהאַט. די צאָל מאָסרים איז דאָס מאָל געווען אַ מינימאַלע. די לעבנגעבליבענע איידעס האָבן פאַרצייכנט געציילטע פאַלן פון בגידע, פון אויסגעבן די באַהאַלט־ערטער פון די אייגענע ברידער. מיט שווערע קלעפּ האָבן די דײַטשן געוואָלט ברעכן די קאָרבאָנעס, וואָס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין זייערע הענט, און זיי צווינגען צו דערציילן דעם סאָד ווו עס געפינען זיך די יִידישע מלינעס. קעדיי אַרויסצוטרײַבן די באַהאַלטענע יִידישע מישפּאָכעס האָט דער סוינע ס׳ראָוו געמוזט אָנווענדן אַן אַנדער מיטל — אָנקומען צום אויפרײַס־קויעך פונעם גראַנאַט. ווען — פּאָנעם על פּאָנעם מיט דער געפאַר פאַרברענט, אָדער צעריסן ווערן, עס האָט זיך באַוויזן אַ יִיד באַם סכראַן־אַרויסגאַנג, איז ער דערשאָסן געוואָרן אַפן אָרט; אין זייער זעלטענע פאַלן איז אים לעייסאַטע גע־שאָנקען געוואָרן דאָס לעבן 42). און אויב באַם געכאַפּטן יִיד איז געפונען געוואָרן געווער, איז שוין זײַן טויט געווען אַן אַנדערער, שוין נישט קיין געגאַרטע דערשיסונג אַפן אָרט, נאָר אַ שווער, פּאַמעלעך, יעסורעמדיק אומקומען מיט שרעקלעכער פּײַן, אַזוי ווי די עס־עסישע מענטשן־פּאַנגער האָבן עס געקאָנט. אַפן אָרט איז דערהאַרגעט געוואָרן אַ געוואַלטיקע צאָל יִידן. אַ סאַך זקיינים און קינדער זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן מיט אַן אויסרייד, בעכיין זיי זײַנען געווען באַהאַלטן 43).

---

41) ג״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

42) ש. גרינשטיין: „אין יענע גרויליקע טעג״ („דאָס נײַע לעבן״ פון 17טן אויגוסט 1949).

43) דאָרטן.

אַזוי האָט פראַנק און פרײַ געהוליעט די סטיכיע פון טויט און פון פײַן אין מעשעך פון אַכט טעג. דעם 23טן אויגוסט האָט זיך, מאַשמאָעס, געוויזן אין שטאָט ד״ר קאַנאַריס אַליין. אַף זײַן באַפעל זאָל מען האָבן אָנגעשטעלט דעם ווילדן געיעג און די גאַסן־האַריגעס און אײַנגעאָרדנט אַ סעלעקציע 44). די סעלעקציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרויזאַמסטער אַכזאָריעס: אַרום זײַנען געפאַלן געשרייען „לאָמיר זיך געזעגענען צום לעצטן מאָל״ 45).

דרײַ גורלאָלעס האָט געהאַט די סעלעקציע: דערהאַרגעט ווערן אַפן אָרט; אַוועקגיין אין וואַגאָן; בלײַבן אין „קליינעם געטאָ״.

אַ קליינער שטעטעך אַף פאַבריק־גאַס, דאָרטן, ווו עס איז אַמאָל ווען די ייִדישע גימנאַזיע און דער „טאָז״, איז אַרומגעצוימט געוואָרן דורך ייִדישע הענט. דאָ איז באַשטימט געוואָרן דאָס „קליינע געטאָ״. דאָ איז קאָנצענטרירט געוואָרן אַרום אַ טויזנט ייִדישע נעפאַשעס 46).. פּאַקטיש איז דאָס געווען אַ פאָריבערגייענדיקער אַרבעטלאַגער.

די אײַנוווינער זײַנע זײַנען געווען די פײַערלעשער, טרעגער, פּורמאַנעס, אַביסל פאַכלײַט. מען האָט זיך גענייטיקט אין זיי אָפּצורוימען די מיסט און כורוועס אַפן גרויסן געטאָ־שעטעך. אויך די, לעגאַבע וועלכע דער סוינע האָט אַרויסגעוויזן זײַן כעסעד, זײַנען דאָ געבליבן: עפראָיִם באַראַש און זײַן פרוי, סובאָטניק און מאַרקוס און זייערע מישפּאָכעס, דעם ראַבינער ראָזענמאַנס טעכטער, אַ פּאָר פאַבריק־דירעקטאָרן. דאָס האָט מאַרקוס צוגעגרייט אַ רעשימע פון די אייגענע מענטשן, וועלכע מען דאַרף ראַטעווען, אין דער זעלביקער צײַט, ווען די גאַנצע מאַסע, אַ געטראָטענע און געפּײַניקטע, האָט געפּלאָטערט אין דעם סוינעס פויסט צווישן לעבן און טויט 47).

ווען באַראַש איז אַרויס מיט דעם טשעמאָדאַן אין האַנט און רוקזאַק אַף דער פּלייצע אין שפּיץ פון דעם צוג צו טאָן דעם ווילן פון די פאַרטיליקער און זיך לאָזן מיטן גיירעש־וועג, האָט ער באַזײַטיקט דעם דראָט וואָס האָט אַרומגענומען דעם פּלאַץ און פרײַ געמאַכט דעם אַדורכגאַנג

---

44) ג״א פון נ. באַביקער.

45) ג״א פון אַרן טשאַפּלינסקי, איבערגעגעבן דורך ש. גרינשטיין (מעכאַבערס אַרכ׳).

46) פעליציאַ ראַשקין וועל ראַשקעס־נאַוואַקאַוואַ: „דאָס קליינע געטאָ אין ביאַליסטאַק״ אַרכ׳ יזה״א, נ׳ 2004; אויך — ג״א פון עפראָיִם נאַכימאַוויטש און ש. גרינשטיין.

47) ג״א פון א. קיסלער.

פאַר די ייִדן 48). אַליין האָט ער שוין פיגורירט דעמאָלט אָף דער לעבן־רעשימע פון זײַן פרײַנט איסאַק מאַרקוס און געהאַט דעם צוזאָג פונעם הויפּטשטורמפירער מאַגעל.

ער האָט אָבער אַ טאָג געהאַט, מיינענדיק, אַז אַלע ייִדן וועלן טאַקע ווילנלאָז גיין מיטן וועג, וואָס דער ראָש פונעם יודענראַט האָט פאַר זיי „פרײַגעמאַכט".

נאָך פיר טעג קאַמפן האָט זיך דער אָרגאַניזירטער ייִדישער ווידער־שטאַנד אײַנגעבראָכן. אָבער ער איז נישט פאַרלאָשן געוואָרן לעגאַמרע. ער האָט נאָך אַלץ געטליִעט און אַ בליאַסק געטאָן אין די ווינקעלעך, ווו ייִדישע מענטשן האָבן זיך פאַרשטעקט, און אַפילו אין דעם „קליינעם געטאָ" האָט ער זיך געיאַוועט. אין מעשעך פון נאָך אַ דרײַ וואָכן צײַט האָבן זיך פון צײַט צו צײַט געהערט שיסערײַ־אָפּהילכן פון געטאָ אין די ווײַטערע „אַרישע" גאַסן 49).

אין דעם „קליינעם געטאָ" זײַנען אויך אַרײַן די לעצט געבליבענע פון דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע. די נעשאָמע פון דעם טליִענדיקן ווידער־שטאַנד זײַנען דאָ געווען דער קאָמוניסט וועלוול וואָלקאָוויסקי און די שאָמרעס סאָניע שמידט (פון סלאָנים) — די לעצטע צוויי קאָמאַנדירן פון ביאַליסטאָקער געטאָ־זעלבשוץ. וואָלקאָוויסקי האָט אַריבערגעוואָרפן אין וואַלד אַרײַן געווער, ס'ראָוו נישט רעמאָנטירטע, וועלכע האָבן אין די באַדינגונגען פון דעם „קליינעם געטאָ" שוין נישט געהאַט קיין ווערט, אָבער וועלכע מ'האָט געקאָנט צורעכט מאַכן און באַנוצט אין וואַלד 50).

איינצײַטיק האָט וואָלקאָוויסקי געגרייט דאָס אַריבערוואַרפן די לעצ־טע מענטשן צו די פּאַרטיזאַנער. העיויס די סוויווע אין דעם „קליינעם געטאָ" איז געווען אַ שמאָלע, איז וואָלקאָוויסקיס דרייסטער פּלאַן דער־גאַנגען צו באַראַשן, און דער לעצטער האָט זיך געווענדט צום זעלבשוץ־קאָמאַנדיר, מען זאָל אים, באַראַשן, אויך נעמען אין וואַלד אַרײַן. ער איז גרייט אָפּצוגעבן די פּאַרטיזאַנער דאָס גאַנצע גאָלד פונעם יודענראַט. וואָלקאָוויסקיס ענטפער איז געווען: דו ביסט נישט געקומען צו אונדז פריִער; איצט דאַרפן מיר דיך נישט האָבן 51).

---

48) דאַרטן.

49) ג"א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.

50) ג"א פון מ. בוד.

51) דאַרטן; אויך — ג"א פון ב. פּערעץ.

און דאָך וואָלט מען מעגלעך געמאַכט באַראַשן דאָס איבערגיין אין וואַלד, מען האָט זיך אַפּילו דאָרטן געגרייט אים מעקאַבל־פּאָנעם זײַן מיט אַ פאָלקס־געריכט 52). אָבער באַראַש האָט ליבערשט אויסגעקליבן אַן אַנדער וועג — קיין מײַדאַנעק, וווּ ער האָט גערעכנט איבערלעבן אינעם כּעסעד פון דעם סוינע, ליבערשט דאָס, איידער זיך שטעלן פּאָנעם על פּנעם מיט די פאָלקס־נעקאָמע־נעמער 53).

די לעצטע זעלבשוץ־גרופּע איז, ווי געזאָגט נישט געזעסן מיט פאַר־לייגטע הענט. מען האָט איבערגעשיקט אַביסל מענטשן אין וואַלד אַרײַן און מען האָט געזאַמלט אַרום זיך גרייטע אַף אַלץ ייִדישע באָכערים און מיידלעך. איינער פון דער גרופּע, אַ ייִנגל, איז אַרײַנגעפאַלן אין די דײַטשע הענט. מען האָט באַ אים געפונען אַ רעוואָלווער, דער באָכער האָט זיך געפּרוווט פאַרטיידיקן מיט געווער אין האַנט. אין דער לעצטער רעגע האָבן די דײַטשן אַרויסגעכאַפּט באַ אים די קלייזאַמען און דערשאָסן אַפן אָרט 54). אַ צווייטער פּרווו צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד האָט געהאַט אַן אָרט אַפן געטאָ־בייסוילעם אַף זשאַביע. עטלעכע זעלבשוץ־כאַווייריםהאָבן זיך — אין אַנבליק פון אַ זיכערן טויט — געוואָרפן אַפן טאַליען פרידעל; אָבער אויך זיי זײַנען טייקעף אַוועקגעפאַלן, אַרונטערגעשניטענע פון דעם סוינעס קוילן. דער סוינע איז אין די לעצטע טעג געוואָרן פאַרזיכטי־קער 55).

אַ לײַכט פאַרוווּנדעטער בעייס איינעם אַ צוזאַמענשטויס האָט וועלוול וואָלקאָוויסקי נאָך אַלץ נישט געקאָנט פּויעלן באַ זיך אַוועקגיין אין וואַלד. ער האָט אָנגענומען אַ דרייסטן, אויסטערלישן באַשלוס: זיך לאָזן איינ־איינעם מיט די לעצטע ייִדן מיטן גייִרעש־וואַגאָן, קעדיי דאָ זיי צו דער־מונטערן און אָרגאַניזירן צום אַנטלויפן. ער האָט דעם באַשלוס אויסגעפירט. אַפן וועג קיין טרעבלינקע האָט ער אָרגאַניזירט אַ גרופּע צום אַנטלויפן 56). אַליין איז ער, ווײַזט אויס, באַם פאַרווירקלעכן דעם גע־וואַגטן פּלאַן אומגעקומען מיט אַ העלדן־טויט. עס זײַנען אָבער מיט מאַזל געשפּרונגען אַנדערע. עס איז געפאַלן דער רוף: „כעוורע, מיר שפּרינ־

52) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקי און מ. בוך.
53) ג״א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.
54) דאַרטן; אויך — ג״א פון מ. בוך.
55) ג״א פון כ. קורילאָווסקי.
56) ג״א פון ב. פּערעץ און כ. זאַכאַרעוויטש.

גען" 57). עס האָט זיך דעמאָלט אַראָפּגעלאָזט פונעם לויפנדיקן צוג, אונ־טער די קוילן פון די וועכטער אַף די וואַגאָן־דעכער, די זעלבשוץ־כאַווי־רים העניעק גאָלדשטיין, אַ האַנדל־אַנגעשטעלטער פון וואַרשע, די ביאַ־ליסטאָקער אַוורהאָם באַס, אַווראָם כאַזן, פליישער; דער לעצטער איז צוריקגעקומען קיין ביאַליסטאָק, ווו ער איז אויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ פוילישן מאָסער און איז אומגעקומען 58).

לעפּיערעך אין דער זעלביקער צײַט קומט אום דער צווייטער קאָ־מאַנדיר סאַניע שמידט. בעראָש פון אַ גרופּע איז זי אַרויס פון געטאָ, זיך דערקליבן צום וואַלד. אָבער אַפן וועג צו דער פּאַרטיזאַנישער פרײַער ערד זײַנען די שרידים פון זעלבשוץ דערווישט געוואָרן פלוצים דורך אַ דײַטשער אָפּטיילונג. עס האָט זיך פאַרקניפּט אַ קורצע שלאַכט. בלויז צוויי פון דער יידישער גרופּע זײַנען אַרויס גאַנץ. די לעצטע קאָמענ־דאַנטן פון דער ביאַליסטאָקער געטאָ־זעלבשוץ סאַניע שמידט איז געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט 59). מער מאַזל האָט געהאַט יאַשקע קאַווע, וועלכער איז אַנטלאָפן פון וואַגאָן. קאַווע איז אָנגעקומען אין וואַלד. דאָ איז ער שפּעטער געפאַלן אין קאַמף 60).

די לעצטע שפּורן און אָפּהילכן פון דער יידישער זעלבשוץ האָבן זיך געלאָזט פילן ווײַט פון ביאַליסטאָקער מאָקעם האַריגע. אין צוגן, וואָס האָבן געפירט די מענטשלעכע לאָדונג אין פאַרשיידענע ריכטונגען, אַפילע אַף צאָפן, קיין מיזרעך־פּרײַסן, האָבן מיט זייער הייס וואָרט געווירקט אַף די אַקטיוויסטן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין איינעם פון די צוגן איז געזעסן דער אינזשעניער שטופלער, אַן אַלטער קאָמוניסט, אַ זעלטענער מענטש, וואָס האָט יעדן איינציקן פון זײַנע אכים לעצאָרע געהאָלפן, מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. מיט גרויס מוט האָט ער זיך אַקעגנ־געשטעלט די דײַטשע וועכטער, זיי געוואָרפן אין פּאָנעם אַרײַן דעם ביי־טערן עמעס. שטופלער האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זײַן קאָפּ. ער איז דערשאָסן געוואָרן אין וואַגאָן. גויסעסדיק האָט ער באַוויזן מיטצוגעבן זײַנע שכיינים אַ צאַוואָע: מען זאָל דעם זון זײַנעם, אויב ער וועט בלײַבן

57) דאַרטן.
58) דאַרטן: אויך — פון א. נאַכימאָוויטש.
59) ג"א פון מ. יאַניש און ט. ציטראָן.
60) ג"א פון ר. וואַיסקאַוסקאַ און מ. בור.

לעבן, דערצויגן אין גייסט פון קאָמוניזם, פון מענטשן־ליבע און פון נע־קאָמע אין די היטלער־באַרבאַרן 61).

דאָס איז געווען די צוואָע נישט פון איין שטופּלער. דאָס איז געווען די צוואָע פון אַ סאַך 62).

* * *

דעם 16טן סעפּטעמבער 1943, אַ כוידעש נאָכן אָנהייבן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע, איז די „אַקציע" אָפיציעל דורך דער דייטשער מאַכט פאַרענדיקט געוואָרן. מען האָט נישט באַאומרויקט די אַרנטלעכע בירגער פון דער „אַרישער" זייט מיט נאַכט־שיסערייען. דאָס „קליינע געטאָ" איז געווען ליקווידירט. 112 געפאַנגענע האָט מען אַריבערגעפירט אין טפּיסע; אַהער האָט מען קעסיידער געבראַכט געכאַפּטע ייִדן פון בונקערס, פון די „אַרישע" גאַסן; פון דאַנען איז טאָג־אײַן טאָג־אויס אָפּגעפאָרן אַ „דושעגובקע" מיט קאָרבאָנעס צום אומקום. יעדן טאָג האָט דאָס וואָר־טשען פונעם דיזעל־מאָטאָר מודיע געווען די אַרעסטאַנטן, אַז דער היט־לעריסטישער מאַלעך האַמאָוועס רײַסט אַרויס נײַע אומשולדיקע לעבנס און פירט זיי אַוועק הינטער דער שטאָט, קיין נאָוואָסיאָלקע און גראַבווקע, ווו עס ווערן אויסגעגראָבן מאַסן־קוואָרים פאַר די לעצטע ייִדן. בלויז גע־ציילטע גוטע פאַכלײַט — שוסטער, סטאָליער, מוליער — האָט מען גע־האַלטן אין טפּיסע אונטער דער האַרטער האַנט פון דעם סאַדיסט קנעפער און באַנוצט צו פאַרשיידענע אַוווידעס פערעך 63).

אַ צווייטע פאַרטיע האָט מען צוגעפּעסטיקט צום אַרבעט־לאַגער אי־נעם גוט מאַרקאָווּשטשינע הינטער ביאַליסטאָק; דאָ האָבן זיי געטאָן שקלאַפן־אַרבעט באַ בויען ווילעס פאַר דײַטשישע גדוילים 64).

דאָס זײַנען אָבער אויך געווען יעכידים.

דער גרויזאַם־טראַגישער עפּילאָג פון די פאַרטריבענע ייִדן פון געטאָ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט נישט אָפּן געביט פון ביאַליסטאָק, נאָר אָף גרויסע שטאָכים ווײַט פון דאַנען — אין די טויט־לאַגערן פון טרעבלינקע און מאַידאַנעק, אין דעם אַוווידעס־פערעך־לאַגער פּאָניאַטוו, אין די לאַגערן

61) רייזנער, ז' 231.
62) ג"א פון י. ריווקינד.
63) ג"א פון ב. שאַצמאַן.
64) דאָרטן.
65) ג"א פון ט. ציטראָן.

פון בליזשין און אָשוויענטשים און אויך אין דעם „טשעכישן פּראָטעקטאָראַט" — אין טערעזין.

נאָך די, וואָס מען האָט אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע, איז קיין שום שפור נישט געבליבן. עס איז לאַכלוטן נישט באַקאַנט זייער לעצטער וועג צום טויט. קיין טרעבלינקע האָט מען געפירט אין די ערשטע טעג פון דער „אַקציע".

די, וועלכע מען האָט אַרײַנגעשטופּט קיין פּאָניאַטווו (אַן אַרבעט־לאַגער הינטער לובלין), זײַנען שפּעטער דערשאָסן געוואָרן ביז איינעם.

צווישן די, וועלכע מ'האָט פאַרשלעפּט קיין מאַידאַנעק, האָבן זיך געפונען באַראַש, סובאָטניק, מאַרקוס און זײַן ברודער אַלבערט, דער קאָמענדאַנט פון די פײַערלעשער בובריק, דעם געוו' שעף פון גראָדנער געטאָ־פּאָליציי סרעבניק; מען האָט זיי געפירט אין בעסערע וואַגאָנען מיט זיך־פּלעצער. לעכאַטכילע האָט מען זיי אין מאַידאַנעק באַהאַנדלט בעסער ווי די גאַנצע מאַסן, וועלכע מ'האָט אָדער אויסגעראָטן אָדער געפּײַניקט מיט איבערמענטשלעכער פּראַצע. דער סוינע האָט אָבער געוואָלט פּאָטער ווערן פון באַראַשן, וועלכער האָט געוווּסט געוויסע נישט באַקוועמע סוידעס פון דער דײַטשער מעמשאָלע־מאַשין. האָט מען אויסגענוצט אַ פאַל מיט אַ גנייווע, צי מיט אַ געהיימען שפּײַז־קרעמל און באַראַשן איבערגעשיקט פון דעם „בעסערן" לאַגער אין דעם פּײַן־אָרט אין מאַידאַנעק, און דאָ איז דער הויפּט פונעם יודענראַט אינגיכן ליקווידירט געוואָרן66).

די גרעסטע שכיטע אין מאַידאַנעק איז פאָרגעקומען דעם דריטן נאָוועמבער 1943. עס זײַנען דעמאָלט אומגעקומען די לעצטע ייִדן פון ביאַליסטאָק, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם לאַגער 67).

אַזוי איז אומגעקומען דער ראָוו פון די ייִדן פון געטאָ ביאַליסטאָק.

גאָר אַ קליינער טייל איז פאַרשיקט געוואָרן אינעם אַרבעט־לאַגער אין בליזשין, אין דער געגנט פון קעלץ. דעם אַכטן נאָוועמבער האָט מען זיך גענומען צו די קינדער. 1560 קינדער האָט מען צוגענומען קיין ראַדאָם

66) ג"א פון א. נאַכימאָוויטש.
67) סט. פּיאָטראָווסקי: „די מיסיע פון אָדיל גלאָבאָצניק" (אין פּויליש), ז' 57; אויך — ג"א פון באַביקער, נאַכימאָוויטש און קוציקעוויטש, מיט דער שכיטע האָט אָנגעפירט דער לובלינער עס־עס־און פּאָליציי־שעף שפּאָרענבערג, וועלכער איז אין יאָר 1950 פאַרמישפּעט געוואָרן אין נײַעם פּוילן צום טויט.

און דאָ זיי געטויט. מיט שווערער האַרעוואַניע האָט מען פאַרפּייניקט די ייִדן אין בליזשין. בלויז איינצלנע זײַנען אַרויס מיטן לעבן 68).

יעכידים זײַנען אויך געבליבן פון די, וועלכע מ׳האָט פאַרשפּאַרט אינעם אָשוויענטשימער לאַגער 69).

די לעצטע ייִדישע קינדער פון ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן זיך געפונען אין טערעזיענשטאַט, אָדער טערעזין — אַ ריזיקער לאַגער אַפן געביט פון טשעכישן „פּראָטעקטאָראַט". נאָך צוויי כאָדאָשים האַלטן זיי דאָ האָט דער סוינע אויך אַט די קינדער אָוועקגעשיקט צום טויט קיין אָשוויענטשים 70).

אין מיזרעך־פּרײַסן האָבן זיך דערהאַלטן באַם לעבן, אַף שווערער אַרבעט, עטלעכע שרידים פון דער ביאַליסטאָקער איידע.

די מענטשן־פרעסערישע מאַשין האָט פאַרשטיליקט קאַרעוו 45 טויזנט ייִדן, וואָס האָבן זיך לעכאַטכילע געפונען אין דעם קאַפּאַקאַלע פון געטאָ ביאַליסטאָק.

פוסט און וויסט זײַנען געבליבן די כאַרעווע, צעפּלינדערטע געסלעך.

אין אוממענטשלעכע יעסורים איז אויסגעגאַנגען אַ גרויסע ייִדישע קעהילע.

אָבער איבער די כורוועס און אומקום־ערטער האָט געפלאַטערט דער הייליקער אָנדענק פון די, וואָס האָבן זיך אָקעגנגעשטעלט דעם גרויזאַמען סוינע און הויך אויפגעהויבן די פאָן פונעם קאָוועד פון ייִדישן פאָלק.

* * *

די העלדישע זעלבשוץ פון ביאַליסטאָקער געטאָ האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אין די פּראָגרעסיווע טיילן פון דער פּוילישער אונטערערד. דער פּוילישער ראָט צו העלפן ייִדן „זשעגאָטאַ" אין וואַרשע האָט אַרויסגעלאָזט צוויי ספּעציעלע פּרעסע־קאָמוניקאַטן וועגן דעם דאָזיקן ייִדישן גוורע־אַקט. דער ערשטער קאָמוניקאַט — פון 5טן סעפּטעמבער 1943 — טראָגט דעם טיטל „דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד פון די ייִדן אין ביאַליסטאָק" און טיילט מיט אַט וואָס:

68) נ"א פון ט. ציטראָן.
69) נ"א פון פ. בורשטיין.
70) עס זאָגן וועגן דעם איידעס די פאַרצייכענונגען פון די באַפרײַטע עס־טרײַכישע קאָמוניסטן, געוו. אַרעסטאַנטן פון אָשוויענטשים; די פאַרצייכענונגען געפינען זיך אינעם אַרכ׳ יוה"א.

„אין דער העלפט פון אויגוסט ד״י האָבן די דײַטשן דורכגעפירט אַ מערדערישע „ליקווידיר־אַקציע״ אין ביאַליסטאָק. דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ האָט געשטעלט אַ פאַרביסענעם ווידערשטאַנד. די פאַציפיקאַציע פון געטאָ איז פאָרגעקומען לויטן נוסעך וואַרשע, מיטן אָנטייל פון פאַנצער־אָפּטיילונגען פון עס־עס און ווערמאַכט. אַ באַדײַטנדיקע צאָל דײַטשן איז אומגעקומען. אין דער זעלביקער צײַט איז פאָרגעקומען אַ „ליקווידיר־אַקציע״ אָפן געביט פון ווילנע״.

אינעם צווייטן פרעסע־קאָמוניקאַט פון „זשעגאָטאַ״ — פון 15טן אָקטאָבער 1943, וואָס טראָגט דעם נאָמען „די באַוואָפנטע פאַרטיידיקונג פון געטאָ אין ביאַליסטאָק״, ווערט איבערגעגעבן:

„דעם 23טן אויגוסט ד״י האָט זיך אָנגעהויבן אין ביאַליסטאָק די מערדערישע ליקווידאַציע פון געטאָ 71), וואָס האָט געציילט אַרום 30 טויזנט מענטשן ... אין משך פון די ערשטע דרײַ טעג פון דער אַקציע האָט מען אַרויסגעפירט זיבן טראַנספּאָרטן אין טויט־לאַגער טרעבלינקע. כּוֹך דעם איז אַרויסגעפאָרן פון ביאַליסטאָק איין פּאַסאַזשיר־צוג, אָנגעפאַקט מיט קינדער, ריין אָנגעטאָנענע; אין יעדן וואַגאָן האָבן זיך געפונען צוויי יידישע פלעגערנס אין ווײַסע פאַרטעכער. עס הערשט די אַלגעמיינע איבערצײַגונג, אַז בײַ אָט די קינדער דאַרף מען פאַרן טויט אָפּצאַפּן בלוט פאַר פאַרוווּנדעטע דײַטשע זעלנער.

„אָפן פערטן טאָג פון דער אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן דער יידישער באַוואָפנטער קאַמף 72). די ערשטע צוזאַמענשטויסן האָבן געהאַט אָן אָרט אָף פאַבריטשנע גאַס. די שאַרפסטע קאַמפן האָבן זיך אָפּגעשפּילט בײַ דער ביאַלאָסטאָטשאַנער גאַס, וווּ עס האָט אָפּערירט אַ יידישע מאַשין־געווער. די דײַטשן האָבן אַרײַנגעפירט אין שלאַכט — פונקט ווי אין וואַרשע — פאַנצער־געווער און פעלד־אַרטילעריע. אין משך פון אַכט טעג האָבן געדויערט פאַרביסענע שלאַכטן. אַקטן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד מיצאַד די יידן האָבן נישט אויפגעהערט אויך שפּעטער; זיי האָבן געדויערט קאָרעוו אַ כוידעש צײַט. די יידן האָבן דערהאַרגעט בײַ די הונדערט דײַטשן און אוקראַינער און עטלעכע הונדערט פאַרוווּנדעט. די יידן האָבן געקעמפט מיט אַן אומגעוויינלעכער

---

71) אַ טעות. די ליקווידאַציע האָט זיך אָנגעהויבן דעם 16טן אויגוסט.
72) אויך אַ טעות. דער ווידערשטאַנד איז אויסגעבראָכן בעֵלד דעם ערשטן טאָג.

פֿאַרביסנקייט, אַרויסרופֿנדיק באַוווּנדערונג בײַ דער באַפֿעלקערונג פֿון שטאָט און אומגעגנט. קעדיי צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פֿון די קעמפֿער האָבן די דײַטשן — פּונקט ווי אין וואַרשע — אונטערגעצונדן דאָס געטאָ פֿון אַלע זײַטן. די אַקציע אָפּצורייניקן דאָס געטאָ דויערט נאָך איצט. דער גאַנצער באַן־טראַקט צווישן ביאַליסטאָק און מאַלקין־טרעבלינקע איז באַדעקט מיט די גופֿים פֿון אַנטלאָפֿענע פֿון די צוגן. אויף די וואַגאָן־דעכער שיסן אוקראַינער קעסיידער פֿון מאַשין־געווער אין די אַנטלויפֿנדיקע. בלויז אַ קליינער צאָל יעכידים איז געלונגען צו אַנטלויפֿן און זיך אויסבאַהאַלטן אין דערפֿער און וועלדער" 73).

אין אַ באַריכט פֿון דער פֿאַראייניקונג פֿון פּוילישע און סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער פֿון די מײַרעוו־ווײַסרוסישע געגענטן, פֿון 27טן מײַ 1944 לייענען מיר די ווײַטערדיקע ווערטער:

„דאָס געטאָ אין ביאַליסטאָק, נאָך אַ פֿאַרצווייפֿלטן, באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד פֿון די ייִדן, איז ליקווידירט געוואָרן. אַ טייל פֿון די ייִדן, וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפֿן, איז אַוועק אין די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען" 74).

די, וועלכע עס איז געלונגען זיך צו דערקלײַבן אין וואַלד, האָבן דאָ באַקומען אַ מעגלעכקייט אָנצוהייבן אָפּסנײַ דעם קאַמף, וואָס איז דערשטיקט געוואָרן אין געטאָ. עס הייבט זיך אָן אַ נײַע פֿאַזע פֿון ווידערשטאַנד. דער צענטער זײַנער איז איצט — דאָס וואַלד.

---

73) „זשעגאָטאַ", אַרכ' יִה"א.
74) אָרכ' פֿון צ. ק. פּ. ז. פּ. ר. (פּויל' פֿאַר' אָרב' פּאַרטיי)

# קאַפּיטל איינס

## „פּאָרויס“

ווען אין וואַלד איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דאָס געטאָ איז געפאַלן האָט די גאַנצע פּושטשע געוויינט. עס האָבן געוויינט די פאַרהאַרטעוועטע פּאַרטיזאַנער פון דער מאַכנע „פּאָרויס“ 1).

וואָרעם „פּאָרויס“ איז געווען אַ קינד פון לײַדנדיקן און קעמפנדיקן געטאָ, „פּאָרויס“ האָט געשפּירט דאָס פאַלן פון געטאָ ווי די אַווײַדע פון דעם סאַמע נאָענטסטן, פון דער אומגליקלעכער מוטער, וואָס האָט אים, דעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, געבוירן, געקאָרמעט, באַוואָפנט 2).

דאָס איז געווען די שווערסטע, ווייטיקפולסטע צײַט אינעם לעבן פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער.

דאָס געוויין האָט זיך אָבער באַ זיי אויסגעמישט מיט אַ הייליקער שוווּע נויקעם צו זײַן און ציִען ווײַטער דעם פאָדעם פון קשיי־אוירעפדיקן געראַנגל 3).

די ייִדישע פּאַרטיזאַנישע מאַכנע פון די ביאַליסטאָקער וועלדער „פּאָרויס“ פאַרנעמט אַ באַזונדער אָרט אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג פון די פּוילישע ייִדן. די ביאַליסטאָקער מאַכנע איז געווען אַ ייִדיש־פאָלקסטימלעכע. אין די וואַלד־געדיכטענישן האָבן די „פּאָרויס“־קעמפער גיריק אויפגעכאַפּט אַף די עטער־כוואַליעס דאָס ייִדישע וואָרט וואָס איז געפלאָסן פון ווײַטן קויבישעוו און מאָסקווע. די דאָזיקע מאַכנע איז אייגנצײַטיק פאַרבונדן געווען מיט דער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג 4). לעכאַטכילע איז דער קאָנטאַקט געווען אַ שוואַ־

1) נ״א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ און מ. בוד.
2) נ״א פון ל טשאַפּניק און א. רוד.
3) נ״א פון ר. וואַיסקאַווסקאַ און מ. בוד.
4) דארטן.

כער, שפּעטער האָט זיך „פּאָרויס” אײַנגעגלידערט אין די פּאַרטיזאַנישע רייען פון די סאָוויעטישע מענטשן. עס איז דער פאַרדינסט פון די פאַר־בינדלער מוישע בוך און עליע וואַראַט, וואָס די באַציִונגען זײַנען פאַר־שטאַרקט געוואָרן, און עס איז געלייגט געוואָרן דער יעסאָד פאַר די אָרגאַניזאַציאָנעל־מיליטערישע פאָרמען פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין ביאַליסטאָקער געגנט. לעגאַמרע אויסקריסטאַליזירט האָבן זיך די פאָר־מען פון אַפּריל־מײַ 1944 5). די מאַכנע „פּאָרויס” איז אײַנגעגלידערט געוואָרן אין דער אַלגעמיין־סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, זי אָזי געוועזן אַנגעשלאָסן אין דער בריגאַדע א”ב פון קאָסטיוס קאַלינאָוו־סקי 6), מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער קאָמבריג וואָיטשעכאָוו־סקי, לויט דער ראַנג אַ פּולקאָווניק, אַ פּאַליאַק, אַן אינזשעניער פון פאַך, אַ מענטש מיט הויכער אינטעליגענץ, אַן עכטער אינטערנאַציאָנאַ־ליסט; די ייִדישע פּאַרטיזאַנער קאָנען נישט פאַרגעסן דעם אײַנדרוק פון דעם טאָג, ווען אין לאַגער פון „פּאָרויס” איז אַראָפּגעקומען דער קאָמבריג און זײַן גאַנצער סוויטע אין פולן גענעראַליש־אָפיצירישן טראַכט, אויסדריקנדיק אַזוי אַרום די ייִדן פולע אַכטונג 7). וואָיטשע־כאָווסקיס בריגאַדע איז געוועזן אַ באַשטאַנד־טייל פון דער סאָוויעטיש־ווײַסרוסישע פּאַרטיזאַנישער פאַראייניקונג פון די ביאַלאָוויעזשער און שכיינעסדיקע וועלדער, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען דער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, דער באַרימטער פּאַרטיזאַנישער פירער גענעראַל־מאַיאָר קיריטשענקאָ (פּסעוודאָ: קאַפּוסטאַ) 8). אַזוי אַרום האָבן זיך די ייִדישע פּאַרטיזאַנער נישט געפילט פאַראײנזאַמט, נאָר זיי האָבן גע־שפּירט, אַז זיי זײַנען אַ טייל פון אַ ברייטער, אָרגאַניזירטער קאַמף־באַוועגונג, וועלכע האָט זיי געשטיצט און געזאָרגט פאַר זיי און פאַר וועלכער זיי האָבן, פון זייער זײַט, געפילט שלאַכט־אַכראַיעס און צוגעבונדנקייט.

צו דער בריגאַדע פון פּולקאָווניק וואָיטשעכאָווסקי האָבן געהערט פינף אָטריאַדן: 1) די מאַכנע אפן נאָמען פון דעם העלד פון ראַטנפאַר־

---

5) לויטן פּאַרטיזאַנישן אַרכיוו פון טאַלי (ש. דאַטנער); אויך ק. באַראַקין: „וועגן ייִדישער פּאַרטיזאַנישער העלדישקייט אין ביאַליסטאָקער וועלדער” (מעכאַבערס אַרכ׳).

6) דאָס איז דער נאָמען פון אַ ווײַסרוסישן נאַציאָנאַלן העלד פון דער צײַט פון דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד פון 1863.

7) ג”א פון ע. בוימאַץ און פּ. קאָזשעץ (מעכאַבערס אַרכ׳).

8) ג”א פון ר. וואָיסקאָווסקאַ און מ. בוד

באַנד מאַטראָסאָוו, וואָס איז באַשטאַנען פון אַנטלאָפענע סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע 9); 2) דער אָטריאַד אָפּן נאָמען „26 יאָר פון אָקטאָבער" אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמאַנדיר פיליפּאָוו (דער דאָזיקער פיליפּאָוו האָט פון זײַנע אייגענע פּיס אַראָפּגעצויגן די שטיוול און אַוועקגעגעבן אַ באָרוועסן יידישן פּאַרטיזאַן 10); 3) די פּאַראַשוטיסטן־מאַכנע אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמאַנדיר אַנדרייעוו; 4) אַן אָטריאַד פון אָרטיקע ווײַסרוסישע פּויערים; 5) די יידישע מאַכנע „פאָרויס" 11). אין שפּיץ פון אַלע אָפּטיילונגען איז געשטאַנען אַ שטאַב, דאָס איז געווען דער שטאַב פון דער פאַראייניקונג 12). אַלע מאַכנעס זײַנען אין זייער מערהייט באַשטאַנען פון סאָוויעטישע און אָרטיקע ווײַסרוסישע מענטשן, אָבער אין אַלע אָטריאַדן האָבן זיך אויך געפונען יעכידים פאַליאַקן און יידן. יידן זײַנען געווען אויך אין שטאַב פון דער פאַראייניקונג, לעמאָשל: דער ווילנער אַנטיפאַשיסט יאַנקל באַנק, דער ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנער דאָוויד ראָזענשטיין („דיאַדיאַ מישאַ"), דער רעדאַקטאָר פונעם אָרגאַן פון דער פאַראייניקונג „ביאַלאָסטאָצקאַ פּראַוודאַ" א"א 13). אָבער „פאָרויס" איז געווען אַ באַזונדערע יידישע אָפּטיילונג מיט אייגענע — כאָטש אַלגעמיינע — אויך יידישע אויפגאַבעס, מיט אַ קולטור־טעטיקייט אין יידיש, מיט אַ ספּעציעלער השגאָכע איבער די פּלייטים פון געטאָ 14). די יידן זײַנען אָבער נישט געווען אָפּגעזונדערט. אַזוי האָבן זיי אין דער בריגאַדע „קאַסטוס קאַלינאָווסקי" און ביכלאַל אין דער פאַראייניקונג געקעמפט האַנט אין האַנט מיט רוסישע, ווײַסרוסישע, פּוילישע פּאַרטיזאַנער.

---

9) סימכע לאַוואַ: „אין די סופּראַסלער וועלדער", אַרכ' יוה"א, פּראָט' נ' 3147.

10) ג"א פון ע. בוימאַץ און פּ. קאָזשעץ.

11) דאָרטן.

12) קאָט, ז' 119.

13) ג"א פון מ. בוד. יאַנקל באַנק איז געפאַלן ווינטער־צײַט 1943—1944 אין אַ פאַראייניזאַמטן קאַמף מיט די דײַטשן אין די וואָלקאָוויסקער וועלדער, גייענדיק אַף מײַרעוו צו די יידישע פּאַרטיזאַנער מיט אַ וויכטיקע אויפגאַבע פון שטאַב צו העלפן די יידן. ער איז אַרײַן אַ רעגע זיך אָנוואַרעמען צו אַ פּויער, און דער איז אַוועק בר'ענגען דײַטשן. באַנק האָט זיך לאַנג פאַרטיידיקט, באַשיסנדיק דעם סוינע פון אויטאָמאַט; ווען עס איז געבליבן די לעצטע קויל, האָט ער זי אַרײַנגעשאָסן אין זיך. וואָס שײַעך ראָזענשטיין — „דיאַדיאַ מישאַ", דאַרף מען אים נישט צונויפמישן מיט אַ צווייטן יידישן פּאַרטיזאַן „דיאַדיאַ מישאַ" — גילדעמאַן.

14) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

דאָס אַלץ איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן, ווי געזאָגט, פֿרילינג־צײַט 1944. אָבער די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג באַ די ייִדן פֿון ביאַליסטאָקער געגנט איז, ווי באַקאַנט, געבוירן געוואָרן און האָט זיך אַנטוויקלט אַ סך פֿריִער.

צו די פּיאָנערן פֿון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג באַ די ייִדן פֿון דער דאָזיקער געגנט געהערן די אָנפֿירנדיקע טוער פֿון אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט ריווקע וואָיסקאָווסקאַ, יאָשקע קאַווע, מוישע (מאַרעק) בוך, ווי אויך יעהודיס נאָוואָגרודזקאַ („יודיטאַ") און מוישע סלאָפּאַק („מאַקסים"); דעם לעצטן דאַרף מען באַצייכענען ווי דעם ערשטן ייִדיש־פּאַרטיזאַנישן קאָמאַנדיר אין די ביאַליסטאָקער וועלדער. ער איז אַרויס פֿון ביאַליסטאָקער געטאָ אין וואַלד אַרײַן אין נאָוועמבער 1942. ער האָט פּאַר זײַנע שלאַכט־כאַווירים אַוועקגעשטעלט די פּראָבלעם פֿון פּאַרטיזאַנעווען נישט ווי אַן אויפֿן צו ראַטעווען דאָס לעבן, נאָר ווי אַ פֿרײַהייט־געראַנגל, וועגן וועלכן מ'האָט געטרוימט אין געטאָ־טכום 15). מאַקסימס כעווריע איז נאָך געווען קליין אין צאָל, זי האָט סאַכאַקל געציילט 17 פּערזאָן, אָבער זיי האָבן באַלד פֿון אָנהייב גענומען באַאומרויִקן די דײַטשן. זיי האָבן צעקלאַפּט עטלעכע דײַטשישע פּאָסטנס און דעראָבערט אַזוי אַרום געווער. פּאַמעלעך האָט דער קליינער אָטריאַד גענומען וואַקסן, אָבער עס איז נישט באַשערט געווען סלאָפּאַקן צו דערזען אַ גרויסע פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג באַ ייִדן. הינטערן דאָרף ליפּאָווי מאָסט איז ער מיט אַ גרופּע כאַווירים אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ שטראָף־עקספּעדיציע פֿון עס־עס בעייס אַ וואַלד־אַבלאַווע און איז אײַנאײַנעם מיט נאָך מיטקעמפֿער געפֿאַלן אין שלאַכט. געשען איז דאָס דעם 13טן פֿעברואַר 1943. מיט מאַקסימען האָבן זיך דעמאָלט גע־פֿונען 13 קעמפֿער. די דײַטשישע קויכעס זײַנען געווען פֿילפֿאַכיק גרע־סער. די שלאַכט האָט געדויערט 45 מינוט. די ייִדן האָבן געשטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד. די דײַטשן האָבן געמוזט אָפּטרעטן, איבערלאָזנדיק צוויי ביקסן; אַ דערהאַרגעטן און צוויי פֿאַרוווּנדעטע האָבן זיי מיט־גענומען מיט זיך. אָבער דער קאָמאַנדיר סלאָפּאַק איז געווען שווער פֿאַרוווּנדעט. ער האָט געגויסעסט פֿון באַנאַכט ביז 11 אינדערפֿרי. גע־

15) ג"א פֿון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.

שען איז דאָס באַ ליפּאָווי מאָסט נישט ווײַט פון גרודעק, 25 קילאָמעטער פון ביאַליסטאָק 16).

מאַקסימאָס אָרט האָט שפּעטער פאַרנומען יוינע סאַכאַטשעווסקי (פּסעוודאָ: „יעזשי", „סאַשאַ") — אַ זעלטענע געשטאַלט, וואָס האָט זיך טיף אײַנגעבאַקן אין האַרצן נישט בלויז באַ זײַנע ייִדישע מיט־קעמפער, נאָר אויך באַ אַלע פּאַרטיזאַנער אַרום. דער קאָמאַנדיר פון „פאָרויס" סאַכאַטשעווסקי האָט פאַרמאָגט די שענסטע מידעס: באַשיי־דנקייט, כאַוואַרישקייט און גרענעצלאָזן מוט. דאָס איז געווען אַ יונגער דרוקער־אַרבעטער פון וואַרשע און אַן אויסגעצייכנטער ספּאָרטלער, אַן אַקטיוויסט פון דעם וואַרשעווער ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן". ער איז אויך געווען אַ באַגאַבטער פּען־מענטש. ער האָט זיך קוינע־שעם געווען מיט זײַן טרײַשאַפט צו דער ווידערשטאַנד־זאַך נאָך אין געטאָ. ער האָט אַדורכגעמאַכט די ערשטע פּאַרטיזאַנישע שריט אין די סלאָנימער וועל־דער, דערנאָך איז ער געקומען קיין ביאַליסטאָק און דאָ געאַרבעט — באַנאַנד מיט נאָך ייִדן — אין דעם מוזיי פון ביאַליסטאָקער געשטאַפּאָ ווי אַ קעסל־הייצער און אויסגענוצט די דאָזיקע באַשעפטיקונג זײַנע פאַר העלפן די כאַוויירים פון די ערשטע, אַנטשטייענדיקע אונטערערדישע גרופּעס; ער האָט אַרויסגעשלעפּט — אײַנשטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן — טיילן פון געווער. דערנאָך איז ער אַוועק אין וואַלד 17).

קאָמיסאַר פון „פאָרויס" איז געווען ריווקע וואַיסקאָווסקאַ (פּסעוו־דאָ: „לענאַ", „ריווקע") 18).

די מאַכנע „פאָרויס" האָט געהאַט עטלעכע סוב־אָפּטיילונגען מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט די קאָמאַנדירן עליע בוימאַץ (פּסעוודאָ: „עליאַש"), כאַים לאַפּטשינסקי, שעפּסל באַראַוויק, און נאָך דעם לעצטנס העלדן־טויט — ביניאָמין קירזשנער (פּסעוודאָ: „ניאָמע", „קאָליע"); אַ צײַט איז קאָמאַנדיר פון דער גרופּע געוואָרן — שיע קאַנטאָר (פּסעוו־דאָ: „אַנדריי"). איטלעכער איינער פון די שלאַכט־קאָמאַנדירן האָט גע־האָט זײַן אויפטועך־געשיכטע נאָך פון ערעוו־„פאָרויס"־פּעריאָד, אַזוי איז, לעמאָשל, מיט עליע בוימאַצעס נאָמען פאַרבונדן די געשיכטע מיטן בונט פון די ייִדן פון שטעטל סופּראַסלע, וואָס הינטער ביאַליסטאָק. דאָס

16) ג"א פון פ. קאַזשעץ, ע. בוימאַץ און ק. באַראַקין.
17) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
18) ג"א פון מ. בוך.

איז געווען בעייס דער ליקווידיר־אַקציע פון סופּראַסלער געטאָ. שוין אין טויט־וואַגאָן האָט עליע בוימאַץ, אַ יידישער אַרבעטער־קאָמוניסט פון זדונסקע־וואָליע, אָרגאַניזירט אַ גרופּע, בעסויכעם: די לאָדזשער וועבער די ברידער קאָן, דער פּיעטרקאָווער אַרבעטער קאַטשוואַרסקי אין זיין שוועסטער הינדע־קאָן־קאַטשוואַרסקאַ, אַלע שפּעטערדיקע פּאַרטיזאַנער, און בעראָש פון אַ גרעסערער צאָל יידן צעשלאָגן די דייטשישע וואַנט, זיך דורכגעריסן דורך די פּאָליציייִשע קייטן און אַוועק אין וואַלד. אַ צייט האָט עליאַשעס גרופּע אָפּערירט אַליין, ביז זי האָט זיך איינגעגלידער אין „פּאָרויס”. 19).

די געשיכטע פונעם צווייטן קאָמאַנדיר, כאַים לאָפּאַטשינסקי איז פאַרבונדן מיט די טראַגישע זעלבשוץ־טעג אין געטאָ, ווען דער דאָזיקער מוטיקער באַכער האָט זיך מיט אַ הילצער האַק געוואָרפן אָף די דייטשישע באַנדיטן 20).

צו עליע בוימאַצס גרופּע האָבן געהערט די פּאַרטיזאַנער: פּאַליע בוימאַץ, דעם קאָמאַנדירס פרוי, כאַים קאָן, הינדע קאָן און איר ברודער מישע, לייב פּודלאָווסקי (פון לאָדזש), לייזער בלומבערג און גאָלדע קאַמיענעצקאַ (פון סלאָנים) דער פּולעמיטשיק שאָלעם קאָזשעץ און זיין פרוי רעגינע (פון דער היים: שפּיראַ) און ברודער פּינכעס („פּאַוועל”) קאָשעץ (אַלע פון זדונסקע וואָליע), האַנקע סטריקאָווסקי און יאַנקל מעלאַמעד, ביידע אומגעקומען אין קאַמף דעם 2טן סעפּטעמבער 1943 אין סופּראַסלער וואַלד, עזראַ אַביעדזשינסקי, דער העלדישער לערער פון גראַיעווע, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט בעייסן געטאָ־קאַמף (געפאַלן שפּעטער אין שלאַכט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי), כאַים שוסטער („פּימאַ”), ביניאָמין ראַצלאַוו (פון סאָקאָלע, יאַנקל גראַיעווער (פּסעוודאָ: „יאַנעק”, פון סלאָנים, געפאַלן אין קאַמף מיט די וולאַסאָוו־פאַררעטער אין יוני 1944 און דער ליפּטשאַנער פּושטשע), מאַקס וואָלק, סאַווקע קוסעוויצקי א”א 21).

צו שעפּסל באַראַווסקיס גרופּע האָבן געהערט ביניאָמין קירזשנער (דעם קאָמאַנדירס פאַרטרעטער), מאָטל טשערעמאַשני, שימען דאַטנער,

19) דאָרטן.
20) זע אויבן.
21) ג”א פון א. בוימאַץ און ש. דאַטנער; אויך — ג”א פון ק. באַראַקין, אַרכ' ייִה”א, פּראָט' נ”נ 3766 און 2003.

יִסראָעל קאָט א״א. דער לעצטער קאָמאַנדיר פון דער דאָזיקער סוב־אָפּטיילונג איז געווען שיִע קאַנטאָר (אַנדריי); אין זייער צײַט האָבן צו דער גרופּע געהערט: רוּוון לעווין („סערגיי״), מוטע רוסקאָ, העניך פאַרבער, דער העלדיש־אומגעקומענער יוגנטלעכער דער פּולעמיאַטשיק יעכיִעל זייפמאַן (פּסעוודאָ: „הילעק״), אַ באַליבטער בײַ אַלע שלאַכט־כאַווײרים, לייזער כאַראָשוק, אָוואַדיע פּאָמעראַנץ, אַליאָשע לענינגראַ־דעץ, דער קונסט־שניצער כאַלעף סאָקאָלאָווסקי, סימכע לאָוואָ 22).

„פּאָרויס״ האָט געציילט אין זײַנע רייען אַ סך העלדישע פּאַשע־טע קעמפּער, וועלכער זײַנען גרייט געווען מאַקרעוו צו זײַן אַלץ פּאַרן הייליקן ציל.

אַ שטילער און באַשיידענער איז געווען דער קעמפּער פון כאַיִם לאַפּאַטשינסקיס סובאָפּטיילונג יִסראָלקע פעלדער, אַ שמידס אַ זון, אַ ברודער פון דעם טוער פון דער אַנטיפאַשיסטישער געטאָ־אָרגאַניזאַ־ציע זאַלמען פעלדער. יִסראָלקע איז געקומען אין וואַלד אַרײַן און האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ טרײַער פּאַרטיזאַן. מיט אים האָט פּאַסירט אַן אויסטערלישע געשיכטע, פון וועלכער ער איז אַרויס אַן עמעסער העלד. סאָף אַפּריל 1944 איז ער בעייס אַ שלאַכט אַרײַנגעפאַלן אַ פאַרכאַלעש־טער אין די הענט פונעם סוינע. מען האָט אים געבראַכט אין ביאַליסטאָ־קער געשטאַפּאָ, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעדרע אוממענטשלעכע אינואים — ער זאָל אויסגעבן די ערטער פון די פּאַרטיזאַנער. יִסראָל־קע איז געווען פון אַ שוואַכן געבוי, אָבער אַ מענטש מיט אַ פעסטן כאַראַקטער. די פּײַניקער האָבן אים געבראַכן די שלעסער פון די הענט און פיס, געגאָסן האַשטאַנע אין דער נאָז, דורכגעלאָזט עלעקטרישן שטראָם דורכן אָפּגעשוואַכטן גוף, אָבער ער האָט אַלץ אַריבערגעטראָגן און געשוויגן. מען האָט אים געשלעפּט אין וואַלד, ער זאָל ווײַזן די שפּורן פון זײַנע כאַווײרים. יִסראָלקע האָט סאָפּקאָלסאָף אָנגענומען אַ באַשלוס: אַ סאָף צו מאַכן צום אייגענעם לעבן; ער האָט צעריסן בײַ־נאַכט דאָס העמדה, געמאַכט אַ פּעטליע און זיך אויפגעהאַנגען. די פּײַני־קער האָבן אים אָבער אָפּגעראַטעוועט, קעדיי ווײַטער אָנצוטאָן אינואים. מען האָט אים דערווײַל פאַרשפּאַרט אין טפיסע. ביינעלעביינע האָבן זיך די געשעעניִשן אַף די פראָנטן אַ קײַקל געטאָן פאַרויס, און פעלדער איז

22) קאַט, ז׳ 97; אויך — ג״א פון ש. לאָוואָ און ק. באַראַקין.

נאָך לאַנגע צאָרעס און וואָגלענישן געבליבן לעבן. די פּאַרטיזאַנישע שוווע האָט ער נישט געבראַכן 23). צו לאַפּטשינסקיס גרופּע האָט אויך געהערט שימען פּײַערשטיין, פעלדערס אַ מיטקעמפער 24).

מיט גרויס מוט האָט זיך אויסגעצייכנט דער פּאַרטיזאַן פון יודי־טאַס גרופּע מאַרעק שלענגער, וועלכער איז דערטרונקען געוואָרן בעיס אַ עקספּעדיציע אין טײַך סופּראַסל 25).

אין קאַמף זײַנען געפאַלן די פּאַרטיזאַנער: דער 17־יעריקער מע־נאַשע ליכטענשטיין, דער זון פון דעם אַלטן אַרבעטער־טוער יאָסל ליכ־טענשטיין, יוזשעק מאַרגאַליס, כאָנע לעוו („סטאַשעק”) טאַנכום פּאָ־גאָרעלסקי, יעכיעל זייפמאַן („הילעק”, „פּולעמיאָטשיק”) און צענדלי־קער אַנדערע.

דער צוזאַמענשטעל פון די יידיש־פּאַרטיזאַנישע רייען איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער. נעבן דעם שלאָסער־אַרבעטער מוליע ווײַנער און דעם מעכאַניקער בינימין שלייפער — דער שמיד פון גאָניאָנדז לייזער רובין 26). נעבן די יידן, אַנטלאָפענע און אַרויסגעריסענע פון די געטאָס אין ביאַליסטאָקער געגנט — פּליטים פון דעם גרויסן געטאָ־אויפ־שטאַנד אין וואַרשע, אָנגעקומענע פון די ווײַסל־ברעגעס, געטריבענע און פאַרפאָלגטע דורך א. ק.־לײַט, לעמאַשל, דער 16־יעריקער וואַצעק בירנ־צווײַג, אָדער בירנבוים, ער איז אומגעקומען אַלס רויטאַרמייער אין יאַ־נואַר 1945 (פון פיליפּאָווסקיס אָטריאַד) 27). נעבן פאָלקסטימלעכע טיפּן ווי יויעל קיסלער — אינטעליגענטן: יוריסטן (קאַלמען באַראַקין), מעדיקער (לעמאַשל ד"ר אַזדער, מעדיצין־סטודענט סיאָמע בערק־מאַן); 28). נעבן אַלטע, אויסגעפּרוווטע קאָמוניסטן — יוגנטלעכע ציאָניסטן: יעכיעל זייפמאַן און דאָוויד וואָרנע, און צוקונפטיסטן: יאַנקל וואָלאָווטשיק, וועלכער איז אומגעקומען אין קאַמף אין וואַלד, אַרן רובינשטיין, וועלכער איז שפּעטער געפאַלן אין שלאַכט ווי אַ

---

23) ג"א פון ק. באַראַקין, ע. בוימאַץ און ש. דאַטנער; אויך — ג"א פון מ. יאַניש, אַרכ' ייה"א, פּראָט' נ' 838

24) דאָרטן.

25) באַראַקין: „וועגן יידישער פּאַרטיזאַנישער העלדישקייט” אא"וו. אויך ג"א פון מ. יאַניש.

26) פּאַרטיזאַנישער אַרכיוו פון טאָלק.

27) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ, ק. באַראַקין און ש. דאַטנער.

28) דאָרטן

רויטאַרמייער 29). נעבן מענער — העלדישע פּאַרטיזאַנערנס, אַ שטייגער: ריווקע וואָיסקאָווסקאַ, פּאַליע באַומאַץ, הינדע קאָן־קאָטשוואַרסקאַ, פרומע ראָזענבלום, מיריאַם קאַפּלאַן, בעלאַ קויפמאַן א״אַ נעבן אַזעלכע וואָס זײַנען געשפּרונגען פון צוגן (קאַווע, מיעטעק, יאַקובאָוויטש) — אַזוינע, וואָס האָבן שוין פאַרזוכט דעם „טאָם״ פון טרעבלינקע (לייזער רובין) און מאַידאַנעק (פעלעק ראָזענבלום) 30). „פאָרויס״ איז געווען אַ צונויפנעם פון יידן פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך — וואַרשעווער, לאָדזשער, ביאַליסטאָקער, קאָנגרעס־פוילן און „קרעסן״, פון די שכייניש געטאָס, ווי די קרינקער מוליע נישט און יידל מיאַדאָוויק און דער פּרוזשאַנער יאַנקעוו לערנער, און פון ווײַטע מעקוימעס; פון פאַרשיידענעם עלטער און געוווינהייטן; — דאָס אַלץ האָט די אָנפירונג געדאַרפט צונויפשמעלצן אין איין קאַמף־פײַער, ווענדן אין איין ריכטונג, פאַרבינדן דורך אַן אײַזערנער דיסציפּלין און אויסשמידן אַן איינהייטלעכע מאַכנע. און נישט געקוקט אױף אַלע שווערע איבערלעבונגען און אױף דער קאַלעראַלייקייט פונעם צוזאַמענשטעל, איז „פאָרויס״ נישט איינמאַל אַרויסגערוקט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע אָנפירער פון דער פּאַרטיזאַנישער פאַראייניקונג ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע. די דאָזיקע אָנערקענונג פאַר דער יידישער גוורע האָט אויסגעדריקט אין זײַן טאָג־בוך דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיזאַנישער קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע דער ווײַסרוס איוואַן סקריפּניק; אין דעם טאָג־בוך, וועלכן ער האָט געשריבן אין וואַלד, האָט סקריפּניק באַ אַלערליי געלעגנהייטן אויסגעשטעלט אַזעלכע כאַראַקטעריסטיקעס די יידישע פּאַרטיזאַנער:

„די יידן זײַנען געשטאַנען אױף אַ זייער הויכן ניוואָ אין די פּאַרטיזאַנישע אַקציעס״;

„די יידישע פּאַרטיזאַנער קאָנען זײַן אַ מוסטער פאַר אַנדערע״ 31).

דער קאָמבריג וואָיטשעכאָווסקי שטרײַכט אונטער אין זײַנע פּאַרטיזאַנישע זיכרוינעס די העלדישקייט פון די יידישע וואַלד־קעמפער און באַשענקט זיי מיט לויב־ווערטער 32).

(29) ג״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.
(30) ג״א פון מ. בוד און ק. באַראַקין.
(31) דאָס „טאָג־בוך געפינט זיך אינעם ווײַסרוסישן פּאַרטיזאַנישן אַרכיוו אין מינסק
(32) איבערגעגעבן דורך ר. וואָיסקאָווסקאַ (דאָרטן).

אויך דער אַטריאַד־קאָמאַנדיר פּיליפּאָוו (פון דער פּאַראַשוטיסטן־גרופּע) האָט עפנטלעך געלויבט די ייִדישע פּאַרטיזאַנער, אַנרופנדיק זיי „יעוורעאי געראָי" 33).

די דאָזיקע אַנערקענונג האָט „פּאַרויס" פולשטענדיק פאַרדינט. די דערגרייכונגען, וואָס די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערשלאָגן, זײַנען אָבער אָנגעקומען נישט לײַכט. דער וועגן פון די פּאַרטיזאַנער איז נישט געווען אויסגעשפּרייט מיט רויזן. עס איז געווען אַ שווער לעבן, פול מיט געפאַרן טאָג־אײַן טאָג־אויס. מען איז אָן אויפהער געווען אויסגעשטעלט אַף הונגער, שמוץ, היימלאָזיקייט, קעסיידערדיקע אַליאַרמען; מ'האָט געמוזט אַליין זיך אויסגעפינען און אַליין זיך באַזאָרגן מיט געווער — אַ כוץ די פאַלן, ווען וואָפן איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן פון סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען.

די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַ כוץ די אַלגעמיינע שוועריקייטן — אָנגעטראָפן אַף ספּעציפישע אייגענע אינערלעכע און אויסערלעכע מיכשאָלים, וועלכע מ'האָט געמוזט מיט שווערן אָנשטרענג און אויך מיט דער הילף פון די סאָוויעטישע שלאַכט־כאַווײרים באַזײַטיקן.

צו די אינערלעכע שוועריקייטן האָט געהערט קוידעמקאָל די פּראָבלעם פון די פאַמיליע־גרופּעס, אָדער פון די אַרויסגעראַטעוועטע ייִדן פון דער געטאָ־סרייפע, וועלכע זײַנען נישט געווען געזעלשאַפטלעך באַוווסטזיניק, האָבן נישט געהאַט קיין פאַרשטייעניש נישט פאַר קאַמף, נישט פאַר אַרבעט אין וואַלד און זײַנען נישט זעלטן געווען עגאָאיסטיש. געטראַכט נאָר וועגן אויסבעסערן זייערע אייגענע באַדינגונגען, נישט האָבנדיק אין זינען אַנדערע, דעם גאַנצן קאָלעקטיוו 34). דער דאָזיקער עלעמענט איז — האַגאַם נישט טאָמיד אָפּגעבנדיק זיך אַ דין און וועכעשבן פון דער אייגענער אויפפירונג — אָלעל געווען אַרײַנצוברענגען דעמאָראַליזאַציע אין די פּאַרטיזאַנישע רייען, פאַרלייגנדיק, לעמאָשל מיטגלידער פון „פּאַרויס" אַוועקצוגיין אינאיינעם מיט זיי אין אַ זײַטיק אָרט, קעדיי אַדורכצולעבן אַ זאַוויערוכע. און די דאָזיקע ייִדן האָבן גענאָט געלט! 35). עס האָבן געטראָפן פאַלן פון כוליגאַניזם, וואָס מען

33) נ"א פון ע. בוימאַץ און ק. באַראַקין.
34) קאַט, ז' 92.
35) דאָרטן.

דאָרף צושרײַבן אַפן כעשבן פון די א״ג לויזע וואַלד־גרופּעס, וועלכע האָבן אָרגאַניזאַציאָנעל נישט געהערט צום „פּאָרויס״. עס האָט פּאַסירט אַ פּאַל, ווען מענטשן פון אַזאַ לויזער גרופּע האָבן פּאַרגוואַלטיקט ווײַס־רוסישע דאָרף־מיידלעך, ווען זיי האָבן דערהאַרגערט מיט מעסערס רעגולערע ייִדישע פּאַרטיזאַנער, וועלנדיק צונעמען בײַ זיי דאָס הייסע געווער, וואָס די קאָרבאָנעס האָבן געהאַט 36). צווישן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון „פּאָרויס״ און פון די לויזע גרופּן איז געווען אַ קאָנטיקער אונטערשייד: „פּאָרויס״ איז באַשטאַנען פון פּראָלעטאַריער און אינטעליגענץ, בעראָש פון דעם אָרגאַניזירטן אָטריאַד האָבן זיך אַרויסגערוקט אַלטע רעוואָלוציאָנערע טוער, אין דער מאַכנע האָט געווירקט די אַנטיפּאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע, בעיס די לויזע גרופּעס פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן זיך אין אַ גרויסער טייל (נישט אַלע!) רעקרוטירט פון שטוטשקאַזשעס (הענדלער־שווינדלער פון די מערק), גאַנאָווים און ענלעכע עלעמענטן 37). דער „פּאָרויס״ האָט געפירט אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן די דאָזיקע דעמאָראַליזירטע עלעמענטן, האָט שטרענג באַשטראָפט פּאַר כוליגאַנישע מײַסים און האָט אין דער זעלביקער צײַט דערוויזן, אַז בײַ אַן אידעיִשן צוגאַנג און אונטער אַן אָרגאַניזירטער אָנפירונג קאָנען אויך אַזעלכע עלעמענטן ווערן אינגאַנצן איבערגעבויט און נוציק 38).

פּאַר דער אַנטשטייונג פון די לויזע ייִדיש־פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, וועלכע זײַנען געשטאַנען מיכוץ דעם „פּאָרויס״, איז כאַראַקטעריסטיש דער וועג, וועלכן עס האָט אָדורכגעמאַכט די גרופּע פון די „ווײַסע קאָזשוכן״. דאָס זײַנען געווען מענטשן, וואָס זײַנען אַרויס דורך אייגענע וועגן פון ביאַליסטאָקער און אַנדערע שכייניש געטאָס און האָבן זיך אין וואַלד אָרגאַניזירט אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל. גערופן האָט מען זיי „ביאַלע קאָזשוכי״ — „ווײַסע פּעלצן״. לעכאַטכילע האָט די גרופּע געציילט נײַן פּערזאָן, דערנאָך איז זי זיך צעוואַקסן. עס האָבן געהערט צו איר: אַווראָם

---

36) ג״א פון ב. שאַצמאַן. עס זײַנען דעמאָלט געפאַלן פון יודיטאָס גרופּע לייזער וויסאָצקי, לייבל שוואַרץ, קאַראַלטשוק און אַ געוויסער „צעזאַר״. אַנדערע האַלטן עס פּאַר אַ טראַגישער מיספאַרשטייעניש — אַז דאָס האָבן לויזע פּאַרטיזאַנער פון קינישין דערהאַרגעט די דערמאָנטע קעמפּער, מיינענדיק אַז דאָס זײַנען דײַטשן.

37) ג״א פון ל. טשאַפּניק און אַ. רוד.

38) דאָרטן

מאנעליס פון ביאַליסטאָק, באָריס עפּשטיין פון סלאָנים, לייבל זיבערסקי פון גראַיעווע, ניסן ליפּצער פון קוזשניצע, לייב ראָטשטיין, קופּערבערג, מישקע לוביטש, די ברידער דאָוויד און מוישע ליפּונסקי, פאַניע עפּראָן, בענדער א״אַ. דאָס איז געווען נישט קיין דיסציפּלינירטע גרופּע, אָבער בעיס דער געטאָ־ליקווידאַציע האָבן זיי אויפגעטאָן אַ וויכטיקע זאַך — אויסגעשטעלט שטאָפּעטן, פּונקט ווי „פּאָרויס״ לעגנגויס דעם שליאַך פון שטאָט אין וואַלד און אָפּגעראַטעוועט אַביסל ייִדן. דורך די „ווײַסע קאָזשוכן״ זײַנען צווישן אַנדערע דעמאָלט ניצל געוואָרן זאַלמען פּאָז־נאַנסקי, לייזער וואָט, ליפּאַ מאָרדוכאָוויטש, אַלעקסאַנדער און מוישע סטאַראָוולאַנסקי, אַלפּערין, שעפּס, כאַווע לעוויטאַנסקאַ, סאָרע סוראָסקאַ, לעאָן קאָוואָרסקי און נאָך מענטשן, וואָס זײַנען געלאָפן פון ברענענדיקן געטאָ, אָדער געשפּרונגען פון די צוגן. געווער פאַר דער גרופּע האָט גע־שמוגלט דער באַלעגאָלע מוישע־יוינע. די שליכעס פון אַ פאַרבינדלער האָט אָך זיך גענומען דער יונגער פּוילישער פּויער אַנטעק פון דאָרף לענ־צע. די ווײַסע קאָזשוכן״ האָבן אַ צײַט אָפּערירט אינאיינעם מיט אַ גרופּע פּוילישע פּאַרטיזאַנער, נאָענטע צו די א״ק־קרײַזן. אין אַט דער גרופּע האָבן זיך געפונען אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן צוגעגרייט אַ פאַרשווערונג קעגן די ייִדן. די זאַך איז אויפגעדעקט געוואָרן דורך דעם פּוילישן פּאַר־טיזאַן געניעק, אַ קאָמוניסט, און די „ווײַסע קאָזשוכן״ האָבן זיך אַ דאַנק דעם באַצײַטנס געכאַפּט און גוט אַנגעלערנט די פאַלשע שותּפים. באַ דער איבערדערציִונג פון די „ווייסע פּעלצער״ האָט גרויסע פאַרדינסטן דער סאָוועטישער פּאַרטיזאַן, דער קאָמאַנדיר פּיליפּאָוו. די „ווײַסע קאָזשוכן״ זײַנען נישט אייגמאָל אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון פאַרשיידענע צאָרעס דורך די אָרגאַניזירטע ייִדישע פּאַרטיזאַנער פון „פּאָרויס״. האָרט פאַר דער באַפרײַונג האָבן זיי מיטגעשפּאַנט מיט דעם אָפּטייל פונעם קאָמאַנ־דיר עליע בוימאַץ (39).

צו די בעסערע לויזע גרופּעס האָט זיך געהערט דער אָפּטייל פון יאַשינאָווקער ייִדן מיט די פּאַרטיזאַנער ייִצכאָק סודראַנסקי, זיידקע לע־וואַר, קאַלמען אַראָנטשיק, אַוורעמל פּאַטשמאַן, הערש און אַנדערע (40).

---

39) נ״א פון אַווראַם מאַנעליס, אַרכ׳ ייִוו״א, פּראָט׳ נ׳ 2972.

40) דאָרטן

אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל איז די געשיכטע פון דער גרופּע בריאַנסקער פּאַרטיזאַנער, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט אַ סאַך ביעלסקער ייִדן און פּליטים פון צענטראַל־פּוילן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין ביאַליסטאָק און געגנט, זײַנען געשפּרונגען פון טויט־צוגן, געלאָפן פון די געטאָס און זיך אָרגאַניזירט אין די ביאַליסטאָקער וועלדער אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. אין דער גרופּע זײַנען געווען אַזעלכע באַוווסטזיניקע מענטשן, ווי אַדוו׳ אָלעק גזשעביען, אַמאָליקער טוער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין וואַרשע, און אַ ריי פּאָשעטע פּאָלקס־מענטשן, פון צווישן וועלכע עס זײַנען אויסגעוואַקסן העלדישע געשטאַלטן, ווי יאָסעף פּריבוט, שמועל קליינאָט, ראָכל טשעסליק, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אינעם קאַמף מיטן סוינע. עס זײַנען אָבער אין דער גרופּע געווען אויך מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אַפן ראַנד פון אונטערוועלט. דער בריאַנסקער אָפּטייל האָט זיך געווידמעט דער רעטונג פון ייִדישע קינדער, אין לעצטן פּעריאָד האָבן זיך די בריאַנסקער אַרײַנגעגאָסן אין דעם סאָוועטישן אָטריאַד אַפן נאָמען פון זשוקאָוו, וואָס איז געווען אַ טייל פון פּאַרטיזאַנער בריגאַדע און פון גענ׳ קאַפּוסטינס פּאַראייניקונג 41).

די ווייטיקסטע און געפערלעכסטע פון די אויסערלעכע שוועריקייטן איז געווען דער רעצידיוו פון אַנטיסעמיטיזם אין וואַלד גופא. די טרעגער פון דעם דאָזיקן סאַם אין וואַלד זײַנען געווען די א״ק־אָפּטיילונגען אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן מילאַטשעווסקי אין דער ביאַלאָוויעזשער פּושטשע 42). די דאָזיקע כעוורע־לײַט וואָלטן איבערגעכאַזערט מיט די ביאַליסטאָקער ייִדישע פּאַרטיזאַנער דאָס זעלביקע, וואָס זייערע מאָרדקאָלעגן האָבן געטאָן מיט די וואַרשעווער ייִדישע פּאַרטיזאַנער און מיט אַ סאַך ייִדישע גרופּעס אין לובלינער געגנט, דאָס הייסט — זיי וואָלטן דאָס עפּשער דערגרייכט, ווען נישט דער אומשטאַנד, וואָס „פּאַרויס״ האָט געהאַט אַ שוץ אין דער אָרטיקער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנקע. דער קאָמבריג וואָיטשעכאָווסקי האָט פֿאַרהאַמעוועט די אַנטיסעמיטיש־זאָאָלאָגישע אַפּעטיטן פון די א. ק.־לײַט און געצוווּנגען דעם קאַפּיטאַל מילאַשעווסקי און זײַן כעוורע זיך אַרויסצוטראָגן פון דער ביאַלאָוועזשער פּושטשע 43).

---

41) ג״א פון מוישע יענטשעמיעז, אַרכ׳ יִזה״א, פּראָט׳ נ׳ 191/46.

42) ג״א פון יעכעזקל פּענדזוך, אַרכ׳ יִזה״א, פּראָט׳ נ׳ 2264 ; אויך ג״א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד.

43) דאָרטן.

איינצלנע פאַרברעכערישע פאַרשווינען האָבן געפּרוּווט אַרײַנטריפן דעם אַנטיסעמיטישן סאַם אויך אין די רייען פון די סאָוועטישע פּאַרטי־זאַנער. אין דער בריגאַדע „קאָסטיוס קאַלינאָווסקי" האָט זיך מיט אָט דער מעלאָכע פאַרנומען דער ווײַסרוסישער רענעגאַט זובאָוויטש, אַן אַנטלאָ־פענער קריגס־געפאַנגענער. זובאָוויטשעס אַגיטאַציע איז אָבער דערשטיקט געוואָרן מיט אַ שטאַרקער האַנט דורך דער אָנפירונג פון דער בריגאַדע און האָט נישט געקאָנט אַרײַנפירן קיין באַדײַטנדיקע צעמישונג 44).

נישט געקוקט אויף די אַלע אינערלעכע און אויסערלעכע שוועריקייטן, האָבן די אָרגאַניזירטע ייִדישע פּאַרטיזאַנער געפירט אַ וויכטיקע קאַמף־טעטיקייט. רעכענענדיק זיך מיט די ספּעציעלע אויפגאַבעס פון אַ ייִדישער מאַכנע, מיט דער רעטונג־אַקציע לעטויוועס ייִדן, וואָס בלאָנקען אַרום הילפלאָז אין די וועלדער און וואָס קאָנען אַנטלויפן פון באַהאַלט־ערטער, האָט זיך „פּאָרויס" געהאַלטן אין אַ באַשטימטער טעריטאָריעלער זאָנע, נאָענט צו ביאַליסטאָק, מאַכמעס דעם האָט געקאָנט טרעפן, אַז די ייִדישע מאַכנע זאָל זיך אויף אַ צײַט אָפּטיילן פון דער גאַנצער פאַראייניקונג, אָדער בריגאַדע, וועלכע האָט געמוזט זיך אָוועקרוקן אונטערן דרוק פון דײַטשע אָנגריפן, אָדער צוליב העכערע סטראַטעגישע טעמים, מער אויף מיזרעך. די קעמפער פון „פּאָרויס" האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק נישט אָפּצוטרעטן פון זייער לעכאַטכילעדיקער זאָנע, ווײַל דאָס האָט דיקטירט די באַזונדערע שליכעס פון דעם ייִדישן פּאַרטיזאַן 45). בלײַבנדיק אויף דעם אַלטן אָרט און באַוועגנדיק זיך נאָר אין נויט־פאַל, אָדער צוליב מאָטיוון פון קאַמף־טעטיקייט, האָט „פּאָרויס" קעסיידער געגאָסן פון די פאַרבינדונגען מיט דער בריגאַדע און פאַראייניקונג, וועלכע האָבן ווײַטער געהאַט די האַשגאָכע איבער די ייִדישע פּאַרטיזאַנער.

„פּאָרויס" האָט געהאַט נאָך איין וויכטיקע פאַרבינדונג מיט דער שטאָט. דורך „פּאָרויס" האָט פון אָט די קאָנטאַקטן אָפּט געגאָסן די גאַנצע סאָוועטישע פאַראייניקונג פון גענעראַל קאַפּוסטאַ.

זינט אַפּריל 1944 זײַנען די קעמפער פון „פּאָרויס" אײַנגעגלידערט געוואָרן אין די אַנדערע אָפּטיילונגען פון דער בריגאַדע ; די אײַנגלידע־רונג איז געווען אַ נויטווענדיקייט צוליב דעם, וואָס קיינער פון די נײַ־

44) דאָרטן.

45) דאָרטן ; אויך : קאַט, ז' 99.

אָנגעקומענע פּאַרטיזאַנער האָט נישט געקענט אַזוי געניי און אויסגעבונדן די געגנט און די אָרטיקע באַפעלקערונג, ווי די ייִדישע פּאַרטיזאַנער. שוין פריִער האָט נישט געקאָנט זײַן קיין קאַמף־אַקציע פון אַ וועלכן נישט איז אָפּטייל, עס זאָלן נישט צוגעטיילט ווערן צו דער אָפּערירנדיקער גרופּע קיין ייִדישע פּאַרטיזאַנער. מעמיילע איז אויפגעקומען די איבערצײַגונג צו שאַפן אַן אָרגאַנישע אייניקייט פון די סאָוועטישע מיט די ייִדישע פּאַר־טיזאַנער. די ייִדישע קאָמאַנדירן זײַנען ווײַטער געבליבן מיט זייערע ראַנ־געס, לעמאָשל — בוימאַץ, בערקנער („סערגיי״), קאַנטאָר („אַנדריי״), בוך („מאַרעק״) א״אַ 46).

46) ג״א פון פּ. קאַזשעץ און ק. באָראַסין.

קאַפּיטל צוויי

# דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק

און אין שטאָט איז — נישט געקוקט אָף אַלע רעדיפעס און האַריגעס — דאָס פייער פון ווידערשטאַנד נישט פאַרלאָשן געוואָרן. אין דריי ערטער האָט געטליִעט: אין דער טפיסע, וווּ עס זיינען געזעסן די לעצטע רעשטלעך פון געטאָ 1) ; אָף דער אַוווידעס־פערעד־בויונג אין מאַרקאָווי־טשינע, וווּ אַ פאַריאָסעמטע גרופּקע ייִדישע אַרבעטער האָט געבויט אַ ווילליע פאַר אַ דייטשישן גענעראַל; און — אָף דער פרייער „אַרישער זייט״, אין די אָרעמע צימערלעך פון אַ גרופּע העלדישע ייִדישע מיידלעך.

די סאַמע רירעוודיקסטע איז, נאַטירלעך, געווען די גרופּע פון דער „אַרישער״ זייט. דעם קערן פון דער גרופּע האָבן געשאַפן די אונדז פון פריִער שוין באַקאַנטע מעסירעסנעפעשדיקע ייִדישע מיידלעך, צו וועלכע עס קומען צו פרישע הילפס־קויכעס, ווי האַנקאַ זשעלינסקאַ, יאַנקאַ מאַלעווסקאַ א״אַ אין אַנבליק פון דעם געוואַלטיקן כורבן, וואָס זיי זיינען אַליין זיינע איידעס געווען, האָבן זיך פונדעסטוועגן די קעמפערס נישט מעיִאָעש געווען און געגעבן זיך אַ שוווע : מאַמשיך זיין די טראַדיציע פון געטאָ־ווידערשטענדלער, נעמען נעקאָמע און ראַטעווען די, וואָס זיינען אַרויס פון דער בראַנד־סרייפע 2). די מיידלעך האָבן זיך, אונטער דער אָנפירונג פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, פאַרבונדן סיי מיטן וואַלד, סיי מיט די לעצטע האַלעוועשקעס פונעם ווידערשטאַנד אין טפיסע.

דאָ, אונטער דער סאַדיסטישער מעמשאָלע פון דעם טורמע־שעף קנע־פּער, האָט זיך געפונען אַ קליינע גרופּקע לעצטע מאַהיקאַנער פון דער זעלבשוץ, דאָ איז געזעסן דער מאַטעמאַטיקער יאַנקעוו ריווקינד, דער לע־רער צוקערמאַן, דער סטאַליער יאָסל מאַקאָווסקי, וועלכע האָבן מיט אַלע

1) ג״א פון י. ריווקינד און י. פענדזוך.
2) ג״א פון ל. טשאַפּניק און אַ רוד.

מיטלען אײַנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער גרופּע פון מאַלקע רוזשיצקי און ליזע טשאַפּניק. דורך דער גרופּע זײַנען די כאַווירים פון דער טפּיסע פאַרבונדן געוואָרן — מיט געהיימע פעדים — טיילווײַז אויך מיטן וואַלד 3).

די מיידלעך־גרופּע האָט זייער אַ סאַך אויפגעטאָן פאַר דער מאַכנע „פאַרויס". „לעבנדיק אַף אַרישע פּעסער — שרײַבט וועגן דעם דער לעבן־געבליבענער פּאַרטיזאַן יִיסראָעל קאָט, — פלעגן זיי קומען צו אונדז אין וואַלד, מיטברענגענדיק פון שטאָט אַלע נייטיקע אינפאָרמאַציעס און אויך געווער. באַזונדערס אין צײַטן פון אַבלאַוועס, ווען מען פלעגט נישט קאָנען אַרויסגיין זיך באַוועגן און צוטראָגן שפּײַז פאַר די אומבאַוואָפנטע גרופּעס, אין די צײַטן, ווען מיר פלעגן זיך געפינען אָפּגעריסן פון זיי — עס איז נישט צו באַשרײַבן די גרויסע אויפטוען זייערע" 4). אין נאָמען פון דעם שטאָטישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט האָט זיך קאָנטאַקטירט מיטן סאָוועטישן שטאָב ליזע טשאַפּניק, וועלכע איז געווען פאַרזיצער פונעם קאָמיטעט. זי איז געווען די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן קאָמבריג וואָיטשעכאָווסקי 5). באַם איבערטראָגן געווער האָבן זיך אויסגעצייכנט מאַרילע רוזשיצקאַ, יאַנקאַ מאַלעווסקאַ א"אַ 6).

די וויכטיקסטע אויפטועז פון די מיידלעך אָפן געביט פון העלפן די לעצטע שוץ־זוכנדיקע יידן זײַנען באַשטאַנען אין דערטיילן זיי הילף, אַז אָרט צו זײַן און אין אַריבערשיקן זיי דערנאָך אין וואַלד. אָט דער טעטיקייט האָט זיך געווידמעט קוידעמקאָל די נײַע כאַווערטע, וואָס איז צוגעקומען צו דער גרופּע — די ווילנערן ריווע מאַדייסקאַ. אינאיינעם מיט מאַלקע רוזשיצקאַ און ליזע טשאַפּניק האָט מאַדייסקאַ צוגעגרייט און אַדורכגעפירט דאָס אַנטלויפן פון טפּיסע פון יידן, וועלכע פלעגן באַ זיי איבערנעכטיקן און דערנאָך ווערן אַריבערגעפירט אין וואַלד אַרײַן 7). די זעלביקע העלדישע מיידלעך האָבן ביכלאַל געראַטעוועט אַ סאַך יידן, אַנטלאָפענע פון די וואַגאָנען, אָדער שוין פון די טויט־לאַגערן. צווישן אַנדערע האָבן זיי געראַטעוועט דעם גאָניאָנדזער שמיד לייזער רובין, וועל־

---

3) ג"א פון י. ריווקינד און י. פענדזור.
4) קאָט, ז' 89.
5) ג"א פון א. רוד; גראַסמאַן, ז' 419.
6) ג"א פון ע. בוימאַץ, גראַסמאַן, ז' 4145.
7) ג"א פון י. ריווקינד.

כער האָט זיך באַטייליקט אינעם אויפשטאַנד אין טרעבלינקע דעם 2טן אויגוסט 1943 און איז פון דאַנען אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. דאָ האָט ער זיך די ערשטע צײַט באַהאַלטן אין דער קירך פון הייליקן ראָך, ביז אַ פּוילישער שוסטער האָט אים פאַרבונדן מיט די מיידלעך, וועלכע האָבן דעם העלדישן שמיד געבראַכט אין וואַלד. לייזער רובין איז געפאַלן אין קאַמף 8).

די איבערגעגעבענע און אומדערמידלעכע ריווע מאַדייסקאַ איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט.

אין גאַס איז זי דערקענט געוואָרן דורך שפּיצלעס, זי איז אַנטלאָפן צו זיך אַהיים, די ראָצכים האָבן זי נאָכגעיאָגט און אָפן הויף דערשטאָכן מיט באַגנעטן.. קעדיי נישט אויסצוגעבן זיך און אַנדערע, האָט מאַדייסקאַ געשריגן „אָ, יעזו!". די קריסטלעכע שכיינים, זייענדיק איבערצײַגט, אַז דאָס איז אַן עכטע אַריערן, האָבן ריווען אײַנגעאָרדנט אַ פרומע לעוואַיע אָפן קאַטוילישן צמענטאַר מיטן אַנטייל פון אַ כומר 9).

גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער טעטיקייט פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט האָט אין יענעם פעריאָד געהאַט כאַסיע ביעליצקאַ, וועלכע האָט — כוץ אַנדערע אויפטועון — אײַנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט אַ ווײַסרוסישן קעמפער וואָלאָדיאַ, וועלכער האָט געראַטעוועט יידן און באַשטראָפט אַנטיסעמיטן 10).

די מיידלעך־גרופּע האָט געפירט די געפערלעכע אַרבעט אַזוי דרייסט, און איינצײַטיק אַזוי געשיקט, אַז זי האָט זעלטן ווען געליטן אַ דורכפאַל — כוץ דער טראַגישער פּאַסירונג מיט ריווע מאַדייסקאַ.

די גרופּע פון ביאַליסטאָקער אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט ווערט מיט לויב דערמאָנט אין דעם באַפעל פון גענעראַליסימוס סטאַלין לעקאָוועד דעם באַפרײַען ביאַליסטאָק דורך דער סאָוועטישער אַרמיי.

---

8) ג"א פון ק. בּאָראַקין; אויך — טאַלקס פּאַרטיזאַנישער אַרכיוו.
9) ג"א פון ל. טשאַפּניק און כ. גראָסמאַן.
10) גראָסמאַן, ז"ז 383־385.

# קאַפּיטל דרײַ

## די פּאַרטיזאַנישע נעקאָמע

די געשיכטע פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין די ביאַליסטאָקער וועלדער איז אַ קייט פון קעסיידערדיקע שלאַכטן מיטן סוינע, דאָס איז אַ געשיכטע פון דעם קאַמף־העמשעך פון די ייִדישע נעקאָמע־נעמער. ביפראַט די טעטיקייט פון „פאָרויס״ איז געווען אַ פאַרצווײַגטע. זײַנע אָפּעראַטיווע גרופּעס פלעגן אַרײַנפאַלן באַנאַכט אין שטעטלעך און דערפער, אַראָפּרײַסן דײַטשע אַנטיסאָוועטישע און ייִדן־פרעסערישע פּראָפּאַגאַנדע־פּלאַקאַטן און באַקלעפּן די מויערן מיט אַנטי־היטלעריסטישע לאָזונגען און קאַריקאַטורן 1). די פּאַרטיזאַנער האָבן געשאַפן פאַרבינדונגען מיט די לעצטע ייִדן, אין יענע פאַרבליבענע קליינע געטאָס, וואָס האָבן נאָך עקזיסטירט, געגויסעסט, אין דעם שעיירעס־האַפּלייטע־געטאָ פון דער שטאָט וואָלקאָוויסק האָבן די פּאַרטיזאַנער געהאַט אייגענע מענטשן אַפילו אינעם יודענראַט. דאָ האָט געווירקט דער מעדיצין־דאָקטאָר ווײַנבערג, וועלכער האָט געהאָלפן די פּאַרטיזאַנער מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, באַזאָרגט מיט וועש, מעדיקאַמענטן, שפּײַז און אָפּערירט פאַרוווּנדעטע. דער מוטיקער דאָקטאָר איז סאָפּקאָלסאָף אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון געשטאַפּאָ און ליבערשט געוואָלט אָף זיך נעמען דעם גרויזאַמען טויט איידער אויסגעבן דעם וועג צו די פּאַרטיזאַנער. מיט אַ געהויבענעם קאָפּ איז ער געגאַנגען צו דער טליִע און פאַרענדיקט זײַן לעבן מיטן אויסגעשריי: „איר, דײַטשן, וועט דאָ אייביק נישט זײַן! אַלעמען וועט איר נישט אויסראָטן!״ 2).

איבערפאַלן אָף דײַטשע פּאָסטנס, אויסרײַסן באַן־רעלסן, אויפרײַסן מיליטערישע סקלאַדן, צונעמען רעקווירירטע טוווע — דאָס איז געווען די רעאַליזירטע פּראָגראַם פון „פאָרויס״, ווי פון דער גאַנצער ברײַ־

---

1) ג״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

2) ג״א פון ל. טשאַפּניק און צ. רוד.

גאַדע „קאַסטיוס קאַלינאָווסקי" 3). עס זײַנען אויסגעלענקט געוואָרן פֿון די באַן־רעלסן עשאַלאָנען פֿונעם סוינע באַ סטאַראָסיעלץ, באַ האַראָדאָק, עס זײַנען צעשטערט געוואָרן די רעלסן פֿון באַן־קנופּ־ליניע באַ וואָלקאָ־וויסק, עס איז מינירט געוואָרן דער קרינקער שאָסיי, עס זײַנען אַף די פּאַרטיזאַנישע מינעס אויפֿגעריסן געוואָרן דרײַ לאַסט־אויטאָס מיט מי־ליטער און אַ טראַנספּאָרט מיט „טיגערס", וואָס איז געגאַנגען צום מיז־רעך־פֿראָנט; אַרום דער זעלביקן שטעטל קרינעק זײַנען איבערגעשניטן געוואָרן די טעלעפֿאָן־דראָטן אַף אַ מעהאַלעך פֿון דרײַ קילאָמעטער, און עס איז אין שטעטל אויפֿגעריסן געוואָרן די עלעקטראָסטאַנציע 4). עס זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן טיפֿע אויסשפּיר־רעידן, אַ שטייגער הינטער גראַיעווע, עס פֿלעגט אָפֿט ווערן איבערגעריסן די קאָמוניקאַציע פֿונעם סוינע אַף דער ליניע ביאַליסטאָק — וואָלקאָוויסק — באַראַנאָוויטש. דאָס אַלץ איז בלויז אַ טייל פֿון די אויפֿטוען פֿון די ייִדישע נעקאָמע־נעמער 5).

„פּאָרויס" האָט געהאַט זײַנע פֿאַרבינדעטע דערפֿער, זײַן הינטער־לאַנד, וואָס האָט אים טיילווײַז פֿאַרטרעטן אין פֿרט פֿון באַזאַרגונג דאָס געטאָ. דאָס זײַנען געווען די פּוילישע דערפֿער דוואָזשיסק, קשעמיענגע, קאַננע, וואָס זייערע טוישווים, אַרעמע לאַנדווירטן 6), האָבן צוגעשטעלט די ייִדישע פּאַרטיזאַנער עסנוואַרג, ווינטער־מאַלבושים, אינפֿאָרמאַציעס. אַ פֿאַרבינדלער צווישן די דערפֿער און די ייִדן איז געווען דער פּאַליאַק קאַטשאַנאָווסקי, אַ געוועזענער סערזשאַנט פֿון דער פּוילישער אַרמיי, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט געזאַמלט געווער און פֿאַרמאָגט אייגענע מאַגאַזינען אונטער דער ערד 7). הילף פֿאַר די ייִדישע נעקאָמע־נעמער האָט אָרגאַניזירט דער דוואָזשיסקער סאָלטיס זאַכאַר סלאָווינסקי, וועלכן די דײַטשן האָבן אַרעסטירט, אָבער ער האָט קיינעם נישט אויסגעגעבן 8).

עס זײַנען אויך געווען פֿײַנטלעכע דערפֿער, ווו מ'האָט געמוזט נע־מען באַשפּײַזונג בעקויעך און באַקעמפֿן די אַנטיסעמיטישע און רעאַקציאָ־נערע שטימונגען 9).

3) ג"א פֿון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
4) ג"א פֿון מ בוד; אויך — גראַסמאַן, 404; דאָס איז געמאַכט געוואָרן באַ דער מיטהילף פֿון פּוילישן אינזשיניער רעמידאָוויטש.
5) ג"א פֿון ר. וואַיסקאָווסקאַ, מ. בוד, ע. בוימאַץ, פּ. קאַזשעץ, ל. טשאַפּניק
6) קאַט, ז' 108
7) ג"א פֿון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
8) ג"א פֿון ש. דאַטנער.
9) ג"א פֿון ר. וואַיסקאָווסקאַ.

מיט קעסיידערדיקע שטראָף־עקספּעדיציעס האָט דער סוינע פאַרפאָלגט די ייִדישע מאַכנע. „פּאָרויס" איז געווען מער ווי אַנדערע אָטריאַדן פון דער פאַראייניקונג אויסגעשטעלט אַף די אָנגריפן פונעם סוינע, ווײַל די ייִדישע מאַכנע האָט דאָך פאַרנומען אַ פּאָזיציע אַ צומערסטן אַרויסגערוקטע אַף מײַרעוו, אַף אויסן. אָפטע בלאָקאַדעס האָבן געדאַרפט „אויסרויכערן" די ייִדן פון וואַלד, ליקווידירן די פאַרטיזאַנער. „פּאָרויס" האָט זיך פאַרטיידיקט און ווען מען האָט געמוזט — האָט ער מאַנעווירט, זיך איבערגעטראָגן פון אָרט צו אָרט.

שלאַכטן מיטן סוינע האָט נאָך געהאַט געפירט די פּיאָנערישע ייִדיש־פאַרטיזאַנישע גרופּע פונעם קאָמאַנדיר מאַקסים, וועלכער איז אומגעקומען באַ ליפּאָווי מאָסט, איינער פון די וואָס זײַנען אַרויס גאַנץ פון אָט דער פאַרביסענער שלאַכט, דער פאַרטיזאַן פינכעס קאָזשעץ (פּאַוועל), האָט זיך דערנאָך אויסגעצייכנט באַ פאַרשיידענע קאַמף־געלעגנהייטן 10).

דער ווײַטערדיקער גרויסער אויפטו פון די ייִדישע וואַלד־קעמפער איז געווען די העלדישע אַקציע אין מאַרץ—אַפּריל 1943, ווען עס איז דורך „פּאָרויס" באַפרײַט געוואָרן פון די לאַגערן אין זאַבלודאָווע און קרולאָווי מאָסט אַ גרופּע פון זעקס און צוואַנציק סאָוועטישע אָפיצירן, קריגס־געפאַנגענע. די געוואַגטע זאַך איז פּלאַנירט געוואָרן אין שטאָט, צוזאַמען מיטן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. ייִדישע פאַרטיזאַנער האָבן אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן אין אַ זונטיקדיקן טאָג. ווען די געפאַנגענע זײַנען שוין געווען אַף דער פרײַ אין וואַלד און האָבן זיך פאַראייניקט מיט די ייִדן, זײַנען די דײַטשן מיטאַמאָל געפאַלן אַף זייערע שפּורן און אַרומגערינגלט דעם וואַלד. אַ דאַנק דער טאַקטיק פון די „פּאָרויס"־כאַווײרים איז די גאַנצע גרופּע אַרויס פון דער בלאָקאַדע אָן פאַרלוסטן. די סאָוועטישע מענטשן זײַנען באַזאָרגט געוואָרן דורך די ייִדן מיט געווער. אַ געוויסע צײַט האָבן ביידע גרופּעס געווירקט צוזאַמען אונטער דער אָנפירונג פון אַ בעשוטפעסדיקן שטאַב. דערנאָך זײַנען די סאָוועטישע פאַרטיזאַנער אַוועק — לויט אַ באַפעל — אַף מיזרעך, די ייִדישע זײַנען געבליבן אַפן אָרט 11).

---

10) דאַרטן.

11) ג"א פון ב. בוד און ל. טשאַפּניק.

צווישן אַפּריל און יולי 1943 האָט געהאַט אַן אָרט די שלאַכט באַם דאָרף באַבקאָווי גרוד 12).

די פּערטע גרעסערע שלאַכט מיט די דײַטשן איז פאָרגעקומען דעם 15טן יולי 1943 הינטערן דאָרף ריבניק. דאָ האָט זיך געפונען אַ צווייטע פּיאָנערישע יידיש־פּאַרטיזאַנישע גרופּע, וועלכע איז בעשאַטע מאָבילין צירט געוואָרן דורך יעהודיס גאַוואָגרודזקאַ. אין קאַמף איז דאָ אומגעקומען דער פּאַרטיזאַן פישל באָק, אַן אַפּשטאַמיקער פון לוואָוו, אַן אַנטלאָפענער פון דעם קריגס־געפאַנגענלאַגער אין לובלין 13).

אין יולי 1943 ווערט דורך דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט פּלאַנירט און דורך „פאָרויס" אַדורכגעפירט די באַפרײַונג פון דער גרופּע מעדיקער, סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע אין ביאַליסטאָק. באַ דער אָפּעראַציע האָבן זיך אויסגעצייכנט די קעמפער העניעק און סעוועק פּעלץ. די סאָוויעטישע מעדיקער האָבן די גאַנצע צײַט אויסבאַהאַלטן צווישן זיך אַ כאַווער אַ ייד, אַ געוויסן דאָוויד, און אים ניט אויסגעגעבן. אין וואַלד האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט ווי אַ באַזונדערע גרופּע א"ב מעדיקער 14).

ביז דער צײַט האָבן די יידישע פּאַרטיזאַנער געבילדעט אַ באַזונדערן יידישן אָטריאַד „פאָרויס". אָבער די יידן האָבן געפילט, אַז אַליין וועט זיי זײַן זייער שווער צו פירן דעם ווײַטערדיקן קאַמף. ווי אַ קליינע פּאַרטיזאַנישע גרופּע איז אַן ערעך שווערער צו עקזיסטירן איידער אַ טייל פון אַ גרויסער פּאַרטיזאַנישער מישפּאָכע. כוץ דעם האָט דער אַקטיוו פון „פאָרויס", ווי אַ פּאָליטיש אַנטוויקלטער עלעמענט, געשטרעבט צו שאַפן אין ביאַליסטאָקער געגנט אַ שטאַרקן פּאַרטיזאַנישן צענטער צו פאַראייניקן די צעשטויבטע גרופּעס, וועלכע האָבן אָפּערירט יעדער אַף איינגענער האַנט אין דער געגנט. דעריבער האָט „פאָרויס" די גאַנצע צײַט פון אָנהייב אָן געזוכט קאָנטאַקטן אין די אַרומיקע וועלדער מיט די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. און אין דער זעלביקער צײַט האָט אויך דער צווייטער צאַד — דער צענטער פון דער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין יענער געגנט — געזוכט קאָנטאַקטן מיט די יידישע קעמפער. און נעמלעך: מיט אַ צײַט פריִער האָט זיך פאָרמירט אַ פּאַרטיזאַנישע פאַראייניקונג אין דער געגנט פון וויעליקי־לוקי אונטער דער אָנפירונג

12) ג"א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ.
13) ג"א פון פ. קאָזשעץ און מ. בוד.
14) דאָרטן; אויך — ג"א פון ק. באַ[illegible].

פון גענעראל קאפוסטא; די דאזיקע פאראייניקונג, וועלכע האט לעכאטכילע געציילט הונדערטער, האט זיך גערוקט אף מיזרעוו אזש קיין מיזרעוו־ווייסרוסלאנד אריין און אפן וועג ווערבירט אלץ מער קעמפער, ציילנדיק צום סאף טויזנטער. אומעטום האט די דאזיקע נעקאמע־נעמערישע סאוויעטישע מאכנע גענאסן פון דער באדייטנדיקער הילף מיצאד די צעווארפענע קליינע יידישע פארטיזאנישע גרופעס. געפינענדיק זיך אין דער געגנט פון סלאנים, האט זיך גענעראל קאפוסטא דערוווסט פון יידישע פארטיזאנער וועגן דעם, אז סאשע סאכאטשעווסקי, וועלכער איז פריער געווען אין די סלאנימער וועלדער, געפינט זיך מיט א יידישער פארטיזאנישער גרופע בא ביאליסטאק. אזוי ארום האט גענעראל קאפוסטא שוין געהאט אפן אויג א קינפטיקע באזע פאר זיך אין דער ביאליסטאקער געגנט — דעם אטריאד „פארויס". כוץ דעם איז די סאוויעטישע פאראייניקונג געגאנגען אין קאמף צווישן אנדערע אויך מיט סטאלינס אויפגאבע: „סאכראניט נאראד" און „ספאסאט מירנאיע נאסיעלעניע" — איינהיטן דאס פאלק און ראטעווען די פרידלעכע באפעלקערונג; און דאס האט אויך באטייט ראטעווען די יידן 15).

דער שטאב פון „פארויס" האט נאך פריער ארויסגעשיקט אויסצוגעפינען קאנטאקטן מיט די סאוויעטישע פארטיזאנער די פארבינדלער כאיע שווארץ, מאלקע רוזשיצקא און יאנקעוו ריווקינד, דערנאך מארדעצקי („וואסיא"), מאקאווסקי („פעדקא"), יאקוב. אין כוידעש יולי 1943 איז געלונגען צו דערפירן צו א קאארדינאציע פון די ארטיקע צעשטויבטע פארטיזאנישע אפטיילונגען. אינעם קאארדינירטן שטאב גייען אריין: דריי סאוויעטישע קאמאנדירן( אפאנאסעוויטש, יורעק און נאך איינער, א פולקאווניק) און דער יידישער קאמאנדיר סאשא. אין א צייט שפעטער זיינען ארויסגעשיקט געווארן צום גענעראל קאפוסטאס שטאב דער מיטגליד פונעם שטאב פון „פארויס" מוישע בוך און דער פארטיזאן עליע ווארַאט 16).

אין דער זעלביקער צייט ווערט דורך גענעראל קאפוסטא ארויסגעשיקט אין די ביאליסטאקער וועלדער, אין דער ריכטונג צו „פארויס" די

15) דארטן.
16) ג"א פון ש. לאווא.

בריגאַדע פון גענערל וואַיטשעכאָווסקי. און איינציקער פליט ארויס פון מאָסקווע אַ דעסאַנט אויך מיטן ציל צו פאַראייניקן זיך מיט „פאַרויס" 17).

און דערווײַל אין כוידעש אויגוסט 1943, אין דער צײַט פון די לעצטע קאַמפן אין ביאַליסטאָקער געטאָ, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ פאַרביסענע שלאַכט פון די פאַרטיזאַנער מיט די דײַטשן אין דעם וואַלד־רעוויר נומער54 (די פאַרטיזאַנער האָבן צעטיילט דעם וואַלד אַף רעווירן און באַצייכנט מיט ציפערן) אונטער איזאַבע; מיט די פאַרטיזאַנער האָט אָנגעפירט יוינע סאָכאַטשעווסקי; אין שלאַכט זײַנען געפאַלן צוויי ייִדן: כאַיִם קאָן פון זדונסקע וואָליע און אַלעקסעי; דאָס זאָל האָבן פאַרגעקומען דעם 20טן אויגוסט 1943; אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט זיך אויסגעצייכנט דער שפּעטערדיקער קאָמאַנדיר שיִע קאַנטאָר („אַנדריי"), אַ באָכער פון קעלץ, וועלכער האָט דער ערשטער פאַרקניפּט די שלאַכט מיט צוואַנציק דײַטשן, וואָס האָבן געפּרוווט זיך אַרײַנרײַסן אין וואַלד 18).

דעם 25טן אויגוסט 1943 פּאַסירט אין וואַלד אַן אומגליק־פאַל. צוויי פאַרטיזאַנער פון כאַיִם לאַפּטשינסקיס גרופּע יויעל קיסלער און גרישע לונסקי וועלכע געפינען זיך נאָענט צו ביאַליסטאָק, סאָכאַקל 8 קילאָמעטער פון דעם ברענענדיקן געטאָ, קומען אום פון אַ באָמבע־אויפרײַס 19).

אַבּיסל שפּעטער קומען פאָר צוזאַמענשטויסן צווישן אָפּעראַטיווע ייִדישע גרופּעס און דײַטשן אין די קנישינער וועלדער און באַם ראַנד פון סופּראַסלער מאַסיוו 20).

אין זעלביקן כוידעש אויגוסט מאַכט אַ טייל פון „פאַרויס" אונטער דער אָנפירונג פון עליע וואַראַט אַדורך אַ געוואַגטן רעיד ווײַט אַף צאָפן אין דער ריכטונג צו באַראַנאָוויטש. די גרופּע שפּאַנט אַדורך דעם מעהאַלעך פון 450 קילאָמעטער אין קעסיידערדיקע צוזאַמענשטויסן מיטן סוינע, רוקט זיך אונטער ביז לידע און בינדט אָן אַ קאָנטאַקט מיט פאַרשיידענע ווײַטע אָפּטיילן פון גענעראַל קאָפּוסטאַס פאַראייניקונג. אַפן צוריקוועגס פאַרקניפּן זיך פרישע שלאַכטן מיטן סוינע, באַזונדערס שאַרף זײַנען די קאָמפן אין ביאַלאָוויעזשער פושטשע, באַם דאָרף האַלוווקאַ און באַם טײַך זעלווע. די ייִדישע גרופּע ווערט אַף אַ קורצער צײַט צעקלאַפּט, די כאַוויירים מוזן אַ

17) ג"א פון מ. בוך, פ. קאַזשעץ און ק. באַראַקין.
18) דאָרטן.
19) טאַלקס פאַרטיזאַנישער אַרכיוו.
20) דאָרטן.

געוויסן מעהאַלעך דורכמאַכן איינציקוויַיז, קעדיי שפּעטער זיך באַנייַס פאַר־אייניקן 21).

וואָס שיַיעך דעם כוידעש אויגוסט 1943, איז נייטיק אונטערצו־שטרייַכן נאָך איין וויכטיקן פאַקט, וואָס האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג און לויב באַ די יידישע פּאַרטיזאַנער. ווען עס הייבט זיך אָן די לעצטע ליקווי־דאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ, ברענגט דער דרייסטער און רירעוודיקער פאַרבינדלער מוישע בוך („מאַרעק״) צו די פּאַרטיזאַנער פון דעם פּאַראַיי־ניקונג־שטאַב די היסטאַרישע אינסטרוקציע פון גענעראַליסימוס סטאַלין וועגן ראַטעווען די ציווילע באַפעלקערונג, די יידן פון די געטאָס, לאַגערן און וועלדער, און עוואַקויִרן זיי אין טיפן פּאַרטיזאַנישן לאַנד און ווייַטער 22).

נאָכן שווערן, טראַגישן כוידעש אויגוסט גייט דאָס פּאַרטיזאַנישע לעבן ווייַטער. פרישע צוזאַמענשטויסן, אָנפאַלן פונעם סוינע און איבערפאַלן פון די קעמפער אויף די דייַטשן.

דעם 21טן סעפּטעמבער 1943 פאַלט אַריַין אַ גרופּע אין אַ דייַטשישן לויער־פונקט אין דעם צוועלפטן פּאַרטיזאַנישן רעוויר אין די סופּראַסלער וועלדער. עס קומען דאָ אום אין אומגלייַכן קאַמף די פּאַרטיזאַנער האַנקע סטריקאָווסקי און יאַנקל מעלאַמעד („איוואַן״) 23).

האַרבסט־צייַט זייַנען די אָנגריפן פון די דייַטשן געוואָרן אָפטער און האַסטיקער; דער סוינע האָט געוואָלט אויסנוצן דאָס פאַרערגערן זיך פון־נעם וועטער, קעדיי צו פאַרמאַטערן דעם קעגנער. דעם 25טן סעפּטעמבער 1943 קומט צו אַ שלאַכט אין איזאָבער וואַלד. מיט די פּאַרטיזאַנער פירט אָן יוינע סאָכאַטשעווסקי. די פּאַרטיידיקונג איז זייער באַשוועררט, וואָרעם דער סוינע האָט מאָביליזירט געוואַלטיקע קרעפטן און בלאָקירט דעם וואַלד, איבעררייַסנדיק איינצייַטיק די פאַרבינדונג פון סאַשעס גרופּע מיט דער גאַנצער בריגאַדע.

די יידישע פּאַרטיזאַנער זייַנען געווען מיד — אָקערשט דורכגעפירט אַ שווערע עקספּעדיציע אינעם דאָרף קאַראַלקע. די לאַגע פון די יידישע פּאַרטיזאַנער איז געווען באַשווערט דורך נאָך איין אומשטאַנד — זיי האָ־

21) נ״א פון מ. בוך.
22) נ״א פון ר. וואַיסקאָווסקאַ און מ. בוך.
23) טאָלקס פּאַרטיזאַנישער אַרכיוו.

בן געפירט ציווילע פרויען, וועלכע מ׳האט געמוזט פארדעקן פארן סוינעס קוילן און ראטעווען.

דאס ארט פון די פארטיזאנער האט אויסגעגעבן דער וואלד־וועכטער קאראבאוויטש, א שפיאן פון די דייטשן 24).

דאס איז געווען די ביטערסטע שלאכט פון „פארויס״. מיט גרויס גוורה האט זיך אויסגעצייכנט דער יונגער יעכיעל זייפמאן („הילעק״), וועלכער האט באדינט דעם פולעמיאט. ווען ער איז געפאלן, ארײנפאקנדיק א פריער א סעריע קוילן אין דעם פאררעטער קאראבאוויטש, האט זיין פלאץ באם קוילן־ווארפער פארנומען מישע קאפלאן; אבער אויך אים האט אוועקגעלייגט דעם סוינעס קויל. עס איז געפאלן העניך פארבער („קאוואדלע״). א שווער פארוואונדעטע מיט דום־דום־קוילן איז געבליבן ליגן ריווקע וואיסקאווסקא. פארוואונדעט איז געווארן סימכע לאווא („סעמיאן״). געפאלן זיינען די צוויי העלדישע פארטיזאנערנס רוזשקע פעכנער און מי־טע ליפשיץ, וועלכע האבן טאמיד געדינט ווי א בײשפיל פאר אנדערע 25). צווישן די לעצטע איז געבליבן דער קאמאנדיר — יוינע סאכאטשעווסקי.

די דייטשן זיינען שוין ארײנגעדרונגען אין וואלד, האבן זיך דערנענ־טערט, ארומגערינגלט דעם פארטיזאנישן רעוויר. פארן קאמאנדירס פיס איז געלעגן דער דורכגעלעכערטער קערפער פון זיין פרוי און מיטקעמפערן פאניע.

די שלאכט איז געווען פארשפילט.

סאשע האט אויסגעקערעוועט דעם פיסטויל אין דער אייגענער שלייף. ער האט נישט געוואלט ארײנפאלן א לעבעדיקער אין די הענט פונעם סוי־נע 26).

אזוי איז אומגעקומען דער קאמאנדיר פון פארטיזאנישן אטריאד פון די ביאליסטאקער יידן — יוינע סאכאטשעווסקי.

אבער דער יעסער האפלייטע פון „פארויס״ האט ווייטער געפירט דעם קאמף אין וואלד.

דער כוידעש נאוועמבער 1943 איז ווידער רייך אין שלאכט־געשעע־נישן. אין איזאבער וואלד דערגייט צו א קאמף. אין אומגלייכער שלאכט

---

24) ג״א פון ש. לאווא.
25) ג״א פון ש. דאטנער.
26) ג״א פון ר. וואיסקאווסקא, ש. קאנטאר און ש. לאווא

פאַלן אַכט ייִדישע נעקאָמע־נעמער, בעסויכעם דער העלדישער נאַטעק גאָלדשטיין און דאָוויד וואָרנע 27).

סאָף ווינטער 1943 רינגלען אַרום די ייִדישע פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון עליע בוימאַץ, פּאַוועל און שאָלעם קאָזשעץ אין ברודזינער מאָסיוו אַ ווילדן אָטריאַד, וואָס רויבט און פּראָוועט אַוואַנטורעס, און מאַכט אים אומשעדלעך 28).

דאָס יאָר 1944 עפנט זיך מיט אַ שטאַרקער שלאַכט הינטערן פּריבּינט־לעכן דאָרף דוואָזשיסק. דאָס איז געווען דעם צווייטן יאַנואַר. די דײַטשן האָבן געהאַט צוגעגרייט אַ גרויסע אַבלאַווע. מיט די פּאַרטיזאַנער פירט איצט אָן שעפסל באַראַוויק. אין קאַמף פאַלן יאַשקע קאַווע, טאַניע ביבער פון וואַרשע, איר מאַן רוווין לעווין („סערגיי״), מאָטל טאַרטאַצקי, אַ שי־לער פון דער העברעיִשער גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק, די פלעגערן טײַבל פון ווילנע (פאַמיליע־נאָמען נישט באַקאַנט). איין קעמפער, דער שרעקלאָ־זער פולעמיאָט־שיסער פינכעס צעלניקער („פּאַוועל״) פאַלט אַרײַן אַ לעבע־דיקער אין די הענט פונעם סוינע און קומט אום נאָך שווערע אינואים 29).
אין דער שלאַכט זאָל אויך האָבן געפאַלן דער געטאָ־דיכטער לייבל ווײַנשטיין 30).

אין אָט דער שלאַכט האָט זיך אויך באַטייליקט מאַרילקע רוזשיצקאַ, וועלכע איז גראָד געקומען פון שטאָט מיט באַזאָרג־מיטלען פאַר די פּאַר־טיזאַנער 31).

נישט געקוקט אַף די שווערע פרלוסטן פונעם צווייטן יאַנואַר, פירן דורך די פּאַרטיזאַנער דעם זעלביקן כוידעש פרישע אַקציעס. בעיס איי־נער פון די דאָזיקע עקספּעדיציעס, הינטערן דאָרף קשעמיענגע פאַלן ווי־דער עטלעכע קעמפער בעסויכעם עפּשטיין, קאַפּלאַנסקי („שפּיץ״), עפראַיִם קאַץ („קיזשיאַק״) 32).
דעם 9טן אַפּריל 1944 פאַרקניפּט זיך אַ שלאַכט צווישן אַן אָפּע־

---

27) ג״א פון ק. באַראַקין.
28) ג״א פון ע. בוימאַץ און פ. קאָזשעץ.
29) דאָרטן; און אויך קאַט, ז׳ 108.
30) לויט גראָסמאַן איז ווּנשטיין געפאַלן דעם 4טן נאָוועמבער 1943 („אַנשי המחתרת״ ז׳ 401).
31) ג״א פון ע. בוימאַץ און פ. קאָזשעץ; אויך —קאַט, דאָרטן.
32) טאַלקס פּאַרטיזאַנישער אַרכיוו.

ראַטיווער גרופּע פון די פּאַרטיזאַנער מיט אַן אָפּטיילונג פון וולאַסאָוו־פּאַררעטער באַם טײַך סופּראַסל 33).

אין דעם דאָזיקן כוידעש אַפּריל איז די שטימונג פון די פּאַרטיזאַנער געוואָרן אַ געהויבענע. די אָנפירונג פון „פּאַרויס" באַקומט אַ שיפער־יעדיעה פונעם הויפּט־שטאַב, אַז די רויטע אַרמיי רוקט זיך מיט ריזן־שריט אַף מײַרעוו און אַז דער סוינע אַנטלויפט אין בעהאָלע. דער שטאַב באַפעלט צו בלײַבן אַפן אָרט און צוטרעטן צו ענערגישע פאַר־פאָלגונגען פונעם אָפּטרעטנדיקן פײַנט. באַלד נאָך דער יעדיעה האָבן די יידישע גרופּעס צעקלאַפּט אַ ריי דײַטשישע גאַרניזאָנען אין די באַפעל־קערטע פונקטן פון זאַמקאָווער וואַלד 34).

אין יוני קומט צו אַן ערנסטן צוזאַמענשטויס מיט אַ וולאַסאָוו־אָפּ־טיילונג אין די ליפּיטשאַנער פּושטשע. עס פאַלט מיט אַ העלדן־טויט דער פּאַרטיזאַן יאַנקל גראַיעווער 35). אין כוידעש יוני קומט אום דער פּאַליט פון טרעבלינקע רובין באַם ראַטעווען אַ פּאַרטיזאַן אַ סערב 36).

די יידישע נעקאָמע־נעמער ווערן אינגיכן מעקאַיעם פּסאַק זײַן די מענוואָלים פון דער וולאַסאָוו־פאָרמאַציע. אין יולי־כוידעש ווערט דאָס צוריקלויפן פון די דײַטשן אַ באַשיימפּערלעכע זאַך. די ראָל פון די פּאַר־טיזאַנער איז שוין איצט אַן אַנדערע — מיטווירקן מיט דער אָנגרײַפע־רישער רויטער אַרמיי, אָרגאַניזירן אַ גוטן שלאַכט־אויסשפּיר פאַר די סאָוויעטישע שטאַבן, באַאומרויִקן דעם צוריקלויפנדיקן סוינע 37). אַפן גראָדנער שאָסיי לייגן אויס די יידישע פּאַרטיזאַנער אַ מערכעק פון 4—5 קילאָמעטער מיט מינעס און רײַסן אויף יעטוועדע פאַרבינדונג פו־נעם סוינע. קליינע גרופּעס צו 10—12 פּערזאָן לאָזן זיך אַפן גאַנצן וועג צווישן ביאַליסטאָק און וואָלקאָוויסק און מאַכן אַ כורבן אין דער קאָמוניקאַציע, באַשווערנדיק די דײַטשן זייער צוריקמאַרש 38). אין יע־נער צײַט ווערט, ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אין קרינעק אויפּ־געריסן די עלעקטראָסטאַנציע. די פּאַרטיזאַנער מאַכן לויער־פּונקטן און יאָקערן אַף די דײַטשן. בעיס איינער אַזאַ אַקציע זײַנען אין די הענט

33) ג"א פון מ. יאניש.
34) ג"א פון מ. בוך.
35) ג"א פון ק. באראקין, ע. בוימאַץ, ש. דאַטנער און מ. בוך.
36) דארטן
37) ג"א פון ר. וואיסקאוסקא און מ. בוך.
38) ג"א פון ע. בוימאַץ און מ. בוך.

פון די ייִדישע קעמפער אַרײַנגעפאַלן צוואַנציק וולאַסאָוו־לײַט. אַ ברוך־טייל פון ייִדישן גערעכטיקן נעקאָמע־געפיל איז געשטילט געוואָרן 39).

די פּאַרטיזאַנער — האַגאַם זייערע רייען זײַנען געוואַלטיק שיטער געוואָרן און אַליין זײַנען זיי געווען אָפּגעשוואַכט פון די שווערע איבערלעבענישן — האָבן זיך געפילט אַלץ פעסטער און זיכערער. האַרט פאַרן אָנקום פון די רויטאַרמייִשע טיילן האָבן זיי נאָך פאַרקניפּט אַ שלאַכט מיט אַן אָפּטיילונג פון דײַטשישער קאַוואַלעריע 40).

די שעיירים האַפּלייטע פון „פאָרויס" האָט געקעמפט אַן איבערײַס ביז דאָס וואַלד האָט דערהערט די דונערדיקע הורראַ־געשרייען פון דער זיגערישער סאָוויעטישער אַרמיי.

מיט די ערשטע סאָוויעטישע טיילן פון צווייטן רוסישן פראָנט אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל־פּאָלקאָווניק זאַכאַראָוו זײַנען די פּאַרבליבענע פּאַרטיזאַנער דעם 27טן יולי 1944 פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג אַרײַן אין ביאַליסטאָק, וואָס איז געשטאַנען אין פלאַמען. פאָרויס האָט געשפּרײַזט די גרופּע פון עליע בוימאַץ 41). דער ייִדישער נעקאָמע־נעמער איז אַוועק אַף קייווער־אָוועס — איבער די כורוועס פון אָפּגעמעקטן ייִשעוו.

ער האָט אָנגעטאָן אַ רויטאַרמייִשן שינעל און איז אַוועק ווײַטער, צוזאַמען מיט דער באַפרײַערישער אַרמיי אַף מײַרעוו.

39) ג"א פון ל. טשאַפּניק און א. רוד

40) קאַט, ז' 128.

41) ג"א פון אַ. מאַנעלים.

## קאַפּיטל פיר

# די באַדייַטונג פון דער ייִדישער פּאַרטיזאַנישער מאַכנע אין די ביאַליסטאָקער וועלדער

די ייִדישע פּאַרטיזאַנער פון די ביאַליסטאָקער וועלדער האָבן — פּונקט ווי די געטאָ־קעמפער — אָנגעשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיזאַנישער און ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין יענער געגנט. די ראָל און באַדייַטונג פון דעם ייִדישן פּאַרטיזאַנישן ווידער־שטאַנד ביפראַט קאָן מען פאָרמולירן אין די ווייַטערדיקע עטלעכע פּונקטן:

1. די פּאַרטיזאַנישע באַזע, וואָס די ייִדישע קעמפער האָבן געשאַפן אין וואַלד, האָט אָפּגעשפּילט פאַר די ייִדן אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָל אין דער טקופה, ווען עס האָט נאָך עקזיסטירט דאָס געטאָ. דער פאַקט, וואָס נישט ווייַט פון דער שטאָט געפינט זיך אַ ייִדיש־פּאַרטיזאַנישע מאַכנע, האָט שטאַרק פּאָזיטיוו געווירקט אויפן זעלבסטגעפיל פון די געטאָ־אַסירים. די פּאַרטיזאַנישע באַזע אין וואַלד איז געוואָרן אַן אַזיל פאַר די אַלע, וואָס האָבן געוואָלט זיך אַרויסרייַסן פון געטאָ. דאָס איז געווען דער נעקאָמע־פאַקטאָר, אַף וועלכן עס זייַנען געווען געווענדעט אַסאַך געטאָ־אויגן.

2. די באַדייַטונג פון דער פּאַרטיזאַנישער באַזע האָט זיך ספּעציעל אַרויסגעוויזן פאַר וויכטיק אין דער צייַט, ווען עס האָט געבושעוועט די ליקווידאַציע און ווען עס איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד. עס איז שוין פריִער אָנגעוויזן געוואָרן, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן געטאָן, כּדי צו ראַטעווען אַנטלאָפענע פון ברענענדיקן געטאָ און פון די טויט־צוגן.

3. אין יאָר 1943, ווען די ייִדישע פּאַרטיזאַנישע באַזע אין וואַלד איז שוין אַ יעש, זייַנען שוין פאַראַן וואָס אַן עמעס אַנדערע קלענערע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס אין די אַרומיקע וועלדער, אָבער — ווי געזאָגט

— זיי זײַנען צעשטויבט און זייער טעטיקייט איז נישט קאָאָרדינירט. בלויז איין גרופּע פון אַט די צעוואָרפענע אָפּטיילונגען ווערט אָנגעפירט דורך דער פּאַרטיי. אויך די ייִדישע פּאַרטיזאַנער זײַנען אָרגאַניזירט און ווערן אָנגעפירט דורך אַ פּאַרטייִשער אינסטאַנץ, דורכן אַנטיפאַ־שיסטישן קאָמיטעט. אין משך פון אַ לאַנגער צײַט בילדן די ייִדישע קעמפער דעם צענטער פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין די ביאַ־ליסטאָקער וועלדער. די דײַטשן מוזן צוליב דעם „פּאָרויס" האַלטן צו־געשמידט צו די ביאַליסטאָקער וועלדער העכער 1.500 באַוואָפנטע סאָל־דאַטן 1). די קליינע אַנדערע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס ווענדן זיך וועגן אַלע איניציאַטיוון צום „פּאָרויס", וועלכער איז די פּאַרטיזאַנישע מעטראָ־פּאָליע.

4. דער „פּאָרויס" גיט די איניציאַטיוו צו קאָאָרדינירן די טעטי־קייט פון די צעשטויבטע גרופּעס און צו מאָנטירן אַ געמיינזאַמען שטאַב 2).

5. דער „פּאָרויס" פירט אָן אין דער געגנט נישט בלויז מיט אַ קאַמפּסטעטיקייט, נאָר אויך מיט אַ ברייטערער פּאָליטישער אַרבעט. נאָך איידער די ביאַליסטאָקער געגנט איז אַרומגענומען געוואָרן מיט גע־נעראַל קאָפּוסטאַס איינפלוס־ספערע, האָט דער „פּאָרויס" אַרויסגעגעבן דרײַ צײַטונגען: „דער רויטער פּאַרטיזאַן", „פּאָרויס" און „נעקאָמע"; די צײַטונגען פלעגן דערשײַנען אין דרײַ שפּראַכן: ייִדיש, פּויליש און ווײַסרוסיש, און האָבן באַדינט די אַרומיקע באַפעלקערונג. רעדאַקטאָר איז געווען גרישע לונסקי, צייכענער — כאַים קאָן 3). אין די דערפער האָט מען געשמאַק געלייענט די אויסגאַבעס פון „פּאָרויס", וועלכע האָ־בן אָפּגעשפּילט אַ וויכטיקע ראָל באַם דורכאַקערן פּאָליטיש דעם באָדן און באַם הייבן דעם באַוווסטזײַן פון די פּויערים, וועלכע האָבן זיך ס'ראָוו באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו די „פּאָרויס"־פּאַרטיזאַנער, אויסדריקנדיק זיך נישט איינמאָל, אַז דאָס זײַנען עמעסע פּאַרטיזאַנער, ווײַל זיי רויבן נישט, נאָר פּאַרקערט — העלפן 4).

די צײַטונגען האָבן אָפּגעשפּילט אַ וואָגיקע ראָל נישט בלויז קלאַפּע כוץ, נאָר אויך קלאַפּע פּנים, אין די אייגענע רייען. די צײַטונגען

1) ג"א פון פּ. קאָזשעץ.
2) ג"א פון מ. בוך און ל. טשאַפּניק.
3) ג"א פון ק. באַראַקין.
4) ג"א פון פּ. קאָזשעץ.

האָבן דערצויגן און איבערגעקאָכט פּסיכאָ־אידעיִש די מענטשן. מען האָט אויך געשריבן הומאָרעסקעס, לעמאָשל, דער פעליעטאָן פונעם קאָמאַנ־דיר יוינע סאָכאַטשעווסקי „דער מאַגיד מיטן אַברעז" וועגן דעם פּאַר־טיזאַן מוליע נישט, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ מאַגיד, אָבער איז געווען אַ העלדישער יאָט און אַליין זיך געמאַכט אַן אַברעז 5).

כוץ פּרעסע האָט דער „פּאַרויס" דורכגעפירט אַ סאַך פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען און אימפּרעזעס, לעמאָשל: לעקאָוועד דעם טאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ערשטער מײַ, דרײַ לאַמעדן; אַף אַזעלכע פײַע־רונגען האָבן די יידישע פּאַרטיזאַנער אײַנגעלאַדן די כאַוויירים פּאַרטי־זאַנער פון אַנדערע אָפּטיילן. איינע פון די גרעסטע פײַערונגען איז פאַר־געקומען דעם 21טן יאַנואַר 1944 אין דער אָפּטיילונג פון עליע בוימאַץ אין צוזאַמענהאַנג מיטן יאָרטאָג פון לענין, ליבקנעכט און לוקסעמבורג. עס זײַנען געקומען געסט פון אַנדערע אָטריאַדן. מיט אַ רעפעראַט איז אַרויסגעטראָטן דער פּאַרטיזאַן יאָסל מאַקאָווסקי. מען האָט געזונגען ר'עוואָלוציאָנערע לידער. עס זײַנען געוואָרפן געוואָרן לאָזונגען. די שטי־מונג איז געווען אַ קעמפערישע, אַ מונטערע און אַן אינטערנאַציאָנאַ־ליסטישע 6).

אין „פּאַרויס" האָט מען אויך אײַנגעאָרדנט פײַערונגען מיט אַ ליטעראַרישן אינהאַלט. אין די יידיש־פּאַרטיזאַנישע רייען האָבן זיך גע־פונען מענטשן מיט ליטעראַרישע באַגאַבונגען, אַ שטייגער, דער יונגער לייבל ווײַנשטיין. איינער אַזאַ ליטעראַרישער אָוונט איז פאַרבליבן בוי־לעט אין געדעכעניש פון די פּאַרטיזאַנער. עס איז געווען אַן אָקטאָבער־אָוונט פון יאָר 1943, און עס זײַנען געקומען אין וואַלד אַרײַן די פּאַר בינדלערנס מאַלקע רוזשיצקאַ (מאַריליע), כאַסיע ביעליצקאַ און בראָניע וויניצקאַ מיט פרישע מענטשן, מעדיקאַמענטן און מאַטאַנעס. דער אוי לעם, אַ דערפרייטער, האָט אײַנגעאָרדנט לעקאָוועד די געסט אַ ליטע־ראַרישע אימפּרעזע. מען האָט רעציטירט און געזונגען יידישע, פּוילי־שע און רוסישע לידער. די פאַרווײַלונג האָט געדויערט ביז שפּעט באַ־נאַכט. אַזעלכע אָוונטן האָבן געהויבן דעם מוט, געקרעפטיקט איבער־לעך די וואַלד־קעמפער.

---

5) דאָרטן; אויך — ג"א פון ק. באַראַקין.
6) דאָרטן.

6. דער „פּאַרויס" איז געווען אַ מוסטער פון דיסציפּלין און אַכ־ראַיעס. אין זײַנע רייען האָט נישט געהאַט קיין אָרט דעמאָראַליזאַציע, פוילקייט און מאַנגל אין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און נישט קיין וווּנדער: איז דאָך „פּאַרויס" נישט געווען קיין צופעליקער געזעמל פון מענטשן, נאָר אַ אָרגאַניזירטע גרופּע, וואָס איר קערן איז באַשטאַנען פון אַן אידעיִש־איינהײַטלעכן עלעמענט 7).

7. די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן, ווי עס איז שוין געוואָרן אונטער־געשטראָכן אין די פריִערדיקע קאַפּיטלען, אָפּגעשפּילט אַ וואָגיקע און העלדישע ראָל אין די קאַמפן פון דער אַלגעמיינער סאָוויעטישער פּאַר־טיזאַנישער באַוועגונג אין דער ביאַליסטאָקער געגנט. עס איז מאַמעש צו באַוווּנדערן, וויאַזוי די ייִדישע קעמפער, שטאָטישע מענטשן, האָבן אין אַ פאַרהעלטענישמעסיק קורצער צײַט באַהערשט די אויסטערלישע פאַר זיי באַדינגונגען פון וואַלד. ווען עס איז אָנגעקומען אין דער געגנט וואָי־טשעכאָסקיס בריגאַדע, האָט זי שוין דאָ געהאַט אַ פּאַרטיקן אָנשפּאַר, אַ דערפאַרענע באַזע — דעם „פּאַרויס", וועלכער האָט געקענט יעדן וועג און שטעג. אַזוי אַרום איז קימאַט קיין שום שלאַכט־אונטערנעמונ־גען פון די אָטריאַדן פון וואָיטשעכאָווסקיס בריגאַדע נישט פאָרגעקו־מען אָן דעם אָנטייל פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אויסגע־צייכנט געקענט דעם געביט 8).

אָט אין דעם שטעקט די סאַמע וויכטיקסטע ראָל פון „פּאַרויס" פאַר דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג.

און לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז אין די אָנפירנדיקע פּאַרטיזאַנישע קרײַזן האָט מען זיך לאַנג געיִישעווט, צי ווערט געלינגען צו שאַפן אין דער ביאַליסטאָקער געגנט אַ פּאַרטיזאַנישע באַזע און ביפראַט אַן אַערא־דראָם. צוליב די לאָקאַלע באַציִונגען האָט אַזאַ פּלאַן געהאַט ווייניק שאַנ־סן אַף פאַרווירקלעכונג 9). אָבער אַ פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט אין אָט דער געגנט איז געווען אַ נויטווענדיקייט, וואָרעם דאָ האָבן זיך געקרייצט וויכטיקע קאָמוניקאַציע־וועגן פונעם סוינע. דאָ איז געגאַנגען אַ שליאַך פון מיזרעך־פּרײַסן אַף מיזרעך און דאָרעם. דעריבער זײַנען די אָקשאָ־נעסדיקע אָנשטרענגונגען פון גענעראַל קאַפּוסטאַ געגאַנגען אין דער

7) נ"א פון פ. קאַזשעץ.
8) נ"א פון ר. וואָיטשעכאָווסקאַ, מ. בוד און פ. קאַזשעץ.
9) דאַרטן.

ריכטונג יאָ צו שאַפן אין די אַרום־ביאַליסטאָקער מעקוימעס אַ פּאַרטי־זאַנישן צענטער. די דאָזיקע אָנשטרענגונגען האָבן זיך אָנגעטראָפן אַף אַ גינסטיקן באָדן אַ דאַנק דער פריִערדיקער טעטיקייט פון „פאָרויס״ און אַ דאַנק זײַן ווײַטערדיקער קאָרבאָנעספולער מי.

אין קעסיידערדיקן קאַמף מיטן סוינע האָבן די פּאַרטיזאַנער אויס־געפירט די שליכעסן, וואָס די אָנפירונג האָט אַף זיי אַרויפגעלייגט.

נאָכן העלדישן אומקום פון די ייִדישע קעמפער אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן די פּאַרטיזאַנער מאַמשיך געווען דעם גערעכטיקן געראַנגל. אַ סאַך פון זיי האָבן דערלעבט די טעג פון באַפרײַונג און מיטגעמאַכט דעם ווײַטערדיקן רומפולן וועג פון ניצאָכן — ביז בערלין.

יאָרן וועלן איבערגיין, נײַע ייִדישע ייִשוווים וועלן אויסוואַקסן, און אייביק וועט בלײַבן דער הייליקער אָנדענק פון די קדוישים, וואָס האָבן געשטרעקט זייער לעבן פאַרן קאָווער, קיִעם און צוקונפט פון פאָלק, פאַר די שענסטע אידעאַלן פון דער מענטשהייט, פאַרן סאָציאַליזם.

אין דער געשיכטע פון שווער־געפּרוווטן ייִדישן פאָלק איז ביאַליס־טאָק אַרײַן נישט בלויז ווי אַן איר האַהאַריגע, נאָר קוידעמקאָל ווי אַ שטאָט ווו עס איז הויך אויפגעהויבן געוואָרן די מאַקאַבייִשע פאָן פון קאַמף, פון ווידערשטאַנד.

— סאָף —

# נאָכוואָרט

צען יאָר זײַנען אַריבער זינט די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער האָבן דורכגעפירט באַ דער מיטהילף פון פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישן ע׳דעוו־ראַוו די ענדגילטיקע און פולשטענדיקע בלוטיקע ליקווידאַציע פון דעם יידישן קיבוץ אין ביאַליסטאָק. עס איז אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד אַ בליענדיקער יידישער יישעוו, אַ יישעוו פון יידן האָרעפּאַשניקעס, אַ יישעוו, וואָס איז געווען אַ טרעגער פון פאָלקסטימלעכער יידישער קולטור, אַ יישעוו, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פרעכטיקע געשטאַלטן, רעוואָלוציאָנערן, טרוימער פון געטאָ, קעמפער און בויער.

צען יאָר זײַנען אַריבער פון יענע גרויסע היסטאָרישע טעג, ווען פּאָשעטע יידישע פאָלקס־מענטשן, קנאַפּ באַוואָפנטע אין געווער אָבער רײַך אָנגעגורט אין מאָראַלישן קויעך און אין לאַנגיאָריקער רעוואָלוציאָנערער דערפאַרונג, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט קעגן דער ברוטאַלער, אַכזאָריעסדיקער קראַפט פון די נאַצישע אָקופּאַנטן און אָפּגעהאַלטן איינעם פון די באַדײַטנדיקסטע מאָראַלישע ניצכוינעס אין דער בלוטיקער געשיכטע פון אונדזער שווער־געפּרוווטן פאָלק און פון דער פרײַהייט־ליבנדיקער מענטשהייט.

דער טרוים פון זייערע לעצטע העראָישע און טראַגישע רעגעס איז געווען: קיינמאָל מער נישט קיין פאַשיזם, קיין ראַסיזם, קיין פעלקער־מאָרד, קיין אַגרעסיווע מילכאָמעס, קיין געלע לאַטעס און געטאָ.

צען יאָר זײַנען אַריבער פון דעם איבערמענטשלעכן קאַמף־אַקט און פון דעם גרויליקן מאַסן־מאָרד — און די כאַיע־ראָע פון פאַשיזם און רויבערישע מילכאָמעס הייבט ווידער אויף דעם קאָפּ. די זעלביקע אימפּעריאַליסטישע פאַקטאָרן, וואָס זײַנען געווען טויב אַפן וויי־געשריי פון געטאָ, אַפן ס. אָ. ס.־רוף פון טענענבוים־טאַמאַראָף, די זעלביקע פאָרשטייער פון אַמעריקאַנישן און בריטישן פינאַנץ־קאַפּיטאַל שטעלן איצט

באַנײַס אויף דעם היטלעריסטישן מלאך אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד און נעמען אַרונטער אונטער זייערע שוץ־פליגל די דעגענערירטע ראַצכים פון די וולאַסאָווישע, אַנדערסישע און אַנדערע באַנדעס, וואָס האָבן געהאָלפן די היטלעריסטן אין דעם מאָרד איבער ייִדן און אַנדערע דעמאָלט פאַרשקלאַפטע פעלקער.

צען יאָר זײַנען אַריבער — און איינער פון די הויפּט־פאַרטיליקער פון די ביאַליסטאָקער ייִדן, היטלערס גענעראַל היינץ גודעריאַן, פיגורירט אַף אַ וואַל־ליסטע אין אַדענאַוערס „מעלוכע", אין אַמעריקאַניש־קאָנטראָלירטן מײַרעוו־דײַטשלאַנד!

צען יאָר זײַנען אַריבער — און דער אויבער־טאַליען פון די ביאַליסטאָקער ייִדן, דער „פירער" פון דער מיזרעך־פּרײַסישער זיכערקייט־דינסט קאַנאַריס, ווערט אַמנעסטירט אין איינעם פון די מײַרעוו־לענדער!

איצט וועבן פראַנק און פרײַ גודעריאַן און קאַנאַריס פרישע פּלענער פון נײַע בלוטיקע „לאָרבער־קרענץ", פון נײַע שכיטעס און געטאָס, פון נײַע פאַרברעכערישע אויפטוען.

צען יאָר זײַנען אַריבער — און נישט בלויז דער היטלעריזם איז נישט אויסגעוואָרצלט געוואָרן, נאָר דער הייליקער אָנדענק פון די העלדן און מאַרטירער ווערט פאַרשוועכט דורך פאַררעטערישע הענט פון „אייגענע" רעגענגאַטן, פון די, וואָס זײַנען די קאָנטינואַטאָרן פונעם יודענראַט־גײַסט.

דער מיסכער מיט דער באָנער רעגירונג, דער מיסכער, וואָס איז צוגעקלאַפּט געוואָרן דורך די אוזורפּאַטאָן פון די „ייִדישע וועלט־קאָנגרעסן" און „אַרבעטער־קאָמיטעטן" — איז די שענדלעכסטע פאַרשוועכונג פון דעם געדעכעניש פון די מאַשקאָוויטשעס און טענענבוימס, פון די מיליאָנען קדושים, די פאַרברענטע און דערשטיקטע אין די גאַז־אויוונס און אין דער בראַנד־סרייפע פון די געטאָס, די אומגעבראַכטע מיט קאָלערליי מיסעס מעשונעס.

אָבער די צען יאָר האָבן געבראַכט [illegible] אַ צווייטע דערשײַנונג, וואָס איז אַ אויספילונג פון די געשריבענע און נישט־געשריבענע צוואָעס פון די אָנגעקומענע העלדן און פון די מיליאָנען אומשולדיקע קאָרבאָנעס פון היטלעריסטישן פעלקער־מאָרד.

אין מעשעך פון די צען יאָר איז אויסגעוואַקסן דער ריזיקער לאַגער פון שאָלעם אַף גאָר דער וועלט. אין מעשעך פון די דאָזיקע יאָרן זײַנען אין נײַעם, באַפרײַטן, פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן פאַרפאָלגט, געכאַפּט און פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט הונדערטער פעלקער־מערדער, גרויסע און קליינע, און בעטויכאָם די פאַרפײַניקער און פאַרטיליקער פון די ביאַליסטאָקער ייִדן מאַכאָל, פרידעל און קאָנראַד. דער גאָולייטער, קאָמי־סאַר און ציוויל־שעף קאָך זיצט הינטער די קראַטעס און וואַרט אַף זײַן מישפּעט.

מאַכאָל און פרידעל זײַנען געמישפּעט און באַשטראָפט געוואָרן מיט דער פולער האַרבקייט פון פאָלקס־רעוואָלוציאָנערן דין אין ביאַליסטאָק גופע אין העסקעם מיטן אָפּמאָך צווישן די גרויסמאַכטן, אַז די פעלקער־מערדער וועלן געמישפּעט ווערן אַף די ערטער פון זייערע פאַרברעכנס — דער אָפּמאָך, וואָס איז מעקויעם געוואָרן, ליידער, בלויז דורך דעם ראַטנ־פאַרבאַנד, דורך דעם נײַעם פּוילן און אַנדערע פאָלקס־דעמאָקראַטישע מעלוכעס.

וויסט און כאָרעוו איז געווען ביאַליסטאָק, ווען די באַפרײַערישע רויטע אַרמיי האָט אויסגעלייזט די שטאָט אין יאָר 1944 פון דער היט־לעריסטישער פאַרשקלאַפונג.

פון די אַרומיקע וועלדער, פון באַהעלטענישן צווישן כורוועס זײַנען אַרויס די לעצטע, אָפּגעראַטעוועטע ייִדן, זײַנען אַרויס די ערלעכע מענטשן פון פּוילישן פאָלק — און גענומען צוריק אויפשטעלן די פאַרטיליקטע היימען. פון ווײַטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן זײַנען אָנגעקומען מענטשן־סקעלעטן — נישט לאַנג האָט געדויערט, און זיי האָבן ווידער באַקומען אַ מענטשלעך געשטאַלט.

קוים לעבעדיק איז געווען די שטאָט — און אינמיטן זײַנען געלעגן צוויי פולשטענדיק אויסגעברענטע געביטן: די געגנט פון שול־הויף און דאָס אָרט פון געטאָ, ווו עס האָט אַמאָל גערוישט אַ ריזיקער בינשטאָק פון לעבעדיקע מענטשן. ווו־נישט־ווו האָט אַרויסגעשטאַרטשעט אַ שוואַ־כער ביניען, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אַפן אַרונטערגעשווענקטן פונ־דאַמענט.

צען יאָר זײַנען אַריבער — צום צענטן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד

אין ביאַליסטאָקער געטאָ זײַנען מיר אַראָפּגעפאָרן אין דער פּיל־געלי־טענער, צום טויט פאַרמישפּעטער דורכן היטלעריזם שטאָט. אַ פײַערונג איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך די צענטראַלע און אָרטיקע מעלוכעשע, פּאַרטייִשע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַנען אינאיינעם מיטן יִדישן קול־טור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד, אַ גרויסע, ברייט־פאַרמאָסטענע פײַערונג.

און פאַר אונדזערע אויגן האָט אויפגעטויכט אַ נײַער ביאַליסטאָק: ריזיקע, העל־בלענדנדיקע הײַזער, אויספאַריכטע גאַסן, באַלעבטע פאַב־ריקן, מעדיציניִשע הויף־שול, טעאַטערן און קינאָס, ליכטיקייט אַף די גאַסן און אַ ליכטיקייט אַף די פּענעמער פון די מאַסן מענטשן, וואָס שטראָמען אַף די ווידערגעבוירענע גאַסן און פּלעצער.

דער נעס פון ווידערגעבורט איז געשטאַנען פאַר אונדזערע פאַרכי־דעשטע אויגן.

אַוואַדע איז די שטאָט נאָך נישט אינגאַנצן צוריק אויפגעשטעלט, אָבער דער ווידעראויפבוי גייט מיט מײַלן־שריט פאַרויס.

און באַ די אָרטיקע אײַנוווינער גייט אָן נישט בלויז דער עקאָנאָמי־שער, נאָר אויך דער פּסיכישער איבערבוי. די אַלע פאַררעטערישע עלע־מענטן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן אָקופּאַנט, ווערן שטרענג באַ־שטראָפט, נישט זעלטן מיט טויט. די, וואָס האָבן אויסגעגעבן ייִדן, סאָ־וועטישע געפאַנגענע, פּוילישע פּאַטריאָטן, ווערן אויסגעראָטן אָן ראַכ־מאָנעס.

עס קומט אויף אַ נײַער מענטש. אַף דער אַקאַדעמיע לעקאָוועד דעם געטאָ־אויפשטאַנד אינעם גרויסן רעמאָנטירטן שטאָטישן טעאַטער און אַף דער אַזקאָרע־פײַערונג אַפן געטאָ־בייסוילעם האָבן אָנטייל גענומען — צוזאַמען מיט די ייִדן — טויזנטער פּוילישע מענטשן, פּאָשעטע אַרבע־טער און אָנגעשטעלטע, סטודענטן, לערערס, שול־יוגנט. טויזנטער הענט האָבן אַפּלאָדירט די לעצטע ווערטער פונעם אויפרוף פון די ייִדישע זעלבשוץ־פירער:

„פאַלנדיק אין קאַמף, וועלן מיר נישט שטאַרבן !"

ניין, זיי זײַנען נישט געשטאָרבן, די לעצטע העלדן פון טשעפּלע און סמאָלנע, פון יוראָוויעצקע און פּאָבריטשנע, פון ליפּאָווי־מאָסט און פונעם בונקער פון די זיבעציק !

זייער גײַסט לעבט און באַלויכט דעם וועג פאָרויס פון מיליאָנען פּאָשעטע מענטשן, פון ייִדן און נישט־ייִדן אין דער טיפער צוקונפט אַרײַן !

קליין אין דער צאָל, טראַגיש רעדוצירט איז דער איצטיקער ייִדישער ייִשעוו אין נײַעם ביאַליסטאָק. אָבער די דאָזיקע מענטשן — די שרידים פון געטאָ, די העלדן פון וואַלד, די אָפּגעראַטעוועטע אין ראַטנפאַרבאַנד — פילן אין זיך די טראַדיציע פון די געטאָ־העלדן, זיי פירן אַ געזעל־שאַפטלעכע און קולטור־טעטיקייט, זיי זײַנען פאַרטרעטן אין די וויכ־טיקסטע צווײַגן פון דער אָרטיקער ווירטשאַפט. זיי זײַנען אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן באַשיידענעם אין צאָל אָבער שעפערישן אין קולטור־היג־זיכט, פּראָגרעסיוון ייִדישן ייִשעוו פון הײַנטיקן פּוילן.

צוויי פּענעמער פאַרמאָגט דער הײַנטיקער ביאַליסטאָק: איין פּאָ־נעם אַ צאַרפּולן, וואָס דערמאָנט אָן אויפהער, יעדן טאָג און אויף טריט און שריט, די טיפע וווּנדן, די שוידערלעכע אַכזאָריעסן פון די היטלע־ריסטישע פעלקער־מערדער און פון דער רויבערישער מילכאָמע, וואָס דערמאָנט קעסיידער די אוממענטשלעכע יעסורים פון די ייִדן און דעם רומפולן העראָישן אַקט פון אויגוסט 1943. מיר ווילן נישט פאַרשטעלן דאָס דאָזיקע פּאָנעם, מיר ווילן, אַז דער דאָזיקער נייער טאָמיד זאָל ברענען אָן איבעררײַס, מיר ווילן, אַז די וועלט זאָל געדענקען דעם שרעקלעכן פאַרברעכן און זאָל ציִען פון דעם אַן אַקטועלע לערע אויף דער צוקונפט.

דאָס צווייטע פּאָנעם פון דער שטאָט איז געווענדט צו דער קעגנ־וואַרט און צו די קינפטיקע צײַטן. דאָס איז דער נײַער הילכיקער ריטם פון אַרבעט, פון ווידעראויפבוי און ווײַטערבוי, דאָס פּאָנעם פון פעלקער־פרײַנטשאַפט, פון שעפערישער, פרידלעכער מי, פון סאָציאַליזם און שאָלעם.

ביאַליסטאָק גייט אַרײַן אין דער געשיכטע ווי דער סימבאָל פון אומגעהייערע לײַדן פון אונדזער פאָלק און פון זײַן איבערמענטשלעכער העלדישקייט.

ביאַליסטאָק גייט אַרײַן אין דער געשיכטע ווי דער סימבאָל פון ווונדערלעכן ווידערגעבורט, וואָס איז מעגלעך נאָר אין די באַדינגונגען פון אַ סאָציאַל־יושערדיקער אָרדענונג.

